# א. וואָלף יאַסני

# די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש

## אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג

פארלאג
י.ל. פרץ
ישראל

1960

A. WOLF JASNI

DI GESHICHTE FUN JIDN IN LODZ

In di jorn fun der Deitsher Jidn-Ojsrotung

Published by I. L. Peretz Library
31, Allenby Str. Tel-Aviv, Israel

א. וואָלף יאַסני

די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש

אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג

פאַרלאַג י. ל. פרץ
תל־אביב, רחוב אלנבי 31



נדפס בישראל, תש״ך
Printed in Israel, 1960

דפוס „ארזי״ בע״מ, ת״א, רח׳ אילת השחר 4

## בוך־קאָמיטעט:

רעד. מיכאל אסף
ד״ר לעאָן בערנשטיין
יצחק גרינבוים
יצחק גאָלדין
רעד. סטעפאַן געלבאַרד
משה גערשאָנאָוויטש
ד״ר מאַרק דוואָרזשעצקי
אַרטיסט שמעון דזשיגאַן
ד״ר זאב ווינעלונסקי

ד״ר א. ש. יוריס
קונסט־מאָלער יצחק ליכטנשטיין
אברהם מאראקא
רעד. מרדכי צאַנין
אברהם קאַגאַן
ד״ר יעקב קינרוס
אַרטיסט ישראל שומאַכער
אדוו. זרח שטראַוך
דיכטער ישעיהו שפיגל
ד״ר יוסף שתקאי (שווייג)

א. וואָלף יאַסני

*

די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש

אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג

* * *

איך האַלט פאַר מיין חוב אויסצודריקן מיין האַרציקסטן דאַנק אַלע פריינד, וועלכע האָבן געהאָלפן אין דער אַרבעט איבערן בוך און מיטגעווירקט צו זיין דערשיינען.

מיט טיפן יראת־הכבוד און מיט צער איבער זיין פריצייטיקן טויט דערמאָן איך מיין פריינד און לערער, דעם באַרימטן יידישן היסטאָריקער ד״ר פיליפ פרידמאַן ז״ל, וועלכער האָט מיך, נאָך דער מלחמה, אַריינגעפירט אין דער „צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים צ. ק. פון יידן אין פוילן״, שפעטער — יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע, און אַזוי אַרום מיר מעגלעך־געמאַכט די פאָרשונגס־אַרבעט איבער דער דייטשער אויסראָטונג פון די לאָדזשער יידן. ביי דער אַרכיוואַלער פאָרשונגס־אַרבעט האָבן מיר אויך געהאָלפן, זיי צו לאַנגע יאָר: ד״ר יוסף קערמיש, דער געוועזענער פאַרוואַלטער פון אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע און היינטיקער אָנפירער פון אַרכיוו פון „יד ושם״ אין ירושלים. און מגר. מנחם בלומענטאַל, געוועזענער דירעקטאָר פונעם דערמאָנטן אינסטיטוט, היינט וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פון „יד ושם״.

אַ וויכטיקע אַרבעט לטובת דעם בוך האָט געטאָן דער באַוווסטער פאָרשער פון דער אויסראָטונגס־צייט, מיין פריינד — ד״ר מ. דוואָרזשעצקי. ער האָט, נעמלעך, געלייענט דאָס בוך נאָך פאַרן דרוק און זיין אויטאָריטעטע הסכמה אויף דער אָפגעטאָענער פאָרשונגס־אַרבעט, וואָס עס קומט צום אויסדרוק אין דער הקדמה — האָט געמוטיקט און סטימולירט דעם מחבר צום אַרויסגעבן דאָס בוך אין דעם פאַרנעם, ווי עס דערגייט איצט צום לייענער.

געהאָלפן אין דער אַרבעט האָבן: מיין נאָענטסטע פריינדין חוה לעווקאָוויטש ביים איבערשרייבן די דאָקומענטן און מאַטעריאַלן, דער פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג י. ל. פרץ — שמעון ראָזענבערג. און אַ דאַנק קומט אויך דעם דרוקער־מייסטער, ב.־צ. אריאלי, פאַר זיין פינקטלעכער און געוויסנהאַפטער אַרבעט, וואָס האָט פיל צוגעגעבן דעם עסטעטישן אויסזען פון דעם בוך.

איך דאַנק האַרציק די פריינד, וואָס האָבן געגעבן די ערשטע פינאַנציעלע הילף פאַר די גרויסע אויסגאַבן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אַרויסגעבן אַ בוך פון אַזאַ פאַרנעם, נעמלעך: דעם פירער פון דער אַמעריקאַנער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, דעם האַרציקן לאָדזשער ייד — דוד דובינסקי און דעם ישראל־איינוואוינער שימקעוויטש.

און צום סוף וויל איך דערמאָנען מיט טיפן צער מיין פריינד און בן־עיר, דעם שעפער און געוועזענעם פאַרוואַלטער פונעם פאַרלאַג פרץ־ביבליאָטעק — יוסף ראָטענבערג ז״ל, וועמען דער טויט האָט אַזוי אומברחמנותדיק אַוועקגעריסן אין סאַמע מיט ווען ער, צוזאַמען מיטן מחבר, האָבן געגרייט דאָס אַרויסגעבן פונעם בוך דורך דער י. ל. פרץ־ביבליאָטעק.

תל־אביב, דעם ערשטן יולי, 1960

**א. וואָלף יאַסני**

## געהייליקט

דעם אָנדענק פון:

מיינע עלטערן — שמחה יהודית און לייביש פסח; קינדער — מרים און עלי; שוועסטער — איידל און פערל; מיינע קרובים — מאַשע בענעדיק, צעשאַ ראַנטשקאָווסקאַ, יהודה מענדל; מיינע פריינד און נאָנטע און דער גרויסער לאָדזשער עדה — אַלע, וועלכע זענען אין ריינקייט און ערלעכקייט פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן.

**יהא זכרם ברוך!**

## וואָרט־פאַרקירצונגען און באַמערקונגען

אין אונדזער אַרבעט האָבן מיר זיך באַנוצט מיט פאָלגנדע קירצונגען פון ווערטער:

**אריי״א** — אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.
**ב׳** — באַנד.
**בלפג״ש** — „בלעטער פאַר געשיכטע״, פערטליאָרשריפט פון יידישן היס־טאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.
**בק״צ** — BKC – "Biuletyn Kroniki Codziennej."
געשריבן אינעם אַרכיוו פונעם יודענעלטעסטען אין די יאָרן 1941 ביז סוף יולי, 1944, ביז דער ליקווידאַציע פונעם לאָדזשער געטאָ.
**בזשי״ה** — BŻIH—Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego
פוילישע צייטשריפט פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.
**ג״ע** — גבית־עדות.
**געשטאפא** — געהיימע שטאַטס־פּאָליציי.
**ג״פ** — געטאָ־פאַרוואַלטונג, דייטשע אָקופּאַציע־אינסטאַנץ, וואָס האָט געהאַט די אויפזיכט איבערן לאָדזשער געטאָ, האָט דורכגעפירט די סיסטעמאַ־טישע באַרויבונג פון זיינע איינוווינער און אכזריותדיק אויסגענוצט די יידישע אַרבעטס־כוחות.
**ג״צ** — „געטאָ־צייטונג״: 18 נומערן, דערשיינען אין יידיש אין לאָדזשער געטאָ, אָרגאַן פון רומקאָווסקין, רעדאַגירט פון ש. ראָזענשטיין.
**ד״נ״ל** — „דאָס נייע לעבן״, צייטונג, צענטראַל־אָרגאַן פונעם צ.ק. פון יידן אין פוילן, דערשינען פון 1945 ביז 1950.
**דצ״וו** — דאָס ציטירטע ווערק.
**דאק׳** — דאָקומענט.
**ה׳** — העפט, העפטן.
**ז׳, ז״ז** — זייט, זייטן.
**ט׳** — טעקע.
**ייה״א** — יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע.
**ייווב״ל** — „ייוואָ־בלעטער״ — צייטשריפט פונעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק.
**כ״י** — כתב־יד.
**מיקר׳** — מיקראָפילם פון דאָקומענטן.

**נומ׳** — נומער.
**סיגנ׳** — סיגנירט, באַצייכנט.
**פאג׳** — פאַגינירט: סימנים, וואָס באַצייכענען דעם סדר און די זייטן פון בוך אָדער אין דער טעקע, נישט־פאַגינירט: בלעטער צענויפגעלעגט אָן אַ סדר.
**פל״ג** — פאַרלאַג.
**פראט׳** — פראָטאָקאָל, פראָטאָקאָלן.
**פרג״ל** — פאַרגלייך מיט אַנדערע דאָקומענטן און גבית־עדות אדג״ל.
**פ״ש** — „פאָלקס־שטימע" יידיש־קאָמוניסטישע צייטונג, דערשיינט אין וואַרשע.
**צייה״ק** — צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע ביים צ.ק. פון יידן אין פוילן, געגרינדעט דורך ד״ר פ. פרידמאַן ז״ל באַלד נאָך דער באַפרייאונג, אין יאָר 1947 רעאָרגאַניזירט געוואָרן אַלס דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פוילן.
**ציט׳** — דאָס ווערק אָדער דאָקומענט, וואָס איז שוין ציטירט געוואָרן אויף אַ פריערדיקן אָרט אינעם בוך.
**צ.ק.** — צענטראַל־קאָמיטעט.
**קריפא** — קרימינאַל־פּאָליציי: דייטש־פּאָליצייאישע אינסטאַנץ, וועלכע האָט דורך פייניקונגען אויסגעפּרעסט די לעצטע פאַרמעגנס פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ.
**ר״א** — רומקאָווסקי־אַרכיוו: דער אַרכיוו, וואָס איז איבערגעבליבן פון אַלע געטאָ־אַמטן, וועלכע זענען געווען אונטער דער אויפזיכט פונעם יודענעלטעסטען.
**רינג״א** — רינגעלבלום־אַרכיוו.

---

## אַ פאַרדריסלעכער טעות

געוויינלעך, ווי ביי אַ שרייבערישער אַרבעט, וואָס ווערט אין אַלע אירע עטאַפּן (רעדאַגירן, איבערשרייבן, קאָרעגירן, שטעלן די עמודים א. ד. ג״ל), אויסגעפירט פון מחבר גופא — איז נישט מעגלעך געווען אויסצומיידן קיין דרוק־פעלערן. זיכער וועט דער לייענער געפונען פאַרטוישטע אותיות, וואָס ענדערן אָבער נישט דעם עצם געדאַנק אין אַרויסגעבראַכטן זאַץ. צוליב דעם האָט דער מחבר נישט געפונען פאַר נויטיק צוצוגעבן דעם טראַדיציאָנעלן „תקון טעות", וואָס באַגלייט דעם גרעסטן רוב ביכער. וועגן איין פאַרדריסלעכן טעות אָבער דאַרף מען אויפמערקזאַם מאַכן, נעמלעך:

אויף זייט 51 איז נישט ריכטיק אָנגעגעבן דער נאָמען אונטערן בילד, אינדערהויך לינקס. עס דאַרף זיין — הרב שמחה טרייסטמאַן ז״ל. אים צו לאַנגע יאָר, זיין ברודער הרב שלום טרייסטמאַן, האָט זיך געראַטעוועט פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג און בעתן דערשיינען פונעם בוך וווינט הרב ר׳ שלום נ״י אין מדינת ישראל.

# הקדמה

פון ד״ר מ. דוואָרזשעצקי

דאָס בוך פון א. וואָלף יאַסני, „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג״, איז אַ ברייט פאַרמאָסטענע סינ־טעטישע אַרבעט וועגן געטאָ לאָדזש.

ס׳איז נישט קיין זכרונות פון אַן עד־ראייה, וואָס דערציילט וועגן דעם, וואָס ער האָט אַליין געזען, איבערגעלעבט און פאַרגעדענקט פון די חורבן־יאָרן, נאָר אַ בוך פון אַ לאָדזשער יידישן שרייבער, אַ קענער פון דער יידישער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון זיין באַרימטער אינדוסטריע־שטאָט, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו געבן אַן אומפאַסנדיק אַלגעמיין בילד פון דער טראַגעדיע געטאָ־לאָדזש אויפן סמך פון אַלע ביז איצט פאַרעפנטלעכע אַרבעטן און נישט פאַרעפנטלעכטע אַרכיוו־מאַטעריאַלן וועגן לאָדזשער געטאָ. דערמיט אונטערשיידעט זיך יאַסניס בוך הן אינעם געבוי און הן אינעם פּראָבלעמען־היקף פון די זכרונות־ביכער, געשריבענע דורך יחידים, ווי אויך פון די קאָלעקטיווע יזכור־ספרים.

אין די זכרונות און אין ספרי יזכור, וועגן אומגעקומענע קהילות, דערציילט יעדער איינער, אויף ווי ווייט ער געדענקט, זיינע איבערלעבונגען, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו וויסן דעם גאַנצן אומפאַנג פון די געשעענישן און זייערע שייכותן צווישן זיך. ערשט דורך דער געשיכטלעך־פאָרשערישער אַרבעט פונעם היסטאָריקער, באַקומט זיך דאָס אַלגעמיין־אַרומנעמענדע בילד פון דער טראַגישער חורבן־תקופה.

אויף דער דאָזיקער געשיכטלעכער קאַנווע איז געשריבן דאָס בוך פון א. וואָלף יאַסני. ביי זיין שרייבערישער אַרבעט האָט דער מחבר זיך באַמיט צו זיין אָביעקטיוו — ווייל ער אַליין איז דאָך נישט געווען קיין עדות פון די געשעענישן — און גלייכצייטיק איז ער געווען דורכגענומען מיטן ברענענדיקן פאַרלאַנג צו פאַראייביקן דעם אומקום און דעם גערּאַנגל פון דער גרויסער, דעם מחבר אַזוי נאָענטער, יידישער קהילה, און מיטן באַגער פון טיפן אַריינדרינגען אין די ענינים און די התגלגלות־העניינים פון די איבערלעבונגען פון יידן אין לאָדזש זינט דער היטלער־איבערקערעניש אין דייטשלאַנד ביז דער ענדגילטיקער אויסראָטונג פון לאָדזשער יידנטום.

*

פון די קינדער־יאָרן אָן אַ תושב פון לאָדזש, האָט א. וו. יאַסני אָנגעהויבן זיין זשורנאַליסטישע אַרבעט אין יאָר 1913 מיט קאָרעספּאָנדענצן אין „אונדזער צייט", וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגעגעבן אין פּעטערבורג (לענינגראַד). דאָרט האָט ער געשריבן אינטערן פּסעוודאָנים — צ. וו. אַבראַמאָוו. זייט 1923 איז יאַסני געווען סטאַבילער מיטאַרבעטער אין לאָדזשער „נייער פאָלקס־בלאַט", און שפּעטער — רעדאַקטאָר פון דער ספּעציעלער לאָדזשער אויסגאַבע פון דער וואַרשעווער בונדישער „פאָלקסצייטונג". אין יאָר 1937 האָט ער פאַר־עפנטלעכט אַ גרעסער היסטאָריש בוך א. נ. „די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש" (450 זייטן).

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז יאַסני געווען אין ראַטנפאַרבאַנד (אין לאַגער, שפּעטער אין סיביר). נאָכן צוריקקערן זיך קיין פּוילן האָט ער געאַרבעט (1946—1949) אין דער „צענטראַלער יידישער היסטאָ־רישער קאָמיסיע" אין פּוילן, וועלכע איז זינט 1947 דער „יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט".

אין רעזולטאַט פון זיין פאָרשערישער אַרבעט האָט יאַסני פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען וועגן דער חורבן־תקופה אין די צייטונגען אין פּוילן: „דאָס נייע לעבן", „פאָלקסצייטונג", „נאַשע סלאָוואָ", „אַרבעטער צייטונג" און „יידישע שריפטן" און אַ גרעסערע אַרבעט א. נ. „די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ" אין „בלעטער פאַר געשיכטע" באַנד ו, ה' 2. די אַרבעט איז אויך דערשינען ווי אַ סעפּעראַט־דרוק.

נאָך זיין עליה, האָט ער אין תל־אביב פאַרעפנטלעכט אַ קורצע געשיכטע פון לאָדזשער געטאָ א. נ. „די אויסראָטונג פון לאָדזשער יידן", אַרויסגעגעבן פון „ארגון יוצאי לודז׳ בישראל", 1950; און פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען וועגן דער חורבן־תקופה אין „לעצטע נייעס", ווו יאַסני איז זייט 1951 שטענדיקער מיט־אַרבעטער און רעדאַקטאָר פון דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג.

*

א. וואָלף יאַסניס לעצטע גרויסע אַרבעט, דאָס פאָרליגנדע בוך: „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג", באַשטייט פון צוויי בענדער — ערשטער באַנד (דאָס איצטיקע בוך), וואָס נעמט אַרום די תקופה זינט דער היטלער־איבערקערעניש אין דייטשלאַנד, וועלכע האָט געבראַכט צום אויפשוווּנג פון אַנטיסעמיטיזם אין לאָדזש — ביז די ערשטע מאַסן־אַרויספירונגען פון געטאָ לאָדזש צו דער פאַרניכטונג אין די גאַז־קאַמערן פון כעלמנא (ד. ה. פון די יאָרן 1933 ביז ענדע 1942). און דאָס צווייטע בוך,

וואָס וועט באַהאַנדלען דאָס לעבן פון יידן אין לאָדזשער געטאָ נאָך דעם ערשטן גרויסן פאַרלוסט פון 55,000 יידן — ביז דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע, אויגוסט 1944.

א. וואָלף־יאַסני בויט זיין אַרבעט אויפן סמך פון פאַרשידענע מקורות, וועלכע ער קאָנפראָנטירט, בכדי אַרויסצובריינגען אַ פול בילד פון דער חורבן־תקופה אין לאָדזש, צו זיי געהערן: די אַרכיוון פון דער דייטשער „געטאָ־פאַרוואַלטונג“, וועלכע האָט עקספּלאָאַטירט די געטאָ־יידן, באַרויבט זייערע לעצטע פאַרמעגנט און אַרויסגעפּירט אין די גאַז־קאַמערן; דער רומקאָווסקי־אַרכיוו“, וואָס שליסט אין זיך איין דעם „ביולעטין פון טעגלעכער כראָניק“, געשריבן אין די יאָרן 1941, 1942, 1943 ביז סוף יולי 1944, און דעם געטאָ־לעקסיקאָן, וואָס גיט אַן ביאָגראַפיעס און כאַראַקטעריסטיקעס פון לאָדזשער געטאָ־פּערזענלעכקייטן. די דאָזיקע מקורותדיקע דאָקומענטן ווערן דורכן מחבר קאָנפראָנטירט מיט די טאָגביכער, רעפּאָרטאַזשן, נאָטיצן, געשריבן אין געטאָ גופא און די גבית־עדות און זכרונות, געדרוקטע מאַטעריאַלן, דייטשע דאָקומענטן, און פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן פון פאַרשידענע אַרכיוון.

אַ חשובן קאַפּיטל ווידמעט דער מחבר דעם לאָדזשער יידישן לעבן ערב דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, ד. ה. דער צייט־אָפּשניט פון היטלערס קומען צו דער מאַכט ביזן מלחמה־אויסברוך. אין דעם קאַפּיטל ווייזט אונדז יאַסני ווי אַזוי דער נצחון פון דער נאַצי־פּאַרטיי אין דייטשלאַנד האָט באַווירקט אויף גרויסע טיילן פון פּוילישן פאָלק. דער טעראָר כלפּי יידן אין דייטשלאַנד האָט געדינט פאַר די פּוילישע יידן־שונאים אַלס ביישפּיל. באַזונדערס האָט די היטלעריסטישע השפּעה זיך געלאָזט פילן אין לאָדזש, וואָס האָט פאַרמאָגט 56.000 דייטשן (9,3%). די דייטשע צייטונגען אין לאָדזש האָבן אָפן געפּרעדיקט נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם און פאַרשפּרייט יידן־שנאה. דערצו האָט אין לאָדזש עקזיסטירט לעגאַל אַ היטלערישער קלוב. אויך די בירגערלעכע פּוילישע פּרעסע איז נישט אָפּגעשטאַנען פון דער אַנטיסעמיטישער העצע. די פּוילישע צייטונג „אָרענדאָוניק“ האָט געהעצט קעגן די יידן אין „שטירמער“־נוסח און גערופן אָפן צו פּאָגראָמען.

נאָכן ערשטן קאַפּיטל פון אַן ערך 70 דרוק זייטן, אין וועלכן דער מחבר ווייזט אונדז ווי אַזוי לאָדזש איז ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, געוואָרן אַן אַנטיסעמיטישער צענטער, און ווי אַזוי די יידן האָבן געפירט דעם קאַמף פאַר זייערע רעכט — זייער אָפט פאַראייניזאַמט און אָן מיטהילף אַפילו פון די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — גייט צו דער מחבר צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, און צום ליידנסוועג פון לאָדזשער יידנטום.

עטאַפּ נאָך עטאַפּ דערציילט אונדז דער מחבר וועגן די אַלע ענויים, גזירות, פּחדים, רדיפות און גירושים, וואָס לאָדזשער יידן האָבן דורכגעלעבט פון מלחמה־אויסברוך 1939 ביזן סוף פון געטאָ: די לאַנגזאַמע אויסהונגערונג און אויס־

מאָרדונג פון איינע פון גרעסטע יידישע קהילות אין פוילן, וואָס האָט געציילט ערב דער מלחמה־אויסברוך 233.000 יידן.

און טרויעריק קלינגט דער ביטערער אמת, וואָס עס דערציילט אונדז דער היסטאָריקער:

„...עס דאַרף פאַרצייכנט ווערן ווי אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג פון דער דאָזיקער עפּאָכע, אַז גראַד אין „רויטן לאָדזש", ווו יידישע אַרבעטער האָבן יאָרן־לאַנג צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן געקעמפט קעגן דער פרעמדער מאַכט (צאַרישע הערשאַפט, דייטשע אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה) און שפּעטער קעגן פּוילישע רעאַקציאָנערע רעגירונגען — האָט די יידישע באַפעל־קערונג, בעת דער דייטשער אויסראָטונג, נישט אָנגעטראָפן אויף קיין אמתער מיטפילנדיקער פריינדשאַפט ביי די פאָליאַקן. עס איז אין קיין שום דאָקומענטן, גבית־עדות, און אין פוילישע דאָקומענטאַציעס נישט פאַרצייכנט קיין איין פאַל ווען פאָליאַקן פון לאָדזש זאָלן האָבן געקומען צו הילף די געפייניקטע לאָדזשער יידן. דורך דער גאַנצער צייט פון עקזיסטענץ פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט זענען לאָדזשער יידן געווען פאַראייניזאַמט..."

*

דאָס בוך פון א. וואָלף יאַסני איז אַ געשיכטלעכע אויפשטעלונג, אין וועלכער ס'ווערן באַוויזן דאָקומענטאַר די דייטשע פאַרניכטונגס־כוונות און פאַרניכטונגס־מעשים כלפּי לאָדזשער יידנטום, ווי אויך די פאַרשיידענע העמונגען אין דער אויסראָטונג־אַקציע, אַרויסגערופן דורך די דעמאָלטדיקע דייטשע מילי־טערישע אינטערעסן און פּריוואַטע אינטערעסן פון די דייטשע יחידים, הערשער פון געטאָ, וואָס האָבן געוואָלט זיך באַרייכערן פון יידישע פאַרמעגן און דורך עקספּלואַטאַציע פון יידישער אַרבעט.

ס'איז אַ בוך וועגן דעם אומגעהויערן געראַנגל פון לאָדזשער יידן פאַר דער נאַקעטער עקזיסטענץ, פאַר אויסהאַלטן און איבערלעבן.

אין זיין געשיכטלעכער אַרבעט, אויף איבער 500 זייטן, האָט דער מחבר אַרויסגעבראַכט די געשעענישן אַזוי ווי זיי זענען געווען: דאָס שלעכטע וואָס איז אויפגעקומען בשעת די שווידער־יאָרן, און דאָס ליכטיקע וואָס עס האָט אויפ־געלויכטן אין יענע יאָרן, און טראָץ יענע יאָרן. דעם געראַנגל פון דער געטאָ־געזעלשאַפט פאַר ברויט, פאַרן געזונט, פאַרן קינד, פאַר קולטור אין געטאָ־תהום, פאַרן צלם־ייד און צלם־מענטש און, להבדיל, די געפאַלנקייט פון די יחידים, וועלכע האָבן שלום געמאַכט מיט די דייטשן.

פול און אַלזייטיק איז אין דעם בוך אַרויסגעבראַכט די געשטאַלט פון מרדכי חיים רומקאָווסקי, דער יידנעלטסטער, וועלכער איז אין זיין מיטאַרבעט מיט די דייטשן („לטובת די יידן", ווי ער האָט געזאָגט אָדער געגלויבט), אַלץ

מער פאַרפירט געוואָרן, אַלץ מער געזונקען ביז צום אויסליווערן „זיינע יידן" צו די דייטשן, צו דער פאַרטיליקונג אין די גאַז־קאַמערן. טיילן פון דער געטאָ־געזעלשאַפט זענען צייטנווייז דורך אים פאַרבלענדעט געוואָרן און געגלויבט, אַז ער וועט זיין זייער רעטער. אָבער זיי האָבן זיך באַצייטנס אַרומגעזען, וווּהין עס פירן די פאַרפירטע וועגן פון מושיע־השקר, און זיי האָבן באַצייטנס געריפן די געטאָ־יידן נישט גלויבן זיינע כוונות און נישט האָבן קיין צוטרוי צו זיינע דרכים, זיך קעגנשטעלן זיי, זען די ווירקלעכקייט אָן פאַרפירערישן שלייער.

אין זיין בוך ברענגט אַרויס א. וואָלף יאַסני די פאַרשידענע אופנים פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן, דעם ממש העלדישן קאַמף, וואָס די אומ־באַוואָפנטע, שוצלאָזע און אויף טויט־סכנות אויסגעשטעלטע געטאָ־יידן האָבן געפירט קעגן די גרויזאַם אכזריותדיקע, פון קאָפּ ביז פוס באַוואָפנטע דייטשן און אין זיינע הקדמה־ווערטער זאָגט טאַקע דער מחבר:

„...און ווער עס וויל נישט שענדן דעם אָנדענק פון די קדושים מיט דער באַנאַל־געוואָרענער פראַזע: „זיי זענען געגאַנגען ווי שעפסן צו דער שחיטה" — דער וועט אין דער יידישער מלחמה קעגן די היטלער־דייטשן זען דעם גאַנצן געשיכטלעכן היקף פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן אויסראָטונג אין אַלע צייטן, ביז דער היטלער־תקופה.

די דאָזיקע גרויל־עפּאָכע האָט אַרויסגעבראַכט אַ סך, נאָך אין הינטער־גרונט פאַרבליבענע יידישע פאָלקס־כוחות, וועלכע האָבן מיט אַלע פאָרמען פון ווידערשטאַנד געקעמפט קעגן שונא, וואָס עס האָט אין רעזולטאַט געבראַכט צו אַ נייער אויפלעבונג פון יידישן פאָלק."

---

ס'איז אַ בוך — אַ חשובער צושטייער צו אונדזער חורבן־ליטעראַטור, צום וועלן זען און פאַרשטיין דעם חורבן און גערעאַנגל פון אַלע יידישע פאָלקס־שיכטן — אין איינס פון די גרעסטע און טראַגישסטע געטאָס פון פּוילן — געטאָ לאָדזש.

לייענען מיר טאַקע מיט ציטער די בלעטער פונעם ערשטן באַנד „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג" און מיר דערוואַרטן מיטן זעלבן ציטער — די בלעטער פונעם צווייטן באַנד, וואָס דאַרף נאָך דערשיינען.

**ד"ר מ. דוואָרזשעצקי**

# אַ וואָרט פון מחבר

די ווייטער געבראַכטע אַרבעט פרעטענדירט נישט צו האָבן קיין שטרענג־וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער.

דער מחבר פון דער אַרבעט שטעלט זיך די אויפגאַבע צו געבן, אויפן סמך פון דאָקומענטן און מאַטעריאַלן, אַ פאָפולערע געשיכטלעך־פאָרשערישע אויפשטעלונג פונעם לעבן, געראַנגל פאַרן קיום, און פונעם אומקום פון לאָדזשער יידן בעת דער דייטשער יידן־אויסראָטונג אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

הגם, ווען מיר שרייבן דאָס בוך, איז שוין 15 יאָר נאָך דער ענדגילטיקער אויסראָטונג פון לאָדזשער יידנטום און 14 יאָר נאָכן פאַרענדיקן די צווייטע וועלט־מלחמה — איז נאָך נישט געקומען די צייט פאַר אַ שטרענג, וויסנשאַפטלעך־געשיכטלעכער אָפּהאַנדלונג איבער דער גרויל־תקופה אין די יאָרן — 1939—1945. ס׳איז איבערהויפט אַ פראַגע צי פאַר אַ יידישן היסטאָריקער וועט ווען ס׳איז קומען אזא צייט, ווען ער וועט קאָנען מיט אָרטאָדאָקסאַל - וויסנשאַפטלעכער אָביעקטיוויטעט שרייבן די געשיכטע פון דער גרעסטער אכזריות און מאַסן־מאָרד אין דויער פון דער מענטשהייט, וואָס די דייטשן זענען באַגאַנגען קעגן יידישן פאָלק.

ווען אַ יידישער היסטאָריקער וועט זיך צורירן צו די דאָקומענטן פון דער היטלער־צייט, וועט זיין האַרץ אויפציטערן פון טיפן צער און די אָביעקטיוויטעט וועט פאַרטרונקען ווערן אין אַ ים פון פיינלעכע מחשבות איבערן גורל פונעם יידישן פאָלק, וועמענס נאַציאָנאַל לעבן און פיזישע עקזיסטענץ איז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויסגעשטעלט געוואָרן אויפן חסד פון די פעלקער פון דער וועלט און אויפן אויסגאַנג פון זייערע סאָציאַלע ראַנגלענישן.

דעם היינטצייטיקן יידישן היסטאָריקער איז לחלוטין אוממעגלעך צו בלייבן שטרענג וויסנשאַפטלעך אָביעקטיוו ביים שרייבן די געשיכטע פון דער דייטשער אויסראָטונג, פשוט דערפאַר, ווייל ער, דער פאָרשער פון דער תקופה, איז אַליין איינגעשלאָסן אין פייניקונגס־רינג פון יענע שוידערלעכע איבערלעבונגען, אפילו ווען ער איז נישט געווען אין קיין געטאָ און אין קיין לאַגער און קאָן דעם אמת נאָר פון דאָקומענטן און מאַטעריאַלן. דער דאָזיקער אמת מוז דורך דעם היינטצייטיקן יידישן היסטאָריקער ארויסגעבראַכט ווערן אַזוי ווי ער זעט אים, אַזוי ווי זיין באַנעמונגס־קראַפט איז בכוח צו געשטאַלטן די געשיכטלעכע בילדער

פון אַזאַ משונהדיקער, פינצטערער תקופה אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

פאַרן יידישן געשיכטע־פאָרשער פון אונדזער דור שטייט נאָך אַ באַזונדערע אויפגאַבע: ער דאַרף מיט זיין פאָרשערישער אַרבעט אָנצייכנען די גרונט־ליניעס פאַר אַ ריכטיקן מעטאָדישן צוגאַנג צו דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, אַ צוגאַנג, וואָס זאָל בילדן אַן אָנשפּאַר־פּונקט פאַר די קומענדיקע היסטאָריקער, וועלכע וועלן אפשר, שוין, לעבן אין אַ לויטערער תקופה און וועלן שטיין פאַר דער האַרבער פּראָבלעמאַטישער פראַגע: ווי אַזוי האָט דאָס אַלץ געקאָנט געשען?

ס׳מוז דורך דעם פאָרשער אויסגעפינען ווערן דער ספּעציפיש יידיש־געשיכטלעכער צוגאַנג, וואָס זאָל דערמעגלעכן אויפצוקלערן פון אַ יידישן קוק־ווינקל אַלע דערשיינונגען פון דער אויסראָטונגס - צייט ווי: ווידערשטאַנד, אויפשטאַנד, פּאַרטיזאַנער־קאַמפּן, אויסדויער און געראַנגל פאַרן מענטשלעכן און יידישן קיום, פאַר דער פּשוטער פיזישער עקזיסטענץ, און ווייטער קומט — קאָלאַבאָראַציע מיטן שונא, און לסוף — די אויסראָטונג גופא.

אַלע איבערלעבונגען: געפאַלנקייט, דערהויבונג און העלדישע מעשים אין די געטאָס און לאַגערן, האָבן געהאַט זייער באַזונדערער יידישער געשטאַלטונג, וואָס איז געקומען ווי אַ לעצטער רינג אין דער קייט פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פונעם יידישן וועלט־פאָלק, זייט ס׳האָט אויפגעהערט צו קאָנען אַליין פּאָליטיש געשטאַלטן זיין נאַציאָנאַל און סאָציאַל־ווירטשאַפטלעך לעבן און גע־וואָרן אויסגעשטעלט אויפן חסד פון די פעלקער.

ליידער איז דורך געוויסע היסטאָריקער, וואָס האָבן ביז איצט געשריבן איבער דער אויסראָטונגס־צייט, פאַרנעפּלט געוואָרן דער ספּעציפיש יידיש־געשיכטלעכער צוגאַנג צו דער היטלער־תקופה.

די היסטאָריקער פונעם יידיש־קאָמוניסטישן לאַגער, מיט געוויסע אויס־נאַמען, האָבן צוליב שלעכט־פאַרשטאַנענעם אינטערנאַציאָנאַליזם פאַראַלגע־מיינערט די יידישע פּיין און ליידן, אויפשטאַנד און ווידערשטאַנד, מיט דעם כלל־קאַמף, וואָס פעלקער, באַזונדערס אין די סלאַווישע לענדער, האָבן געפירט קעגן דער דייטשער פעלקער־אויסראָטונג. פון דער אַנדערער זייט זענען יידישע נאַציאָנאַל־געשטימטע היסטאָריקער אַריינגעפאַלן אין אַ צווייטן עקסטרעם — אין אַ מעטאַפיזיש־רעליגיעזן: אין דער דייטשער אויסראָטונג, אין די ליידן פון די יידישע קרבנות זענען זיי רעליגיעז־מיסטישע דערשיינונגען.

אָט די ביידע עקסטרעמע שטאַנדפּונקטן ווייכן אָפּ פון דער יידיש־געשיכטלעכער ריכטליניע, פון דעם היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס עס גייט דורך דאָס יידישע פאָלק אין דער לאַנגער תקופה פון זיין צעשפּרייטקייט צווישן פעלקער. צוליב די דערמאָנטע אָפּווייכונגען ווערט כמעט אוממעגלעך צו פאַרשטיין פיל פון די פּיינלעכע דערשיינונגען אין דער אויסראָטונגס־תקופה. אַ סך פון זיי

ווערן פאַלש אויסגעטייטשט און פאַלש פאַרשטאַנען. באַזונדערס איז עס נוגע די ענינים פון קאָלאַבאָראַציע מיטן שונא און להבדיל די פאַרשידענע פאָרמען פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן דער דייטשער אויסראָטונג.

*

ווי דער העכסטער געזעלשאַפטלעכער אויסדרוק פון קאָלאַבאָראַציע מיטן שונא ווערן, מיט רעכט, באַטראַכט די יודענראַטן, וואָס די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן אויפגעשטעלט ווי אַן אינסטיטוציע, וועלכע דאַרף זיי העלפן צו אָרגאַניזירן, מיט יידישע הענט, די מאַסן־פאַרניכטונג פון יידן. דער באַגריף יודענראַטלער איז געוואָרן דער סינאָנים פון פאַרעטער, פאַרקויפט צום שונא אדג״ל. היסטאָ־ריקער און פּובליציסטן פּרווון דורכפירן אַן אַנאַלאָגיע צווישן די יודענראַטן און די פאַשיסטישע רעגירונגען, „קוויסלינג״־קאָמיטעטן אין פאַרשידענע מדינות, וואָס האָבן פּאָליטיש מיטגעאַרבעט מיטן דייטש־היטלערישן שונא, וועלכער האָט אָקופּירט זייערע לענדער.

אינדערעמתן איז פאַראַן אַ גרויסער און וועזנטלעכער אונטערשיד צווישן די יודענראַטן און די כלערליי „קוויסלינג״־קאָלאַבאָראַציאָניסטן. קודם כל איז דער אונטערשיד אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאָרם. כמעט אומעטום, ווו עס זענען געווען יודענראַטן זענען זיי אויף אַ צוואַנגס־אופן געשאַפן געוואָרן דורך די דייטשן. כמעט קיינער פון די יידן האָט נישט גענומען אויף זיך פרייוויליק אָט די טרויעריקע מיסיע און נישט אָנגענומען די היטלערישע „אידעאָלאָגיע״.

די יודענראַטן זענען אַנטשטאַנען אויפן באָדן פון אַ גרונטיק צעשטערט יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן. אין פּוילן, ווו דער מלחמה־חורבן האָט געמאַכט זיין אָנהויב, זענען נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן, די איבער 3 מיליאָן יידן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צעשטויבטער שוצלאָזער מענטשן־מאַסע, וועלכע ווערט געטריבן, פאַרפאָלגט, געפּייניקט, צעמימתט דורך צעהוליעטע דייטשע באַנדיטן־באַנדעס, וואָס זענען מיליטעריש גוט אָרגאַניזירט און באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס.

ביי אזא מצב פון די יידן — דערנידעריקט און צעטראָטן, מאָראַליש דער־שלאָגן, סאָציאַל צעשטויבט, פולשטענדיק מאָכטלאָז, ביי דויערנדן טויט־פּחד, אַ מצב ענלעך צו די פינצטערסטע צייטן פון מיטלאַלטער — האָט געמוזט זיך אַרויסרוקן דער מיטלאַלטערלעכער יידישער שתדלן. אויף דעם באָדן האָט זיך באַוויזן דער אַמאָליקער קנעכטישער הויף־ייד, וואָס איז גרייט הכנעהדיק זיך צו בויגן פאַרן שונא, שלום מאכן מיט אים, חנפה׳נען אים, אונטערשמייכלען און דורך אונטערקויפן — געווינען זיין חסד — „עד שיעבור הזעם, אולי ירחם״ — אפשר וועט פון ערגעץ ווו קומען אַ הילף פאַרן פאָלק ישראל. ובכן, דער היסטאָ־ריקער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פאָרשן דאָס יידישע לעבן און דעם געראַנגל

פאַרן קיום, בעת דער דייטשער יידן־אויסראָטונג — מוז אויף אַ שטרענג־פאָרשערישן אופן קוואַליפיצירן די פאַרשידענע קאַטעגאָריעס פון „יידישער" צוזאַמענאַרבעט מיט די דייטשן.

עס מוזן קודם כל אויסגעטיילט ווערן די געטאָ־אינסטיטוציעס, געשאַפענע דורך די יודענראַטן, וואָס האָבן מיט מסירת נפש געדינט דער געפּייניקטער יידישער באַפעלקערונג, הגם זיי האָבן געפירט זייער טעטיקייט אויפן סמך פון דייטשע פאַראָרדנונגען און אָנווייזונגען. באַזונדערס איז אַזאַ צוגאַנג נויטיק צו דעם לאָדזשער געטאָ, וואָס האָט צוליב זיין מכלומרשטער „אויטאָנאָמיע" פאַרמאָגט אַלע אינסטיטוציעס און איינריכטונגען, וועלכע זענען נויטיק פאַרן לעבן פון אַן אָרגאַניזירטן קיבוץ, און געהאַט דעם לענגסטן לעבנס־דויער.

די ערשטע פראַגן, וואָס שטעלן זיך פאַרן פאָרשער פונעם אינערלעכן געטאָ־לעבן זענען: ווי אַזוי איז מעגלעך געווען אויפצושטעלן די אַלע געטאָ־אינסטיטוציעס ביי דעם דייטשן אָקופּאַציע־רעזשים, וועלכער האָט מיט זיך געטראָגן פאַרטיליקונג און אויסראָטונג פאַרן גאַנצן יידישן כלל? צו וועלכן צוועק האָט די אכזריותדיק־מערדערישע אָקופּאַציע־מאַכט דערלויבט אַזאַ פיל־פאַר־צווייגטע אָרגאַניזירונג פונעם געטאָ־קיבוץ?

אויף די פראַגן ענטפערן אונדז די אָפּגעפונענע אַרכיוו־דאָקומענטן פון דייטשע קוועלן, וואָס דערציילן וועגן דער סטראַטעגיע פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג.

ווי פאַר אַלע פאַרברעכערישע און מענטשנפיינטלעכע רעזשימען, אַזוי אויך פאַרן „דריטן רייך", האָבן יידן געדאַרפט דינען ווי אַ בליץ־אַפּלייטער פאַר די ווילד־רעאַקציאָנערע און בלוטדורשטיק־אימפּעריאַליסטישע מעשים פונעם דעגענערירטן הערשער־קלאַס אין דייטשלאַנד, וועלכער האָט געהאַט אונטער זיין איינפלוס דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק. די יידן־אויסראָטונג־לאָזונג האָט אויך געדינט די דייטשן ווי אַ סם־איינשפּריצונג אויף צו פּאַראַליזירן די כוחות פון די יידן־פיינטלעך געשטימטע מאַסן, וועמענס לענדער דאָס דריטע רייך האָט זיך געגרייט צו באַהערשן.

די אויסראָטונג איז דעריבער פּלאַנירט און צוגעגרייט געוואָרן דורך די פירער פון „דריטן רייך" און געווען אַ באַשטאַנד־טייל פונעם אַלגעמיינעם מלחמה־פּלאַן, וואָס די דייטשן האָבן געגרייט קעגן די פעלקער פון אייראָפּע. לויט דעם דייטשן פּלאַן האָט די פאַרטיליקונג פון מיליאָנען יידן, געדאַרפט פאָרקומען בהדרגה און געפירט ווערן אַזוי סטראַטעגיש, אַז יידן זאָלן נישט באַמערקן די דייטש־רוצחישע כוונות און נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד. דאָס דערלויבן אויפצושטעלן די אַלערליי געטאָ־אינסטיטוציעס, איז געווען אַ קאַמופּלאַזש פאַר די יידן־אויסראָטונגס־פּלענער.

וועגן דער פון פאָראויס פּלאַנירטער יידן־אויסראָטונג, דערציילט אונדז

דער געהיימער טעלעפאָנאָגראַם, וואָס דער שעף פון הויפּט־אַמט פון דער דייטשער זיכערהייטס־פּאָליציי, ריינהאַרדט היידריך, האָט דעם 21־טן סעפּטעמבער 1939, אַרויסגעשיקט צו די אָפּעריר־גרופּן („איינזאַטצגרופּפּען") פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי, וועגן דער יידנפראַגע אין די אָקופּירטע געביטן. אין דעם ערשטן אָפּזאַץ פון דעם דאָזיקן „שנעלבריף" זאָגט זיך:

„פאַרופנדיק זיך אויף דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאַרגעקומען אין בערלין, מאַך איך נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם אויף דעם, אַז די פּלאַנירטע אַלגע־מיינע מיטלען (ובכן דער ענדציל) [ענדגילטיקע יידן־אויסראָטונג] מוז געהאַלטן ווערן שטרענג אין געהיים.

עס איז צו אונטערשיידן צווישן: 1. דעם ענדציל, (וואָס פאַרלאַנגט אַ לענגערע צייט) און 2. די עטאַפּן, וועלכע ברענגען צו דער אויספירונג פון דעם ענדציל, וואָס מוזן דורכגעפירט ווערן אין אַ קורצער צייט.

די פּלאַנירטע מיטלען פאָדערן אַ גרונטלעכע פאַרבערייטונג אין טעכנישער, ווי אויך אין דער ווירטשאַפטלעכער הינזיכט".[1]

ווייטער ווערט אין דעם „טעלעפאָנאָגראַם" אויסגערעכנט אין פּרטים, ווי אַזוי עס דאַרף דורכגעפירט ווערן דער „ענדציל", נעמלעך: באַזייטיקן די יידן פון די געביטן, וואָס ווערן איינגעשלאָסן אין דריטן רייך; אין אַנדערע געגנטן — קאָנצענטרירן די יידן אין גרעסערע שטעט, אין אָפּגעשלאָסענע געטאָס. אין די געטאָס דאַרפן געשאַפן ווערן יודענראַטן, מיט יודנעלטעסטע, וואָס זאָלן טראָגן די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אויספירן די דייטשע באַפעלן. אין דעם געטאָ־פּעריאָד דאַרפן אויך אין די ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, די יידן פאַרביטן ווערן דורך פּאָלאַקן אָדער דייטשן, כדי ביים דורכפירן דעם „ענדציל" (די ענד־גילטיקע יידן־אויסראָטונג) זאָל נישט ליידן קיין שאָדן די ווירטשאַפטלעכע זיכערונג פון די באַזעצטע געביטן.[2]

היידריך דערמאָנט נישט אין זיינע אָנווייזונגען וועגן דערלויבן צו שאַפן אינערלעכע געטאָ־אינסטיטוציעס. אַזעלכע אָנווייזונגען, וואַרשיינלעך מינדלעכע, אין „באַשפּרעכונגען", זענען געקומען ערשט שפּעטער, ווען עס איז נויטיק געוואָרן צוליב פאַרשידענע טעמים (ווירטשאַפטלעכע און אויך פּאָליטישע) לענגער אויפצוהאַלטן דאָס געטאָ און צו פאַרמאַסקירן די אויסראָטונגס־כוונות פון דער דייטשער מאַכט.

פון דעם אויבנדערמאָנטן דאָקומענט ווערט קלאָר, אַז די דייטשע יידן־אויסראָטונג איז אין פּרטים פּלאַנירט געוואָרן נאָך פאַרן מלחמה־אויסברוך, ווייל 21 טעג נאָך דעם, ווי די דייטשע אַרמייען זענען אַרויף אויף דער פּוילישער ערד, ווען עס זענען נאָך פאַרגעקומען די שלאַכטן אַרום וואַרשע, איז שוין דער יידן־אויסראָטונגס־ פּלאַן פונאַנדערגעשיקט געוואָרן צו אַלע פירער פון די

אָפּעריר־גרופּן פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי. היידריכס אָנווייזונגען האָבן טאַקע באַקומען זייער ערשטע אָנווענדונג אין לאָדזש.

דעם 10־טן דעצעמבער 1939, האָט דער רעגירונגס פּרעזידענט פון קאַלישער רעגענציע, (רעגירונגס באַצירק)* איבעלהער, פאַנאַנדערגעשיקט אַ שטרענג געהיימע פאַראָרדנונג צו די אָקופּאַציע־אַמטן אין לאָדזש, דערונטער אויך צו דער נ. ס. ד. א. פּ. (נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישע דויטשע אַרבייטס פּאַרטיי) וועגן איינשטעלן אַ געטאָ פאר יידן אין לאָדזש. אין דעם צירקולאַר זענען שוין פאַראויסגעזען פאָלגנדע אינסטיטוציעס, „רעפעראַטן" אין איבעלהערס לשון, וואָס דאַרפן אָרגאַניזירט ווערן אין פּלאַנירטן לאָדזשער געטאָ:

„1. רעפעראַט ערנערונג: איינריכטונג און אויפהאַלטונג פון אַלגעמיינע קיכן, פאַרקויף פון די שפּייז, וואָס זענען פאַראַנען אין געטאָ און פון די וואָס ווערן צוגעשטעלט דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, פאַרטיילונג פון ברענשטאָף, וועלכער ווערט צוגעשטעלט דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

2. רעפעראַט געזונדהייטס־וועזן: דאַרף איינשליסן — אנשטעלן דאָק־טוירים, אָרגאַניזירן אַפּטייקן, איינריכטונג פון שפּיטעלער, סטאַציעס קעגן עפּידעמישע קראַנקהייטן, אָנשטעלן די נויטיקע צאָל פון „פלעגערפּערסאָנאַל", פאַרזאָרגן מיט טרונקוואַסער, קלאָזעטן און אַרויספיר פון אָפּפאַל און באַקומען די דערצו נויטיקע איינריכטונגען.

3. רעפעראַט רעכנונגס־וועזן: פינאַנסירונג פון די צוגעטיילטע שפּייז.

4. רעפעראַט זיכערהייט: בילדונג פון אָרדנונגס־דינסט און פייערלעשער.

5. רעפעראַט איינאָרדנונג: פאַרטיילונג פון די פאַרהאַנענע רוימען [וווינונגען]. איינריכטונג פון וווין־באַראַקן, באַשאַפונג פון „לאַגערשטעטן" [פּשוט לאַגערן] פאַר די געטאָ־איינוווינער.

6. רעפעראַט מעלדונגס־וועזן: וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע אין געטאָ פאַראַנענע פּערזאָנען און האָבן די קאָנטראָל איבער דעם אָנקום און אויסגאַנג (פון די געטאָ־איינוווינער)".[3]

---

* לויט אַ דעקרעט פון היטלערן פון 1939.8.10 איז אַ טייל פון די פאַרנומענע מערב־געביטן פון פּוילן, וועלכע זענען באַצייכנט געוואָרן אַלס „רייכסגאַו פּאָזען" — איינגעשלאָסן געוואָרן אין דריטן רייך. דער „פּאָזנער רייכסגאַו" איז איינגעטיילט געוואָרן אין דריי רעגירונגס־באַצירקן: פּאָזנער, אינאָווראָצלאַווער און קאַלישער. צום קאַלישער באַצירק מיט איבעלהער אַלס רעגירונגס־פּרעזידענט האָט געהערט אויך לאָדזש. שפּעטער איז די רעגענציע איבערגעטראָגן געוואָרן קיין לאָדזש און די דריי רעגירונגס־באַצירקן האָבן באַקומען דעם נאָמען „וואַרטעגאַו" אָדער „וואַרטעלאַנד", זע:
"Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego" Nr. 13—14, str. 122—123 — D. Dombrowska — "Zagłada skupisk Żydowskich w Kraju Warty".

ווי עס איז צו זען, זענען, די הויפּט־אינסטיטוציעס פון לאָדזשער געטאָ, גע־שאַפן געוואָרן בישט אין רעזולטאַט פון מרדכי חיים רומקאָווסקיס שאַרפזיניקייט, נאָר זיי זענען פון לכתחילה איינגעשטעלט געוואָרן דורך דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, וועמענס פאַרטרעטער עס איז געווען דער אָלמעכטיקער רעגירונגס־פּרעזידענט פון קאַלישער רעגירונגס־באַצירק — ה׳ איבעלהער. איבעלהער האָט שוין דאַן, אין דעצעמבער 1939 געוווסט פון היידריכס „שנעלבריף״ וועגן דער „ענדלעזונג פון דער יודענפראַגע״ און האָט זיין צירקולאַר וועגן איינשטעלן א געטאָ אין לאָדזש פאַרענדיקט מיט פאָלגענדן אַפּזאַץ:

„דאָס איינשטעלן פון אַ געטאָ איז זעלבסטפאַרשטענדלעך נאָר אַן איבער־גאַנגס־זאַך. אין וועלכער צייט און מיט וואָס פאַר אַ מיטלען דאָס געטאָ און מיט דעם אויך די שטאָט לאָדזש, וועט ווערן פון יידן גערייניקט, לאָז איך איבער פאַר מיר צו באַשטימען. דער ענדציל מוז יעדנפאַלס זיין, אז די פּעסט־מכה זאָל ענדגילטיק אויסגערייניקט ווערן״.[4]

ובכן הייסט עס: אַז דאָס שאַפן אַ געטאָ פאַר יידן איז נאָר געווען איינער פון די עטאַפּ־פּונקטן אויפן וועג פון ענדגילטיקער יידן־אויסראָטונג. אַלע אינ־סטיטוציעס, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין געטאָ, לויט דער פאַראָרדנונג, אָדער מיטן הסכם פון דער דייטשער מאַכט, האָבן געדאַרפט דינען אָט דעם ציל. אינטערעסאַנט איז אין דעם פאַל דאָס עדות זאָגן פון ד״ר ל. שיקער אויפן פּראָצעס פון האַנס ביבאוו, דעם דייטשן אָנפירער און ליקווידאַטאָר פון לאָדזשער געטאָ.

ד״ר שיקער האָט דערקלערט, אַז די דייטשע פאַראָרדנונג אויפצושטעלן רשימות פון אָרימע און נויטבאַדערפטיקע, וועלכע האָבן געדאַרפט געניסן פון דער סאָציאַלער הילף אין לאָדזשער געטאָ, זענען באַלד געמאַכט געוואָרן מיט דער כונה, כדי שפּעטער צו קאָנען די דאָזיקע צדקה־נעמערס אַרויסשיקן, ווי אַן איבעריקן עלעמענט. די שפּיטעלער, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן האָבן געהאַט דעם צוועק צו זאַמלען די קראַנקע, כדי ס׳זאָל שפּעטער זיין לייכט זיי אַרויסצושיקן.[5]

פאַרשער פון לעבן און געראַנגל אין די געטאָס זענען געקומען צום אויס־פיר, אַז דאָס לאָזן שפּילן יידיש־טעאַטער, פירן קולטור־אַרבעט, ווי בכלל די גאַנצע געטאָ־אויטאָנאָמיעס, האָבן געדאַרפט פאַרבלענדן די אויגן און שאַפן די אילוזיע, אז די דייטשן האָבן נישט בדעה צו פאַרניכטן די יידן. די אַרבעטס־„רעסאָרטן״ און „שאָפּן״ (פאַבריקן און וואַרשטאַטן אין די געטאָס) האָבן געהאַט אַ דאָפּלטן צוועק: אויסצוקוועטשן פון יידן, וויפיל עס לאָזט זיך אַרבעטס־ענערגיע און פאַקקענטעניש און אויך אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון ענדגילטיקן פאַרניכטונגס־ציל (ענדציל).

אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע באַטראַכטונגען, וואָלטן מיר געדאַרפט קומען

צום אויספיר, אַז די אַלע, וואָס האָבן געאַרבעט אין געטאָ־אינסטיטוציעס און אַזוי אַרום געדינט דעם דייטשן ציל פון יידן־אויסראָטונג, דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי קאָלאַבאָראַציאָניסטן. אַזאַ אויספיר וואָלט געווען פולשטענדיק פאַלש און שעדלעך.

די דאָקטוירים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די שפּיטעלער, כּדי צו ראַטעווען יידישע לעבנס, די באַאַמטע, וואָס האָבן געפירט די רעגיסטראַציע פאַר סאָציאַלער הילף, די פאַרשידענע קולטור־טוער אין די געטאָס, די אָרגאַניזאַטאָרן פון קולטור־אינסטיטוציעס און אימפּרעזעס, אויך די אָרגאַניזאַטאָרן פון אַרבעטס־רעסאָרטן — זענען נישט געווען קיין קאָלאַבאָראַציאָניסטן, הגם זיי האָבן געפירט זייער אַרבעט אויפן סמך פון דייטשע פאַראָרדנונגען, און די טעטיקייט איז געגאַנגען אויף דער ליניע פון דייטש־היטלערישן יידן־אויסראָטונגס־פּלאַן. אויך וועגן דער טעטיקייט פון דער העכסטער אָנפירונג פון די געטאָס, פון די יודענ־ראַטן מיט זייערע עלטעסטע קאָן נישט זיין קיין אַלגעמיינע החלטה.

מתחילת, אין זיין ערשטער פאַזע, ווי מיר האָבן עס שוין דערמאָנט, האָט דער יודענראַט באַמיט זיך אַריינצוטראָגן אַ געוויסע אָרדענונג אין דעם תוהו ובוהו, וואָס די דייטשן האָבן געבראַכט אין יידישן לעבן. שפּעטער קומט דאָס צופּאַסן זיך צו דער בלוטיקער דייטשער הערשאַפט — דאָס אויספירן בלינד און הכנעהדיק די דייטשע באַפעלן און הערשן מיט תקיפות איבער דער צעפּייניקטער יידישער באַפעלקערונג, וואָס עס האָט אויף דעם לעצטן עטאַפּ דערפירט די יודענראַטן צו דער פאַרברעכערישער מדרגה פון שטעלן זיך אין פולן דינסט פון די דייטשן און פון מיטהעלפן אויספירן זייערע מערדערישע פּלענער פון פולשטענדיקער יידן־פאַרטיליקונג.

אָבער נישט אַלע יודענראַטן האָבן אַראָפּגענידערט ביזן לעצטן שטאַפּל פון שפלות, פאַרברעכערישקייט און פאַראַט לגבי זייער אייגן פאָלק. געווען יודענראַטן, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. געווען יודענראַטן, וואָס האָבן נאָר אַ קורצער צייט זיך געהאַלטן ביי דער מאַכט, ביז זיי האָבן דערקענט די דייטש־רוצחישע כוונות און אָפּגעזאָגט זיך אויסצופירן זייערע באַפעלן. אַזעלכע יודענראַט־מיטגלידער און יודענעלטעסטע האָבן באַצאָלט מיטן לעבן פאַר נישט וועלן אויספירן די דייטשע פאַראָרדנונגען לגבי יידן. ביישפּילן אַזעלכע זענען פאַראַן פיל. מיר וועלן דאָ בלויז דערמאָנען 3: אַדאַם טשערניאַקאָוו — דער יודענעלטעסטער פון וואַרשע, וואָס איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד, ווען פאַר אים איז קלאָר געוואָרן, אַז די דייטשן ווילן, דורך זיינע הענט, אויסראָטן די וואַרשעווער יידן; דער יודענעלטעסטער פון זדונסקאַ וואָלאַ, לעמבערגער, וועלכער האָט נישט געוואָלט געבן די דייטשן קיין יידן צום אויפ־הענגען און דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן, און דער אַלטער חשובער עסקן ד״ר יעקב וויגאָדזקי פון ווילנע, וואָס האָט געפּאָדערט פון די דייטשן זיי זאָלן

אים זאָגן, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט די יידן, וועלכע מ'האָט אַרויסגעפירט פון געטאָ, און ער איז פאַר זיין דרייסטער שטעלונג געוואָרן פאַרפייניקט אין תפיסה.

געוועזן אָבער יודענראַטען און יודענעלטעסטע, וואָס האָבן ביזן סוף אויסגעפירט זייער טרויעריקע מיסיע, וועלכע זיי האָבן באַקומען פון די דייטשן. אַזאַ יודענעלטעסטער איז געוועזן מרדכי חיים רומקאָווסקי פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט, וועמענס טעטיקייט מיר וועלן באַהאַנדלען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

נאָענט צו די יודענראַטען, אויף דער ליניע פון קאָלאַבאָראַציע מיט די דייטשן, איז געשטאַנען די געטאָ־פּאָליציי, וועלכע האָט געטראָגן דעם אומשולדיקן נאָמען — „אָרדענונגס־דינסט". זי איז טאַקע אַלס אַזעלכע מתחילת געשאַפן געוואָרן אויף אָפּצוהיטן די אָרדענונג אין געטאָ. אָבער שפּעטער איז די „אָרדענונגס־דינסט" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אינסטרומענט אין די הענט פון דער דייטשער מאַכט אויף מיטצוהעלפן אין דער יידן־אויסראָטונג. אָפּגעזען דערפון צי די יידישע פּאָליציי האָט געוווּסט וווּהין עס פירן די דעפּאָרטאַציעס, צי נישט, בדרך כלל, האָט די „אָרדענונגס־דינסט" געמוזט אָנווענדן ברוטאַלע מיטלען ביים טרייבן די אומגליקלעכע אין די וואַגאָנעס, אויף די וועגענער. די יידישע פּאָליציאַנטן אין אַקטיוון דינסט, האָבן געמוזט ווערן מערדער פון קליינע קינדער, פון קראַנקע און זקנים — שוין ביים עקספּאָרטירן זיי.

דאָס פאַרברעכן פון דער יידישער פּאָליציי אין די געטאָס איז פאַרדאָקומענטירט אין טויזנטער גבית־עדות, אין זכרונות און יזכור־ביכער, אין פאָטאָגראַפישע אויפנאַמען, וועלכע געפינען זיך אין די היסטאָרישע אינסטיטוטן און אין „יד ושם" אין ירושלים. די ברוטאַליטעט פון דער געטאָ־פּאָליציי איז דורך דעם קדוש, דעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן געסטעמפּלט געוואָרן אין זיין „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק".

אָבער אויך ביי דער דאָזיקער קאָלאַבאָראַציע מיטן שונא זענען געווען אויסנאַמען פּונקט ווי אין די יודענראַטן. געווען יידישע פּאָליציאַנטן (אויך אין לאָדזשער געטאָ), וואָס האָבן באַצאָלט מיטן לעבן פאַר נישט אויספירן די דייטשע באַפעלן, געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן ביי זייער העסלעכן פּאָליצייאישן דינסט, באַמיט זיך צו ראַטעווען יידן, צו וואָרענען זיי קעגן געפאַרן. די דאָזיקע אַלע דערשיינונגען אין דער „יידישער קאָלאַבאָראַציע" מיט די דייטשן מוז דורך דעם געשיכטע־פאָרשער ארויסגעבראַכט ווערן אין דער פולער מאָס.

די העסלעכסטע און פאַרברעכערישסטע טיפּן פון קאָלאַבאָראַציאָניסטן אין געטאָ און אין לאַגערן, וועמענס טעטיקייט איז געווען פאַרעטעריש־פּראָוואָקאַטאָריש פון אָנהייב ביזן סוף — זענען געווען די אַגענטן פון געשטאַפּאָ

און „קריפּאָ" (קרימינאַל־פּאָליציי). אויך זיי האָבן געשאַפן „געטאָ־אינסטיטוציעס": דאָס „דרייצעטל" אין וואַרשע, גערטלערס „זאָנדער" (זאָנדער־פּאָליציי) אין לאָדזש אאנ"ד.

עס איז דעריבער נויטיק אַן אַלזייטיקע געשיכטס־פאָרשונג פון די סיבות, וועלכע האָבן, אין טראַגישן מאָמענט פון אונדזער געשיכטלעכן דויער, געבוירן אַזעלכע גרזעלשאַפטלעכע פּאַרזעעניש, ווי די יודענראַטן און יודנעלטעסטע פונעם טיפּ מרדכי חיים רומקאָווסקי, וועלכער האָט, דורך פינף יאָר צייט, כסדר אויסגעליפערט די דייטשן זיינע געטאָ־יידן אַן צו פרעגן, ווו זיי קומען אַהין. נאָר נאָך אַ קלאָרער געשיכטלעך־פאָרשערישער באַהאַנדלונג פון די דאָזיקע טראַגישע דערשיינונגען און זייערע סיבות, וועלן מיר קאָנען געבן אַ תשובה אויף דער האַרבער פראַגע: וויאַזוי האָט דאָס געקאָנט געשען? — אַ תשובה, וועלכע עס פאָדערן פון אונדז שוין היינט די וואָס זענען אין טרעבלינקע נישט געווען און עס וועלן פאָדערן די קומענדיקע דורות. און נאָך אַ פראַגע דאַרף פאַרענטפערט ווערן דורך דעם היסטאָריקער פון דער אויסראָטונגס־תקופה, נעמלעך: וויאַזוי האָבן געלעבט די יידן אין אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע און שפּעטער אין די געטאָס און לאַגערן?

*

ביז צו דער ענדגילטיקער פאַרטיליקונג האָבן די יידן אין די געטאָס און אפילו אין די לאַגערן געהאַט אַ פּעריאָד פון לעבן. אין אייניקע ערטער האָט דער פּעריאָד אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר. אין לאָדזש — פינף יאָר: פון סעפּ־טעמבער 1939 ביז אויגוסט 1944. וויאַזוי האָבן יידן געלעבט אין די דאָזיקע יאָרן?

אויף דער ענטפער אויף דער דערמאָנטער פראַגע פאַרלאַנגט אַ ברייטע און אַלזייטיקע געשיכטלעכע פאָרשונג, געשטיצט אויף אויטענטישע דאָקומענטן און אויף זכרונות — באַשרייבונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין געטאָ גופא דורך מענטשן, וועמענס ערלעכקייט איז נישט געשטעלט אונטער קיין שום ספק. אַזעלכע דאָקומענטן וואַרפן אויך אַ העל ליכט אויף אַ צווייט פּיינלעך פּראָבלעם, נעמלעך: צי זענען די געטאָ־יידן טאַקע געגאַנגען צום טויט ווי שעפּסן צו דער שחיטה? ערשט ווען מיר באַקענען זיך מיט דעם לעבן פון די יידן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, אין די געטאָס און אין די לאַגערן — באַקומען מיר אַ בילד פון דעם האַרטנעקיגן ווידערשטאַנד, וואָס יעדער ייד, גאַנצע גרופּן, אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען האָבן געשטעלט קעגן דער דייטשער יידן־אויסראָטונג. די יידישע מלחמה קעגן די דייטשן הערט אויף צו זיין אַ פראַזע, נאָר באַקומט אַ ממשותדיקן אינהאַלט — אין די געטאָס און אין די לאַגערן האָבן יידן געקעמפט פאַר יעדן שפּאַן לעבן.

ווען מיר דרינגען אַריין אין אַלע אָפּשניטן פון די דאָזיקע יידישע מלחמה־

פראָנטן קעגן די דייטשן, ווערט פאַר אונדז קלאָר, אַז אויך צום יידישן ווידער־שטאַנד אין דער אויסראָטונגס־צייט, מוז מען האָבן אַן אַנדערן געשיכטלעכן צוגאַנג, ווי צום קאַמף, וואָס די „מער גליקלעכע״ אָקופּירטע פעלקער האָבן געפירט קעגן דעם בלוטיקן אַריינדרינגלער.

אויך דער יידישער ווידערשטאַנד, אין אַלע זיינע פאָרמען, קעגן דער דייטשער אויסראָטונג, האָט געצויגן זיין יניקה פון דער יידישער היסטאָרישער גלות־פאַרגאַנגענהייט. ווי אין די פינסטערסטע צייטן פון מיטלאַלטער, ווען די פאַרצוימטע און נישט־פאַרצוימטע געטאָס האָבן זיך געטרונקען אין אַ ים פון קריסטלעכער שנאה, פאָגראָמען און רדיפות — אַזוי אויך אין דער דייטש־היטלעריסטישער אויסראָטונגס־תקופה האָט דער אינסטינקטיווער פאָלקס־ווילן צום לעבן און איבערלעבן, אויפצוהאַלטן דעם קיום האומה, דעם צלם אלהים און די נאַקעטע עקזיסטענץ — דיקטירט די מיטלען וויאַזוי צו קעמפן קעגן שונא און קיין איינער פון די דאָזיקע מיטלען טאָר נישט גריגגעשעצט ווערן.

אויך אין קאָמוניסטישן לאַגער האָט זיך געפונען אַ ייד, וואָס האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די פאַרשידענע פאָרמען פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן. ה. סמאָלאַר, דער פירער פון די יידישע קאָמוניסטן אין פוילן, וואָס האָט איבערגעלעבט דאָס מינסקער געטאָ און זיך באַטייליקט אין די באַ־וואָפנטע פאַרטיזאַנער־קאַמפן, האָט אין זיינס אַן אָפּהאַנדלונג א. נ. „די לעגענדע וועגן שאָף און דער אמת וועגן וועלף״ אַזוי געשריבן:

„מיר, אין געטאָ, האָבן טאָג איין, טאָג אויס געזען פאַר זיך די פאַר־שידנסטע אויסדריקן פון יידישן ווידערשטאַנד. דער באַוואָפנטער קאַמף איז געווען דער קרוין־פּונקט פון אַ גאַנצן יידישן ווידערשטאַנד־סיסטעם, וועלכער איז מיט עכט־יידישער איינפאַלערישקייט געבוירן געוואָרן אין געטאָ גופא.

— — — די גאַנצע סיסטעם פון באַהעלטענישן — אַן ענין וואָס פאַרדינט בפירוש אַ שטודיום אַרבעט פון ספּעציאַליסטן — פון אונטערערדישע דורכגענג, וואָס האָבן געפירט צו דער „אַרישער זייט״, פון דורכברוכן דורך די געטאָ־צוימען, שטעלט מיט זיך פאָר די פאַרקערפּערונג פון א מוראדיק גרויסן אָנשטרענג וואָס ביי יעדער נאָרמאַלער אַרמיי, פאַרנעמט עס די אַרבעט פון גאַנצע, ספּעציעל־געשולטע אָפּטיילן, פון אינזשעניערן און טעכניקער: אין געטאָ איז די דאָזיקע אַרבעט געטאָן געוואָרן כמעט דורך יעדער משפחה אויף איר אייגע־נעם אופן. אַ וועלט מיט איינפאַלערישקייט און אַלץ אין דער שטרענגסטער געהיימניש, אין אַ קאָנספּיראַציע, וואָס געשולטע אין דעם „פאַך״ וואָלטן געמעגט מקנא זיין. די „מעלינע״־בויער זענען געווען אַ גרויסער אָפּטייל פון ווידער־שטענדלער קעגן דעם היטלעריסטישן אורטייל פון טאָטאַלער אויסראָטונג. ווער עס זויל פון דער וואָגשאָל אַראָפּוואַרפן דעם דאָזיקן פאַקט פון מאַסן־מאַסקירונג, וועלכער שפּילט, ווי באַוווּסט, אין יעדער מלחמה אַן אומגעהויערע ראָל —

דער פאַרזעט אַ ווערנטלעכן באַשטאַנד־טייל פון יידישן, דער עיקר יידישן, ווידערשטאַנד.

דער גאַנצער אומגעהויער קאָמפּליצירטער אופן פון ברעכן די היטלער־רישע „נאָרמעס” פון באַשפּייזן דעם געטאָ, איז דאָס ווערק פון מאַסן פּשוטע יידישע מענטשן. אין דעם ענין זענען געווען אַריינגעצויגן קינד און קייט. לויט די היטלערישע באַשפּייזונגס־נאָרמעס וואָלטן הונדערטער טויזנטער יידן געדאַרפט אויסגיין פון הונגער שוין אין דעם ערשטן האַלב־יאָר פון דער געטאָ־אָפּגעצוימקייט. און הגם דער הונגער האָט ווירקלעך צוגענומען צענדליקער טויזנטער קרבנות (הויפּטזעכלעך ביי די אָרעמסטע שיכטן און ביי די פּאַכלאָזע), איז אָבער קיין ספק נישט, אַז אויב בלויז ער — דער הונגער — וואָלט געדאַרפט דינען די היטלעריסטן אַלס כלי זיין קעגן די יידן, וואָלטן מיליאָנען דאָך געבליבן באַם לעבן. ווער עס וועט זיך נעמען צום באַאַרבעטן דאָס פּראָבלעם פון יידישן קאַמף פאַר שפּייז — וועט זיכער אויף דעם בולטסטן אויפן דערזען דעם קאָלעקטיוון איבער־מענטשלעכן אָנשטרענג פון מיליאָנען ביים צעשטערן אַלע טייוולאָנישע פאַראָרדנונגען, וואָס האָבן געצילט צום „נעמען” דאָס געטאָ מיט הונגער. צי איז עס אָן עלעמענט פון ווידערשטאַנד? זאָל מען וועגן דעם פרעגן געניטע אַרמיי־אינטענדאַנטן, וואָס טראַכטן זיי וועגן רעגולערע מיליטערישע טיילן, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין פיינטלעכער אַרומרינגלונג און האָבן נישט געקוקט אויף דער באַלאַגערונג, באַוויזן נישט אויסצוגיין פון הונגער! דער ענטפער וואָלט געווען איינער: דערצו איז נויטיק ווירקלעך קריגערישער העראָאיזם!”[6]

*

מיר האָבן אויבן געפּרווט דורכפירן אַן אַנאַלאָגיע צווישן יידישן ווידערשטאַנד קעגן דער אויסראָטונג אין מיטלאַלטער און דעם קאַמף קעגן די דייטשן אין די געטאָס און לאַגערן אין דער היטלער־צייט. פון דער געבראַכטער ציטאַט ווערט קלאָר, אַז אין אונדזער צייט האָט דער יידישער ווידערשטאַנד געהאַט אַנדערע פאָרמען, אָבער אין זיין קאָלעקטיוו־פּסיכישער איינשטעלונג, אין דער אָנזאַמלונג און אויסדויער פון פאָלקס־כוחות — איז דער ווידערשטאַנד געווען כמעט דערזעלבער, ווי אין יענע פינסטערע צייטן און ווער עס וויל נישט שענדן דעם אָנדענק פון די קדושים מיט דער באַנאַל־געוואָרענער פראַזע: — „זיי זענען געגאַנגען ווי שעפּסן צו דער שחיטה”, דער וועט אין דער יידישער מלחמה קעגן די היטלער־דייטשן זען דעם גאַנצן געשיכטלעכן היקף פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן אויסראָטונג אין אַלע צייטן, ביז דער היטלער־עפּאָכע.

די דאָזיקע גרויל־עפּאָכע האָט אַרויסגעבראַכט אַ סך, נאָך אין הינטער־גרונט פאַרבליבענע יידישע פאָלקס־כוחות, וועלכע האָבן מיט אַלע פאָרמען פון

ווידערשטאַנד געקעמפט קעגן שונא, וואָס עס האָט אין רעזולטאַט געבראַכט צו אַ נייער אויפלעבונג פון יידישן פאָלק. אויך די יידישע באַוואָפנטע קאַמפן קעגן די דייטשן אין די וועלדער, געטאָס און לאַגערן — דער „קרוין־פונקט" אין דער גאַנצער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג — האָט זיין טראַדיציע אין פאַרגאַנגענע געשיכטלעכע גלות־עפּאָכעס. אויך אין יענע צייטן האָבן יידן, אין זייער קאַמף קעגן שונא, געזוכט זיך צו שטיצן אויף נישט־יידישע רעוואָ־לוציאָנערע פאָלקס־כוחות, וואָס האָבן געקעמפט קעגן זייערע אונטערדריקער, וועלכע זענען געווען אויך יידן־פיינט.

אויך דעמאָלט האָבן יידן באַקומען געווער און צוזאַמען מיט די רעוואָ־לוציאָנערע כוחות פון אָרטיקן פאָלק זיך באַוואָפנט און געקעמפט קעגן געמיינ־זאַמען שונא.

אין פוילן איז אויף דעם באָדן, בעת די אַמאָליקע אויפשטאַנדן, געבוירן געוואָרן דאָס געפליגלטע שלאָג־וואָרט — „פאַר אונדזער און אייער פרייהייט". אמת, די וואָרטער זענען בעיקר געווען געווענדעט צו די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, אָבער יידן האָבן דאָס פאַרשטאַנען ווי אַ ווענדונג אויך צו זיי. אין אַ פריערדיקער עפּאָכע האָבן באַוואָפנטע יידן געקעמפט צוזאַמען מיט פּאָליאַקן קעגן די היידע־מאַקעס און קעגן כמיעלניצקיס באַנדעס. אַזוי האָבן יידן, בעת דעם הוסיטן־אויפשטאַנד אין טשעכיע, זיך באַטייליקט אין די קאַמפן קעגן געמיינזאַמען שונא, דעם קאַטוילישן קלער, און דאָס אייגענע איז געווען אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די יידישע מלחמה קעגן די דייטשן, וואָס איז געפירט געוואָרן אין די וועלדער, געטאָס און לאַגערן האָט געטראָגן דעם זעלבן כאַראַקטער.

*

די לאָדזשער יידן זענען, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, דורכגעגאַנגען אַלע עטאַפּן פון לעבן, ליידן, פּיין און ווידערשטאַנדס־קאַמף קעגן די דייטשן ביז דער ענדגילטיקער אויסראָטונג. די געשיכטע פון לאָדזשער יידן אין דער דאָזיקער בלוטיקער תקופה — פון ערשטן סעפּטעמבער 1939 ביז סוף אָקטאָבער 1944, ווען עס איז פון אויסגעליידיקטן געטאָ־שטח אָפּגעגאַנגען דער לעצטער יידישער טראַנספּאָרט — האָט צו טאָן מיט די אַלע אויבן באַרירטע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן אין לאָדזשער געטאָ געהאַט זייער אייגנאַרטיק פּנים. אויפן לעצטן עטאַפּ פון לאָדזשער געטאָ (געטאָ ליטצמאַנשטאַט) — האָט געפעלט דער „קרוין־פונקט" פון ווידערשטאַנד — דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד.

פיל זענען געווען די סיבות, וואָס האָבן געשטערט די לאָדזשער יידן אַרויסצוטרעטן אין באַוואָפנטן קאַמף קעגן די דייטשן. אין אונדזער ווייטערדי־קער אַרבעט וועלן מיר זיי אויפקלערן. אָבער צוליבן פעלן פון דאָזיקן באַוואָפנטן

**קאַמף, האָבן היסטאָריקער פון דער אויסראָטונגס־תקופה אויסגעמיטן צו פאַר־ געמען זיך מיט דער פיינלעכער געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט מלחמה. אָבער גראָד דער דאָזיקער דייטשער אויסראָטונגס־אָפּשניט ברענגט אַרויס אין שאַרפסטן און גרעלסטן ליכט די אַלע פּראָבלעמען פונעם לעבן און אומקום פון די יידן אין פּוילן בעת דער דייטשער יידן־פאַרטיליקונג אין דער צווייטער וועלט־ מלחמה.**

## מקורות פאַר פאָרשונג פון דער געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין דער היטלער־תקופה

**דער לאָדזשער געשיכטלעכער אָפּשניט פון דער היטלער־תקופה האָט איבערגעלאָזט אַ רייכע זאַמלונג פון אַרכיוו־דאָקומענטן, סיי פון דייטשע קוועלן, סיי פון דער טעטיקייט פון יודענעלטעסטען מרדכי חיים רומקאָווסקי און פון כמעט אַלע געטאָ־אינסטיטוציעס. צו די וואָגיקע אַרכיוו־מאַטעריאַלן, וואָס באַלייכטן דאָס לעבן און אומקום פון די לאָדזשער יידן בעת דער דייטשער אויס־ ראָטונג געהערן:**

**א)** אַרכיוו פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג", **באַזונדערס דער ספּעציעלער טייל, וועלכער נעמט אַרום די באַריכטן און ראַפּאָרטן, וואָס דער יודענעלטעסטער** מרדכי חיים רומקאָווסקי האָט צוגעשטעלט פאַר דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" **און ביבאָוס פאַראָרדענונגען, אָנווייזונגען, ווענדונגען און אַקטן־נאָטיצן, וועלכע האָבן רעגולירט דאָס לעבן און טויט פון די איינוווינער פון געטאָ. אין דעם דאָזיקן אַרכיוו איז אויך פאַראַן אַ צאָלרייכע קאָרעספּאָנדענץ צווישן די דייטשע אַמטן מיטן „אַמטסלייטער" ביבאָוו — דעם דייטשן שעף פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" און ליקווידאַטאָר פון לאָדזשער געטאָ. די קאָרעספּאָנדענץ, רעכנונגען פאַר צוגעשטעלטע „מתנות" פאַר דייטשן, די באַזונדערע באַריכטן פון ביבאָווס שטעל־ פאַרטרעטער ריבבע און פון אַנדערע דייטשע באַאַמטע אין דער „געטאָ־פאַר־ וואַלטונג" — גיבן אַ גענוגנדן מקורותדיקן דאָקומענטן־מאַטעריאַל פאַרן היסטאָ־ ריקער אויפצושטעלן אַ קלאָר בילד פון די דייטשע פאַרברעכערישע כוונות און זייערע רוצחישע מעשים לגבי די 160 טויזנט לאָדזשער יידן, וואָס זענען אַריין אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט. די באַריכטן, וועלכע רומקאָווסקי האָט צוגע־ שטעלט ביבאָוון, אָפיציעלע דאָקומענטן מיט דעם חותם פון געטאָ־פאַרוואַלטונג און דאַטע פון זייער איינפליסן, לאָזן נישט דורך קיין איין וויכטיקע געשעעניש פון געטאָ און גיבן אַן אַלזייטיק בילד פון לעבן פון די לאָדזשער יידן אין דער הערמעטיש־פאַרמאַכטער מאַסן־תפיסה.**

**ב)** רומקאָווסקי־אַרכיוו — **אַ רייכע דאָקומענטן־זאַמלונג, וועלכע שפּיגלט**

אָפּ דאָס גאַנצע פיל־פאַרצווייגטע אינערלעך לעבן אין געטאָ און פון אַלע זיינע אינסטיטוציעס. דאָ געפינען זיך אויך אַלע באַקאַנטמאַכונגען, ווענדונגען און אזהרות צו די איינוווינער פון געטאָ מיט דער אונטערשריפט פון רומקאָווסקי און ביבאָוו, אָדער פון יעדן באַזונדער, וואָס זענען עפנטלעך פּלאַקאַטירט געווארן אין די גאַסן. פאַראַן אויך אין רומקאָווסקי־אַרכיוו די קאָרעספּאָנדענץ פון יוזעגעלטעסטן מיט דער געשטאַפּאָ, נאָמענטלעכע „טראַנספּאָרט־רשימות" פון די אַרויסגעשיקטע אין די טויטן־לאַגערן.

אַ באַזונדערס ווערטפולער דאָקומענט אין רומקאָווסקיס אַרכיוו איז דער „ביולעטין פון טעגלעכער כראָניק" “Biuletyn kroniki codziennej”. וועלכע טראָגט די איבערשריפט: “Archiwum Przełożonego Starszeństwa Żydów”. „אַרכיוו פון דעם יודענעלטעסטען".

דער „ביולעטין", וואָס האָט געבראַכט די טעגלעכע כראָניק פון געטאָ־לעבן, איז געשריבן געוואָרן האַלב־געהיים אין געטאָ־אַרכיוו, וועלכער איז, ווי מיר זעען פון זיין טיטל, געווען אַ באַשטאַנדטייל פון רומקאָווסקי־אַפּאַראַט.

דער דאָזיקער דאָקומענט, וואָס נעמט אַרום די יאָרן: 1941, 1942, 1943 און ביזן סוף יולי 1944, ד. ה. ביז דעם לעצטן חודש, ווען דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאַט האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, איז געשריבן געוואָרן אין פּויליש און אין דייטש, אין יאָר 1944 נאָר אין דייטש, און טראָגט דעם נאָמען „טאָגעס־כראָניק".

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די „ביולעטינען" טראָגן אויף זיך דעם אָפיציעלן חותם פון יודענעלטעסטען רומקאָווסקי, שפּיגלען זיך דאָך אָפּ אין די כראָניק־בלעטער דער גאַנצער ווײ און צער, פרייד און האָפענונג, קאַמף און אומקום פון דער גרויסער קהלה לאָדזש.

פון די מיטאַרבעטער פון געטאָ־אַרכיוו איז געבליבן לעבן איין פּערזאָן — אינזש. בערנאַרד אָסטראָווסקי. פון זיין גבית־עדות דערוויסן מיר זיך, אַז אין געטאָ־אַרכיוו האָבן געאַרבעט אָנגעזעענע שרייבער און וויסנשאַפטלער, ווי: דער שרייבער יוסף זעלקאָוויטש, דער פּויליש־יידישער זשורנאַליסט צוקער־צערסקי, דער אָריענטאַליסט ד"ר קאַמיענעצקי, דער געוועזענער פּראָקורענט פון דער פירמע „אסער" — ד"ר קלעמענטינאָווסקי און שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן געבראַכט די יידן פון מערב־אייראָפּע, זענען צוגעקומען אַלס מיטאַרבעטער: דער עסייאיסט ד"ר אָסקאַר זינגער און דער באַקאַנטער ציוניסטישער פּובליציסט ד"ר אָסקאַר ראָזענפעלד. זיי אַלע זענען אויך געווען די שרייבער אין דעם „ביולעטין פון טעגלעכער כראָניק".

אַ וויכטיקער דאָקומענט אין דאָזיקן אַרכיוו איז אויך דער „געטאָ־לעקסיקאָן", וואָס טייטשט אויס געטאָ־באַגריפן, וועלכע שפּיגלען אָפּ וויכטיקע געשעענישן אינעם לעבן פון יענעם יידישן כלל. דער „לעקסיקאָן" גיט אויך ביאָגראַפיעס

און כאַראַקטעריסטיקעס פון פערזאָנען, וואָס האָבן געשפּילט אַן אָנפירנדע ראָל אין לאָדזשער געטאָ.

ג. טאָגביכער, רעפּאָרטאַזשן, נאָטיצן געשריבן אין געטאָ גופא בילדן אַ דאָקומענטאַרן מאַטעריאַל, וואָס גיט אַן אַלזייטיקן באַגריף פון אינערלעכן לעבן אין געטאָ, וואָס מיר ווילן באַזונדערס קלאָר און דייטלעך אַרויסברענגען אין אונדזער געשיכטלעכער אַרבעט.

אַזעלכע פּובליקאַציעס, וועלכע זענען אָפּגעפונען געוואָרן אויף די חורבות פון לאָדזשער געטאָ, אָדער אויסגעגראָבן געוואָרן פון באַהעלטענישן — זענען פאַראַן לרוב. מיר ווילן דערמאָנען די וויכטיקסטע פון זיי, וועלכע זענען נאָך נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן: טאָג־פאַרצייכענונגען, רעפּאָרטאַזשן, נאָטיצן פון שמואל ראָזענשטיין, רעדאַקטאָר פון דער „געטאָ־צייטונג״; פון יוסף זעליקאָ־וויטש, אינזש. הארוויטץ־קלעמענטינאָווסקי און דאָס טאָג־בוך פון יעקב הילער, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דעם טראַגישסטן פּעריאָד פון געטאָ ליטצמאַנ־שטאָט — אין יאָר פון דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע — 1944. הילערס טאָגבוך, געשריבן פשוט און פאָלקסטימלעך, שילדערט רעאַל, אָן מליצה דאָס טאָגטעגלעכע לעבן, טראַכטן און פילן פון די לעצטע 68 טויזנט לאָדזשער יידן אין די לעצטע חדשים פאַר זייער ליקווידאַציע. פון דעם זעלבן ווערט איז אויך דאָס אָפּגעפונענע טאָגבוך פונעם יוגנטלעכן דוד שעראַקאָוויאַק.

צו דער דאָזיקער סעריע פון געטאָ־דאָקומענטן דאַרף מען אויך צורעכענען די קינסטלערישע אַלבאָמען, וואָס די פאַרשידענע אַרבעטס־רעסאָרטן (אונטער־נעמונגען), געטאָ־ביוראָען, האָבן אונטערגעטראָגן דעם יודענעלטעסטען רומ־קאָווסקין אַ מתנה, ביי פאַרשידענע „יובילייס״, „יומא דפגרא׳ס״ אין געטאָ.

ד. גבית־עדות און זכרונות — אין דער געשיכטלעכער פאָרשונג פון דער דייטשער אויסראָטונגס־צייט האָבן גבית־עדות און זכרונות אויפגעהערט צו זיין מינדערווערטיקע היסטאָרישע דאָקומענטן. עס איז גראָד פאַרקערט: קיין שום געשיכטלעך ווערק פון דער גרויל־תקופה קאָן זיך נישט באַגיין אָן דעם דאָזיקן וויכטיקן באַווייז־מאַטעריאַל. דורך די גבית־עדות און די זכרונות קאָנען קאָנפראָנטירט ווערן די אויטענטישע דייטשע אַרכיוו־דאָקומענטן און די יידישע, וואָס קומען פון די יודענראַטן און פון די געטאָ־אינסטיטוציעס. אָן די גבית־עדות און זכרונות פון שארית הפליטה פון לאָדזשער יידן, וואָלטן געבליבן פאַר אונדז פאַרהוילן אַ סך דערשיינונגען אין לעבן פון געטאָ־ליטצמאַנשטאָט, וועגן וועלכע עס איז אין די אויטענטישע דאָקומענטן פאַראַן נאָר אָנדייטונגען, אָדער פאַקטן ווערן גאָר איבערגעגעבן אין אַ פאַרקריפּלטער פאָרם, אַזוי ווי עס האָבן געוואָלט זיי זען רומקאָווסקי אָדער ביבאָוו.

מיר באַנוצן זיך דעריבער אין אונדזער אַרבעט מיט צענדליקער גבית־עדות, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן אין וואַרשעווער יידישן היסטאָרישן

אינסטיטוט און אין „יד ושם" אין ישראל. אויך דער מחבר האָט אויפגעזאַמלט גבית־עדות פון פערזאָנען, וואָס האָבן געהאַט אויסערגעוויינלעך וויכטיקס צו דערציילן פון זייערע איבערלעבונגען אין געטאָ־ליטצמאַנשטאַט.

פון דער רייכער זכרונות־זאַמלונג זענען באַזונדערס ווערטפול ווי אַ היס־טאָרישע מאַטעריאַל די דערינערונגען פון ד״ר לעאָן שיקער, אינזש. יוליאַן וויינ־בערג, אַרטאַדאָקסישער עסקן בן־ציון בורשטיין, אליהו טאַבאַקסבלאַט און שעניצקי, וואָס געפינען זיך אין פריוואַטן אַרכיוו פונעם מחבר. צו די גבית־עדות געהערן אויך די „פּראָטאָקאָלן" פון די דערקלערונגען, וואָס זענען אויף אַ קאָלעקטיוון אופן אָפּגעגעבן געוואָרן אין דער „צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע" אין לאָדזש דורך פּערזאָנען, וועלכע האָבן פאַרנומען אַמטן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט.

**ה.** גערדרוקטע מאַטעריאַלן און פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן. **ווי מיר האָבן** שוין דערמאָנט, איז נאָך ביז איצט נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן קיין סינטעטישע באַאַרבעטונג פון דער געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער אויסראָטונגס־תקופה. דער גרויסער שלל געשיכטלעכע מאַטעריאַלן פון דער לאָדזשער געטאָ־פאַרוואַלטונג און פון רומקאָווסקי־אַרכיוו איז דורך פאָרשער פון דער אויסראָטונגס־תקופה אויסגענוצט געוואָרן פאַר אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון „וואַרטעגאַו".

אויף די מאַטעריאַלן פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" און רומקאָווסקי־אַרכיוו שטיצן זיך אַזעלכע געשיכטלעכע אַרבעטן, ווי י. טרונקס „יידישע אַרבעטס־לאַגערן אין וואַרטעלאַנד", דאָמבראָווסקאַס "Zagłada skupisk Żydowskich w kraju Warty", ד״ר י. קערמישס — "Akcje i wysiedlenie", **נ. בלומענטאַלס** "Obozy", **א.** אייזנבאַכס „היטלעריסטישע פּאָליטיק פון יידן־פאַרניכטונג" און אַנדערע.

פאַרשטענדלעך, אַז מיר וועלן צו אונדזער אַרבעט באַנוצן די מאַטעריאַלן פון די אויבנדערמאָנטע פּובליקאַציעס, ווי אויך די פאַרעפנטלעכע אַרכיוו־דאָקומענטן פון דייטשע און יידישע קוועלן, וועלכע זענען פאַראַן אין א. אייזנבאַכס צווייטער באַנד "Dokumenty i Materiały — Getto Łodzkie" אַרויסגעגעבן פון דער „צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים צ. ק. פון יידן אין פּוילן", וואַרשע 1946, און "Eksterminacja Żydów na ziemiach polskich", — זאַמלונג פון דאָקומענטן, אונטער דער רעדאַקציע פון ט. בערנשטיין, א. אייזנבאַך און א. רוטקאָווסקי, אַרויסגעגעבן פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, וואַרשע 1956.

אַ חוץ די דערמאָנטע דאָקומענטן־זאַמלונג איז פאַראַן אַ וואָגיקע ליטעראַטור פון פאַרעפנטלעכטע זכרונות און גבית־עדות און מאָנאָגראַפיעס אויף באַ־שטימטע טעמעס פונעם לעבן און אומקום אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט.

צו אונדזער אַרבעט וועלן מיר אויך אויסנוצן די פּערזענלעכע זכרונות

פון מחבר פון דעם בוך ביז זיין פאַרלאָזן לאָדזש און די פאַרעפנטלעכטע בעלעט־ריסטישע ווערק פון ישעיהו שפּיגל, ב. שאַיעוויטש, נחמן בריקס און אַנ״ד, וואָס שילדערן דאָס לעבן אין לאָדזשער געטאָ.

קינסטלערישע, בעלעטריסטישע ווערק דינען זעלטן ווי אַ מקור פאַר געשיכטלעכע פאָרשונגען. אָבער די יידישע איבערלעבונגען פון דער דייטש־היטלערישער אויסראָטונגס־צייט באַקומען זייער שאַרפסטן אויסדרוק אין די רעאַלע בילדער און שילדערונגען אין שפּיגלס ווערק, אין ב. שאַיעוויטש „לך לך״, געשריבן אויף דער פיינלעך, הייסער מינוט פון לאָדזשער גירוש, זיי האָבן אַ חוץ זייער קינסטלערישע באַדייטונג אויך אַ ווערט ווי היסטאָרישע דאָקומענטן. בריקס געטאָ־דערציילונגען זענען כמעט אויטענטישע באַשרייבונגען פון לאָדזשער געטאָ.

ו. סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן האָבן מיר אויסגענוצט פון אַלע אויבנדער־מאָנטע מקורים, אַ חוץ מזה אויך די סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען, וואָס עס האָט געמאַכט, אויף דער בקשה פון מחבר, דער לייטער פון סטאַטיסטישן אַמט ביי דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג ד״ר עדוואַרד ב. ראָסעט. די סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען פון ראָסעטן זענען זיך סומך אויף אויטענטישע דייטשע מקורים, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אַרכיוו פון דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג און אויך די דעמאָגראַפישע אַרבעט פון ד״ר אברהם מיעלעזשין, פאַרלאַג „צענ־טראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע״, לאָדזש 1946.

די דאָזיקע רייכע זאַמלונג פון זכרונות, אַרכיוו־מאַטעריאַלן און שוין געדרוקטע אַרבעטן, וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס לעבן, געראַנגל פאַרן קיום און פונעם אומקום פון לאָדזשער יידן, גיט די מעגלעכקייט דעם היסטאָריקער, דורך קאָנפראָנטירן די פאַרשידנאַרטיקע דאָקומענטן, אַרויסצובראַנגען אַ פול בילד פון דער דייטשער אויסראָטונגס־תקופה אין לאָדזש.

.1

# דאָס לעבן פון לאָדזשער יידן ערב דער דייטשער יידן־אויסראָטונג

דאָס רוב היסטאָריקער פון דער דייטש־היטלערישער יידן־אויסראָטונג, מחברים פון באַזונדערע מאָנאָגראַפיעס פון פּאַרטיקולערע קהילות — הייבן געוויינלעך אָן די חורבן־געשיכטע פון דעם טאָג אָדער וואָך, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט דעם באַשטימטן שטח אָדער מדינה. אַזאַ צוגאַנג צו דער אויס־ראָטונגס־עפּאָכע באַגרענעצט שטאַרק דעם פאָרשונגס־געביט פונעם היסטאָריקער. יעדע גרויסע געשיכטלעכע עפּאָכע, גרויס סיי אין פּלוס, סיי אין מינוס, אין עליה און ירידה — האָט זיך איר ערב. דאָס איז אַ געוויסער צייט־אָפּשניט, בעת וועלכן סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע פּראָצעסן גרייטן צו דעם באָדן פאַר די קומענדיקע גרויסע געשעענישן. אַזוי איז אויך געווען מיטן אָנקומען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און די מיט איר פאַרבינדענער דייטשער יידן־אויסראָטונג.

אַלס דעם ערב פון דער דאָזיקער תקופה דאַרף אָנגענומען ווערן דער צייט־אָפּשניט פון היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד ביזן קריגס־אויסברוך. עס איז דעריבער נויטיק, ווייניקסטנס אין ראשי פּרקים, אויפצושטעלן אַ געשיכטלעכע איבערזיכט איבערן יידישן לעבן אין לאָדזש אין די דרייסיקער יאָרן, וואָס עס וועט אונדז לייכטער מאַכן צו באַגרייפן די געשעענישן אין דער אויסראָטונגס־עפּאָכע, וועלכע האָט אין לאָדזש זיך געצויגן פון סעפּטעמבער 1939 ביז סוף אָקטאָבער 1944.

## א. ווירטשאַפטלעכער און קולטור־מצב פון לאָדזשער יידן

## אָנהייב דרייסיקער יאָרן

אין אָנהויב דרייסיקער יאָרן, פאַר דער היטלער־איבערקערעניש אין דייטשלאַנד, האָבן יידן אין לאָדזש זיך געפילט גאַנץ זיכער און שטאַרק אין זייער מעמד. די אַלגעמיינע פאָלקס־ציילונג אין פּוילן אין יאָר 1931 האָט באַוויזן, אַז דאָס לאָדזשער יידנטום וואַקסט און שטייגט אין זיין אַנטוויקלונג און דערנענטערט זיך צאָלמעסיק און ווירטשאַפטלעך צו דער הויך פון יענע פּאָזיציעס, וואָס יידן אין לאָדזש האָבן פאַרנומען אין די יאָרן פון דער גרויסער

יידישער איינוואַנדערונג אין דער פוילישער טעקסטיל־שטאָט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דער וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג פון אָנהויב ישוב אין לאָדזש ביז דער פאָלקס־ציילונג אין יאָר 1931 שטעלט זיך פאָר:

טאַבעלע 1

**וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש פון אָנהויב ישוב ביז 1931**

| יאָרן | אבסאָל. צאָל פון דער באַפעלקערונג | יידן אַבסאָל. צאָל | פראָצ. פון יידן |
|---|---|---|---|
| 1793 | 191 | 11 | 5.7 |
| 1820 | 767 | 259 | 33.8 |
| 1823 | 799 | 288 | 36.0 |
| 1856 | 24.655 | 2886 | 11.7 |
| 1897 | 310.302 | 98.676 | 31.8 |
| 1910 | 409.405 | 166.628 | 40.7 |
| 1921 | 452.623 | 156.155 | 34.5 |
| 1931 | 604.470 | 202.497 | 33.5 [7] |

ווי עס איז צו זעען פון די דאָזיקע ציפערן, איז די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש געוואַקסן אין אַן אויסערגעוויינלעכן טעמפּאָ. אין משך פון 117 יאָר (1793—1910) האָט זי זיך פאַרגרעסערט פון 11 נפשות אויף 166.628 נפשות; פון 5.7 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג־צאָל אויף 40.7 פראָצענט.

די פאַרמירונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש איז אָבער נישט געגאַנגען מיט קיין גלייכער ליניע. פון יאָר 1823 הייבט זיך אָן אַ ירידה אין דער פראָצענט־פאַרהעלטעניש פון יידן לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג, הגם אין אַבסאָלוטע צאָלן איז ווייטער פאַראַן אַ שטייגערונג. די צוּוואַנדערונג פון פאָליאַקן קיין לאָדזש, בעיקר פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג, וואָס באַקומט באַשעפטיקונג אין די ניי־אַנטשטאַנענע טעקסטיל־פאַבריקן, שטייגט ווייט ווייט אַריבער די צאָל פון יידן, וועלכע ליידן נאָך אויך פון וווין־באַגרענע־צונגען. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, ווען עס ווערן פאַר יידן אין לאָדזש אָפּגעשאַפט די וווין־באַגרענעצונגען, קומט אַ גוואַלטיקע עמיגראַציע פון די קליינע שטעטלעך. יידן פראָלעטאַריזירן זיך אין די נידעריקע שטאַפּלען פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע און עס וואַקסט ווידער ראַשיק די צאָל

פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע דערגרייכט אין יאָר 1910 צו דער מאַקסימאַלער ציפער פון 40.7 פּראָצ. פון דער לאָדזשער באַפעלקערונג.

פון יענעם פּעריאָד הייבט זיך ווידער אָן אַן אָפּהאַלט אין דער דאָזיקער ראַשער אַנטוויקלונג. דאָס פאַרבייטן די האַנט־וועבשטולן אויף מעכאַנישע, צו וועלכע די יידישע אַרבעטער האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט, האָט געבראַכט צו א קריזיס אין די יידישע טעקסטיל פּרנסות. לאָדזש האָט אויפגעהערט צו זיין אַ צוציאונגס־אָרט פאַר די יידישע אויסוואַנדערער פון די קליינע שטעטלעך. עס איז געגאַנגען אַ גרויסע עמיגראַציע פון יידן קיין אַמעריקע. אין 4 יאָר שפּעטער איז געקומען די ערשטע וועלט־מלחמה.

די אַלע סיבות האָבן געבראַכט צו דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל יידן אין לאָדזש סיי אין דער אַבסאָלוטער צאָל, סיי אין פּראָצענט פאַרהעלטניש צו דער גאַנצער באַפעלקערונג:

| יידן אין די יאָרן: | | | |
|---|---|---|---|
| 1910 | | 1921 | |
| אַבסאָל. צאָל | פּראָצ. פון באַפעלק. | אַבסאָל. צאָל | פּראָצ. פון באַפעלק. |
| 166.628 | 40.7 | 156.153 | 34.5 |

אין די 10 יאָר פון 1921 ביז 1931 איז ווידער באַדייטנד אויסגעוואַקסן די אַבסאָלוטע צאָל פון דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג און ווייט אַריבער־געשטיגן די צאָל פון יאָר 1910. עס איז אָבער שטאַרק געפאַלן די פּראָצענט פאַרהעלטניש לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג:

| יידן אין די יאָרן: | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1910 | | 1921 | | 1931 | |
| אַבס. צאָל | פּראָצענט פון באַפעלק. | אַבס. צאָל | פּראָצענט פון באַפעלק. | אַבס. צאָל | פּראָצענט פון באַפעלק. |
| 166.628 | 40.7 | 156.158 | 34.5 | 202.497 | 33.5 |

דאָס פאַלן פון דער פּראָצענט־פאַרהעלטניש פון דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג לגבי דער נישט־יידישער אין די דערמאָנטע צען יאָר, 1921—1931, לאָזט זיך דערקלערן מיט פאָלגנדער סיבה:

אין די ערשטע דריי יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די טעקסטיל־אינדוסטריע אין לאָדזש האָט צוריק אויפגעלעבט און עס האָבן זיך געעפנט די פאַבריקן, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע צוואַנדערונג קיין לאָדזש פון פּאָליאַקן, פּויערים פון די פאַראָרעמטע דערפער. יידן, דאַקעגן, זענען ווייניקער געקומען קיין לאָדזש, ווייל פאַר זיי איז נישט געווען קיין אָרט אין די טעקסטיל־

פאַבריקן, ווו מ׳האָט כמעט נישט צוגעלאָזט קיין יידישע אַרבעטער. די צאָל פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג (פּאָליאַקן און דייטשן) האָט אין דעם צייט־אָפּשניט צווישן 1910 און 1921 זיך פאַרגרעסערט (פאַקטיש אין די דריי נאָך מלחמה־יאָרן — 1918—1921) אויף 53.691 נפשות, בעת די צאָל פון יידן האָט אין דערזעלבער צייט זיך פאַרקלענערט מיט 10.473 נפשות.

ערשט אין די צען יאָר: 1921—1931 האָט זיך די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַרגרעסערט אויף 46.342 נפשות. 28.3 פּראָצענט, וואָס איז געקומען פון נאַטירלעכן צוואוקס און פון אַ קליינער איינוואַנדערונג. אין דער־זעלבער צייט האָט זיך די צאָל פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג פאַר־גרעסערט אויף 106.505 נפשות.

אין אָנהויב 30־ער יאָרן סטאַביליזירט זיך דער מצב פון יידישן לאָדזש. די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַרגרעסערט זיך כסדר. דער נאַטירלעכער צוואוקס איז אַ נאָרמאַלער.

אויך איןווירטשאַפטלעכער הינזיכט האָט זיך דאָס יידישע לאָדזש סטאַבי־ליזירט און יידישע אונטערנעמער האָבן זיך אַרויסגערוקט אין אויבנאָן פון דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע. לויט אַ סטאַטיסטישער אויפשטעלונג פון יעקב לעשטשינסקי, האָבן אין יאָר 1931 די יידן אין דער לאָדזשער ווירטשאַפט געבילדעט אַזאַ פּראָצענט־פאַרהעלטניש לגבי דער גאַנצער באַפעלקערונג:

| אינדוסטריע | האַנדל | טראַנספּאָרט | פרייע פּראָפ. און באַאַמטע | אַנד. פּראָפעסיעס |
|---|---|---|---|---|
| 53.0 | 30.3 | 4.6 | 5.5 | 6.0 |

די פּראָפּאָרץ פון דער יידישער באַטייליקונג אין דער לאָדזשער אינ־דוסטריע (טעקסטיל על־פי רוב) איז ווייט אַריבערגעשטיגן דער פּראָצענט־פאַרהעלטניש פון דער יידישער באַפעלקערונג לגבי דער נישט־יידישער — 33.5 פּראָצ. פון דער באַפעלקערונג לגבי 53.0 פּראָצ. אין דער אינדוסטריע.

אויך לגבי דער באַטייליקונג פון יידן אין דער אַלגעמיינער פּוילישער אינדוסטריע, איז אויך דער יידישער אַנטייל אין לאָדזש געווען אַ העכערער. אין גאַנצן לאַנד, אַ חוץ די מערב־וואָיעוואָדשאַפטן, האָט אין יאָר 1939 די יידישע באַטייליקונג אין דער אינדוסטריע באַטראָפן נאָר 42.2 פּראָצ. און אין לאָדזש, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט — 53.0 פּראָצענט.[8]

*

די סטאַביליזירונג פון יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן אין לאָדזש האָט משפיע געווען אויף דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פונעם לאָדזשער יידנטום. עס זענען זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסן די יידישע ווירטשאַפטלעכע, קולטורעלע און פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס.

# נייער פאָלקסבלאַט



חיים נחמן ביאַליק צו גאַסט אין לאָדזש. פאָטאָגראַפירט אויפן הויף פון רעדאַקציע „נייער פאָלקסבלאַט", פיעטריקאָווער גאַס 21, צוזאַמען מיט די רעדאַקציע־מיטגלידער און טעכנישן פערסאָנאַל. אינדערמיט, אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן — ח. נ. ביאַליק.

## רעדאַקציע „נייער פאָלקסבלאַט"



רעד. לאַזאַר פוקס
חבר פון ל. פועלי־ציון,
געשטאָרבן אין יאָר 1933



דיכטער משה בראָדערזאָן
געשטאָרבן אין וואַרשע, דעם
17.8.1956 נאָכן באַפרייט ווערן
פון סאָוועטישן לאַגער

די געזעלשאַפט „אָרט" האָט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט צו פּראָדוקטיוויזירן יידן און אַריבערפירן יידישע האַנטוועבער אין מעכאַנישע פאַבריקן. „אָרט" האָט געעפנט נייע פאַבריקן און וואַרשטאַטן צו לערנען און צו־גרייטן יידישע פאַכמענער. אין יאָר 1930 האָט די אינסטיטוציע געהאַט אין לאָדזש 82 פאַרשידענע מאַשינען אין ווערט פון 120 טויזנט זלאָטעס — 24 טויזנט דאָלאַר בערך.[9]

אַ ברייטע נעץ פון שולן און דערציאונגס־אַנשטאַלטן פאַרמאָגט דעמאָלס דאָס יידישע שולוועזן אין לאָדזש: „תרבות"־שולן, ברוידע־גימנאַזיעס, קאַצענעלסאָן גימנאַזיע, אין וועלכע העברעיש לשון און ליטעראַטור פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט. „בית יעקב"־שולן און די דערציאונגס־אַנשטאַלטן מיט דער יידישער אונ־טעריכט שפּראַך: מעדעם־ און באָראָכאָוו־שולן. ס'זענען טעטיק יידישע ביבליאָ־טעקן אויף די נעמען פון באָראָכאָוו, גראָסער און אייזענשלאָס, ווי אויך די העברעישע „הזמיר"־ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ יידישע אָפּטיילונג.

אויך אין ליטעראַרישן הינזיכט איז דאָס יידישע לאָדזש אין אָנהויב 30־ער יאָרן געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה: אַרום די צוויי דיכטער־פּערזענלעכקייטן יצחק קאַצענעלסאָן און משה בראָדערזאָן האָבן זיך גרופּירט אַ צאָל פון יונגע יידישע דיכטער און פּראָזאַיקער.

דאָס יידישע לאָדזש האָט געהאַט אַ גוט־פאַרשפּרייטע יידישע צייטונג — „נייער פאָלקסבלאַט", וואָס איז רעדאַגירט געוואָרן דורכן גייסטיק־רייכן פּובליציסט לאַזאַר פוקס און דיכטער משה בראָדערזאָן. אַרום דער צייטונג האָט זיך גרופּירט דאָס גאַנצע יידיש־ליטעראַריש שעפערישע לאָדזש מיט דעם נעסטאָר פון דער יידישער פּובליציסטיק ישעיהו אוגער.

אַ חוץ דער לאָקאַלער יידישער צייטונג זענען אין לאָדזש אויך שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן די וואַרשעווער יידישע צייטונגען: „היינט", „מאָמענט", „אונדזער עקספּרעס" און די „פאָלקסצייטונג", וועלכע האָט געהאַט אַ ספּעציעלע לאָדזשער אויסגאַבע אונטער דער רעדאַקציע פון א. וואָלף־יאַסני.

אַ באַדייטנדן און אָנגעזעענעם אָרט אין דעם יידישן קולטור־לעבן פון לאָדזש אין יענער צייט האָט פאַרנומען אַ גרופּע קינסטלער־פּלאַסטיקער, וואָס האָבן פון צייט צו צייט געהאַט זייערע אויסשטעלונגען.

זייער ברייט און טיף, מיט האָפענונג און גלויבן אין זייערע אידעאַלן, איז געווען די ווירקונג פון די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען. עס האָבן געפירט זייער טעטיקייט — די פאַרשידענע גרופּירונגען פונעם ציוניזם, די לינקע און רעכטע פּועלי־ציון, אגודה, „בונד", און די יידישע קאָמוניסטן (אומלעגאַל), פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען און האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציעס האָבן אָרגאַניזירט דעם אַרבעטנדיקן עלעמענט און פאַרטיידיקט זיינע אינטערעסן.

געזעלשאַפטלעך פילפאַרביק, גייסטיק־רייך און ווירטשאַפטלעך איינגע־



דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן
אין די ערשטע וואָכן פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין לאָדזש געווען פון די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם יידישן שול־וועזן. שפּעטער אין וואַרשע — דער גייסטיקער פירער פון דער חלוצישער יוגנט, דער אויפמונטערער צום קאַמף און ווידערשטאַנד. די דייטשן האָבן קאַצענעלסאָנען פאַרשלעפּט קיין פראַנקרייך. דאָרט, אין וויטעל, האָט ער געשאַפן „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" און אַנדערע ווערק. פאַרפייניקט געוואָרן אין אַשוויענטשים.



רעד. ישעיהו אוגער
פאָרז. פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש. פאַרפייניקט געוואָרן דורך די דייטשן.



יעקב אַבאַזשאַנעק
פעליעטאָניסט פון „נייער פאָלקסבלאַט". אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

וואָרצלט איז געווען דאָס יידישע לעבן אין לאָדזש אין אָנהויב דרייסיקער יאָרן. פאַרשטענדלעך, אַז עס האָט אויך נישט געפעלט קיין יידישע אָרעמקייט און עס איז אָנגעגאַנגען אין דער לאָדזשער יידישער געזעלשאַפט אַ האַרטנעקיקער אידעישער געראַנגל, אַ קאַמף צווישן קלאַסן, שיכטן און פּאַרטייען, וואָס האָט געטראָגן אינגאַנצן אַן אנדערן כאַראַקטער ווי ביי נישט־יידן.

אין דערזעלבער צייט האָט זיך שטאַרק אַ הייב געטאָן די פּאָליטישע און סאָציאַלע רעאַקציע אין פּוילן. די מיליטערישע קליקע, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום פּילסודסקין, און וועלכע האָט אין יאָר 1926 פאַרכאַפּט די מאַכט — האָט אָנגעהויבן הערשן מיט פאַשיסטישע מיטלען. די קעגנער פון פּילסודסקי־לאַגער, אָנפירער פון מעסיקע פאַרטייען, זענען אַרעסטירט און געפּייניקט געוואָרן אין דער בריסקער פעסטונג. דער סיים (פּוילישער פּאַרלאַמענט) האָט פאַרלוירן יעדע פּאָליטישע באַדייטונג. צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער און סאָציאַלער רעאַקציע האָט אַ פלייץ געטאָן אַ נייע כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם.

אין אָנהויב 30־ער יאָרן האָט זיך געשטאַרקט אין פּוילן דער ווירטשאַפט־לעכער קריזיס. עס איז געוואַקסן די צאָל פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג און קיין נייע ערד איז נישט צוגעקומען. די אָרעמקייט אין דאָרף און אין שטאָט (אויך ביי יידן אין לאָדזש) האָט אָנגענומען מוראדיקע פאָרמען. דער פּילסודסקי־לאַגער („סאַנאַציע״) האָט נישט געקאָנט לעזן די ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען און אָנגענומען די אַנטיסעמיטישע „אידעאָלאָגיע״ פון די „ענדעקעס״*: אַרויס־שטויסן די יידן פון די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס און אַזוי אַרום צווינגען זיי צו פאַרלאָזן פּוילן.

ווען אין גאַנץ פּוילן האָט שוין געבושעוועט די יידן־שנאה, וואָס איז פאַר־שפּרייט געוואָרן דורך דער ענדעקישער און רעגירונגס־פּרעסע, האָט מען דעם אַנטיסעמיטיזם אין לאָדזש נאָך נישט אַזוי שטאַרק געפילט. לאָדזש האָט דעמאָלט, אין אָנהייב דרייסיקער יאָרן, כמעט נישט געהאַט קיין אַנטיסעמיטישע פּרעסע. „קוריער לודזקי״ — די צייטונג פון די Ch. D. (קריסטלעכע דעמאָקראַטן), אַ גרופּירונג מיט אַ מעסיקן אַנטיסעמיטישן פּראָגראַם — האָט אויך וועגן יידן געשריבן זייער איינגעהאַלטן, נישט וועלנדיק פאַרלירן די יידישע אָנאָנסן. די צוויי פּוילישע צייטונגען: „גלאָס פּאָראַנני״ און „רעפּובליקאַ״ — זענען געוואָרן רעדאַגירט, באַאַרבעט און אַרויסגעגעבן דורך יידן. געווען דעמאָלט אַ שרייענדיק אַנטיסעמיטיש בלעטל „ראַזוואָי״, וואָס איז זייער ווייניק פאַרשפּרייט געוואָרן.

---

* N. D. ען־דע — „נאַראָדאָוואַ דעמאָקראַציאַ״ (נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן) — אַ פּוילישע רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי, וועמענס עיקרים און פּראָגראַם זענען געווען — פאַרטרייבן די יידן פון פּוילן.



דיכטער ישעיהו שפּיגל, געווען אין לאָדזשער געטאָ, מחבר פון זעקס בענדער פּאָעזיע און פּראָזע, בעיקר אויף געטאָ־טעמאַטיק. לעבט אין ישראל.



א. וואָלף יאַסני, געוו. מיטאַרבעטער פון „נייעס פאָלקס־בלאַט" און וואַרשע־ווער „פאָלקסצייטונג" מחבר פון דער „געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש".



טאַטיאַנאַ פוקס פרוי פון רעדאַקטאָר לאַזאַר פוקס. מחברין פון 2 בענדער פּראָזע. געשטאָרבן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.



דיכטער ח. ל. פוקס פאַרעפנטלעכט עטלעכע זאַמלונגען לידער. לעבט אין ניו־יאָרק.



יוסף אָקרוטני מחבר פון גרעסערע פּראָזע־ווערק. לעבט אין אַרגענטינע.



משה עלבוים
פובליציסט. לעבט אין ניו־יאָרק, מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס".



דיכטער י. יאַנאַסאָוויטש. פאַרעפנטלעכט עטלעכע ווערק — לידער, פּאָעמעס און פּראָזע. לעבט אין אַרגענטינע.



ישראל ראַבאָן
לאָדזשער דיכטער אומ־געקומען אין ווילנע.



גרופּע יונגע שרייבער מיט בראָדערזאָנען אין דער מיט:

פון רעכטס אויף לינקס: עס זיצן — יצחק גאָלדקאָרן (לעבט אין קאַנאַדע), מ. י. סמאָלאַזש (אומגעקומען), משה בראָדערזאָן (געשטאָרבן), י. טראַנק (געשטאָרבן אין ראַטנפאַרבאַנד בעת דער מלחמה. עס שטייען — ב. שאַיעוויטש (פאַרפייניקט אין אָשוויענטשים, אברהם יאַאַכימאָוויטש (לעבט אין ניו־יאָרק), וו. ה. איוואָ (לעבט אין ישראל) אַלטער האפמאַן (אומגעקומען)

## ב. ווּוקס פון יידן־שנאה אין לאָדזש נאָך דער היטלער־איבערקערעניש אין דייטשלאַנד

דער נצחון פונעם דייטשן פאַשיזם (נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם) און דער אָנהויב פון זיין יידן־אויסראָטונגס־פּאָליטיק, דערווייל אין זיין אייגענעם לאַנד, האָט שטאַרק באַווירקט דעם ווייט־גרעסטן רוב פון פּוילישן פאָלק און זיינע פירער (אַ חוץ די סאָציאַליסטן: פּ.פּ.ס. און קאָמוניסטן). דער טעראָר קעגן יידן אין דייטשלאַנד, דאָס אָנרייצן דעם המון אויף צו ראַבעווען יידישע פאַרמעגנס, איז פאַר די פּוילישע יידן־שונאים געוואָרן אַ ביישפּיל, וואָס מ׳דאַרף נאָכטאָן. באַזונדערס האָט די דאָזיקע דייטש־היטלערישע השפּעה געלאָזט זיך פילן אין לאָדזש, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ באַדייטנדע דייטשע באַפעלקערונג, וועלכע איז נאָך דער היטלער־איבערקערעניש געוואָרן אָנהענגער פון „נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם".

לויט דער אַלגעמיינער פאָלקס־ציילונג אין פּוילן אין יאָר 1931, האָט לאָדזש דעמאָלט פאַרמאָגט 56,159 דייטשן, וואָס האָבן געבילדעט 9.3 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. אין לאָדזש, וואָס איז אָנגעגאַנגען ווי אַ געדמאַניזירטע שטאָט, האָבן די דייטשן אין די דריי־צענדליק יאָר פון היינטיקן יאָרהונדערט — נישט געשפּילט קיין באַדייטנדע ראָל. זייער צאָל און ווירקונג איז כסדר געפאַלן. אין יאָר 1817 האָבן די דייטשן געבילדעט 18 פּראָצ. פון דער לאָדזשער באַפעלקערונג און אין יאָר 1931 נאָר 9.3 פּראָצ.[10]

נאָכדעם, ווי דייטשלאַנד האָט פאַרשפּילט די ערשטע וועלט־מלחמה, זענען די לאָדזשער דייטשן געוואָרן נידעריקער ווי גראָז. זיי האָבן זיך געשעמט מיט זייער אָפּשטאַמונג. אַרויסגעהויבן די דייטשן פון זייער שפּלען מצב האָט די „דויטשע אַרבייטס־פּאַרטיי", וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין אָנהויב צוואַנציקער יאָרן. זי האָט אָנגענומען אַ לעבלעך סאָציאַליסטיש פּראָגראַם און געחברט זיך מיטן „בונד" און פּ.פּ.ס.

בעת די שטאָטראַט־וואַלן אין לאָדזש אין יאָר 1923 האָט די „דויטשע אַרבייטס־פּאַרטיי" באַקומען פינף מאַנדאַטן און די בירגערלעכע דייטשן נאָר 2 מאַנדאַטן.[11] די דייטשן, וואָס האָבן מיט אַ הונדערט יאָר צוריק, אַלס אינדוס־טריעלער און פאַבריקאַנטן זיך אַרויסגערוקט אין אויבנאָן פון דער וואַקסנדער פּוילישער פאַבריקס־שטאָט, האָבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געמוזט אָנקומען צום סאָציאַליזם, כדי צוריק צו פאַרנעמען וועלכע עס איז פּאָזיציע אין לאָדזש, און עס האָט זיי טאַקע אָפּגעגליקט. בעת די לאָדזשער שטאָטראַט־וואַלן אין 9־טן אָקטאָבער 1927, האָט די „דויטשע סאָציאַליסטישע אַרבעטס־פּאַרטיי" באַקומען 7 ראַטמענער און געוואָרן אַ שותּף צו דער סאָציאַליסטישער

מערהייט פון פּ.פּ.ס., בונד און לינקע פּועלי־ציון, וואָס האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג.[12]

צוזאַמען מיטן אָנוווקס פון די פאַשיסטישע היטלערישע כוחות אין דייטש־לאַנד האָבן זיך אויך די לאָדזשער דייטשן גענומען פאַשיזירן. צום ערשט האָט די אינטעליגענץ פאַרלאָזט די „דויטשע סאָציאַליסטישע אַרבייטס־פּאַרטיי". ה' קוק, וועלכער האָט, ווי אַ פאָרשטייער פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, פאַרנומען דעם אַמט פון אַ לאַוניק אין מאַגיסטראַט, איז נאָכן אָפּשפּאָרן אַ ביסל געלט פון זיין אַמט, אַוועק פון דער „דויטשער סאָציאַליסטישער אַרבייטס־פּאַרטיי" און זיך געעפנט אַ „קריסטלעכע קראָם" מיט דער אַנטיסעמיטישער לאָזונג פון „סוואָי דאָ סוועגאָ" („אַ היימישער צו היימישע"), וואָס האָט גערופן צום באָיקאָט אויפן יידישן האַנדל. אויך אַנדערע באַדייטנדע אָנפירער פון דער „דויטשער סאָצ. אַרבייטס־פּאַרטיי" האָבן פאַרלאָזט זייער אָרגאַניזאַציע. לסוף זענען פאַרבליבן אין דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי צוויי פּערזאָן: דער דייטש עמיל צערבע און דער דייטש־אַסימילירטער ייד קאָטשאָלעק. זיין טאָכטער איז שפּעטער אַוועק פון די דייטשן, זיך אויסגעלערנט יידיש און געוואָרן אַן אקטיווע טוערין אין דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט".

*

באַלד נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָבן ס'רוב פון די לאָדזשער דייטשן אָנגענומען דאָס נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּראָגראַם. די דייטשע ליבעראַלע צייטונג „פרייע פרעסע" האָט אָפן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון היטלערן און באַרעכטיקט אַלע היטלערישע מעשים. שפּעטער איז אויף דעם וועג אַוועק אויך די „נויע לאָדזשער צייטונג", וואָס איז, אגב, געגרינדעט געוואָרן דורך יידן.ביידע דייטשע צייטונגען האָבן אָפן געפּרעדיקט דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, פאַרשפּרייט גיפטיקע יידן־שנאה און באַרעכטיקט אַלע גוואַלט־מעשים, וואָס די היטלער־מאַכט אין „רייך" איז באַגאַנגען לגבי די דייטשע יידן.

די דייטש־היטלערישע טעטיקייט אין לאָדזש איז אָפיציעל לעגאַליזירט געוואָרן דורך אַן אָפּמאַך, וואָס די סאַנאַציע־רעגירונג האָט געשלאָסן מיט דער היטלער־מאַכט. לויט אָט דעם אָפּמאַך, איז די דייטשן אין פּוילן געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט „נאַציאָנאַל־קולטורעל זיך אויסצולעבן" לויט זייער אייגענעם איינזען און אין פאַרשטענדעניש מיטן „רייך". די לאָדזשער דייטשן האָבן די פּריווילעגיע זייער ברייט אויסגענוצט. זייערע קולטור־אָרגאַניזאַציעס („מענער־געזאַנג פאַריין" אאנ"ד) האָבן זיך פאַשיזירט. אויף דער גאַס פון 11־טן ליסטאָפּאַד איז געעפנט געוואָרן אַ היטלערישער קלוב, וועלכן יידן האָבן מיט חוזק גערופן דאָס „ברוינע הויז".

די דאָזיקע אָפן פאַשיסטישע טעטיקייט פון די דייטשן אין לאָדזש, דאָס

באַרעכטיקן די בלוטיקע אַנטיסעמיטישע מעשים פון דער היטלער־מאַכט אין דייטשלאַנד, די סימפּאַטיע, וואָס כמעט די גאַנצע פּוילישע בירגערלעכע פּרעסע האָט ארויסגעוויזן צום „דריטן רייך", נאָכדעם ווי די פּוילישע רעגירונג האָט אין יאַנואַר 1934 געשלאָסן אַ נישט־אַנגריפס־אָפּמאַך מיט דער היטלער־רעגירונג,[13] האָט פּילפּאַכיק פאַרשטאַרקט דעם אַנטיסעמיטיזם אין לאָדזש.

אין לאָדזש האָט זיך באַוויזן אַ נייע פּוילישע גיפטיק־אַנטיסעמיטישע צייטונג — „אָרענדאָוואניק", וואָס האָט געהעצט קעגן יידן אויפן נוסח פון דייטשן „שטירמער" און גערופן אָפן צו פּאָגראָמען.

## ג. ווירטשאַפטלעכער קאַמף און טעראָר קעגן יידן

ביידע פאַשיסטישע גרופּירונגען אין פּוילן — דער „סאַנאַציע"־רעגירונגס־לאַגער און זיין אָפּאָזיציע די „ענדעקעס", האָבן געפירט צווישן זיך אַ פאַרביסענעם קאַמף פאַר באַהערשן די מוחות פון די לאָדזשער אַרבעטער־מאַסן און זיי האָבן צו דעם צוועק זיך איבערליציטירט אין יידן־שנאה, ווי אַן אַלט אויסגעפּרווווט מיטל צו פאַרטומלען די מאַסן. ביידע האָבן זיך פאַרמאָסטן צו באַקומען די אָנפירונג אין דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס איז זעקס יאָר געווען אין די הענט פון אַ סאָציאַליסטישער מערהייט, צו וועלכער עס האָבן אויך געהערט די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען בונד און לינקע פּועלי־ציון.

דער רעגירונגס־לאַגער האָט אין לאָדזש ווי אין גאַנץ פּוילן אַלץ געטאָן אויף צו צעטרייסלען און אַרויסצורייסן פון יידישע הענט די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, און דער „נאַראָדאָוועץ" לאַגער האָט אָרגאַניזירט טעראָריסטישע אָנפאַלן אויף יידן און יידישע אונטערנעמונגען. אין אָנהויב 30־ער יאָרן איז אין לאָדזש געווען טעטיק אַ טעראָריסטיש־אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון סטודענט שעמאַשקאַ. די אָרגאַניזאַציע האָט אויסגעפירט אַ ריי בלוטיקע אָנפאַלן אויף יידן: אין דער אָרעמסטער באַלוטער געגנט, אויף זאַווישאַ גאַס, האָבן די טעראָריסטן אַריינגעוואָרפן אַ באָמבע אין דער פראָנט־שטוב פון אַ יידישן שוסטער. אויף פּיעטריקאָווער גאַס האָט די זעלבע באַנדע אַריינגעוואָרפן אַ באָמבע אין צעראַמיק־געשעפט פון ה' ווינטער. אויף דער זעלבער הויפּט־גאַס איז מען באַפאַלן יידן און צעשניטן אויף זיי די מלבושים, אָדער אָפּגעגאָסן מיט ברענענדער פליסיקייט.

די מאַכט, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר דער טעראָריסטישער טעטיקייט פון דער באַנדע, וועלכע קאָן איר טעראָר אויך אָנווענדן קעגן דער רעגירונג, האָט אַרעסטירט די אָנפירער. אויפן פּראָצעס האָט דער פירער פון די טעראָריסטן, סטודענט שעמאַשקאַ, אָפן דערקלערט, אַז ער געהער צום „נאַראָדאָוון" לאַגער, וואָס האָט פאַר אַ ציל אויסצוראָטן די יידן פון פּוילן.[14]

נאָך דער ליקווידאַציע פון דער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן די אָנפאַלן אויף יידן אין לאָדזש זיך נישט אָפּגעשטעלט; פאַרקערט, צוליב דער גיפטיקער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע, האָבן די אָנפאַלן אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער. געשטאַרקט פון דער דייטש־היטלערישער יידן־אויסראָטונג, וואָס האָט אין דייטשלאַנד גופא זיך אָנגעהויבן מיט פּאָגראָמען, לעגאַלן רויב פון יידישן פאַרמעגן און פון מאַכן יידן רעכטלאָז — האָבן אויך די פּוילישע יידן־שונאים פון אַלע שאַטירונגען געווענדעט זייער אַגיטאַציע אויף אַרויסצורופן פּאָגראָם־שטימונגען ביי די פּוילישע מאַסן. די דאָזיקע העצע האָט געווירקט. עס איז געקומען צו פּאָגראָמען אין אַ גאַנצע ריי שטעטלעך און עס האָט אויך נישט אויסגעמיטן לאָדזש.

יעקב לעשטשינסקי, אין זיין אַרבעט „הפרעות בפולין 1935—1937” — גיט אָן פאָלגנדע פּרטים וועגן די בלוטיקע אָנפאַלן פון פּוילישע כוליגאַנעס אויף יידן:

אין די צוויי יאָר 1935 און 1936 זענען אין פּוילן, אין 46 יידישע ישובים, געוואָרפן געוואָרן אויף יידן 143 אויפרייס־באָמבעס, 10 שרעק־באָמבעס און 41 שטינק־באָמבעס. אין לאָדזש זענען בלויז אין יאָר 1936 געוואָרפן געוואָרן פינף אויפרייס באָמבעס.[15]

ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן האָבן די „ענדעקעס” איינגעאָרדנט פּאָגראָם־אָנפאַלן אויף יידן אין לאָדזש.

אין קאַטוילישן „פּסח” („וויעלקאַנאָץ”), אַפּריל 1933, זענען אין לאָדזשער שטאָט־טייל באַלוט פאָרגעקומען אָנפאַלן אויף יידן, וועלכע האָבן זיך איבער־געחזרט אויך אין די ערשטע טעג פון חודש מאַי.[16] בעת די שטאָטראַט־וואַלן אין לאָדזש, דעם 27־סטן מאַי 1934, האָבן ענדעקעס און היטלעריסטן אָנגעהויבן אַ טעראָר־אַקציע אויף די פאַרשטעט. אין באַלוט, אויף די גאַסן: לאַגעווניצקע, מליינאַרסקע, מיצקעוויטשאַ, ניעצאַלאַ, אַלעקסאַנדער גאַס — האָבן כוליגאַנעס געשלאָגן יידן מיט קאַסטעטן, מיט דרענגער און געשאַפן אַן אמתע פּאַניק־שטימונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.[17] אַזעלכע אָנפאַלן האָבן זיך איבערגעחזרט בעת די סיים־וואַלן דעם 8־טן סעפּטעמבער 1935: „אין וואַל־טאָג זענען געווען פיל בלוטיקע אָנפאַלן אויף יידן.”[18]

אין חודש סעפּטעמבער 1936 האָט די פּ.פּ.ס.* געפייערט דעם 30־סטן יאָרטאָג פון אַזוי גערופענעם „בלוטיקן מיטוואָך”, ווען די צאַרישע מאַכט האָט אין יאָר 1906 אויסגעפירט אַ שחיטה אויף אַ פּוילישער אַרבעטער־דעמאָנסטראַ־ציע אין וואַרשע. צום אָנדענק פון דער דאָזיקער געשעעניש, האָט די לאָדזשער

---

* ראשי־תיבות פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — „פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ סאָציאַליסטיטשנאַ”.

פּ.פּ.ס. אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע, וועלכע איז באַפאַלן געוואָרן פון די עק־סטרעמע ענדעקישע טעראָריסטן — „נאַראַ״. די פּ.פּ.ס. האָט געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד און צעטריבן די פאַשיסטישע שלעגער, וועלכע האָבן שפּעטער זיך אָפּגערעכנט מיט יידן. די שלעגער זענען אַוועק אויף די יידישע גאַסן, האָבן דאָרט אויסגעהאַקט די שויבן אין יידישע הייזער. אַ סך יידן זענען געוואָרן פאַר־ווונדעט. איין ייד גליצנשטיין, וועלכן די כוליגאַנעס האָבן אַרויסגעשלעפּט פון טראַמוויי און אים געשטאָכן, איז געשטאָרבן פון די ווונדן.

דער מערדער פון גליצנשטיין — אַנטשאַק — איז געשטאַנען פאַר אַ געריכט אין לאָדזש. דער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן אַנטשאַקן האָט איבערגעגעבן, אַז „גליצנשטיין איז געוואָרן דערמאָרדעט אויף אַן אכזריותדיקן אופן. ווען דער קרבן איז שוין געלעגן אויף די טראַמוויי־שינעס אָן סימנים פון לעבן, האָט אַנטשאַק נאָך אַלץ געהאַקט מיט אַ האַק אויף גליצנשטיינס קאָפּ, ביז דער קאָפּ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרמלאָזער פאַרבלוטיקטער פלייש־מאַסע״.[19]

דעם 9־טן נאָוועמבער, 1936, האָבן כוליגאַנעס אויסגעהאַקט די שויבן ביי דעם ייד יוסף בערקאָוויטש. דער געליטענער איז אַרויס נאָכיאָגן דעם אָנפאַלער, וועלכער האָט געעפנט אַ שיסעריי און פאַרווונדעט 4 יידן, צוויי זענען געשטאָרבן פון די ווונדן. אַזעלכע בלוטיקע אָנפאַלן אויף יידן אין לאָדזש, האָבן זיך כסדר איבערגעחזרט. 19 יידן זענען געוואָרן שווער פאַרווונדעט. אייניקע זענען געשטאָרבן פון די ווונדן. אין אַ סך פאַלן האָט די פּאָליציי זיך אָפּגעזאָגט צו אינטערווענירן.[20] מ׳האָט אויך אָנגעהויבן טרייבן יידן פון די שטאָטישע גערטנער.

די דאָזיקע כוליגאַנישע אָנפאַלן אויף יידן, די שוצלאָזיקייט פון די באַפעלקערונג, די אומאויפהערלעכע פּאָגראָם־העצע פון די ענדעקישע צייטונגען אין לאָדזש, „אָרענדאָוניק״ און „ראָזוואָי״ — האָבן לסוף דעמאָראַליזירט די פּוילישע מאַסן פון לאָדזש. דער אַנטיסעמיטיזם אין זיין גרעסטער און ברוטאַלסטער פאָרם איז געוואָרן אַ הויפּט־פאַקטאָר און האָט זיך באַלד אויך איבערגעטראָגן אין „לאָדזשער פאַרלאַמענט״ — אין שטאָט־ראָט.

## ד. דער ענדעקישער נצחון ביי די שטאָטראַט־וואַלן און זיינע רעזולטאַטן

6 יאָר צייט, פון יאָר 1927—1933, האָט די לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג געהאַט אַ סאָציאַליסטישע מערהייט, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף די פיר אַרבעטער־פּאַרטייען: פּ.פּ.ס., בונד, לינקע פּועלי־ציון און „דויטשע אַרבייטס־פּאַרטיי. די שטאָט־פאַרוואַלטונג איז אויפגעלעזן געוואָרן דורך דער רעגירונג.

אין יאָר 1934, נאָך אַ קנאַפּ יאָר קאָמיסאַרישער הערשאַפט איבער דער

שטאָט לאָדזש, ווען עס זענען ביי פאַרערגערטע וואַל־באַדינגונגען ווידער פאַרגעקומען וואַלן צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, האָבן די אויבנדערמאָנטע פאַרטייען, אַ חוץ די לינקע פועלי־ציון, געשאַפן אַ וואַל־בלאָק און אַרויסגעשטעלט געמיינזאַמע ליסטעס.[21]. אָבער דער אומדערוואַרטעטער אויסגאַנג פון די וואַלן, וואָס זענען פאַרגעקומען דעם 27־טן מאַי 1934, האָט באַוויזן, וואָס פאַרא טיפע וואָרצלען די יידן־שנאה האָט געשלאָגן אין פּראָלעטאַרישן לאָדזש. דער אַרבעטער־בלאָק פון בונד, פּ.פּ.ס. און „דויטשע סאָציאַליסטישע אַרבייטס־פּאַרטיי", האָט געליטן אַ צעשמעטערנדע מפּלה און דורכגעפירט נאָר 7 ראַטמענער: 4 פון פּ.פּ.ס., 2 בונדיסטן און איין דייטשער סאָציאַליסט. די באַזונדערע ליסטע פון לינקע פועלי־ציון — 1 ראַטמאַן. דאַקעגן־זשע, דער ענדעקיש־פאַשיסטישער לאַגער, וועמענס הויפּט־לאָזונג ביי דער וואַל־קאַמפּאַניע איז געווען: ענטיידישן לאָדזש — האָט דורכגעפירט 39 ראַטמענער אויף 72 און אַזוי אַרום באַקומען אַן אַבסאָלוטע מערהייט אין דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די רעגירונגס־פּאַרטיי („סאַנאַ־ציע") האָט באַקומען 10 ראַטמענער. אויך די בירגערלעכע דייטשן, אָנהענגער פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם — האָבן דורכגעפירט 4 ראַטמענער.

פון די יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען איז אַרויס געשטאַרקט דער בלאָק פון דער „אגודה" און „פאָלקס־פּאַרטיי", וועלכע זענען געווען אָנהענגער פון שטיצן די פּוילישע פּראָ־פאַשיסטישע רעגירונג, טראָץ איר אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז געגאַנגען אונטער דער לאָזונג פון אַרויסרייסן די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס פון יידישע הענט. דער בלאָק פון „אגודה" און פאָלקס־פּאַרטיי האָט באַקומען 10 מאַנדאַטן און די ציוניסטן נאָר 4 מאַנדאַטן.[22]

דער דאָזיקער וואַל־אויסגאַנג איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פון אַ פּאָליטיש־סאָציאַלער ירידה צווישן דער יידישער באַפעלקערונג פון לאָדזש און פון אַ טיפן אַריינדרינגען פון אַנטיסעמיטיזם אין די ברייטע שיכטן פון פּוילישן לאָדזש.ביידע דערשיינונגען אין זייער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג אין משך פון די פינף יאָר ביז דער דייטש־היטלערישער אָקופּאַציע פון לאָדזש — האָבן זיך שפּעטער אָפּגערופן אויף דער געשטאַלטונג פון יידישן לעבן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט.

געוויס זענען געווען טיפע סיבות, וואָס האָבן אַזוי געענדערט די פּאָליטישע איינשטעלונגען פון דער באַפעלקערונג אין לאָדזש.

די אַנטיסעמיטישע לאָזונגען פון אַרויסשטויסן יידן פון די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, די גיפטיקע פאַשיסטישע יידנפיינטלעכע אַגיטאַציע, אַז אין די ליידן פון די פּוילישע אַרבעטער (און זיי האָבן טאַקע געליטן פון כראָנישער אַרבעטס־לאָזיקייט, נידעריקע לוינען און דחקות) זענען שולדיק די לאָדזשער יידישע אינדוסטריעלער, די קאָהנס, פּאָזנאַנסקיס און ראָזענבלאַטס — האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן פון לאָדזש. פון דער צווייטער

זייט: דער ענדעקישער טעראָר קעגן יידן, די שוצלאָזיקייט און די אוממעגלעכ־קייט צו קאָנען שטעלן אַ ווידערשטאַנד, ווי אַמאָל דורך זעלבסטשוץ, קעגן דעם אָנפאַלייץ פון כוליגאַנישן אָנגריף — האָט אַרויסגערופן אַן אויסערגעוויינלעכע אַפּאַ־טיע ביי דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג. אַן אויפריכטיקע שילדערונג פון דעם פּחד און אַפּאַטיע, וואָס עס האָט שוין דעמאָלט באַהערשט די יידישע באַפעל־קערונג פון לאָדזש, האָט געגעבן דער בונדישער פירער, דער קדוש הענריק ערליך. אין זיין אָפּשאַצונג איבער די שטאָטראָט־וואַלן אין לאָדזש, האָט ערליך געשריבן אין „פאָלקסצייטונג״.

„מענטשן, וואָס זענען דעם 27־סטן (ד.ה. בעת די וואַלן צום שטאָטראָט) געווען אין לאָדזש, דערציילן, אַז נאָך פיר אַזייגער האָבן יידישע ווילער, באַ־זונדערס יידישע מאַסן־ווילער — מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון שטוב. אַזוי גרויס איז געווען דער טעראָר פון די פאַשיסטישע כוליגאַנעס אין די גאַסן.״ [23]

די פּאַראַליזירנדע שרעק האָט שוין דעמאָלט, 6 יאָר פאַרן אָנטשטיין פון לאָדזשער געטאָ, אָנגעהויבן אַרומכאַפּן די יידישע מאַסן פון לאָדזש. זיי האָבן זיך דערפילט הפקר, מאַכטלאָז, אָן וועלכער עס איז באַשיצונג קעגנאיבער דעם אָנוווקס פון פינצטערע כוחות, וואָס האָבן זיך געגרייט צו באַהערשן די וועלט מיט דער הילף פון מיטלאַלטערלעכער יידן־שנאה, מיט דעם כוח פון אַלטע אויסגעפּרוווטע לאָזונגען, דורך כלערליי אַנטיסעמיטישע פּאַרטייען.

דער לאָקאַלער וואַל־נצחון האָט צוגעגעבן אויסערגעוויינלעכן מוט די „ענדעקעס״, דער פּוילישער פאַשיסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט אין לאָדזשער שטאָטראָט גענומען טעראָריזירן די יידישע פאַרשטייער, כדי אַזוי אַרום אָנצו־וואַרפן אַ שרעק אויף דער יידישער באַפעלקערונג. פּונקט, ווי זייערע אידעען־פריינט אין דייטשלאַנד, אַזוי האָבן אויך די ענדעקעס דערקלערט אין זייער דעקלאַראַציע, אַז זיי וועלן קעמפן קעגן דעם יידנטום און מאַרקסיזם. גרויסע סקאַנדאַלן און אַוואַנטורעס האָבן די ענדעקעס געמאַכט בעת די פאַרשטייער פון די יידישע פראַקציעס: ש. מילמאַן (בונד), א. האַלענדערסקי (ל. פּועלי ציון) און אַדוו. זרח שטראַוך (ציוניסטן) האָבן געלייענט זייערע דעקלאַראַציעס, וואָס האָבן געפאָדערט גלייכע רעכט פאַר יידן.

פאַרשטענדלעך, אַז די יידישע ראַטמענער פון בונד, לינקע פּועלי־ציון און ציוניסטן האָבן אין זייערע רעדעס שאַרף אָפּגעענטפערט אויף דער דאָזיקער פּויליש־פאַשיסטישער קריגס־דערקלערונג צו דער יידישער באַפעלקערונג, אָבער די יידישע רעדעס זענען ווייט נישט געווען בכוח צו מאָביליזירן די יידישע באַפעלקערונג אין לאָדזש צום ווידערשטאַנד קעגן דער סכנה פון פאַרטיליקונג און אויסראָטונג, וואָס עס האָט מיט זיך געטראָגן די כוואַליע פון פּוילישן און דייטשן פאַשיזם. די ענדעקישע מערהייט אין שטאָטראָט האָט טאַקע באַלד באַוויזן בפועל, וויאַזוי זיי האָבן בדעה צו באַקעמפן די יידן.

## די אָנפירער פונעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָדזש אין די 30־ער יאָרן



ארטור (שמואל) זיגעלבוים
פירער פון בונד אין לאָדזש געוועז פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון פאַרטיידיקונג פון וואַרשע. אין 15־טן מאַי 1943 באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין לאָנדאָן אַלס פּראָטעסט קעגן דער גלייכגילטיקייט פון דער וועלט צו דער דייטשער יידן־אויסראָטונג.



מוליע עדעלמאַן
איינער פון די גרינדער און לאַנגיעריקער אָנפירער פון דער פועלי־ציון פאַרטיי אין לאָדזש. פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך באַזעצט אין תל־אביב. געשטאָרבן אין יאָר 1955



ד״ר אריה טאַרטאַקאָווער
אָנפירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לאָדזש, לערער אין יידישן גימנאַזיע פון ד״ר ברוידע, ראַטמאַן פון די לעצטע שטאָטראַטן אין לאַדזש פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע. נאָך דער מלחמה איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון ייד. וועלט־קאָנגרעס.



אַדוו. זרח שטראַוך
אָנפירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לאָדזש. ראַטמאַן פון די לעצטע לאָדזשער שטאָטראַטן פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע. לעבט אין ישראל און איז טעטיק אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

## די אָנפירער פונעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָדזש אין די 30־ער יאָרן



הרב ד״ר מרדכי בורוידע
אָרגאַניזאַטאָר און אָנ־
פירער פון די העברעישע
גימנאַזיעס אין לאָדזש.
פאַרלאָזט לאָדזש שוין
בעת דער דייטשער אָקו־
פאַציע. געשטאָרבן אין
ישראל.



ד״ר יצחק לעווין
פירער פון דער „אגודה״
אין לאָדזש. לעבט אין
אַמעריקע.



הרב שלום טרייסטמאַן.
סעקרעטאַר פון לאָדזשער
ראַבינאַט. אומגעקומען.



הערש בלומשטיין
חבר פון ל. פועלי־ציון, פרעזידיום־
מיטגליד אין דער ספּאָרט־געזעל־
שאַפט „שטערן״, טעטיק אין
באַראַכאָוו־ביליאָטעק. אומגעקומען.



מאָטל אַלטמאַן
איינער פון די גרינדער און אָרגאַ־
ניזאַטאָרן פון דער „יידישער גע־
זעלשאַפט פאַר לאַנדקענטשאַפט״.
לעבט אין ישראל.

דעם 28־סטן מאַי 1935, בעת דער „דיסקוסיע" איבערן ענדעקישן פאָרשלאַג, אַז נאָר פּאָליאַקן האָבן דאָס רעכט צו פאַרנעמען שטעלעס אין די שטאָטישע אינסטיטוציעס, האָבן די פאַשיסטישע ראַטמענער זיך געוואָרפן מיט פויסטן און שטולן אויף די יידישע און סאָציאַליסטישע ראַטמענער. עס איז געקומען צו אַ געשלעג, בעת וועלכן דער בונדישער ראַטמאַן ס. נוטקעוויטש איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. מ'האָט אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל ווו ס'איז פעסטגע־שטעלט געוואָרן אַ בלוט־אויסגוס.[24]

דער שטאָטראַט מיט זיין ענדעקיש־פאַשיסטישער מערהייט, אין וועלכן דער רעגירונגס־לאַגער איז געווען שוואַך פאַרטרעטן, איז פאַנאַנדערגעלאָזט גע־וואָרן דורך דער צענטראַלער מאַכט.

## ה. פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.) וויל זיך נישט בלאָקירן מיט יידישע סאָציאַליסטן צוליבן אַנטיסעמיטיזם פון די פּוילישע אַרבעטער

אין זומער 1936, 3 יאָר פאַר מלחמה־אויסברוך, האָט לאָדזש ווידער זיך גענומען גרייטן צו די שטאָט־ראַט־וואַלן און דאָ איז געקומען אַ נייער סיורפּריז, וואָס האָט נאָך מער פּאָליטיש פאַראייניזאַמט די יידישע באַפעלקערונג און גע־שטאַרקט די יאוש־שטימונגען: די פּ. פּ. ס., די איינציקע לעגאַלע פּאַרטיי אין דער דאָזיקער אַרבעטער־שטאָט, וואָס האָט אָפן אָדער ברמיזה, באַקעמפט דעם אַנטיסעמיטיזם, די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט אין אַ פריערדיקן פעריאָד געוואָלט דורכן בונד באַקומען אַן אָנשפּאַר אין די צענדליקער טויזנטער יידן פון לאָדזש — האָט זיך אָפּגעזאָגט פון גיין צוזאַמען מיטן בונד צו די שטאָט־ראַט־וואַלן.

די פירער פון לאָדזשער פּ. פּ. ס., האָבן וועגן זייער שטעלונג קלאָר געזאָגט: „אין 1934 האָבן אַ סך פּוילישע אַרבעטער נישט געשטימט פאַר פּ. פּ. ס., ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט שטימען פאַר יידן, וועט מען זיי אויפקלערן, אַז זיי דאַרפן באַטראַכטן די יידישע אַרבעטער פאַר זייערע ברידער, אָבער מ'מוז זיי (די פּוילישע אַרבעטער) געבן אַ מעגלעכקייט צו שטימען פאַר פּוילישע סאָציאַליס־טישע קאַנדידאַטן".[25]

די לאָדזשער יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען זענען מיט אַמאָל געצוווּנגען געוואָרן צו שאַפן אַ „יידיש־פּראָלעטאַרישן־פראָנט" פון בונד, פּועלי־ציוניסטן און יידישע קאָמוניסטן, וועמענס קאַנדידאַטן צו די שטאָט־ראַט־וואַלן האָבן פיגורירט אויף אַ געמיינזאַמער ליסטע. אויך די פּ. פּ. ס. האָט געהאַט אויף איר קאַנדידאַטן ליסטע פּוילישע קאָמוניסטן און פאַרטרעטער פון דער „דויטשער אַר־בייטס־פּאַרטיי".

די פּ. פּ. ס. מיט די קאָמוניסטן, די איינציקע יידנפריינט אין דאַמאָלטיקן

פויליש־אנטיסעמיטישן לאָדזש, האָבן געמאַכט נאָך אַ שריט ווייטער אין זייער גרינגשעציקער פּאָליטישער באַציאונג צו די 233 טויזנט לאָדזשער יידן: די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון פּוילישן אַרבעטער־קלאַס, אין גרעסטן פּראָלעטאַרישן צענטער, האָבן פאַרלאנגט פון די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, זיי זאָלן באַגיין אַ פּאָליטישן זעלבסטמאָרד: „די געייניקטע יידישע אַרבעטער־מחנה זאָל זיך צוריקציען פונעם שלאַכט־פעלד,[26] — ווי עס שרייבט פּאַטעטיש דער בונדישער היסטאָריקער י. ש. הערץ אין זיין „געשיכטע פון בונד אין לאָדזש".

קלאָרער גערעדט: די פּוילישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי און די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זיך מיט איר בלאָקירט, האָבן פאַרלאַנגט, אַז די יידישע אַרבעטער־מאַסן פון לאָדזש, זאָלן זיך פאַרוקן אין אַ ווינקל, די פּאָליאַקן זאָלן זיי נישט אַרויסזען, כדי דער „יידן־ריינער־סאָציאַליזם" זאָל קאָנען אָפּהאַלטן אַ נצחון ביי די לאָדזשער שטאָט־ראַט־וואַלן. די יידישע אַרבעטער איז געגעבן געוואָרן די ברירה צו שטימען פאַר דעם בלאָק פון פּ. פּ. ס. און קאָמוניסטן, וואָס „וועלן אין שטאָט־ראַט פאַרטיידיקן אויך די יידן", ווי עס האָבן דערקלערט די פּעפּעסישע פירער.

די דאָזיקע שטעלונג פון „יידן־ריינעם סאָציאַליזם" האָט פּ. פּ. ס. נישט איבערגעלאָזט בלויז אין די ראַמען פון איר פּאַרטיי, די פּוילישע סאָציאַליסטן האָבן די „אידיי" אַריבערגעטראָגן אויך צו דער פּוילישער מאַסע, צו די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די קרייז קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין לאָדזש האָט אויף איר זיצונג פון 17 יולי מבטל געמאַכט אַ פריערדיקן באַשלוס, וואָס האָט גערופן די יידישע אַרבעטער צו שטימען פאַר דער ליסטע פון בונד־פּועלי ציון און אָנגענומען אַ נייע רעזאָלוציע, וועלכע האָט גערופן אַלע אַרבעטער פון לאָדזש אָפּצוגעבן זייערע שטימען נאָר פאַר דער פּעפּעסישער ליסטע. דער דאָזיקער באַשלוס איז באַשטעטיקט געוואָרן אויף אַ קאָנפערענץ פון די פאַרוואַלטונגען פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

בונד און פּועלי ציון האָבן דעם גזר נישט אָנגענומען און געגאַנגען צו די וואַלן באַזונדער. דאַקעגן — די יידישע קאָמוניסטן (די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געווען אומלעגאַל) האָבן זייערע קאַנדידאַטן צוריקגעצויגן פון די יידישע ליסטעס. די פּ. פּ. ס., וואָס האָט אויך שפּעקולירט אויף יידישע שטימען, האָט אויף געוויסע ווייטע ערטער פון אירע קאַנדידאַטן־ליסטעס אַרויפגענומען אויך 4 יידישע קאָמוניסטן.[27]

## ו. סאָציאַליסטישער נצחון ביי די שטאָטראַט־וואַלן

**די צוויי באַזונדערע „סאָציאַליסטישע פראָנטן" האָבן טאַקע אָפּגעהאַלטן נצחונות ביי די וואַלן צום לאָדזשער שטאָט־ראַט. דעם 27־טן סעפּטעמבער 1936**

האָט דער בלאָק פון בונד מיט די לינקע פועלי ציון, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין מאָמענט פון גרױסער סכנה פאַר דעם יידישן פאָלק אין פוילן — טאַקע באַוויזן צו פאַרטרייבן די אַפּאַטיע פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין לאָדזש. דער פעפּעסישער נצחון האָט אָבער אויך באַוויזן ווי טיף עס האָט זיך פאַרוואָרצלט די יידן־שנאה אין פּראָלעטאַרישן לאָדזש: די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון גיין צוזאַמען מיט יידן, כדי צו קאָנען אָפּרייסן שטימען פון דער ענדעקיש־פאַשיסטישער פּאַרטיי.

טראָץ דעם איז נישט געלונגען דער פּ.פּ.ס. צו באַקומען אַ מערהייט אין לאָדזשער שטאָט־ראָט. דער אויסגאַנג פון די וואַלן איז געווען: פּ. פּ. ס. און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — 95,115 שטימען און 34 מאַנדאַטן אויף 72, דער בלאָק פון בונד און פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען — („קולטור־אַמט און לינקע פועלי ציון־ראַט פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען") — 6 מאַנדאַטן 23,692 שט. די ענדעקעס האָבן אָבער אויך באַקומען 77,919 שט.

כאַראַקטעריסטיש איז אויך די פאַרטיילונג פון די יידישע בירגערלעכע שטימען. אַ נצחון האָט ווידער אָפּגעהאַלטן דער יידיש־בירגערלעכער בלאָק, וואָס האָט זיך געשטעלט אויפן באָדן פון צוזאַמענאַרבעט מיט דער רעגירונג. דער דאָזיקער וואַל־בלאָק — אגודה, האַנטווערקער, פאָלקס־פּאַרטיי, רעוויזיאָניסטן, אַסימילאַטאָרן אאַנד. האָט באַקומען 14,947 שטימען און דער פאַראייניקטער ציוניסטישער בלאָק נאָר 10,601 שט.

נאָך די וואַלן האָבן זיך פאַרבעסערט די באַציאונגען צווישן פּ. פּ. ס. און די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, אָן וועמענס פאַרטרעטער די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט נישט געהאַט קיין מערהייט אין שטאָט־ראָט. עס איז געקומען צו אַ געמיינזאַמער דעקלאַראַציע צווישן בונד און פּ. פּ. ס. מיט באַשלוסן, וואָס האָבן אַנטהאַלטן א רייע אַקטועלע אויפגאַבן. צווישן זיי אויך וועגן קאַמף „פאַר פאַרווירקלעכן דאָס פרייַנטלעכע צוזאַמענלעבן פון אַלע נאַציעס אין פּוילן, פאַר גלייכבאַרעכטיגונג און טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע, (פאַר אוקראַינער און ווייסרוסן) פאַרזיכערן די אַנטוויקלונג פון די זעלבסטשטענדיקע קולטורן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן".[28]

.2

# אפּענער קאַמף פון דער פּוילישער רעגירונג קעגן יידן און דער פאַרשטאַרקטער טעראָר און פּאָגראָמען

## א. דער יידיש־פּוילישער סאָציאַליסטישער בלאָק אין לאָדזשער שטאָט־ראַט

די לאָדזשער יידן האָבן ווידער געהערט גוטע ווערטער פון פּעפּעסישע רעדנער. אָבער דאָס האָט ווייניק געקאָנט העלפן צו פאַרטרייבן דעם יאוש. די שרעק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

איבער פּוילן האָט אַ פליִיץ געטאָן אַ כוואַליע פון כוליגאַנישן אַנטיסע־מיטיזם, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלע געביטן פון סאָציאַלן, ווירטשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן. אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך האָבן פינצטערע פּוילישע עלעמענטן פּראָוואָצירט פּאָגראָמען אויף יידן. אין וואַרשע האָט מען געטריבן יידן פון די שטאָטישע פּאַרקן, אין די אוניווערזיטעטן האָבן סטודענטן געמאַכט כוליגאַנישע אָנפאַלן אויף זייערע יידישע קאָלעגן און געצוווּנגען זיי צו זיצן אויף באַזונדערע „יידישע” בענק. פון דער סיים־טריבונע האָבן די דעפּוטאַטן פון דער רעגירונגס־פּאַרטיי און פון דער ענדעקישער אָפּאָזיציע, געהאַלטן העץ־רעדעס קעגן יידן און יידישער רעליגיע. אַ גוט צעצווייגטע פּרעסע פון טאָג־בלעטער און צייטשריפטן האָט אין וואָרט און אין בילד געהעצט מיט דער אויסגעלאַסנסטער שפּראַך קעגן יידן, איבערגעחזרט אַלטע בלבולים און פּראָדוצירט נייע — וואָס האָט ביי אַזאַ מצב געקאָנט העלפן אַ דעקלאַראַציע פון דער לאָדזשער פּ. פּ. ס., פאַרעפנטלעכט גראָד אין דעם מאָמענט, ווען די פּוילישע סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי האָט זיך גענויטיקט אין די שטימען פון די יידישע־סאָציאַליס־טישע ראַטמענער, כדי צו ווערן די בעלי־בתים אין דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

אויף אין דעם ניי־געוויילטן לאָדזשער שטאָט־ראַט מיט דער פּויליש־יידישער סאָציאַליסטישער מערהייט, האָבן די ענדעקעס מיט זייערע 27 ראַט־מענער טעראָריזירט די יידישע פאַרטרעטער. לסוף איז אויך דער שטאָט־ראַט פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן דורך דער רעגירונגס־מאַכט, ווען פּאַרטיי האָט נישט געהאַט קיין איין פאַרשטייער.[29]

## ב. דיווירטשאַפטלעכע עקסטערמינאַציע און די רעגירונגס־קאָמיסאַרן אין לאָדזשער יידישע אינדוסטרי־אונטערנעמונגען

צוזאַמען מיטן אַנטיסעמיטישן טעראָר און העץ־רעדעס פון דער לאָדזשער שטאָט־ראַט־טריבונע, האָט אין די דרייסיקער יאָרן זיך אויך פאַרשאַרפט דער ווירטשאַפטלעכער קאַמף פון דער פוילישער רעגירונג קעגן לאָדזשער יידן. די רעגירונגס־מאַכט האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן די יידישע גרויס־אינדוסטרי־אונטערנעמונגען און בכלל קעגן אַלע יידישע פרנסות.

די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס אין דער טעקסטיל־אינדוסטרי, וואָס יידן האָבן אויפגעשטעלט מיט אייגענער מי אין משך פון אַזוי פיל יאָרן — און געגעבן באַשעפטיקונג צענדליקער טויזנטער פוילישע אַרבעטער (יידן זייער ווייניק) — האָט נישט געלאָזט רוען די פוילישע עקאָנאָמיסטן פון רעגירונגס לאַגער. די אַלגעמיינע ווירטשאַפטלעכע עקסטערמינאַציע פון די יידן אין פוילן, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען די פוילישע עקאָנאָמישע פּאָליטיק, האָט געפירט דער פינאַנץ־מיניסטער וולאדיסלאַוו גראַבסקי אָבער זיין פּאָליטיק איז ,בעיקר געווען געווענדעט קעגן יידישן האַנדל און קעגן די קליינע אונטערנעמונגען.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט די פוילישע ווירטשאַפטלעכע רעגירונגס־פּאָליטיק און מיט איר צוזאַמען דער ווייט־גרעסטער טייל פון פוילישן פאָלק, זיך פאַרמאָסטן כמעט קעגן אַלע יידישע פרנסות און חיונה־קוועלן. אָנהויבנדיק פונעם קרעמל ביז דער לאָדזשער „ווידזעווער מאַנופאַקטור" פון אשר קאָן ווו



די פּיעטריקאָווער גאַס אין לאָדזש.

ס׳האָבן געאַרבעט קרוב 7000 פוילישע אַרבייטער. דורך דעם פרעמיער מיניסטער גענעראַל סלאַוואָי סקלאַדקאָווסקי איז געוואָרפן געוואָרן די באַרימטע אַנטי־סעמיטישע לאָזונג: „קיין פּאָגראָמען אויף יידן — נישט, אָבער אַרויסשטויסן יידן פון די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס — „אָווושעם״ — דאָס יאָ. די טעקסטיל־אינדוסטרי האָט דאַמאָלס איבערגעלעבט אַ קריזיס און זיך גענויטיקט אין קרעדיטן, דאָס האָט אויסגענוצט די רעגירונג און אריינגעזעצט קאָמיסאַרן, דע־מיסיאָנירטע פּאָלקאָווניקעס, אין די גרויסע יידישע טעקסטיל־אונטערנעמונגען אין לאָדזש. פּאָלקאָווניק קאָץ איז געוואָרן דער קאָמיסאַר איבער דער „ווידזעווער מאַנופאַקטור״, זיין אויפגאַבע איז געווען צו רעדוצירן די ראָל פון אשר קאָן דעם גענעראַל דירעקטאָר, אָרגאַניזאַטאָר און הויפּט־אַקציאָנער פון דער „ווידזעווער מאַנופאַקטור״. צו דעם קאָמיסאַר זענען נאָך שפּעטער, אין מערץ 1939 באַשטימט געוואָרן נאָך 4 רעגירונגס־פאָרשטייער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער אַקציענ־געזעלשאַפט. פּראָפעסאָר אַדאַם קזשיזשאַנאָווסקי איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעזעס פון אויפזיכטס־ראַט אין דער גרויסער יידישער פירמע באַריס אייטינגאָן,[30] וואָס האָט, אגב אין אירע פאַבריקן באַשעפטיקט אַ באַדייטנדע צאָל יידישע ארבעטער און אָנגעשטעלטע. רעגירונגס־קאָמיסאַרן זענען אויך אַריינ־געזעצט געוואָרן אין דער גרויסער טעקסטיל־פירמע „י. ק. פּאָזנאַנסקי״ און אין אַנדערע יידישע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען. די פוילישע רעגירונגס־ פאָר־טרעטער אין די יידישע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט, וואָס עס האָבן אין דער אָקופּאַציע צייט בעת דער מלחמה פאַרענדיקט די דייטשע „טרויהענדער״.

אין חודש מאַי 1938 זענען לאָדזשער יידישע פינאַנסיסטן אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעשיקט געוואָרן אין פייניקונגס לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע.[31]

כדי צו פאַרלייכטערן די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אויסמיידן דעם יידישן האַנדל, האָט לויט אַ רעגירונגס־פאַראָרדנונג יעדע יידישע פירמע געמוזט אַרויסהענגען אַ שילד מיט דעם נאָמען פון אייגנטימער אָדער פון דער פירמע אויף אַן אָנגעזעען אָרט. די גאַנצע פוילישע רעגירונגס־פּאָליטיק לגבי יידן איז געווען ווי אַ קאָפּיע פון דעם אָנהויב פון דער דייטש־היטלערישער יידן־אויסראָטונג, וואָס איז שוין געווען אין דייטשלאַנד. עס האָט נאָר געפעלט דאָס ברענען פון סינאַגאָגעס.

די דאָזיקע ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיק איז באַגלייט געוואָרן מיט דעם „פּיקעטעווען״ פון יידישע קראָמען, נישט אַריינלאָזן דאָרט קיין קריסטלעכע קונים און דאָס באַלאַסטן די לאָדזשער יידישע אונטערנעמונגען מיט שווערע שטייערן, וואָס האָבן געמוזט דערפירן די פירמעס צום באַנקראָט.

די ערשטע סאָציאַליסטישע שטאָט־פאַרוואַלטונג אין לאָדזש, וואָס האָט רעגירט 6 יאָר (זע ז׳ 47) האָט אין משך פון איר קאַדענץ אַביסל געלינדערט

דעם בויקאָט פון די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס אויף יידישער אַרבעט און באַשעפ־טיקונג. עס זענען צוגעלאָזט געוואָרן יידישע אַרבעטער צו „עפנטלעכער אַרבעט״, אַ מין „עבודת דחק״, ווי מ׳רופט עס אין ישראל. די יידישע סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען, וואָס זענען געווען שותּפים צו דער שטאָט־ראָט מערהייט האָבן אויך אַריינגעבראַכט עטלעכע פון זייערע מיטגלידער אין די ביוראָען פון די קאָמונאַלע איינריכטונגען.

די דאָזיקע קליינע לינדערונג אין בויקאָט פון יידישער אַרבעט, איז תּיכּף באַזייטיקט געוואָרן, ווי נאָר די מאַכט איבער דער שטאָט האָט, אין יולי 1933, איבערגענומען דער באַשטימטער רעגירונגס־קאָמיסאַר סטעפאַן וואָיעוואָדזקי.

וואָיעוואָדזקי, אַ באַקאַנטער אַנטיסעמיט און פירער פון דער רעאַק־ציאָנערער יידנפיינטלעכער „נאַציאָנאַלער אַרבעטער פּאַרטיי״ — נ. פּ. ר.,* האָט אין משך פון גאַנצן יאָר, וואָס ער איז געווען ביי דער מאַכט, באַוויזן צו באַזייטיקן כמעט אַלע יידן, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט אין די קאָמונאַלע אינסטי־טוציעס. ער האָט אויך אָפּגעשאַפט אַלע סובסידיעס, וואָס די פריערדיקע סאָציא־ליסטישע שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט באַשטימט פאַר יידישע שולן און קולטור־אַנשטאַלטן. א[31]

די דאָזיקע דיסקרימינאַציע אויפן געביט פון אַרבעט און באשעפטיקונג האָט געגרייכט אויך צו דער לאָדזשער יידישער אינטעליגענץ. אין סוף יאָר 1935 זענען באַזייטיקט געוואָרן יידישע דאָקטוירים און אַפּטייקערס פון דער קראַנקן־קאַסע.[32]

אין דערזעלבער צייט האָט זיך פאַרשטאַרקט דער קריזיס ביי די ברייטע יידישע מאַסן פון לאָדזש. אויף דער פסח־אונטערשטיצונגס־אַקציע, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך דער קהילה און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין לאָדזש האָט זיך אין יאָר 1934 פאַרעגיסטרירט 29 פּראָצ. פון דער יידישער באַפעלקערונג. א[32] אין דעם פּעריאָד האָבן טויזנטער יידישע אַרבעטער פון קליינע אונטערנעמונגען — טריקאָטאַזש און באַקלייד — געשטרייקט אונטער דער אָנפירונג פון זייערע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. ב[32] דאָס זענען געווען פאַרצווייפלונגס־שטרייקן, ווייל די פאַרדינסטן זענען געווען קלאָגעדיקע.

די ווירטשאַפטלעכע יידנפיינטלעכע עקסטערמינאַציע - פּאָליטיק פון דער רעגירונג און אירע אַגענטן האָט געמאַכט אַ תּל פון די יידישע פרנסות,

---

* נ. פּ. ר. — „נאַראָדאָוואַ פּאַרטיאַ ראָבאָטניטשאַ״ („נאַציאָנאַלע אַרבעטער־פּאַרטיי״), געשאַפן דורך די ענדעקעס נאָך אין די צאַרישע צייטן צום קאַמף קעגן יידן און סאָציאַליסטן און פאַר אַן אומאָפּהענגיק פּוילן. אין די צאַרישע צייטן האָט זי געטראָגן דעם נאָמען — „נאַראָדאָווי זוויאָנזעק ראָבאָטניטשי״ — נ. ז. ר. („נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד״) און האָט אין יאָר 1906 אָנגעפירט מיט די אַזוי גערופענע „ברידער־קאַמפן״, געווענדעט קעגן פּ.פּ.ס.



אַ יידישע גאַס אין באַלוט.



באַלוטער יידישער האַנטוועבער.

אָבער פיל שטאַרקער ווי דער מאַטעריעלער שאָדן איז געווען דער מאָראַליש־פסיכישער חורבן, וואָס דער אַנטי־יידישער ווירטשאַפטלעכער קאַמף האָט גע־ברענגט אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון פוילן און אויף דעם גרויסן קאָמפּאַקטן לאָדזשער יידנטום. די אָנפירער פון יידישן פּאָליטישן און געזעל־שאַפטלעכן לעבן און מיט זיי אויך, אינסטינקטיוו די פּאָלקס־מאַסע, האָבן דערפילט, אַז די יידישע געשיכטלעכע אַנטוויקלונג קייקלט זיך באַרג אַראָפּ אין אַ טיפן פינצטערן תהום און עס איז נישט פאַראַן ביי וואָס זיך אָנצוכאַפּן כדי אָפּצושטעלן דאָס דאָזיקע ראַשע זינקען.

די יידן־שנאה פאַרכאַפּט וואָס ווייטער אַלץ ברייטערע שיכטן פון דער פוילישער באַפעלקערונג. דער איינציקער אָנשפּאַר, וואָס יידן האָבן געהאַט אין דער פוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — פאַרלירט אויך יעדע באַדייטונג, וויבאַלד די פּ.פּ.ס., מוז זיך דערווייטערן פון די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, כדי נישט צו פאַרלירן די השפעה צווישן די פוילישע אַרבעטער . די יידישע מאַסן אין לאָדזש צוזאַמען מיט זייערע פירער די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן נישט געהאַט מער קיין שותפים צו זייער שווערן, ביטערן געראַנגל פאַרן מענטשלעכן און נאַציאָנאַלן קיום און עס איז געוואַקסן דער יאוש און פאַר־צווייפלונג נאָך איידער די דייטשע האָרדעס האָבן פאַרכאַפּט לאָדזש און צוגע־טרעטן צו זייער יידן־אויסראָטונגס־טעטיקייט.

.3

# דער אפּווער־קאַמף פֿון דער יידישער באַפעלקערונג

## א. די צוויי שיטות אין דעם אָפּווער־קאַמף

ביי דעם דאָזיקן שווערן פּאָליטישן אוןווירטשאַפטלעכן מצב איז די יידישע באַפעלקערונג פֿון לאָדזש מיט אירע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פירער נישט געזעסן מיט קיין פֿאַרלייגטע הענד און געוואַרט אויף נסים.

אַלע שיכטן פֿון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן געפירט אַן עקשנותדיקע מלחמה פֿאַר זייער עקזיסטענץ, פֿאַרן נאַציאָנאַלן און ווירטשאַפטלעכן קיום. אָבער אין דעם דאָזיקן שווערן געראַנגל, האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי שיטות פֿון פּאָליטישן און סאָציאַלן קאַמף. די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן און זייערע פּאַרטייען: בונד און פּועלי ציון — האָבן זיך באַמיט ווייטער אָנצוהאַלטן און טריי צו בלייבן די קאַמפּס־טראַדיציעס פֿון די לעצטע פופציק יאָר. זיי איז נאָכ־געגאַנגען די נאַציאָנאַל־געשטימטע ציוניסטיש אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ, אָבער דער איבערוויגנדער רוב פֿון יידישן בירגערטום האָט, וואָס ווייטער אַלץ מער זיך דערנענטערט צו די מיטלאַלטערלעכע פֿאָרמען פֿון יידישן געראַנגל פֿאַרן קיום, צו די פֿאָרמען פֿון פֿאַר דער עמאַנסיפּאַציע; צו יענער תקופה ווען אין יידישן געראַנגל פֿאַר רעכט אויף לעבן און עקזיסטענץ, האָט דעצידירט דאָס צופּאַסן זיך צו די יידנפיינטלעכע רשעותדיקע מאַכט־האָבער, דאָס הכנעהדיקע בוקן זיך, חנפהנען און איבערקויפן די בייזע מושלים. עס האָט אָנגעהויבן ווירקן די יודענראַט־„אידעאָלאָגיע", וואָס האָט אין די געטאָס, וועלכע די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן אויפגעשטעלט ווי אַ מיטל צום „ענדציל" — באַקומען איר שפּלדיקסטן אויסדרוק.

*

נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן האָבן זיך אין יידישן בירגערטום אין פּוילן אויסגעבילדעט צוויי פּאָליטישע שיטות, איינע, וועמענס וואָרטזאָגער עס איז געווען יצחק גרינבוים, וואָס האָט געהאַלטן, אַז פֿאַר די יידישע נאַציאָנאַלע און בירגערלעכע רעכט דאַרף מען פירן אַן אָפֿענעם קאַמף קעגן די פּוילישע רעגי־רונגען, וועלכע זענען, ווער מער, ווער ווייניקער, יידנפיינטלעך; די צווייטע שיטה, וועלכע עס האָבן פֿאַרטרעטן די גאַליציאַנער ציוניסטישע דעפּוטאַטן אין פּוילישן סיים, די „פֿאָלקס־פּאַרטיי" און „אגודה" — האָט פּראָפּאַגירט דאָס נישט

איינרייסן מיט דער מאַכט, נאָר שלום מאַכן, שליסן אַן „אוגאָדאָ" מיט דעם „קלענערן בייז", מיט די פּילסודסקי־רעגירונגען, וועלכע מ׳דאַרף אונטערשטיצן קעגן די ענדעקישע אַנטיסעמיטן.

די ציוניסטן פון ביידע שיטות האָט פּאַראייניקט דער ציוניסטישער אידעאַל, וואָס האָט בכלל געהאַלטן, אַז אין גלות קאָן נישט פאַרענטפערט ווערן די יידן־פראַגע און מ׳דאַרף גלייכצייטיק אויספועלן ביי דער ענגלישער רעגירונג, זי זאָל וואָס מער פּוילישע יידן אַריינלאָזן קיין ארץ־ישראל. דער ציוניסטישער אידעאַל, ווי אַמאָל דער משיח־גלויבן, איז טאַקע געווען אַ דערמוטנדיקער פאַקטאָר אין דעם דאַמאָלסטיקן שווערן געראַנגל פאַר יידישן קיום.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט אין יידישן בירגערטום אין וואַרשע און לאָדזש באַקומען די אויבערהאַנט די שיטה פון צופּאַסן זיך צו דער רעגירונגס־מאַכט, הגם איר אַנטיסעמיטישער פּרצוף, איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ בולטער. די דאָזיקע צופּאַסונגס־פּאָליטיק האָט איר העכסטן אויסדרוק באַקומען אין דער פּאָליטישער טעטיקייט פון דער „פאָלקס־פּאַרטיי", און פון דער „אגודה", וועלכע האָט אין לאָדזש געהאַט איר אָרגאַניזאַציאָנעלן כוח אונטער דער אָנפירונג פון לייבל מינצבערג — אַ ייד מיט דעם פאַרמעסט און לעבנס־אַנשויאונגען פון אַ פאַרצייטישן תקיף, וועלכער האָט זיין גאַנצן פּאָליטישן כוח און תקיפות געשטיצט אויף דער מאַכט פון דער פּילסודסקי־רעגירונג און נאָך פּילסודסקיס טויט — אויף דער מאַכט פון דער „אָזאָנישער" פאַשיזירנדער רעגירונג.

## ב. לייבל מינצבערג, דער „הויף־ייד" פון דער פּוילישער רעגירונג און זיין ווירקונג אויפן לאָדזשער יידנטום

אין יאָר 1930 — 4 יאָר נאָך דער פּילסודסקי־איבערקערעניש, האָט דער פּילסודסקי־לאַגער, די אַזוי גערופענע „סאַנאַציע"* אָפּגעהאַלטן אין לאָדזש אַ גלענצנדן נצחון בעת די סיים־וואַלן און באַקומען 4 דעפּוטאַטן פון 7, וואָס דער לאָדזשער קרייז האָט געוויילט. הגם, עס איז שוין געווען קלאָר דער רעאַקציאָנערער־יידנפיינטלעכער כאַראַקטער פון פּילסודסקי־לאַגער, האָט עס נישט געשטערט דער „אגודה" צו שליסן אַ בלאָק מיט דער „סאַנאַציע" דורך אַ פאַרבינדונגס ליסטע און דער פירער פון דער אָרטאָדאָקסישער „אגודה"

---

* סאַנאַציע פון פּוילישן וואָרט „סאַנאַוואַטש" רעגולירן, מענטשן וואָס שטעלן איין אַ סדר. די לאָזונג פון איינשטעלן אַ סדר האָבן פּראָקלאַמירט פּילסודסקיס אָנהענגער, ווען זיי זענען געקומען צו דער מאַכט, נאָך דער פּילסודסקי־איבערקערעניש, אין מאַי 1926. מיט דעם נאָמען „סאַנאַציע" האָט זיך גערופן די רעגירונגס־פּאַרטיי.

לייבל מינצבערג — איז דורכגעגאַנגען אַלס סיים־דעפּוטאַט אויף דער מלוכה־ליסטע פון דער „סאַנאַציע".[33]

אַלס באַלוינונג פאַר מיטאַרבעטן מיטן רעגירונגס־לאַגער, האָט די „אגודה" באַקומען די שליטה איבער די קהילות אין פּוילן. מיטן כוח פון לאָדזשער סטאַראַסטע איז מינצבערג געוואָרן דער פּרעזעס פון דער לאָדזשער קהילה. ביי די קהילה־וואַלן אין מאַי 1931 האָט די „אגודהשע" ליסטע שוין באַקומען אַן איבערוויגנדע מערהייט שטימען — 8,467 און 15 מאַנדאַטן און די ציוניסטישע ליסטעס נאָר 2,560 און 4 מאַנדאַטן. אויך די ציוניסטישע האַנטווערקער צוזאַמען מיט „מזרחי", האָבן געליטן אַ מפּלה און באַקומען נאָר 1 מאַנדאַט. די רעשט ליסטעס האָבן באַקומען צו איינעם אָדער צוויי פאַרשטייער. אויף דער ציוניסטישער ליסטע איז אויסגעוויילט געוואָרן אויך מרדכי חיים רומקאָווסקי. די ייִדישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן צוליב פּרינציפּיעלע מאָטיוון אין די קהילה־וואַלן זיך נישט באַטייליקט.[34]

אין די דאָזיקע וואַלן צו דער קהילה איז געקומען צום אויסדרוק דער פאַרצווייפלטער מצב פון לאָדזשער בירגערטום, וואָס האָט געקרעכצט אונטער דער לאַסט פון שטייערן, ווירטשאַפטלעכן בויקאָט און דיסקרימינאַציע אין קרעדיט־וועזן.

די ייִדישע קאָאָפּעראַטיווע בענק, וואָס זענען געשטיצט געוואָרן פון „דזשאָינט", האָבן ווייט נישט געקאָנט באַפרידיקן דעם פינאַנסיעלן באַדאַרף פון ייִדישע סוחרים, פאַבריקאַנטן און האַנטווערקער און אין די נישט־ייִדישע בענק האָט מען פאַר ייִדן געמאַכט כלערליי שוועריקייטן. דער פּאַרלאַמענטאַרישער קאַמף האָט אויפגעהערט צו שפּילן וועלכע עס איז ראָל אין פּוילן און דאָס ייִדישע בירגערטום האָט דערזען די איינציקע רעטונג — אין דעם שתדלן.

וועגן דעם דאָזיקן מצב האָט יצחק גרינבוים געשריבן אין זיינס אַן אַרטיקל אין „היינט": „צוזאַמען מיט דער נייער כוואַליע פון אַנטי־ייִדישן טעראָר — הויבט זיך אַלץ העכער און העכער די בלאָטיקע כוואַליע פון אונטערטעניקייט, שיפלות, הכנעה און געשעפטס־מאַכעריי, וואָס האָט זיך באַוויזן מיט איניקע יאָר צוריק.[34א] די דאָזיקע כוואַליע האָט אַמייסטן פאַרפלייצט דאָס ייִדישע בירגערלעכע לאָדזש.

## ג. מרדכי חיים רומקאָווסקי און לייבל מינצבערג

ר' לייבל מינצבערג, ווי מ'האָט אים גערופן אין לאָדזש, איז געוואָרן דער „סאַנאַציע"־ייִד און צו אים האָבן אַרויפגעקוקט די אַלע עסקנים און די ייִדישע בענק, האַנטווערקער־פאַראיינען און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין „טובות" פון רעגירונגס קערפּערשאַפטן.

צווישן די דאָזיקע עסקנים, פאַר וועמען לייבל מינצבערגס טעטיקייט איז געווען אַן אידעאַל, האָט זיך אויך געפונען מרדכי חיים רומקאָווסקי, דער דירעקטאָר און אָנפירער פון אַ יתומים־הויז אין העלענוווּעק, אַ דאַטשע־אָרט אונטער לאָדזש.[35] דאָרט אין העלענוווּעק איז אין די דרייסיקער יאָרן געווען רומקאָווסקיס אומבאַגרענעצטע „מלוכה״.

*

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט די פאַרשידענע קלאַנגען, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען וועגן רומקאָווסקיס טעטיקייט אין העלענוווּעק, וועגן מעשים־תעתועים מיט יתומות *. וועגן די דאָזיקע ענינים זענען נישט פאַראַנען קיין שום דאָקומענטן, אויף וועלכע אַ היסטאָריקער זאָל זיך קאָנען סומך זיין. מיר ווייסן נאָר פון רומקאָווסקיס געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין פעריאָד פון די דרייסיקער יאָרן און שפּעטער ביז די דייטשן האָבן דורכגעפירט די ענד־גילטיקע אויסראָטונג פון די לאָדזשער יידן.

אין די דרייסיקער יאָרן איז רומקאָווסקי געווען אַ מיטגליד אין ציוניסטישן „וועד־עירוני״ (שטאָטישער קאָמיטעט) און דאָרט צוזאַמען מיט די האַנטווערקער־טוער: ראובן האַפּמאַן, ב. פּרווינד און אסענדאָווסקי געבילדעט די אָפּאָזיציע וואָס האָט געקעמפט פאַר שלום מאַכן מיט דעם רעגירונגס־לאַגער. רומקאָווסקי האָט געוואָלט, אַז די לאָדזשער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זאָל גיין אין די דרכים פון לייבל מינצבערג און אַזוי אַרום באַקומען אַן אָנזען ביי דער „סאַנאַציע, וואָס עס וואָלט, לויט דער מיינונג פון דער אָפּאָזיציע, פיל געהאָלפן דער ציוניסטישער באַוועגונג.

די אגודהשע מערהייט אין דער קהילה האָט אָפּגעוואָרפן די ציוניסטישע רעזאָלוציעס, די פאָרשלאָגן וועגן סובסידיעס און שטיצע פאַר די ציוניסטישע פאָנדן און אַנשטאַלטן. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דעריבער צוריקגעצויגן אירע פאָרשטייער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. דער איינציקער, וואָס האָט זיך אויסגעבראָכן פון דעם דאָזיקן באַשלוס איז געווען מרדכי חיים רומקאָווסקי.[36]

מרדכי חיים רומקאָווסקי איז שוין דאַמלס געהאַט ווייט אַוועק אין זיין חנפהנען זיך צו דער פּוילישער רעגירונג. ער איז געוואָרן אַ „פייערדיקער״ פּוילישער פּאַטריאָט און אין זיינע רעדעס אויף די זיצונגען פון דער קהילה, האָט

---

* וועגן רומקאָווסקיס טעטיקייט אין בית יתומים אין העלענוווּעק זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע קלאַנגען. אַ דערציער פון רומקאָווסקיס בית יתומים איז געקומען אין די רעדאַקציעס פון לאָדזשער צייטונגען און דערציילט וועגן מעשים תעתועים, וואָס רומקאָווסקי באַגייט דאָרט מיט די יתומות. אָבער קיין שום רעדאַקציע האָט זיך נישט געוואָלט מיט דעם ענין פאַרנעמען, ווייל עס האָבן געפעלט עדות, וואָס זאָלן באַשטעטיקן די באַשולדיקונגען. דער זעלבער דערציער האָט אויך אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור, אָבער צו קיין פראָצעס איז נישט געקומען.

ער געפּרווט איבערליציטירן מינצבערגן אין חניפה־רייד צו דער פּוילישער רעגירונג. רומקאָווסקי האָט זיך אויך באַטייליקט אין פּוילישע נאַציאָנאַליסטישע מאַניפעסטאַציעס און טראָץ די אויפפאָדערונגען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט ער זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון דער אַגודהשער קהילה־ פאַרוואַלטונג. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען און דערקלערונגען האָט אים די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אויסגעשלאָסן פון אירע רייען.[37] אָבער רומקאָווסקי האָט דאָרט איבערגעלאָזט אַ באַדייטנדע צאָל אָנהענגער פון מיטאַרבעטן מיט דער סאַנאַציע־רעגירונג. מיט דעם פאַרערגערן זיך פון ווירטשאפטלעכן מצב פון דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג, איז געוואַקסן זייער איינפלוס און לסוף האָבן זיי באַהערשט די ציוניסטישע האַנטווערקער און סוחרים־פאַריינען.

אויך רומקאָווסקי איז, ווייזט אויס שפּעטער צוריק אַריינגענומען געוואָרן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין אַפּריל 1939, פינף חדשים פאַר מלחמה־אויסברוך, האָט מרדכי חיים רומקאָווסקי ווידער זיך באַוויזן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש, וווּ ער האָט פאַרטיידיקט זיין שטאַנדפּונקט פון נישט אַרויסטרעטן פון דער קהילה. צווישן דעם ניי־געוועלטן „וועד העירוני״ (שטאָטישער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע) פיגורירט נישט דער נאָמען רומקאָווסקי. אין „וועד עירוני״ איז אַריין חייםווידאָווסקי, וועלכער האָט אין געטאָ פאַרענדיקט זיין לעבן ווי אַ קדוש.[38]

אויך אין דער אָנפירונג פון „בית יתומים״ אין העלענוווּעק, אונטער לאָדזש, וווּ רומקאָווסקי איז געווען דער פּרעזעס און פאַקטישער בעל־בית, איז אין יאָר 1938, פאָרגעקומען אַן ענדערונג, צוליב וועלכער רומקאָווסקי האָט לחלוטין פאַרלוירן זיין השפּעה אין דעם אַנשטאַלט.

אין „דער טאָג״* פון 8־טן דעצעמבער 1938 ווערט באַריכטעט פון אַ פּרעסע־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין העלענוווּעק: „אַ גרופּע יונגע מענטשן מיט ה׳ שטילערמאַן בראש״ האָט זיך פאַרנומען מיט אַרויסראַטעווען דעם „בית יתומים״ פון פינאַנסיעלן קריזיס. פּרעזעס פּנחס גערשאָווסקי, אַ לאָדזשער פאַבריקאַנט, האָט געפירט די פּרעסע־קאָנפערענץ. רומקאָווסקיס נאָמען ווערט נישט דערמאָנט.[39]

---

* צוליב דער אָפּאָזיציאָנעלער שטעלונג צו דער יידנפיינטלעכער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, איז דורך דער מאַכט געשלאָסן געוואָרן די צייטונג „היינט״, אויף איר אָרט ביי דעם זעלבן רעדאַקציע־צוזאַמענשטעל איז דערשינען „דער טאָג״.

## ד. די „הויף־יידן״ און זייער שתדלנות־פּאָליטיק

די הויף־יידן האָבן מיט זייער שתדלנות־פּאָליטיק ווייניק וואָס געקענט ענדערן דעם שווערן מצב פֿון דער לאָדזשער יידישער באַפֿעלקערונג. דער רעגירונגס־לאַגער, די אַזוי גערופֿענע „סאַנאַציע״, וואָס האָט שפּעטער געביטן איר נאָמען אויף „אָזאָן״,* איז וואָס ווייטער אַלץ מער געוואָרן אָפֿן פֿאַשיסטיש און יידן־פֿיינטלעך. די אָפּאָזיציע קעגן דער רעגירונג, וואָס האָט זיך געשאַפֿן אין סיים, איז דערשטיקט געוואָרן מיט די מיטלען, וואָס דער אויפֿשטייענדיקער פּוילישער פֿאַשיזם האָט „אַדאָפּטירט״ פֿון שכנותדיקן נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן דייטשלאַנד: אַרעסטן, פּייניקונגס־לאַגערן, געריכטס־אורטיילן פֿון לאַנגע יאָרן תּפֿיסה. נישט בלויז פֿאַר קאָמוניסטן, נאָר אויך פֿאַר מעסיקע פּאָליטיקער פֿון פּ. פּ. ס. און פֿויערים־פּאַרטיי. ביי אזא טעראָר און דורך אויסנוצן אַ פּאַרלאַמענטאַריש־שפּיצל, איז דעם 28־טן יאַנואַר 1934, אָנגענומען געוואָרן דאָס געזעץ פֿון אַ נייער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט פֿאַקטיש מבטל געמאַכט דעם פּאַרלאַמענטאַריזם אין פּוילן. אין דערזעלבער צייט האָט די פּילסודסקי־רעגירונג געשלאָסן אויף צען יאָר אַ נישט אָנגריפֿס־אָפּמאַך מיט היטלער־דייטשלאַנד. א[39]

די וואַלן צום סיים, לויט דער נייער קאָנסטיטוציע, וואָס זענען פֿאָרגעקומען דעם 8־טן סעפּטעמבער 1935 זענען בויקאָטירט געוואָרן דורך די פּוילישע און יידישע אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען און אויך דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פֿון פּוילן. אין די וואַלן האָבן זיך אָבער באַטייליקט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פֿון גאַליציע און די ציוניסטישע פֿראַקציע „עת לבנות״.[40]

פֿון דער „אגודה״ פֿון לאָדזש איז אויף דער רעגירונגס־ליסטע דורכגעגאַנגען לייבל מינצבערג. אויך די ציוניסטישע קאַנדידאַטן, וואָס זענען אויסגעווילט געוואָרן אין נייעם סיים, האָבן לויט דער נייער וואַל־אָרדינאַציע געקאָנט דורכגיין נאָר מיט די שטימען פֿון רעגירונגס־לאגער, דערפֿאַר האָבן די גאַליציאַנער ציוניסטן און אגודה־טוער גערופֿן די יידישע באַפֿעלקערונג אָפּצוגעבן זייערע שטימען פֿאַר די קאַנדידאַטן פֿון דער רעגירונגס־פּאַרטיי, דאָרט ווו עס זענען נישט אַרויסגעשטעלט געוואָרן קיין יידישע קאַנדידאַטן

אין לאָדזש זענען בעת די סיים־וואַלן פֿאָרגעקומען בלוטיקע אָנפֿאַלן אויף יידן און יידישע קראָמען. עס איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן די אַנטייידישע העצע.[41]

---

* אָזאָן — „אָבוז זיעדנאָטשעניאַ נאַראָדאָוועגאָ״ („לאַגער פֿון נאַציאָנאַלער פֿאַראייניקונג״). דער דאָזיקער נאָמען, וואָס דער רעגירונגס־לאָגער האָט אָנגענומען נאָך פּילסודסקיס טויט האָט געדאַרפֿט זיין אַ קאָנקורענץ צום נאַראָדאָוון „ענדעקישן״ לאַגער, וואָס האָט געביטן זיין נאָמען אויף „אָבוויעפּאָל״ — „אָבוז וויעלקיעי פּאָלסקי״ („לאַגער פֿון גרויס פּוילן״).

אין דעם נייעם סיים האָבן יידן נישט געהאַט קיין איין אויפריכטיקן פריינט. דער ווייט גרעסטער רוב פון די פוילישע דעפּוטאַטן זענען געווען פאַרביסענע יידן־שונאים, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זייערע גיפטיקע רעדעס קעגן יידן. לייבל מינצבערג, דער לאָדזשער „יידישער״ דעפּוטאַט. האָט אין סיים געהאַלטן רעדעס פול מיט חניפה צום פוילישן פאָלק און זיין רעגירונג. זיינע רעדעס, וואָס זענען דורך שרייבער ספּעציאַליסטן צוגעגרייט געוואָרן אין די ביוראָען פון דער לאָדזשער קהילה־פאַרוואַלטונג — זענען פאַרטרונקען געוואָרן אין דעם אַנטיסעמיטיש־העצערישן ווערטער־מבול, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער פוילישער סיים־טריבונע. עס איז געווען דער פּעריאָד פון דער אַנטי־שחיטה־קאַמפּאַניע, פּאָגראָמען, רוצחישע אָנפאַלן אויף יידן אין שטעט און שטעטלעך און אין די אוניווערזיטעטן.[42]

אין סיים האָט דער „פאַרטרעטער״ פון לאָדזשער יידנטום צוזאַמען מיט די עטלעכע דעפּוטאַטן, וואָס האָבן געהערט צום יידישן „קאָלאָ״ געדעקט די מעשים פון דער „סאַנאַציע״ און „אָזאָן״.

די יידנפיינטלעכע „אָזאָן״־רעגירונג, וועלכע האָט אין פרילינג 1938 דערקלערט יידן פאַר פרעמדע, וואָס מוזן אָפּגעבן פאַלאַקן די ווירטשאפטלעכע פּאָזיציעס און פאַרלאָזן פוילן, — האָט געוווסט ווי אָפּצושאַצן לייבל מינצבערגס טעטיקייט און דעם הויף־ייד באַלוינט מיט אַ גאָלדענעם פאַרדינסט־קרייץ.[43] אַזוי אַרום האָט די יודענראַטלערישע טעטיקייט זיך אָנגעהויבן אין לאָדזש נאָך פול פריער איידער רומקאָווסקי איז געוואָרן דער אויספירער פון די דייטשע יידן־אויסראָטונגס־גזירות.

## ה. דער אויסזיכטלאָזער קאַמף פון די לאָדזשער יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן קעגן די פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישע רעגירונגען

דער איינציקער שיכט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש, וואָס האָט געפירט אַן אָפענעם פּאָליטישן קאַמף קעגן דער פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישער „אָזאָן״־רעגירונג איז געווען דער אַרבעטנדיקער טייל, זיינע פאַרטייען — בונד און לינקע פועלי ציון האָבן אָרגאַניזירט פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, מיטינגען און פּראָטעסט־שטרייקן קעגן די אָנפאַלן אויף יידן, קעגן דער יידנפיינטלעכער פּאָליטיק פון דער רעגירונג.

די אַרבעטער־פאַרטייען האָבן אין דער דאָזיקער שווערער און פאַראַנט־וואָרטלעכער צייט פון יידישן גערעַנגעל פאַרן קיום, אַרויסגעוויזן אויסער־געוויינלעכן מוט, דרייסטקייט און אחריות אין פּאָליטישן קאַמף קעגן דער פאַשיס־טיש־אַנטיסעמיטישער רעגירונג.[44] אָבער אַ חוץ דעם בונד און די לינקע פועלי־ציון האָבן אין דעם אָפענעם פּאָליטישן קאַמף זיך אויך באַטייליקט יענע

טיילן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָבן געהאַט אַ דעמאָקראַטישע איינשטעלונג. אויך די יידישע קאָמוניסטן האָבן אויף זייער שטייגער אונטער־געהאַלטן דעם קאַמף פאַר די רעכט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די יידישע סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע ריכטונגען זענען אָבער אין זייער קאַמף קעגן יידן־שנאה געבליבן פאַראיינזאַמט. זיי האָבן נישט געהאַט קיין פאַרבינדעטע אין פוילישן אַרבעטער־קלאַס, וועלכער איז, וואָס ווייטער אַלץ מער דורכגעפרעסן געוואָרן פון יידן־שנאה. דער בונד איז דעריבער גע־צוווּנגען געווען צו אָרגאַניזירן „יידישע" פּאָליטישע שטרייקן אַלס פּראָטעסט קעגן פּאָגראָמען און אַנטיסעמיטיזם אין די אוניווערזיטעטן.

צוויי האַלבטאָגיקע שטרייקן אַזעלכע זענען פאָרגעקומען, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט לאָדזשער יידישע אַרבעטער: דעם 17־טן מערץ 1936 — קעגן פּאָגראָם אויפן שטעטל פּשיטיק און דעם 19־טן אָקטאָבער 1937 — קעגן די געטאָ־בענק פאַר יידישע סטודענטן אין די פּוילישע אוניווערזיטעטן.

לויט דעם באַריכט, וואָס עס האָט פאַרעפנטלעכט י. ש. הערץ אין זיין „געשיכטע פון בונד אין לאָדזש", „האָבן דעם 17־טן מערץ 1936 געשטרייקט אַלע אָן אויסנאָם יידישע אַרבעטער אין לאָדזש און אויך טויזנטער פּוילישע אַרבעטער, אין אַלע פאַבריקן, ווו עס אַרבעטן יידישע און פּוילישע אַרבעטער זענען צום שטרייק צוגעשטאַנען אַלע פּוילישע אַרבעטער — — — אין אַלע אַנדערע פאַבריקן, ווו עס אַרבעטן נאָר פּוילישע אַרבעטער זענען אויף מאַסוווּקעס אָנגענומען געוואָרן סאָלידאַריטעט־רעזאָלוציעס מיטן שטרייק פון די יידישע אַרבעטער.[45]

דער דאָזיקער באַריכט וועגן שטרייקן פון די יידישע אַרבעטער און סאָלידאַריטעטס רעזאָלוציעס פון „צענדליקער טויזנטער אַרבעטער", וואָס עס ברענגט י. ש. הערץ אין זיין בוך איז אַ ציטאַט פון אַ „טעלעפאָנישן באַריכט צום בונדישן אָרגאַן" — (פאָלקסצייטונג"). נאָר ווי עס ווייזט אויס, איז דער טעלעפאָנאָגראַם פון לאָדזשער קאָרעספּאָנדענט פון דער „פאָלקסצייטונג" געגעבן געוואָרן אויף דער הייסער מינוט און עס איז קענטיק זיין גוזמאדיקער אַגיטאַציע־כאַראַקטער. אין די פאַבריקן, ווו עס זענען געווען באַשעפטיקט יידישע און פּוילישע אַרבעטער, קלענערע טעקסטיל־פאַבריקן, מיינסטנס וועבערייען פון יידישע פאַבריקאַנטן, האָבן די פּוילישע אַרבעטער נישט געוואָלט זיין קיין שטרייקברעכער, בפרט, ווען די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן געצאָלט פאַר דער איבערגעריסענער אַרבעטסצייט. אָבער די סאָציאַליסטישע רעזאָלוציעס פון „צענדליקער טויזנטער פּוילישע אַרבעטער", מוזן געשטעלט ווערן אונטער אַ פראַגעצייכן. עפּעס וועגן דעם האָט דאָך אויך געדאַרפט שרייבן דער אָרגאַן פון פּ. פּ. ס. — „ראָבאָטניק". פאַרוואָס האָט י. ש. הערץ נישט געבראַכט דעם באַריכט פון דער פּוילישער קוועלע? אויך די ווייטערדיקע געשעענישן אין זעלבן יאָר

1936, סך הכל מיט עטלעכע חדשים שפּעטער ווייזן גאָר עפּעס אַנדערש, נעמלעך: צוליב די אַנטיסעמיטישע נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען ביי די פּוילישע אַרבעטער, האָט די פּ.פּ.ס. אין לאָדזש, ווי שוין דערמאָנט אויבן, מורא געהאַט צו גיין אין אַ בלאָק מיטן בונד צו די שטאָט־ראַט־וואַלן און אַפילו געפאָדערט, אַז דער יידישער אַרבעטער־בלאָק פון בונד, לינקע פּועלי ציון און יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן — זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין וואַל־קאַמפּאַניע צו דעם שטאָט־ראַט, כדי מיט דער יידישער קאַנדידאַטן־ליסטע נישט צו רייצן די פּוילישע אַרבעטער.[46]

וועגן האַלבטאָגיקן שטרייק דעם 19־טן אָקטאָבער 1937 קעגן די געטאָ־בענק פאַר יידישע סטודענטן אין די אוניווערזיטעטן, האָט י. ש. הערץ שוין נישט געשריבן אַזוי אָפּטימיסטיש: „דער שטרייק אויף דער יידישער גאַס איז געווען אַ פולשטענדיקער, די יידישע אַרבעטער זענען נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, די געשעפטן זענען געווען געשלאָסן, דער שטרייק האָט אויך אַרומגענומען פאַבריקן, וווּ יידישע און פּוילישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט צוזאַמען. אין טייל פאַבריקן זענען פאָרגעקומען פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען מיטן אָנטייל פון פּוילישע אַרבעטער. 11 פאַרמיטאָג האָט אויף עק זאַכאָדניאַ און שרודמיעיסקאַ זיך פאַרמירט אַ דעמאָנסטראַציע פון יידישע אַרבעטער.[47] אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דעם 14־טן יוני 1934 גערופן צו אַ שטרייק, אויף 6 פאַרנאַכט, אַלס פּראָטעסט קעגן די עליה־באַגרענעצונגען פון דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט.[47א]

אַ חוץ די פּאָליטישע שטרייקן, האָט דער בונד, צוזאַמען מיט לינקע פּועלי ציון און פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן, געפּרוווט אָרגאַניזירן אַרבעטער־קאָנגרעסן צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און רעאַקציע. דער ערשטער פּרוּוו איז געמאַכט געוואָרן אין 1936, בעת די פּאָגראָם געשעענישן אין שטעטל פּשיטיק. צום צווייטן מאָל האָט זיך געגרייט אַזאַ יידישער אַרבעטער־קאָנגרעס אין אויגוסט 1938, נאָך דער „אָזאָן"־דעקלאַראַציע, וואָס האָט דערקלערט יידן אַלס פּרעמדע. אין דיביידע אַקציעס האָבן די לאָדזשער יידישער אַרבעטער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די צוגרייטונגען צו די קאָנגרעסן, וועלכע זענען צוליבן פאַרבאָט פון דער רעגירונג — נישט פאָרגעקומען.[48]

אויך די יידישע דעמאָקראַטיש־געשטימטע בירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען, ביי דער אַקטיווער מיטבאַטייליקונג פון הלל צייטלין און אַנדערע וואָרט־פירער פון יידישן בירגערטום, האָבן אין יאָר 1938 געגרייט אַ קאָנגרעס, אַן אַלגעמיין יידישן, צו באַטראַכטן דעם מצב פון יידן אין פּוילן. לויט אַ באַריכט אין „היינט", האָבן „די לאָדזשער יידישע האַנטווערקער באַשלאָסן זיך צו באַטייליקן אין אַזאַ קאָנגרעס", די רעגירונג האָט אויך דעם קאָנגרעס פאַרבאָטן.[49]

די פּראָטעסט־שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס און די צוגרייטונגען צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן כוח קעגן אַנטיסעמיטיזם פון דער „אָזאָן"־רעגירונג, האָבן

נישט געווירקט אויף דער מיליטערישער קליקע (פולקאָווניקעס) וועלכע האָבן רעגירט מיט פוילן. דער רעגירונגס־לאַגער איז געגאַנגען אויף דער ליניע פון דייטשן פאַשיזם. דער מצב פון די יידן אין פוילן האָט זיך כסדר פאַרערגערט. עס האָבן זיך געשטאַרקט די רעפּרעסיעס קעגן די יידישע ארבעטער־פּאַרטייען און קעגן דער דעמאָקראַטיש־ציוניסטישער גרופּירונג. די בונדישע „פאָלקסצייטונג" און „אַרבעטער־צייטונג" פון די לינקע פועלי ציון זענען כסדר קאָנפיסקירט געוואָרן. עפּעס אַזעלכעס איז געשען אויך מיט דעם בירגערלעכן „היינט", וועלכער איז אין מיטן 1938 פאַרמאַכט געוואָרן און אויף זיין אָרט האָט אָנגעהויבן צו דער־שיינען „דער טאָג". לאָדזשער אָנפירער פון די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען און פון יידישע קאָמוניסטן: אפרים לוזער זעלמאַנאָוויטש (בונד), מיטעק (חיים) בראַנט (לינקע פועלי ציון) און ד"ר וואָלף אייכנער (קאָמוניסטן) אאנ"ד זענען געוואָרן אַרעסטירט און איינגעזעצט אין אַ פּוילישן פייניקונגס־לאַגער, דער ערשטער לאַגער פון דעם מין אויף דער פּוילישער ערד, וואָס די רעגירונג האָט אויפגעשטעלט אין קאַרטוז־בערעזע.[50]

די „אָזאָן"־רעגירונג האָט אירע קעגנער באַקעמפט אויף דעם זעלבן אופן און מיט ענלעכע מיטלען ווי אין שכנותדיקן, פאַשיסטישן, נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן דייטשלאַנד.

## ו. „אָזאָן" דערקלערט יידן פאַר פרעמדע, וואָס מוזן פאַרלאָזן פוילן

די פּאָליטיק פון הכנעהדיקער קריכערישקייט לגבי דער פּוילישער רעגירונג, וואָס עס האָבן געפירט די פּאַרטייען — אגודה, פאָלקס־פּאַרטיי און די רעכטע ציוניסטישע גרופּירונגען — האָט נישט געווירקט אויף דעם רעגי־רונגס־לאַגער — „אָזאָן", ער זאָל ענדערן זיין באַציאונג צו יידן;[51] פאַרקערט: דער סיים און די רעגירונג האָבן זיך פאַרמאָסטן עוקר מן השורש צו זיין די יידן. אין חודש מערץ 1938 האָט דער פּוילישער סיים אָנגענומען דאָס אַנטי־שחיטה־געזעץ, וואָס עס האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג: רבנים האָבן גוזר תענית געווען, די שתדלנים זענען געלאָפן צו די מאַכטהאָבער אָפּצו־שרייען די גזירה.[52]

אין חודש מאַי 1938 האָט דער הויפּט ראַט פון „אָזאָן" אָנגענומען אַ רע־זאָלוציע פון 13 פּונקטן, 12 פּונקטן זענען געווען וועגן יידן און האָבן אויפגע־שטעלט אַזאַ פּראָגראַם, צו לייזן די יידן־פראַגע: דורך עמיגראַציע פאַרקלענערן די צאָל פון יידן אין דער פּוילישער מלוכה, דער גרויסער אָנטייל פון יידן אין איניקע פּראָפעסיעס דאַרף רעדוצירט ווערן דורך איינפירן אַלגעמיינע יורידישע פאַרשריפטן, וואָס זאָל געבן די מעגלעכקייט פון סעלעקציע פונעם שטאַנדפּונקט

פון די מלוכהשע אינטערעסן; באַזייטיקן יידן פון טעאַטער, מוזיק, פּרעסע, פאַר־לאַג־וועזן, פּלאַסטישע קונסט, קינאָ, ראַדיאָ און שול־וועזן. לסוף שטעלט פעסט די „אָזאָן"־רעזאָלוציע: „די נאַציאָנאַלע אַסימילאַציע פון יידן איז נישט קיין ציל און אויפגאַבע פון דער פוילישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק".[53]

די דאָזיקע אַלע עכט־היטלערישע, אַנטי־יידישע גזירות האָט געדאַרפט פאַרווירקלעכן דער ניי־געווײילטער סיים, דער פאָריקער סיים איז דורכן פּרעזידענט מאָשטשיצקי פאַנאַנדערגעלאָזט געוואָרן. אין וואַל־אויפרוף פון „אָזאָן", וואָס האָט זיך באַוויזן אין חודש אָקטאָבער 1938, האָט זיך שוין קלאָר גערעדט: „יידן זענען שונאים פון פוילן און זיי מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד", דער האַנדל און מלאָכה מוז זיך געפינען אין נאַציאָנאַלע הענט, די שטעט און שטעטלעך מוזן ווערן פאַרפּוילישט.[54]

טראָץ דעם דאָזיקן עכט־היטלערישן יידן־פּראָגראַם פון „אָזאָן" האָבן די „הויף־יידן" נישט געביטן זייער פּאָליטיק. די פוילישע רעגירונג האָט זיך נאָך געניטיקט אין די דאָזיקע „הויף־יידן" און דערלאָזט, אַז איניקע פון זיי זאָלן „אויסגעווײילט" ווערן אַלס דעפּוטאַטן אינעם נייעם סיים, וואָס האָט געדאַרפט דורכפירן די 13 פּונקטן פון „אָזאָנישן" יידן־פּראָגראַם. די יידישע פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די וואַלן: „אגודה", „מזרחי" און די גאַליציאַנער ציוניסטן — האָבן דערפאַר גערופן די יידישע באַפעלקערונג אָפּצוגעבן זייערע שטימען פאַר „אָזאָן"־קאַנדידאַטן אין יענע ראַיאָנען, ווו עס ווערן נישט אַרויסגעשטעלט קיין יידישע קאַנדידאַטן.[55]

אין רעזולטאַט פון דאָזיקן וואַל־„שותפות" זענען בעת די סיים־וואַלן, דעם 7־טן נאָוועמבער 1938, אויסגעווײילט געוואָרן פאָלגנדע יידישע דעפּוטאַטן: ד"ר זאָמערשטיין, אַדוו. ווײַדמאַן, ד"ר שוואַרצבאַרד, טראָקנהיים און פון לאָדזש איז דורכגעגאַנגען אויף דער ליסטע פון די „אָזאָן"־קאַנדידאַטן — לייבל מינצבערג.[56] אין זעלבן חודש נאָוועמבער האָט דער אינערן־מיניסטער פון דער פוילישער רעגירונג סלאַוואָי סקלאַדקאָווסקי באַערט לייב מינצבערג מיט אַ גאָלדענעם פאַרדינסט־קרייץ.[57]

דעם 3־טן דעצעמבער 1938 איז פאָרגעקומען די דערעפענונגס־זיצונג פון ניי־געווײילטן פוילישן סיים. גען. סקלאַדקאָווסקי, דער שעף פון „אָזאָן", האָט געהאַלטן אַ פּראָגראַם־רעדע פול מיט גיפטיקע אָנפאַלן אויף יידן. ער האָט איבערגעחזרט דאָס „אָזאָנישע" פּראָגראַם: „די שטעט און שטעטלעך מוזן באַפרייט ווערן פון יידן, כדי צו מאַכן אָרט פאַר די פּאָליאַקן".[58]

## ז. דאָס פאַרברענען די סינאַגאָגעס, פּאָגראָמען, גירוש פון יידן אין היטלער־דייטשלאַנד און די אָפּווירקונג אין לאָדזש

אין דער זעלבער צייט, ווען דער פּויליש־פאַשיסטישער לאַגער, אין אַלע זיינע שאַטירונגען — „אָזאָן", ענדעקעס — ביי דער סימפּאַטיע פון דער איבער־וויגנדער מערהייט פון פּוילישן פאָלק, מיטן אויסנאַם פון סאָציאַליסטישן טייל — האָבן געגרייט אַ מאַסן־אויסראָטונג פון פּוילישע יידן, האָט דערווייל דאָס היטלעריזירטע דייטשלאַנד פאַרכאַפּט נייע טעריטאָריעס אין אייראָפּע. אין מערץ 1938 האָט דייטש מיליטער פאַרנומען עסטרייך, אין סעפּטעמבער — די סודעטן. טשעכאָסלאָוואַקיע איז געוואָרן באַהערשט דורך היטלער־דייטשלאַנד נאָך פאַר דער ענדגילטיקער אַנעקסיע.[59]

די דאָזיקע נצחונות פון היטלער־דייטשלאַנד זענען באַגלייט געוואָרן מיט נייע אכזריותדיקע מעשים אויף יידן: גירוש, פּאָגראָמען און דאָס אונטער־צינדן די סינאַגאָגעס. באַלד האָט לאָדזש דערזען דאָס דערשרעקנדע צוקונפט־בילד פון דייטשער אכזריות און יידישער פּיין, וואָס וועט סך־הכול מיט אַ יאָר שפּעטער זיך אויסשפּרייטן איבער די יידישע ישובים פון פּוילן.

אין דער נאַכט פון 29־סטן אויפן 30־סטן אָקטאָבער 1938 האָט דאָס היטלעריזירטע דייטשלאַנד דורכגעפירט דעם ערשטן אכזריותדיקן יידן־גירוש. „פון בערלין האָט מען אַרויסגעטריבן 2500 יידן. מ'האָט אַרויסגענומען קראַנקע פון די שפּיטעלער, קינדער פון די שולן, דערציאונגס־ און יתומים־הייזער. מ'האָט זיי עטלעכע שעה געלאָזט שטיין אויף אַן אָפענעם פּלאַץ אין קעלט, הונגער און דורשט. מ'האָט די אַרויסגעטריבענע דערלויבט מיטצונעמען נאָר 10 מאַרק. די אומגליקלעכע האָט מען געפּאַקט אין וואַגאָנעס און צוגעפירט ביז 6 קילאָמעטער פאַר דער פּוילישער גרענעץ און דאַן זיי געטריבן איבער וועלדער און בלאָטעס". די אכזריותדיקע דייטשן האָבן אַפילו נישט צעוויסן געטאָן דער פּוילישער גרענעץ־וואַך, אַז מ'טרייבט צו זיי יידן.[60]

די אַרויסגעטריבענע יידן פון דייטשלאַנד האָבן געשטאַמט פון פּוילן. איבער 3 צענדליק יאָר און מער האָבן זיי געלעבט אין דייטשלאַנד און צוליב פערזענלעכע פאַרנאַכלעסיקונג נישט געזאָרגט פאַר דורכפירן די בירגערשאַפטס־פאָרמאַליטעטן. זיי זענען אַלס „פּוילישע בירגער" „צוגעשטעלט" געוואָרן צו דער פּוילישער גרענעץ. ביי דעם גרענעץ־שטעטל זבאָנשין האָבן זיך אָפּגע־שפּילט שוידערלעכע סצענעס. די פּוילישע גרענעץ־וואַך האָט די יידן געטריבן צוריק קיין דייטשלאַנד און די היטלעריסטן האָבן געטריבן קיין פּוילן.[61] די פּוילישע מאַכט האָט געמוזט אַריינלאָזן אירע יידישע בירגער און האָט זיי אַריינגעזעצט אין לאַגערן אין זבאָנשין.

שפּעטער איז די פּוילישע רעגירונג אַביסל „ווייכער" געוואָרן צו די

אַרויסגעטריבענע יידן; זי האָט געוואָלט אַרויסבאַקומען די פאַרמעגנס וואָס די יידן האָבן איבערגעלאָזט אין דייטשלאַנד. נאָך שטאַרקע באַמיאונגען פון יידישע עסקנים איז געלונגען אַ גרויסן טייל פון די פאַרטריבענע אַרויסצונעמען פון די לאַגערן. אַ באַדייטנדע צאָל איז געקומען קיין לאָדזש.[62] עס זענען גע־קומען דערשלאָגענע, מאָראַליש־צעבראָכענע, מוטלאָזע יידן, וואָס זענען איבער־נאַכט געוואָרן היימלאָזע אָרעמעלייט, באַרויבט פון זייער פּערזענלעכן באַזיץ, פון אַ דאַך איבערן קאָפּ, אויסגעשטעלט אויף הונגער, קעלט און קראַנקהייטן און אָנגעוויזן אויפן חסד פון זייערע ברידער, די פּוילישע יידן, וואָס זענען אַליין געשטאַנען ערב אַ קאַטאַסטראָפאַלער דערשיטערונג.

פונקט ווי שפּעטער אין געטאָ־ליטצמאַנשטאָט, האָבן לאָדזשער יידן אויך בעת דעם ערשטן גירוש פון דייטשלאַנד, אויפגענומען די פאַרטריבענע ווי אומגליקלעכע ברידער און זיי געהאָלפן. ווען עס זענען נאָר אָנגעקומען די ערשטע גרופּן פאַרטריבענע קיין זבאָנשין, זענען אין לאָדזש געשאַפן געוואָרן קאָמיטעטן, וואָס האָבן געזאַמלט זאַכן, מעדיקאַמענטן, שפּייז און אַפילו שפּילצייג פאַר קינדער. די געזאַמלטע זאַכן זענען וואַגאָנענווייז אַריבערגעפירט געוואָרן אין די לאַגערן.[63] אין דער הילפס־טעטיקייט האָבן זיך באַטייליקט אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די אַרויסגעטריבענע, וואָס זענען אָנגעקומען קיין לאָדזש, זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין ליידיקע פאַבריקס־בנינים, וואָס האָבן געהערט צו יידישע פאַבריקאַנטן און אין „הויז פון אַרבעט", וואָס די געזעלשאַפט „אָרט" האָט אויפגעשטעלט פאַר אירע פאַבריקס־אונטערנעמונגען. דאָרט איז אויך געעפנט געוואָרן אַ באַשפּייזונגס־פּונקט און פאַך־קורסן פאַר די אַרויסגעטריבענע יידן פון דייטשלאַנד.[63]

אין נאָוועמבער חודש זענען יידן אין פּוילן ווידער אויפגעטרייסלט גע־וואָרן פון אַן אָרגאַניזירטער בלוטיקער הריגה אויף יידן, פון רויבערייען, אונטער־צינדונגען פון סינאַגאָגעס, וואָס צעווילדעוועטע, אויפגעהעצטע המונים האָבן אויסגעפירט אין אַלע דייטשע שטעט, ווו עס זענען געווען יידישע ישובים. דאָס האָבן די דייטשן אויסגענוצט די געלעגנהייט צו מאַכן אַ יידן־שחיטה אין שייכות מיטן אַטענטאַט, וואָס אַ יידישער בחור, גרינשפּאַן, האָט, אויס נקמה פאַר די רציחות אויף יידן, אויסגעפירט אויפן דייטשן פאָרשטייער אין דער שווייץ — פאָן ראַט.[64]

לסוף איז, דעם 30־סטן יאַנואַר 1939, געקומען היטלערס באַקאַנטע רעדע אין „ערשטן גרויסן דייטשן רייכסטאַג", אין וועלכן דער „פירער" האָט אָנגעזאָגט די פאַרניכטונג פון דער יידישער ראַסע. היטלער האָט געזאָגט:

„...איראָפּע קען זיך נישט איינשטילן ביז וואַנען די יידישע פראַגע וועט נישט זיין אויפגעקלערט, און איין זאַך וואָלט איך וועלן אויסדריקן איצט, אין דעם טאָג, וואָס וועט זיך אפשר איינקריצן אין זכרון נישט נאָר ביי אונדז

דייטשן. אויף מיין לעבן בין איך אָפט געווען אַ נביא, און ס׳רוב פלעגט מען מיך אויסלאַכן. אין דער צייט פון מיין קאַמף פאַר מאַכט פלעגט קודם כל דאָס יידישע פאָלק מיט געלעכטער אויפנעמען מיין נביאות, אַז עס וועט קומען דער טאָג, ווען איך וועל אין דייטשלאַנד איבערנעמען די פירערשאַפט פון דער מלוכה און דורך דעם פון גאַנצן פאָלק, און אַז צווישן אַ סך אַנדערע פּראָבלעמען וועל איך דערפירן צו אַ פאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע אויך. איך רעכן, אַז דאָס יידישע געלעכטער פון יענע טעג איז שוין דערשטיקט געוואָרן ביים יידנטום אין האַלדז.״

נאָך דעם אַריינפיר האָט היטלער געמאָלדן דער וועלט:

„היינט וועל איך ווייטער זיין אַ נביא: אויב דאָס אינטערנאַציאָנאַלע פינאַנס־יידנטום אין און מחוץ איירָאָפּע זאָל מצליח זיין און פונדאַסניי אַריינוואַרפן די פעלקער פון דער וועלט אין אַ וועלט־מלחמה, וועט דער סוף זיין נישט די באָלשעוויזירונג פון דער ערד מיט דעם נצחון פון יידנטום, נאָר די פאַרניכטונג פון דער יידישער ראַסע אין איירָאָפּע.״ [65]

די דאָזיקע בלוטדורשטיקע יידנפיינטלעכע רעדע פונעם פירער פון דייטשן פאָלק, איז לײדער, דורך די וועלט־פּאָליטיקער נישט גענומען געוואָרן ערנסט. אָבער די יידן אין לאָדזש, ווי אין גאַנץ פוילן האָבן, נאָך אַלע זייערע איבערלעבונגען אין די לעצטע יאָרן אין פוילן געפילט דאָס אָנקומען פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע פאַרן יידישן פאָלק.

.4

# אויפֿן ראַנד פֿון חורבן און אומקום

## א. ענגלאַנד שטעלט אָפּ יעדע יידישע עליה קיין ארץ־ישראל

אין דער דאָזיקער שווערער צייט, אויפֿן ראַנד פֿון אַ יידישער געשיכט־לעכער תקופֿה, ווען היטלער־דייטשלאַנד האָט אַזוי אכזריותדיק אָנגעזאָגט דעם טראַגישן סוף פֿון דער דאָזיקער עפּאָכע, זענען פֿאַרן יידישן פֿאָלק פֿאַרטונקלט געוואָרן אַלע אידעען און אידעאַלן, וואָס האָבן אין די ערשטע קנאַפּע פֿיר־צענדליק יאָר פֿונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געלויכטן אין זיין געשיכטלעכן גאַנג. די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זענען געווען אוממעכטיק צו קאָנען מאָביליזירן די יידישע מאַסן אין לאָדזש און אין גאַנץ פּוילן, ווי אַמאָל אין פֿעריאָד פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, אין יאָר 1905, צום קאַמף קעגן דער רעאַקציאָנערער מלוכה־מאַכט, וואָס האָט באַדראָט די יידישע עקזיס־טענץ. די זעלבסטשטענדיקע יידישע פּאָליטישע שטרייקן האָבן פֿאַרלוירן יעדע רעאַלע באַדייטונג, ווייל, צוליב דעם אַנטיסעמיטיזם האָבן זיי נישט געהאַט די אונטערשטיצונג פֿונעם אַרבעטער־קלאַס פֿון לאַנד.

דורך די באַמיאונגען פֿון די בונדישע פֿירער זענען דאָך פֿאָרגעקומען אין לאָדזש געמיינזאַמע מיטינגען פֿון בונד מיט פּ.פּ.ס. ביי דער באַטייליקונג פֿון קאָמוניסטן. עס זענען אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס, פֿון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, קעגן אַנטיסעמיטיזם און פֿאַשיזם אין פּוילן.[66] דאָס איז געטאָן געוואָרן דעמאָלט, ווען די רעאַקציאָנערע מלוכה־מאַכט האָט שוין באַדראָט די לעגאַלקייט פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די אָנגענומענע רעזאָלוציעס האָבן, פֿאַרשטענדלעך, נישט געקאָנט לייכטער מאַכן דעם גורל פֿון די יידישע מאַסן אין לאָדזש און מאָביליזירן זיי צום קאַמף קעגן דער אַלץ וואַקסנדער יידן־שנאה.

אויך דער ציוניזם ווי אַ באַוועגונג מיט זיינע פּראַקטישע אויספֿירן פֿון באַזעצן יידן אין ארץ־ישראל, איז ערב דער מלחמה־קאַטאַסטראָפֿע דורכגע־גאַנגען אַ שווערן קריזיס, נאָכדעם, ווי די ענגלישע רעגירונג האָט אין יאָר 1938 אָפּגעוואָרפֿן אַלע פּראָיעקטן פֿון צעטיילן ארץ־ישראל אויף יידישע און אַראַבישע טעריטאָריאַלע שטחים, מיט באַזונדערע אַדמיניסטראַטיווע אָנפֿירונגען, וואָס

וואָלטן געגעבן יידן וויניקסטנס אַ סוראָגאַט פון אַ מלוכה־פאָרם אין ארץ־ישראל — איז אין 18־טן מאַי 1939 געקומען דאָס „ווייסבוך", וואָס האָט אָפּגעשטעלט יעדע לעגאַלע יידישע איינוואַנדערונג אין אויסגעבענקטן לאַנד.[67]

אויך דער דאָזיקער פאַרבאָט פון יידישער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל האָט באַזונדערס שווער געטראָפן דער חלוצישער יוגנט אין לאָדזש, וועלכע איז אין גרויסע מאַסן געווען אויף הכשרה אין דער פאַבריקס־שטאָט. בלויז דער קיבוץ באָראָכאָוו אין לאָדזש האָט געציילט 380 חברים.[68]

פון אַלע זייטן האָבן אָנגערוקט שוואַרצע שאָטנס פון יאוש און פאַרצוייפ־לונג, וואָס האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבערן יידישן לאָדזש. יעדער ייד האָט געפילט, אַז מ׳קייקלט זיך אָן אָן אָפּהאַלט אין אַ פינסטערן תהום. עס טראָגט זיך אָן אַ קאַטאַסטראָפע אויפן יידישן פאָלק און עס איז נישטאָ קיין כוח זיך קעגנצושטעלן דעם אָנקומענדן אומגליק, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט פאָרויסזען אין די אכזריותדיקע פּרטים, אָבער אינסטינקטיוו געפילט זיין אָנקומען.

דאָס דאָזיקע אינסטינקטיווע פילן פון דער אָנקומענדער קאַטאַסטראָפע ביי דער פולשטענדיקער מאַכטלאָזיקייט זיך איר קעגנצושטעלן, איז קלאָר געקומען צום אויסדרוק אין פובליקאַציעס פון יידישע דענקער. אין אַפּריל 1939 איז אין פּאַריז דערשינען אַ זאַמלבוך א.נ. „אויפן שיידוועג", האָט דאָרט גע־שריבן דער היסטאָריקער א. טשעריקאָווער: „אונדזערע יסורים זענען שטאַרקער ווי אַמאָל, מחמת דעם, וואָס מיר זענען געוואָרן שוואַכער, שוואַך אין גייסט, שוואַך אין אינעווייניקסטער דיסציפּלין. אונדזער דור — אַ צעשאָטענע מחנה יידן. ז. קאַלמאַנאָוויטש (אומגעקומען אין ווילנער געטאָ) האָט געשריבן: „קיינמאָל אין דער גאַנצער גלות־געשיכטע איז יידן נישט געווען אַזוי שלעכט ווי אין אונדזער צייט".

אין דעמזעלבן זאַמלבוך איז ציטירט אַ כאַראַקטעריסטישער מאמר פון ציוניסטישן „העולם" נומ׳ 1־2, וואָס איז דערשינען אין ירושלים דעם 6־טן אָקטאָבער. פייגין האָט דאָרט געשריבן: „לאָמיר זיין גרייט צום מיטלאַלטער. מיר דאַרפן זיין גרייט צו שווערע פינצטערע טעג. די וועלט־ציוויליזאַציע האָלט ביים אונטערגיין: ווידער רוקט זיך אָן אויף אונדז דער מיטלאַלטער, אָבער איצט זענען מיר אַזוי נישט געפּעסטיקט ווי דעמאָלט".

„וואָס־זשע דאַרף מען טאָן?" — פרעגט דער ציוניסט ד״ר פייגין און ענטפערט — „מיר דאַרפן נישט פאַרלירן קיין כוחות אויף קאַמף, וואָס וועט נישט געראָטן. אומזיסט איז אונדזער ענערגיע... קיין שום לאַנד מיט מאַכט וועט נישט גיין מלחמה האַלטן פאַר אונדז און מיר אַליין קאָנען קיין מלחמות נישט פירן — דאַרף מען זיך אומקערן צו די מעטאָדן פון מיטלאַלטער, צו שתדלנות.

מיר דאַרפן זיך אומקערן צוריק אין געטאָ אַריין מיטן גוטן ווילן. בעסער איז מיר זאָלן אַליין זיך פאַרקלייבן אין געטאָ איידער מ'זאָל אונדז אַהין פאַריאָגן". [68]

אין פייגינס מאמר, האָבן מיר שוין אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג פאַר דער יודענראַט־טעטיקייט אין די געטאָס, אין וועלכע די דייטשן האָבן מיט אכזריות פאַריאָגט די יידן. דאָס אינסטינקטיווע פילן פון אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס טראָגט זיך איבערן יידישן פאָלק ווי אַ נאַטור־סטיכיע, קעגן וועלכער עס איז נישטאָ קיין רעטונג — האָט אָנגעוואָרפן אַן אַפּאַטיע אויף אַלע שיכטן פון דער לאָדזשער יידי־שער געזעלשאַפט. די אָנוואַקסנדע אַפּאַטיע האָט שפּעטער בעת דער דייטשער אָקופּאַציע זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַראַליזש פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע ווידערשטאַנדס־כוחות, וואָס האָט זיך באַזונדערס שווער אָפּגערופן אין דער הערמעטיש־פאַרמאַכטער לאָדזשער געטאָ.

*

טראָץ די שווערע איבערלעבונגען פון יידן אין לאָדזש אין די דרייסיקער יאָרן, נישט געקוקט אויף די נגישות און פאַרפאָלגונגען, כוליגאַנישע אָנפאַלן און ווירטשאַפטלעכן באָיקאָט — איז דער נאַטירלעכער צוווּקס און די שטערבלעכקייט נישט אַרויס פון די נאָרמאַלע ראַמען. הגם עס איז נישט געווען ווי אין די פאַריקע יאָרן קיין צוואַנדערונג פון יידן פון די קליינע שטעטלעך איז דאָך באַדייטנד געוואַקסן די צאָל יידן אין לאָדזש.

לויט אַן אויפשטעלונג פון עדואַרד ב. ראָסעט, דער לייטער פון סטאַטיס־טישן אַמט אין לאָדזש, איז די נאַטירלעכע באַפעלקערונגס־באַוועגונג פון יידן אין לאָדזש, אין די יאָרן זינט דער צווייטער פאָלקסציילונג, 1931 ביזן קריגס־אויסברוך געווען פאָלגנדע:

טאַבעלע 2

| יאָרן | דורכשניטלעכע יערלעכע צאָל יידן | אַבסאָלוטע צאָלן | | | אויף 1000 איינוו. |
|---|---|---|---|---|---|
| | | געבוירן | געשטאָרבן | נאַטירלעכער צוואוקס | נאַטירלעכער צוואוקס |
| 1932 | 205708 | 2907 | 1958 | 949 | 4.6 |
| 1933 | 211173 | 2895 | 1953 | 902 | 4.3 |
| 1934 | 215808 | 3023 | 2054 | 929 | 4.3 |
| 1935 | 218901 | 3201 | 2155 | 1046 | 4.7 |
| 1936 | 222113 | 3143 | 2077 | 1066 | 4.8 |
| 1937 | 226655 | 3261 | 2285 | 976 | 4.3 |
| 1938 | 229874 | 3250 | 2226 | 1024 | 4.4 [69] |

אויך דאָס יידישע קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן איז אין די דערמאָנטע יאָרן געגאַנגען אויף זיין נאָרמאַלן שטייגער. עס האָבן געפירט זייער נאָרמאַלע טעטיקייט: די העברעישע און יידישע שולן, די ביבליאָטעקן, ספּאָרט־קלובן, די פילאַנטראָפּישע און פּאַרטייאישע אינסטיטוציעס. די אָנפירונג פון די העברעישע גימנאַזיעס („ברוידע־גימנאַזיעס") האָבן זיך געגרייט אַריינצוגיין אין אַ נייעם פּרעכטיקן בנין, וואָס איז פּאַרטיק געוואָרן פּונקט ביים אויסברוך פון דער מלחמה. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון בונד און לינקע פּועלי־ציון מיט די „לינקע אָפּאָזיציעס", וואָס זענען פאַרבליבן נאָכדעם, ווען אויפן באַפעל פון סטאַלינען איז ליקווידירט געוואָרן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן — האָבן ווייטער געפירט זייער יידישן קלאַסן־קאַמף.[70] די ביוראָען פון דער ברייט־פאַרצווייגטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן געפירט זייער טעטיקייט, אָן וועלכער עס איז אויסזיכט צו שיקן זייערע מיטגלידער און סימפּאַטיקער קיין ארץ־ישראל.

דאָס גאַנצע יידישע לעבן האָט ווי באַוועגט זיך מיט דעם כּוח פון אינער־ציע, אָבער איבער דעם דאָזיקן לעבן האָט זיך אויסגעשפּרייט דער שאָטן פון פּחד פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. ביסלעכווייז איז די שרעק איבערגעגאַנגען אין רעזיגנאַציע און גלייכגילטיקייט צום גורל: „מילא, וואָס עס וועט געשען — וועט געשען".

## ב. די לעצטע שטאָטראַט־וואַלן אין לאָדזש

אין דעם דאָזיקן לעצטן יאָר ערב מלחמה־אויסברוך, האָבן די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען אין לאָדזש אַרויסגעוויזן זייער גרויסע געזעלשאַפטלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. וואָס עס האָט נישט געקענט געשען אין משך פון 20 יאָר עקזיסטענץ פון דער אומאָפּהענגיקער פּוילישער מלוכה, ווען פאַר די יידישע אַרבעטער־מאַסן זענען געווען דערהויבענע שאַנסן פאַר פּאָליטישער טעטיקייט — איז פאַרגעקומען אין דעם דאָזיקן יאָר. עס איז נעמלעך צו די שטאָטראַט־וואַלן אין לאָדזש געשאַפן געוואָרן אַ בלאָק פון בונד, לינקע פּועלי־ציון און לינקע אָפּאָזיציע.

וועגן אַ בלאָק פון די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען מיט דער פּ.פּ.ס., האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין, הגם דער בונד האָט עס שטאַרק, שטאַרק געוואָלט.[71] אויך ביי די דאָזיקע וואַלן האָבן פּוילישע סאָציאַליסטן פאַרלאַנגט, אַז די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען זאָלן זיך אָפּזאָגן פון אַ באַזונדערער קאַנדידאַטן־ליסטע און שטיצן די ליסטע פון פּ.פּ.ס. י. ש. הערץ פאַרזיכערט אין זיין געשיכטע, אַז אויף דער קאָנפערענץ פון „אַלע לאָדזשער פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען וועגן די שטאָטראַט־וואַלן", האָבן נאָר צוויי באַטייליקטע — אַ יידישער „קאָמוניסט" (?)

און אַ פּוילישער אַרבעטער — געפֿאָדערט פֿון די יידישע אַרבעטער, זיי זאָלן צוריקציען זייער קאַנדידאַטן ליסטע". און „דער רעפֿערענט שטשערקאָווסקי האָט זיך אָפּגעגרענעצט פֿון די צוויי רעדנער." [72] אָבער ווי ווייט ערגסט עס איז געווען די דאָזיקע פֿראַגע, נישט בלויז פֿאַר לאָדזש, נאָר אויך פֿאַר אַנדערע שטעט, באַווייזט דער פֿאַקט, וואָס די צוויי פֿירער פֿון בונד — ה. ערליך און וויקטאָר אַלטער ז"ל, זענען אַרויסגעטרעטן מיט אַרטיקלען אינעם צענטראַל־אָרגאַן פֿון בונד, אין דער „פֿאָלקסצייטונג", צו באַקעמפֿן די דאָזיקע שטעלונג פֿון אָפּזאָגן זיך פֿון יידישע קאַנדידאַטן־ליסטעס, כדי די פּוילישע אַרבעטער, פּאַרסמטע פֿון יידן־שׂנאה — זאָלן האָבן אַ ריין פּוילישן סאָציאַליזם. אין וויקטאָר אַלטערס אַרטיקל קומט, אגבֿ, צום אויסדרוק די רעזיגנאַציע־שטימונג, וואָס האָט דעמאָלט אַרומגעכאַפּט געוויסע קרייזן פֿון דער יידישער אינטעליגענץ. וו. אַלטער האָט געשריבן:

„פֿאַרשלאָגן יידישע אַרבעטנדיקע, אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פֿון זייער רעכט צו האָבן דירעקטע פֿאַרשטייער אין שטאָטראָט, באַדייט אַ ביטל־באַציאונג צו דער דאָזיקער באַפֿעלקערונג, ווייל וועלן איבערוואַרפֿן די הויפּט־לאַסט פֿונעם קאַמף פֿאַר די רעכט פֿון די יידישע מאַסן אויף די פּוילישע סאָציאַליסטן, באַדייט אַן אומגלויבן אין די אייגענע כוחות און איז אַ רעזולטאַט פֿון אַ מינדער־ווערטיקייטס־געפֿיל, וועלכעס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר געוויסע קרייזן פֿון דער יידישער אינטעליגענץ". ה. ערליך האָט פֿאַרטיידיקט די יידישע פֿאַר־טרעטערשאַפֿט אין די שטאָטראַטן, ווייל — „אַ שטאַרקע פֿאַרטרעטערשאַפֿט אין די שטאָטראַטן, איז איינע פֿון די ווירקזאַמסטע מיטלען אינעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם". [73]

די שטאָטראַט־וואַלן אין לאָדזש, וואָס זענען באַגלייט געוואָרן מיט אויסער־געוויינלעכע פּאָליצייאישע רעפּרעסיעס — האָבן געגעבן אומדערוואַרטעטע רע־זולטאַטן. צום ערשטן מאָל האָט אין לאָדזש ביי וואַלן אַ יידישע אַרבעטער־ליסטע באַקומען 31,682 שטימען און אַריינגעפֿירט אין שטאָטראַט 11 ראַטמענער: פֿון בונד — ש. מילמאַן, אַרטור זיגעלבוים, ח. ל. פּאָזנאַנסקי, ראָזע אייכנער, ס. נוטקעוויטש, מירמעלשטיין, יוסף מאָרגענטאַלער און ה. מייזנער; לינקע פּועלי־ציון — ל. האָלענדערסקי און שמעון ראָזענבערג; פֿון דער „לינקער אָפּאָזיציע אין די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען" — פֿרוי האַנדעלסמאַן־ווייַנבערג. דער בלאָק פֿון „אגודה" און אַסימילאַטאָרן האָט באַקומען 3 ראַטמענער — הרב ד"ר יצחק לעווין, ב. צ. ליפּשיץ און פּ. ליבערמאַן; ציוניסטן — 3 ראַט־מענער: ד"ר אריה טאַרטאַקאָווער, ד"ר א. קראַוש און אַדוואָקאַט ז. שטרויך. צוזאַמען האָבןביידע יידיש־בירגערלעכע בלאָקן באַקומען 22 טויזנט שטימען. [74]

די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג און בעיקר דער בונד, וואָס האָט געשפּילט די הויפּט־ראָל אין דעם בלאָק צו די שטאָטראַט־וואַלן, קאָן שטאָלץ

זיין אויף דעם דעמאָלטיקן נצחון ערב דער קאַטאַסטראָפע, ווען אין איר פּאַר־צווייפלטן מצב, האָט די יידישע באַפעלקערונג זיך אַ קער געטאָן צום יידישן סאָציאַליזם ווי צו דער איינציקער רעטונג. אָבער די פירער פון דער דאָזיקער באַוועגונג האָבן גאַנץ גוט געוווּסט ווי אוממעכטיק זיי זענען פּנים אל פּנים מיט דער שטייגנדער כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם, וואָס האָט פאַר־פלייצט לאָדזש און גאַנץ פּוילן. די אַנטוישונג פון די יידישע מאַסן אינעם יידישן סאָציאַליזם וואָלט געקומען אַזוי גיך, ווי נאָר אויף אַ ווייטערדיקן עטאַפּ, ווען עס ברעכט נישט אויס די מלחמה, וואָלט זיך באַוויזן די אוממעכטיקייט פון די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען צו ענדערן דעם שווערן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג. און אוממעכטיק איז געווען דער יידישער סאָציאַליזם, ווייל ער האָט מער נישט געהאַט קיין אָנשפּאַר אין פּוילישן אַרבעטער־קלאַס.

טראָץ דער „ריין״־פּויליש סאָציאַליסטישער ליסטע פון פּ.פּ.ס., האָט זי באַקומען נאָר 80 טויזנט שטימען קעגנאיבער 85 טויזנט שטימען פון פּראָ־פאַשיסטישן לאַגער: „ענדעקעס״, „אָזאָן״ און היטלער־דייטשן.[75] כדי צו באַקומען אַ מערהייט אין לאָדזשער שטאָטראָט און מאַגיסטראַט, האָט די פּ.פּ.ס. ווידער געמוזט אָנקומען צו דעם יידיש־סאָציאַליסטישן בלאָק. אין שטאָטראָט איז ווידער געשאַפן געוואָרן אַ בלאָק פון פּ.פּ.ס. מיט די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען. צוזאַמען האָבן זיי געבילדעט די סאָציאַליסטישע מערהייט אין לאָדזשער שטאָט־ראָט. כדי נישט איינצורייסן מיט דער צענטראַלער מאַכט, האָט די סאָציאַליס־טישע מערהייט, אויפן פאָרשלאָג פון פּ.פּ.ס., אויסגעוויילט אַלס שטאָט־פּרעזידענט דעם מעסיקן פּעפּעסישן טוער יאַן קוואַפּינסקי.

ביים איבערנעמען זיין אַמט, דעם 3־טן מערץ 1939, האָט דער ניי־געוויילטער שטאָט־פּרעזידענט אָפּגעגעבן אַ לעבלעכע דערקלערונג, אַז ער וועט „פירן זיין טעטיקייט לטובת אַלע בירגער, אָן חילוק פון נאַציאָנאַלער און רעלי־גיעזער אָנגעהעריקייט און פּאָליטישער איבערצייגונג.״[76]

עס איז שוין מער נישט געווען די דערמוטיקנדע רעדע, וואָס מ׳האָט געהערט אין 1926 פון דעמאָלטיקן סאָציאַליסטישן שטאָט־פּרעזידענט בראָניסלאַוו זשעמיענצקי, אַז „די סאָציאַליסטישע מערהייט אין שטאָטראָט וועט צורעכט מאַכן די עוולות, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן לגבי יידן.״

די פּ.פּ.ס.ישע מערהייט אין סאָציאַליסטישן בלאָק האָט טאַקע באַלד באַ־וויזן, אַז זי האָט נישט בדעה צוליב יידן צו פאַרלירן איר פּאָפּולאַריטעט ביי די אַנטיסעמיטיש־געשטימטע פּוילישע אַרבעטער און האָט פאַר זיך צוגענומען אַלע דריי וויצע־פּרעזידענטן.

דער בלאָק פון בונד, פּועלי־ציון און יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָט אויפן סמך פון פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן באַקומען נאָר 1 לאַווניק (פאַר־טרעטער אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, „מאַגיסטראַט״), ווייל די ראַטמענער

פֿון „אגודה״ און ציוניסטן האָבן אָפּגעגעבן ווייסע צעטלען[77] אויס מורא, דער רעגירונגס־לאַגער „אָזאָן״, וואָס איז געווען פֿאַרטרעטן אין שטאָטראָט, זאָל זיי, די יידישע בירגערלעכע ראַטמענער, נישט חושד זיין אין סימפּאַטיעס צו די סאָציאַליסטן. אַ דאַנק די דאָזיקע יידישע ווייסע צעטלען, האָט טאַקע „אָזאָן״ אויך באַקומען אַ לאַווניק.

## ג. לאָדזש אין די זומער־חדשים 1939

די סאָציאַליסטישע שטאָט־פֿאַרוואַלטונג אין לאָדזש, וואָס האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט 4 חדשים פֿאַר מלחמה־אויסברוך, האָט פֿאַרשטענדלעך ווייניק־וואָס געקאָנט אויפֿטאָן און גאָר נישטיק איז געווען איר באַדייטונג פֿאַר דער פֿאַר־יאושטער לאָדזשער יידישער באַפֿעלקערונג.

אין מערץ חודש האָבן די דייטשן פֿאַרכאַפּט טשעכאָסלאָוואַקיע. באַלד זענען געקומען היטלערס פֿאָדערונגען צו פּוילן. אין פּוילן האָט מען זיך גענומען גרייטן צו מלחמה. די יידן־שנאה איז אַראָפּגערוקט געוואָרן אויפֿן צווייטן פּלאַן. אין דער יידישער באַטייליקונג אין דער פֿאַרטיידיקונג פֿון פּוילן קעגן דייטש־היטלערישן אָנגריף — האָבן איצט די יידישע פּאָליטיקער פֿון אַלע פּאַרטייען געזען די איינציקע רעטונג סיי פֿון דער פּוילישער יידן־שנאה, סיי פֿון דער דייטש־היטלערישער אויסראָטונג. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פֿון פּוילן האָט נאָך אין מערץ־חודש פֿאַרעפֿנטלעכט אַ פּאַטריאָטישע דעקלאַראַציע אין דעם נוסח: „די יידישע געזעלשאַפֿט אין פּוילן איז גרייט צו ברענגען יעדן קרבן פֿון בלוט און פֿאַרמעגן, כדי צוזאַמען מיטן גאַנצן כלל פֿון בירגער צו פֿאַרטיידיקן די זיכערקייט, גאַנצקייט און אומאָפּהענגיקייט פֿון דער רעפּובליק״.[78]

„דער פּאַרטיי־ראַט פֿון בונד אין פּוילן האָט באַשלאָסן אונטערצושטיצן די באַמיאונגען, וואָס פּוילן מאַכט פֿאַר דער זעלבסטפֿאַרטיידיקונג״. אויפֿן סמך פֿון דעם באַשלוס איז אַ פֿאָרשטייער פֿון בונד אין לאָדזש, שמואל מילמאַן, אַריינגעטרעטן אין שטאָטישן קאָמיטעט פֿאַר דער מלוכהשער פֿאַרטיידיקונגס־הלוואה.[79]

די דאָזיקע פּאַטריאָטישע האַנדלונג פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג לגבי זייער היימלאַנד, איז געווען אַ נאַטירלעכע דערשיינונג. טראָץ דער גרויסער יידן־שנאה, וואָס האָט אין יענעם פּעריאָד אַזוי פֿאַרביטערט דאָס לעבן פֿון די פּוילישע יידן, זענען זיי, אין דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער שעה, גרייט געווען צו פֿאַרטיידיקן פּוילן און שלאָגן דעם געמיינזאַמען פֿיינט. די יידן האָבן פֿאַר־געסן אין אַלע שטרייטן. יידישע גבירים האָבן זיך צאָלרייך באַטייליקט אין דער אינערלעכער הלוואה. די אַנטיסעמיטן האָבן אָבער נישט פֿאַרגעסן פֿון צייט צו צייט צו מאַכן זייערע אַרויסטרעטונגען קעגן יידן. אַזוי האָבן די פֿאַרטרעטער

פון „אַזאַן" און ענדעקעס אין די שטאָטראַטן נישט דערלאָזט, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונגען זאָלן שיקן יידישע פאַרטרעטער אין די פּאָבאָר־קאָמיסיעס, וואָס פירן דורך די רעקרוטאַציע פון מיליטער. אַזאַ פאָרשלאַג איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן אין לאָדזשער שטאָטראַט. ביי סקאַנדאַלן מצד די ענדעקעס האָט די מערהייט באַשלאָסן צו שיקן אַ יידישן פאַרטרעטער אין דער פּאָבאָר־קאָמיסיע — דעם בונדיסט משה נוטקעוויטש. ענלעכע אַנטיסעמיטישע פאָרשלאַגן זענען אויך געווען ביי דער פראַגע פון שאַפן בירגער־קאָמיטעטן פאַר דער אינערלעכער הלוואה.[79א]

פאַר דעם אויסוואַל פונעם יידישן פאַרטרעטער אין דער פּאָבאָר־קאָמיסיע פון דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג, איז צווישן דעם פירער פון בונד אַרטור זיגעלבוים און שטאָט־פּרעזידענט און פירער פון פּ.פּ.ס. יאַן קוואַפּינסקי, פאַר־געקומען אַ כאַראַקטעריסטישער שטרייט, וועגן וועלכן עס דערמאָנט אין זיינע זכרונות דער געוועזענער ציוניסטישער פאַרטרעטער אין לאָדזשער שטאָט־ראַט — אַדוו. זרח שטראוך.

זיגעלבוים האָט דעמאָלט געפאָדערט פון פּעפּעסישן פירער, אַז דער קאַנדידאַט פון די יידישע אַרבעטער אין דער פּאָבאָר־קאָמיסיע זאָל פיגורירן אויף דער ליסטע פון פּ.פּ.ס., ווייל אַזוי פאָדערט די אַרבעטער־סאָלידאַריטעט. קוואַפּינסקי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון אַזאַ געמיינזאַמער ליסטע צוליב די אַלטע מאָטיוון: דער רוב פוילישע אַרבעטער, וואָס זענען יידנפיינטלעך געשטימט וועלן נישט פאַרשטיין אַזאַ האַנדלונג און וועלן דער פּ.פּ.ס. פאַרוואַרפן פאַרקויפט־קייט צו די יידן. אַרטור זיגעלבוים האָט שאַרף פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ נישט־סאָציאַליסטישע שטעלונג. יאַן קוואַפּינסקי איז אָבער געבליבן ביי ס'זייניקע און די יידישע סאָציאַליסטישע ראַטמענער האָבן געמוזט אַרויסשטעלן אַ באַזונדערן קאַנדידאַט, וועלכער איז געוויילט געוואָרן מיט די שטימען פון די יידן און פוילישע סאָציאַליסטן.[79ב]

.5

# אנהויב מלחמה און דאס בהלהדיקע אנטלויפן

## א. מצב פון יידן אין לאָדזש אין די ערשטע סעפּטעמבער־טעג

אין חודש אויגוסט 1939, אײדער עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאָבילי־זאַציע פון פּוילישן מיליטער, האָט לאָדזש געציילט 233 טויזנט יידן.

אין די זומער־חדשים פון יאָר 1939 איז שוואַכער געוואָרן די יידנפיינט־לעכע שפּאַנונג אין לאָדזש. די שנאה פונעם פּוילישן המון האָט זיך איצט איבערגעטראָגן אויף די לאָדזשער דייטשן, וועלכע די פּוילישע באַפעלקערונג האָט מיט רעכט גענומען באַטראַכטן ווי שונאים. עס האָבן זיך געמערט די אָנגריפן אויף דייטשן, וואָס האָבן „באַליידיקט דאָס פּוילישע פאָלק". יידן האָט מען געלאָזט צורו.

אין די דאָזיקע מוראדיקע טעג, ווען אויף דער געשיכטלעכער וואָגשאָל האָט זיך געוואָקלט דער גורל פון דער וועלט — האָבן לאָדזשער יידן געפילט ווי עפּעס אָן אַנטשפּאַנונג. די געמיינזאַמקייט מיטן גורל פון פילמיליאָניקן פּוילישן פאָלק, וואָס האָט זיך געשאַפן אין דער דאָזיקער שעה, האָט געמאַכט פאַרגעסן אין דעם ספּעציפישן יידישן מצב, וואָס איז געווען און האָט זיך געגרייט צו זיין לגמרי אַן אַנדערער. קיינער פון די אָנפירער פון די יידישע פּאַרטייען, גייסט־מענטשן און וואָרט־פירער האָבן נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן וואָס ס'וועט געשען מיט די 233 טויזנט יידן, ווען לאָדזש, ווי אַן „אָפענע" שטאָט, נאָענט פון דער דייטשער גרענעץ, וועט פאַרכאַפּט ווערן פון דייטש־היטלערישע חיילות, וואָס עס האָט געמוזט געשען אין דער קורצסטער צייט, נאָכן אָנהויב פון די קריגס־אָפּעראַציעס. און אַזוי איז טאַקע געווען.

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939 און אין די ווייטערדיקע טעג, ווען די דייטשע אַרמייען האָבן גענומען מאַרשירן אויף פּוילן און געגאַנגען אין דער ריכטונג פון לאָדזש, ברעכנדיק אויפן וועג יעדן פּוילישן ווידערשטאַנד — זענען די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען און די לאָדזשער אָרגאַניזירטע געזעל־שאַפטלעכקייט געשטאַנען הילפלאָז און אַפילו נישט געפּרוּווט רופן קיין ברייטערע באַראַטונג צו באַטראַכטן דעם מצב, וואָס וועט זיך שאַפן, ווען די דייטשן וועלן זיך דערנענטערן צו לאָדזש און עוונטועל באַזעצן די שטאָט. ווייזט אויס, אַז ביי פּאָליאַקן האָט מען יאָ געטראַכט וועגן דער ציווילער

באַפעלקערונג. די פוילישע מיליטערישע אָנפירונג האָט פון איר סטראַטעגישן שטאַנדפונקט באַהאַנדלט דעם ענין אויף אַ ספּעציעלער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך אין אָנהויב פרילינג 1939.

נאָך דער דייטש־היטלערישער אַנעקסיע פון טשעכאָסלאָוואַקיע, איז אַפילו פאַר די פאַשיסטישע פּאָליטיקער פון פוילן, די פריינט פון היטלער־דייטשלאַנד, קלאָר געוואָרן, אַז עס קומט די ריי אויף פוילן און אַ מלחמה איז אומפאַרמיידלעך. ווייזט אויס, אַז אין די סטראַטעגישע פּלענער פון פוילישן גענעראַל־שטאַב, האָט לאָדזש ווי די ערשטע פּיל־באַפעלקערטע אינדוסטריע־שטאָט, נאָענט צו דער דייטשער גרענעץ, פאַרנומען אַן אַנגעזען אָרט.

שוין דעם 19־טן מאַי 1939 האָט דער שעף פון פערטן קאָרפּוס פון דער פוילישער אַרמיי, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין לאָדזש, גערופן אַ געהיימע מיליטערישע קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען אין בנין פון דער לאָדזשער אַרמיי־קאָמענדע, אויף דער גאַס פון 11־טן ליסטאָפּאַד 82. אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט: „הויכע מיליטער־לייט און אַ 15 אָדער 16 ציוויל־פּערזאָנען. [80] און ד״ר יצחק לעווין, וועלכער איז געווען איינגעלאַדן אויף דער באַראַטונג אַלס פאַרטרעטער פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די קאָנפערענץ האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן עוואַקויִרן פון לאָדזש „זקנים און קינדער־יתומים״, „כדי זיי זאָלן נישט שטערן די אַרבעט פון אַנדערע״, ד. ה. פון דעם רעגולערן מיליטער און פון יענע שיכטן פון דער ציוויל־באַפעלקערונג, וואָס וועט דאַרפן פאַרטיידיקן לאָדזש. אויף דער קאָנפערענץ איז געוואָרן אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע פון 18 פּערזאָן, וועלכע האָט באַקומען דעם נאָמען „קאָמיסיאַ ראַזפּראַשעניאַ״ — „קאָמיסיע פון פאַנאַנדער־וואַרפן״. ד״ר יצחק לעווין איז דאָרט געווען דער נישט־געוויילטער פאַרשטייער פון דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט קיינעם נישט אָפּגעגעבן קיין באַריכטן, ווייל, ווי ער שרייבט אין זיינע זכרונות, איז די טעטיקייט פון דער קאָמיסיע געווען אַ מיליטעריש געהיימניש. [81]

פון די זכרונות פון ד״ר י. לעווין ווערט קלאָר, אַז די „עוואַקואַציע־קאָמיסיע״ האָט געוואָלט די „נישט נויטיקע יידן״ איינאָרדענען באַזונדער אין אַ מין געטאָ, אין שטעטל גלאָוונע, גראָד נישט ווייט פון לאָדזש. [82] די קאָמיסיע האָט געפירט איר טעטיקייט ביז דאָס פוילישע מיליטער האָט פאַרלאָזט די שטאָט און די יידישע געזעלשאַפט האָט וועגן איר נישט געוווּסט. הגם דאָרט איז געזעסן אַ „יידישער פאַרטרעטער״ פון לייבל מינצבערגס „אגודה״־פאַרטיי.

אין די לעצטע טעג פון חודש אויגוסט 1939 האָבן שוין די צייטונגען אָפן געשריבן וועגן דער עקזיסטענץ פון דער „קאָמיסיאַ ראַזפּראַשעניאַ״. אויף אַ זיצונג פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג האָט מען דעם ענין באַהאַנדלט און אָנגענומען אַ באַשלוס זיך צו באַמיען וועגן אַ יידישן פאַרטרעטער אין דער

קאָמיסיע. ד״ר לעווין, וועלכער איז אָנוועזנד געווען אויף דער זיצונג פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, האָט אַלץ נאָך געהאַלטן דעם „מיליטערישן סוד״ און נישט אָפּגעגעבן קיין באַריכט פון זיין טעטיקייט, וועלכע ער האָט נישט געפירט. דעם ערשטן סעפּטעמבער — שרייבט ד״ר לעווין אין זיינע זכרונות — איז ער שוין געווען אין וואַרשע און ער האָט נישט געקענט צוריקפאָרן, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין באַן־פאַרבינדונג.[83]

ווייזט אויס, אַז אַ חוץ דער דאַזיקער מיליטערישער זאָרג פאַר דער ציוויל־באַפעלקערונג פון לאָדזש, האָבן אויך די פּאָליאַקן געשאַפן, פאַר אָדער בעת דער אָקופּאַציע, אַ בירגער־קאָמיטעט מיטן געוועזענעם ראַדאָמער וואָיע־וואָדע ה׳ רעמישעווסקי בראש, וואָס האָט געפירט זיין טעטיקייט אויך נאָכדעם, ווי די דייטשע אַרמיי האָט פאַרנומען לאָדזש.[84] אין דעם בירגער־קאָמיטעט, וועגן וועלכע עס זענען פאַראַן ווייניק ידיעות — זענען שוין יידן נישט געווען פאַר־טרעטן.

ביז דער צייט, ווען דאָס דייטשע מיליטער האָט אָקופּירט לאָדזש, זענען אין דער שטאָט געווען טעטיק די פּוילישע מוניציפּאַלע איינריכטונגען. די אָפיציעלע און נישט־אָפיציעלע יידישע פאַרטרעטער אין די דאָזיקע אינסטי־טוציעס האָבן זיך באַגנוגנט מיט זייער צוזאַמענאַרבעט מיט די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געהאַט צו טאָן מיט אַלגעמיינע פּראָבלעמען און אַפילו ביים בעסטן ווילן זיך נישט געקאָנט פאַרנעמען מיט ספּעציעל יידישע ענינים. אין דער לאָדזשער קהילה, ווו עס האָט געוועלטיקט לייבל מינצבערג, איז בכלל געווען אַ צערודע־רונג. עס זענען קיין זיצונגען נישט פאָרגעקומען.

די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע אַפּאַטיע, וואָס האָט געוואָרצלט אין די איבערלעבונגען אין די דרייסיקער יאָרן, האָט געבראַכט דערצו, אַז קיינע פון די עקזיסטירנדע יידישע אינסטיטוציעס און אויך די אָנפירונגען פון די לעגאַלע פּאַרטייען, וואָס האָבן געדאַרפט אַוועק אין „אונטערגרונט״ — האָבן נישט אויפגעשטעלט זייערע פאַרטרעטונגען. עס איז, צום באַדויערן, געבליבן זייער ווייניק באַווייז־מאַטעריאַל (זכרונות) פון געזעלשאַפטלעכע טוער אין לאָדזש פון דעם פּעריאָד, אָבער די זכרונות פון יחידים באַווייזן, ווי ווייניק די געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטיי־טוער האָבן זיך פאַרנומען מיט די פּיינלעכע פּראָבלעמען פון יענער צייט, וואָס זענען געשטאַנען פאַר דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג.*

---

* דער מחבר פון דעם בוך טרעט נישט אַרויס ווי אַ באַשולדיקער און שליסט זיך נישט אויס פון דער אחריות, וואָס ער האָט דעמאָלט, ווי אַ בונדישער טוער און זשורנאַליסט, געטראָגן פאַר דער יידישער געזעלשאַפט. אויב שולדיק, זענען מיר אַלע, לעבנגעבליבענע עסקנים פון יענער צייט — מיטשולדיק אין דער אַפּאַטיע און אין נישט באַגרייפן דעם דעמאָלטיקן עטאַפּ אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק.

איינער פון די פירער פון בונד אין לאָדזש — ש. מילמאַן — באַשרייבט אַזוי יענעם צייט־אָפּשניט אין די ערשטע טעג נאָכן דייטשן אָנפאַל אויף פּוילן:

„בעת דער קריג האָט אויסגעבראָכן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די באָמבאַרדירונגען פון לאָדזש — — — איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט די פּוילישע פאַרטיידיקונג זיך צוזאַמענברעכן. עס איז דעריבער קיינעם נישט געקומען אויפן געדאַנק צו טראַכטן וועגן ווייט־גייענדע פּלענער פון אַרבעט. די לעצטע זיצונג פון מאַגיסטראַט (שטאָט־פאַרוואַל־טונג, וווּ מילמאַן איז געווען אַ מיטגליד), וואָס איז פאָרגעקומען פּרייטיק אָוונט, דעם ערשטן סעפּטעמבער, אין ערשטן טאָג פון קריג, איז געווען באַשעפטיקט הויפּטזעכלעך מיט באַזאָרגן די שטאָט מיט די נויטיקסטע לעבנסמיטלען און נישט דערלאָזן צו שפּעקולאַציעס מיט די פּאַראַנענע פּראָדוקטן, ווי אויך — וויאַזוי אַמבעסטן צו זאָרגן פאַר אויסבויען שוץ־ערטער קעגן די דייטשע עראָפּלאַנען. עס האָט קיינער נישט געטראַכט אין יענעם מאָמענט, אַז אין פיר טעג אַרום וועט די לאַגע זיין אַזוי קאַטאַסטראָפאַל, ווי דאָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט."

„דעם פינפטן סעפּטעמבער אין אָוונט, האָט זיך אָבער די שטימונג אין שטאָט געענדערט צום ערגערן — — — מ'האָט געזען, אַז מ'גרייט זיך צו עוואַקואַציע. אויפן פאַרלאַנג פון אייניקע קאָמיטעט־מיטגלידער (פון בונד) האָב איך אַלס פאָרזיצער פון (בונדישן) פּאַרטיי־קאָמיטעט גערופן אַ דרינגנדע זיצונג אויף מיטוואָך פרי. — — — אויף דער זיצונג האָט געדאַרפט אויסגעוויילט ווערן אַ קאָמיטעט פון ווייניקער באַקאַנטע חברים אויפן פאַל ווען דער אַלטער קאָמיטעט וועט באַשליסן צו פאַרלאָזן די שטאָט, וועלכע וועט אָקופּירט ווערן דורך די דייטשן." [85]

צו דער דאָזיקער זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט איז שוין נישט געקומען, ווייל „די געשעענישן האָבן זיך בליץ שנעל אַנטוויקלט צום ערגערן — — — מ'האָט נישט געטאָרט פאַרלירן קיין צייט — — — די קאָמיטעט־מיטגלידער זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו זאַמלען זיך אויף דעם רוג פון די גאַסן פּראַנציסקאַנער און בזשעזשינער, פון וואַנען אַלע האָבן געזאָלט אַוועק קיין וואַרשע." [86]

ש. מילמאַנס זכרונות וועגן דער אויפלעזונג פון בונד אין לאָדזש אין אָנבליק פון דער דייטש־היטלערישער אינוואַזיע־סכנה, איז דער איינציקער דאָקומענט פון יענער צייט, וועלכער שפּיגלט אָפּ דעם פונאַנדערפאַל פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָדזש נאָך איידער די דייטשע אַרמיי האָט אָקופּירט די שטאָט. אַזוי ווי עס איז געווען מיטן בונד, איז אויך געשען מיט אַלע אַנדערע יידישע פּאַרטייען און אינסטיטוציעס, וועמענס לעבנ־

געבליבענע פירער האָבן ביז היינט נישט באַשריבן דעם טראַגישן סוף פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָדזש.

## ב. פולקאָווניק אומיאַסטאָווסקים רעדע און דאָס בהלהדיק אַנטלויפן פון לאָדזש

אויפן פינפטן טאָג פון מלחמה־אויסברוך, דעם 5־טן סעפּטעמבער 1939 אין אָוונט, ווען לאָדזש איז שוין געווען פאַרפינסטערט, אויסגעלאָשן און גע־וואַרט יעדע מינוט אויף נייע אָנפליען פון די דייטשע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געזייט טויט און פאַרוויסטונג — האָט זיך אין די ראַדיאָ־הילכערס דערהערט די באַפעלנדע שטים פון פולקאָווניק אומיאַסטאָווסקי. ער האָט גערעדט וועגן מצב אויף די פראָנטן און אַז עס איז נויטיק צו עוואַקואירן אייניקע שטעט. בעת דער עוואַקואַציע דאַרף די מענלעכע באַפעלקערונג ביז פופציק יאָר, ווי בכלל יעדע פערזאָן, וואָס קאָן האַלטן אַ ביקס אין האַנט — גיין נאָכן מיליטער. [87]

די דאָזיקע ראַדיאָ־רעדע איז דורך די לאָדזשער איינוווינער אויפגע־נומען געוואָרן ווי אַן אָנדייטונג, אַז אויך לאָדזש ווערט עוואַקואירט פון פוילישן מיליטער. נאָך בייטאָג האָט מען געוווסט, אַז די דייטשע אַרמיי האָט דורכגעריסן דעם פראָנט און דערנענטערט זיך צו לאָדזש. מאַסן פליטים פון די דערפער און שטעטלעך זענען אָנגעקומען און דערציילט וועגן טויט און פאַרוויסטונג, וואָס עס טראָגן מיט זיך די דייטשע זעלנער. עס איז דעריבער געוואָרן קלאָר פאַר אַלעמען, אַז דאָס פוילישע מיליטער, צוזאַמען מיט דער קאָמונאַלער און רעגירונגס־מאַכט, פאַרלאָזן לאָדזש און די שטאָט ווערט אויסגעשטעלט אויף הפקר. אין הסכם מיט אומיאַסטאָווסקיס באַפעל, האָט די מענלעכע באַפעלקערונג ביז פופציק יאָר גענומען גיין נאָכן פוילישן מיליטער און פאָליציי, וועלכע האָט אין משך פון דער נאַכט זיך עוואַקואירט פון דער שטאָט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלהדיק לויפן פון דער ציוויל־באַפעלקערונג. „דאָס מיליטער אויף דער מיט פון גאַס און די ציוויל־באַפעלקערונג אויף די טראָטואַרן". [88] פאַר די לאָדזשער ייִדן האָט דאָס באַדייט דער אָנהויב פון דער קאַטאַסטראָפע. עס האָט קיינער נישט געוואָרנט די ייִדישע מאַסן פאַר דעם אָנקומען פון די דייטשן. אָבער אינסטינקטיוו האָט יעדער געפילט, אַז דאָס לעבן פון יעדן ייִד, סיי פון זעלנער, סיי פון ציווילע, איז אין סכנה און מ'האָט זיך געלאָזט לויפן. אַ גרויסער ייִדישער קיבוץ פון 233 טויזנט נפשות און צאָלרייכע אינסטיטוציעס, ווירטשאַפטלעכע פאָזיציעס; אַ קיבוץ, וואָס האָט זיך געבויט און געפעסטיקט אין משך פון 150 יאָר — האָט זיך אויפגעלעזט און איז צעפאַלן געוואָרן. אין פערטן יאָרצענדליק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,

150 יאָר נאָך דער עמאַנציפּאַציע, האָבן זיך איבערגעחזרט יענע גלותדיקע גרויל־בילדער פון מיטלאַלטער. ווי אין די צייטן פון די קרייץ־צוגן, „פּאַסטוכער גזירה", „שוואַרצער טויט" און גזירות ת״ח ות״ט, האָט די צאָלרייכע לאָדזשער יידישע עדה זיך געלאָזט לויפן אין טויט־שרעק פאַר די אָנקומענדע, מיליטעריש גוט־אָרגאַניזירטע און באַוואָפנטע דייטשע האָרדעס, וואָס האָבן געטראָגן מיט זיך חורבן און יידן־אויסראָטונג.

פון די פּאָלאָקן זענען געלאָפן מיליטער־פליכטיקע. יידן זענען געלאָפן גאַנצע משפחות. מוטערס מיט קינדער אויף די הענט. יונגע און זקנים. געזעל־שאַפטלעכע עסקנים און פּאַרטיי־טוער. בעלי־עגלות האָבן געפירט וועגענער אָנגעפּאַקט מיט יידן, ביז די פערד זענען אָפּגעשטאַנען און די פּליטים האָבן געמוזט גיין צופוס. משפחות און נאָענטע האָבן זיך באַמיט צו האַלטן זיך צוזאַמען און אויפן וועג זיך פאַרלוירן. איבער די קעפּ פון דער דאָזיקער צעשאָטענער מאַסע און מיליטערישע אָפּטיילונגען האָבן זיך געטראָגן דייטשע עראָפּלאַנען און מיט באָמבעס און קוילנוואַרפערס געזייט טויט און פאַרוויסטונג. טויזנטער לאָדזשער פּליטים זענען געפאַלן אויף די וועגן, וואָס פירן פון לאָדזש קיין וואַרשע.

די טויט־מידע יידישע פּליטים האָבן געהאָפט צו געפינען אָן אָפּרו אין די יידישע שטעטלעך אויפן וועג קיין וואַרשע, אָבער אַ סך פון זיי זענען שוין געשטאַנען אין פלאַמען און זייערע יידישע קהילות זענען שוין געווען אויפן וויסטן וואַנדער־וועג.[89]

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער חורבן פון דער גרויסער לאָדזשער יידישער קהילה. אַ סך פּליטים זענען ביז וואַרשע נישט דערגאַנגען. מידע, אָפּאַטיש־פאַרצווייפלטע, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט קיין לאָדזש און אויפן וועג זענען זיי געכאַפּט געוואָרן פון דייטשע מיליטער־לייט, וועלכע האָבן מיט ווילדע געשרייען: „יודע" — באַרויבט, צעשלאָגן און צעמימתט אויף טויט זייערע קרבנות, אָדער געפּייניקט זיי מיט הונגער און דורשט אין די דאָרפס־קאָפּליצעס, וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּראָוויזאָרישע לאַגערן. פון די לאָדזשער פּליטים, וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבן אַריינצובאַקומען זיך קיין וואַרשע, האָט, נאָכן פאַלן פון פּוילנס הויפּטשטאָט, נאָר אַ געוויסער טייל זיך צוריק־געקערט קיין לאָדזש.[90]

וויפיל לאָדזשער יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן בעתן אַנטלויפן פון דער שטאָט? וויפיל זענען געבליבן אין וואַרשע. דאָס וועלן מיר, וואַרשיינלעך, קיינמאָל נישט וויסן גענוי, ווייל עס איז נישט פאַראַנען קיין ציפער־מאַטעריאַל.

לויט דער סטאַטיסטישער אויפשטעלונג פון ד״ר עדוואַרד ראָסעט, דעם נאַטשאַלניק פון לאָדזשער סטאַטיסטישן אַמט, איז אין אָנהויב יאַנואַר 1940

געוועזן אין לאָדזש 219 טויזנט יידן.[91] אין פאַרגלייך מיטן ציפער־באַשטאַנד פאַרן 1־טן סעפטעמבער 1939, איז דאָס אַ פאַרקלענערונג פון 14 טויזנט נפשות, 6.2 פראָצענט פון דער לאָדזשער באַפעלקערונג, וואָס עס איז פאַרגעקומען שוין אין די ערשטע פיר חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע — סעפטעמבער, אָקטאָבער, נאָוועמבער, דעצעמבער. אַ גרויסער טייל פון זיי זענען אומגעקומען אויף די וועגן בעתן אַנטלויפן און די רעשט פון די 14 טויזנט זענען פאַרבליבן אין וואַרשע אָדער זיך צעשפּרייט אין פאַרשידענע שטעטלעך. אַ גאַנץ באַדייטנדע צאָל איז אויך אַריבער אויף די מזרח־געביטן, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן פונעם ראַטן־פאַרבאַנד.

## ג. אַנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע און די ערשטע אַרעסטן און פייניקונגען

דעם 8־טן סעפטעמבער 1939 — 3 טעג נאָכן בהלהדיקן אַנטלויפן פון די יידן — האָט דאָס דייטשע מיליטער באַזעצט לאָדזש אָן שום ווידערשטאַנד.[92] די ערשטע פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מיליטערישער מאַכט איז געווען לויטן סקאַרבאַוועץ קריגס־נוסח: די באַפעלקערונג ווערט אויפגעפאָדערט צו פאַרהאַלטן זיך רויק, אָפּגעבן דאָס געווער. ביי וועמען מ׳וועט געפינען געווער איז טויטשטראָף און אַלע לאָדזשער איינוווינער דאַרפן רויק אויפנעמען די נאָרמאַלע אַרבעט.[93]

יידן האָבן קיין געווער נישט געהאַט. אַפּאַטיש, גייסטיק דערשלאָגן, דורכגענומען פון פחד פאַר דעם, וואָס עס דאַרף אָנקומען, צעשטויבט, צעפּערטלט, אָן אַן אָנפירונג, זענען יידן געזעסן אין זייערע הייזער און געוואַרט אויפן גורל. די ערשטע טעג האָט אַפילו יעדער זיך צוריקגעקערט צו זיין נאָרמאַלער באַשעפטיקונג.[94] אָבער באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דער דייטשער רויב־ און מאָרד־צוג אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

אונטערן אויסרייד פון זוכן געווער, האָבן באַוואָפנטע באַנדעס פון דייטשע מיליטערישע און פּאָליצייאישע פאָרמאַציעס זיך אַריינגעריסן אין יידישע שטובן און פון דאָרט צוגענומען די ווערט־זאַכן. נישט אומעטום איז דער רויב דורכגעפירט געוואָרן אויף אַ ברוטאַלן אופן. טייל דייטשע זעלנער און אָפיצערן זענען געקומען מיט אַ העפלעכקייט־טאָן און אַפילו איבערגעלאָזט קוויטינגען אויף די צוגערויבטע זאַכן.[95] אָבער דער ווייט־גרעסטער טייל פון דייטשע זעלנער האָט מיט ברוטאַלע זידלערייען און אויסגעשרייען „יודע" זיך אַריינגעריסן אין יידישע וווינונגען און נאָכן באַרויבן די וווינונג, נאָך מערדערלעך געשלאָגן די אָנוועזנדע.[96] גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן דאָס כאַפּן אויף אַרבעט. מ׳האָט געכאַפּט פון די גאַסן און אַרויסגענומען פון די שטובן. יעדע

אַרבעט איז געווען פאַרבונדן מיט ברוטאַלער בעסטיאַלישער אכזריות. די דייטשע מאַכטהאָבער און אויך ציווילע דייטשן, תושבים פון לאָדזש, מיט וועלכע יידן האָבן פיל יאָרן געלעבט אין שכנות, האָבן איצט אַרויסגעוויזן זייער גאַנצע ברוטאַליטעט.[97]

יידישע פרויען, וועלכע די דייטשן האָבן גענומען אויף אַרבעט, האָט מען געצוווּנגען אויסצוטאָן די אונטערוועש און מיט דעם וואַשן די פּאָדלאָגעס. א. זעלמאַנאָוויטש דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז אין דעם הויז ווו ער האָט געוווינט אויף אַל. ערשטער מאַי נומ׳ 30, „האָט געפּלאַצט אַ קאַנאַליזאַציע־רער. דאָס אומריינקייט האָט פאַרגאָסן די קעלערס פון יענעם הויז. באַלד זענען געקומען דייטשע זעלנער, צוזאַמענגענומען אַלע יידן פון הויז און באַפוילן, אַז זיי זאָלן זיך אויסלייגן אין דער אומריינקייט. שפּעטער האָבן די דייטשע זעלנער געצוווּנגען די יידן צו רייניקן מיט די הוילע הענט. — — — איין ייד האָט זיך אָפּגעזאָגט אויסצופירן זייער באַפעל, האָבן די דייטשן אים אַזוי צעשלאָגן, אַז קיינער האָט שוין נישט געגלויבט, אַז דער ייד וועט לעבן״.[98]

אַזעלכע פאַלן זענען געווען זייער פיל. מ׳האָט יידן אויך אַרויסגעטריבן פון די רייען, ווו מ׳איז געשטאַנען נאָך פּראָדוקטן. די קלענערע יידישע געשעפטן האָבן די דייטשן פּשוט צעראַבירט און אין פיל פאַלן געטיילט פּראָדוקטן און סחורות די נייגעריקע פּאָליאַקן, וואָס זענען געשטאַנען און זיך צוגעקוקט צו דעם רויב פון יידישן פאַרמעגן און בעסטיאַלישער אכזריות לגבי יידן. אַנטי־סעמיטן, מיינסטנס יונגוואַרג, האָבן אונטערגעהעצט די דייטשן און אָנגעוויזן: „יודע״, „יודע״.[99] דער אַנטיסעמיטיזם האָט אָבער נישט אָנגענומען קיין מאַסן־כאַראַקטער. געווען אַפילו פאַלן ווען יידן האָבן ביי פּוילישע שכנים אויס־באַהאַלטן זייער האָב און גוטס, כדי עס צו ראַטעווען פון דייטשן רויב,[99א] אָבער דאָס זענען געווען נאָר פאַראיינצלטע פאַלן. על פּי רוב האָבן פּאָליאַקן אין לאָדזש זיך באַצויגן גלייכגילטיק צו די פּיין, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעטאָן יידן, הגם, אויך זיי, די פּאָליאַקן, זענען געווען אין אַ געדריקטער שטימונג. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש האָט באַלד מתחילת דורכגעפירט אַרעסטן צווישן דער פּוילישער אינטעליגענץ, גייסטלעכע און פּאַרטיי־פירער.

עס דאַרף פאַרצייכנט ווערן ווי אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג פון דער דאָזיקער עפּאָכע, אַז גראָד אין דעם „רויטן לאָדזש״, ווו יידישע אַרבעטער האָבן יאָרן־לאַנג, צוזאַמען מיט פּאָליאַקן, געקעמפט קעגן דער פרעמדער מאַכט (צאַרישער הערשאַפט, דייטשער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה) און שפּעטער קעגן פּוילישע רעאַקציאָנערע רעגירונגען — האָט די יידישע באַפעלקערונג, בעת דער דייטשער אויסראָטונג נישט אָנגעטראָפן אויף קיין אמתער מיטפילנדער פריינטשאַפט ביי פּאָליאַקן. עס איז אין קיין שום דאָקו־מענטן, גבית־עדות און אין פּוילישע פּובליקאַציעס נישט פאַרצייכנט קיין פאַל,

ווען פּאַליאַקן פון לאָדזש זאָלן האָבן געקומען צו הילף די געפּייניקטע לאָדזשער יידן. דורך דער גאַנצער צייט פון עקזיסטענץ פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט זענען לאָדזשער יידן געווען פאַראייניזאָמט.

*

די מאָרד־ און רויב־טעטיקייט פון די דייטשן, באַוואָפנטע אין מיליטע־רישע מונדירן, און אין ציוויל־הלבשה, איז נישט געווען סתם קיין צופעליקע ווילקירלעכע דערשיינונג פון צעהוליעטע זשאָלדאַקעס, וואָס זענען צעווילדע־וועט צוליב זייער נצחון. די מאָרד און רויב־טעטיקייט, די אכזריותדיקע בעסטיאַ־לישע מעשים קעגן יידן, איז געווען אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם דייטשן פּלאַן פון יידן־אויסראָטונג, ווי עס האָט אים פאָרויסגעזען היינריך ריינהאַרדט. (זע אין „אַ וואָרט פון מחבר״.) אמת, אין ריינהאַרדס „שנעלבריוו״ רעדט זיך נאָר וועגן אַ פּלאַנמעסיקער סיסטעמאַטישער צוגרייטונג צום „ענדציל״ — צו דער ענדגילטיקער יידן־אויסראָטונג. אָבער קיין שום פּלאַן קאָן נישט פאָרויסזען אַלץ מיט אַלע פּינקטלעכקייטן. מ׳דאַרף עפּעס איבערלאָזן אויך פאַר „פּריוואַטער איניציאַטיוו״.

די אכזריותדיקע דייטשע מעשים קעגן יידן, דער רויב פון יידישן פאַרמעגן באַלד אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע, האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו מאַכן יידן הפקר, צו צעברעכן זיי מאָראַליש און פּסיכיש, כדי אָפּצוטויטן אין זיי יעדן ווילן פון ווידערשטאַנד, צו אַטראָפירן אין די יידן יעדן ווילן צו קאָלעקטיווע מעשים, צו מאַסן־טאַטן, וואָס געבוירן דעם ווידערשטאַנד. די דאָזיקע פעסטשטעלונג האָט שוין באַקומען איר פולשטענ־דיקע באַגרינדונג אין די נירנבערגער פּראָצעסן, ווען פּראָטאָקאָלן פאַר־נעמען 40 בענדער און אין די טויזנטער גבית־עדות, וואָס זענען פאַראַן אין די אַרכיוון פון די וויסנשאַפטלעכע פאַרש־אינסטיטוטן און אין די הונדערטער יזכור־ביכער. די דייטשע מיליטער־לייט פון כלערליי פאָרמאַציעס האָבן גע־וווסט, אַז יידן זענען הפקר פאַר רויב, מאָרד און בעסטיאַלישע מעשים.

אין דער טעטיקייט אויפן ערשטן עטאַפּ פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג איז אויך אַריינגעגאַנגען דאָס אומברענגען די יידישע אינטעליגענץ, געזעל־שאַפטלעכע עסקנים און פּאַרטיי־טוער.

ווייזט אויס, אַז די געשטאַפּאָ, אָדער אַנדערע אָנפירנדע אינסטאַנצן פון דייטשן אויסראָטונגס־אַפּאַראַט, האָבן באַלד ביים פאַרנעמען לאָדזש שוין גע־האָט פאַרטיקע רשימות פון יידישע עסקנים, פּאַרטיי־טוער און אינטעליגענץ, וועלכע מ׳דאַרף אַרעסטירן און ליקווידירן. פאַר דעם האָט שוין געזאָרגט די „פינפטע קאָלאָנע״, די פוילישע היטלעריזירטע דייטשן אין לאָדזש, וואָס זענען ביזן מלחמה־אויסברוך געווען פריי אין זייער טעטיקייט.

אין אַ באַריכט, וואָס אַ געשטאַפּאָ־אינסטאַנץ אין לאָדזש האָט, אין חודש סעפּטעמבער 1939, צוגעשטעלט איר העכערער אָנפירונג, ווערן אויסגערעכנט די יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס געפינען זיך אין לאָדזש. ווער עס איז אַנטלאָפן און ווער עס איז געבליבן אין שטאָט. וועגן דעם אָנפירער פון די לאָדזשער ציוניסטן, ד״ר יעזשי ראָזענבלאַט, זאָגט זיך אין דאָקומענט, אַז ער איז נאָך פאַר דער מלחמה אַוועק קיין פּאַלעסטינע.* באַזיצנדיק אַזעלכע אינפאָרמאַציעס, איז די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט, באַלד ווי זי האָט זיך איינ־געאָרדנט אין לאָדזש, צוגעטרעטן אַרעסטירן די יידישע פּאַרטיי־טוער, פאַר־וואַלטונגען פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און יידישע אינטעליגענץ.

אויך וועגן די ערשטע אַרעסטן אין לאָדזש איז פאַראַן זייער ווייניק דאָקומענטאַריש מאַטעריאַל. דער געוו. אָנפירער פון בונד אין לאָדזש, א. ל. זעלמאַנאָוויטש, שרייבט אין זיינע זכרונות: „אויפן דריטן טאָג, ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָדזש, האָבן זיי דורכגעפירט הויז־זוכונגען ביי 18 בונדישע טוער פון לאָדזש. געטראָפן און אַרעסטירט האָבן זיי נאָר 7.” די מיטגלידער פון לאָדזשער קאָמיטעט פון בונד און ראַטמענער פון לאָדזשער שטאָטראַט: חיים לייב פּאָזנאַנסקי — פּאָרזיצער פון די מעדעם־שולן, ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס, יוסף מאָרגענטאַלער — סעקרעטאַר פון דער „7־טער אָפּטיילונג” (יידישע) פונעם אינטערנאַציאָנאַלן טעקסטיל־אַרבעטער־פאַרבאַנד, ראָזאַ אייכנער — פרוי פון דאָקטאָר י. אייכנער, אָנפירערין פון דער בונדישער פרויען־אָרגאַניזאַציע, און — הערש מאיר זילבערבערג — סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע פון דער לאָדזשער אויסגאַבע פון „פאָלקסצייטונג”, הערץ — אָרדנער פון בונדישן פאַרטיי־לאָקאַל, יעדוואַב — אָרדנער אין לאָקאַל פון דער יידישער אָפּטיילונג פון טעקסטיל־פאַריין, פּיעטריקאָווער 52.[100]

מ. בראַנט, אָנפירער פון לינקע פועלי־ציון אין לאָדזש, דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן הויז־זוכונגען ביי אַרבעטער־פירער און געזעלשאַפטלעכע טוער: „נאָכדעם ווי זיי (די דייטשן) האָבן פאַראַמירט אַלע אינסטיטוציעס און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און צוגענומען דאָס פאַרמעגן, זענען זיי (די דייטשן) אַרויס אין געיעג נאָך די פירער.” עס זענען אַרעסטירט געוואָרן פון לינקע פועלי־ציון: לייב האָלענדערסקי — איינער פון די גרינדער פון דער פּאַרטיי אין לאָדזש, ראַטמאַן אין שטאָטראַט, מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון

---

* דער מחבר פון דעם בוך האָט דעם דערמאָנטן דאָקומענט געזען אין אַרכיוו פון אינסטיטוט פאַר אַלגעמיינער געשיכטלעכער פאָרשונג אין ירושלים. ליידער איז דער דאָזיקער זייער וויכטיקער דאָקומענט פאַרלוירן געגאַנגען ווען דער דערמאָנטער אַרכיוו איז איבער־געגעבן געוואָרן „יד ושם”.

ד״ר יעזשי ראָזענבלאַט, לויט די אינפאָרמאַציעס פון זיין זון, איז אַוועק פון לאָדזש שוין נאָכדעם, ווי די דייטשן האָבן אָקופּירט די שטאָט.

פועלי־ציון און אָנפירער פון די באָראָכאָוו־שולן; מרדכי פעדער — מיטגליד פון פועלי־ציון־קאָמיטעט, פּאָרזיצער פון אַרבעטער ספּאָרט־קלוב „שטערן", משה גאָלדבערג און יוסף ראָטענבערג.[101]

די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס פון די אָנפירער פון בונד און פועלי־ציון וועגן די אַרעסטן אין לאָדזש אין אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע זאָגן זייער ווייניק וועגן דעם גרויסן פאַרנעם פון דעם גייעג נאָך יידישע עסקנים, וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט נאָכן פאַרנעמען לאָדזש. אַ מער ברייטערע שיל־דערונג פון די דאָזיקע אַרעסטן געפינען מיר אין יעקב קירשנבוימס „חורבן לאָדזש", פאַרעפנטלעכט אין לאָדזשער „יזכור־בוך". קירשענבוים האָט גע־שריבן: „באַלד אין ערשטן טאָג, ווען די דייטשן זענען נאָר אַריין אין לאָדזש, האָבן זיי געהאַט אויספירלעך־צונויפגעשטעלטע ליסטעס מיט די נעמען, אַדרעסן און באַשעפטיקונגען פון העכער צען טויזנט יידישע פירנדע פערזענלעכקייטן פון אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען, פּראָפעסיעס און געזעלשאַפטלעכע קרייזן."[102]

און פאַקטיש האָבן די דייטשן דעמאָלט דורכגעפירט הויז־זוכונגען ביי די יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן, פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון די קולטור־אינסטיטוציעס און אָנפירער פון די ציוניסטישע גרופּירונגען. אַזוי האָט די געשטאַפּאָ געזוכט דעם דיכטער משה בראָדערזאָן און אַלע מיטאַרבעטער פון דער לאָדזשער יידישער צייטונג „בייער פאָלקסבלאַט". דעם ווייט גרעסטן טייל פון די געזוכטע האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן און אָנצוקומען קיין ביאַ־ליסטאָק, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אונטער דער סאָוויעטישער מאַכט.[103]

די יידן, וואָס זענען געזוכט געוואָרן דורך די דייטשן און נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, זענען אין גרעסטן טייל פאַרפייניקט געוואָרן. פון לינקע פועלי־ציון איז געבליבן אין תפיסה לייב האָלענדערסקי, פון די 7 אַרעסטירטע בונדיסטן איז באַפרייט געוואָרן בלויז ראָזאַ אייכנער.

מיט אַ שרעקלעכן טויט איז אומגעקומען דער נעסטאָר פון די יידישע זשורנאַליסטן אין לאָדזש — ישעיה אוגער. די דייטשן האָבן, ווייזט אויס, נאָך געדענקט, אַז דער ערלעכער זשורנאַליסט האָט אויך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט געוואָלט דינען דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש. ער האָט זיך דאַן אָפּגעזאָגט צו שטעלן אין דינסט פון די דייטשן די דעמאָלסטיקע יידישע צייטונג „לאָדזשער טאַגעבלאַט", ווו אוגער איז געווען רעדאַקטאָר. איצט, ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זייער גייעג אויף יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, זענען זיי אַריין אין דער וווינונג פון דעם זקן, עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן און דערנאָך זענען זיי באַפאַלן אוגערן און אים שרעקלעך צעשלאָגן.

נאָכן אויסליידיקן די וווינונג פון אלע ווערטפולע חפצים, האָבן די שטור־מיסטן (ס.ס.) געצוווּנגען זייער קרבן, אַז ער זאָל אַליין אַראָפּטראָגן צום לאַסט־אויטאָ, וואָס איז געווען צוגעגרייט. מיט בייטשן האָבן די דייטשן געיאָגט דעם

זקן, אַז ער זאָל עס מאַכן וואָס גיכער און דערנאָך ווייטער געפּייניקט ביז אוגער האָט פאַרלוירן דעם באַוווּסטזיין. די גיהנום־פּיין איז ער דורכגעגאַנגען אין קעגנוואָרט פון זיין פרוי. זי האָט געבעטן ביי די פּייניקער, זיי זאָלן רחמנות האָבן אויף אַן אַלטן מאַן. די דייטשן האָבן דערויף אָפּגעענטפערט מיט אַ היר־זשענדיק געלעכטער.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז ישעיה אוגער אויפסניי אַרעסטירט געוואָרן. די דייטשן האָבן אים געצוווּנגען אַליין צו גראָבן זיין קבר מיט די בלויזע הענט. דערנאָך האָבן זיי אים דערשאָסן.* אַזוי האָט געשריבן אין זיינע זכרונות דער דיכטער י. יאַנאַסאָוויטש.[104]

* די פּייניקונג און דערשיסונג פון ישעיה אוגער איז, וואַרשיינלעך, פאָרגעקומען אין חודש אָקטאָבער 1939, ווייל פון אַנדערע קוועלן, ווי מיר וועלן ווייטער זען, ווייסן מיר, אַז אין סוף חודש סעפּטעמבער איז י. אוגער געווען אַ מיטגליד אין דער קאָמיסיע צו אָרגאַניזירן דאָס יידישע שולוועזן.

.6

# די לאָדזשער קהילה־פאַרוואַלטונג און מרדכי חיים רומקאָווסקי

## א. די קהילה ערב מלחמה־אויסברוך

ערב מלחמה־אויסברוך איז די לאָדזשער קהילה־פאַרוואַלטונג, אונטער דער אָנפירונג פון דער „אגודה" און לייבל מינצבערג, געווען גוט אָוועקגעשטעלט. די קהילה האָט זיך איינגעשאַפט אַ נייעם לאָקאַל אין סאַמע צענטער שטאָט, אויף פּאַמאַרסקע גאַס נומ׳ 18. לייבל מינצבערג, וועלכער האָט זיך נישט געהאַט צו רימען מיט קיין באַזונדערער אינטעליגענץ און וויסן, האָט אָבער פאַרשטאַנען זיך אַרומצורינגלען מיט אינטעליגענטע מיטאַרבעטער אין דער קהילה, וואָס זאָלן אים צוגרייטן זיינע סיים־רעדעס און פירן די אַרבעט אין דער קהילה.

אַזוי זענען אין יאָר 1939 געווען טעטיק אַלס אָנגעשטעלטע אין דער קהילה: דער קהילה־סעקרעטאַר מ. נאַדעל, דער שרייבער און איבערזעצער פון ראָמאַן ראָלאַנס ווערק אין יידיש — יונה שפער, דער יונגער געבילדעטער אגודהשער ליטעראַט מיכל קעניג אאנ״ד.[105]

די קהילה, ווי שוין דערמאָנט, איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ ראָט און פאַרוואַלטונג, וועמענס מיטגלידער האָבן געהערט צו דער „אגודה"־פאַרטיי. די ציוניסטן האָבן פאַרלאָזט די קהילה־אָנפירונג, וועלכע האָט נישט געוואָלט אָנעמען קיין איינע פון די ציוניסטישע פאָרשלאָגן און רעזאָלוציעס און נישט געוואָלט סובסידירן די ציוניסטישע פאָנדן און אַנשטאַלטן. פון די ציוניסטן איז געבליבן אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג נאָר מרדכי חיים רומקאָווסקי. (זע ז׳ 64 קאַפּיטל דריי).[106] אין פעברואַר 1939 האָט אויך די „מזרחי"־פאַרטיי באַשלאָסן צוריק אַריינצוטרעטן אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, וועלכע איז שוין געווען אַ נאָמינירטע פון דער פּוילישער מאַכט.[107]

## ב. טעטיקייט פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אין די ערשטע וואָכן פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין לאָדזש

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט דאָס רוב פון דער קהילה־אָנפירונג, צוזאַמען מיט איר פּרעזעס לייבל מינצבערג, ווי אויך באַאַמטע פון

דער קהילה־ביורא — פאַרלאָזט לאָדזש. די איבערגעבליבענע באַאַמטע און אייניקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, ווי עס ווייזן די ווייטער געבראַכטע דאָקו־מענטן — האָבן אויף דער אויפפאָדערונג פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, געעפנט דעם קהילה־לאָקאַל, אויף פּאָמאָרסקע 18.

אין דער קהילה האָט אַמטירט אַ דייטשער געשטאַפּאָ־באַאַמטער אָדער קאָמיסאַר און אויף זיין באַפעל האָט מען אַרויסגעשיקט אויפפאָדערונגען צו די אַמאָליקע מיטגלידער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, זיי זאָלן קומען אויף אַ „זיצונג״. די געשטאַפּאָ האָט אַזוי אַרום געוואָלט דורך דער קהילה־אָנפירונג צוקומען צו יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זענען געווען ביי איר אויף דער רשימה און אַרעסטירן זיי און שפּעטער ליקווידירן.

אַזאַ איינלאַדונג צו „אַ דרינגנדער זיצונג פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג״ האָט אויך באַקומען איינער פון די אָנפירער פון בונד — א. ל. זעלמאַנאָוויטש, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין לאָדזש און איז געזוכט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ. (זעלמאַנאָוויטש האָט שוין זינט עטלעכע יאָר נישט געהערט צו דער קהילה־פאַרוואַלטונג).

אין זיינע זכרונות דערציילט זעלמאַנאָוויטש, אַז זיין פרוי איז אַוועק אין דער קהילה מיט דער באַקומענער איינלאַדונג. „דאָרט האָט מען זי צוגעפירט צו אַ טיש, ביי וועלכן עס איז געזעסן אַ געשטאַפּאָ־אַגענט״. פרוי זעלמאַנאָוויטש האָט אים דערקלערט, אַז בעתן מלחמה־אויסברוך, איז איר מאַן אַוועק פון לאָדזש און מער נישט צוריקגעקומען. דער געשטאַפּאָ־אַגענט האָט אָנגעהויבן שרייען, אַז עס איז ליגן און אויב זעלמאַנאָוויטש וועט נישט קומען צו דער זיצונג, וועט מען אַרעסטירן די פרוי מיטביידע זין. יונה שפּער, וואָס האָט דעמאָלט אַמטירט אין דער קהילה, האָט פאַרזיכערט דעם געשטאַפּאָוויעץ, אַז ער, יונה שפּער, ווייסט אויף זיכער, אַז זעלמאַנאָוויטש איז נישטאָ אין לאָדזש. די פרוי האָט געמוזט אונטערשרייבן, אַז אויב מ׳וועט אָפּגעפינען זעלמאַנאָוויטשן וועט ער דערשאָסן ווערן מיט זיין פרוי.[108]

דאָס זענען די ערשטע ידיעות וועגן דעם אָנהויב פון דער קהילה־טעטיקייט נאָך דער ערשטער גרויסער צעטרייסלונג, בלוט־אָפּצאַ־פּונג און פאַרוויסטונג, וואָס דער דייטש־מיליטערישער אָנלויף אויף פּוילן האָט געבראַכט אויף דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג. אַ טייל באַאַמטע פון דער לאָדזשער קהילה, ווי עס איז צו זען פון די געבראַכטע זכרונות, זענען געוועזן די ערשטע, וואָס האָבן ביי דעם דאָזיקן בלוטיקן כאַאָס געפּרוווט צוריק־שטעלן וועלכעס עס איז אָרגאַניזירט געזעלשאַפטלעך יידיש לעבן.

באַלד איז געקומען אַ פאַראָרדנונג פון דער דייטשער מאַכט צונויפ־צורופן אַ זיצונג פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג און אויסצוויילן אַ פאָרזיצער.[109]

אַזאַ זיצונג איז פאָרגעקומען. עס איז נישט באַוווסט, וועלכע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָבן זיך אין איר באַטייליקט.

אין די נאָטיצן פון יאַני שולמאַן,* וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ, אין יאָר 1941, איז פאַראַן פאָלגנדע שילדערונג וועגן דעם אָנהייב פון דער קהילה־טעטיקייט נאָכן מלחמה־אויסברוך:

„ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן און דער קהילה־פּרעזעס [לייבל מינצבערג] האָט פאַרלאָזט לאָדזש, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייע קהילה־פאַרוואַלטונג. אַלס פּרעזעס איז באַשטימט געוואָרן ל. י. [לייזער] פּליוואַצקי, וועלכער איז פריער געווען וויצע־פּרעזעס **, אַלס וויצע־פּרעזעס איז איינשטימיק געוויילט געוואָרן מ. ח. רומקאָווסקי“.[110]

„רומקאָווסקי האָט מיט גרויס ענערגיע זיך אָפּגעגעבן מיט די קהילה־ענינים. צווישן די מיטגלידער פון דער פריערדיקער פאַרוואַלטונג איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט געוווסט אָפּצושאַצן דעם מצב פון אַ געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט.“ ער האָט זיך באַמיט צוציען צו דער קהילה־אַרבעט רייכע יידן, געוועזענע אינדוסטריעלער און מענטשן פון דער פינאַנץ־וועלט. זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער זענען געוואָרן די לאָדזשער אינדוסטריעלער דוד ווינדמאַן און סאמועל פּויסט. זיי האָט רומקאָווסקי איבערגעגעבן די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די קהילה־ווירטשאַפט און איינמאָנען שטייערן ביי די רייכע יידן.

דוד ווינדמאַן, וועלכער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און זיך געראַטעוועט קיין ישראל האָט אין זיין גבית עדות אַזוי דערציילט:

„ווען די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט איז די

---

* יאַני שולמאַן, אַ יידישער זשורנאַליסט פון לאָדזש, אַ חבר פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, האָט צוזאַמען מיט א. וואָלף־יאַסני געאַרבעט אין דער רעדאַקציע פון „נייעם פאָלקס־בלאַט“ אין לאָדזש. ווי אַ זשורנאַליסט און געזעלשאַפטלעכער עסקן, האָט שולמאַן זייער גוט געקענט מרדכי חיים רומקאָווסקי און די פאַרהעלטענישן אין דער לאָדזשער קהילה. ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט לאָדזש איז שולמאַן געבליבן אין שטאָט און ער איז געווען פון די ערשטע עסקנים, וועלכע האָבן געפּרווט אַריינברענגען אָרגאַניזאַציע אין דעם בלוטיקן כאַאָס, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין יידישן לעבן און דורך אָרגאַניזאַציע צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון די געפּייניקטע יידן. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט שולמאַן זיך ווידער געטראָפן מיט רומקאָווסקין. שולמאַנס כאַראַקטעריסטיק פון רומקאָווסקין האָט דעריבער אַן אויסערגעוויינלעכן ווערט ווי אַ געשיכטלעכער דאָקומענט.

יאַני שולמאנס פאַרצייכענונגען, געשריבן אין אַ נאָטיץ־ביכל, אָן זיין אונטערשריפט, זענען דורך נחמן בלומענטאַל, אין יאָר 1945, געפונען געוואָרן אויף די חורבות פון לאָדזשער געטאָ און געבראַכט געוואָרן קיין ישראל אין בית קצנלסון. א. וואָלף יאַסני האָט אין דעם כתב־יד דערקענט שולמאַנס האַנטשריפט.

** לייזער פּליוואַצקי האָט אין דער לאָדזשער אָנפירונג פון דער „אגודה“ פאַרנומען אַזאַ אָנגעזען אָרט, ווי לייבל מינצבערג און פאַרשטענדלעך, אַז אויך אין דער קהילה ביז דער מלחמה איז זייער שטאַרק געווען פּליוואַצקיס השפעה. (זכרונות פון א. וו. יאַסני, כ״י).

קהילה־קאַסע געוועזן ליידיק. מ׳האָט געמוזט שוין אויף גיך שאַפן אַ סומע פון 300 טויזנט זלאָטעס, אויף אויסצוהאַלטן די קהילה־אַנשטאַלטן, (מושב זקנים, יתומים־הייזער און אויסצוצאָלן אונטערשטיצונג די פרויען „רעזערוויסטינס״, (וועמענס מענער זענען אַוועק אין דער פוילישער אַרמיי און נישט צוריקגעקומען). מיר האָבן זיך ענערגיש גענומען אויפמאָנען די שטייערן ביי פאַרמעגלעכע יידן. די יידישע קאָנטעס אין די בענק זענען שוין דעמאָלס געוועזן „אָפּגעשפּערט״ דורך דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. אָבער, ווען מיר האָבן באַקומען אַ באַפולמעכטיקונג פון אייגנטימער פון דער קאָנטע, אַז די סומע צאָלט ער פאַר דער יידישער געמיינדע — האָבן מיר דאָס געלט באַקומען. אין אַ קורצער צייט איז אויפגעשטעלט געוואָרן די סומע פון 300.000 זלאָטעס און די קהילה האָט געקאָנט באַנייען איר טעטיקייט״. [110א]

וועגן דער באַשטימונג פון רומקאָווסקין אַלס יודענעלטעסטער איז נישט פאַראַנען קיין שום אָפיציעלער דייטשער דאָקומענט. אין צוויי קוועלן רעדט זיך, אַז דער קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש האָט באַשטימט רומקאָווסקין אַלס יודענעלטעסטן: אין דער זאַמלונג „דאָקומענטי אי מאַטעריאַלי געטטאָ לודזקיע״, רעדאַגירט פון א. אייזנבאַך און אין די ציטירטע נאָטיצן פון יאַני שולמאַן. ער האָט געשריבן אין זיינע נאָטיצן: „די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט זיך אָפּטמאָל געטראָפן מיטן שטאָט־פּרעזידענט * אונטער וועמענס אויפזיכט עס איז געווען די קהילה. רומקאָווסקי האָט געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן איינדרוק (מיט דעם גראָען קאָפּ). דעם 14־טן אָקטאָבער איז דערהאַלטן געוואָרן אַ באַפעל פון דער דייטשער מאַכט מבטל צו מאַכן די קהילה־פאַרוואַלטונג און דאָס אָנפירן מיט די ענינים איבערגעבן דעם „עלטעסטען דער יודען״ מרדכי חיים רומקאָווסקי״. [111]

לויט די זכרונות, פאַרעפנטלעכטע אין „מן המצר״ און ווי ס׳ווערט אויך באַשטעטיקט פון אַ דייטשן דאָקומענט, האָט רומקאָווסקי געהאַט אַן ערנסטן קאָנקורענט אויף זיין אַמט אַלס יודענעלטעסטער פון די לאָדזשער יידן. זיין קאָנקורענט איז געווען דער הרב טרייסטמאַן, וועלכער האָט באַקומען בילדונג אין אַ בערלינער סעמינאַר און האָט פולשטענדיק באַהערשט די דייטשע שפּראַך. הרב טרייסטמאַן האָט געמאַכט באַמיאונגען ביי דער דייטשער מאַכט אָפּצו־

* אין יענער צייט, וועגן וועלכער עס רעדט זיך אין די נאָטיצן, נעמלעך: אָקטאָבער, נאָוועמבער 1939, זענען די באַלעבאַטים איבער דער שטאָט לאָדזש געווען פאָלגנדע אָנפירער פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט: פ. גראַוסהאַאַר — שעף פון דער ציוויל־פאַרוואַלטונג ביי דער אַרמיי־אָבערקאָמאַנדע, אַ קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש (נאָמען נישט אָנגעגעבן), פּאָליציי־פּרעזידענט — רעגירונגס־ראַט, פאָן עש, און דער רעגירונגס־פּרעזידענט פאַר דער קאַלישער רעגענציע — איבעלהער. „דאָקומענטי אי מאַטעריאַלי געטטאָ לודזקיע״, דריטער באַנד, ז״ז 19, 22, 23).

שטעלן דאָס כאַפּן אויף אַרבעט און אויסגעפּועלט, אַז די יידישע געמיינדע זאָל צושטעלן אַ באַשטימטן קאָנטינגענט יידן צו דער אַרבעט.[111א]

פאַראַן טאַקע פון יענער צייט אַ ווענדונג פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט צום ראַבינאַט וועגן צושטעלן יידישע אַרבעטסקרעפטן.

אונטער דער דאַטע פון 13־טן אָקטאָבער 1939, ווענדעט זיך דער שעף פון דער „ציווילפאַרוואַלטונג ביים A. O. K. (אַרמעעאָבערקאָממאַנדאָ) אַן דאָס יידישע ראַבינאַט אין לאָדז" וועגן שיקן דעם 15־טן אָקטאָבער 1939 „צום אַרבייטס־איינזאַץ טעגלעך אום 7.30 אור פאָרערשט 600 מעננליכע אַרבייטסקרעפטע צו פאַרפיגונג צו שטעללען". ווייטער ווערן אין דער ווענדונג אויסגערעכנט די „זאַממעלשטעללען„, ווו די אַרבעטער האָבן זיך צו מעלדן און די אַרבעטס־צייט ווערט באַשטימט פון 7.30 פרי ביז 12.00 און פון 14.00 ביז 17.00.

אונטערגעשריבן:

פּ. גראוסהאר.[112]

ווי עס איז צו זען פון דעם דאָקומענט, איז ביזן באַשטימען רומקאָווסקין אַלס יודענעלטעסטן אויך דער לאָדזשער ראַבינאַט אָנגעגאַנגען פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט ווי אַ פאַרטרעטונגס־אינסטאַנץ פון דער יידישער באַפעלקערונג, און הרב שמחה טרייסטמאַן, אַ רב מיט אייראָפּעישער בילדונג, „האָט געפרווט אַרויסווייזן אַ ביסל אייגענע איניציאַטיוו".[113] אין קאַמף צווישן הרב שמחה טרייסטמאַן און רומקאָווסקין, איז מיט אַ נצחון אַרויס רומקאָווסקי. ער האָט פון דייטשן קאָמיסאַר איבער דער שטאָט לאָדזש באַקומען די נאָמינאַציע אַלס יודענעלטעסטער, און אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן הרב טרייסטמאַן, וועלכער האָט זיך געוואָלט מישן אין קהלשע ענינים. „דער רב האָט נישט באַקומען קיין וווינונג אין געטאָ. רומקאָווסקיס באַאַמטע האָבן טרייסטמאַנען נישט אויסגעצאָלט קיין געהאַלט, וואָס עס האָט באַקומען יעדער רב אין געטאָ. דער תירוץ איז געווען, אַז עס איז נישטאָ קיין געלט. אַ גרופּע מקורבים פון רב האָבן פאַר אים צונויפגעזאַמלט 100 מאַרק. מיט דעם געלט איז טרייסטמאַן אַרויסגעפאָרן קיין וואַרשע",[114] ווו ער איז אומגעקומען.

אַזוי איז רומקאָווסקי פאַרטיק געוואָרן מיט זיין קאָנקורענט, וואָס האָט געוואָלט זיך טיילן מיט זיין מאַכט. נאָכדעם ווי ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס יודענעלטעסטער, האָט ער געהאַלטן, אַז נאָר ער איינער אַליין דאַרף אָנפירן מיט דער געפייניקטער יידישער באַפעלקערונג פון לאָדזש.

.7

# מרדכי חיים רומקאַווסקי, „דער עלטעסטער דער יודען״ פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ

## א. רומקאָווסקי דער אינדוסטריעלער און „אבי היתומים״

פון י. שולמאַנס נאָטיצן, געשריבן מיט אַ געוויסער סימפּאַטיע צו רומקאָווסקיס טעטיקייט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, באַקומט מען אַזאַ בילד פון דעם יודענעלטעסטען אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט:

„פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ פּשוטער ייד, אַ לאָדזשער פאַבריקאַנט, אַ דירעקטאָר פון אַ פּלוש־ און סאַמעט־פאַבריק, וועלכע ער האָט געפירט בשותפות מיט נאָך אַ ייד״. מרדכי חיים רומקאָווסקי איז דעמאָלט געווען אַ טיפּ פונעם אַזוי גערופענעם „לאָדזשער מענטש״ — אַ ייד, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, געוואָרן אַן אינדוסטריעלער, געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט פינאַנסיסטן פון ענגלאַנד, שפּעטער באַנקראָטירט אויפן אַמאָליקן לאָדזשער שטייגער, און דערנאָך געפאָרן קיין ענגלאַנד זיך אויסגלייכן מיט זיינע בעלי־חובות.[114א]

ווי דאָס רוב אויפגעקומענע „לאָדזשער מענטשן״, האָט דער אינדוסטריעלער מ. ח. רומקאָווסקי נישט געהאַט קיין שום ספּעציעלע בילדונג. ער האָט באַקומען „חדר־דערציאונג״ און עפּעס וואָס „געגנאַשט״ פון אַ רוסישער אָנפאַנג־שול. זיין אומגאַנגס־שפּראַך איז געווען דאָס סוחריש־פאַבריקאַנטישע לאָדזשער „דאַטש־יידיש״. אַזעלכע יידן, וואָס זענען על פּי רוב געקומען פון די קליינע שטעטלעך, האָבן מיטגעבראַכט אַן אויסערגעוויינלעכע ענערגיע, וועלכע האָט געפונען איר אָנווענדונג אין דעם אויפקומענדן טעקסטיל־אינדוסטריעלן לאָדזש.

נאָכן באַנקראָט, ווען רומקאָווסקי איז דורכגעקומען מיט זיינע בעלי־חובות, איז ער ווידער געוואָרן אַ פאַבריקאַנט און באַוויזן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך אַרויסצובאַקומען פון לאָדזש און אין רוסלאַנד צו ווערן אַ מלחמה־גביר. בעת דער רוסישער רעוואָלוציע, אין 1917, האָט רומקאָווסקי פאַרלוירן זיין פאַרמעגן און נאָך דער 1־טער וועלט־מלחמה ווידער געקומען קיין לאָדזש.

געווען איז דעמאָלט אַ צייט אין לאָדזש, ווען עס איז שוין נישט אַזוי לייכט געווען צו קלעטערן אויף דער לייטער פון אינדוסטריע און האַנדל. דערפאַר האָט זיך געעפנט אַ וועג פאַר יידישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, און דאָ באַווייזט זיך רומקאָווסקי, אַלס דער „אבי היתומים״. אין זיינע נאָטיצן האָט שולמאַן געשריבן:

„אין אָנהויב יאָר 1920, האָט דער „דזשאָינט“ איבערגעשיקט פאַר אונדז אַ באַשטימטן סכום געלט אויפצושטעלן זומער־קאָלאָניעס פאַר קינדער. מיר איז איבערגעגעבן געוואָרן דאָס איינאָרדנען די קאָלאָניעס און איך האָב זיך גענומען צוהילף 3 פערזאָן: א. קאַגאַן — דירעקטאָר פון דער שול א. נ. פון באַראָכאָוו, ש. י. ראווין — דירעקטאָר פון דער שול א. נ. מעדעם * און רומקאָווסקי, וואָס האָט פיל געטאָן פאַר די יתומים, אַ מענטש מיט ריינע הענט און מיט אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון ענערגיע.“ [115]

אַזוי אַרום הויבט זיך אָן רומקאָווסקיס קאַריערע אַלס „אבי היתומים אין לאָדזש“, וואָס עס ווערט „זיין פריוואַט עסק, דער קוואַל פון זיין פרנסה“. [116] רומקאָווסקי האָט זיך באַוויזן ווי אַן אויסערגעוויינלעכער ענערגישער געזעל־שאַפטלעכער טוער. ער, וואָס האָט אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן הונדערטער, הונדערטער קינדער, איז אין יענער צייט, אָנהויב צוואַנציקער יאָרן, געוואָרן דער פאַרזאָרגער פון אַ ריי יידישע יתומים־הייזער אין לאָדזש. מיט זיין ענטוזיאַזם און איבערגעגעבנקייט האָט ער געווירקט אויף די לאָדזשער יידישע פאַבריקאַנטן, זיי זאָלן ברייטהעגנטיק אונטערשטיצן זיינע יתומים־הייזער. דער אינדוסטריעלער פּנחס גערשאָווסקי, וואָס איז שפּעטער אין געטאָ אַ געוויסע צייט געווען רומקאָווסקיס בעל־יועץ, האָט פאַר די יתומים־הייזער געגעבן אַ סומע פון 300 טויזנט זלאָטעס.

פאַר דעם געלט האָט רומקאָווסקי אויסגעבויט אַ מאָדערן יתומים־הויז אין העלענוּוועק, אַ דאַטשע־אָרט צווישן לאָדזש און זגערזש, אויף 12 מאָרגעס באָדן זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די בנינים און אַ פערמע, אין וועלכער מען האָט די קינדער געלערנט אַ חוץ די נאָרמאַלע שול־למודים, אויך לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט. „עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו אויפצושטעלן דאָרט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע שול אויף צוצוגרייטן די יוגנט עולה צו זיין קיין ישראל“. [117]

## ב. רומקאָווסקיס ציוניסטישע טעטיקייט און זיין גרעאַנגל פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער קאַריערע

ווי מיר זעען פון די געבראַכטע ציטאַטן, איז רומקאָווסקי, אין פעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, געווען אַ ציוניסט, וואָס האָט געטאָן פּראַקטישע

* יאַני שולמאַן האָט דאָ געמאַכט אַ טעות: אין אָנהויב 1920 איז שלמה איטשע ראווין, אַ לערער, איינער פון די בונדישע אינטעליגענטן, געווען דער דירעקטאָר פון די יידישע שולן פון „שול און בילדונגס־פאַריין“, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון בונד. נאָכן טויט פון בונדישן פירער וולאַדימיר מעדעם, זענען די דערמאָנטע שולן אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען.

מעשים פאַר זיין אידעאַל. ווי אַזעלכער איז ער אַריין אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון אַלגעמיינע ציוניסטן, אָבער צוליב זיין נידעריקן בילדונגס־מצב איז ער געבליבן אַ לאָקאַלער געזעלשאַפטלעכער עסקן און האָט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה נישט געקענט זיך דערשלאָגן צו קיין העכערן אַמט אין דער ציוניסטישער אָנפירונג. ער האָט קוים זיך דורכגעקריגן אַלס מיטגליד אין קהילה־ראַט, געוויילט פון דער ציוניסטישער ליסטע און שפּעטער איז ער אַריין אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג.

דער יתומים־אַנשטאַלט אין העלענעוועק און זיין מאַנדאַט אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, דאָס זענען געווען רומקאָווסקיס שטאַרקע פּאָזיציעס, ווו ער האָט געקאָנט אַרויסברענגען זיין געזעלשאַפטלעכע ענערגיע: „אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג איז ער געשטאַנען בראש פון דער ציוניסטישער אָפּאָזיציע [קעגן דער אגודהשער מערהייט]. פאַר צוויי פונקטן אין קהילה־בודזשעט האָט ער געקעמפט מיטן גאַנצן האַרץ און אָן פשרה — [פאַר די סובסידיעס] פאַרן קרן־קימת און העלענעוועק.״ 118

אָבער די דאָזיקעביידע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס, וואָס זענען געווען ענג פאַרבונדן מיט רומקאָווסקיס פריוואַטן לעבן — האָבן אים נישט פאַרשאַפט קיין גרויס נחת און ווייט נישט באַפרידיקט זיינע געזעלשאַפטלעכע אַמביציעס. אין יתומים־אַנשטאַלט אין העלענעוועק, ווו ער האָט געהערשט מיט אַ שטאַרקער האַנט, האָט ער זיך פאַרשאַפט אַ סך שונאים. אַ לערער, וואָס איז פון דאָרט באַזייטיקט געוואָרן, האָט געבערענגט צו דער עפנטלעכקייט פאַרשידענע מעשיות וועגן מיאוסע זאַכן, וואָס רומקאָווסקי טוט דאָרט אָפּ מיט די יתומים־מיידלעך. ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט אין צווייטן קאַפּיטל ז׳ 64, זענען די דאָזיקע ענינים קיינמאָל נישט אויסגעפּאַרשט געוואָרן גרינטלעך און גיבן אונדז נישט קיין רעכט צו אורטיילן. אַ פאַקט איז, אַז אויף דער פרעסע־קאָנפערענץ אין העלענעוועק, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1938, וועגן פינאַנסירן דעם יתומים־אַנשטאַלט אין העלענעוועק, פיגורירט נישט דער נאָמען פון מרדכי חיים רומקאָווסקי. 119

אין זיין ציוניסטישער טעטיקייט, איז אויסגעקומען רומקאָווסקין צו פירן אַ שווערן געראַנגל פאַר זיין געזעלשאַפטלעכער פּאָזיציע. מ׳האָט אים דאָרט נישט ליב געהאַט צוליב זיין עקשנות פון אַ פאַלקס־טיפּ, וואָס „ווייסט נישט פון קיין קונצן״. „וועגן זיין מאַנדאַט [אין דער קהילה] האָט זיך אין „וועד העירוני״ [לאָדזשער שטאָטישער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע] געפירט אַ שאַרפער קאַמף צווישן רומקאָווסקיס אָנהענגער און קעגנער. פון דעם דאָזיקן קאַמף איז רומקאָווסקי אַרויס ווי אַ זיגער.״ 120 ער איז געוואָרן דער פירער פון דער ציוניסטישער אָפּאָזיציע אין דער קהילה, אָבער אין סאַמע ברען פון יידישן געראַנגל פאַרן קיום אין פוילן און אידעאָלאָגישן קאַמף אין דער ציוניס־

טישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש, האָט רומקאָווסקין געדראָט צו פאַרלירן זיין איינציקע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע — דעם מאַנדאַט אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג. די ציוניסטן, ווי שוין באַקאַנט פון אַ פריערדיק קאַפּיטל, האָבן פאַרלאָזט די לאָדזשער קהילה־אָנפירונג. רומקאָווסקי האָט נישט געוואָלט אויפגעבן זיין איינציקע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע און זיך אויסגעבראָכן פון דער דיסציפּלין פון זיין ציוניסטישער פּאַרטיי. ער, פּונקט ווי די אגודהשע קהילה־מערהייט מיט איר פּרעזעס לייבל מינצבערג, איז שוין דעמאָלט געווען אַן אָנהענגער פון מיטאַרבעטן מיט דער פּויליש אַנטיסעמיטישער „אָזאָן"־רעגירונג. לייבל מינצבערגס חניפהדיקע פּאָליטיק לגבי דער פּוילישער רעגירונג, איז געווען אַ מוסטער־בילד פאַר דעם שפּעטערדיקן יודענעלטעסטן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט.

אויך זיין פּריוואַט־לעבן איז געגאַנגען באַרג אַראָפּ. עס זענען אים אָפּגעשטאָרבן די ערשטע און די צווייטע פרוי. קיין קינדער האָט ער נישט געהאַט. „זיין מאַטעריעלער מצב איז געווען נישט קיין געהויבענער. ער האָט געאַרבעט שווער, כדי זיך אַרויסצושלאָגן די פּרנסה. אין די לעצטע יאָרן פאַר מלחמה־אויסברוך, איז רומקאָווסקי געווען אַן אַגענט פון אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט. אָבער ער איז שטענדיק געווען אַ מענטש מיט ריינע הענט און אַן ערלעכער געזעלשאַפטלעכער טוער" — אַזוי האָט יאַני שולמאַן געשריבן אין זיינע נאָטיצן, וואָס טראָגן די דאַטע פון חודש מערץ, יאָר 1941, אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט.[121] שולמאַן קריטיקירט זייער שאַרף רומקאָווסקיס טעטיקייט אין געטאָ און בעט זיינע חברים, דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע ציוניסטן (אויסגערעכנט די נעמען), די פריינט. וואָס האָבן אַ השפּעה אין ארץ־ישראל, זיי זאָלן אַרויסטראָגן אַן אָביעקטיוון פּסק־דין איבער רומקאָווסקיס טעטיקייט אַלס יודענעלטעסטער אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט.[122] יאַני שולמאַן איז אין יאָר 1942 געשטאָרבן אין לאָדזשער געטאָ.

*

פון די געבראַכטע ציטאַטן פון יאַני שולמאַנס נאָטיצן באַקומט מען אַ קלאָר בילד פון דעם גייסטיקן, געזעלשאַפטלעכן און מאָראַלישן באַגאַזש, מיט וועלכן מרדכי חיים רומקאָווסקי איז אַריבער פון דער מדרגה פון אַ געוויינלעכן פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער לאָדזשער קהילה צום שטאַנד פון „יודענעלטעסטען" פון דער צעחרובטער און צעשטויבטער 200 טויזנט־קעפּיקער לאָדזשער יידישער עדה. אַלע נישט אויסגעלעבטע געזעלשאַפטלעכע אַמביציעס, די נישט־אויסגעלאָדענע ענערגיע פון א מענטש, וואָס שאַצט זייער הויך זיין אייגענעם געזעלשאַפטלעכן כוח — האָבן זיך אַ ריס געטאָן דורך אַלע שפּאַרונעס פון זיין איך, וועלכער איז אָפטמאָל געזעלשאַפטלעך אַזוי באַליידיקט געוואָרן

דורך די מער פעיקע אָנפירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש.[123]

דערזעענדיק זיך אין דער נייער ראָל אַלס פּרעזעס מיט אַן „אומבאַגרענעצ־טער" מאַכט איבערן יידישן לאָדזש, ביי אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע אומשטענדן, האָט רומקאָווסקי דערפילט, אַז זיין צייט איז געקומען און „ער וועט זיי ווייזן, וואָס ער קאָן".[124] צו אַזאַ אויספיר קומט אויך יאַני שולמאַן אין זיינע נאָטיצן. ער האָט געשריבן:

„עס האָט אים [רומקאָווסקין] באַהערשט די מחשבה, אַז זיין נאָמען וועט אין דער צוקונפט פאַרצייכנט ווערן אין דער היסטאָריע. איידער ער איז נאָך אַריין אין אָפּגעשלאָסענעם געטאָ, האָט ער שוין געגלויבט אין דער דערהויבענער שליחות, וואָס איז פאַר אים באַשטימט. ער איז געווען אַ שוואַכער און קרענקלע־כער מענטש און איצט האָט ער אָנגעהויבן צו זאָרגן פאַר דער אָפּהיטונג פון זיין געזונד. אָבער אין דער גאַנצער צייט איז פון זיינע אויגן נישט אַוועק דער הויפּטציל: דער שלום פון כלל ישראל. דער יצר־הרע צו מאַכט איז דאָך נישט געווען דער הויפּט־פאַקטאָר אין זיין טעטיקייט, אָבער פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, זענען פאַרווישט געוואָרן די גרענעצן און די תאווה צו הערשן האָט זיך ביי אים געשטאַרקט."[125]

אַזוי האָט געשריבן אַ מענטש, וואָס האָט גוט געקענט מ. ח. רומקאָווסקין פאַר דער מלחמה און אָבסערווירט אים פון דער נאָענט בעת זיין אָנהויב־טעטיקייט אַלס יודענעלטעסטער און שפּעטער אין געטאָ ליטצמאַנשטאָט. די רייכע דאָקו־מענטן־זאַמלונג און גבית־עדות, וואָס נעמען אַרום רומקאָווסקיס טעטיקייט פון דעם מאָמענט, ווען די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט ליקווידירט די קהילה־פאַרוואַלטונג און אים באַשטימט אַלס יודענעלטעסטען, ביז דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ מיט רומקאָווסקין צוזאַמען — באַשטעטיקן נאָר טיילווייז די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען אין יאַני שולמאַנס נאָטיצן, ווייל דער שלום פון כלל ישראל איז נישט געווען דער הויפּטציל פונעם יודענעלטעסטען.

מיט זיין איינשטעלונג, וואָס ער האָט גערירשנט פון לייבל מינצבערג, אַז מ'קען שלום מאַכן אַפילו מיטן ערגסטן יידישן שונא און דורך איבערקויפן, חניפה און אונטערטעניקייט קאָן מען אָפּווענדן גזירות — האָט מרדכי חיים רומקאָווסקי אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אַלס „יודענעלטעסטער". מתחילת האָט ער ממש וווּנדער באַוויזן אין אַריינברענגען אָרגאַניזאַציע אין דעם בלוטיקן תוהו ובוהו, וואָס די דייטשן האָבן געבראַכט אין יידישן לעבן.[126] אָבער גאָר גיך איז רומקאָווסקי, אַליין נישט באַמערקנדיק וויאַזוי, געוואָרן זייער ווערק־צייג — אַ שרייפל אין דעם שרעקלעכן צייך־ראָד פון דער מאַשין פון דער פּלאַנירטער דייטש־נאַצישער יידן־אויסראָטונג.

## 8.

# יידישער אפטימיזם אין דער פרווו זיך צוצופאסן צו די גרויליקע לעבנס־באדינגונגען

### א. דייטשן אָרגאַניזירן זייערע אַמטן און זעצן פאָר דאָס פייניקן און באַרויבן יידן

מתחילת, נאָכדעם ווי רומקאָווסקי איז דורך דער דייטשער מאַכט באַ־שטימט געוואָרן אַלס יודענעלטעסטער, האָט זיך דער מצב פון דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג גאָרנישט געענדערט. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט נאָך אַלץ געהאַלטן ביים ערשטן עטאַפּ פון איר יידן־אויסראָטונגס־פּאָליטיק. קיין שום אָפיציעלע פאַראָרדענונגען האָבן נישט רעגולירט דאָס לעבן פון די יידן, הגם די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט שוין געהאַט איינגעשטעלט אירע מיליטערישע און פּאָליצייאישע אַמטן, וועמענס טעטיקייט אין „וואַרטעגאו", צו וועלכן עס האָט געהערט לאָדזש, איז רעגולירט געוואָרן דורך היטלערס אַ דעקרעט פון 8־טן אָקטאָבער 1939.[127] אָבער די דאָזיקע אָרדנונג און געזעצמעסיקייט, מיט וועלכער די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אָרגאַניזירט אירע מאַכט־אָרגאַנען אין לאָדזש, האָט ביי דער יידישער באַפעלקערונג נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם כאַאָס, די הפקרות, די אומזיכערקייט מיטן לעבן.

די ניי אַנטשטאַנענע דייטשע פּאָליצייאישע, מיליטערישע, פּאַרטייאישע און אַנדערע אינסטאַנצן האָבן פּשוט געפירט צווישן זיך אַ וועט־געיעג, ווער עס וועט מער פייניקן און באַרויבן די שוצלאָזע און פאַרצווייפלטע יידן.

„פאַרשידענע אינסטיטוציעס [דייטשע] האָבן קאָנקורירט צווישן זיך בנוגע דעם רויב. פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געכאַפּט מיט נישט ווייניקער התמדה און ענערגיע ווי די ווירטשאַפטלעכע, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ כאַאָס, אַז גאַנץ אָפט האָט מען אַרעסטירט און געשלאָגן מכת רצח דעם געשעפט־ אָדער פאַבריקס־אייגנטימער דערפאַר, וואָס ער האָט געלאָזט פריער צונעמען די סחורות דורך אַן אַנדערער אָרגאַניזאַציע.

— — — אַ חוץ די לעגאַלע אָפיציעלע קאָנפיסקאַציעס פון אַלע פאַר־מעגנס אַפילו די קלענסטע, נישט אויסגענומען שטוב־זאַכן, האָבן פּריוואַטע דייטשן גאַנץ אומגעשטערט, בייטאָג און ביינאַכט, פאַרנומען אַלץ, וואָס האָט

זיך נאָר געפונען ביי יידן. גאַנצע צוגן, געפּאַקט מיט די שענסטע מעבל־שטיק און אַנדערע חפצים, זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד.״ [128]

די קהילה־אָנפירונג און שפּעטער רומקאָווסקי אַלס יודענעלטעסטער, האָבן זיך באַמיט צו ״רעגולירן״ די דייטשע כאַפּעניש אויף אַרבעט אויף דעם אופן, וואָס די קהילה האָט זיך פאַרפּליכטעט צוצושטעלן דעם געהעריקן קאָנטינגענט יידישע אַרבעטער פאַר די דייטשע אָקופּאַציע־אַמטן. ביי דער קהילה איז געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטס־אַמט, וואָס האָט פונקציאָנירט — צום ערשט אין דעם קהילה־בנין, פּאָמאָרסקאַ 18, און דערנאָך, ווען די דייטשן האָבן דעם בנין צוגענומען — אויף צעגעלניאַנאַ 17, אין לאָקאַל, ווו עס איז אַמאָל געווען ״לינת הצדק״.

דער קהילה־אַרבעטס־אַמט האָט אויסגעשטעלט אַן אַפּאַראַט מיט באַ־אַמטע, וואָס האָבן דורכגעפירט אַ צעטיילונג פון דער שטאָט לויט די ראַיאָנען און יעדן טאָג האָבן די יידישע איינוווינער פון אַ באַשטימטן ראַיאָן געמוזט גיין אויף אַרבעט צו די דייטשן און אָפּגעבן זיך פאַר אַ קרבן אויף שווערער פּייני־קונגען, זילזולים און באַליידיקונגען.

ביי די דאָזיקע פּיינלעכע איבערלעבונגען, אויפן ערשטן עטאַפּ פון דער דייטש־היטלערישער יידן־אויסראָטונג, פּונקט ווי אין דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע — איז בולט געקומען צום אויסדרוק דער קלאַסן־אונטערשיד אין דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג. דער באַלעבאַטישער טייל, וואָס האָט נאָך אויף וועלכן ס׳איז אופן איינגעהאַלטן זיין פאַרמעגן — האָט זיך אויסגעקויפט פון אָט דער פּיינלעכער דייטשער אַרבעט.

אַ באַאַמטער, וואָס איז געווען באַשעפטיקט אין אַרבעטס־אַמט פון דער קהילה אויף צעגעלניאַנאַ 17, אין געוו. לאָקאַל פון ״לינת הצדק״, באַשרייבט אַזוי דעם אופן פון צושטעלן אַרבעטער פאַר די דייטשן:

״ביים באַשטימען יידן אויף אַרבעט האָט דער אַרבעטס־אַמט איינגעפירט אַ סיסטעם פון געבן צעטלען מיט דער אָנווייזונג, ווען און וווהין מ׳דאַרף זיך מעלדן. רייכערע יידן, וואָס האָבן געוואָלט אויסמיידן די אַרבעט, פלעגן שיקן אויף זייערע ערטער אָרעמע, אַרבעטסלאָזע יידן. ס׳איז שוין אַפילו געווען אויס־געאַרבעט אַ פּרייז — מענער האָט מען געצאָלט צו 5 מאַרק און פרויען — צו דריי מאַרק אַ טאָג.

ביים אַרבעטס־אַמט פלעגן פון אינדערפרי אָן שטיין פיל אַרבעטסלאָזע, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַזעלכע אַרבעטס־צעטלען. שפּעטער האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דער סיסטעם איז אַ שלעכטער, ווייל די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אַרבעט, ווי פאַר דער גאַנצקייט פון די זאַכן אויף די אַרבעטס־פלעצער האָבן געטראָגן די, וואָס האָבן געשיקט פאַרטרעטער. עס זענען געווען פאַלן, ווען אַזעלכע פאַרטרעטער האָבן בעת דער אַרבעט צוגענומען זאַכן און די

וואָס זענען געווען רעגיסטרירט צו דער אַרבעט, האָבן געהאַט צוליב דעם אויס־צושטיין צרות. מען האָט דעריבער געמוזט ענדערן דעם סיסטעם אויף אַזאַ אופן, אַז באַשטימטע אויף אַרבעט זאָלן זייער אַפּצאָל אַריינטראָגן אין אַרבעטס־אַמט און ער זאָל באַשטימען אַרבעטער, וועלכע זאָלן זיין פאַר זיך פאַראַנטוואָרטלעך.

ביז דאָס איז אַריין אין לעבן איז געווען אַ שטיקל טומל מצד די אָרעמע אַרבעטסלאָזע. זיי פלעגן, ווי געוויינלעך, קומען אינדערפרי צום אַרבעטס־אַמט, וואַרטן אויף אַרבעט, האָבן אָבער קיין אַרבעט נישט באַקומען. זיי האָבן געבעטן, געשריגן און זייערע פּראָטעסטן זענען געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ דראָענדער.״ [129]

די באַמיאונגען פון דער קהילה און שפּעטער פון רומקאָווסקין אָפּצושטעלן די כאַפּעריי דורך געבן די דייטשן בחנמדיקע יידישע אַרבעטס־הענט — האָט נישט געהאָלפן. י. טאַבאַקסבלאַט שרייבט אין זיינע זכרונות, אַז אויף אַן אינטער־ווענץ פון דער קהילה, האָט דער דייטשער אַרבעטס־אַמט ״אַרויסגעגעבן אַ פאַר־באָט צו כאַפּן אין גאַס סתם אויף אַרבעט״.[130] אַזאַ פאַרבאָט פיגורירט נישט אין קיין שום אָפיציעלן דייטשן דאָקומענט פון יענער צייט. אויב אַפילו ער איז געווען, האָט ער נאָר געדאַרפט דינען ווי אַ דעק־מאַנטל פאַר די אָפּגעטועטע קרימינעלע פאַרברעכנס פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. ווען די דאָזיקע מאַכט וואָלט ערנסט געמיינט מיט אָפּשטעלן דאָס כאַפּן אויף דער אַרבעט — האָט איר נישט געפעלט קיין עקזעקוטיווע מיטלען אַזאַ פאַרבאָט דורכצופירן אין דער פּראַקטיק.

נאָך דעם ״פאַרבאָט״ און נאָכן צושטעלן דעם געהעריקן קאָנטינגענט יידישע אַרבעטער האָבן די דייטשן ווייטער געכאַפּט יידן, זיי געפּייניקט, גע־שלאָגן אויף אַן אכזריותדיקן אופן און אין פיל פאַלן גענומען אויסקויף־געלט און אָפּגעלאָזט אַהיים.[131]

רומקאָווסקי מיט זיינע עצה־געבער האָבן געוויינלעך אויסגעפירט אַלע באַפעלן פון דער דייטשער מאַכט. נאָר קעגן איין באַפעל האָבן זיי זיך קעגנ־געשטעלט, נעמלעך: דער נידערטרעכטיקער פאַרלאַנג פון דייטשן, אַז די קהילה זאָל עפענען אַ שאַנד־הויז מיט 180 פּוילישע פּראָסטיטוטקעס פאַר פאַרגעניגן פון די ״דויטשע סאָלדאַטען און אָפיצירע״.[131א]

### ב. יידן באַמיען זיך צו עפענען זייערע וואַרשטאַטן, קראָמען און אונטערנעמונגען

מיט דעם איינגעוואָרצלטן אָפּטימיזם פון אַ פאָלק, וואָס האָט שוין איבער־געלעבט פילמאָליקע פאַרפאָלגונגען און גרויזאַמע אכזריות פון יידן־שונאים, גזירות און חורבנות — האָט דער ווייט גרעסטער רוב פון לאָדזשער יידן, און אַ טייל פון דער אינטעליגענץ, זיך באַמיט צוצופּאַסן צו די נייע גרוילִיקע

לעבנס־באַדינגונגען, וואָס עס האָט געשאַפן די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט פאַר יידן. „מ׳דאַרף קאָנען אויסהאַלטן די צרות, זיי וועלן נישט אייביק דויערן" — איז געווען די קאָלעקטיווע מחשבה פון די געפּייניקטע לאָדזשער יידישע מאַסן, וועלכע זענען אין משך פון דעם לעצטן יאָרצענדליק געגאַנגען פון פּיין צו פּיין. שוין יענע איבערלעבונגען האָבן אויסגעשעפּט יעדע ענערגיע און ווילן פּיזיש זיך קעגנצושטעלן דעם שונא, בפרט אַזאַ שונא ווי עס איז געווען דער אכזריות־דיקער, פון קאָפּ ביז פּיס באַוואָפנטער, דייטשער אָקופּאַנט.

אָט די דאָזיקע מחשבה פון — „מ׳דאַרף קאָנען אויסהאַלטן" — האָט אַמשאַרפסטן געבערענגט צום אויסדרוק איינער פון די ערשטע קרבנות פון דער דייטשער אויסראָטונג: יוסף מאָרגענטאַלער, דער פירער פון די יידישע אָרגאַניזירטע טעקסטיל־אַרבעטער אין לאָדזש.

חוה לעווקאָוויטש, די געוו. מיטגלידערין פון דער פאַרוואַלטונג פון יידישן טעקסטיל־פאַריין, האָט געעצהט מאָרגענטאַלערן, אַז ער זאָל תיכף פאַרלאָזן לאָדזש אָדער זיך אויסבאַהאַלטן ווי זיינע חברים שמואל מילמאַן און אפרים זעלמאַנאָוויטש. דערויף האָט מאָרגענטאַלער געענטפערט: „איך קאָן שוין די זאַכן, איך האָב שוין איבערגעלעבט איין וועלט־מלחמה און אַ דייטשע אָקו־פּאַציע". [132] דער סעקרעטאַר פון יידישן טעקסטיל־פאַריין איז געזעסן ביי זיך אין דער היים ביז די געשטאַפּאָ האָט אים צוגענומען.

אַזוי האָבן, ליידער, אויך געטראַכט די פירער פון בונד און לינקע פּועלי־ציון, די איידעלע יידישע סאָציאַליסטן — חיים לייב פּאָזנאַנסקי און לייב האָלענ־דערסקי, וועלכע האָבן אויף דער „איינלאַדונג" פון געשטאַפּאָ זיך צוגעשטעלט. אויך דער געוועזענער בונדישער לאַווניק און באַליבטער דאָקטאָר — אַלעק־סאַנדער מאַרגאָליס, האָט זיך נישט אויסבאַהאַלטן, געבליבן אין לאָדזש מיט דער איבערצייגונג, אַז די דייטשן וועלן נישט אומברענגען קיין דאָקטוירים, וואָס זענען אַזוי נויטיק אין מלחמה־צייט, און ער איז געווען פון די ערשטע אַרעסטירטע, וואָס זענען שוין נישט אַהיימגעקומען.*

*

די צענדליקער טויזנטער לאָדזשער יידן, וואָס זענען צוריקגעקומען קיין לאָדזש נאָכן ערשטן געלויף און די וואָס זענען געבליבן אין דער היים, האָבן אין אָנהייב דייטשער אָקופּאַציע זיך גענומען יעדער צו זיין באַשעפטיקונג. אין הסכם מיט דער דייטשער אויפפאָדערונג צו דער באַפעלקערונג זיך צוריק־צוקערן צו דער נאָרמאַלער אַרבעט, האָבן זיך געעפנט אַלע פאַבריקן און וואַר־

* מיר האָבן נישט קיין שום אינפאָרמאַציעס (זכרונות, גבית־עדות) וועגן דעם, ווי עס האָבן רעאַגירט אויף דער דייטשער אכזריותדיקער אָקופּאַציע די פירערס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון אַנדערע יידישע פּאַרטייען, וואָס עס מאַכט אונדז אוממעגלעך צו שרייבן וועגן זיי.

שטאָטן. די יידישע קראָמען און בענק, יידישע שניידערס האָבן באַקומען אַרבעט פון יידן, וואָס האָבן זיך געגרייט צו אַנטלויפן און זיך געלאָזט נייען מלבושים. אויך פּאָלאַקן און לאָדזשער ציווילע דייטשן האָבן נאָך געגעבן צו אַרבעטן אין די יידישע שניידער־וואַרשטאַטן. עס האָבן זיך געעפנט די יידישע „ביטע־שריפטן״־ביוראָען און יידן האָבן זיך געלאָזט שרייבן בקשות צו דער דייטשער מאַכט, וועגן באַפרייען פון אַרעסט זייערע קרובים, באַפרייען פון אַרבעט, דער־לויבן אַרויסצופאָרן אדג״ל.[133]

אין די יידישע פאַבריקן, ווו עס האָבן געאַרבעט יידן אָדער יידישע אָנגעשטעלטע, האָבן דייטשן געהעצט קעגן די יידן. געווען אַ פאַל אין עטינגאנס פאַבריק, אַז דער קאַסירער פון דער אונטערנעמונג, דער ייד דאוואגאלעווסקי, האָט פאַר מלחמה־אויסברוך אָפּגענומען פון באַנק 80 טויזנט זלאָטעס אויסצוצאָלן די אַרבעטער. בעת דער עוואַקואַציע איז ער מיט דעם געלט אַנטלאָפן קיין וואַרשע. ווען די פאַבריק איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג, נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָדזש, איז נישט געווען אויסצוצאָלן די אַרבעטער. אין פאַבריק האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדע העצע קעגן יידישן קאַסיר, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס געלט און קעגן יידן בכלל. דער ערלעכער דאוואגאָלעווסקי איז שפּעטער צוריקגעקומען מיטן גאַנצן געלט. מ׳האָט די אַרבעטער אויסגעצאָלט און די אַנטיסעמיטישע העצע אין אייטינגאנס פאַבריק האָט זיך אָפּגעשטעלט.[134]

די לאָדזשער דייטשן זענען געוואָרן חוצפּהדיק. אין די יידישע פאַבריקן, ווו זיי זענען געווען באַשעפטיקט, האָבן זיי דערוויטערט די יידישע פאַבריקאַנטן פון דער אונטערנעמונג נאָך איידער עס איז אַרויס די פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט צו פאַרכאַפּן די יידישע אונטערנעמונגען.[135]

קלינגבייל, אַן אָנגעשטעלטער אין דער טעקסטיל־פאַבריק פון ראָזען, דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז אין אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין לאָדזש, איז ער אַוועק צו דער אַרבעט אין ראָזענס פאַבריק ווו ער איז געווען באַשעפטיקט אַלס טעקסטיל־מייסטער. דער פּראָקורענט פון דער פירמע, דער דייטש מילער, איז געוואָרן דער גאַנצער באַלעבאָס אין דער פאַבריק. „ראָזען האָט זיך געוואָלט ראַטעווען און האָט די פאַבריק איבערגעשריבן אויפן נאָמען פון זיין דייטשן פּראָקורענט. מילער האָט זיך באַמיט ווו מ׳דאַרף און דער יידישער פאַבריקאַנט איז צוגענומען געוואָרן אַלס ערובניק. מתחלת האָט זיין פרוי אים געטראָגן עסן אין תפיסה. אין איין טאָג האָט מען איר דערקלערט, אַז איר מאַן איז טויט.

„אין ראָזענס פאַבריק זענען די קלענערע באַאַמטע, דייטשן, געוואָרן די פירער פון דער אונטערנעמונג און די פאַקטישע דירעקטאָרן, די יידן: געצאָוו, אינזעלשטיין אאנ״ד, האָבן זיך געמוזט אונטערוואַרפן די פאַראָרדענונגען און אָנווייזונגען פון די דייטשע באַאַמטע. אויך די דייטשע אַרבעטער אין פאַבריק

זענען געוואָרן חוצפּהדיק. לסוף האָט מען אָנגעהויבן באַזייטיקן די יידן״. 3 יידן זענען געבליבן אין דער געשעפטס־פירונג מיט דעם באַדינג, אַז זיי דאַרפן אויסלערנען די דייטשן צו פירן די פאַבריק.[136] אויף דעם זעלבן אופן, דורך באַזייטיקן יידישע אייגנטימער, האָבן לאָדזשער ציווילע דייטשן אויך פאַר־כאַפּט יידישע וווינונגען. די לאָדזשער דייטשן האָבן פשוט אַרויסגעוואָרפן זייערע יידישע שכנים און פאַרכאַפּט זייערע דירות.

## ג. דער מצב פון יידישן שולוועזן און לערער אין די ערשטע וואָכן פון דער דייטשער אָקופּאַציע

אויך די יידישע לערער, וועלכע זענען אין זייער גרעסטן רוב געבליבן אין לאָדזש, האָבן זיך געשטעלט צו דער אַרבעט אין די שולן. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט נאָך דאָס שולוועזן נישט געהאַט אַריינגענומען אין אירע הענט און געלאָזט דערווייל די פּאָלאַקן אַליין צוריק אויפשטעלן די שולן. דער פּוילישער בירגער־קאָמיטעט, וועלכן מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט אויסגע־טיילט פון זיך אַ קאָמיסיע אין די פּערזאָנען פון: רעמישעווסקי, ווישניאַצקי, לאָרענץ און שאָשע. די דאָזיקע שול־קאָמיסיע האָט אין לאָקאַל פון דער שול־און בילדונגס־אָפּטיילונג, פּיראָמאָוויטשע 10, דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע לערער, דערונטער אויך יידישע, וואָס מוזן תיכף איבערנעמען די שול־אַרבעט. די שטאָטישע פאָלקס־שולן, בתוכם אויך די יידישע, צווישן זיי די שולן מיט דער יידישער אונטעריכטס־שפּראַך — מעדעם־שול און באָראָכאָוו־שול — האָבן אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן.[137]

די עכטע פּוילישע שולן מיט זייערע פּויליש־„אַרישע" פּערסאָנאַלן און תלמידים, האָבן געקאָנט נאָרמאַל פונקציאָנירן. אַ חוץ קליינע נגישות, ווי אָנפאַלן פון לאָדזשער ציווילע דייטשן אויף פּוילישע שילער און אַראָפּרייסן פון זייערע מונדירן די קנעפּ מיטן אָדלער[138] — האָט די פּוילישע שול־יוגנט נישט געליטן.

די יידישע שולן זענען, קודם כל, געשטערט געוואָרן אין זייער אַרבעט דורך די דייטשע רעקוויזיציעס פון די שול־לאָקאַלן. דער פּרעכטיקער שול־בנין, וואָס די פאַרוואַלטונג פון די יידישע גימנאַזיעס * האָט ערב מלחמה אויס־געבויט אויף אנשטאטא 7, איז רעקוויזירט געוואָרן גלייך נאָכדעם ווי דאָרט

---

* די יידישע גימנאַזיעס האָט מען גערופן „ברוידע גימנאַזיעס". זייער גרינדער איז געווען דער באַוווסטער מטיף און קולטור־טוער ד״ר ברוידע. די דאָזיקע זייער פּאָפּולערע בילדונגס־אַנשטאַלטן אין לאָדזש, מיט אַ געקליבענעם לערער־פּערסאָנאַל פון געלערנטע, ווי ד״ר פיליפּ פרידמאַן, ד״ר טאַרטאַקאָווער, ד״ר נתן עק אאנ״ד — האָבן פאַרמאָגט אַ מענער־גימנאַזיע און אַ פרויען־גימנאַזיע. די אונטעריכט־שפּראַך איז געווען פּויליש. עס איז אויך געלערנט געוואָרן העברעיש און יידישע למודים אויף העברעיש. (פון א. וו. יאַסניס זכרונות.)

האָבן זיך אָנגעהויבן די לימודים. דאָרט האָט זיך איינגעאָרדנט די געשטאַפּאָ און נאָך דער באַפרייאונג, דער פּוילישער זיכערהייטס־אַמט (אוזשאָנד בעזפּיע־טשענסטוואַ — „או. בע״).

אויך דער שול־בנין פונעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן (גימנאַזיע), אויף זאַוואַדזקי גאַס, איז צוגענומען געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט. אַזוי איז געשען מיט אַ גאַנצער ריי לאָקאַלן פון יידישע שולן, פון וווּ די דייטשן האָבן אַרויסגעטריבן די קינדער און צוגענומען די בנינים אָן אַ פריערדיקער מיטיילונג. עס זענען אין דער זעלבער צייט רעקווירירט געוואָרן פּוילישע שול־בנינים. די פּוילישע שולן זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין די צוגענומענע יידישע שול־לאָקאַלן, וועמענס אָנפירונגען האָבן געמוזט זוכן נייע דירות, כדי אויסצופירן די דייטשע פאַראָרדענונג וועגן נאָרמאַלן פונקציאָנירן פונעם שול־וועזן. [139]

ביי דעם אַלגעמיינעם דוחק אין שפּייז־פּראָדוקטן — זענען די קינדער פון די פּוילישע שולן געשטיצט געוואָרן דורכן בירגער־קאָמיטעט, וועלכער האָט געגעבן צוגאָב־באַשפּייזונג פאַר די קינדער, וואָס האָבן געליטן הונגער, די „אַרישע״ לערער האָבן אויך באַקומען געהאַלט. פאַר די יידישע קינדער איז נישט געווען ווער עס זאָל זאָרגן. די יידישע לערער האָט מען קיין געהאַלט נישט אויסגעצאָלט.

אליהו טאַבאַקסבלאַט אין זיין אַרבעט „דאָס יידישע שול־וועזן אין לאָדזש אונטער דער דייטשער הערשאַפט״ גיט אָן, אַז אין דער צווייטער העלפט פון חודש סעפּטעמבער 1939, ווען די שולן האָבן אָנגעהויבן טעטיק זיין, זענען געווען 36 יידישע פאָלקס־שולן* און „נאָר 3 פון זיי האָבן באַקומען געוויסע סומען אויף פאַרפלעגונג. — — — דער דייטשער בירגערמייסטער, לייסטנער, וועלכער האָט אַסיגנירט געוויסע סומעס אויף אויסצוצאָלן די לערער, האָט זיך באַוואָרנט, אַז קיין איין גראָשן טאָר נישט פאַרווענדעט ווערן פאַר יידישע לערער. עס האָט נישט געהאָלפן די אַיי. עלע אינטערווענץ פון בירגער־קאָמיטעט מיטן אַמאָליקן ראַדאָמער וואָיעוואָדע ה׳ רעמישעווסקי בראש, וועלכער האָט געבעטן דערלויבן זיך צו טיילן מיט דער באַשטימטער סומע מיט די יידישע קאָלעגן. דער בירגערמייסטער האָט דער דעלעגאַציע געדראָט מיט רעפּרעסיעס, אויב זי וועט העלפן אירע יידישע קאָלעגן.״ [140]

אַ חוץ די הונגער־לײדן פון די יידישע לערער מיט זייערע שילער, האָבן זיי נאָך געליטן פון ווערן געכאַפּט אויף אַרבעט. נישט די לערער און

---

* עס רעדט זיך דאָ וועגן פּוילישע שולן פאַר יידישע קינדער, די אַזוי גערופענע „שאַבאַסוווקעס״, וואָס האָבן געהאַט על פּי רוב יידישע לערער און געהערט צום אַלגעמיינעם מלוכהשן שולנעץ.

נישט זייערע שילער האָבן געקאָנט דערגיין ביזן שול־בנין. יונגערע קינדער האָבן יידישע עלטערן בכלל נישט געוואָלט אַרויסלאָזן אויף דער גאַס.

„נישט געקוקט אויף דער געפאַר געכאַפּט צו ווערן אויף אַרבעט, נישט אַכטנדיק אויפן הונגער־געשפּענסט — שרייבט א. טאַבאַקסבלאַט אין זיין אַר־בעט — באַשליסט די יידישע לערערשאַפט צו שטיין אויף איר פּאָסטן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועלן קומען קינדער אין שול".[141]

*

אַזוי האָט אויסגעזען דער מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש, ווען מרדכי חיים רומקאָווסקי איז דורך די דייטשן באַשטימט געוואָרן אַלס יודענעלטעסטער. די יידישע באַפעלקערונג האָט געוואָלט נאָרמאַליזירן איר לעבן, צופּאַסן זיך צו די שווערע מלחמה־באַדינגונגען און געהאָפט: אפשר וועלן די צעווילדעוועטע דייטשע אָקופּאַנטן זיך דאָך באַרויקן. אָבער די דייטשע מאַכטהאָבער, וואָס האָבן שוין געהאַט אַ פאַרטיקן טויט־אורטייל פאַר די איבער צוויי הונדערט טויזנט לאָדזשער יידן, האָבן ווייטער גערויבט, געפּייניקט און באַליידיקט די שוצלאָזע יידישע באַפעלקערונג. די דייטשן זענען נאָך נישט פאַרטיק געווען מיט דער אויסראָטונג פון דער יידישער אינטעליגענץ און געזעלשאַפטלעכע טוער. די אָקופּאַנטן האָבן זיך געגרייט צו דער ערשטער מאַסן־שחיטה איבער די יידישע עסקנים, וועלכע די געשטאַפּאָ האָט נאָך נישט געהאַט פאַרשפּאַרט אין אירע פּייניקונגס־תפיסות.

## .9

# די טעטיקייט פון רומקאָווסקין און דער טראַגישער סוף פון זיין ערשטן יודענראַט

### א. יודענראַט און „פירער"־סיסטעם

יידישע היסטאָריקער, וואָס ווילן זיין „פּינקטלעך" אין דער געשיכטס־פאָרשונג פון דער אויסראָטונגס־צייט, פאַרנעמען זיך זייער פיל מיט דער געזעצגעבונג פון „דריטן רייך", נעמלעך: צי האָבן די פאַרשידענע דייטשע פייניקער און מאַסן־מערדער געהאַנדלט אין הסכם מיט דער דייטשער געזעצגעבונג פון יענער צייט. אַזוי וויל מען אַרויסדרינגען, אַז די „אומבאַגרענעצטע מאַכט" איבער די לאָדזשער יידן, וואָס די דייטשן האָבן געגעבן רומקאָווסקין, איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס לאָדזש איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין „דריטן רייך", ווו עס האָבן געגאָלטן די געזעצן פון „פירערשאַפט".

קודם כל דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן אין כלל אויפן סמך פון די ביז איצטיקע געשיכטלעכע פאָרשונגען פון דער אויסראָטונגס־צייט: די מלוכה־פירונג פון דייטשן „דריטן רייך", האָט אין באַציאונג צו יידן געהאַט איין איינשטעלונג: אויסראָטן, אויסראָטן מיט אַלע מיטלען. אין היידריכס „שנעל־בריוו" וועגן דער פאַרטיליקונג פון יידן רעדט זיך טאַקע וועגן שאַפן יודענראַטן, וואָס זאָלן ביי דער יידישער באַפעלקערונג דורכפירן די דייטשע אויסראָטונגס־פאַראָרדענונגען, אָבער דאָרט ווו די יודענראַטן זענען געווען אַ שטערונג פאַר דעם „ענדציל", האָבן די דייטשן אויסגעמאָרדעט די יודענראַט־מיטגלידער און איבערגעלאָזט אַ יודענעלטעסטן. און ווען עס איז נייטיק געווען, האָבן די דייטשן אויך דעם יודענעלטעסטן דערשאָסן און די אויסראָטונג פון דעם רעשט יידן, האָבן דורכגעפירט די „עס עס", „עס דע", „שופּאָ" אָדער אַנדערע פאָרמאַציעס אין דייטשע מיליטערישע און פּאָליציייאישע מונדירן.

רומקאָווסקין, דעם יודענעלטעסטען פון לאָדזש האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט באַפוילן אויפצושטעלן אַ יודענראַט („עלטעסטענראַט", ווי עס הייסט אין אַן אָפיציעלן דייטשן דאָקומענט), טראָץ דעם, וואָס אין לאָדזש, ווי אַ טייל פון „דריטן רייך" זענען גילטיק געווען די „פירערשאַפט"־געזעצן. אָבער ביים אויפשטעלן דעם לאָדזשער יודענראַט, האָבן די דייטשן געהאַט גאָר אַנדערע רוצחישע כוונות: זיי האָבן געדאַרפט דורך דער דאָזיקער באַשטימונג דערפירן ביזן סוף די אויסראָטונג פון דער לאָדזשער יידישער אינטעליגענץ און עסקנים.

אין ערשטן חודש פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט זיך דער געשטאַפּאָ נישט איינגעגעבן צו אַרעסטירן אַ גרעסערע צאָל אָנפירער פון דער לאָדזשער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. נישט געקוקט אויף די צאָלרייכע אינפאָרמאַציעס, וואָס די דייטשע אויסראָטונגס־מאַכט האָט באַקומען פון איר „פינפטער קאָלאָנע״. עס איז געבליבן כמעט אינגאַנצן נישט־באַרירט די בירגערלעכע יידישע אינ־טעליגענץ. דורך באַשטימען דעם „עלטעסטענראַט״, האָט די געשטאַפּאָ, דורך רומקאָווסקיס פאַרמיטלונג, געוואָלט אַריינבאַקומען אין אירע הענט די שפּיצן פון דער לאָדזשער אָנפירערשאַפט פון יידישן בירגערטום און מאַכן מיטאַמאָל אַ בלוטיקן שניט. און די דאָזיקע רוצחישע כוונות האָט די געשטאַפּאָ דורכגעפירט אין דער פולער מאָס מיט עכטער דייטשער פּינקטלעכקייט. מיט אַ קנאַפּן חודש שפּעטער נאָכן באַשטימען זיי, זענען אַלע מיטגלידער פונעם ערשטן לאָדזשער יודענראַט, מיט געציילטע אויסנאַמען, שוין געווען אַרעסטירט דורך דער געשטאַפּאָ און אין אַ שפּעטערדיקער דאַטע אויסגעשאָסן געוואָרן.

עס איז נישט קלאָר, ווער האָט אויפגעשטעלט די רשימה פון די יודענראַט־מיטגלידער — רומקאָווסקי אָדער דער קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש אויפן סמך פון די אינפאָרמאַציעס, וואָס ער האָט באַקומען פון יודענעלטעסטן. ד״ר לעאָן שיקער, אין זיינע, דורך אונדז ציטירטע זכרונות, רוקט אַרויס די השערה, אַז רומקאָווסקי האָט מיט אַ כוונה איבערגעגעבן די יידישע געזעל־שאַפטלעכע טוער אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ, כדי זיך צו „באַפרייען פון מענטשן, וועלכע זענען נישט מסכים מיט זיין פּאָליטיק לגבי די דייטשן״.[142] אַזעלכע מיינונגען זענען דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אין לאָדזש. „וויפיל אמת עס איז געווען אין די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, איז אַפילו היינט שווער פעסטצושטעלן.״[143] פון קיין אַנדערע קוועלן האָבן מיר נישט באַקומען קיין באַשטעטיקונג אויף דער דאָזיקער שרעקלעכער באַשולדיקונג קעגן רומקאָווסקין.

וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון יודענראַט דורך דער דייטשער מאַכט דער־וויסן מיר זיך פון רומקאָווסקיס אַן איינלאַדונג צו יעדער פּערזאָן, וואָס איז לויט אַ פאַראָרדענונג פון קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש באַשטימט געוואָרן אַלס מיטגליד פון „עלטעסטענראַט״. די איינלאַדונג געשריבן אויף פּויליש האָט פאָלגנדן טעקסט:

“Der Aelteste der Juden in der Stadt Lodz“

Łódź, dnia 16 października 1939.

Do W. Pana
W miejscu.

Na mocy zarządzenia Pana Komisarza m. Łodzi zostaje W. Pan mianowany członkiem Rady Starszych, (Aeltestenrat) przy Gminie Wyzn. Żydowskiej m. Łodzi.

Przyjęcie mandatu jest obowiązkowe.

Pierwsze posiedzenie Rady Starszych, na które uprzejmie W. Pana zapraszam, odbędzie się we wtorek, dnia 17 b.m. o godz. 16.30 w lokalu Gminy Wyzn. Żydowskiej m. Łodzi przy ul. Pomorskiej 18.

Ch. Rumkowski

Przełożony Starszeństwa Żydów w Łodzi.

**אין דער יידישער איבערזעצונג:**

לאָדזש, דעם 16־טן אָקטאָבער 1939

דער עלטעסטער דער יודען אין דער שטאָט לאָדזש

ד אָ

צום ה׳ הער.

אויפן סמך פון דער פאַראָרדענונג פון הער קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש, ווערט דער ה׳ הער באַשטימט אַלס מיטגליד פון עלטעסטענראַט ביי דער קהילה פון יידישן גלויבן אין דער שטאָט לאָדזש.

דאָס אָננעמען דעם מאַנדאַט איז פאַרפליכטנד.

די ערשטע זיצונג פון עלטעסטענראַט, אויף וועלכער איך פאַרבעט העפלעך דעם ה׳ הער, וועט פאָרקומען דינסטיק, דעם 17־טן ל.ח., אַזייגער 16.30 אין לאָקאַל פון דער קהילה פון יידישן גלויבן פון דער שטאָט לאָדזש אויף פאָמאָרסקע 18.

ח. רומקאָווסקי

דער יודענעלטעסטער אין לאָדזש״

**אויף דער דאָזיקער איינלאָדונג פון רומקאָווסקין זענען אויסגערעכנט פאָלגנדע פּערזאָנען, וואָס גייען אַריין אין באַשטאַנד פונעם עלטעסטענראַט:**

**פישל ליבערמאַן, ד״ר י. שלאָססער, אבר. אייזנער, דוד שטאַל, יאַקאָב גוטמאַן, עדוואַרד באַביאַצקי, וו. גלאַסס, לעאָן מאַקרסקי, ד״ר ד. העלמאַן, שמואל האָכענבערג, דוד ווינדמאַן, יאַנאַס ראָזען, איזידאָר וויינשטיין, יאַקאָב לעשטשינסקי, העינריק אַקאָוויטש, איגנאַצי יאַשונסקי, מיעטשיסלאַוו הערץ, סאַמועל פּאָוסט, ד״ר א. דאַם, אַדוו. סטאַניסלאַוו גלאַטטער, מאַקס ווישיע־וויאַנסקי, ד״ר פראַנקפורט, יאַקאָב לאנדא, פינקוס גערשאווסקי, ח. מ. פיק, דוד וואַרשאַווסקי, אַדוואָקאַט ל. רובין, ד״ר זיגמונט וואַרשאַווסקי, ראָבערט סוויטגאַל, מאַרקוס בענדער, יאַקוב הערטץ.״** [144]

**אין די אַרכיוון האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן קיין שום באַריכטן פון דער ערשטער זיצונג פון ערשטן לאָדזשער יודענראַט, וואָס איז גערופן געוואָרן דורך רומקאָווסקין. מיר ווייסן איבערהויפּט נישט צי די זיצונג איז בכלל פאָרגעקומען. דערפאַר אָבער זענען פאַראַן ידיעות, אַז אויף צומאָרגנס נאָכן באַשטימען דעם עלטעסטענראַט, דעם 18־טן אָקטאָבער 1939, איז רומקאָווסקי צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן דאָס יידישע שולוועזן.**

## ב. דער ערשטער „גרויסער דערפאָלג" אין רומקאָווסקיס טעטיקייט

ווי מיר וויסן, האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג צו עפנען די שולן און די יידישע לערער האָבן זיך אַלע געשטעלט צו דער אַרבעט. אויפן סמך פון דער דאָזיקער פאַראָרדענונג און געשטיצט אויף דעם, וואָס אַ טייל יידישע שולן זענען פאַקטיש טעטיק געווען, האָט רומקאָווסקי זיך געוואָנדן צו דעם שטאָט־קאָמיסאַר וועגן אָפיציעל דערלויבן די עקזיסטענץ פון די יידישע שולן. רומקאָווסקי האָט אויפגעקלערט דער דייטשער מאַכט, אַז נאָר אויף דעם אופן, ד.ה. ביי דער עקזיסטענץ פון יידישע שולן, קאָן ער, דער יודענעלטעסטער, נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער גוטער אויפפירונג פון דער יידישער יוגנט.

„די דאָזיקע אַרגומענטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר איבערצייגנד. נישט בלויז, וואָס דער יודענעלטעסטער איז געוואָרן באַפולמעכטיקט צו אָרגאַניזירן דאָס יידישע שול־וועזן, נאָר ער איז געוואָרן פאַרפליכטעט פאַרצוזעצן די למודים אין די יידישע שולן. ער האָט אויך באַקומען די פולמאַכט פון דייטשן שטאָט־קאָמיסאַר צו באַלאַסטן דער יידישער באַפעלקערונג מיט שטייערן לטובת דעם שול־וועזן." [145]

ווי שפּעטער די גאַנצע קולטור־אַרבעט און ווי די „געטאָ־אויטאָנאָמיע", מיט וועלכער די דייטשן האָבן מזכה געווען די לאָדזשער יידן, אַזוי אויך דאָס דערלויבן אַ יידיש שול־וועזן אין אָנהויב פון דער אָקופּאַציע, איז נאָר געווען איינע פון די מיטלען צו פאַרבלענדן די אויגן פון דער יידישער באַפעלקערונג, זי זאָל נישט דערזען די ריכטיקע דייטשע אויסראָטונגס־כוונות.

דער יודענעלטעסטער האָט, דורך זיין גוטן אָנהייב ביי דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט תיכף דערפילט זיין כוח און חשיבות. ער האָט זיך גע־וואָנדן צום לינקן פּועלי־ציוניסטישן טוער און פאַרמלחמהדיקן אָנפירער פון אַ מלוכהשער שול פאַר יידישע קינדער, אליהו טאַבאַקסבלאַט, ער זאָל זיך פאַרנעמען מיט אָרגאַניזירן דאָס יידישע שול־וועזן אויף דעם באַדינג, אַז ביי די שולן זאָלן אָרגאַניזירט ווערן קיכן, וואָס וועלן באַשפּייזן די קינדער. „רומ־קאָווסקי האָט געבילדעט אַ שול־קאָמיסיע, אין וועלכער עס זענען אַריין אַ חוץ די מיטגלידער פון „בייראַט" אויך ד"ר ברוידע, ד"ר בראַנטשטעטער, רעדאַקטאָר ישעיהו אוגער, ד״כטער יצחק קאַצענעלסאָן און צוויי אָנפירער פון די פאַר־מלחמהדיקע מלוכהשע שולן פאַר יידישע קינדער: מיכאל גינזבערג און אליהו טאַבאַקסבלאַט." [146]

## ג. רומקאָווסקיס תקיפות און זיין באַציאונג צום „עלטעסטענראַט"

א. טאַבאַקסבלאַט האָט, אין זיינע זכרונות, געגעבן אַ נייעם באַגריף איבער דעם „עלטעסטענראַט", וואָס איז דורך רומקאָווסקין, אין פאַרשטענדיקונג מיט דער דייטשער מאַכט, געשאַפן געוואָרן — „בייראַט". די דאָזיקע באַצייכענונג פאַרן לאָדזשער יודענראַט טרעפן מיר אָפט אין די זכרונות און גבית־עדות פון לאָדזשער יידן, וואָס האָבן געלעבט אין דער אויסראָטונגס־צייט. אַזוי האָט רומקאָווסקי טראַקטירט דעם עלטעסטענראַט, נאָר ווי אַ „בייראַט", וואָס דאַרף אים געבן עצות. אָבער אין אָפיציעלע דאָקומענטן ווערט דער באַגריף „בייראַט" נישט דערמאָנט.

באַלד פון אָנהויב אָן, ווי נאָר רומקאָווסקי האָט פון די דייטשן באַקומען די מאַכט אַלס יודענעלטעסטער, האָט ער באַלד אָנגעהויבן צו האַנדלען זעלבסט־שטענדיק אויף אייגענער אחריות. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק שוין אויף דער ערשטער זיצונג פון דער שול־קאָמיסיע מיט די מיטגלידער פון „בייראַט". „ס'זענען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך באַמיט מיט אַלע פאַרשידענע מיטלען אָפצוווענדן רומקאָווסקין פון זיין פּלאַן". רומקאָווסקי האָט אָבער נישט געוואָלט אָפּטרעטן און „נאָך לאַנגע דינגענישן איז דער בודזשעט פאַר דעם שול־וועזן באַשטעטיקט געוואָרן." [147]

מיט דעם ברענגען אין באַוועגונג די יידישע שולן הייבט זיך אָן מרדכי חיים רומקאָווסקיס געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אַלס יודענעלטעסטער, באַשטע־טיקט פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט.

## ד. די אילוזיעס הויבן אָן צו ווירקן

דאָס איינשטעלן די שולן, די קיכן ביי די שולן צו באַשפּייזן די קינדער, דאָס אויסצאָלן אַ געוויסן געהאַלט די יידישע לערער* — האָט געשאַפן די ערשטע אילוזיע, אַז ביי דער דייטשער הערשאַפט קאָן מען דורכלעבן די צווייטע וועלט־מלחמה. אין זין פון דעם דאָזיקן אָפּטימיזם, האָט אליהו טאַבאַקסבלאַט געשריבן אין זיינע זכרונות: „זייענדיק אין אַ געוויסער מאָס מאַטעריעל פאַר־זאָרגט, זענען די לערער צוגעטרעטן מיט נאָך אַ גרעסערן אייפער צו קאָנטינואירן

* אויף דער אויפפאָדערונג פון דייטשן שטאָט־קאָמיסאַר, זענען די יידישע לערער געוואָרן באַזייטיקט פון די „אַרישע" שולן און די פּוילישע לערער, ווי אויך די פּוילישע דינערשאַפט, האָט געמוזט פאַרלאָזן די יידישע שולן. די „אַריער" האָבן פון רומקאָווסקין באַקומען אויסגעצאָלט די פאַרלעגענע חובות און די געהעריקע פאַרגיטיקונג.

זייער אַרבעט.[148] אין יעדער שול ווערט געשאַפן אַ קיך, אין וועלכער עס ווערט געקאָכט מיטאָגן פאַר די קינדער. מיט קאָכן פאַרנעמען זיך די עלטערע קינדער אונטערן אויפזיכט פון די לערער. די פּראָדוקטן צום קאָכן באַזאָרגט די גמינע", ד. ה. רומקאָווסקי, דער „אבי היתומים", וועלכער נעמט זיך שטאַרק איבער מיטן גורל פון די קינדער.[150]

אויך אין הינזיכט פון כאַפּן אויף אַרבעט איז איינגעטרעטן אַ געוויסע ענדערונג — די דייטשן כאַפּן ווייניקער. ביי דער קהילה, ווי עס הייסט צווישן יידן, איז פאַראַן אַן אַרבעטס־אַמט. פון דאָרט שיקט מען יעדן טאָג אויף אַרבעט צו די דייטשן לויט אַ געוויסן סדר — לויט די ראַיאָנען ווו מ'וווינט. יעדער באַקומט צוגעשיקט אַהיים אַ צעטל, אַז אין דעם און דעם טאָג דאַרף ער זיך שטעלן צו דער אַרבעט אויף דעם און דעם אָרט. עס איז נאָך נישט פאַראַן קיין אָפּגעשלאָסענער געטאָ מיט אַן „אויטאָנאָמיע". אָבער דער אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, וואָס עס האָט איינגעשטעלט דער יודענעלטעסטער, קלאַפּט ווי געהעריק. אמת פון דער אַרבעט ביי די דייטשן קומט מען אַהיים צעשלאָגענע, פאַר־בלוטיקטע, מיט ווונדן אויפן קערפּער, אָפּטמאָל קאָן מען מאָרגן שוין נישט אויפשטיין מער צו דער אַרבעט,[151] אָבער דער בלית־ברירה רוקט אונטער די האָפענונג, אַז מ'וועט איבערקומען.

צו לויפן איז נישטאָ וווהין. פון אַלע זייטן יאָגט פּיין און טויט. אויך פון יענער זייט גרענעץ, פון די סאָוויעטן, וווהין עס זענען אַנטלאָפן אַ באַ־דייטנדע צאָל לאָדזשער יידן — קומען אָן נישט קיין פריילעכע גרוסן. אין ביאַ־ליסטאָק, ווו עס הערשט די סאָוויעטן־מאַכט, וואַלגערן זיך מענטשן אויף די פּאָדלאָגעס אין די בתי־מדרשים, אויף די וואקזאלן און פרייע פּלעצער. די מיליץ טרייבט. אויך דאָרט הונגערט מען, מ'מוז אָפּשטיין גאַנצע נעכט אין דער ריי אויף צו קויפן אַ שטיקל ברויט. מ'אַרעסטירט: אונטער דער באַשולדיקונג פון שפּעקולאַציע, פאַר געהערן צו יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין פּוילן. נאָך אַזאַ אַרעסט ווערט מען פאַרשוווּנדן, מ'ווייסט נישט ווו דאָס געביין קומט אַהין. אויך דאָרט, ביי די סאָוויעטן, שיקט מען אויף אַרבעט אין קאַלטע געגנטן פון אַ לאַנג־חדשימדיקן ווינטער,[152] — נישטאָ וווּאַהין צו לויפן.

יעדער וויל שוין בלייבן ביי דעם אייגענעם ווינקל, ווייל צוביסלעך שטעלט זיך איין אַ לעבן. יידן האַנדלען אונטער צוביסלעך. זעלבסטשטענדיקע בעלי־מלאכות קריגן באַשטעלונגען. די וואָס האָבן געהאַט לאַגערן מיט סחורות האָבן אַרויסגעכאַפּט וויפיל עס האָט זיך געלאָזט און פאַרקויפט צו פּאָלאַקן, וועלכע האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט צו באַקומען ביליקע סחורות. די פּרייזן אויף שפּייז זענען געשטיגן, אָבער עס איז געווען צו עסן. שווער געליטן האָט דער אָרעמסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט נישט געהאַט קיין זאַכן צו פאַרקויפן און נישט געהאַט קיין אַרבעט. די דאָזיקע אָרעמע און

**פאַראָרעמטע יידן האָבן זיך געשטעלט צו רומקאָווסקיס אַרבעטס־אַמט און פאַר אַ געהעריקן אָפּצאָל געגאַנגען אַרבעטן צו די דייטשן אויפן אָרט פון די מער פאַרמעגלעכע און בעסער סיטואירטע, וואָס האָבן אויסגעמיטן פון געשיקט צו ווערן אויף דער אַרבעט, וועלכע איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות.**[153]

## ה. דער ערשטער דייטשער מאַסן־מאָרד אין לאָדזש

**דער דאָזיקער עטוואָס באַרויקנדער מצב האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט מיט אַלע אירע אַמטן, מיליטערישע און פּאָליצייאישע פאַרמאַציעס, האָט קאָנסעקוועט ווייטער אויסגעפירט איר פּלאַן פון יידן־אויסראָטונג ווי ער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין ריינהאַרדס היידריכס געהיימען טעלעפאָנאָגראַם צו די פּאָליצייאישע און עס־עס־אַמטן. די דייטשע מאַכט אין לאָדזש האָט דערוויל, אויף דעם עטאַפּ, פאַרגעזעצט די אויסמאָרדונג פון דער לאָדזשער יידישער אינטעליגענץ.**

**דעם 1־טן נאָוועמבער אינאָוונט, איז דאָס יידישע לאָדזש אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַן איבערפאַל אויף דעם יידישן קאָפע־הויז „אַסטאָריאַ", אויסגעפירט פון באַוואָפנטע דייטשן מיט איין ציווילן פאַרשוין.**

**דאָס קאָפע־הויז „אסטאריא", וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע יידישן בירגערלעכן צענטער, אין ווינקל פון די גאַסן פּיעטרקאָווער און שרודמיעיסקע, נישט ווייט פון דער רעדאַקציע פון דער יידישער צייטונג „נייער פאָלקס־בלאַט" — איז געווען באַקאַנט ווי אַ זאַמל־פונקט פון יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, שרייבער און קינסטלער. דאָ האָט געהאַט זיין ספּעציעל אָרט דער דיכטער משה בראָדערזאָן, וועלכער האָט געפירט „טיש" מיט יונגע שרייבער, דערציילט זיינע אַנעקדאָטן און „שיחת חולין", וואָס זענען געווען פּערל פון פּאָעזיע. דאָ פלעגט אַריינקומען יצחק קאַצענעלסאָן מיט די לערער פון זיין גימנאַזיע און סתם פריינט און דיסקוטירן וועגן דער באַדייטונג פון דער העברעאישער שפּראַך און דער אויפלעבונג פון ארץ ישראל. אין אַן אַנדערן טייל פון „אסטאריא" זענען אין די אָוונטן געזעסן די אָנפירער פון „בונד" און „פּועלי־ציון", ציוניסטן פון אַלע שאַטירונגען און געפירט זייערע דיסקוסיעס איבער סאָציאַליזם און יידיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.**[154]

**ווייזט אויס, אז די געשטאַפּאָ האָט דורך אירע שפּיאָנען באַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן דעם דאָזיקן זאַמל־פונקט פון דער יידישער אינטעליגענץ און געזעלשאַפטלעכע טוער, און געקומען אין „אַסטאָריא" צו כאַפּן די יידן, וועלכע זענען געווען ביי איר אויף דער רשימה. דער גרעסטער טייל אָבער פון די געזעלשאַפטלעכע טוער, זענען שוין געהאַט אַנטלאָפן פון לאָדזש, אָדער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ זענען אַריינגעפאַלן מענטשן, וואָס האָבן זיך צופעליק געפונען אין קאָפע־הויז.**

וועגן דעם דאָזיקן דייטשן איבערפאַל אויף „אַסטאָריא" איז אין היסטאָרישן אינסטיטוט אין פוילן, און „יד ושם" אין ירושלים, פאַראַן אַ רייכער מאַטעריאַל פון גבית עדות, זכרונות און שילדערונגען פון מענטשן, וואָס זענען דאַמלט געווען אין לאָדזש. צווישן די זכרונות־מאַטעריאַלן געפינט זיך די באַשרייבונג פון אַן איינציקן עד ראיה ה. אורבאַך, וואָס האָט איבערגעלעבט די „אַסטאָריאַ־טראַגעדיע.

ה. אורבאַך, וועלכער איז געווען צווישן די אַרעסטירטע אין קאַפע־הויז און דורך אַ צופאַל זיך אַרויסגעראַטעוועט, האָט אין „נאַשע סלאָוואָ" וואָס איז דער־שינען אין 1947 יאָר אין פוילן, אַזוי באַשריבן דעם ערשטן בעסטיאַלישן מאַסן־מאָרד פון די דייטשן אין לאָדזש:

„דאָס איז געשען דעם 1־טן נאָוועמבער 1939, אַרום 5 אַ זייגער נ. מ. זענען אין דעם פּאָפּולערן קאַפע־הויז „אַסטאָריא" אַריין עטלעכע געשטאַפּאָ־לייט אין באַגלייטונג פון אַ ציווילן פון די אָרטיקע דייטשן. זיי האָבן אָפּגעגעבן עטלעכע שאָסן אין זשיראַנדאָל, צוגענומען ביי אַלע אַנוועזנדע יידן די דאָקומענטן און באַפוילן די יידן, מאָרגן פרי אַרום 7 אַ זייגער צו קומען אין לאָקאַל פון געשטאַפּאָ, זגערזשער 116.

אין דער באַשטימטער צייט בין איך געקומען אויפן אָרט. באַלד אָבער האָב איך זיך אָריענטירט, אז איך געפין זיך אין אַ פייניקונגס־קאַמער. אויפן טיש זענען געלעגן אייזנברוך־שטאַנגען און אַנדערע מאַטער־מאַכשירים. די וואָס האָבן זיך פּאָרשפּעטיקט האָבן די ס. ס. לייט געשלאָגן ביזן פאַרלירן דעם באַוווסטזיין. צווישן די פאַרהאַלטענע האָבן זיך געפונען אַ סך עלטערע מענטשן, וועלכע די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אַכזריותדיק געפייניקט".[155]

די קרבנות זענען געצוווּנגען געוואָרן צו מאַכן „גימנאַסטיק", און ווער עס האָט נישט אויסגעפירט די איבונגען אַזוי ווי עס האָבן פאַרלאַנגט די פייניקער האָט באַקומען געשלאָגן. אויפן באַפעל פון געשטאַפּאָ־אָפיציר איז די גימנאַסטיק אָפּגעשטעלט געוואָרן און ער האָט דערקלערט, אַז אַ ייד מיטן נאָמען ליכטנשטיין האָט זיך נישט געמאָלדן אין דער באַשטימטער צייט, ער איז וואָרשיינלעך אַנט־לאָפן און דעריבער וועט ער, דער אָפיציר, לויט זיין אויסוואַל מוזן דערשיסן 10 פון די אַרעסטירטע.

דער אָפיציר האָט אויסגעקליבן 6 פּערזאָן „קרעפּטיקע לויטע" — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. צו דעם זעקסטל האָבן געהערט: סאַלאַ ראַטנבערג, לעאָן רושינאָוו, בייזער, פרידלענדער, אַבראַמאָוויטש און ה. אורבאַך. אין אַן אויטאָ באַגלייט פון געשטאַפּאָווצעס זענען די 6 יידן אָפּגעפירט געוואָרן אין לאַגעווניקער וואַלד. דאָרט, נישט ווייט פון קאָשטשאָל, האָט דער פירער פון דער עסקאָרטע אָפּגעמאָסטן אַ שטח און באַפוילן די אומגליקלעכע זיי זאָלן גראָבן מיט די לאָפּאַטעס, וואָס זענען געווען שוין צוגעגרייט אויפן אָרט.

דער אויטאָ איז אַוועק און אין אַ שעה אַרום צוריקגעקומען מיט נאָך 6 געפייניקטע.

„אונז האָט מען באַפוילן איבערייסן די אַרבעט (מיר האָבן שוין געגראָבן אַ צווייטן ראָוו) און שטיין אויף אַכטונג מיט די לאָפּאַטעס ביי די פיס. דער עלטסטער פון די געשטאַפּאָווצעס האָט געהאַלטן אַ רעדע: „איר יידן שטאַרבט פאַר ענגלאַנד, פאַר מאָזעסן מיט זיינע נביאים, אָבער מיר דייטשן מאַכן עס הומאַניטארער ווי די פּאָלאַקן אין בידגאָשטש. איינס צוויי און עס איז נאָך אייך".[156]

נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן ביי די אומגליקלעכע צוגענומען אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט, האָט מען זיי געצוווּנגען צו קניען איבערן ראָוו. נאָך עטלעכע שאָסן פון די דייטשן, זענען די קרבנות אריינגעפאַלן אין זייער קבר. די גרעבער פון די קברים האָבן, אויפן באַפעל פון די דייטשן, די דערשאָסענע גלייכגעלייגט און זיי פאַרשאָטן.

פאַרן פאַרשיטן האָבן נאָך די דייטשן אַריינגעשאָסן אַ „גענאַדע שאָס" אין די גופים, וועלכע האָבן זיך נאָך געצאַפּלט אין זייער גסיסה. באַזונדערס האָט זיך גישט געוואַלט באַרויקן פּראָוואַלסקיס קערפּער, וואָס האָט אַרויסגערופן די באַוווּנדערונג פון די מערדער. אויפן זעלבן אופן זענען דערשאָסן געוואָרן נאָך 9 יידן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אין 2 פּאַרטיעס צו 6 און 3 פּערזאָן.

ה. אוערבאַך, דער מחבר פון די ציטירטע זכרונות גיט אָן די נעמען פון פּאָלגנדע דערשאָסענע: אין דער ערשטער גרופּע — לודוויק לעווין פון דער שטאָט מיר, פּראָוואַלסקי פון סלאָנים, טענענבוים, כימאָוויטש, שאַפּיר און נאָר איין לאָדזשער — בערלינסקי; אין דער צווייטער גרופּע — רודזקי, רייס, פּערעץ, גייער און עליאַסבערג. ביים דערשיסן עליאַסבערגן האָבן די מערדער געזאָגט, אַז ער איז אַ זשורנאַליסט און האָט זיכער געהעצט קעגן די דייטשן און ווערט דערפאַר דערשאָסן. דער נאָמען פון זעקסטן קרבן איז אוערבאַכן נישט באַקאַנט.

די לעצטע 3 קרבנות, וועלכע זענען געבראַכט געוואָרן נאָכמיטאָג זענען געווען: ליכטנשטיין, שאַלאַדאיעווסקי און קראַקאָווסקי. דער אָפיציר, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די דערשיסונגען האָט מיט ציניזם אָנגעוויזן אויף ליכטנשטיינען: אַט צוליב דעם ליכטנשטיינען האָב איך דערשאָסן אַזויפיל מענטשן.[157]

נאָכן דערשיסן די 15 יידן, האָבן די דייטשן באַפוילן די באַגרעבער, זיי זאָלן ווייטער גראָבן און ציניש, בעסטיאַליש צוגעגעבן: „גראָבט ווי עס דאַרף זיין, ווייל דאָס איז אַ קבר פאַר אייך אַליין".

פון די באַגרעבער איז איינער פאַרשוואונדן — פרידלענדער. ער האָט זיך אויסגעקויפט ביי די מערדער פאַר 5000 מאַרק. די איבערגעבליבענע האָבן ווייטער געגראָבן אין גרויליקער דערוואַרטונג פון טויט. די תלינים האָבן

דערוויַיל געשפּילט מיט מטבעות אין „קאַפּ־שלאַק". איינער פון זיי האָט באַפוילן אָפּצושטעלן דאָס גראָבן. ער האָט צוגערופן די אומגליקלעכע און זיי דערקלערט: איר האָט גליק. מיר האָבן געוואָרפן גורל און אַרויסגעצויגן פאַר אייך אַ גורל פון לעבן. ער האָט זיי באַפוילן אויסצוגלייכן די קברים און אויף דער פראַגע פון די געראַטעוועטע צי זיי זאָלן פאַרשיטן זייער אייגן קבר, האָט אַ דייטש געענטפערט: — — „נישט נויטיק, עס וועט נאָך צו נוץ קומען. אויב נישט היינט איז מאָרגן". אַ צווייטער פון דער מערדער־גרופּע האָט צוגעגעבן: „איר קאָנט וועגן אַלעמען דערציילן, עס איסט זאָגאַר איינע פליכט".[158]

דער דאָזיקער ערשטער מאַסן־מאָרד איבער יידן, וועלכער די דייטשן האָבן אָנגערופן פאַר וויכטיקע עסקנים, איז געווען איינער פון די טעראָר־מיטלען, נאָך מער צו פאַרשטאַרקן דעם פּחד ביי דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג און אַטראָפירן זייער ווידערשטאַנדס־פעיקייט קעגן די וויַיטער־דיקע דייטשע מעשים פון רויב, מאָרד און פאַרקנעכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די פינף באַגראָבער פון די דערשאָסענע זענען צוריקגעבראַכט געוואָרן אין לאָקאַל פון דער געשטאַפּאָ, זגערזשער 116. דאָרט איז געווען פול מיט מענטשן. „אייניקע פון זיי האָבן געהאַט די פּלייצעס באַצייכנט מיט קרייד. דאָס זענען געווען די פּערזאָנען, וואָס האָבן שוין געהאַט באַצאָלט אויסקויף־געלט. אָן אויסקויף־געלט איז קיינער נישט באַפרייט געוואָרן. ה. אורערבאַך האָט באַצאָלט 1000 זלאָטעס, וואָס מען האָט ביי אים גענומען אויף „ווינטער־הילף".

די משפּחות פון די דערשאָסענע האָבן נישט גערוט. זיי זענען געלאָפן אין געשטאַפּאָ און געפרעגט וועגן זייערע נאָענטע. דאָרט האָט מען געענטפערט: „אייער מאַן האָט מען געמוזט אַרעסטירן, אין צוויי וואָכן אַרום וועט איר וועגן זיין גורל זיך דערוויסן אין דער קאָמענדע פון געשטאַפּאָ, קילינסקיעגאָ 152. דאָרט איז פאַר דער מלחמה געווען די פּוילישע פּאָליטישע און קרימינעלע אויספאָרשונגס־פּאָליציי.[159]

## ו. די דערשיסונגען פון די „אַסטאָריאַ"־באַזוכער און דער יודענעלטעסטער

וועגן די דערשיסונגען פון די „אַסטאָריאַ"־באַזוכער זענען פאַראַן פאַר־שידענע ווערסיעס. ישראל טאַבאַקסבלאַט אין זיין זכרונות־בוך „חורבן לאָדזש" גיט אָן אַן אַנדערע דאַטע, ווען די דאָזיקע רציחה איז פאָרגעקומען, נעמלעך — דעם 18־טן אָקטאָבער 1939. אויך די צאָל פון די אַרעסטירטע און דערשאָסענע איז ביי טאַבאַקסבלאַטן אַן אַנדערע. לויט זיינע זכרונות זענען אַרעסטירט גע־וואָרן פון 100—150 פּערזאָן. „46 פון זיי זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.[160]

ד. ה. אין לאָקאַל פון געשטאַפּאָ, זגערזשער 116." די דאָזיקע ציפערן זענען אַביסל איבערגעטריבן, ווייל אין „אַסטאַריאַ"-לאָקאַל איז נישט געווען קיין אָרט פאַר 150 מענטשן, א[160] און עס איז זיך נישט פאַרצושטעלן, אַז ביי דעם דע־מאָלטיקן מצב, דערצו נאָך 5 אַזייגער נאָכמיטאָג, נאָענט פון דער פּאָליציי־שעה, ווען עס איז יידן געווען פאַרבאָטן אַרויסצוגיין פון די שטובן — זאָל אין אַ קאַפע־הויז אויף פּיעטריקאָווער גאַס, די הויפּט־גאַס, זיך פאַרזאַמלען 100—150 פּערזאָן. עס איז דעריבער אויך צווייפלהאַפט די צאָל פון דערשאָסענע, וואָס עס גיט אָן טאַבאַקסבלאַט.

ווי אַזוי האָט דער יודענעלטעסטער מרדכי חיים רומקאָווסקי רעאַגירט אויף די דערשיסונגען פון די יידן פון „אַסטאַריאַ"? אויף דער דאָזיקער פראַגע איז שווער צו ענטפערן צוליבן פעלן פון אַ געהעריקן דאָקומענטאַרן מאַטעריאַל. מיר וועלן זיך אָבער האַלטן ביי דעם תלמודישן פּרינציפּ „על פי שנים עדים יקום דבר" (אויפן סמך פון צוויי עדות ווערט באַשטעטיקט אַ געשעעניש) און נעמען אָן, אַז רומקאָווסקי האָט אינטערוועניַרט באַלד נאָכן אַרעסט אין „אַסטאַריאַ". די צוויי עדות זענען: ישראל טאַבאַקסבלאַט און דער מחבר פון די ציטירטע זכרונות א. אוערבאַך.

אין זיין בוך „חורבן לאָדזש" שרייבט י. טאַבאַקסבלאַט, אַז נאָכן אַרעסט אין „אַסטאַריאַ" איז רומקאָווסקי אַוועק אין געשטאַפּאָ אויף זגיערזשער 116 אינטערוועניִרן מען זאָל באַפרייען די אַרעסטירטע. דאָרט „האָט מען אים אַזוי צעשלאָגן, אַז דער לאָדזשער בירגערמייסטער, אַ דייטש, וועלכער איז אינצווישן געוואָר געוואָרן וועגן אַרעסט פון זיין עלטעסטן און איז בכבודו ובעצמו אים געקומען אויסלייזן, האָט אים געפונען ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט. ערשט נאָך לאַנגע שקלא וטריא, האָט מען רומקאָווסקין באַפרייט."[161] דעם פאַקט פון צע־שלאָגן רומקאָווסקין אין געשטאַפּאָ גלייך נאָכן אַרעסט אין „אַסטאַריאַ" באַשטע־טיקט אויך ה' א. אוערבאַך אין זיינע זכרונות. ער שרייבט: „בעת די מערדער האָבן געפּייניקט די אַרעסטירטע, איז אין צימער אַריינגעשטופּט געוואָרן אַן עלטערער, פאַרבלוטיקטער מענטש, אַן אונטער־אָפיציר האָט פון דער קעשענע פון געפּייניקטן אַרויסגעצויגן אַ וויזיט־קאַרטע און אויפן קול איבערגעלייענט: „רומקאָווסקי, דער פאָרשטעהער דער יודען". די געסטאַפּאָווצעס האָבן ווילד געחוזקט פון יידישן קעניג.[162]

באַלד זענען אונטערגעקומען וויטערדיקע דייטשע אכזריותדיקע מעשים און וואַנדאַלישע אַקטן קעגן יידן, וואָס האָבן באַוויזן צו וואָס עס צילט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט.

## די 4 לאָדזשער שולן, וועלכע די דייטשן האָבן פֿאַרברענט



די שול אויף אַלטשטאָט, עלטסטע שול אין לאָדזש.



די סינאַגאָגע אויף אַל. קאָשטשושקאָ, פייערלעך
געעפנט געוואָרן דעם 3־טן סעפטעמבער 1887, א[162]




דער פראָנט פון דער „ווילקער" שול אויף זאַכאָדניע גאַס



די וואָלינער שול אויף וואָלטשאַנסקאַ גאַס

## ז. דייטשן צינדן אונטער די שולן און רייסן אויף דעם קאָשטשושקאָ־דענקמאָל

אין דער נאַכט פון 10־טן אויפן 11־טן נאָוועמבער 1939, האָבן ריזיקע פייער־פלאַמען און רויך־וואָלקנס פאַרדעקט דעם הימל איבער לאָדזש. דאָס האָבן די דייטשן אונטערגעצינדן די פיר גרויסע לאָדזשער שולן: די אַלט־שטאָטישע שול אויף וואלבאָרסקאַ גאַס, וועלכע איז פריער אויפגעריסן געוואָרן; די סינאַגאָגע אויף אַל. קאָשטשושקאָ (ווי אַ טראַגישער קוריאָז פון דער געשיכטע, האָבן לאָדזשער יידן די סינאַגאָגע אָנגערופן — די „דייטשע שול״); די „ווילקער״ שול אויף זאַכאָדניע גאַס, און די וואָלינער שול אויף וואָלטשאַנסקאַ גאַס.

אַ חוץ דער סינאַגאָגע האָבן אַלע דריי שולן זיך געפונען אין יידישע צענטערן, די אַלטשטאָטישע שול — אין סאַמע האַרץ פון לאָדזשער יידישן קוואַרטל. מיט צער און שרעק האָבן די יידן פון די הייזער אין די אַרומיקע גאַסן זיך צוגעקוקט צו אָט־די ווילדע דייטשע אונטערצינדונגען פון יידישע

הייליקייטן און מיט פחד דערוואַרט דעם מאָרגנדיקן טאָג. צו די שרפות זענען געקומען די פייערלעשער, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען בלויז מיט פאַרהיטן, אַז דאָס פייער זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן אויף די אַרומיקע הייזער.[163]

אויף צומאָרגנס, דעם 11־טן נאָוועמבער, אין יום־טוב פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט, איז לאָדזש ווידער אויפגעטרייסלט געוואָרן פון שטאַרקע דעטאָנאַציעס. דאָס האָבן די דייטשן אויפגעריסן דעם דענקמאָל פון טאַדעאוש קאָשטשושקאָ, דעם גרויסן קעמפער פאַר דער באַפרייאונג פון פּוילן. דער דענקמאָל איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן פרייהייטס־פּלאַץ אין לאָדזש נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע מדינה.

דעם 12־טן נאָוועמבער האָט די דייטשע פּרעסע אין לאָדזש אָפן גע־שריבן, אַז דער קאָשטשושקאָ־דענקמאָל איז אויפגעריסן געוואָרן פאַר דער חוצפּה פון די פּאָלאַקן אָנצופאַלן אויף דייטשלאַנד. „פון איצט אָן וועלן די פּאָלאַקן וויסן, אַז זיי זענען קנעכט פון דייטשן פאָלק". וועגן דעם אונטערצינדן די שולן האָבן די דייטשע צייטונגען געשריבן, אַז אין די יידישע קוואַרטאַלן האָבן אויסגעבראָכן גרויסע שריפות.[164]

אַ טאָג פאַרן אונטערצינדן די סינאַגאָגעס און שולן און אויפרייסן דעם קאָשטשושקאָ־דענקמאָל, זענען אויפן באַפעל פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט



די רעזולטאַטן פון דייטשן וואַנדאַליזם — די אַלטשטאָטישע שול אין חורבות.

אויפגעהאָנגען געוואָרן 3 פּערזאָן: 2 פּאָלאַקן און איין ייד מיטן נאָמען שמואל ראדנער. די קרבנות האָבן געמוזט הענגען אייניקע טעג. איבער זיי איז געווען אַן אויפשריפט, אַז דעם זעלביקן גורל האָבן צו דערוואַרטן די אַלע, וועלכע וועלן זיך קעגנשטעלן דער געשטאַפּאָ.א[164]

## ח. דער סוף פונעם ערשטן לאָדזשער יודענראַט

דער ערשטער יודענראַט („עלטעסטענראַט"), וועלכער איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך רומקאָווסקין און באַשטעטיקט געוואָרן דורכן רעגירונגס־קאָמיסאַר, איז באַשטאַנען פון אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן פון יידישן בירגערטום אין לאָדזש, צווישן זיי אָנפירער פון דער אגודה, ווי־: פישל ליבערמאַן, געוו. וויצע־פּרעזעס פון דער לאָדזשער קהילה, דער יונגער אַגודהשער אינטעליגענט ד״ר י. שלאָסער, אַ רעדנער און אַ בקי אין דער אַלטער און נייער העברעישער ליטעראַטור, די רייכע פּאַבריקאַנטן און גערער חסידים אברהם אייזנער און דוד שטאַל; די „אָרט"־טוער סאַמועל פּאָוסט און מאַקסווישעוויאַנסקי, אָנגעזעענע פּאַבריקאַנטן און סוחרים, ווי: ח. מ. פּיק, דוד ווינדמאַן, פּינקוס גערשאָווסקי — אַ נאָענטער פריינט פון רומקאָווסקין, וואָס האָט אַמאָל געגעבן 300 טויזנט זל. פאַרן אויפבוי פון רומקאָווסקיס יתומים־הויז אין העלענוווּעק.[165]

יעדער פון די 31 יידן, וואָס זענען דורכן קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש באַשטימט געוואָרן אין עלטעסטענראַט, (זע ז׳ 115), האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענע אָרט אין לאָדזשער יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און געווען אַקטיוו טעטיק אין די בירגערלעכע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. דער דאָזיקער יודענראַט האָט עקזיסטירט אַ קנאַפּן חודש.

דעם 11־טן נאָוועמבער 1939, אויף צומאָרגנס נאָכן פאַרברענען די שולן, האָט רומקאָווסקי, אויף די אָנווייזונגען פון קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש, גערופן אַ זיצונג פונעם עלטעסטענראַט. ווען אַלע זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין לאָקאַל פון דער אַמאָליקער קהילה, פּאָמאָרסקאַ 18, זענען אַריין באַוואָפנטע, מונדירטע דייטשן און מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן באַפוילן אַלעמען זיך אויסצודרייען מיטן פּנים צו דער וואַנט. מיט ברוטאַלע אויסגעשרייען האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט פון יעדן, ער זאָל אָפּגעבן זיינע פּערזענלעכע דאָקומענטן. אַן אָפיציר, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם איבערפאַל, האָט פּראָטאָקאָלאַריש פעסטגעשטעלט יעדנס פונקציע אין עלטעסטענראַט און דערנאָך האָבן די דייטשן אַלע אָנוועזנדע יודענראַט־מיטגלידער אַרויסגעפירט פון לאָקאַל. געבליבן איז בלויז: דער יודענעלטעסטער, סאַמועל פּאָוסט און דוד ווינדמאַן, זיי זענען אויפן אָרט באַפרייט געוואָרן, ווייל מ. ח. רומקאָווסקי האָט זיי פאָרגעשטעלט פאַר די דייטשן, ווי זיינע פאַרטרעטער און נויטיקע פּערזאָנען, וואָס לאָזן זיך נישט

פאַרבייטן. אַלע פאַרהאַלטענע זענען אָפּגעפּירט געוואָרן אין ראַדאָגאָשטשער תפיסה, פון וועלכע נאָר געציילטע זענען — ווי עס האָט אָפּט געטראָפן אין דער אויסראָטונגס־צייט — דורך אַ צופאַל געבליבן לעבן. פון די לעבנגעבליבענע זענען אייניקע אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ און 2 פּערזאָן, מיטגלידער פון ערשטן אומגליקלעכן עלטעסטענראַט — ח. מ. פיק און דוד ווינדמאַן, האָבן זוכה געווען אַלץ איבערצולעבן און אָנצוקומען אין ישראל.[166]

צווישן די אַרעסטירטע האָט זיך אויך געפונען דער אגודהשער שרייבער מיכאל קעניג, וועלכער איז מיט עטלעכע טעג פריער געוואָרן אַרעסטירט און



דוד ווינדמאַן



מיכאל קעניג

באַפרייט אויף אן אינטערווענץ פון רומקאָווסקין. פון צווייטן אַרעסט צוזאַמען מיטן עלטעסטענראַט, איז ער מער שוין נישט צוריק געקומען.

*

די דאָזיקע צווייטע מאַסן־רציחה — און דאָסמאָל איבער די רעפּרעזענטאַנטן פון יידישן לאָדזש, וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אַליין באַשטימט — האָט נישט צו זיך קיין גלייכן אין דער טרויעריק־פיינלעכער געשיכטע פון די יודענראַטן אין די לענדער פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. די באַציאונג פון דער דייטשער מאַכט צו די דורך זיי געשאַפענע יודענראַטען איז געווען פונקט אַזאַ הפקרדיקע, ווי צו דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. די יודענראַטן אָדער טיילן פון זיי זענען אַזוי לאַנג געווען אויף זייערע אַמטן, ווי לאַנג זיי האָבן מיט דער פולער פּינקטלעכקייט אויסגעפירט די דייטשע באַפעלן פון יידן־אויסראָטונג. ביי דער מינדסטער האַנדלונג, וואָס האָט נישט אַנטשפּראָכן די אכזריותדיקע באַפעלן, זענען די יודענראַט־מיטגלידער

געוואָרן באַזייטיקט, אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־ אָדער טויטן־לאַגער.[167]

דעם לאָדזשער ערשטן עלטעסטענראַט, וואָס האָט עקזיסטירט אַ קנאַפּן חודש, האָבן די דייטשן גאָרנישט געהאַט וואָס פאַרצוואָרפן. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט נאָך נישט באַוויזן אַרויסצוגעבן אירע אכזריותדיקע פאַראָרדענונגען קעגן יידן. עס איז נאָך געווען דער פּעריאָד פון הפקרדיקע רויב־ און מאָרד־מעשים איבער די שוצלאָזע יידן. די מיטגלידער פון ניי־באַשטימטן „עלטעסטענ־ראַט" האָבן, אין פּחד פאַר זייער לעבן, נישט געוואַגט צו פּראָטעסטירן קעגן דער דייטשער אכזריות. טראָץ דעם אַלעם האָט די דייטשע מאַכט זיי אויף אַ רוצחישן אופן פאַרפּייניקט און אויסגעמאָרדעט. דעם דאָזיקן צווייטן מאַסן־מאָרד פון די דייטשן דאַרף מען דעריבער אָנעמען ווי אַ המשך פון דער אויס־ראָטונג פון דער יידישער אינטעליגענץ און געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט געפירט אין לאָדזש אין אָנהויב פון איר טעטי־קייט. די געשטאַפּאָ האָט באַקומען אינפאָרמאַציעס, ווער עס געפינט זיך אין יודענראַט און צוגעטרעטן אויסצוראָטן דעם דאָזיקן געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו.

.10

# די געפיניקטע אין דער ראדאגאשטשער תפיסה

## א. ווער זענען געווען די אַרעסטירטע יידן

ביז דער מלחמה האָט לאָדזש געהאַט אירע „גאָרמאַלע״ תפיסות, אויס־פאָרשונגס־ און אַרעסט־הייזער, ווו פּאָליטישע אַרעסטירטע זענען אין פאַר־שידענע צייטן דורכגעגאַנגען כלערליי פּייניקונגען. פאַר די דייטשע אָקופּאַנטן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען די דאָזיקע תפיסות געווען צופּיל נאָרמאַל. באַלד אין אָנהויב פון דער אָקופּאַציע, האָט די דייטשע מאַכט איינגעאָרדנט נייע תפיסות אין פאַרשידענע פּונקטן פון דער שטאָט, „לאַגערן״ — לויטן דייטש־נאַצישן מוסטער, וואָס זענען איבערגעבויט געוואָרן פון פאַבריקס־לאָקאַלן.

די אַרעסטירטע אין די דאָזיקע תפיסות — יידן און פּאָלאַקן, על פּי רוב יידן, זענען דורכגעגאַנגען די שרעקלעכסטע טאָרטורן. פון דער פּיין האָט מען זיך אויך געקאָנט אויסקויפן פאַר אַ געהעריקן אָפּצאָל, וואָס מ׳האָט געגעבן די דייטשן. די גרויליקסטע תפיסה פון דעם דאָזיקן דייטשן טיפּ איז אין לאָדזש געווען די ראַדאָגאָשטשער, וועלכע איז ערשט נאָך דער מלחמה טרויעריק באַ־קאַנט געוואָרן דורך דעם פּראָצעס קעגן איר קאָמענדאַנט וואלטער פעלצהאַוזען, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאָדזש אין סעפּטעמבער 1947. דורך דעם פּראָצעס זענען צו דער עפנטלעכקייט דערגאַנגען די גרויליקסטע פּייניקונגען, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעווענדעט צו די אַרעסטירטע, באַלד ווי לאָדזש איז געוואָרן אַ דייטשע שטאָט. לסוף, בעת דער באַפרייאונג, אין יאַנואַר 1945, האָט דער דייטשער קאָמענדאַנט פון דער ראַדאָגאָשטשער פּייניקונגס־תפיסה, וואַלטער פעלצהאַוזען, אונטערגעצונדן דעם תפיסה־בנין, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען הונדערטער אַרעסטירטע.[168]

די תפיסה אין ראַדאָגאָשטש האָט זיך געפונען אין פאַבריקס־לאָקאַל, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו אַ יידישן פאַבריקאַנט — גלאַזער; שפּעטער האָט די פאַבריק איבערגענומען אבע און ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט לאָדזש, נאָך אין אָקטאָבער 1939, איז דער פאַבריקס־לאָקאַל איבערגעאַרבעט געוואָרן אין שרעקלעכע פּייניקונגס־קאַמערן. „אונטער אַ טאָפּעלער ליניע פון שטאַכל־דראָט־פאַרצוימונגען, דורכגעפירט מיט עלעקטרישן שטראָם, באַשיצט מיט טורעמלעך, פאַרזען מיט מאַשין־געווער — האָט זיך געפונען דער שטח פון דעם „דורכגאַנגס־

געפענגניש״. דאָ האָבן זיך די דייטשן געפילט גענוג זיכער אויף דורכצופירן זייערע ווילדעסטע מעטאָדן פון פאַרניכטן דעם מענטש״ — אַזוי האָט געשריבן דער לאָדזשער „קוריער פאָפּולאַרני״ אין יאָר 1947 בעת דעם פּראָצעס קעגן מאַנסטער וואַלטער פּעלצהאַוזען, דעם קאָמענדאַנט פון דער ראַדאָגאָשטשער תפיסה.[169]

אין דער דאָזיקער תפיסה זענען שוין אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין לאָדזש דורכגעגאַנגען די שרעקלעכסטע טאָרטורן יידישע אַרעסטירטע, געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער, ווי אויך דער ווייט גרעסטער רוב מיטגלידער פון ערשטן יודענראַט, וואָס איז אַרעס־טירט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ. דאָרט אַהין זענען אויך געבראַכט געוואָרן פּאָלאַקן, פירער פון פּאַרטייען, פון פּ.פּ.ס. צווישן זיי איז געווען סטאַניסלאַוו ראַפּאַלסקי, דער געוועזענער וויצע־פּרעזידענט פון דער ערשטער סאָציאַליסטי־שער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין לאָדזש. פון זיינע זכרונות דערוויסן מיר זיך, ווי אַזוי עס זענען געפייניקט געוואָרן די ערשטע יידישע אַרעסטירטע אין דער ראַדאָגאָשטשער תפיסה.

אין זיינע זכרונות א. נ. "Pierwsze dni w Radogoszczu" האָט ס. ראַפּאַלסקי געשריבן: „דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פונעם חודש נאָוועמבער 1939. דאָס דייטשטום אין פוילן האָט געווילדעוועט פון פרייד, פאַרשיכורט פון היטלערס נצחון.״ די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן אין פאַרנומענעם פוילן גלייך געעפנט לאַגערן פאַר אַרעסטירטע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער. אין לאָדזש איז אַזאַ לאַגער איינגעאָרדנט געוואָרן אין ראַדאָגאָשטש, אין דער געוועזענער פאַבריק פון גלאַזער. די לאַגער־תפיסה איז געווען באַשטימט פאַר לאָדזש און פאַר די פּאָוויאַטן (קרייזן) פון וויעלון, לאַסק, לאָדזש און בזשעזשין.

„ווען מ׳האָט מיך אַהין געבראַכט אין פּאַרטער־זאַל, וואָס איז געווען באַצייכנט מיטן נומער 6 — דערציילט ראַפּאַלסקי אין זיינע זכרונות — האָב איך שוין דאָרט געטראָפן אַ סך באַקאַנטע לאָדזשער, ווי: אַלעקסאַנדער זשעווסקי, די רעדאַקטאָרן נוללוס און טשאַרני, די אַדוו. וולאַדיסלאַוו לוטשקאָווסקי, פּאַוולאָווסקי, דעם סאָציאַליסטישן טוער מאַרטינאָווסקי, דירעקטאָר קאָקיעלי און דעם פירער פון בונד ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס און פיל אַנדערע. אין דער קליינער קאַמער פון איבער 10 קוו. מעטער זענען אַריינגעפּאַקט גע־וואָרן 248 פּערזאָן: קאַטוילישע און עוואַנגעלישע גייסטלעכע מיט זייערע אָנפירער, רבנים מיטן אַלטן רב פון בזשעזשין, פּאָלאַקן און יידן פון פאַרשידענע שטאַנדן, פּראָפעסיעס און קלאַסן, דערונטער אויך פּראָפעסיאָנעלע גנבים און פינצטערע נפשות, וועלכע זענען דורך די דייטשע תפיסה־באַאַמטע אָנגערייצט געוואָרן אויף די פּאָליטישע אַרעסטירטע.[170]

פון די געפייניקטע יידן אין זיין קאַמער האָט ראַפּאַלסקי געקאַנט בלויז

## די ערשטע קרבנות פון דער דייטשער מאָרד־טעטיקייט אין לאָדזש



חיים לייב פאָזנאַנסקי



אריה האַלענדערסקי



ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס



יוסף מאָרגענטאַלער

דעם ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס, אָבער אין אַנדערע קאַמערן זענען געזעסן די טוער פון בונד — דער אַלטער סאָציאַליסט חיים לייב פּאָזנאַנסקי, דער סעקרעטאַר פון דער יידישער אָפּטיילונג פון טעקסטיל־פאַריין — יוסף מאָרגענ־טאַלער. די צוויי בונדישע חברים זענען געווען צוזאַמען, געטיילט זיך מיטן ביסן ברויט און צוזאַמען געליטן.

דער פירער פון די לינקע פועלי־ציון — לייב האָלענדערסקי איז געזעסן אין דער תפיסה אויף שטערלינגאַ גאַס, וואָס האָט געדינט ווי אַן אויספאָרשונגס־טורמע. דאָרט האָט זיך אויך געפינען דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון דער לאָדזשער אויסגאַבע פון דער וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג״ — הערש מאיר זילבערבערג.[171]

דער יונגער זילבערבערג איז אַרעסטירט געוואָרן אין זיין וווינונג אויף לעגיאָנוּוו 8, ווו עס האָט זיך געפונען דער בונדישער לאָקאַל. דער וועכטער פון יענעם הויז האָט אָנגעוויזן אויף זילבערבערגן, ווי אויף דעם פאַרוואַלטער פון בונדישן קלוב. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אים שרעקלעך געשלאָגן אין קעגנוואָרט פון זיין פרוי. זיי האָבן פון אים געפאָדערט, אַז ער זאָל אויס־געבן ווו עס געפינען זיך די פירער פון בונד. ה.מ. זילבערבערג איז דורכגע־גאַנגען אַלע פּייניקונגען ביי דער אויספאָרשונג אין געשטאַפּאָ און קיינעם נישט אויסגעגעבן.[172]

אין ראַדאָגאָשטשער תפיסה האָבן זיך אויך געפינען די אַרעסטירטע עלטעסטענראַט־מיטגלידער. ראַפּאַלסקי דערמאָנט אין זיינע זכרונות דעם אַלטן אַסימילירטן מיעטשיסלאָוו הערץ — „אַ פּאָלאַק פון יידישן אָפּשטאַם, אַן עקאָנאָ־מיסט און סטאַטיסטיקער, אין עלטער פון 65 יאָר.״[173]

דער געוועזענער אַרעסטאַנט פון ראַדאָגאָשטשער תפיסה יוזעף זאַקס האָט אין זיין גבית־עדות, וואָס געפינט זיך אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינ־סטיטוט אין וואַרשע, נומ׳ 1023, אָנגעגעבן, אַז אין דער ראַדאָגאָשטשער תפיסה האָבן אין יענעם פעריאָד זיך געפונען אַרעסטירטע יודענראַט־מיטגלידער, טוער פון יידישן סוחרים־פאַריין און אָנגעזעענע יידישע בירגער פון לאָדזש און פּראָווינץ, ווי: וולאָדזשימיעזש גלאַס, יאַנאַס ראָזען, דער אָנפירער פון יידישן פאַראיין פון גרויסע סוחרים (דאָס רוב אַסימילאַטאָרן), — יוליוש לעוושטיין, דיר. פראַנקפורטער, פּנחס גערשאַוווסקי, ד״ר גוטמאַן — דער פּרעזעס פון דער „יידישער לאַנדקענטשאַפט געזעלשאַפט״, מאַרק פעדער: ביידע פועלי־ציון־טוער, לעאָן ראָטבאַרד — פּרעזעס פון בית״ר, קאַפּלאָוויטש, מיטגליד פון פּרעזידיום פון „מכבי״ און ליאון לובראַניצקי פון פּאַביאַניץ.[174]

## ב. די ראַפינירטע, סאַדיסטישע פייניקונגען, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעווענדט צו די יידישע אַרעסטאַנטן

אין אָקטאָבער, נאָוועמבער 1939 האָבן אין דער ראַדאָגאָשטשער תפיסה זיך שוין געפונען טויזנטער אַרעסטאַנטן — יידן, פּאָלאַקן און אויך לאָדזשער דייטשן, וואָס האָבן דערוויילע זיך נישט געשטעלט אין דינסט פון דער אָקופּאַציע־מאַכט. פון די דאָזיקע אַרעסטאַנטן האָבן די דייטשע פייניקער אויסגעטיילט באַזונדערס די יידן און אָנגעווענדט קעגן זיי די ראַפינירסטע, סאַדיסטישע טאָרטורן. די פייניקונגען האָבן אויך געדאַרפט דינען ווי אַ ספּעקטאַקל צו „פאַרוויילן" די קריסטלעכע אַרעסטירטע און מיט דעם אופן צו העצן זיי קעגן יידן. ראַפּאַלסקי דערציילט אין זיינע זכרונות:

„מאָנטיק, דעם 12־טן נאָוועמבער, אין די פרימאָרגן שעהן, זענען אין קאַמער אַריין אַ פּאָר יונגע פּאָלקסדויטשן. איינער פון זיי איז געווען אין עלטער פון 26 יאָר. נישט־באַוואָפנט, אין עלעגאַנטע שטיוול, ספּאָרט־מאַרינאַרקע, אין הענטשקעס, אין האַנט אַ שפּיצרוט, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן אייזערנער דעקונג. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ ייד, אַ חסיד, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, אין עלטער פון אַ יאָר 30, בלייך ווי אַ מת, ער האָט געציטערט פון שרעק. דער „שוואָב" * האָט מיט דער שפּיצרוט געשמיסן די אַרעסטאַנטן און באַפוילן צונויפ־דריקן זיך אין אַ קרייז און מאַכן אַ פריי אָרט. דערנאָך האָט דער פייניקער פאַרנומען אַ באַזונדער אָרט און אונטער שמיץ פון דער שפּיצרוט געצוווּנגען דעם ייד צו שפּרינגען. דער ייד איז געשפּרונגען מיט די לעצטע כוחות און דער דייטש האָט ווייטער געשמיסן און געשריגן: העכער, העכער שפּרינגען. זיינע קאַמעראַדן האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער. דער דאָזיקער ספּעקטאַקל, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז געווען דער אַריינפיר צו אַן אַלגע־מיינער אַקציע פון פייניקן יידן."

ווען דער געפּייניקטער ייד האָט שוין מער נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס — האָט אים דער תלין באַפוילן, ער זאָל זיך אַוועקשטעלן אויף אַ העכער אָרט און זינגען. „אין דער דאָזיקער שטילקייט, אָנגעזאַפּט מיט דער טראַגעדיע פון מענטשן, האָט זיך געטראָגן אַ שטילע ציטריקע, דינע סאָפּראַן־שטימע. ער האָט געזונגען אַזוי רירנד, ווי די טרויעריקע מעלאָדיע פון יידישן ליד וואָלט געווען צוגעפּאַסט צו די שרעקלעכע באַדינגונגען פון אונדזער לעבן. טייל אַרעסטירטע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און טרערן זענען זיי גערונען פון די אויגן. מיך האָט גענומען שטיקן אין האַלדז, ווייל פאַר מיר איז געשטאַנען

* „שוואָב" — פּויליש זידל־וואָרט אויף דייטשן.

די דראַמע פון אונדזער פויליש לעבן און דאָס טרויעריקע בילד פונעם לעבן אין דער אַרעסטאַנטן־קאַמער." אַזוי האָט געשריבן ראַפּאַלסקי אין זיינע זכרונות.

ווייזט אויס, אַז די דאָזיקע שטימונג איז נישט געפעלן דעם תליז, און מיט דעם אויסגעשריי — "וועק", האָט ער אויף פויליש גענומען זידלען און באַליידיקן די יידן. ער האָט געוואָלט אַזוי אַרום אַרויסרופן עפּעס אַ באַוועגונג [175] ווען עס האָט אים קיינער נישט אָפּגעענטפערט, האָט ער געכאַפּט פיר יידן, אַוועקגעשטעלט זיי אין פאָרן און באַפוילן, זיי זאָלן זיך פּאַטשן איינער דעם אַנדערן. די אומגליקלעכע האָבן נישט געוואָלט זיך שלאָגן, דאַן איז דער תלין צוגעגאַנגען צו איינעם פון די יידן און מיט דער פויסט געגעבן אים איבערן פּנים און דערביי געפרעגט דעם געשלאָגענעם, וועמענס פּנים איז געווען אין פאַרבלוטיקטע מאָסע: "נו, איצט ווייסטו שוין ווי אַזוי מ'שלאָגט?". די יידן זענען געצוווּנגען געווען קעגנזייטיק זיך צו פּאַטשן ביז זיי זענען אַוועקגעפאַלן פאַרבלוטיקטע.

די פייניקונגען זענען ווייטער פאַרגעזעצט געוואָרן, וואָס ווייטער אַלץ מיט מער ראַפינירטע און סאַדיסטישע מיטלען. דער תלין האָט אָנגעכאַפּט אַ ייד מיטן נאָמען מאַרגאַליעס, אַן אייגנטימער פון אַ קאָנפעקציע־געשעפט אויף פּיעטריקאָווער 92, און אונטער קלעפּ און שמיץ געצוווּנגען אַ צווייטן ייד, אַז ער זאָל מיט אַ טאַשן־מעסערל "אָפּראַזירן" מאַרגאַליעסן די באָרד. מאַרגאַ־ליעסעס פּנים איז באַלד געווען אין פאַרבלוטיקטע מאָסע. [176]

דער דייטשער תלין האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָנזעטיקן מיט זיין סאַדיזם. ער האָט געצוווּנגען די יידן צו מאַכן גימנאַסטיק, קריכן איבער דער פּאָדלאָגע ווי הינט, און ביי יעדע באַוועגונג זענען די געפּייניקטע יידן געוואָרן געשלאָגן און געשמיסן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן. "עס איז געווען צו זען צו וואָס די תלינים צילן: שלאָגן, צעקאַלעטשען און צעפליישן די יידן" — — — איינעם פון די קרבנות, א ייד פון 55 יאָר, וואָס איז שוין געווען פאַרחלשט פון די אָנשטרענגונגען און קלעפּ, האָבן די תלינים געהייסן קריכן אויף די קניען אַרום דער פייניקונגס־קאַמער. ער האָט זיך געשלעפּט אַ פאַרחלשטער איבער דער פּאָדלאָגע מיט די לעצטע כוחות און די דייטשן האָבן געשלאָגן, געשמיסן און געשריגן: "גיכער, גיכער" — — — און ווען ער איז געפאַלן אונטער די קלעפּ מיטן פּנים צו דער פּאָדלאָגע, האָט ער מיט די לעצטע כוחות, מיט אַ רירנדער בעטנדער שטים אויסגעקרעכצט: "אָ גאָט, ביסט דאָ אין הימל, זעסטו דאָס אַלץ." [177]

באַלד איז געקומען די ריי אויפן דאָקטאָר אַלעקסאַנדער מאַרגאַליס. פאַר אים, פאַר דעם יידישן דאָקטאָר, האָבן די תלינים צוגעטראַכט נייע פּייני־קונגען. דערביי האָבן די תלינים אים שרעקלעך געשלאָגן און געשמיסן. "ווען

עס זענען געפאַלן אויף אים די קלעפּ, האָט דער געפּייניקטער מיט פאַראַכטונג געקוקט אין די אויגן פון זיינע פּייניקער." ווען מ'האָט אים אָפּגעלאָזט איז ער מיט די לעצטע כּוחות געפאַלן אויף זיין געלעגער. די מערדער זענען אַוועק.

„איך בין צוגעגאַנגען צו אים און אים געגעבן אַ שטיקל ברויט. מיט דעם בליק און האַנט־דרוק האָבן מיר זיך גייסטיק פאַרשטאַנען."

דאָס פּייניקן פון די יידישע אַרעסטירטע האָבן די דייטשן דורכגעפירט אין אַלע קאַמערן פון דער ראַדאָגאָשטשער תּפיסה. דעם אַלטן מיעטשיסלאַוו הערץ, אַ זייער דיקע פּערזאָן מיט אַ גרויסן בויך, האָבן די פּייניקער געצוווּנגען צו רוקן זיך אויפן בויך איבער דער פּאָדלאָגע און מיט די בלויזע פינגער צו גראָבן גריבער אין דער האַרטער ערד.[178]

*

נאָך דעם דאָזיקן „ציקל" פון די דייטשע פּייניקונגען איז אין דער ראַדאָגאָשטשער תּפיסה אַריינגעטרעטן אַן „אָטעם־פּויזע". די מאַכטהאָבער האָבן זיך געגרייט צו פאַרענדיקן מיט די אַרעסטירטע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער. בעת דער דאָזיקער „אָטעם־פּויזע" האָט מען דערלויבט די אַרעסטאַנטן צו „שפּאַצירן" אויפן אָפּגעשלאָסענעם הויף.

סטאַניסלאַוו ראַפּאַלסקי דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן זייער אַן אינטערעסאַנטן שמועס, וואָס ער האָט געהאַט, בעת אַזאַ שפּאַציר, מיט דעם געפּייניקטן ד"ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס. דער פּוילישער סאָציאַליסט האָט זיין יידישן חבר אויסגעדריקט מיטגעפיל און באַדויערונג צו די יסורים און פאַרשעמונג, וואָס דער איידעלער אינטעליגענט איז דורכגעגאַנגען. דערויף האָט מאַרגאָליס געענטפערט:

„— גלויבט מיר, אַז איך בין שטאָלץ אויף דעם, וואָס אויך פון מיר האָט מען געמאַכט אַ חוזק־פאַרשטעלונג. אויב אַזוי פיל יידן האָט מען געפּייניקט, פאַרוואָס זאָל מיך — ווי אַ פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער — אויסמיידן די דאָזיקע מאַסאַקרע? איך וואָלט זיך געפילט זייער באַליידיקט, ווען עס וואָלט מיך אויסגעמיטן."[179]

### ג. די עקזעקוציעס איבער די יידישע אַרעסטאַנטן פון ראַדאָגאָשטשער תּפיסה

דער ווייט גרעסטער טייל פון די יידישע אַרעסטירטע אין דער ראַדאָגאָשטשער תּפיסה זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן. געציילטע האָבן זיך געראַטעוועט דורך גרויסע סומען אויסקויף־געלט. פון אַרעסטירטן עלטעסטעראַט זענען עטלעכע אַרויס פון דער תּפיסה.

די דערשיסונגען פון די קרבנות, אָנגעזעענע פּאָליטישע און געזעל־שאַפטלעכע טוער, וואָס זענען געזעסן אין ראַדאָגאָשטשער תפיסה, האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 21־סטן נאָוועמבער 1939. ווי שפּעטער אין ענלעכע פאַלן, האָבן די דייטשן צום ערשט „געמאַכט שטימונג". אויף אויטאָס זענען אָנגעקומען געשטאַפּאָ־לייט און גענומען אכזריותדיק שלאָגן די אַרעסטאַנטן, וועלכע זיי האָבן געטראָפן אַרבעטן אויפן הויף. די תפיסה־וועכטער, מייסטנס לאָדזשער „פאָלקס־דויטשען", האָבן גענומען „לויפן ווי משוגענע הינט און אין אַלע קאַמערן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אַפּעלן". קיינער, נישט די וועכטער און נישט די אַרעסטירטע, האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון וועגן דעם, וואָס עס גרייט זיך.[180]

די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אָנגעהויבן אויסרופן די אַרעסטאַנטן ביי די נעמען. יעדער אַרויסגערופענער איז געוואָרן געטריבן אונטער אַ האָגל פון קלעפּ און ביי ווילדע אויסגעשרייען: „האָפּ, האָפּ, האָפּ, שנעלל, שנעלל". נאָכן פעסט־שטעלן די פּערסאָנאַליען, זענען די קרבנות אַרויסגעקאָפּיעט געוואָרן פון קאַמער. אויפן הויף האָט געוואַרט אַ שפּאַלער פון די וועכטער, „פאָלקסדויטשען", יעדער פון זיי באַוואָפנט מיט עפּעס: ציגל, אייזערנע שטאַנגען, קנוטעס פאַרזען מיט אַן אייזערנעם עק, און אויף די געטריבענע צום טויט זענען געפאַלן קלעפּ — אויפן פּנים, פּלייצעס, קעפּ, אין די ציין. אייניקע פון די תלינים האָבן די גע־פּייניקטע אונטערגעשטעלט די פיס און די געפאַלענע זענען געוואָרן פּשוט צעפליישט."[181] די דאָזיקע פּייניקונגען האָבן באַגלייט די קרבנות ביז זיי זענען אַריינגעיאָגט געוואָרן אין די לאַסט־אויטאָס, איבערגעדעקט מיט שוואַרצע פּלאַכטעס.

די אומגליקלעכע זענען נישט געפירט געוואָרן גלייך צום טויט. מ'האָט זיי געמאַכט אַ „משפּט" אין געשטאַפּאָ אויף אַנשטאַטאַ־גאַס אין דעם בנין, וועלכן יידישע קולטור־טוער האָבן אויפגעשטעלט פאַר יידישע גימנאַזיעס. אויך ביז צום „געריכט" זענען די קרבנות געוואָרן געפּייניקט, געשלאָגן. אויפן פּראָצעס זענען אַלס עדות אויפגעטרעטן „פאָלקסדויטשען", וועלכע האָבן עדות־געזאָגט, אַז דער געמשפּטער האָט געהערט צו אַ פּאַרטיי, וואָס איז געווען קעגן די דייטשן, האָט אַגיטירט קעגן היטלערן אדג"ל. דער פּסק־דין איז געווען — דערשיסן. אין געוויסע אויסנאַמע האָט מען דעם קרבן צוריקגעשיקט אויף אַ ווייטערדיקער אויספאָרשונג. אונטער דער דראָונג פון תיכף דערשאָסן צו ווערן האָט דער צוריקגעקומענער אין דער קאַמער געמוזט שווייגן און נישט דערציילן, וואָס ער האָט געזען און געהערט ביז און בעת דעם פּראָצעס.[182]

אין דער דאָזיקער פּיינלעכער שעה, אויפן ראַנד פון טויט, איז צווישן דעם פּוילישן סאָציאַליסט סטאַניסלאַוו ראַפּאַלסקי און דעם יידישן סאָציאַליסט

דעם בונדיסט אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס, פּאַרגעקומען אַ שמועס, וועלכער סימבאָ־ליזירט דאָס טראַכטן און פילן פון יידן אין דער אויסראָטונגס־צייט.

נאָכדעם, ווי עס איז אין דער תפיסה־קאַמער באַוווסט געוואָרן די טאָרטורן, וואָס יעדער אַרעסטאַנט גייט דורך ביז מ׳דערשיסט אים, האָט ראַפּאַלסקי גע־זאָגט צו מאַרגאָליסן, אַז מ׳דאַרף זיך איינשאַפן אַ שטאַרק־ווירקנדן סם, „כדי אין די דאָזיקע טראַגישע מאָמענטן נישט צו געבן די מעגלעכקייט די אויס־ווורפן צו איזדיעקוועון זיך איבער אונדז״. דערויף האָט מאַרגאָליס געענטפערט זיין חבר:

„— פאַרוואָס זאָלן מיר אַליין זיך פאַרקירצן דאָס לעבן. דער מענטש קאָן קיינמאָל נישט וויסן, ווען עס איז דער סוף פון זיין לעבן. אָפּטמאָל קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז עס איז שוין דער סוף, דער לעצטער לעבנס־מאָמענט, דערוויל גייט דורך די קריטישסטע רגע, עס גייען דורך די ליידן און דער מענטש לעבט ווייטער און דערמאָנט בלויז די קאָשמאַרדיקע מינוטן — פאַר יעדער סעקונדע לעבן דאַרף מען קעמפן.

— וויאַזוי קאָן מען קעמפן ביי אַזעלכע נישט גלייכע באַדינגונגען? איר האָט דאָך געזען, וואָס זיי האָבן דאָ אָפּגעטאָן אין לאַגער און געהערט, וואָס עס טוט זיך אין די געשטאַפּאָ־פּייניקונגס־קאַמערן אויף אנשטאטא־גאַס, און מיר ווייסן נישט און מיר זעען נישט, וואָס נאָך עס קומט פאַר פאַר דער עקזעקוציע. דאָס פייניקן אונדז פאַרשאַפט דאָך זיי פרייד, אַ געוויסע סאַטיספאַקציע, אַן אנגענעמלעכקייט. צי זאָל איך מיט מיינע ליידן מאַכן אנגענעם זייער פאַרשיווע, פאַרווילדעטע לעבן?

— באמת, עס זענען פאַראַן מענטשן וואָס טראַכטן מיט אַזעלכע קאַטע־גאָריעס — האָט מאַרגאָליס ווייטער אַנטוויקלט זיין געדאַנק, — אָבער איך וואָלט קיינמאָל אַזעלכעס נישט געטאָן. מ׳דאַרף גלויבן אין דעם לעבן.״ [183]

ראַפּאַלסקי קאָמענטירט דעם דאָזיקן שמועס אין זיינע זכרונות:

„חבר ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס האָט נישט מורא געהאַט פאַר דעם טויט, אָבער ער האָט געוואָלט לעבן. ער האָט געהאַט אַ וווּנדערלעכן נישט־וואַקלענדיקן גלויבן אין לעבן. ער האָט געגלויבט, אַז די ליידן וועלן דורכגיין און דער מענטש וועט ווייטער לעבן און דערמאָנען בלויז יענע קאָשמאַרנע מינוטן.״ [184]

מיט דעם דאָזיקן גלויבן אין לעבן און נישט־וואַקלדיקע האָפענונג, אַז די ליידן און שלעכטס וועלן פאַרבייגיין, האָט אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס זיך דורכגערופן מיט פאַרגאַנגענע יידישע געפּייניקטע דורות, מיט אַלע ליידנדע פון געטאָס און לאַגערן און מיטן ווילנער יידישן זינגער פון ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד הערש גליק — „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״.

מיט זיין אָפּטימיזם האָט דער יידישער סאָציאַליסט באַאיינפלוסט זיין פּוילישן חבר און אים אָפּגעראַטעוועט פון זעלבסמאָרד. סטאַניסלאַוו ראַפּאַלסקי האָט איבערגעלעבט די מלחמה, אָבער אויף די יידן האָבן די דייטשן שוין געהאַט אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל און דער יידישער סאָציאַליסט ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט די מיליאָנען פון זיין פאָלק.

## ד. דער ברידער־קבר פון 24 יידן אין לאַגעווניקער וועלדל

„אין די ערשטע טעג פון חודש דעצעמבער, ווען פון אונדזער קאַמער האָט מען אויסגערופן נאָר 4 מענטשן״ — דערציילט אין זיינע זכרונות ראַפּאַל־סקי — „איז צווישן זיי געווען ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס. מיט אַן אויפ־געהויבענעם קאָפּ און פרייען בליק האָט ער געענטפערט אויף די פראַגן פון די געשטאַפּאָ־לייט און גיך פאַרלאָזט די קאַמער.״ [185]

סטאַניסלאַוו ראַפּאַלסקי האָט געזען ווי מ׳האָט פון זיין קאַמער אַרויס־געפירט זיין חבר מאַרגאָליס און נאָך 3 פּערזאָן, אָבער אויך פון אַנדערע קאַמערן אין דער ראַדאָגאָשטשער תפיסה האָט מען אין יענעם טאָג אַרויסגעפירט יידישע אַרעסטאַנטן צום טויט. ד״ר מאַרגאָליס איז דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט די יידן פון רומקאָווסקיס ערשטן עלטעסטענראַט. וועגן דער דאָזיקער מאַסן־עקזעקוציע דערציילט די גבית־עדות פון אַנטאָני סלאָנטשיקאָווסקי.

אַנטאָני סלאָנטשיקאָווסקי האָט ביז דער מלחמה געאַרבעט אין ראַדאָ־גאָשטשער שפּיטאָל, ווו ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס איז געווען אָרדינאַטאָר. אין זיין גבית־עדות, וואָס איז אויפגענומען געוואָרן אין דער צענטראַלער יידי־שער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש (שפּעטער יידישער היסטאָרישער אינ־סטיטוט אין פּוילן), האָט סלאָנטשיקאָווסקי גערעדט מיט גרויס סימפּאַטיע וועגן דעם אָרדינאַטאָר און אים אָנגערופן „פּאַן דירעקטאָר״.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע איז דער פּוילישער אַרבעטער ווייטער געווען באַשעפטיקט אַלס מעכאַניק אין סאַנאַטאָריום פאַר לונגען־קראַנקע קינדער, וועלכע האָט זיך געפונען אין דער וואַלדיקער געגנט פון לאַגעווניק, וואָס האָט אויך געהערט צו ראַדאָגאָשטש.

וועגן דער דערשיסונג פון 24 יידן, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס, האָט זיך סלאָנטשיקאָווסקי דערוווּסט ביי דער „אָבערשוועסטער״ פון קינדער־שפּיטאָל, אַ דייטשקע מיטן נאָמען מאָניקאָ. ביי דער דאָזיקער אָבערשוועסטער האָבן געשטאַפּאָ־לייט אָפטמאָל

איינגעאָרדנט הוליאַנקעס, בעת וועלכע די מערדער האָבן זיך באַרימט מיט זייערע „העלדישע" מעשים ביים דערשיסן יידן.

בעת איינער אַזאַ הוליאַנקע, האָט סלאָנטשיקאָווסקי, וואָס פאַרשטייט אַ ביסל דייטש, געהערט געשטאַפּאָ־לייט דערציילן, ווי זיי האָבן זיך באַטייליקט אין דערשיסן 24 יידן, פּאָליטישע פאַרברעכער.[186] אין זיין גבית־עדות האָט אַנטאָני סלאָנטשיקאָווסקי וואָרטלעך איבערגעגעבן:

„איך האָב געהערט ווי די דייטשן האָבן דערציילט, אַז צווישן די אַרעס־טירטע יידן זענען געווען אַזעלכע, וועלכע זענען נישט באַשולדיקט געוואָרן אין קיין פּאָליטישער טעטיקייט. אַזעלכע האָבן זיך געקאָנט אויסקויפן פאַר גאָלד, בריליאַנטן און מ'האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן אין פּראָטעקטאָ־ראַט. די 24 דערשאָסענע זענען אָנערקענט געוואָרן פאַר פּאָליטישע און פאַר דעם האָבן זיי געמוזט אומבאַדינגט באַקומען טויט־שטראָף. די דייטשן [די געשטאַפּאָ־לייט] האָבן געהאַט ביי זיך אַ רשימה פון די נעמען פון די דערשאָ־סענע מיט פּרטים צו וועלכער אָרגאַניזאַציע און פּאַרטיי זיי האָבן געהערט. פון די נעמען פון די דערשאָסענע איז מיר געבליבן אין זכרון דער נאָמען פון ד"ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס, וועלכן איך האָב געקענט, ווייל איך האָב גע־אַרבעט מיט אים צוזאַמען 10 יאָר אין ראַדאָגאָשטשער שפּיטאָל.

„די געשטאַפּאָ־לייט האָבן זיך אויך באַרימט, אַז ווען די אַרעסטירטע זענען געזעסן אין תּפיסה, האָט מען זיי שרעקלעך געפּייניקט. מ'האָט זיי געצוווּנגען אויסצופירן שטראָף־גימנאַסטיק, רייניקן די קלאָזעטן אדג"ל."[187]

די 24 דערשאָסענע יידן אין לאַגעווניקער וואַלד זענען באַגראָבן געוואָרן אויפן אָרט פון דער עקזעקוציע. פּאַקטיש נישט באַגראָבן, נאָר פון אויבן פאַר־שאָטן מיט ערד, אַזוי אַז מ'האָט אַרויסגעזען די גופים. „איבער דעם דאָזיקן פראָ־וויזאָרישן ברידער־קבר איז געווען אויפגעשטעלט אַ קליינער סלופּ מיט אַ טאָוול, אויף וועלכן עס איז געווען אַן איבערשריפט אויף דייטש: „24 יודען, פּאָליטיש". דאָס דאָזיקע קבר מיט דער אויפשריפט האָב איך געזען אין די ערשטע וואָכן נאָכדעם ווי מ'האָט זיי דערשאָסן, ד. ה. מער־ווייניקער אין נאָוועמבער 1939."

„נאָך דער באַפרייאונג איז אויפן אָרט פון דער עקזעקוציע געקומען אַ פּראָקוראַטאָר. דאַכט זיך עס איז געווען פּראָקוראַטאָר ארליקאָווסקי, וועלכער האָט פאַראָרדנט דורכצופירן אַן עקסהומאַציע פון די דערשאָסענע. ער האָט באַפוילן די אַרעסטירטע „פאָלקסדויטשן", זיי זאָלן אויסגראָבן די גופים פון די דערמאָרדעטע. עס איז נישט מעגלעך געווען גענוי זיך צו אָריענטירן וויפיל פערזאָן עס איז געווען אין דעם קבר, ווייל די גופים האָבן זיך געפונען אין צעפאַלונגס־מצב. צוליב דעם ווייזט אויס, איז אָנגעגעבן די צאָל פון די אומ־געבראַכטע אויף 15 פּערזאָן, וואָס עס שטימט נישט מיטן אמת. ווייל ווי איך

ווייס זענען אין דעם „קבר" געווען 24 פּערזאָן, וואָס דאָס האָט אויך באַשטעטיקט די דייטשע אויפשריפט איבערן טאָוול.

די עקסהומירטע גופים זענען אַריינגעלייגט געוואָרן אין טרומנעס און אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן קאַטוילישן צמענטאַזש אין לאַגעווניק, ווו זיי זענען צו קבורה־געקומען אין אַ געמיינזאַמען קבר."[188]

פון דער דאָזיקער גבית־עדות איז קלאָר, אַז די דערשאָסענע 24 יידן זענען, אַחוץ מאַרגאָליסן, אַלע געווען פון דעם ערשטן עלטעסטענראַט, וועלכער איז, אָן שום סיבה, אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ. קיין אַנדערע דערשי־סונגען פון יידישע אַרעסטירטע אין לאָדזש זענען אין נאָוועמבער־דעצעמבער 1939 נישט פאָרגעקומען. די אַרעסטירטע פירער פון בונד — חיים לייב פּאָזנאַנ־סקי, יוסף מאָרגענטאַלער, דער פירער פון די לינקע פועלי־ציון אריה האַלענ־דערסקי און דער בונדיסט הערש מאיר זילבערבערג — זענען ערשט אין חודש מערץ 1940 אַרויסגעפירט געוואָרן פון דער ראַדאָגאָשטשער תּפיסה. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָבן די דייטשן זיי נישט דערשאָסן אין לאָדזש, נאָר אַוועק־געפירט אין די פּייניקונגס־לאַגערן דאַכאַו אָדער אָראַניענבורג, ווו זיי זענען אומגעקומען.[189] אַזוי, אַז די דערשאָסענע אין לאַגעווניקער וועלדל זענען געווען די מיטגלידער פונעם עלטעסטענראַט און ד"ר אַלעקסאַנדער מאַרגאָליס.*

געווען אויך געציילטע פאַלן פון באַפרייען אַרעסטירטע, פּאָליטיש־פאַרדעכטיקע. אַזוי זענען באַפרייט געוואָרן: די בונדישע טוערין ראָזאַ אייכנער, די פועלי־ציוניסטישע טוער: יוסף ראָטענבערג, מרדכי פעדער און משה גאָלד־בערג.[190]

* א. וואָלף יאַסני, וואָס האָט פּערזענלעך געפאָרשט און געזאַמלט מאַטעריאַלן וועגן די 24 דערשאָסענע יידן אין לאַגעווניקער וועלדל, האָט געוואָלט מאַכן באַמיאונגען, מ'זאָל די גופים פון די פאַרפּייניקטע ברענגען צו קבר־ישראל אויפן לאָדזשער יידישן בית־עלמין, אָבער אַ פּרווו פון איינעם פון די דערשאָסענע, האָט געבעטן נישט דורכפירן די עקסהומאַציע, ווייל זי וועט דאָס נישט איבערלעבן.

.11

# דער געראנגל פאר לעבן און עקזיסטענץ און די טעטיקייט פון יודענעלטסטען

## א. דאָס בהלהדיקע אַנטלויפן פון פאַרמעגלעכן שיכט און פון געזעלשאַפטלעכע טוער

דאָס דערשיסן פון די אַרעסטירטע פון קאַפּע „אַסטאָריאַ“, וואָס איז באַלד נאָך די רציחות באַקאַנט געוואָרן אין דער שטאָט, דער אַרעסט פון ערשטן יודענראַט, וועמענס גורל איז דער עפנטלעכקייט נישט געווען באַוווסט — האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלטיקע מהומה צווישן דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג און באַזונדערס צווישן געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוער. מ׳האָט גענומען לויפן וווהין די אויגן טראָגן. אָבער געלאָפן זענען מערסטנטייל פאַרמעגלעכע יידן, וואָס האָבן נאָך געהאַט ביי זיך אָפּגעשפּאָרט מזומן געלט.[191] דער ווייט גרעסטער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג, בעלי־מלאכות, קליינע סוחרים זענען געבליבן אויפן אָרט.

קודם כל איז נישט געווען אַזוי לייכט זיך אַרויסצובאַקומען פון לאָדזש, מ׳האָט געמוזט דערפאַר צאָלן אַ הויכן פרייז די שמוגלערס, וואָס האָבן געפירט אין „גענעראַל גוווערנעמענט“. אַזאַ רייזע איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות און אַ סך פון די וואָס זענען אַרויס פון לאָדזש זענען שפּעטער צוריקגעקומען און געבראַכט די טרויעריקע בשורה, אַז עס איז נישטאָ וווהין צו לויפן. עס איז אומעטום ביטער און שלעכט.

בלית ברירה האָט דערווייל דער גרעסטער רוב לאָדזשער יידן ווייטער זיך באַמיט צוצופּאַסן צו דעם ביטערן און שווערן מצב. עס איז געפירט געוואָרן אַ מסחר מיט פּאָלאַקן, וועלכע האָבן געבראַנגט פּראָדוקטן און אויסגעטוישט אויף סחורות. עס האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַ האַנדל דורך די בענק און קאָאָפּעראַטיווע קאַסעס. ווו יידן האָבן געהאַט זייערע אָפּשפּאָרונגען.

די אקופּאַציע־מאַכט איז צוגעטרעטן צו אַ ליקווידאַציע פון די יידישע בענק. זיי האָבן צוגענומען דאָס געלט אין מזומן, ווערט־פּאַפּירן, וועקסלען און איינגעפירט שפּער־קאָנטעס. יידן האָבן געקאָנט אַרויסנעמען נאָר 2000 זל. נישט געקוקט אויף די באַגרענצונגען האָט זיך די קליענטען איינגעגעבן אַרויס־צוציען ביסלעכווייז גרעסערע סומעס געלט. די זעלבע שפּער־קאָנטעס האָט מען

איינגעפירט אין אַלע בענק, האַנדלען האָט מען געקאָנט נאָר דורך די בענק. זיי האָבן געקויפט סחורה אויפן פאַרלאַנג פון באַזיצער פון דער קאָנטע, די סחורה איז ווידער פאַרקויפט געוואָרן דורך דער באנק און דאָס פאַרדינסט איז פאַרעכענט געוואָרן אויפן חשבון פון קליענטס קאָנטע. דער דאָזיקער מצב האָט אָנגעהאַלטן אַ חודש צייט".[192]

אויך דער פאַרבאָט פאַר יידן צו גיין אויף דער פיעטריקאָווער גאַס, די הויפט־גאַס פון לאָדזש, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „אַדאָלף היטלער־שטראַסע", האָט נישט אויסגעזען אַזוי געפערלעך. פאַר געוויסע קאַטעגאָריעס יידן: דאָק־טוירים, אַפּטייקערס, אַקושערקעס און אַנד. האָט די מיליטער־קאָמאַנדע אַרויס־געגעבן „פּאַסיר־שיינען", וואָס האָבן דערלויבט זיך צו באַוועגן אויף פּיעטריקאָ־ווער גאַס. פאַרשטענדלעך, אַז פאַר געלט האָט מען געקאָנט קויפן אַזעלכע „פּאַסיר־שיינען".[193]

יידן מיט געלט האָבן זיך געקאָנט אַן עצה־געבן. זייער שלעכט איז געווען די אַרבעטס־מענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער באַשעפטיקונג און בכלל דער יידישער אָרעמקייט. זיי האָבן נישט געקאָנט אַנטלויפן און אויפן אָרט געהונגערט. זיי זענען מאַסנווייז געקומען אין יידישן אַרבעט־אַמט, וואָס האָט צוגעשטעלט יידישע אַרבעטער פאַר די דייטשן און פאַר אַ געהעריקן אָפּצאָל פאַרביטן די פאַרמעגלעכע יידן, וואָס האָבן אַזוי אַרום זיך באַפרייט פון דייטשער אַרבעט און פון די קלעפּ און פייניקונגען.[194]

די גאַנצע עדה יידן און יעדער יחיד באַזונדער, האָבן נישט צוזאַמענ־געבראָכן, נאָר פונקט ווי אין די פאַרגאַנגענע צייטן ביז דער עמאַנציפּאַציע — געפירט א האַרטנעקיגן גראַנגל פאַר לעבן און עקזיסטענץ, פאַר אויפהאַלטן דאָס חיות, להיפּוך צו דעם, וואָס עס האָט געוואָלט דער גרויזאַמער דייטשער שונא — אויסראָטן און פאַרטיליקן די יידן.

## ב. דייטשער מיליטערמאַן באַרויקט די יידישע עסקנים

דער ארעסט פון דעם ערשטן לאָדזשער יודענראָט („עלטעסטענראָט") האָט אויפסניי צעטרייסלט די קהילה־אָנפירונג*, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אונטער דער לייטונג פונעם יודענעלטעסטן — מרדכי חיים רומקאָווסקי. אין דעם זעלבן טאָג, נאָכן אַרעסט, איז דער קהילה־לאָקאַל אויף פּאָמאָרסקע 18 געווען באַלאַגערט פון באַוואָפנטע געשטאַפּאָ־לייט, אַריינגעלאָזט זענען געוואָרן נאָר די

* פּאַקטיש האָט שוין דעמאָלס נישט עקזיסטירט די קהילה אין איר פאַרמלחמהדיקער פאָרם, אָבער דער נאָמען קהילה האָט זיך נאָך אויפגעהאַלטן אין זכרונות און גבית־עדות, וואָס דערציילן פון די ערשטע חדשים דייטשער אָקופּאַציע.

וואָס האָבן אויף דער אָנווייזונג פֿון געשטאַפּאָ־פֿאַרטרעטער, דערהאַלטן איינלאַ־דונגען צו קומען אין דער קהילה. אַרויסגעלאָזט האָט מען קיינעם נישט.

די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, אַ חוץ די איינגעלאַדענע האָבן זיך אין קהילה־לאָקאַל געפֿינען: דער געוועזענער קהילה־סעקרעטאַר נאַדעל, דער באַאַמטער יונה שפּער און די געציילטע מיטגלידער פֿון דעם ערשטן יודענראַט — פּאוסט און דוד ווינדמאַן, וועלכע זענען נישט אַרעסטירט געוואָרן, ווייל זיי זענען געווען אָנפֿירער פֿון קהילה־אָפּטיילונגען.

עס האָבן זיך צענויפֿגעזאַמלט אַ 40 פּערזאָן, מייסטנס געזעלשאַפֿטלעכע טוער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפֿונען ד״ר מ. ברוידע. אַלע זענען געזעסן שטיל, דערשלאָגן און געוואַרט אויף זייער גורל.

ארום 3,30 נאָך מיטאָג איז געקומען אַ פֿאַרטרעטער פֿון דער דייטשער־אָקופּאַציע־מאַכט, אין ראַנג פֿון אַ פּולקאָווניק, ער האָט פֿאַרנומען דעם אויבן־אָן און חוצפּהדיק זיך אַוועקגעשטעלט אַ פּוס אָנגעשפּאַרט אין שטול. אין דער פּויזע האָט ער זיך געלאָזט פֿאָטאָגראַפֿירן און דערנאָך צוגעטרעטן צו די ענינים. עס איז פֿאַרגעלייענט געוואָרן די רשימה פֿון די אָנוועזנדע. דער פּולקאָווניק האָט גע־פֿרעגט — ווו זענען מינצבערג און זעלמאַנאָוויטש? * נאָכן באַקומען אַן ענטפֿער, אַז זיי זענען פֿאַרשוווּנדן, האָט דער דייטש זיך גענומען פֿאַראינטערעסירן מיטן ציוניסטישן פּראָגראַם און אַרויסגעוויזן בקיאות אין די פּראָגראַמען פֿון די יידישע פּאַרטייען. ער האָט אויך געוואָלט זיך דערוויסן וויפֿיל ציוניסטן זענען פֿאַראַן אין לאָדזש, אויף וואָס ד״ר ברוידע, ווי אַ פֿאַרשטייער פֿון די ציוניסטן (צו אים איז געווען געווענדעט די פֿראַגע) האָט געענטפֿערט, אַז אין לאָדזש זענען פֿאַראַן 400 מיטגלידער פֿון דער ציוניסטישער פּאַרטיי און טויזנטער שקל־צאָלער.

אויפֿן באַפֿעל פֿונעם פּולקאָווניק (אַזוי ווערט ער אָנגערופֿן אין די זכרונות, קיין נאָמען איז נישט אָנגעגעבן) זענען דורך ספּעציעלע שליחים געבראַכט געוואָרן אַלע מיטגלידער פֿון ראַבינאַט. „דער ראש פֿון ראַבינאַט הרב סעגאַל, וואָס איז געלעגן אין בעט, איז געקומען נישט טויט נישט לעבעדיק, ווייס ווי שניי. דער רב האָט געליטן אַ סך צרות און ווייטיקן באַלד ווי די דייטשן זענען געקומען קיין לאָדזש. ער איז געוואָרן געשלאָגן, פֿאַרווונדעט, אַזוי, אַז עס איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, אַז מחמת די קלעפּ — — — וואָס עס האָט זיך דערנאָך נישט באַשטעטיקט. אָבער ער איז אַ לענגערע צייט געלעגן קראַנק מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ. אויך הרב פֿיינער איז געקומען״.[195]

(וועגן די טראַגישע איבערלעבונגען פֿון הרב סעגאַל זע ז״ז 168, 169.)

---

* לייבל מינצבערג — פֿאַרמלחמהדיקער קהילה־פּאַרזיצער. א. ל. זעלמאַנאָוויטש, אָנ־פֿירער פֿון בונד אין לאָדזש אין די דרייסיקער יאָרן געווען מיטגליד אין דער קהילה־פֿאַרוואַלטונג.

דער פּולקאָווניק האָט געהאַלטן אַ רעדע צו די פּאַרזאַמלטע און דערקלערט:
„אַלע פּאַרטייען ווערן פּאַנאַנדערגעלאָזט. די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט דאַרף זיך גרופּירן אַרום דער קהילה. ביז דינסטיק דאַרף ווערן אויפגעשטעלט אַ בילאַנס פון גאַנצן אַקטיוון און פּאַסיוון מאַטעריאַל, קאַסע־באַשטאַנד און אינ־ווענטאַר. די אַרבעט פון דער קהילה זאָל אָפּגעשטעלט ווערן אין פיר אָפּטיי־לונגען: סאָציאַלע הילף, ווירטשאַפטלעכע ענינים, בילדונג און באַשפּייזונג. די אָפּטיילונגען דאַרפן ווערן געפירט דורך באַזונדערע דירעקטאָרן".[196]

דער פּאַרטרעטער פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, וועלכער האָט ווייזט אויס געוואָלט באַרויקן די יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער נאָכן אַרעסט פונעם ערשטן יודענראַט און נאָך אַלע אַנדערע געשעענישן פון דייטשער רויב און רציחה — האָט אין אַ מילדן טאָן גערעדט וועגן קולטורעל זיך אויסלעבן: אויפשטעלן אַ טע־אַטער און ווייטער פּראַקטיצירן די יידישע מנהגים, ווי „ברית, בר־מצוה, חנוכה, פּורים, בלאָזן שופר, דאָבײַ האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס בקיאות אין יידישע מנהגים, אַזש צום שטוינען. דער פּולקאָווניק האָט דערלויבט צו דאַווענען בציבור אין סינאַגאָגע [שוין געווען דעמאָלס פּאַרברענט] און אין בית־המדרש. ער האָט אויך דערלויבט צו זאַמלען פּאַרן קרן קימת און קרן היישוב און צוגעגעבן — „דאָס איז אויף אַ שיף צו פּאָרן קיין ארץ ישראל." צום סוף האָט דער פּולקאָווניק פּאַר־זיכערט זיין הילף פּאַרן ראָט און זיך געזעגנט צו הרב טרייסטמאַן: „זי זענען ה' ראַבינער באַשטימט אַלס אָבער־ראַבינער".[197]

*

די ווייכע רייד פונעם דייטשן מיליטערמאַן האָבן אַרויסגערופן אַ בעסערע שטימונג ביי די פּאַרזאַמלטע, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער יודענעלטעסטער מרדכי חיים רומקאָווסקי. ער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, ערשט די מילדע ווערטער פונעם דייטש האָבן אים געמאַכט דרייסטער און ער האָט גענומען זיך משתדל זיין פּאַר די אַרעסטירטע מיטגלידער פונעם ערשטן יודענראַט. „מן המצר" באַשרייבט אַזוי די דאָזיקע פּיינלעכע סצענע:

„רומקאָווסקי האָט געבעטן דערלויבניש: דאַרף איך רעדן? מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט דער ביקס אויף זיין האַנט, האָט ער [דער דייטש] באַפוילן אים צו רעדן. רומקאָווסקי האָט זיך דערשראָקן און אויסגעשריגן: אַ ג־ט ער וועט שלאָגן. דערנאָך האָט ער זיך געשטאַרקט [און אויסגערופן]: אום גענאָדע אַרויס־לאָזן אויף דער פריי די מיטגלידער פון ראָט, וועלכע זענען אַרעסטירט געוואָרן אין פרימאָרגן.* אויף דעם האָט דער מיליטערפירער [מצביא] געענטפערט, אַז

* דער גאַנצער טעקסט פון „מן המצר" איז אין העברעיש, בלויז ווו עס דאַרף באַנוצט ווערן דייטש איז געשריבן אַ פּאַרגרייזטער דייטש מיט יידישע אותיות.

אַלע קען ער נישט אַרויסלאָזן, בלויז איינציקע. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ הפסקה און אַ גורל איז געווען אויף וועמען צו בעטן און עס איז אויסגעפֿאַלן אויף אַ 7—8 פֿרויען און מ'האָט אים [דעם דייטש] געבעטן. רומקאָווסקי האָט געזאָגט: איך בעט אויף די רעשט. איצט האָט דער מיליטערפֿירער באַפֿוילן צו מאַכן אַ רשימה פֿון אַלע יידן, וואָס געפֿינען זיך אין שטאָט, פֿון 14 ביז 60 יאָר, אויף גרינע און געלע קאַרטלעך. הרב טרייסטמאַן האָט זיך אָנגערופֿן: נישט אויף קיין געלע [קאַרטלעך], האָט ער געזאָגט [דער דייטש]: אויב אַזוי קאָנט איר מאַכן ווייסע. יעדן טאָג דאַרף אָפּגעגעבן ווערן אַ דין וחשבון פֿון דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אין דעם טאָג און ער [דער דייטש] האָט צוגעזאָגט נאָכאַמאָל צו קומען אין די נאָענטסטע טעג".[198] דערמיט איז פֿאַרענדיקט געוואָרן די פֿאַרזאַמלונג מיטן דייטשן מיליטערמאַן און די אַנוועזנדע איז דערלויבט געוואָרן צו גיין אַ היים.

פֿון די דאָזיקע זכרונות, פֿאַרעפֿנטלעכט אין אַ צייטשריפֿט, וואָס איז דערשינען אין לאָדזשער געטאָ, אין יולי 1941, איז צו זען, אַז רומקאָווסקי האָט געמאַכט באַמיאונגען צו באַפֿרייען די מיטגלידער פֿונעם אַרעסטירטן יודענראַט. אין קיין שום אַנדערע דאָקומענטן, זכרונות און גבית־עדות, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן נאָך דער באַפֿרייאונג, איז נישט פֿאַראַן אַפֿילו קיין אָנדייטונג וועגן דעם דאָזיקן שמועס צווישן רומקאָווסקין און דייטשן מיליטערמאַן.

## ג. דער צווייטער עלטעסטענראַט און די טעטיקייט פֿון רומקאָווסקין

נאָכן אַרעסט פֿונעם ערשטן עלטעסטענראַט, האָט די אָקופּאַציע־מאַכט אויפֿגעשטעלט אַ צווייטע ענלעכע קערפּערשאַפֿט. לויט די זכרונות אין „מן המצר" איז דאָס געשען דעם „6־טן גרודזשען" — (6־טן דעצעמבער) 1939. צום נייעם יודענראַט האָבן געהערט: אָלינאָווער, האָפֿמאַן, קראַסוצקי, בענטשקאָווסקי, דאַם, גליקסמאַן, העלמאַן, וואַרשאַווסקי, ביאַלאָדוואָרסקי, ד"ר ל. שיקער, אינזש. וואַלדמאַן, אינזש. לאַפּ, ברוך פּראַשקער און י. לאַנדוי. „די מיטגלידער פֿונעם נייגאַמינירטן יודענראַט האָבן זיך באַטראַכט ווי צום טויט־פֿאַרמשפּטע, אונטער דער דראָאונג פֿון טויט־שטראָף איז קיינעם פֿון זיי נישט דערלויבט געווען צו פֿאַרלאָזן די שטאָט און יעדער איינער איז געווען ערוב פֿאַר די אַנדערע.[199] דער אינדוסטריעלער י. לאַנדוי וועלכער איז נאָמינירט געוואָרן אין עלטעסטענראַט האָט געוואָלט געבן 25 טויזנט זלאָטעס, מ'זאָל אים באַפֿרייען פֿון זיין אַמט. עס האָט גאָרנישט געהאָלפֿן. ער האָט געמוזט בלייבן.[200]

דעם 16־טן דעצעמבער 1939, שוין בעת דעם ערשטן גירוש, האָט די דייטשע מאַכט צוגענומען דעם גרויסן קהילה־לאָקאַל אויף פּאָמאָרסקע 18. אויפֿן דעמאָלסדיקן דייטשן שטייגער זענען אריינגעקומען צוויי מיליטער־לייט

און געפאָדערט תיכף זיי אָפּגעבן דעם קהילה־לאָקאַל. הרב טרייסטמאַן האָט אָפּגעבעטן אָפּצולייגן אויף עטלעכע טעג דאָס אויספירן דעם באַפעל, כדי מ׳זאָל אויסגעפונען אַן אַנדערן לאָקאַל און קאָנען איבערפירן דעם אינווענטאַר. די דייטשן זענען נאָכגעקומען זיין בקשה און אין משך פון די עטלעכע טעג איז דער קהילה־אינווענטאַר ארויסגעפירט געוואָרן אין בנין פון „לינת החולים", פּאָלודניאָווע 19. דאָרט איז געוואָרן דאָס זיצאָרט פון רומקאָווסקין מיט זיין עלטעסטענראַט.

א פּאַרטרעטער פון געשטאַפּאָ האָט אַמטירט צוזאַמען מיט רומקאָווסקין אין איין צימער. די מיטגלידער פונעם ניי־נאָמינירטן עלטעסטענראַט, וועלכע זענען געקומען אין „קהילה"־לאָקאַל, זענען איינציקווייז אריינגערופן געוואָרן צו רומקאָווסקין. דער אָנוועזנדער פּאַרטרעטער פון געשטאַפּאָ האָט זיך אויסגעפרעגט וויפיל יידן זענען פאַראַנען אין לאָדזש און געוואָרנט, עס זאָל קיינער נישט האָבן קיין אייגענע מיינונג. די פונקציע פונעם עלטעסטענראַט איז — אויס צופירן די באַפעלן פון דער מאַכט. העלמאַן, וואַרשאַווסקי, בוים, אולינאָווער, קראסוצקי, בענטשקאָווסקי — זענען געצוווּנגען געוואָרן אונטערצושרייבן א פאַרפליכטונג, אַז זיי וועלן נישט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען אָן דערלויבניש פון געשטאַפּאָ. דער עלטעסטענראַט איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צו פארגרעסערן זיין באַשטאַנד מיט נאָך 30 פּערזאָן. די דאָזיקע פאָדערונג פון געשטאַפּאָ־פּאַרטרעטער האָט אַרויסגערופן אַ מהומה צווישן די אָנוועזנדע: „ווער וועט האָבן די דרייסטקייט עמיצן פאָרצושלאָגן, אז ער זאָל אַריינטרעטן אין ראָט ביי אַזעלכע באַדינגונגען. דער געשטאַפּאָ־פּאַרטרעטער האָט געפונען אַן אויסוועג: מ׳זאָל צוזאַמענשטעלן אַ רשימה פון 100 פּערזאָן און פון זיי זאָלן אויסגעוויילט ווערן 30. צוזאַמען זאָל דער עלטעסטענראַט באַשטיין פון 67 מיטגלידער. פון זיי זאָל אויסגעוויילט ווערן אַ פּרעזידיום פון 10 פּערזאָן שוין צוזאַמען מיט די פּאַרטרעטער פון געשטאַפּאָ."א[200]

צום דורכפירן די אַלע באַפעלן פון געשטאַפּאָ איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון: אולינאָווער, ווארשאווסקי, בוים און די ניי־נאָמינירטע: עדעלמאַן, פרידריך, זאזשויע, ד"ר פאַלק אָדער פאַלעק, ליפּסקי אאַנ"ד. „די קאָמיסיע איז גערופן געוואָרן אויף אַ זיצונג און אַלע אָנוועזנדע האָבן זיך געמוזט אונטערשרייבן אויף די אויבנדערמאָנטע באַדינגונגען", נעמלעך: נישט צו פאַרלאָזן די וווינונגען אָן דער ערלויבניש פון געשטאַפּאָ און אויסצופירן די באפעלן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט.[201]

די אויבנגעשילדערטע אָרגאניזירונג פונעם ניי־נאָמינירטן עלטעסטענראַט ווערט געבראכט נאָר אין די זכרונות, פאַרעפנטלעכט אין „מן המצר", געשריבן פון אן אומבאקאנטן מחבר. עס ווערן אָבער אין זכרונות און אין גבית עדות, פאַרעפנטלעכטע, נאָך דער באַפרייאונג פון לאָדזשער יידן, וואָס האָבן איבער־

געלעבט דעם חורבן — דערמאָנט די זעלבע פערזאָנען פונעם יודענראַט, וועלכער איז נאָמינירט געוואָרן נאָך דעם אַרעסט פונעם ערשטן עלטעסטענראַט. וועגן זייער טעטיקייט ווערט אָבער זייער ווייניק געשריבן. אין די דאָקומענטן ווערט כסדר אונטערגעשטראָכן, אַז רומקאָווסקי האָט זיך מיט זיי ווייניק וואָס גערעכנט און אַלץ אַליין דורכגעפירט. פיל פון די ניי-נאָמינירטע עלטעסטענראַט-מיטגלידער האָבן אויך ביי דער ערשטער געלעגנהייט פאַרלאָזט לאָדזש און אַריבער קיין וואַרשע.

## ד. אַפּראָוויזאַציע-פאַרזאָרגונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די אָרגאַניזירונג פון פינאַנצן

אין חודש נאָוועמבער 1939 איז מרדכי חיים רומקאָווסקי שוין געווען אָפיציעל אויף זיין אַמט אַלס יודענעלטעסטער. זיינע וועגדונגען צום שטאָט-קאָמיסאַר זענען אונטערגעשריבן מיטן פולן טיטל: — „ח. רומקאָווסקי, דער עלטעסטער דער יודן אין דער שטאָט-לאָדזש" — און איז פאַרזען מיט אַ רונדיקן, אַמטלעכן שטעמפּל מיט דער זעלבער פירמע.[202] דער יודענעלטעסטער האָט אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דעם דייטשן קאָמיסאַר איבער דער שטאָט לאָדזש, וואָס איז געשטאַנען בראש פון דער „ערנעהרונגס אונד ווירטשאַפטסשטעללע" וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער אַפּראָוויזאַציע פון דער לאָדזשער באַפעלקערונג.

ווי עס באַווייזן די ווייטער געבראַכטע דאָקומענטן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין „רומקאָווסקי-אַרכיוו", האָט דער יודענעלטעסטער אויך באַקומען פון דער „ערנעהרונגס אונד ווירטשאַפטסשטעללע" אַ געוויסע צוטיילונג פון מעל, פאַרשטענדלעך פאַר אַ גוטן פרייז, פון וועלכן עס איז אין די יידישע בעקערייען אויסגעבאַקן געוואָרן ברויט פאר דער יידישער באַפעלקערונג.

דאָס פולשטענדיקע אָדער טיילווייזע אויסהונגערן פון די 200 טויזנט לאָדזשער יידן איז נאָך נישט געווען אויף דער ליניע פון דייטשן אויסראָטונגס-פּלאַן. די יידן אין לאָדזש האָבן נאָך געוווינט צווישן דער פוילישער און דייטשער באַפעלקערונג און דאָס נישט באַזאָרגן די יידן מיט מעל און ברויט, ד. ה. אויס-הונגערן זיי וואָלט געקענט ברענגען צו אומדערוואַרטעטע רעזולטאַטן. צוליב די סיבות איז די דייטשע אָקופּאַציע-מאַכט אין לאָדזש געווען דעמאָלס אַזוי „פריי-גיביק" און באַזאָרגט, פאַר גוט באַצאָלט, מעל אויך פאַר דער יידישער באַפעל-קערונג. עס איז אין די פאַראַנענע אַרכיוו-דאָקומענטן נישט אָנגעגעבן ווי הויך עס איז געווען דער קאָנטינגענט מעל, וואָס יידן האָבן באַקומען, ער איז אָבער געווען גענוג אויף צו הייבן דעם פּרעסטיזש פונעם יודענעלטעסטען אַלס פאַרזאָר-גער פון זיין אומגליקלעכער עדה.

פון דעם דאָזיקן קאָנטינגענט מעל, וואָס רומקאָווסקי האָט באַקומען פון

אויסגעבאַקענעם ברויט, האָט ער אויך אריינגעשיקט באַשפייזונג פאַר די יידישע אַרעסטירטע אין דער ראַדאגאשטשער תפיסה.

אין אַ ווענדונג צום „אָבערבירגערמייסטער פון לאָדזש" בעט רומקאָווסקי צוריקצוגעבן דער יידישער באַפעלקערונג 3,450 קילאָגראַם ברויט, וואָס ער רומקאָווסקי, האָט צוגעשטעלט אין „ראַדאָגאָשטשער אנהאלטסלאַגער" ווייל דאָס ברויט איז אָפּגענומען געוואָרן פון קאָנטינגענט מעל, וואָס איז „צוגעטיילט געוואָרן דער יידישער באַפעלקערונג דורך דעם פאַרפלעגונגסאַמט". אין זיין ווענדונג צום שטאָט־קאָמיסאַר בעט רומקאָווסקי גלייכצייטיק — „איינע זאָנדערצוטיילונג פאָן מעל פיר דאַס אנהאלטסלאַגער אין ראדאגאשטש, דאַמיט דאָס פיר דער יידישער באַפעלקערונג פאָן לאָדזש, דאָס פעסטגעזעצטע קאָנטינגענט פאָל פערבלייבט".[203]

דער קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש האָט דעם ענין איבערגעשיקט צום „לויטענאַנט דער שוצפאָליציי אונד פירער דעס וואכקאָמאַנדאָס", וועלכער האָט געענטפערט, אַז „עס דאַרף נישט באַשטימט ווערן קיין צוגאָב־קאָנטינגענט־מעל פאר יידן אויף צו באַזאָרגן מיט ברויט די יידישע אַרעסטאַנטן אין ראַדאַ־גאשטשער אנהאלטסלאַגער", וועלכע זענען דאָרט פאַראַנען אין אַ גרויסער צאָל, זיי דארפן ווערן אויסגעהאַלטן פון יידן און די פוילישע ארעסטירטע באַקומען לעבנסמיטל פון רויטן־קרייץ.

צו דעם ענטפער צו רומקאָווסקין איז בייגעלייגט אויך די מיינונג פון קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש, דערנערונגס אונד ווירטשאַפטסראַט: די ווענדונג פון יודענעלטעסטן ווערט אָפּגעוואָרפן — „דא די נאטווענדיקייט ניכט אַנערקאַנט ווערדן קאַן".[204]

דעם 14 דעצעמבער 1939 האָט דער אַמטסלייטער י. א. גראָס געמאָלדן רומקאָווסקין אין נאָמען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג (דייטשער), אַז מעל און אַנדערע באַשפייזונג־מיטל אין דער הויך פון 25 פּראָצענט פון פאראנענעם רעזערוו, ווערט איבערגעגעבן דער יידישער געמיינדע מיט דער אנווייזונג צו פאַרטיילן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.[205]

ווי מיר זעען, האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט, באַלד אין די ערשטע חדשים פון איר הערשאַפט, איינגעשטעלט פאַר די לאָדזשער יידן א מין ווירט־שאַפטלעכע געטאָ, שוין מיט אַ פאַרטיקער „אויטאָנאָמע מאַכט", וואָס עס האָט באַקומען רומקאָווסקי נאָך איידער עס איז געשאַפן געוואָרן דער אָפּגעגרענעצטער וווין־שטח — דאָס טעריטאָריאַלע געטאָ. שוין אין די חדשים נאָוועמבער און דעצעמבער 1939, איז דער יודענעלטעסטער געווען דער פאַקטישער באַלעבאָס איבער אלע יידישע אַנשטאַלטן: שולן און יתומים־הייזער. רומקאָווסקי האָט אויך איינגעשטעלט אַ פינאַנץ־אַפּאַראַט צו פינאַנצירן די אַלע אַנשטאַלטן, ישראל טאבאקסבלאט דערציילט אין זיינע זכרונות: „די קהילה האָט אויף גיך געשאַפן

אַן אייגענעם שטייער־אַמט, וועלכער האָט אונטער דער דראָונג צו נעמען אויף צוואַנגס־ארבעט, איינגעצויגן ביי אביסל גבירים גרעסערע שטייער־סומען".

„די קהילה", וועלכע י. טאַבאַקסבלאַט דערמאָנט מיינט פּאַקטיש דעם יודענעלטעסטן מרדכי חיים רומקאָווסקי מיט זיין איינגעשטעלטן אדמיניסטראַציע־אפאַראַט, ווייל קיין קהילה־פארוואַלטונג האָט שוין דאמאָלס נישט עקזיסטירט. דער שטייער־אַמט פונקט ווי דער אַרבעטס־אַמט, וואָס האָט געשיקט מענטשן אויף אַרבעט צו די דייטשן זענען שוין געווען די אינסטיטוציעס פונעם „עלטעסטער דער יודען". רומקאָווסקי האָט פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט באַקומען דאָס רעכט אויפצומאָנען ביי יידן שטייערן פאר די געמיינדע־באדערפנישן און זיין אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט האָט איינגעמאָנט די שטייערן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט.

עס איז אינטערעסאַנט איבערצוגעבן א שילדערונג פון אַן עד־ראיה, ווי אַזוי רומקאָווסקי האָט איינגעמאָנט די שטייערן.

**א. י. בזשעזשינסקי, אַ ציוניסטישער טוער פון לאָדזש, וואָס איז געווען** אין דער שטאָט אין אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע, שפּעטער זיך אַרויס־באַקומען קיין תל־אביב, ווו ער איז געשטאָרבן, האָט ביי זיין לעבן דערציילט דעם מחבר פון בוך פאָלגענדן פאַקט:

בעת רומקאָווסקי האָט ארויסגעשיקט אויפמאָנונגס־צעטלען צו די באַ־שטייערטע גבירים, זיי זאָלן איינצאָלן דעם געהעריקן סכום, האָט א יידישער פאַבריקאַנט און הויזווירט זיך געוואָנדן צו בזשעזשינסקין וועגן אינטערווענירן ביי רומקאָווסקין, ער זאָל פאַרקלענערן דעם שטייער, ווייל די פאַבריק איז אָפּגעשטעלט און די לאָקאַטאָרן צאָלן נישט קיין דירה־געלט.

א. י. בזשעזשינסקי האָט זיך קוים דערשלאָגן צו זיין געוועזענעם פּאַרטיי־חבר און ידיד, צו רומקאָווסקין און געפּרוווט אים איבערצייגן אין דער גערעכטי־קייט פון דער טענה. דערויף האָט רומקאָווסקי געענטפערט צו זיין ידיד: „הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן, וואָלסטו געווען אַ פרעמדער, וואָלט איך דיך אָנגענומען ביים קאָפּ און אַראָפּגעוואָרפן פון אַלע טרעפּ, אַזוי ווי דו ביסט אַן אייגענער, א היימישער, בעט איך דיך — מיש זיך נישט אין די זאַכן. דער ענין איז צו ערנסט".

*

דעם 10־ דעצעמבער 1939, ווענדעט זיך רומקאָווסקי צום קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש וועגן אויסצאָלן די סומעס, וועלכע די שטאָט־פאַרוואַלטונג, לויט אירע פאַרמלחמהדיקע באַשלוסן, איז מחוייב צו געבן פאַר פאַרשידענע יידישע קהילה־אנשטאַלטן, וואָס באַדינען די יידישע באַפעלקערונג, דאַביי

באַטאָנט רומקאָווסקי, אַז לויט דער „פאַראָרדנונג פון הערן קאָמיסאַר", האָט ער, דער יודענעלטעסטער, איבערגענומען „די אויפזיכט איבער פאַרשידענע פאַריינען, שולן, קראַנקן־הייזער אדג״ל, וועלכע ווערן איינגעשלאָסן אין דער ווירטשאַפטס־סיסטעם פון דער יידישער געמיינדע".

אין בריוו צום קאָמיסאַר ווערן אויסגערעכנט פאָלגנדע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, וואָס די „געמיינדע" האָט איבערגענומען: פּאָזנאַנסקיס שפּיטאָל, קימפּעטאָרין־קליניק אויף שטערלינגא גאס 13, יתומים־הויז, פּאָלודניאָווא 39, יתומים־הויז פּולנאָצנאָ 38, יתומים־הויז „ניעדאָלאַ דזשעטשענצאָ", אויף דער גאַס הראַביאָווסקא 1, זויגלינג־היים פּולנאָצנאָ 39.(די בנינים פון די דערמאָנטע אַנשטאַלטן, וואָס האָבן געהערט צו דער פאַרמלחמהדיקער קהילה, זענען געוואָרן צוגענומען דורך די דייטשן). רומקאָווסקי דערמאָנט אויך די געז. „טאָז" („טאָוואַ־זשיסטוואָ אָכראָני זדראָוויאַ זשידווו", „געזעלשאַפט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג"), וואָס האָט געפירט די פאַרפלעגונג פון זויג־קינדער.

פאַר די אַלע אינסטיטוציעס, האָט רומקאָווסקי געמאָנט ביים שטאָט־קאָמיסאַר א סומע פון 123,916.26 רייכס מאַרק (ר״מ).[206]

דעם 11־טן דעצעמבער ווענדעט זיך ווידער רומקאָווסקי מיט אַ בריוו צום שטאָט־קאָמיסאַר וועגן צוריקצאָלן דער גמינע די סומע פאַר אויסהאַלטן קראַנקע קריגס־געפאַנגענע, וואָס זענען געווען אין פּאָזנאַנסקיס־שפּיטאָל ביזן ערשטן דעצעמבער 1939. ביז דער דאָזיקער דאַטע זענען דעם שפּיטאָל דורכ־געגאַנגען 16,758 קריגס־געפאַנגענע. דאָס היילן די קראַנקע — שרייבט רומ־קאָווסקי אין זיין ווענדונג — האָט באַטראָפן 83,790 זל. (5 זל. טעגלעך). דער יודענעלטעסטער פאַרלאַנגט, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג זאָל צוריקצאָלן דעם יידישן שפּיטאָל א סומע פון 75 טויזנט זל. וואָס עס קומט נאָכן אָראָפּרעכנען די סומע, וועלכע דאָס שפּיטאָל האָט דערהאַלטן אלס באַשפּייזונג פאַר די קראַנקע.[207]

רומקאָווסקיס ווענדונג צו דער דייטשער קאָמיסאַרישער שטאָט־פאַרוואַלטונג וועגן אויסצאָלן די סובסידיעס פאַר ז׳י קהילה־אינסטיטוציעס און פאַר אויסהאַלטן די קריגס־געפאַנגענע אין פּאָזנאַנסקיס שפּיטאָל — זענען געבליבן אָן אַן ענטפער. מ׳דאַרף זיך משער זיין, אַז דער יודענעלטעסטער האָט קיין געלט אויף דעם צוועק נישט באַקומען. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט געהאַלטן, אַז פיר די יודען דאַרף נימאַנד זאָרגען, זי דירפן זיך אין אייגענעם זאוס אויסקאָכן אונד אויפפרעסען". אַזאַ ענטפער האָט דער דייטשער קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש, ה׳ לייסטנער געגעבן דעם פּוילישן בירגערקאָמיטעט, וואָס האָט אינטערוועניר וועגן אויסצאָלן די יידישע לערער באַשטימטע סומעס.[207א]

## ה. א̇רגא̇ניזירונג פון א̇ לעגא̇ל, יידיש שול־וועזן

כדי צו פארמאסקירן אירע פלענער פון יידן־אויסרא̇טונג, הא̇ט די דייטשע מא̇כט אין לא̇דזש אין די ערשטע חדשים פון דער א̇קופּא̇ציע, פונקט ווי שפּעטער אין דער געטא̇־צייט, דערלויבט דעם יודענעלטעסטן צוריק אויפצושטעלן די חרובע יידישע א̇נשטא̇לטן און צו שא̇פן נייע. אזוי איז אויך געווען מיט דעם יידישן שולוועזן, וועלכעס הא̇ט זיך א̇רגא̇ניזירט אויף א̇ ברייטן אופן נא̇ך אין יענע טעג, ווען דא̇ס לעבן פון די לא̇דזשער יידן איז געווען פולשטענדיק הפקר און אפילו נישט רעגולירט דורך דייטשע פא̇רא̇רדנונגען.

ווי שוין דערמא̇נט, הא̇ט רומקא̇ווסקי נא̇ך דעם 18־טן א̇קטא̇בער, פא̇ר דעם ארעסט פונעם ערשטן יודענרא̇ט, גערופן צו זיך פּעדא̇גא̇גן און שול־טוער און געשא̇פן א̇ קא̇מיסיע צו א̇רגא̇ניזירן דא̇ס יידישע שול־וועזן.

די פּוילישע מלוכה־שולן, ווו עס הא̇בן געלערנט יידישע קינדער הא̇בן אין א̇נהויב פון דער א̇קופּא̇ציע, פּא̇קטיש געפירט זייער א̇רבעט. אויך די מעדעם־שול און בא̇רא̇כא̇וו־שול זענען געווען טעטיק.[208]

נא̇ך דעם א̇רעסט פון דעם ערשטן יודענרא̇ט און די הויז־זוכונגען פון געשטא̇פּא̇ ביי יידישע געזעלשא̇פטלעכע טוער — הא̇ט זיך א̇נגעהויבן א̇ בהלהדיק א̇נטלויפן פון יידישע עסקנים. צווישן אנדערע זענען א̇וועק פון לא̇דזש אויך די מיטגלידער פון דער שול־קא̇מיסיע, וועלכע רומקא̇ווסקי הא̇ט איינגעשטעלט נעמלעך: ד״ר מ. ברוידע, דיר. בראנטשטעטער און דיכטער יצחק קא̇צענעל־סא̇ן.[209] רעדא̇קטא̇ר ישעיהו אוגער איז אויף א̇ שרעקלעכן אופן פא̇רפּייניקט געווא̇רן דורך די דייטשן, מיט דעם יידישן שול־וועזן הא̇ט דערווייל א̇נגעפירט דער געוו. שול־לייטער א̇. טאבאקסבלא̇ט.

אין דער אנדערער העלפט פון חודש נא̇ווע‍מבער 1939 איז די נייע א̇נפירונג פונעם שולוועזן, ביי די שרעקלעכסטע בא̇דינגונגען פון הונגער, נויט פון דעם רוב פון דער לא̇דזשער יידישער בא̇פעלקערונג און ביי די דייטשע רציחות — צו־געטרעטן אויפצושטעלן דערציאונגס־אנשטא̇לטן פאר די יידישע קינדער.

סוף נא̇וועמבער איז דורכגעפירט געווא̇רן א רעגיסטרא̇ציע פון די תלמידים פון מיטלשולן א̇ן אונטערשיד אין וועלכער שול זיי הא̇בן זיך געלערנט ביז דער מלחמה, עס איז אויך אויפגעשטעלט געווא̇רן א רשימה פון די לערער צוזא̇מען זענען געווען דא̇מא̇לס אין לא̇דזש 367 יידישע לערער. די רעגיסטרא̇ציע פון די שילער הא̇ט זיך נישט אויפגעהא̇לטן אין א̇רכיוו, אזוי אז ס׳איז שווער פעסטצושטעלן זייער צא̇ל.

ס׳זענען געעפנט געווא̇רן צוויי גימנא̇זיעס, בא̇זונדער פא̇ר יינגלעך און פא̇ר מיידלעך. אויך הא̇ט א̇נגעהויבן טעטיק צו זיין א הא̇נטווערקער־שול.

צוליב די רעקוויזיציעס פון די פריערדיקע שול־לאָקאַלן, האָבן די דערציאונגס־אַנשטאַלטן זיך איינגעאָרדנט אין שול־לאָקאַל אויף פּאָלודניאָווע גאַס נומ׳ 18.

די אָנפירונג מיטן שול־וועזן האָט אויך באַלד מתחלת געזאָרגט פאַר קינדער פון רעליגיעזע עלטערן. אויף קילינסקיעגאָ 48 איז געעפנט געוואָרן אַ רעליגיעזע שול פאַר יינגלעך, און אויף פּאָלודניאָווע 28 פאַר מיידלעך. ס׳זענען סובסידירט געוואָרן די וועלטלעכע שולן א. נ. פון באָראָכאָוו און וו. מעדעם, און די צוויי קינדערהיימען מיט דער יידישער אונטערריכטס־שפּראַך: מיכאַלעוויטש־קינדער־היים אויף זגיערזשער גאַס 42 און די קינדערהיים אויף שרודמיעיסקע 10 — די איינציקע קינדערהיים מיט ד׳ער יידישער אונטערריכטס־שפּראַך, וואָס איז ביז דער מלחמה אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער שטאָט־פּאַרוואַלטונג ווי אַן איבער־בלייבעניש פון דער סאָציאַליסטישער שטאָט־ראַט־מערהייט.[210]

ביי די שולן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן קיכן, וואָס האָבן באַשפּייזט די קינדער. רומקאָווסקי האָט די קיכן באַזאָרגט מיט פּראָדוקטן. ס׳איז אויך איינ־געאָרדנט געוואָרן א שול פאַר טויב־שטומע קינדער.

ס׳איז שווער פעסטצושטעלן, ווי גרויס איז געווען די צאָל קינדער, וואָס האָט אין יענער צייט פון דייטש־רוצחישער הפקרות באַזוכט די יידישע שולן. ישראל טאַבאַקסבלאַט אין זיין זכרונות־בוך „חורבן לאָדזש״, גיט אָן, אַז ביים סוף יאָר 1939 זענען „טעטיק געווען אין שטאָט 31 שולן מיט 17,682 קינדער און 302 לערער (יידישע) פון דער צאָל האָבן 6180 באַקומען מיטאָגען״.[211]

די אָנגעגעבענע ציפערן פון טאַבאַקסבלאַט זענען אַביסל גוזמאדיקע, זיי זענען ווארשיינלעך גענומען פון א שפּעטערדיקן פעריאָד. ס׳איז אויך נישט פאַרשטענדלעך הלמאי האָבן פון דער באַשפּייזונג גענאָסן נאָר 6180 קינדער, בעת דאָס איינאָרדנען קיכן ביי די שולן איז געווען פאַרפליכטנד פאַר יעדן יידישן דערציאונגס־אַנשטאַלט. גענויערע ציפערן וועגן די שולן, לערער און תלמידים האָבן מיר ערשט פון דער געטאָ־צייט.

*

דעם 6־טן דעצעמבער 1939, כמעט אין ד׳ער זעלבער צייט, ווען די דייטשן האָבן אין לאַגיעווניקער וואַלד דערשאָסן די מיטגלידער פון ערשטן לאָדזשער יודענראַט און אַנדערע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער — איז פאָרגעקומען א באַראַטונג פון די יידישע לערער און שול־טוער, וועלכע האָבן אָנגענומען די גרונט־פּרינציפּן פאַרן יידישן שול־וועזן אין לאָדזש בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, נעמלעך: דערציאונג, דערנערונג און געזונט פונעם קינד, „ביי יעדער שול א קיך, די שולן, וואָס קאָנען נישט באַשפּייזן די קינדער, האָבן נישט קיין עקזיסטענץ בארעכטיקונג״, עס ווערט גענומען שכר־לימוד אין דער הויך פון פיר זלאָטעס א חודש, אין נויטיקע פאַלן קען מען אויך באַפרייען פונעם שכר למוד. צוליבן

דוחק אין שול־לאָקאַלן ווערט געלערנט אין צוויי שיכטן. באַשפּייזונגס־מיטלען פאַר די קינדער דאַרף צושטעלן די „גמינע״, ד. ה. דער יודענעלטעסטער — מ. ח. רומקאָווסקי. פאַר די שול־לאָקאַלן האָט די „גמינע״ געצאָלט דירה־געלט די קריסט־לעכע הויז־באַזיצער, די יידישע הויז־אייגנטימער האָט מען נישט געצאָלט.

עס איז אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן א לערן־פּראָגראַם, לויט דעם מוסטער פון די פאַרמלחמהדיקע פּראָגראַמען פון די פּוילישע מלוכה׳שע שולן פאַר יידישע קינדער. די לערן־שפּראַך איז געבליבן פּויליש. אין די מעדעם און באָראָכאָוו־שולן האָט מען, ווי פאַר דער מלחמה, געלערנט אויך יידיש.[212]

## ו. אָרגאַניזירונג פון מעדיציניִשער דינסט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג

אין די ערשטע וואָכן פון דער דייטשער אָקופּאַציע זענען די יידישע דאָק־טוירים, כמעט נישט געשטערט געוואָרן אין זייער אַרבעט. זיי האָבן זיך געקענט באַוועגן איבער דער שטאָט. די דאָקטוירים־לעגיטימאַציע האָט געהאָלפן נישט געכאַפּט צו ווערן אויף אַרבעט. דאָקטוירים האָבן אויך באַקומען „פּאַסיר־שיינען״ צו קענען גיין אויף פּיעטריקאָווער גאַס, („אַדאָלף היטלער שטראַסע״), וואָס עס איז פאַר יידן געווען פאַרבאָטן.[213] אָבער די דייטשע מאַכט האָט ביי דער יידישער באַפעלקערונג צוגענומען דאָס רעכט צו באַנוצן זיך מיט די אַלגעמיינע, געזעל־שאַפטלעכע און מלוכה׳שע מעדיציניִשע אַנשטאַלטן און אַנשטאַלטן פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג („אובעזפּיעטשאַלניא ספּאָלעטשנא״).

די פאַרמלחמה׳דיקע יידישע קהילה האָט אָבער אויך געהאַט אירע אייגענע הייל־אַנשטאַלטן, ווי: דאָס באַרימטע „פּאָזנאַנסקי שפּיטאָל״, קימפּעטאָרין־קליניק אאנ״ד, וועלכע זענען געוואָרן דאָס אייגנטום פונעם עלטעסטן דער יידן. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ יידישע געזונטהייטס־אָפּטיילונג.

מיט דער צושטימונג פון רומקאָווסקין איז אזא געזונטהייטס־אָפּטיילונג אָרגאַניזירט געוואָרן אין חודש נאָוועמבער 1939, זי האָט געהאַט איר זיץ אָרט אויף דער גאַס פּאָלודניאָווע 19, אין דער אַמאָליקער „לינת החולים״, ווו עס האָט זיך איינגעאָרדנט די „קהילה״ — רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע.

„בראש פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן איינער פון די עלטעסטע און אַנגעזעענסטע יידישע דאָקטוירים אין לאָדזש — ד״ר העלמאַן. ער האָט אָרגאַניזירט די געזונטהייטס־אָפּטיילונג און זי אַוועקגע־שטעלט אויף אַזעלכע יסודות, וואָס האָבן שפּעטער געדינט אַלס באַזע און ריכט־ליניע פאַר די אָנפירער פון דער אָפּטיילונג, וועלכע זענען געקומען נאָך ד״ר העלמאַן. ער איז צוליב זיין עלטער אַוועק פון דער אַרבעט אין אַפּריל 1940 און געשטאָרבן אין געטאָ אין 1942־סטן יאָר.[214]

.12

# אנטי־יידישע פאַראָרדנונגען און דער ערשטער גירוש פון לאָדזש

## א. די דייטשע געזעצגעבונג לגבי יידן

אין דער זעלבער צייט, ווען די איבערגעבליבענע יידישע אינטעליגענץ, עסקנים און אַרבעטס־מענטשן, האָבן זיך באַמיט אויפצושטעלן און אָרגאַניזירן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע און קולטור לעבן, צופּאַסן עס צו די שרעקלעכע באַדינגונגען פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, איז די דאָזיקע מאַכט צוגעטרעטן צו אַ „געזעצלעכער" רעגולירונג פון דער יידן־אויסראָטונג, אין הסכם מיט ריינהאַרדט היידריכס פּלאַן.

יעדע פאַראָרדנונג וועגן יידן, וואָס איז געקומען פון בערלין האָט געהאַט די קראַפט פון אַ געזעץ. מיט דער דורכפירונג פון די דאָזיקע „געזעצן" האָבן זיך פאַרנומען די מיליטערישע און פּאָליצייאישע אָקופּאַציע־אַמטן אין פּוילן מיט אַלע זייערע פאַרמאַציעס און אָפּצווייגונגען. די פירער פון די אַמטן האָבן אַרויסגעגעבן זייערע באַזונדערע פאַראָרדנונגען, וואָס האָבן ווידער גענומען גילטן ווי געזעצן און אָפטמאָל זיך געקרייצט און געגענזייטיק זיך סותר געווען.

די דייטשע ווירטשאַפטלעכע מלחמה־אינטערעסן זענען פילמאָל געווען אין סתירה צו דער יידן־אויסראָטונגס־פּאָליטיק פון היטלערן, הימלערן און היידריך. האָבן די מלחמה־ווירטשאַפטלער זיך באַמיט מיט כלערליי מיטלען אָפּצושוואַכן דעם שנעלן טעמפּאָ פון דער יידן־פאַרניכטונג, ביז זיי וועלן אויספירן זייערע ווירטשאַפטלעכע פּלענער, וואָס זענען געלעגן אויפן וועג צו דער קאַריערע פון די דאָזיקע מיליטער־לייט הינטערן פראָנט און האָט זיי געשיצט פון גיין אויף דער פייער־ליניע.

אַזאַ סתירות׳דיקער גאַנג פון דייטשע פאַראָרדנונגען קעגן יידן איז פאַרשטענדלעך געווען אויך אין לאָדזש פון די ערשטע חדשים אָקופּאַציע, דורכן געטאָ, ביזן לעצטן גזר־דין — ליקווידאַציע, וואָס האָט געבראַכט די לעצטע 68 טויזנט יידן קיין אָשוויענטשים.

די ערשטע דייטשע פאַראָרדנונג קעגן יידן אין לאָדזש איז געווען וועגן אָפּן האַלטן די קראָמען אין שבתים און ימים טובים. די רבנים זענען געצוווּנגען געוואָרן אונטערצושרייבן די פאַראָרדנונג, וואָס איז פאַרעפנטלעכט

געוואָרן אין דייטש און אין יידיש.[214]א דאַן איז געקומען די פאַראָרדנונג וועגן די „שפּער־קאָנטעס", וואָס פאַרבאָט יידן צו באַנוצן זיך מיט זייערע אָפּשפּאָרונגען אין די בענק און אין די יידישע קאָאָפּעראַטיווע קאַסעס. מתחילת האָט יעדער ייד געקאָנט אַרויסנעמען פון זיין קאָנטע נאָר 2000 זל. שפּעטער איז בכלל פאַרבאָטן געוואָרן יידן צו באַקומען געלט פון זייערע באַנק־קאָנטעס.[215] אין דער זעלבער צייט ווערן אויפן סמך פון א פאַראָרדנונג די יידישע לערער באַזייטיקט פון די פּוילישע שולן און פּוילישע לערער ווערט פאַרבאָטן צו לערנען אין יידישע דערציאונגס־אַנשטאַלטן.[216]

דעם 11־טן נאָוועמבער 1939 האָט דער קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש פאַרעפנטלעכט אַ באַקאַנטמאַכונג אין דער „לאָדזשער צייטונג", אז אַלע געשעפטן מוזן אויף אַן אָנגעזען אָרט אַרויסהענגען אַ שילד אין אויסשטעל־פענסטער, אויף וועלכן עס מוז אָנגעגעבן ווערן, צי דער אייגנטימער פון געשעפט איז אַ ייד, אַ פּאָלאַק אָדער אַ דייטש.

דעם 14־טן נאָוועמבער גיט ארויס דער פּרעזידענט פון דער קאַלישער רעגענציע * איבעלהער, אַ פאַראָרדנונג, אַז יידן אָן אונטערשיד פון עלטער, דאַרפן טראָגן אַן אָרעם־באַנד פון 10 צ"מ ברייט אין „יודענגעלבער פאַרבע" און פון פינף אַזייגער אינדערפרי איז פאַרבאָטן די יידן צו פאַרלאָזן די וווינונגען אָן א באַזונדערער דערלויבניש פון פּרעזידענט פון דער קאַלישער רעגענציע. פאַר נישט צופּאַסן זיך צו דער פאַראָרדנונג ווערט מען באַשטראָפט מיט טויט אָדער ביי מילדערנדע אומשטענדן מיט תפיסה און געלט־שטראָף. די דאָזיקע פאַראָרדנונג, וועלכע איז עפנטלעך פּלאַקאַטירט געוואָרן, הויבט זיך אָן מיט די אַנטי־יידישע העץ־ווערטער: „די באַדייטנדע אומאָרדנונגען, וואָס זענען דורך יידן פאַראורזאַכט געוואָרן אין עפנטלעכן לעבן, — — — ברענגען מיך צו דעם, פאָלגענדעס צו באַשטימען".[217]

דעם צווייטן דעצעמבער 1939, ווערט דורך אַ פאַראָרדנונג פון לאָדזשער פּאָליציי־פּרעזידענט עס, פאַרבאָטן יידן צו באַשעפטיקן זיך מיט ראַד־פאַרקער: דראָשקעס, משא־וועגן, אויטאָס, אויטאָבוסן, „פאַהרווערק אַלער אַרט" טאָרן נישט געפירט ווערן דורך יידן אויף אַלע וועגן. דעם 11־טן דעצעמבער פאַראָרדנט איבעלהער צו פאַרבייטן די „קענצייכנונג דער יודען אויף געלבען דאַווידשטערן" (מגן דוד), וואָס דאַרף געטראָגן ווערן אויף דער רעכטער ברוסט.[218]

דאָס רוב פון די דאָזיקע פאַראָרדנונגען האָבן געטראָגן, אַזוי צו זאָגן, א לאָקאַלן כאַראַקטער. געוועזן אָבער פאַראָרדנונגען פון דער צענטראַלער אָקו־פּאַציע־מאַכט אין פּוילן, וואָס האָבן פונקט ווי אַמאָל אין מיטלאַלטער פאַרבאָטן

* צו דער קאַלישער רעגענציע האָט דעמאָלס געהערט אויך לאָדזש.

יידן צו האַנדלען מיט טעקסטיל־סחורות און לעדער־אויסאַרבייטונגען, וואָס עס האָט באַזונדערס שווער געטראָפן דעם יידישן לאָדזש.

אזא פאַרבאָט, געשטיצט אויף אַ פאַראָרדנונג, וואָס די „גרענעץ־אבשניט־קאמאנדא מיטטע" האָט אַרויסגעגעבן נאָך דעם 18־טן אָקטאָבער 1939 — האָט זיך באַוויזן אין דער „לאָדזשער צייטונג" נומ׳ 285. לויט דער דאָזיקער פאַראָרדנונג האָבן יידן נישט געטאָרט קויפן און פאַרקויפן די דערמאָנטע אַרטיקלען: רוי־שטאָפן און פאַרטיקע פאַבריקאַטן. די פאַראַנענע זאַפּאַסן האָבן זיי געמעגט פאַרקויפן נאָר צו קריסטן און דאָס נאָר אין משך פון צוויי וואָכן. נאָך דעם טערמין האָבן יידן, לויט דער פאַראָרדנונג געדאַרפט אַלע זייערע סחורות־רעזערוון אָפּליפערן אין די אַנטשפּרעכנדע דייטשע אָקופּאַציע־אַמטן.

גלייכצייטיק איז אויך אָפּגענומען געוואָרן דאָס רעכט פון יידישע שוסטער אויסצואַרבעטן נייע שיך. זיי האָבן געמעגט נאָר פאַררעכטן אַלטוואַרג. סוחרים איז דערלויבט געוואָרן צו האַנדלען נאָר מיט אָפּפאַל פון טעקסטיל אין לאָדזש.[218]א

אזוי ארום האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש, באַלד אין די ערשטע חדשים, צוזאַמען מיט איר רויב און מאָרד־טעטיקייט, גענומען גרייטן דעם לעגאַלן רויב און ווירטשאַפטלעכן חורבן פון דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג.

## ב. דער גירוש פון לאָדזשער יידן אין דעצעמבער 1939

איידער נאָך די אָקופּאַציע־מאַכט האָט באוויזן דורכצופירן אין לעבן די דאָזיקע אַנטי־יידישע פאַראָרדנונגען איז שוין דורך דער העכסטער אָנפירונג פון דריטן רייך געפּלאַנט געוואָרן אַ גירוש פון יידן און נאַציאָנאַל־געשטימטע פּאָלאַקן און פוילישע אינטעליגענץ פון „וואַרטעגאַו" און באַזונדערס פון לאָדזש, וואָס האָט געהערט צו דעם באַצירק.

אויפן סמך פון אַ געהיימער פאַראָרדנונג פון היטלערן פון 1939.7.10, האָט הימלער, דער רייכספירער פון עס. עס. פאַראָרדנט: אין די חדשים — נאָוועמבער, דעצעמבער 1939 און אין יאַנואַר, פעברואַר 1940 — אַרויסצושיקן אין גענעראַל־גוווערנעמענט אַלע יידן פון די „אַמאָליקע" פוילישע פּראָווינצן, וואָס זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין דריטן רייך [219] און ממילא אויך פון לאָדזש.

די דאָזיקע פאַראָרדנונג פון הימלערן איז אַ מער קאָנקרעטער פאָרם, ווערט איבערגעחזרט, אין אַ צירקולאַר פון קאָפּפע, דעם הויפּטפירער פון דער עס. עס. און פּאָליציי אין וואַרטעגאַו.

אין צירקולאַר פון 12־טן נאָוועמבער 1939 ווערט שוין דערמאָנט וועגן אַרויסשיקן פון לאָדזש 30.000 יידן און פונקט אַזאַ צאָל פּאָלאַקן.[220] אין די ווייטערדיקע וואָכן ווערט דורך די פירער פון דריטן רייך כסדר באַהאַנדלט די

פראַגע וועגן ארויסשיקן יידן און פּאָלאַקן פון „וואַרטעגאַו“ אין גענעראַל־גווורנעמענט“.

עס איז דאַמאָלס געשלאָסן געוואָרן דער אָפּמאַך צווישן היטלער־דייטשלאַנד און דעם ראַטנפאַרבאַנד וועגן אַן אויסטויש פון דער באַפעלקערונג, נעמלעך: ראַטנפאַרבאַנד פירט איבער אין דייטשן אָקופּאַציע־געביט די באַלטישע און וואָלינער דייטשן און די סאָוויעטן־מלוכה באַקומט דערפאַר די רוסן, ווייסרוסן און אוקראַינער, וועלכע זענען פאַראַן אין אקופירטן פוילן. מיט דעם אַרויסטרייבן יידן און פּאָלאַקן פון „וואַרטעגאו“ האָט געדאַרפט געמאַכט ווערן אָרט (וווינונגען און איינריכטונגען) פאַר די דייטשן, וואָס קומען פון ראַטנפאַרבאַנד, אומדירעקט האָט דעמאָלס ראטנפארבאַנד, אזוי ארום מיטגעהאָלפן צו די ערשטע גירושים פון יידן פון דעם אָקופּירטן פוילישן שטח, וועלכן די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן אָנגערופן „וואַרטעגאַו“, וואָס האָט אין זיך איינגעשלאָסן אויך לאָדזש.

בכלל האָט נאָך דעמאָלס ביי דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט געהערשט אַ שטאַרקער כאַאָס אין ענין פון דורכפירן היידריכס יידן־אויסראָטונגס־פּלאַן און ענטפּוילישונג פון „וואַרטעגאו“, אַ פּויליש־טעריטאָריאַלער געביט פון קרוב 44.000 קוו. קילאָמעטער מיט אַ באַפעלקערונג פון 4.922.000 נפשות, דערונטער 400.000 יידן. א220

קיין גאַז־קאַמערן און אַרבעטס־לאַגערן זענען נאָך נישט געווען צוגעגרייט און די עס. עס.־אַמטן מיט דער הילף פון גאַנצן דייטשן אָקופּאַציע־אַפּאַראַט, האָבן זיך גענומען אויף אַ כאַאָטיש־ברוטאַלן אופן דורכצופירן הימלערס גירוש־פאַראָרדנונג, קודם כל ביי די יידן, וואָס זענען געווען מער הפקר און שוצלאָז ווי די פּאָלאַקן.

אזוי ארום האָט אין די ערשטע טעג פון דעצעמבער 1939 זיך אָנגעהויבן אַ ווילד געיעג פון די דייטשן אויף לאָדזשער יידן, וועלכע מ׳האָט געכאַפּט און אַרויסגעשיקט פון דער שטאָט.

אַזעלכע אומדערוואַרטעטע ברוטאַלע גירושים פון יידן, האָבן די דייטשע אָקופּאַנטן פּראַקטיצירט אין א סך שטעט און שטעטלעך אין פוילן באַלד אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע.[221] דאָס איז געווען איינע פון די טעראָר־מיטלען אָנצוּוואַרפן א פחד אויף דער יידישער באַפעלקערונג, זי זאָל נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד קעגן דער אָנגעהויבענער רויב־ און מאָרד־טעטיקייט איבער יידן. אָבער דער דעצעמבער־גירוש, דער ערשטער יידן־גירוש אין לאָדזש, איז געווען אַ רעזולטאַט פון הימלערס און קאפּפּעס פאַראָרדנונגען, וועגן אָפּרייניקן דעם „וואַרטעגאו“ פון יידן.

דער דאָזיקער גירוש האָט זיך אָנגעהויבן אינגאַנצן אומסגעריכט פאַר דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג. נאָכדעם, ווי ס׳האָט זיך אָרגאַניזירט א

שולוועזן, קינדער זענען געגאַנגען אין שול און נאָך באַקומען דאָרט באַשפּייזונג — האָט מען געמיינט, אַז די דייטשן האָבן עטוואָס אָפּגעלאָזט אין זייערע ווילדע רציחות און אָנפאַלן אויף יידן. עס איז דעמאָלס געווען א שווערער ווינטער, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן זייער פרי נאָך אין נאָוועמבער חודש. דער ווייט גרעסטער טייל פון דער אַרבעטנדיקער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אָן באַשעפטיקונג, מ׳האָט געהונגערט און געפרירט אין די קאַלטע שטובן. סוחרים און פאַבריקאַנטן האָבן אויספאַרקויפט די באַהאַלטענע פאַר ביליקע פרייזן סחורות צו פאָלאַקן, וואָס זענען געקומען פון גענעראַל־גוווערנעמענט. ביי דעם דאָזיקן מצב האָבן די דייטשן — געשטאַפּאָ־לייט און שוץ־פּאָליציי, עס. עס., מילי־טערלייט און ציווילע פאָלקס־דייטשן אָנגעהויבן צו כאַפּן יידן אויף די גאַסן, גלייך אַוועקגעפירט צו דער באַן, ארייגעזעצט אין קאַלטע וואַגאָנעס און אָפּטראַנס־פּאָרטירט אין אן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

אין דער זעלבער צייט האָבן די דייטשן אָפּגעשלאָסן די גאַסן, ווו עס האָט געוווינט דער נישטפאַרמעגלעכער און ארימער טייל פון דער יידישער באַפעל־קערונג, נעמלעך: דרעוונאָווסקע (פּוילישע גאַס), פּאָדזשעטשנאַ (יידישע גאַס), אַ טייל זגערזשער, לימאַנאָווסקיעגאָ און נאָך באַלוטער געסלעך און מ׳האָט פון דאָרט אַרויסגעפירט די יידישע איינוווינער גלייך צו דער באַן, און אַוועקגעשיקט.[222]

וועגן דעם דאָזיקן ערשטן גרויסן יידן־גירוש, וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט דורכגעפירט אין לאָדזש, זענען קיין אָפיציעלע אויטענטישע דאָקו־מענטן נישט פאַראַן, לויט גבית עדות, זכרונות און אַ באַשרייבונג פון אן אומ־באַקאַנטן מחבר, וואָס זענען פאַראַן אין ארכיוו פון וואַרשעווער יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט — איז דאָס געווען אן אָרגאַניזירטער גירוש, וועגן וועלכן די דייטשן האָבן אפילו אונטערהאַנדלט מיט רומקאָווסקין. ווי שפּעטער אין געטאָ, אין יאָר 1942 איז, בעת די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען מיטן יודענעלטעסטן פעסטגע־שטעלט געוואָרן די צאָל פון יידן, וואָס דאַרפן יעדן טאָג ארויסגעשיקט ווערן. דער אויבנדערמאָנטער אומבאַקאַנטער מחבר באַשרייבט אַזוי דעם גירוש:

„— — — מ׳האָט געשמועסט וועגן ענטיידישן לאָדזש — — — עס איז געגאַנגען וועגן שאַפן ווינונגען פאַר די עוואַקואירטע און אַריבערגעבראַכטע דייטשן (פון לעטלאַנד און רוסלאַנד). עס איז פּלאַנירט געוואָרן ארויסצושיקן פון לאָדזש די רוסישע יידן, באַזונדערס די, וואָס זענען געקומען (קיין פּוילן) אין יאָר 1918, די פּליטים פון קאַליש, וויעלון און אַנדערע שטעט, אין אַלגעמיין אַלע מלחמה־פּליטים, עמיגראַנטן פון דייטשלאַנד פון יאָר 1938" (אַרויסגעשיקטע יידן דורך דער היטלער־מאַכט) אדג״ל.

ווייטער רעכנט אויס דער אומבאַקאַנטער מחבר, וואָס יעדער אַרויסגע־שיקטער האָט געקענט מיטנעמען: האַנט־באַגאַזש און 50 זלאָטעס געלט. די

אָרעמע האָבן אזא סומע געדאַרפט באַקומען פון דער גמינע. אַלע ווערט־זאַכן, ווי אויך מעבל האָבן געדאַרפט איבערבלייבן אין דער וווינונג נישט באַשעדיקט און דעם שליסל האָט מען געדאַרפט איבערגעבן דעם הויז־אַדמיניסטראַטאָר. די אַרויסגעשיקטע זענען אין טראַנספּאָרטן צוגעשטעלט געוואָרן צום גרענעץ פון רייך (די נייע גרענעץ, וואָס האָט אָפּגעטיילט „וואַרטעגאַו" פון גענעראַל־גווורנעמענט). און פון דאָרט האָבן שוין די ארויסגעשיקטע געקאָנט פאָרן וווהין זיי האָבן געוואָלט.[223]

„די גמינע האָט באַקומען שריפטלעכע אינסטרוקציעס און איז געוואָרן פאַרפליכטעט זיי צו פאַרטיילן דער יידישער באַפעלקערונג. די רעגיסטראַציע האָט זיך אָנגעהויבן דעם 13־טן דעצעמבער, 8 א זייגער פרי. די געפאָדערטע צאָל פון 700 פערזאָן האָט זיך געשטעלט אויפן זאַמלפונקט. עס איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. יידן האָבן מאַסנווייז גענומען באַלאַגערן דעם פאבריקס־וואָקזאל. אין רעזולטאַט איז באַלד פאַרבאָטן געוואָרן אַרויסצופאָרן אינדיווידועל. עס איז געווען דערלויבט צו פאַרלאָזן די שטאָט נאָר דורך רעגיסטרירן זיך אין דער יידישער גמינע".[224]

די דייטשע מאַכט האָט פאַרלאַנגט, אַז מ'זאָל העכערן דעם קאָנטינגענט ביז 2000 פערזאָן טעגלעך און דערנאָך — אויף 4.500 פערזאָן. יידן האָבן אויפגעהערט צו קומען זיך רעגיסטרירן. דער קאָנטינגענט איז נישט אויסגעפילט געוואָרן. „צוזאַמען זענען אופן סמך פון דער רעגיסטראַציע, אַרויסגעשיקט געוואָרן 6000 פערזאָן. זונטיק דעם 17־טן דעצעמבער האָט די מאַכט (דייטשע) איבערגעריסן די רעגיסטראַציע (צוליבן פעלן פון קאָמוניקאַציע־מיטלען, איבערפילטע זאַמלפונקטן אדג"ל)"

דער אויבנדמאָנטער מחבר שרייבט צום סוף, אַז אין דערזעלבער צייט איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינער אינערלעכער גירוש: די דייטשן האָבן פון צענטער שטאָט אַרויסגעטריבן יידן און פּאָלאַקן — יידן קיין באַלוט און פּאָלאַקן קיין כאָיני, אַ קוואַרטאַל אין מערבדיקן עק פון לאָדזש.[225]

די אַלע דאָקומענטן, וואָס ווערן דערמאָנט אין דער באַשרייבונג: רשימות פון רעגיסטרירטע, פאַראָרדנונגען פון דער דייטשער מאַכט, שריפטלעכע אינסטרוקציעס — האָבן אין די אַרכיוון פון לאָדזשער געטאָ, זיך נישט אויפגעהאַלטן, בעת אזעלכע ענלעכע דאָקומענטן פון די שפּעטערדיקע גירושים זענען יאָ פאַראַן. אין די זכרונות און גבית־עדות ווערט אָבער באַשטעטיקט, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ רעגיסטראַציע פון פערזאָנען צום אַרויסשיקן, „די יידישע גמינע האָט אויף פּאָלודניאָווע 36 איינגעאָרדנט אַ ביוראָ, וואָס האָט רעגיסטרירט", אָרעמע מענטשן האָט מען צוגעזאָגט 50 זל. פאַר יעדן, וואָס איז מסכים צום צַרויספאָרן. „די ארבעטסלאָזע און הונגעריקע מענטשן האָבן זיך צוגעשטעלט מיט די בעבעכעס, אָבער קיין געלט האָבן זיי נישט באַקומען.[226]

די, וואָס האָבן זיך נישט צוגעשטעלט האָבן אין שרעק געוואַרט אין זייערע וווינונגען, ביינאַכט געדרימלט אין די מלבושים גרייט אויף יעדן פאַל, ווען מ׳וועט קומען זיי אַרויסשיקן. מיט יעדן טאָג האָט זיך געשטאַרקט די בהלה. מ׳האָט גענומען לויפן וווהין די אויגן טראָגן. רייכערע יידן האָבן געדונגען פורן, פרומע יידן זענען געפאָרן אויך אין שבת מיט זייערע פרויען און קינדער. פלוצים, אומסגעריכט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער גירוש. „מן המצר" גיט אַזאַ באַשרייבונג פון איבעררייסן דעם גירוש:

„מ׳האָט טעלעפאָנירט צום הרב שמחה טרייסטמאַן, אַז די גזירה איז בטול געוואָרן. הרב טרייסטמאַן האָט מיט אַ באַגלייטער זיך אַריינגעזעצט אין אַ „דאָראָזשקע" און געפאָרן דורך די יידישע גאַסן. ער האָט אַלעמען אָנגעזאָגט די בשורה, אַז די גזירה איז בטול געוואָרן. דער עולם האָט אויפגענומען טרייסטמאַנען ווי אַ גוטן מלאך".

אויך י. נירנבערג שרייבט אין זיינע זכרונות, וועגן הרב טרייסטמאַן, וואָס האָט געברענגט די בשורה, אַז „די גזירה איז אָפּגעשריגן".

לויט טאַבאַקסבלאַט האָט גאָר רומקאָווסקי אויסגעפועלט די ישועה.[227]

נישט דער יודענעלטעסטער מרדכי חיים רומקאָווסקי און נישט הרב טרייסטמאַן האָבן פאַרשטענדלעך געווירקט אויף די דייטשע אָקופּאַנטן, זיי זאָלן אָפּשטעלן דעם גירוש פון די לאָדזשער יידן. ער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן צוליב אַנדערע סיבות: די דייטשן האָבן נאָך נישט געהאַט צוגעגרייט די אַרבעטס־לאַגערן און טויט־קאָמבינאַטן פאַר מאַסן־אויסראָטונג. די דייטשע אָקופּאַנטן, די עס. עס.־אַמטן און אַנדערע פּאָליציייאיש־מיליטערישע קערפּערשאַפטן האָבן אָבער געמוזט אויספירן היטלערס דעקרעט און הימלערס פאַראָרדנונגען וועגן אַ מאַסן־גירוש פון יידן און פּאָלאַקן פון די פאַרנומענע פּוילישע מערב־געביטן, וואָס זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין דריטן רייך, כדי צו מאַכן אָרט פאַר די דייטשן, וועלכע האָבן, לויטן אָפּמאַך צווישן ראַטנפאַרבאַנד און דייטשלאַנד, געדאַרפט אָנקומען פון סאָוויעטן לאַנד אין די אָקופּירטע פּוילישע געביטן.

דער גירוש, וואָס איז שטאַרק צוגעאיילט געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן דעם 30־טן נאָוועמבער 1939 און ביז דעם 17.12 זענען אָפּגעגאַנגען אין גענעראַל־גוווערנעמענט 80 טראַנספּאָרטן מיט 87.883 אַרויסגעטריבענע.[228] די לאָדזשער יידן האָבן געדאַרפט זיין די לעצטע אין דער דאָזיקער גירוש־אַקציע, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט אויסערגעוויינלעכער אכזריות.

די אַרויסגעטריבענע זענען געשיקט געוואָרן אין קאַלטע בהמות־וואַגאָנען, אָן עסן, אָן וואַסער. לויטן דעמאָלסטיקן דייטשן פּלאַן האָבן די געשאַפענע אַרבעטס־אַמטן (דייטשע) זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט די אַרויסגעטריבענע און איינאָרדנען זיי אויף אַרבעט. צוליב דער אכזריותדיקער באַהאַנדלונג זענען זיי אָנגעקומען אויפן אָרט מיט אָפּגעפרוירענע גלידער, קראַנקע און צעבראָכענע און די

דייטשע אַמטן אין קראָקאָווער דיסטריקט האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט די דאָזיקע צענדליקער טויזנטער אומגליקלעכע און געפּייניקטע פאַרטריבענע.[229]

מ׳דאַרף געדענקן, אַז דאָס איז נאָך געווען אין די ערשטע חדשים פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען דייטשלאַנד האָט זיך נאָך שטאַרק, שטאַרק געהיטן, אַז אירע רציחות, מאַסן־מאָרדן און פעלקער־אויסראָטונג־פּלענער, זאָלן נישט דערגייך צו דער אייראָפּעאישער און אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. אויף די אַלע דייטשע פאַראָרדנונגען וועגן די גירושים, וועגן פאַרשפּאַרן די לאָדזשער יידן אין געטאָ פיגורירט די אויפשריפט — „שטרענג געהיים". דער דאָזיקער ערשטער כאַאָטישער גירוש פון יידן און פּאָלאַקן פון „וואַרטעגאַו" קיין גאַליציע, האָט טאַקע ארויסגערופן א פּראָטעסט פון העכערע דייטשע באַאַמטע אין קראקאווער דיסטריקט. זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט די צענדליקער טויזנטער אַרויסגעטריבענע.[230]

אָט די אַלע אויבן געבראַכטע סיבות האָבן געווירקט, אַז דער גירוש פון די לאָדזשער יידן אין דער ערשטער העלפט דעצעמבער 1939 — זאָל אָפּגעשטעלט ווערן, וואָס עס איז צוגעשריבן געוואָרן דער שתדלנות פון רומקאָווסקין אָדער הרב טרייסטמאַן. דער טיילווייזער גירוש האָט אָבער געברענגט א פרישן חורבן אויף דער געפּייניקטער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג.

ביים ערשטן גירוש, פּונקט אַזוי, ווי ביי די שפּעטערדיקע דעפּאָרטאַציעס, האָבן די יידישע מאַסן אינסטינקטיוו געפילט, אַז מ׳קאָן זיך נישט פאַרלאָזן אויפן דייטשן חסד און פאָרן וווּהין זיי וועלן שיקן. ביים ערשטן גירוש איז נאָך געווען די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן און אפילו אַרויסצופירן אַביסל זאַכן, איז מען געלאָפן וווּהין די אויגן טראָגן. מ׳האָט געדונגען פויערישע פורן פון דער נאָענטער אונטערשטאָטישער סביבה און געלאָזט זיך אין נע ונד. אויף די וועגן, וואָס האָבן געפירט פון לאָדזש און די אַרומיקע שטעטלעך. אויפן וועג קיין וואַרשע „האָבן זיך געצויגן קאַראַוואַנען פון הונדערטער פורן, אָנגעפּאַקט מיט פרויען און קינדער, קינדער אין וועגעלעך; אויף די רוקנס און ברוסטן אָנגעגנייט געלע לאַטעס. דער פראָסט האָט אין יענע טעג געבריט — — — אין לאָדזש גופא ווערן די יידישע גאַסן פוסט. די הייזער ווערן ליידיק פון מענטשן, און באַלד באַווייזן זיך באַנדעס, וואָס הייבן אָן פּליגדערן די יידישע שטובן".[231]

נאָכדעם ווי די גירוש־גזירה איז בטול געוואָרן איז ווידער איינגעטרעטן אַ באַרויקונג. דער יידישער אָפּטימיזם באַהאָפטן מיט דער בלית־ברירהדיקייט, האָט ווידער צוגעגעבן מוט צו לעבן און צו העלפן זיך דורך אָרגאַניזאַציע און דורך אויפשטעלן קולטורעלע און ווירטשאפטלעכע פּאָזיציעס מיט דער האָפנונג איבערצולעבן די מלחמה. „גרויסע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג לאָזן זיך צום האַנדלען געהיים איבער די שטיבן אדער אַלס פּאָלאַקן אויף די מערק און פּלעצער".[232]

.13

# אנטשטייאונג פון דער אונטערערדישער באַוועגונג

## א. נייע פאָרמען פון יידישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט

דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, וואָס איז גרינטלעך חרוב געוואָרן בעת דעם דייטש־מיליטערישן אַנלויף אויף לאָדזש, האָט באַוויזן טיילווייז זיך צוריק צו פאָרמירן, ביי אַן אנדערן אָרגאַניזאַציאָנעלן צוזאַמענשטעל, באַלד אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע. ווי אַ קראַנקער אָרגאַניזם, וואָס פאַרמאָגט אין זיך געזונטע באַהאַלטענע כוחות, וועלכע באַזיגן די קראַנקהייט — אַזוי האָט דאָס יידישע לאָדזש באַוויזן נאָך פאַרן סוף פון יאָר 1939, נאָך דער ערשטער דייטשער בלוט־אָפּצאַפּונג און פאַרוויסטונג, אויפצושטעלן אַ ניי־אָרגאַניזירט קהילה־לעבן. אויך די פּאָליטישע פּאַרטייען, אין דער ערשטער ריי בונד און לינקע פּועלי־ציון, האָבן אין דעם דערמאָנטן צייט־אָפּשניט גענומען פאַרלייגן אונטערערדישע קעמערלעך פון זייערע אָרגאַניזאַציעס.

וועגן דער טעטיקייט פון די פּאַרטייען אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער־אָקופּאַציע און שפּעטער אין געטאָ — זענען ליידער נישט געבליבן קיין שום אויטענטישע דאָקומענטן. להיפּך צו דער וואַרשעווער, יידישער אונטערערדישער באַוועגונג, האָבן די לאָדזשער יידישע אומלעגאַלע פּאַרטייען פון דער אָקופּאַציע־צייט נישט איבערגעלאָזט קיין שום צייטשריפטן, ביולעטינען אָדער אַנדערע פּובליקאַציעס. עס קומט דעריבער אויס צו שרייבן וועגן דער אונטערערדישער טעטיקייט פון יידישע פּאַרטייען נאָר אויפן סמך פון זכרונות און גבית עדות פון די דעמאָלסדיקע פּאַרטיי־טוער, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן־לאָדזש. צום באַדויערן זענען זכרונות, וואָס ווערן געשריבן, לאחר המעשה, נישט קיין גענוג פאַרלאָזלעכער מאַטעריאַל פאַר געשיכטלעכע אויפשטעלונגען.

לויט די זכרונות און גבית עדות האָבן די אומלעגאַלע פּאַרטיי־קעמערלעך פון בונד און לינקע פּועלי ציון, אָנגעהויבן טעטיק זיין באַלד נאָכדעם ווי די לאָדזשער יידישע באַפעלקערונג איז צו זיך געקומען נאָכן ערשטן בהלהדיקן אַנטלויפן בעת דער דייטשער אינוואַזיע אויף לאָדזש. אלע פירער און אָנפירער פון יידישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס האָבן דעמאָלס, ווי שוין דערמאָנט, פאַרלאָזט די שטאָט, אָדער זיך אויסבאַהאַלטן אין פּחד פאַר די אָנקומענדע דייטשן. ווער עס האָט נישט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן איז באַלד אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע אַרעסטירט געוואָרן. די אָרגאַניזירטע יידישע געזעלשאַפט־

לעבקייט און די פּאַרטייען האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די אומלעגאַלע פּאַרטיי־קעמערלעך, שוין אונטער דער דייטשער הערשאַפט, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דורך געוועזענע מיטגלידער פון די פאַרמלחמהדיקע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אַמאָליקע פּאַרטיי־טוער, וואָס זענען פאַר דער מלחמה שוין נישט געווען טעטיק.

אַזעלכע פּאַרטיי־טוער זענען געווען: פון בונד — משה לעדערמאַן, א שוסטער פון טשענסטאָכאָוו, וועמען דער בונד האָט פאַר דער מלחמה אַנגאַזשירט אַלס פּראָפעסיאָנאַל פאַרן נאָדל־פאַראיין; יעקב נירנבערג, אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון האָלץ־פאַראיין און אַקטיוויסט פון דער פּאָליטישער גרופּע אין פאַראיין און גאָלדע זילבערבערג־יאַקובאָוויטש, אַן עלטערע בונדישע טוערין; פון לינקע פּועלי ציון — עמנואל וואָלינסקי, וועלכער האָט מיט יאָרן צוריק פאַרנומען אַן אָנפירנדן אַמט אין זיין פאַרטיי, פעדער, אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער „יידישער לאַנדקענטשאַפט־געזעלשאַפט", יוסף מאַק, און חיים דייטלצווייג אַ געוועזענער פּראָפ. טוער אין פאַראיין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע.[233]

איידער נאָך עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די פּאַרטיי־קעמערלעך, האָבן די פּשוטע מיטגלידער פון די דערמאָנטע פּאַרטייען באַמיט זיך צו פאַרניכטן די אַרכיוון און רעגיסטערן פון די פּאַרטייען און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. חוה לעווקאָוויטש, וועלכע איז פאַר דער מלחמה געווען טעטיק אין דער לאָדזשער יידישער אָפּטיילונג פונעם טעקסטיל־פאַראיין דערציילט אין אירע זכרונות:

„אין אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע, נאָכן ארעסט פון די בונדישע טוער — זענען מיר, איייניקע חברים פונעם טעקסטיל־פאַראיין צווישן זיי גאָלדע זילבערבערג־יאַקובאָוויטש, זיך צוזאַמענגעקומען אין דער וווינונג פון יחיאל קריבוס * אויף זאַכאָדניע־גאַס און זיך באַראַטן, וואָס צו טאָן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצוקריגן זיך אין לאָקאַל פון פאַראיין, פּיעטריקאָווער 51 און פאַר־ברענען אלע דאָקומענטן. דער שליסל פון לאָקאַל איז געווען ביי מיר. איך בין אַוועק אַהין און אַלע פּראָטאָקאָלן און דאָקומענטן פאַרברענט אין אויוון. אַ צווייט מאָל האָב איך זיך געטראָפן מיט גאָלדען און ביי אונזער נאַאיווקייט האָבן מיר געטראַכט פון עפנען דעם לאָקאַל פון טעקסטיל־פאַראיין. גאָלדע האָט מיר גע־עצה'ט צו גיין אין דער צענטראַלע פון די טעקסטיל־פאַראיינען אויף וויסאָקע גאַס און דאָרט אָנפרעגן ביים סעקרעטאַר, וואָס מ'האָט צו טאָן.

דורך הינטער־גאַסן בין איך אַוועק אין דער צענטראַלע און דאָרט

---

* יחיאל קריבוס, אַ לאָדזשער בונדישער טוער, געווען בעת דער מלחמה אין ראַטב־פאַרבאַנד, דאָרט געוואָרן אַרעסטירט. נאָך דער באַפרייאונג געלעבט אין אַמעריקע. געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין אָקטאָבער 1959.

געטראָפן ליידיקע, פוסטע צימערן מיט אָפענע טירן. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט מיין גרויסער עלשאַפטלעכע טעטיקייט אין לאָדזש. איך האָב זיך געגרייט צו אַנטלויפן און מער מיט קיינעם זיך נישט געטראָפן. עס איז אַפילו נישט געווען מיט וועמען זיך צו באַראַטן וווהין צו לויפן און פונוואַנען צו באַקומען וועלכע עס איז הילף״.[234]

די זעלבע אַרבעט פון פאַרניכטן די מאַטעריאַלן און דאָקומענטן פון פאַרטייאישער און פראָפעסיאָנעלער טעטיקייט האָבן אויך דורכגעפירט די פאַרטיי־מיטגלידער פון די לינקע פועלי ציון.[235] ליידער זענען נאָר פאַראַנען זכרונות פון טוער פון די צוויי דערמאָנטע פאַרטייען און מען קען נישט שרייבן וועגן דער טעטיקייט פון די ציוניסטישע פאַרטיי־אָנגעהעריקע אין יענעם פעריאָד. י. טאַבאַקסבלאַט אין זיין „חורבן לאָדזש" דערמאָנט וועגן ציוניסטישער טעטיקייט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אין געטאָ.[236] אויך די יידישע קאָמוניסטן האָבן אָנגעהויבן אַרויסוויזן א טעטיקייט ערשט אין יאָר 1940, שוין אין געטאָ.[237]

## ב. די הילפס־טעטיקייט פון די אומלעגאַלע פאַרטייען

די ערשטע טעטיקייט פון די אומלעגאַלע קעמערלעך פון די אויבנדער־מאָנטע יידישע אַרבעטער־פאַרטייען, איז באַשטאַנען אין אָרגאַניזירן הילף פאַר די נויטליידנדע חברים. ווייזט אויס, אַז עס זענען געבליבן געוויסע פאַרטיי־פאָנדן פון פאַר דער מלחמה און עס איז אויך געבראַכט געוואָרן געלט פון „דזשאָינט"־קאָמיטעט, וואָס איז נאָך דעמאָלס געווען טעטיק אין וואַרשע. די אונטערערדישע קעמערלעך זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דורך צופעליק טרעפן זיך פון געוויסע פאַרטיי־מיטגלידער. איינער האָט דעם צווייטן איבערגעגעבן, אַז עס ווערט אָרגאַניזירט אַ הילפס־אַקציע. „עס איז פאַראַן אַן אינסטאַנץ, וואָס גיט הילף" — אַזוי האָט יעקב נירנבערג אינפאָרמירט משה לעדערמאַנען און ער איז געוואָרן צוקאָאָפּטירט צו דער בונדישער „אינסטאַנץ", וואָס האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט נאָך אין חודש אָקטאָבער.

צו דער דאָזיקער אונטערערדישער בונדישער קערפּערשאַפט האָבן גע־הערט: יעקב נירענבערג, אברהם זינגערמאַן, נאַטאַן ליבעסקינד, גאָלדע זילבער־בערג־יאַקובאָוויטש און משה לעדערמאַן, וועלכער איז געוואָרן פאָרזיצער פון דער אינסטאַנץ *

„אויף דער ערשטער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען ביי זינגערמאַנען

* לויט די זכרונות פון גרשון פאַגעל, א טוער אין אונטערערדישן בונד בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, איז אין די ערשטע חדשים געשטאַנען בראש פון אומלעגאַלן בונד — דער לאַנגיעריקער פאָרזיצער פון לאָדזשער קאָמיטעט פון בונד, פערגאַמענט.

אין שטוב — דערציילט מ. לעדערמאַן אין גבית עדות — איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט די חברים, וואָס זענען פאַראַן אין לאָדזש. מיר האָבן געהאַט אַביסל געלט און מ׳האָט באַשלאָסן צו העלפן די חברים מיט 20 ביז 40 זל. אויף אַ פּערזאָן״.[238]

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיקייט פון די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען — בונד און לינקע פּועלי ציון. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט דער וויכטיקער אַרבעט פון טראָגן הילף זייערע חברים און נישט געטראַכט וועגן אַלגעמיין־געשאַפענעם מצב. עס איז פּשוט נישט געווען ווער עס זאָל טראַכטן. עס האָבן געפעלט פּאַרטיי־טוער מיט אַ ברייטן בליק און דערפאַרונג אין פּאָליטישער טעטיקייט און דאָס האָט געלייגט זיין חותם אויך אויף דער טעטיקייט אין די שפּעטערדיקע יאָרן אין געטאָ־ליטצמאַנשטאַט. אָבער דאָס ברענגען הילף פאַר נויטליידנדע חברים איז, אין ערשטן פּעריאָד פון דער דייטשער אָקופּאַציע, געווען אויסערגעוויינלעך וויכטיק. זי האָט דערמוטערט דעם ליידנדן אַרבעטער־כלל און נישט געלאָזט דערגיין צו יאוש און פאַרצווייפלונג.

### ג. דער קאָנטאַקט צווישן לאָדזשער און וואַרשעווער יידן

ביזן שאַפן פון געטאָ אין לאָדזש איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנטאַקט צווישן די יידן פון וואַרשע און לאָדזש. עס איז געגאַנגען כסדר א שטילע איבער־וואַנדערונג: יידן פון לאָדזש, וואָס זענען בעת דער ערשטער בהלה אַנטלאָפן קיין וואַרשע, זענען שפּעטער צוריקגעקומען אין זייער היים־שטאָט. פאַרקערט ווידער, זענען יידן שפּעטער געלאָפן פון לאָדזש קיין וואַרשע. אַזעלכע רייזעס, פאַרבונדן מיט פּיין, צרות, וואָס עס האָבן אָנגעטאָן די דייטשן, ארעסטן אין די פּראָוויזאָרישע „אַנהאַלטס־לאַגערן״ — זענען אויך אויסגענוצט געוואָרן פון די שוין דערמאָנטע „אינסטאַנצן״ פון די לאָדזשער יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, כדי אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט זייערע אונטערערדישע צענטראַלעס אין וואַר־שע. דורך די צענטראַלעס האָט מען באַקומען (פון „דזשאָינט״־קוועלן) געלט־אונטערשטיצונגען. י. נירענבערג דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז „אין וואַרשע האָט זיך אויסגעבילדעט אַ מין לאָדזשער קאָמיטעט פון בונד, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו באַזאָרגן מיט הילף די לאָדזשער חברים אין וואַרשע און שיקן הילף קיין לאָדזש״. די באַקומענע געלט־אונטערשטיצונגען פון וואַרשע זענען דורך די בונדישע חבר׳טעס — לאַזאַר־מעלמאַן, מאַניאַ באָרו־כאָוויטש, אסתר וויינבערג איבערגעפירט געוואָרן אויך צו בונדיסטן אין די שטעטלעך אין לאָדזשער ראַיאָן. פון דעם געלט זענען אויך געוואָרן געשטיצט די לאָדזשער מעדעם־שול און קינדערהיימען.[239]

איטע לאַזאַר־מעלמאַן, אַן אידעאַלע געשטאַלט פון אַ לערערין און סאָציאַ־

ליסטין איז פאַר דער מלחמה געווען טעטיק אין דער לאָדזשער מעדעם־שול. אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין לאָדזש איז זי געווען נאָר עטלעכע חדשים. דערנאָך איז פרוי מעלמאַן אַוועק קיין וואַרשע, וווּ זי איז געוואָרן דער שליח פון „דזשאָינט" אַריבערצופירן געלט צו רומקאָווסקין פאַר די באַדערפנישן פון לאָדזשער יידן.

## ד. די געפּייניקטע רעליגיעזע יידן און דאָס דאַווענען אין געהיים

די רעליגיעזע יידן זענען אין אָקופּירטן לאָדזש, ווי אין יעדן אָרט וווּהין עס האָט געגרייכט די דייטש־היטלערישע מאַכט — געווען די אַמייסטן פאַרפאָלגטע, באַליידיקטע און געפּייניקטע. זיי האָבן געליטן פון די דייטשן נישט בלויז פיזיש און פערזענלעך געוואָרן דערנידעריקט; די מונדירטע דייטשן פון אַלערליי מיליטערישע פאָרמאַציעס, די ציווילע, היימישע, לאָדזשער דייטשן — האָבן ברוטאַל סאַדיסטיש געטרעטן אויף דעם אינטימסטן און הייליקסטן, וואָס איז פאַראַן אין האַרץ און נשמה פון אַ פרומען ייד.

פרומע יידן, וואָס האָבן נישט געוואָלט זיך שיידן מיט זייער טראַדיציאָנעלער הלבשה, מיט באָרד און פאות, האָבן נישט געטאָרט זיך באַווייזן אויף דער גאַס. די דייטשן האָבן געריסן פון זיי די בערד צוזאַמען מיט דער הויט פונעם פּנים, אָדער גאָר אונטערגעצונדן די באָרד.[240] „איינער פון די עלטעסטע לאָדזשער רבנים — הרב סעגאַל, האָט געמוזט גיין פון זיין וווינונג אין דער וואָלינער שול, אַנגעטאָן אין טלית און תפילין און דאָרט צערייסן די ספרי תורות".[241]

דער באַוווּסטער שרייבער י. אַקרוטני, וועלכער איז דעמאָלס געווען אין לאָדזש שילדערט אַזוי די טראַגישע איבערלעבונג פון הרב סעגאַל:

„איבער דער גאַס האָט פּאַוואָליע זיך באַוועגט אַ דראָשקע אויף וועלכער ס'איז געזעסן אָנגעטאָן אין טלית, אַן אַלטער גרויער ייד מיט אַ קליין קיילעכדיק בערדל, די קליינע, ווייסע באָרד און צוויי מבולבל'ע אויגן האָבן ארויסגעקוקט פונעם טלית. פון ביידע זייטן ביי דעם זקן זענען געזעסן צוויי באַוואָפנטע היטלער־זעלנער. דעם אַלטנס דארע לינקע האַנט איז געווען אויסגעשטרעקט צו דער גאַס. אויף דער האַנט איז געווען אָנגעצויגען דער „של יד" פון די תפילין, אַז איך האָב זיך איינגעקוקט אין דער זיך וויגנדיקער געשטאַלט פון דעם זקן אין טלית און תפילין, וועלכער איז אַרומגעפירט געוואָרן איבער דער שטאָט אויף בייז ווונדער האָב איך דערקענט דעם עלצטן פון די לאָדזשער רבנים — משה מנחם סעגאַל. ווען די דראָזשקע איז אַנגעפאָרן האָט די גאַס זיך אָפּגעליידיקט. אַלע האָבן געפילט אַז דאָס איז איינע פון די ווילדע נקמה־אַקטן פון די היטלער־באַנדיטן קעגן די יידן. אַ טייל פּאָלאַקן האָבן אויך דעמאָלס אויסגעמיטן זיך צו ווייזן אין גאַס.

אין עטלעכע טעג אַרום, האָט מען וועגן דעם רב סעגאַל'ס שאַנד־רייזע איבער די גאַסן דערציילט אַזוי: די דייטשן האָבן דעם רב אריינגעפירט אין דער

גרעסטער לאָדזשער שול, אַרויסגעשלעפּט אַ ספר־תורה און געהייסן אים, ער זאָל שפּייען אויף איר, סעגאַל האָט זיך אָפּגעזאָגט. דערצאָרנט, האָבן די סאָלדאַטן צעריסן די ספר־תורה און געצוווּנגען דעם אַלטן רב ער זאָל אַרויפטרעטן מיט די שטיוול אויף די צעריסענע יריעות. ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אויך דאָס צו טאָן, האָבן די באַנדיטן געצוווּנגען דעם זקן אָנצוטאָן טלית און תפילין און האָבן אים אַזוי אַרומגעפירט איבער דער שטאָט״.[242]

די דאָזיקע שרעקלעכע פּיין, דערנידערונגען און אכזריות האָבן נישט צעבראָכן מאָראַליש די באמת פרומע יידן. די דייטשן האָבן פאַרבאָטן יידן צו דאַוונען. האָבן פרומע יידן אין געהיים, מיט סכנות נפשות איינגעאָרדנט מנינים. „מ׳האָט זיך געשאַרט דורך די הינטער־געסלעך, טלית און תפילין באַהאַלטן אונטער דער לאַנגער קאַפּאָטע, און אין אַ פּריוואַטער שטוב אָפּגעריכט די תפלות. פאַרן דאַוונען האָט מען געשמועסט פּאָליטיק, געלייענט אַ צייטונג [?] און אויסגערעכנט בגמטריות, אַז משיח מוז שוין קומען און דער דייטש וועט האָבן אַ מפּלה״.[243]

אַזוי האָבן געגלויבט נישט בלויז פרומע יידן נאָר כמעט די גאַנצע לאָדזשער יידישע באַפעלקערונג. נאָר די דאָזיקע איבערצייגונג, אַז דאָס בייזע שלעכטס מוז פאַרשווינדן, האָט די געפּייניקטע יידן אַרויסגעריסן פון דער אַפּאַטיע און טראָץ אַלע ליידן אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָבן יידן שוין אין דעם צייט־אָפּשניט אָפּגעהאַלטן א מאָראַלישן נצחון איבער זייערע דייטשע פּייניקער. עס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן צו דערשטיקן דעם יידישן אָפּטימיזם, דעם יידישן גלויבן אין נצחון פונעם גוטן. לאָדזשער יידן האָבן זיך באַמיט צוריק אויפצובויען זייער לעבן און אין בערלין, אין דער געהיימער „אָפּטיילונג IV B 4“, אין רייכס זיכערהייטס הויפּטאַמט האָט אַדאָלף אייכמאַן מיט זיין שטאַב שטיל און געהיים געגרייט די יידן־פאַרניכטונגס־פּלענער.

.14

# די געהיימע צוגרייטונגען צו פארטרייבן די לאָדזשער יידן אין געטא

### א. מאָביליזאַציע פון דער מוניציפּאַלער מאַכט און אירע אינסטאַנצן, פּאָליצייאישע פאָרמאַציעס און אָרגאַניזאַציעס פון ציווילע דייטשן צו דער געטאָאיזירונג פון יידן

דער ערשטער פרווו צו פארטרייבן יידן פון לאָדזש האָט זיך דער אָקופּאַציע־מאַכט נישט איינגעגעבן. דער גירוש האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן, נאָר די אָקופּאַנטן האָבן אים געמוזט אָפּשטעלן, אָבער דאָס פארוואנדלען „ווארטעגאַו״, איינשליסלעך לאָדזש, אין אַ „יידנריינעם״ געביט איז כסדר געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדנונג פון דער דייטשער מאַכט. נאָר ביז דאָס וועט מעגלעך ווערן, ביז עס וועלן אויפגעבויט ווערן די אַרבעטס־און טויט־לאַגערן, זענען דערווייל די דייטשן צוגעטרעטן, אין הסכם מיט דעם היידריך־פּלאַן, צו פארטרייבן די לאָדזשער יידן אין אַ געטאָ.

אין דער זעלבער צייט, ווען עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן דער נישט־איינגעגעבענער גירוש פון לאָדזשער יידן, האָט דער פּרעזידענט פון דער קאַלי־שער רעגענציע, ה׳ איבעלהער געגרייט אַ געטאָ פאַר די יידן פון לאָדזש.

די דאָזיקע צוגרייטונגען — „געהיים, שטרענג פערטרויליך״ — ווי עס זאָגט זיך אין איבעלהערס צירקולאַר — זענען געמאַכט געוואָרן אין פאַרשטענדיגונג מיט אַלע אָקופּאַציע־מאַכט־אָרגאַנען אין לאָדזש, שטאָט־פאַרוואַלטונג מיט אַלע אירע אינסטאַנצן, פאַרשידענע פּאָליצייאישע פאָרמאַציעס און די אָרגאַניזאַציעס פון די אָרטיקע ציווילע דייטשן. ווייזט אויס, אַז די אָקופּאַנטן האָבן זיך גערעכנט מיט דער מעגלעכקייט פון ווידערשטאַנד פון די יידן צו גיין אין געטאָ און האָבן אויך געקלערט וועגן דעם יידישן פאַרמעגן, וואָס דאַרף צוגערויבט ווערן.

צום אַריבערפירן די יידן אין געטאָ, האָט דער פּרעזידענט פון דער קאַלישער רעגענציע — איבעלהער, מאָביליזירט פּאָלגנדע אָקופּאַציע־מאַכט־אָרגאַנען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געדאַרפט צווישן זיך אויסבילדן אַן „אַרבייטסשטאַב״ פאַר די צוגרייטונגען און דער דורכפירונג פון דעם פּלאַן:

1. „נ.ס.ד.א.פּ. (נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישע דויטשע אַרבייטס־פּאַרטיי), 2. דער לאָדזשער אָמט ביים רעגירונגס־פּרעזידענט אין קאַליש, 3. לאָדזשער

שטאָט־פאַרוואַלטונג (וווינונגס־אַמט, בויאַמט, געזונדהייטס־אַמט, דערנערונגס־אַמט אאז״וו), 4. אָרדנונגס־פּאָליציי, 5. זיכערהייטס־פּאָליציי, 6. טויטנקאָפּ־פאַרבאַנד, 7. אינדוסטריע־און־האַנדלס־קאַמער, 8. פינאַנץ־אַמט״.

צו די דאָזיקע אָקופּאַציע־אַמטן און אָרגאַניזאַציעס איז געווענדעט דער געהיימער צירקולאַר פון איבעלהער, וואָס טראָגט די דאַטע פון 10־טן דעצעמבער 1939.

אין דעם ערשטן אָפּזאַץ פון דעם צירקולאַר זאָגט זיך: „אין דער גרויסער שטאָט לאָדזש לעבן היינט 320 טויזנט יידן בערך. זייער באַלדיקע עוואַקואירונג איז נישט מעגלעך. איינגעפּלאָסענע אויספאָרשונגען פון אַלע אַמטן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע, האָבן פעסטגעשטעלט, אַז עס איז מעגלעך צוזאַמענ־צונעמען אַלע יידן אין אַ פאַרמאַכטן געטאָ. די יידנפראַגע אין דער שטאָט לאָדזש מוז דערווייל אויף דעם אופן געלעזט ווערן״.[244]

אין זיין צירקולאַר איז דער אַלמעכטיקער דיקטאַטאָר פון דער קאָלישער רעגענציע נישט מסכים מיט די פאָרשלאַגן, וואָרשיינלעך פון די דערמאָנטע אָקו־פּאַציע־אָרגאַנען, וועגן שאַפן א פאַרברייטערט געטאָ. איבעלהער חזרט ווייטער איבער זיין עם הארצישע צאָל פון יידן אין לאָדזש, וועלכע וווינען „נאָך פאָרזיכטיקן שעצונגען״ אין צפון טייל פון דער שטאָט — געמיינט באַלוט און אַלטשטאָט — 220 טויזנט יידן, און ווייטער אין דרום טייל איבער דער ליניע פון די גאַסן 11־טער ליסטאָפּאַד, פּרייהייטס־פּלאַץ און פּאמארסקא, וווינען נאָך 100 טויזנט יידן. די יידן, וואָס וווינען אין צפון־טייל פון דער שטאָט „זינד אין איינעם געשלאָסענעם גהעטטאָ דערגעשטאַלט אונטערצוברענגען, דאַסס איינמאַל דער פיר די בילדונג איינעס דויטשן קראַפטצענטרומס אום דעם פּרייהייטספּלאַץ בענעטיקטע ראום פאָן יודען געזויבערט וירד״

אויף יידיש: „די יידן, וואָס וווינען אין צענטער פון שטאָט דאַרפן אַריינ־געבּרענגט ווערן אין געשלאָסענעם געטאָ, כדי דער שטח אַרום פּרייהייטס־פּלאַץ, וואָס איז נויטיק פאַר דער בילדונג פון דייטשן קראַפט־צענטער — זאָל געריייניקט ווערן פון יידן״.

„די אַרבעטספעיקע יידן, וועלכע וווינען אין דעם איבעריקן טייל פון דער שטאָט לאָדזש — דאַרפן לויט איבעלהערס פּלאַן — צוזאַמענגעברענגט ווערן אין אָפּטיילונגען און איינגעאָרדנט ווערן, באַוואַכט אין קאַזאַרמע־בלאָקן״. אויך די 100 טויזנט יידן פון דרום־טייל שטאָט, וואָס זענען — לויט דער מיינונג פון איבעלהערן אַרבייטספעיק, דאַרפן סעלעקציאָנירט ווערן אין די אומפעיקע צו דער אַרבעט מוזן איבערגעשיקט ווערן אין געטאָ.[245]

דער דאָזיקער פּלאַן פון דער געטאָאיזירונג פון לאָדזשער יידן, וואָס איבעלהער האָט אויפגעשטעלט אויפן פערטן חודש נאָך מלחמה־אויסברוך, האָט שוין אין זיך אַלע פּרטימדיקע מאָסמיטלען, וועלכע די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען, פּאָליציי

און מיליטער האָבן שפּעטער אָנגעווענדעט צו דער אויסנוצונג פון יידישע אַרבעטס־כוחות און לסופיקער מאַסן־פאַרניכטונג פון יידן. די „ניכט אַרבייטס־פעהיגען יודען" דאַרפן פאַרשפּאַרט ווערן אין אַן אָפּגעשלאָסענעם געטאָ (שפּע־טערדיקע פאַרניכטונגס־לאַגערן) און וואַרטן אויפן טויט; און די אַרבעטפעיקע זאָלן קאָשארירט ווערן* אין אַרבעטס־אָפּטיילונגען און די וואָס ווערן אומפעיק צו דער אַרבעט ווערן סעלעקציאָנירט און איבערגעשיקט אין געטאָ.

אין דעם דאָזיקן צירקולאַר זענען פאָרגעזען אַלע פּרטים פון דער איבער־פירונג פון די באַפעלקערונגס־טיילן „אום איינע רייבונגסלאָזע אומזידלונג צו געוועהרלייסטען". עס דאַרפן איבערגעפירט ווערן באַזונדער פּאָלאַקן און באַזונ־דער דייטשן. מיט די דייטשן דאַרף זיך פאַרנעמען אויך די פּאַרטיי (נ.ס.ד.א.פּ.), כדי זיי איבערצוגעבן די בעסערע יידישע ווינונגען אין צענטער שטאָט, כדי צו בילדן „איין דויטשעס קראַפטצענטרום".

ווייטער קומען אין איבעלהערס צירקולאַר אָנווייזונגען: ווי אַזוי טעכניש דורכצופירן די „אַבריגעלונגס איינריכטונגען" אויף אָפּצושליסן דאָס געטאָ און עס צו באַוואַכן. די באַשפּייזונג און באַזאָרגונג פון אַלעם נויטיקן פאַרן געטאָ, וואָס דאַרף דורך „טאַושוואַרע, וויע טעקסטיל בעצאַלט ווערדען. עס מוסס אויף דיזע וייזע געלונגען, דאַס ויר די פאָן יודען געהאַמסטערטען אונד פערשטעקטן זאַכווערטע העראַוסהאָלען". [246]

איבעלהער ווייזט אויך אָן, אַז דאָס אַריינברענגען די יידן אין געטאָ דאַרף געמאַכט ווערן פּלוצלינג, „שלאָגפערטיג" אין איין באַשטימטן טאָג, וועלכן ער, איבעלהער, וועט באַשטימען. אין איין שעה דאַרפן די „באַוואַכונגסמאַנשאַפטען" אָפּשליסן דאָס געטאָ. [247] וועגן דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע פון געטאָ, וואָס איבעלהער האָט פאָרגעזען אין זיין צירקולאַר, — זע ז' 18.

## ב. געיעג פון די דייטשן אין לאָדזש צו פאַרכאַפּן יידישע ווינונגען אין צענטער שטאָט

דער אויבנגעבראַכטער איבעלהער־פּלאַן פון אַ געטאָ פאַר אַרבעטס־אומפעיקע לאָדזשער יידן און קאַזאַרמעס פאַר אַרבעטס־פעיקע, איז ווייזט אויס נישט אָנגענומען געוואָרן אין די אָנפירנדע בערלינער היטלער־קרייזן. אַזאַ אופן פון דורכפירן דעם ערשטן עטאַפּ פון היידריך־פּלאַן, פון צוגרייטן די „ענדלעזונג" פון דער יידנפראַגע — די טאָטאַלע אויסראָטונג, האָט פאַר דער דייטשער מאַכט אויסגעזען ווייניק פּראַקטיש און דער עיקר — צופיל קאָסטבאַר.

---

* קאָשאַרירט ווערן — פון פּוילישן הויפּטוואָרט „קאָשאַרי" — קאַזאַרמעס: איינגע־אָרדנט ווערן אין קאַזאַרמעס.

בכלל איז די פראַגע וועגן אָפּטיילן די יידישע באַפעלקערונג פון דער נישט־יידישער און דער אופן ווי אַזוי צו קאָנצענטרירן קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן אויף אַן אָפּגעשלאָסענעם שטח, לויט דעם היידריך־פּלאַן — נאָך דיסקוטירט געוואָרן אין די בערלינער רעגירונגס־אַמטן און צווישן די דייטשע „געלערנטע" סאָציאָלאָגן, ראַסן־פאָרשער און יידנקענער.[248] זיי האָבן געהאַט שווערע פּראָבּלעמען צו לעזן, נעמלעך: פאַרמאַסקירן די דייטשע אויסראָטונגס־כוונות, אַז יידן זאָלן זיך נישט כאַפּן, וואָס מ'וויל מיט זיי טאָן און נישט שטעלן קיין ווידער־שטאַנד; פאַרמאַסקירן פאַר די נייטראַלע לענדער, בעיקר פאַר אמעריקע די דייטשע פאַרברעכערישע טעטיקייט אין די אָקופּירטע פּוילישע געביטן. דאָס פאַרטרייבן די יידן אין די געטאָס אָדער אין רעזערוואַטן איז אויך געווען פאַר־בונדן מיטן רויב („קאָנפיסקאַציע") פון די יידישע פאַרמעגנס און די דייטשן האָבן נאָך נישט געהאַט צוגעגרייט די געהעריקע אָרגאַנען פאַר פאַרמעגנס־קאָנפיסקאַציע פון אַזאַ ריזיקן פאַרנעם אין מענטשן־צאָל און אין שטח.

לויט דייטשע אָפּשאַצונגען האָט דאָס „גרויסע דייטשע רייך" דעמאָלט געהאַט אויף איר טעריטאָריע 2,220,000 יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין: פאַרמלחמהדיקן דייטשלאַנד, אין עסטרייך, סודעטן־לאַנד און אין די אָקופּירטע פּוילישע געביטן.[249]

די דאָזיקע סיבות האָבן געווירקט, אַז איבעלהערס פּלאַן פון אַ געטאָ פאַר לאָדזשער יידן זאָל דערווייל נישט דורכגעפירט ווערן און זאָל זיך באַווייזן אין אַן אַנדערער פאָרם ערשט אין דריי חדשים שפּעטער.

די געהיימניש אָבער פון איינשטעלן אַ געטאָ פאַר יידן, וואָס איבעלהער האָט אַזוי שטאַרק באַוואָרנט אין זיין צירקולאַר — געהיים, שטרענג פער־טראַוליך — איז נישט געבליבן קיין סוד. וועגן געטאָ־פּלאַן האָבן שוין געוווּסט כמעט אַלע דייטשן אין לאָדזש: מיליטער, פּאָליציי, באַאַמטע און ציווילע דייטשן. זיי האָבן דעריבער גענומען באַצייטנס זיך יאָגן צו פאַרכאַפּן די שענערע און בעסער איינגעאָרדנטע יידישע וווינונגען אין צענטער שטאָט. אויף די מער פאַרמעגלעכע יידן פון יענעם שטאָט־טייל האָט א פלייץ געטאָן אַ נייע כוואַליע פון פּיין, קלעפּ און באַליידיקונגען.

דייטשן, מונדירטע און ציווילע זענען באַפאַלן יידישע באַלעבאַטישע וווינונ־גען אין צענטער שטאָט, אַרויסגעטריבן פון דאָרט די יידישע משפּחות און פאַר־נומען די וווינונגען. אָפטמאָל האָבן ציווילע דייטשן זיך גענומען צוהילף די פּאָליציי, וועלכע האָט די יידן באַזייטיקט פון די וווינונגען און גרופּנווייז זיי אַוועקגעפירט קיין באַלוט. „דערביי איז געוואָרנט געוואָרן, אַז עס איז נישט דערלויבט צוריקצוקומען אין שטאָט אין דער אייגענער וווינונג".[250]

אַמיינסטן האָבן זיך די דייטשן געיאָגט נאָך די וווינונגען פון יידישע דאָקטוירים. אַ באַקאַנטער לאָדזשער דאָקטאָר און געזעלשאַפטלעכער טוער,

גרינדער און שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער געזעלשאַפט „טאָז" — ד"ר וואָלפסאָן איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זיין וווינונג און מ'האָט אים נישט דערלויבט מיטצונעמען אַפילו זיין אייגענעם הוט. דאָס טרייבן יידן פון די וווינונגען איז געוואָרן אַ טאָגטעגלעכע דערשיינונג.[251]

אונטערן אויסרייד פון נעמען ערובניקעס האָבן דייטשן זיך אַריינגעריסן אין די וווינונגען פון ד"ר ליטווין, ד"ר ראָמאַן באַרנשטיין און זיי אַרעסטירט. אויף דעם אופן זענען צוגענומען געוואָרן זייערע וווינונגען. ד"ר באַרנשטיין (בעתן שרייבן דאָס בוך וווינט ער אין ישראל א.נ. ד"ר בורן) איז אין יאַנואַר דורך די באַמיאונגען פון זיין משפחה באַפרייט געוואָרן. אויך ד"ר ליטווין איז געוואָרן באַפרייט אָבער אין זייערע וווינונגען האָבן זיי זיך שוין נישט צוריק־געקערט.[252]

ווענמען פון די דייטשן עס איז נישט געלונגען צו כאַפּן אַ גרעסערע יידישע וווינונג, האָט זיך באַגנוגנט מיט אַ קלענערער. אין זיין ג"ע דערציילט דער שניידער אברהם לאַטאַוויטש, אַז ער האָט געאַרבעט ביי זיין מייסטער, אַ גרויסע שניידער־פירמע אין לאָדזש. דער מייסטער האָט באַקומען אַ באַפעל תיכף צו פאַרלאָזן די וווינונג. מ'האָט אים דערלויבט מיטצונעמען די זאַכן פון שטוב און אויך די ניי־מאַשינען. דער שניידער איז אַוועק צו זיין ברודער, וועלכער האָט געוווינט אויף שרודמיעיסקע גאַס און דאָרט איינגעאָרדנט זיין וואַרשטאַט, ווו לאַטאַוויטש האָט ווייטער געאַרבעט. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די דייטשן צוגענומען אויך די וווינונג אויף שרודמיעיסקע גאַס.[253]

אין דערזעלבער צייט האָבן די דייטשן אויך נישט געשאַנעוועט די פּאָלאַקן, באַזונדערס די פּוילישע אינטעליגענץ — אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, — וואָס האָבן געוווינט אין צענטער שטאָט. אַ גרויסער טייל פון זיי זענען געוואָרן אַרעסטירט אָדער מ'האָט זיי פּשוט געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די וווינונגען און איבערציען זיך אין שטאָט־טייל כאָיני, אין סאַמע עק פון לאָדזש.[254]

דער דייטשער געיעג אויף יידישע וווינונגען אין צענטער שטאָט האָט אַרויסגערופן אַ בהלה ביי אַלע יידן אין יענעם שטאָט־טייל. ווער עס האָט געהאַט די מעגלעכקייטן איז אַליין אַנטלאָפן פון דאָרט. יידן האָבן פאַר נישטיקע סומען אַוועקגעגעבן זייערע וווינונגען צו באַקאַנטע לאָדזשער דייטשן און זיך אַריבער־געצויגן אין באַלוט נאָך איידער עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ. אין דעם דאָזיקן אָרעמען שטאָט־פערטל, אין די קליינע ענגע וווינונגען, אין די הילצערנע הייזלעך, אַן די מינדעסטע באַקוועמלעכקייטן פאַר אַ מענטשלעך לעבן, איז גע־וואָרן נאָך ענגער, נאָך פיינלעכער און שווערער דאָס לעבן.

*

מיטן אָנהייב פון יאָר 1940 האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש פאַרשטאַרקט די פאַרפאָלגונגען קעגן יידן און יידישער אינטעליגענץ. די פאָלקס־דייטשן האָבן איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון דער דאָקטוירים־קאַמער. אַלע יידישע דאָקטוירים זענען געוואָרן פון דאָרט באַזייטיקט און זיי איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פּראַקטיצירן אין שטאָט. אין דעם דאָזיקן פאַרבאָט, וואָס איז אַרויס־געגעבן געוואָרן דורך דער גערמאַניזירטער דאָקטוירים־קאַמער, ווערט צום ערשטן מאָל אָפיציעל דערמאָנט דאָס וואָרט „געטאָ״, אין וועלכן די יידישע דאָקטוירים האָבן דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן.[255] אויך צווישן דער יידישער באַפעלקערונג פאַרשפּרייט זיך די ידיעה, אַז די אָקופּאַציע־מאַכט גרייט זיך איינצושליסן די יידן אין אַ געטאָ. אָבער ביזן אַריינטרייבן די יידן אין געטאָ האָבן נאָך די דייטשן אין לאָדזש מיט אַלע זייערע מיליטערישע, פּאָליצייאישע און ציווילע אָרגאַניזאַציעס געהאַט דורכצופירן נאָך אַ זייער קאָמפּליצירטע אַרבעט, נעמלעך: די לעגאַלע רויב־קאָנפיסקאַציע פון די יידישע פאַרמעגנס.

## .15

# דער לעגאַלער רויב פון יידישן פאַרמעגן

### א. דער קאַמף צווישן אָקופּאַציע־אַמטן, פּאָליציייאישע און ציווילע דייטשע אָרגאַניזאַציעס אַרום דעם דערווערבן יידישע ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען

דער לעגאַלער דייטשער רויב פונעם יידישן פאַרמעגן אין לאָדזש, וואָס ווערט אין די אָפיציעלע דאָקומענטן באַצייכנט ווי „קאָנפיסקאַציעס", „בע־שלאגנאהמונגען", איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער ווירטשאַפטלעכער פּאָלי־טיק פונעם דריטן רייך. די דאָזיקע פּאָליטיק האָט געגעבן אירע קענצייכנס באַלד ווי דאָס דייטשע פאָלק האָט געבראַכט היטלערן צו דער מאַכט. אויך אין דייטש־לאַנד האָט די היטלער־הערשאַפט זיך אָנגעהויבן מיט מאַכן הפקר דאָס יידישע פאַרמעגן פאַרן רויב פון די דייטשן, און שפּעטער איז געקומען די „געזעצלעכע" רעגולירונג פון דעם דאָזיקן רויב, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צום ערשט אין אָקופּירטן עסטרייך און אין 1938־1939 — שוין אין דייטשלאַנד גופא.[256] אין אַלע שפּעטערדיקע דעקרעטן וועגן רעגולירן די יידנפראַגע, וואָס עס האָבן אַרויסגעגעבן — די היטלער־רעגירונג, אירע באַזונדערע מיניסטאָרן, גערינג, הימלער, גרייזער, די פּרעזידענטן פון רעגענציעס — ווערט כסדר דערמאָנט די נויטיקייט פון קאָנפיסקירן די יידישע פאַרמעגנס.

הגם ביזן סוף יאָר 1939 האָט די דייטשע מאַכט, און ממילא די אָקופּאַנטישע רעגירערס אין ליטצמאַנשטאַט,* ווי עס האָט שוין דעמאָלט אָפיציעל געהייסן לאָדזש — שוין געהאַט אַ רייכע דערפאַרונג אין ענין פון לעגאַלן רויב פונעם יידישן פאַרמעגן, איז זיי דאָך אין לאָדזש נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט מיטן דורכפירן דעם דאָזיקן רויב־אַקט.

דאָס הפקר־מאַכן די לאָדזשער יידישע באַפעלקערונג פאַר רויב און פאַרכאַפּונג פון געשעפטלעכע אונטערנעמונגען אין די ערשטע וואָכן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט פאַרשאַרפט די אַפּעטיטן סיי ביי די ציווילע לאָדזשער

* באַלד אין ערשטן חודש אָקופּאַציע האָט די דייטשע מאַכט, נאָכן איינשליסן לאָדזש אין דריטן רייך געענדערט דעם נאָמען פון דער שטאָט אויף ליטצמאַנשטאַט, נאָך דעם נאָמען פון דייטשן גענעראַל ליטצמאַן, וועלכער האָט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914, דורכגעבראָכן דעם רוסישן פראָנט און פאַרנומען לאָדזש.

דייטשן, די געוועזענע פוילישע בירגער, סיי ביי די פאַרשידענע אָרגאַנען פון דער אָקופּאַציע־מאַכט און דייטשע קאָמיסאַרישע מוניציפּאַלע פאַרוואַלטונג. אַ חוץ זיי זענען נאָך געווען אין שטאָט — אַ האַנטווערקער־קאַמער, אַן אינדוסטריע און האַנדלס־קאַמער, אַן אינדוסטריעלער פאַרבאַנד, וואָס האָבן זיך געפונען אונ־טער דייטשער קאָמיסאַרישער אָנפירונג און ביי אַנטשטאַנענע געזעלשאַפטן, ווי: די „ליטצמאַנשטאַטער וואַרענהאַנדעלסגעזעלשאַפט" (ל. וו. ה. ג.) — זיי אַלע האָבן פרעטענדירט אויף אַ לעגאַלן אופן צו באַקומען אַלע יידישע פאַרמעגנס, אָנהייבנדיק פון די גרויסע פאַבריקן ביז די לעצטע שפייז־קראָמען אין באַלוט.[257] צווישן די דאָזיקע אַלע דייטשע געזעלשאַפטן, אינסטיטוציעס, פאַרטיי און אייגנטלעכער מאַכט איז פאָרגעקומען אַ האַרטנעקיגער גראַנגל איבערן רויב פון יידישע פאַרמעגנס.

באַלד אין די ערשטע וואָכן פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט, ווי שוין דערמאָנט, די מאַכט פאַרפרוירן די יידישע פאַרמעגנס אין די בענק (שפּער־קאָנטעס) און אויך באַגרענעצט דעם יידישן האַנדל, וואָס האָט געקאָנט געפירט ווערן נאָר דורך די בענק אויפן סמך פון די שפּער־קאָנטעס. אין אָנהויב נאָוועמבער 1939 איז אין דער הינזיכט אַריינגעטרעטן אַ גוואַלטיקע ענדערונג צום ערגערן פאַר דער יידישער ווירטשאַפט.

## ב. די „טרויהענדער"־אָרגאַניזאַציע און אירע מיטגלידער

דעם ערשטן נאָוועמבער 1939 האָט פעלדמאַרשאַל רייכסמיניסטער גערינג אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג צו שאַפן אַ „האַופּטטרויהאַנדשטעללע" — אָסט" H. T. O., וועלכע דאַרף איבערנעמען דאָס גאַנצע באַוועגלעכע און אומבאַוועג־לעכע יידישע פאַרמעגן, וואָס ווערט קאָנפיסקירט. צו הילף דער „ה. ט. אָ." דאַרפן שטיין די פּאָליציי־אָרגאַנען און זייערע עקספּאָזיטורן.[258]

ווי עס איז צו זען פון ווייטער ציטירטן דאָקומענט, איז גלייך נאָך גערינגס פאַראָרדענונג אַנטשטאַנען אין לאָדזש אַן אָפּטיילונג פון די „טרויהענדער" * צו וועלכער עס האָבן געשטראָמט לאָדזשער דייטשן „האַנדלסלויטע" און דייטשן פון די אָקופּאַציע־אָרגאַנען, וואָס האָבן גענומען פאַרכאַפּן יידישע אונטערנע־מונגען. עס האָט געכאַפּט יעדער, וואָס ער האָט געקאָנט און וואָס מער, אַזוי אַז די „אינדוסטריע אונד האַנדעלסקאַממער, לאָדזש", אונטער דער אָנפירונג פון די דייטשן ד"ר וועבער און ד"ר בעטצען, האָט געמוזט אַרויסגעבן אַ צירקולאַר,

---

* טרויהענדער — פון וואָרט טרויהאַנד, אַ געטרייע האַנט, וואָס וועט אויפריכטיק פירן די באַקומענע אונטערנעמונג.

וואָס שטעלט פעסט די אויפגאַבן און פונקציעס פון די „טרויהענדער" און ווער עס האָט אַ רעכט צו זיי צו געהערן. אין דעם אַריינפיר צום צירקולאַר זאָגט זיך:

„Dieses Rundschreiben ist für sämtliche Treuhänder bestimmt die in Lodsch oder im Bezirke Lodsch eingesetzt sind und zwar gleichgiltig, von welcher Dienststelle die Einsetzung erfolgt ist".

אין יידיש:

„דער דאָזיקער צירקולאַר איז באַשטימט פאַר אַלע „טרויהענדער", וועלכע זענען אין לאָדזש אָדער אין לאָדזשער קרייז אַריינגעזעצט געוואָרן, אָן חילוק פון וועלכן מיליטער־טייל אָדער דינסטאָרט זיי זענען באַשטימט געוואָרן."

ווי מיר זעען פון דאָזיקן אַריינפיר, האָבן צו די „טרויהענדער" אין לאָדזש געהערט דייטשן פון פאַרשידענע אַמטן, אָדער פאָליציי־עקספּאָזיטורן און יעדער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ יחסן ביים פאַרכאַפּן יידיש פאַרמעגן. אויך פון דעם צווייטן פּאַראַגראַף פונעם צירקולאַר, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן די פליכטן פון די „טרויהענדער", באַקומען מיר אַ פאַרשטעלונג, ווי אַזוי יעדער פון זיי האָט זיך באַמיט, וואָס מער צו כאַפּן פונעם רויב פון יידישן פאַרמעגן. דאָרט זאָגט זיך: „ביי דער קאָנטראָל פון דער אינדוסטריע־ און האַנדלס־קאַמער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איינצעלנע „פאָלקסגענאָסען" האָבן אין זיינער צייט ביי דעם דעמאָלסטיקן מצב, דערוואָרבן אַ גרעסערע צאָל פון אונטערנעמונגען. אויפן יסוד פון אַזאַ דערווערבונג איז, צוו. אַנד. אַ היגער סוחר, אַריינגעזעצט געוואָרן אַלס „טרויהענדער" אין 25 אונטערנעמונגען און דאָס נישט אַזעלכע אונטערנעמונגען, וואָס דאַרפן ליקווידירט ווערן, נאָר וואָס מוזן דערהאַלטן און ווייטער געפירט ווערן."

די ווייטערדיקע פּאַראַגראַפן פונעם צירקולאַר לערנען די מיטגלידער פון דער רויבער־געזעלשאַפט, זיי זאָלן געטריי און ערלעך פירן די געשעפטן אין דער אונטערנעמונג, „ווייל ער פאַרוואַלטעט מיט אַן אַנפאַרטרויטן פאַרמעגן, וואָס איז אַ מלוכה־אייגנטום, פון וועלכן ער דאַרף אָפּגעבן אַ דין־וחשבון." עס ווערן אויך דערמאָנט די „שטראָפרעכטלעכע פאָלגען" פאַר ברענגען שאָדן דער אונטער־נעמונג, וואָס זענען פאַרבונדן אויך מיט מאַטעריעלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ווייטער קומען אַ ריי פּאַראַגראַפן וועגן דער פירונג, געשעפטס־פירונג, יערלעכע בילאַנסן, קאָנטראָל ביזן באַפרייען זיך פונעם אַמט. לסוף רעדט זיך אינעם צירקולאַר וועגן צאָלן די פאַרפליכטונגען פון דער קאָנפיסקירטער אונטער־נעמונג.

אין דער ערשטער ריי דאַרף געצאָלט ווערן די מיליטערישע אַמטן, דאַן קומען „רייכסדויטשען" און „פאָלקסדויטשען", איינשליסלעך אַרבעטער און אָנגע־שטעלטע. וועגן די מאַנונגען פון פּאָלאַקן און יידן דאַרפן קומען באַזונדערע אָנווייזונגען.

אין אַ ביילאַגע צום דאָזיקן צירקולאַר זאָגט זיך שוין קלאָר און דייטלעך: „דער טרויהענדער איז פאַרפליכטעט אויסצוצאָלן די חובות פון דער אונטער־נעמונג פאַר רייכסדויטשען, פאָלקסדויטשען, אָבער אין קיין פאַל נישט קיין יידן און פאָלאַקן.[259]

אין איינער פון די ביילאַגעס צו דעם צירקולאַר רעדט זיך אויך וועגן די באַדינגונגען ביים איבערנעמען האַנדלס־אונטערנעמונגען: „לויט אַן אָנטשיי־דונג פון גענעראַל פעלדמאַרשאַל, מיניסטער־פּרעזידענט גערינג, איז מעגלעך אַן אייגנטומס־איבערגאַנג פון יידישן אָדער פּוילישן באַזיץ צו פאָלקסדויטשע אָדער רייכסדויטשע, נאָר ביז דעם ווערט פון 20 טויזנט מאַרק.״ צווישן די באַדינגונגען, וואָס ווערן געשטעלט אַזאַ „דערווערבער״ פון יידישן און פּוילישן פאַרמעגן איז פאַראַן אַ פּונקט, אַז זיין פּאָליטישע כשרקייט דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן דורך דער „געהיימער שטאַטס־פּאָליציי״ (געשטאַפּאָ).[260]

## ג. דייטשן פון די האַנדלס־ און אינדוסטריע־קרייזן בּאַראַטן זיך ווי אַזוי צו איבערנעמען דאָס יידישע פאַרמעגן

דער אויבנדערמאָנטער צירקולאַר פון דער האַנדלס־ און אינדוסטריע־קאַמער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, וואַרשיינלעך, סוף חודש נאָוועמבער 1939, ווייל דאָרט ווערט דערמאָנט, אַז די „טרויהענדער״ דאַרפן ביז דעם 4־טן יאַנואַר 1940 זיך איבעררעגיסטרירן. דעם 16־טן יאַנואַר 1940 איז שוין געקומען צו אַ „בעשפּרעכונג״ פון די פאַראינטערעסירטע צדדים (האַנדעלסקאַממער, האַנדעל אונד אינדוסטריע) וועגן דעם אופן פון איבערנעמען דאָס יידישע פאַרמעגן, ווען יידן וועלן ווערן אַריינגעטריבן אין געטאָ.

דער פּראָטאָקאָל פון די דערמאָנטע „בעשפּרעכונגען״, טיטולירט מיט — „בעטריפט: איינריכטונג דעס געהעטאָס דער שטאַט לאָדש״, באַווייזט ווי אַזוי ברייטע שיכטן פון דייטשן פאָלק: הענדלער, סוחרים, פאַבריקאַנטן, לאָדזשער דייטשן, וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג געמאַכט געשעפטן מיט זייערע יידישע בני עיר — אָנגעקומענע דייטשן פון באַלטישע לענדער און וואָלינער געגנט — האָבן זיך באַטייליקט אין דעם רויב פונעם יידישן פאַרמעגן.*

די דאָזיקע קאָנפערענץ פון די דייטשע סוחרים און פאַבריקאַנטן האָט בעת די „בעשפּרעכונגען״, בעיקר, באַהאַנדלט די פראַגע, ווי אַזוי אַריינצוכאַפּן דאָס יידישע פאַרמעגן, אַז עס זאָל פאַר די יידן נישט בלייבן אַפילו קיין פאָדעם.

---

* דער דאָזיקער אויטענטיש־דייטשער דאָקומענט האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע און געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין דער זאַמלונג „דאָקומענטי אי מאַטעריאַלי געטטאָ לודזקיע״, באַאַרבעט פון מאַגיסטער אייזנבאַך.

די הויפּט־זאָרג פון דער „חשובער" דייטשער געזעלשאַפט איז געווען, וואָס דער גרעסטער טייל פונעם יידישן פאַרמעגן געפינט זיך אין דעם שטח, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן פאַרן געטאָ. עס איז דעריבער פאַראַנען די געפאַר, אַז די יידן, נאָכן באַזעצן זיך אין געטאָ, וועלן בלייבן ביי דעם פאַרמעגן. אָט איז דער ווערטלעכער טעקסט אינעם אַריינפיר פון די „בעשפּרעכונגען":

„פאַרטרויילעכע מענטשן פון היגן [לאָדזשער] האַנדל האָבן דערויף אָנגעוויזן, אַז גראַד אין דעם טייל שטאָט, וואָס איז אָפּגעגרענעצט פאַרן געטאָ ליגן גרויסע ווערטן, ווייניקער דערנערונגס־ און גענוסמיטל, ווי שפּינשטאָף און לעדער־סחורות. 60 פּראָצענט פון די שפּינשטאָף־רעזערוון אין לאָדזש זאָלן זיך געפינען אין יענעם ראַיאָן. עס קאָן דעריבער מעגלעך זיין, אַז ביי דער אָפּגרענעצונג פון געטאָ, זאָלן די דאָזיקע ווערטן בלייבן אין יענעם ראַיאָן", דאָס הייסט ביי די יידן.

די אָנטיילנעמער אין די „באַשפּרעכונגען" לייגן דעריבער פאָר, אַז פון די פאַבריקן, וואָס שטייען ליידיק זאָלן אויפגעשטעלט ווערן גרויסע לאַגערן, ווו עס זאָל געזאַמלט ווערן די יידישע פאַרמעגנס, וועלכע געפינען זיך נאָך אין דעם שטח, וואָס איז באַשטימט פאַרן געטאָ.[261]

ווייטער קומען אין די „בעשפּרעכונגען" פּראַקטישע אָנווייזונגען, ווי אַזוי צו שטערן, אַז דאָס פאַרמעגן, וואָס געפינט זיך אין יידישע הענט, זאָל „פאַרשלעפּט און פאַרוואָרפן" ווערן. „עס איז דעריבער נויטיק, אַז איידער עס הייבט זיך אָן דער גאַנג פון יידן אין געטאָ, זאָלן די יידישע פאַבריקן, געשעפטן, לאַגערן, געשעפטן אויף די שטאָקן, וואָס זענען נאָך נישט באַזעצט דורך די „טרויהענדער" — איבערגענומען און באַאויפזיכטיקט ווערן פון אַן אויפסניי אָרגאַניזירטער „טרויהענדער"־אָרגאַניזאַציע. עס זאָל תיכף אַרויסגעגעבן ווערן אַ פאַראָרדענונג, אַז די הויז־באַזיצער, אויך יידן, זאָלן אין משך פון 3 טעג מעלדן אין פּאָליציי־רעוויר, וועלכע יידישע פאַבריקן, געשעפטן, קראָמען, לאַגערן און סחורות־רעזערוון געפונען זיך אין שטח פון די הויז־באַזיצער און ווער עס איז דער אייגנטימער. די פּאָליציי־רעווירן דאַרף די מעלדונגען זאַמלען, סעגרעגירן לויט גאַסן און אין משך פון 24 שעה איבערגעבן די מאַטעריאַלן אין דער אינדוסטריע־ און האַנדלס־קאַמער".[262]

פון די „בעשפּרעכונגען" אין דער „אינדוסטריע־ אונד האַנדעלסקאַממער" איז צו זען, אַז די דאָזיקע לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון אינדוסטריעלער און סוחרים, אין וועלכער עס האָבן בעת דער אָקופּאַציע דאָמינירט די דייטשן — לאָדזשער און צוגעפאָרענע — האָט דעם רויב פונעם יידישן פאַרמעגן נישט געוואָלט איבערלאָזן בלויז פאַר דער ניי־געשאַפענער „טרויהענדער"־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאַקטיש געווען אַן עקספּאָזיטור פון געריינגען און הימלערן. די לאָדזשער „אינדוסטריע־ אונד האַנדעלסקאַממער" האָט מיט חוזק געקוקט אויף אירע קאָנ־

קורענטן אין פאַרכאַפּן יידיש פאַרמעגן און געהאַט בדעה אַליין צו שאַפן — „איינע זאַגענאַנטע טרויהענדער אָרגאַניזאַציאָן" מיט אָנפירער פאַר יעדן באַזונדערן האַנדלס־צווייג.

די אָנפירער פון דער ניי־געשאַפענער „טרויהענדער"־אָרגאַניזאַציע דאַרפן פון צווישן די „פאָלקסדויטשען" (לאָדזשער דייטשן, אייגענע מענטשן) ווערבירן די געהעריקע פאַכמענער, וועלכע זאָלן איבערנעמען די „יודענגעשעפטע", נאָך אײדער די יידן גייען אין געטאָ און נאָכדעם ווי די יידן גייען שוין אין געטאָ, דאַרפן די פאַכמענער „טרויהענדעריש" אָפּנעמען ביי די יידן די שליסלען פון זייערע געשעפטן און זאָרגן פאַר דער זיכערקייט פון די וואַרטזאַכן.

דער פּראָטאָקאָל פאַרענדיקט זיך מיט דעם פאָרשלאַג איבערצוגעבן די אָנפירונג מיט דער אַקציע צו פאָלגנדע צוויי פאָלקסדויטשען: די סוחרים — לודוויק קוק און עדואַרד קורט, וועלכע זענען שוין זינט אַ לענגערער צייט באַקאַנט ווי פאַרטרויאונגס־מענער פון פאָליציי־פּרעזידיום.[263] לודוויק קוק, ווי פריער שוין דערמאָנט, איז געווען איינער פון די אָנפירער פון דער פאַר־מלחמהדיקער „דויטשער סאָציאַליסטישער אַרבייטס־פאַרטיי" אין לאָדזש.

*

אַ ווייטערדיקער טייל פונעם דערמאָנטן פּראָטאָקאָל פאַרנעמט זיך שוין מיט קאָנקרעטע פאָרשלאַגן ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן דעם טראַנספּאָרט צום איבער־פירן דאָס יידישע פאַרמעגן פון דעם שטח, וואָס איז באַשטימט פאַרן געטאָ און זאָל געבראַכט ווערן אין די געהעריקע לאַגערן. אויך די דייטשע געשעפטן, וואָס געפינען זיך אין יענעם שטח, דאַרפן איבערגעפירט ווערן אין צענטער שטאָט אין יידישע געשעפטן, וועלכע ווערן ליקווידירט. די פראַגע, צי מ'זאָל צונעמען די פוילישע געשעפטן, וואָס געפינען זיך אין פּראָיעקטירטן געטאָ־שטח, אָדער מ'זאָל די פּאָלאַקן דערלויבן אַריבערצופירן זיי אין דעם נייעם וווין־אָרט — דאַרף דעצידירט ווערן דורכן לאָדזשער רעגירונגס־פּרעזידיום.

אין פּראָטאָקאָל פון די „בעשפּרעכונגען" פון די דייטשע האַנדלס־ און אינדוסטריע־קרייזן אין לאָדזש ווערן אויסגערעכנט אַלע ווערטן, וואָס מ'דאַרף צונעמען ביי יידן, נעמלעך: לעבנסמיטל, באַקליידונג, טעקסטיל־סחורות, שיך־וואַרג, לעדער־סחורות, רוישטאָפן און האַלב־פאַבריקאַטן, אייזן־סחורות, קיכן־געפעס, הויזלעכע זאַכן, עלעקטראָטעכנישע מכשירים, זייף, נאַפט, בכלל אַלע אַרטיקלען, וואָס ווערן פאַרקויפט אין קאָלאָניאַל־קראָמען, ווי אויך כעמיקאַליען, קאָסמעטישע אַרטיקלען: פּערפומען, שיינהייטס־מיטלען, צעראַמיק און פּאָרצעלאַן, רעגיסטריר־קאַסעס, וואָגן און געוויכטער און ווערטפולע געשעפטס־איינריכטונגען. די שטאָט, ד.ה. די דייטשע שטאָט־פאַרוואַלטונג, דאַרף זיך זאָרגן פאַר אָפּטראַנס־פּאָרטירן די בעסערע איינריכטונגען פון וווינונגען. אויך די אַפּטייקן דאַרפן

צוגענומען ווערן און נאָר 4 פון זיי דאַרפן איבערגעלאָזט ווערן פאַר די יידן. זילבער, גאָלד, איידעלע מעטאַלן און קונסט־חפצים, וואָס ווערן אָפּגענומען ביי יידן, דאַרפן געשטעלט ווערן אונטער דער אויפזיכט פון „איין פערבינדונגסמאַנן פון רייכספיהרער". 264

נאָכדעם ווי דער פּראָיעקטירטער שטח פאַרן געטאָ וועט שוין אויסגעליידיקט ווערן פון אַלע סחורות און זאַכן, וואָס האָבן געהערט צו יידן — דאַרפן אָנפירנדע לייט פון דעטייל־האַנדל „באַזוכן דאָס פערטל [דעם שטח, וואָס איז באַשטימט פאַרן געטאָ], כדי זיך צו איבערצייגן, צי עס זענען נאָך פאַראַן געשעפטן פון וואַנען עס לוינט זיך אַרויסצופירן סחורות. די אָנפירנדע לייט („אבלויטע") דאַרף אויפמערקזאַם געמאַכט ווערן, אַז אַלץ, וואָס ווערט זיי מיטגעטיילט מוז אומבאַדינגט געהאַלטן ווערן אין געהיים." 265

*

ווי מיר זעען פון געבראַכטן פּראָטאָקאָל, האָבן די נישט־יידישע סוחרים און אינדוסטריעלער אין לאָדזש * גענוי און פּינקטלעך צוגעגרייט דעם רויב פונעם פאַרמעגן פון לאָדזשער יידן, וואָס האָט געדאַרפט אָנקומען צו דייטשן „באַלטען" (פון די באַלטישע לענדער), וואָלינער דייטשן און לאָדזשער דייטשן, וואָס זענען מיט חדשים צוריק נאָך געווען פּוילישע בירגער און געהאַנדלט מיט יידן, און דייטשן וואָס זענען געקומען מיט דער אָקופּאַציע.

ווען עס וואָלט זיך איינגעגעבן די דייטשן דורכצופירן גרינטלעך דעם דאָזיקן פּלאַן פון פולשטענדיקן רויב פון יידישע געשעפטן, אונטערנעמונגען און קאָלאָניאַל־קראָמען — ווי עס איז פאָרגעזען אין געבראַכטן פּראָטאָקאָל — וואָלט די יידישע באַפעלקערונג אויסגעגאַנגען פון הונגער און נויט באַלד אין די ערשטע וואָכן פון עקזיסטענץ פון געטאָ. דער יחידישער, נישט־אָרגאַניזירטער יידישער ווידערשטאַנד קעגן דעם דאָזיקן פּלאַן, ווי בכלל קעגן אַלע פּלענער פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, דאָס אויסבאַהאַלטן זאַכן, סחורות און מאַשינען — האָט מעגלעך געמאַכט דאָס שפּעטערדיקע אָרגאַניזירטע יידיש לעבן אין געטאָ. נאָר די גוואַלט־איבערמאַכט פון די באַוואָפנטע דייטש־פּאָליצייאישע

* צוליבן פעלן פון אַ נאָמענטלעכער רשימה פון די באַטייליקטע אין די „בעשפּרעכונגען" אין דער אינדוסטריע־ און האַנדלס־קאַמער, איז נישט מעגלעך פעסטצושטעלן, צי זענען דאָרט אויך געווען פאַרטרעטער פון פּוילישע סוחרים און אינדוסטריעלער. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז ביז יענעם טערמין, ווען עס זענען פאָרגעקומען די „בעשפּרעכונגען", זענען די פּוילישע פאַבריקאַנטן און סוחרים נישט געווען אויסגעשלאָסן פון די אונטערנעמער אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען געווען באַהערשט פון דייטשן. די אינדוסטריע־ און האַנדלס־קאַמער האָט אַזוי אַרום אין איר טעטיקייט פאַרטרעטן אויך דעם ווילן פון אירע פּוילישע מיטגלידער, וועלכע האָבן יעדנפאַלס נישט פּראָטעסטירט קעגן רויב פונעם יידישן פאַרמעגן.

און מיליטערישע כוחות, ביי דער באַנוצונג פון די אכזריותדיקסטע מיטלען האָט געקאָנט ברעכן דעם דאָזיקן ווידערשטאַנד, אויסשעפּן די כוחות פון די יידישע מאַסן און פירן זיי צום טויט.

## ד. קאַמף צווישן די באַזונדערע אָקופּאַציע־סעקטאָרן ביים פאַרכאַפּן דאָס יידישע פאַרמעגן

די אונטערנעמער־אָרגאַניזאַציעס אין לאָדזש, באַהערשט פון די דייטשן, זענען נישט געווען די איינציקע, וואָס האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן לעגאַל די יידישע פאַרמעגנס. ווי מיר ווייסן, איז געווען אויך די אָרגאַניזאַציע „האויפּט־רויהאַנדשטעללע — אָסט״, וואָס איז געווען אַן עקספּאָזיטור פון גערינגען און הימלערן און געהאַט איר „טרויהאַנדשטעללע״־אָפּטיילונג אין לאָדזש. די לאָדזשער אָפּטיילונג האָט געהאַט די אויפגאַבע צו קאָנפיסקירן דאָס יידישע באַוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע פאַרמעגן און שטעלן עס אין רשות פון איר צענטראַלע אין בערלין.[266]

אַ חוץ די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס האָבן אויך די אָקופּאַציע־סעקטאָרן, די קאָמיסאַרישע שטאָט־פאַרוואַלטונג, די נ.ס.ד.א.פּ. — פּרעטענדירט אויפן יידישן פאַרמעגן. צווישן די אַלע סעקטאָרן און אָרגאַניזאַציעס איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערער קאַמף פאַר פאַרכאַפּן יידיש האָב־און־גוטס. דער דאָזיקער קאַמף שפּיגלט זיך אָפּ אין אַ ריי אויטענטישע דייטשע דאָקומענטן.

אין איינעם פון די דאָזיקע דאָקומענטן קלאָגט זיך דער יידישער פאַבריקאַנט שווענדזשינעוויטש, פון נאַרוטאָוויטש גאַס 39, אַז ער האָט, אין הסכם מיט דער פאַראָרדענונג פון 14־טן נאָוועמבער 1939, אָנגעגעבן אין די געהעריקע אַמטן דעם באַשטאַנד פון זיין לאַגער פון שפּינשטאָף־מאַטעריאַלן. אָבער דעם 9־טן יאַנואַר 1940 איז געקומען דער „הערר שטורמפיהרער רייכעל״ מיט זיינע באַגלייטער (באַוואָפנטע דייטשן) אין „דעם אָנגעמעלדעטן לאַגער, וואָס איז באַשטאַנען פון דאַמען־און הערן־טאַשנטיכער און זיי אַרויסגעפירט מיט אַ לאַסט־אויטאָ״.

דער טעקסטיל־פאַבריקאַנט שווענדזשינעוויטש האָט זיך געווענדעט מיט זיין אָנקלאַגע צום רעגירונגס־פּרעזידענט פון קאַליש און געבעטן אַ באַשטעטיקונג אויף דער פאַרכאַפּטער סחורה, ווייל דער רויבער פון זיין פאַרמעגן האָט אַפילו נישט איבערגעלאָזט קיין קוויטונג.

דער רעגירונגס־פּרעזידענט פון קאַליש האָט, אין שייכות מיט דער אָנקלאַגע פונעם יידישן פאַבריקאַנט, זיך געוואָנדן „צום הערן פּאָליציי־פּרעזידענטען, ס.ס.־בריגאַדעפיהרער שעפער אין לאָדזש״. פאַרשטענדלעך, אַז דעם רעגירונגס־פּרעזידענט פון קאַליש איז נישט געגאַנגען אין רויב פונעם יידישן פאַרמעגן, נאָר

אין דעם וואָס כסדר קומען פאָר אַזעלכע פאַלן, וועלכע זענען אין ווידערשפרוך מיט דער פאַראָרדענונג פון „מיניסטערפּרעזידענט, גענעראַלפעלדמאַרשאַל גערינג", וועלכער האָט באַפולמעכטיקט דעם גענעראַל־מאַיאָר בירמאַן, איינציק און אַליין זיך צו פאַרנעמען מיט קאָנפיסקאַציעס פון פאַרמעגנס.[267]

די דאָזיקע ווענדונג צום לאָדזשער פּאָליציי־פּרעזידענט האָט ווייניק גע־ווירקט. פּריוואַט־פּערזאָנען, ווערמאַכט (מיליטער), פּאָליציי און ס.ס.־לייט — האָבן ווייטער זיך פאַרנומען מיט פאַרכאַפּן „וואַרען אונד פארבראוכסגיטער" — — — וואָס זענען באַשטימט פאַר דער פאַרזאָרגונג פון דער דייטשער ווערמאכט און אָקופּאַציע־אַרמייען". אין דעם נוסח האָט דער לאָדזשער פּאָליציי־פּרעזידענט, אונטער דער דאַטע פון 17.1.1940, צוגעשיקט אַ „פּרעססענאָטיץ" צו דער „לאָדזשער צייטונג" מיט אַ שאַרפער וואָרנונג קעגן די, וואָס „מיסברויכן מיט דער אוניפאָרם פון ווערמאַכט, פּאָליציי און עס. עס.". עס ווערט אָנגעוויזן אין דער פּרעסע־נאָטיץ, אַז פּערזאָנען, וואָס קומען קאָנפיסקירן סחורות, אַפילו ווען זיי טראָגן אוניפאָרמען — מוזן זיך לעגיטימירן. אויב זיי זאָגן זיך אָפּ צו באַ־ווייזן זייער באַפולמעכטיקונג אויף קאָנפיסקאַציעס, דאַרפן די געשעפטס־אייגנטי־מער תיכף אָנקלינגען אין דער „איבערפאַלקאָמאַנדאָ". דערביי ווערט אָנגעגעבן איר טעלעפאָן־נומער.

צו דער פּרעסע־נאָטיץ איז צוגעגעבן אַ ווענדונג פון פּאָליציי־פּרעזידענט עס. עס. בריגאַדעפיהרער שעפער צו דער געשטאַפּאָ, זי זאָל צוהעלפן צו פאַר־הינדערן אַזעלכע געשעענישן, פאַרוואָס, ער, שעפער, וועט זיין זייער דאַנקבאַר.[268]

די דאָזיקע אַלע ווענדונגען און דראָונגען האָבן ווייניק וואָס געהאָלפן. די דייטשן אין לאָדזש, ציווילע און מונדירטע פון פאַרשידענע פּאָליצייאישע און מיליטערישע פאָרמאַציעס, מיטגלידער פון דער נ. ס. ד. א. פּ. — האָבן ווייטער געפירט זייער ווער־געיעג אינעם רויב פונעם יידישן פאַרמעגן, וואָס האָט אָנגע־האַלטן ביז די לאָדזשער יידן זענען אויף אַ בלוטיקן און אכזריותדיקן אופן, דעם 6־טן מערץ 1940, ענדגילטיק פאַרטריבן געוואָרן אין געטאָ און זייערע פאַרמעגנס, געשעפטן און פאַבריקן זענען שוין אין גרעסטן רוב געווען צעגזל'ט פון די דייטשן. דעם 4־טן מערץ נאָך האָט דער רעגירונגס־פּרעזידענט פון קאַליש פאַרעפנטלעכט אַ ווענדונג צו די אויבערבירגעמייסטערס פון לאָדזש און קאַליש, צו דעם לאָדזשער פּאָליציי־פּרעזידענט, לאַנדראַטן פונעם ראַיאָן און רעגירונגס־אַמטן — „בעטרעפפענד ווילדעס באשלאגנאהמען" (ווילדע קאָנפיסקאַציעס).

דער קאַלישער רעגירונגס־פּרעזידענט שרייבט אין זיין ווענדונג: „לויט מעלדונגען פון דער „האופּטטרויהאַנדשטעללע־אָסט" זענען אין דער לעצטער צייט, טראָץ מיינע איבערגעחזרטע ווענדונגען, פאָרגעקומען ווילדע קאָנפיסקאַציעס." ווייטער פאַרופט זיך דער קאַלישער רעגירונגס־פּרעזידענט אויף דער פאַראָרדע־נונג פון הימלערן, רייכספירער פון עס. עס., וואָס האָט פעסטגעשטעלט, ווער

עס קאָן זיך פאַרנעמען מיט קאָנפיסקאַציעס, נעמלעך: „הימלער, די האַופּטרויהאַנדשטעללע — אָסט" מיט איר לאָדזשער אָפּטיילונג, דער גענעראַל־מאַיאָר בירמאַן מיט זיין שטאַב, זיצאָרט אין לאָדזש. די אָבערבירגערמייסטערס און לאַנדראַטן דאַרפן צונעמען וווינונגס־מעבל פון אַנטלאָפענע, אָפּוועזנדע יידן און פּאָלאַקן, ווי אויך פון אַזעלכע, וואָס ווערן עוואַקואירט". [269]

צו דער דאָזיקער סעריע פון אויטענטישע דייטשע דאָקומענטן, וואָס דערציילן וועגן אָרגאַניזירטן און אומאָרגאַניזירטן רויב פון יידישן פאַרמעגן אין לאָדזש, דאַרף מען אויך צושטעלן די ווענדונג פון קאַלישער רעגירונגס־פּרעזידענט צו זיינע אונטערגעאָרדנטע און צום פּאָליציי־פּרעזידענט פון לאָדזש וועגן קאָנפיסקירן קינסטלערישע און קולטורגעשיכטלעכע ווערטפולע זאַכן, דערונטער אויך אַרכיוון. בלויז „די רייכסדויטשען אונד פאָלקסדויטשען" זענען פריי פון אַזעלכע קאָנפיסקאַציעס.

די ווענדונג ווייזט אָן וואָס עס דאַרף אַלץ קאָנפיסקירט ווערן: „אַלץ, וואָס איז פאַראַן אין אַרכיוון, מוזעומס, עפנטלעכע זאַמלונגען, וועלכע געפינען זיך אין פּוילישע און יידישע הענט", „בילדער, סקולפּטורן, מעבל, טעפּיכער, קרישטאָלן, בעכער און דעסגלייכן, וואָס האָבן אַ קינסטלערישן אָדער קולטורגעשיכטלעכן ווערט, איינריכטונגס־און שמוק־זאַכן און איידעלע מעטאַלן. צווישן אַנדערע זאַכן ווערן אויך אויסגערעכנט: געווער, קאָסטיומען, טראַכטן, מוזיק־אינסטרומענטן, מינצן, בריוומאַרקן און ענלעכע זאַמלונגען". [270]

*

מיט דעם אָרגאַניזירטן און נישט־אָרגאַניזירטן רויב פונעם יידישן פאַרמעגן האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט מיט אַלע אירע סעקטאָרן, מיליטערישע און פּאָליצייאישע פאָרמאַציעס — פאַרענדיקט דעם ערשטן עטאַפּ אין דער פּלאַנירטער יידן־אויסראָטונג־אַקציע. דער פאַרמעגלעכער טייל פון דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג איז ענטאייגנט געוואָרן פון זיינע פאַבריקן, וואַרשטאַטן און האַנדלס־אונטערנעמונגען. די יידישע בענק און די קאָנטעס פון יידישע קליענטן אין די אַלגעמיינע באַנק־הייזער זענען שוין געווען ענדגילטיק פאַרכאַפּט פון די דייטשן. די בענק האָבן אויפגעהערט אויסצוצאָלן יידן די קליינע סומעס פון די שפּער־קאָנטעס, וואָס זענען ביז יאַנואַר 1940 געצאָלט געוואָרן די יידישע קאָנטע־באַזיצער. יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, קליינהענדלער און קרעמער האָבן פאַרלוירן זייערע אַרבעטס־פּאָזיציעס און פרנסה־קוואַלן.

דורך באַוואָפנטע מיליטערישע און פּאָליצייאישע כוחות, ביי דער אַקטיווער מיטהילף פון דער ציוויל־באַפעלקערונג, פאָלקסדויטשען, וואָס האָבן זיך דירעקט באַטייליקט אין באַרויבן די יידן, דורך אכזריותדיקע פאַראָרדענונגען, וואָס האָבן צוגענומען ביי יידן די מעגלעכקייט פון קאָמוניקאַציע און פרייער באַוועגונג,

דורך פייניקונגען, דערשיסונגען און טעראָר, וואָס האָט נישט צו זיך קיין גלייכן אין דער געשיכטע פון פעלקער — איז געלונגען די דייטשן גרינטלעך צו צעשטערן די יידישע ווירטשאַפט אין לאָדזש. איצט איז געקומען דער צווייטער עטאַפּ אין דער דייטשער יידן־אויסראָטונגס־טעטיקייט — פאַרטרייבן די לאָדזשער יידן אין אַ געטאָ־תפיסה און צוגרייטן זיי צו דער ענדגילטיקער פאַרטיליקונג.

ווי אַזוי זיי וועלן דערגרייכן דעם „ענדציל" — לויט היידריכס אויסדרוק — די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון יידן, איז נאָך פאַר די דייטשן נישט געווען קלאָר. די אָנפירער פון דריטן רייך אין בערלין: די דייטשע געלערנטע יידנ־קענער, די דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן און יוריסטן האָבן זיך נאָך אַלץ געפּלאָנטערט אין דער יידנפראַגע און אַרויסגערוקט פאַרשידענע פּראָיעקטן, ווי: שאַפן אַ יידן־רעזערוואַט אין לובלינער געגנט, וואָס די אָקופּאַנטן האָבן פאַקטיש אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן און צוליב „טעכנישע" שוועריקייטן זיך אָפּגעזאָגט פון אים. לסוף איז אויפגעקומען דער פּראָיעקט פון פאַרשיקן אַלע יידן אין דער אַפריקאַ־נישער קאָלאָניע מאַדאַגאַסקאַר, וואָס האָט נאָך דערוויל געהערט צו פראַנקרייך.[271] ביי די אַלע פּראָיעקטן איז פאַר די דייטשן געווען קלאָר, וועלכע עס דאַרף זיין די „ענדלעזונג" פון דער „יודענפראַגע" — די פולשטענדיקע פאַרטיליקונג פון די יידן.

*

דאָס לאָדזשער געטאָ, ווי אַלע געטאָס, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורך די דייטשן, האָט געדאַרפט בילדן דעם צווייטן עטאַפּ אין דער אויסראָטונגס־טעטיקייט און זיין נאָר אַן איבערגאַנגס־געטאָ. אין דער ערשטער געהיימער פאַראָרדענונג וועגן שאַפן אַ געטאָ אין לאָדזש, וואָס עס האָט פונאַנדערגעשיקט דער פּרעזידענט פון דער קאַלישער רעגענציע איבעלהער זאָגט זיך טאַקע: „דאָס שאַפן פון געטאָ איז, פאַרשטייט זיך, נאָר אַן איבערגאַנגס־מיטל, אין וועל־כער צייט און מיט וואָס פאַראַ מיטלען דאָס געטאָ און מיט דעם אויך די שטאָט לאָדזש וועט ווערן געריייניקט פון יידן, לאָז איך איבער פאַר מיר צו באַשטימען. דער ענדציל מוז יעדנפאַלס זיין, אַז די פּעסט־מכה זאָל ענדגילטיק אויסגעברענט ווערן".[272]

דאָס געשפּענסט פון ליקווידאַציע האָט טאַקע זיך געטראָגן איבערן לאָ־דזשער געטאָ זינט דעם אָנהויב פון זיין עקזיסטענץ ביזן סאַמע סוף. די אָנפירער מיט דער יידן־אויסראָטונג האָבן כסדר געזוכט מיטלען, ווי אַזוי גיך צו פאַר־ענדיקן מיט די געטאָס. עטלעכע חדשים נאָכן אַנטשטיין פון לאָדזשער געטאָ, אין 9־טן יוני 1940, האָט די ליטצמאַנשטאַטער (לאָדזשער) צייטונג געשריבן: דאָס געטאָ איז אַ נויטווענדיקע צווישנלעזונג פון דער יידנפראַגע.[273]

מיט אַזעלכע כוונות זענען די דייטשע אָקופּאַנטן אין לאָדזש צוגעטרעטן

צו פאַרטרייבן די יידישע באַפעלקערונג אין געטאָ. קיין שום יידישער אָרגאַ־ניזירטער כוח האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט דעם גיין אין געטאָ. די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן ערשט נאָרוואָס אָנגעהויבן צו שאַפן זייערע אונטערערדישע קעמערלעך און האָבן צוליבן פעלן פון דערפאַרענע פאַרטיי־טוער בכלל זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון פון געשאַפענעם מצב. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן הילף פאַר זייערע חברים, וואָס האָט ביים שווערן ווינטער, הונגער און נויט, געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע באַדייטונג.

דער יודענעלטעסטער מרדכי חיים רומקאָווסקי, וואָס האָט שוין געהאַט אַרום זיך אַן אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, האָט מיט זיינע געהילפן זיך פארנומען מיט פארפעסטיקן די קהלה׳שע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן. ער האָט נישט געפרווווט אינטערווענירן ביי דער דייטשער מאַכט קעגן די קאָנפיסקאַציעס און רעקוויזיציעס פונעם יידישן פאַרמעגן און זיי געהאַלטן פאַר גזירות, וועלכע מ׳קאָן נישט אויסמיידן. רומקאָווסקי האָט נאָר געפאָדערט פון די פאַרמעגלעכע יידן, אַז זיי זאָלן איינצאָלן די אויף זיי אַרויפגעלייגטע שטייערן.

טראָצדעם, וואָס די פאַרברייטונגען צו פאַרטרייבן די יידן אין געטאָ האָבן די דייטשן דורכגעפירט שטרענג געהיים, האָט די יידישע באַפעלקערונג דאָך וועגן דעם געוווּסט. דאָס האָבן די פאָלקסדויטשען אינפאָרמירט די יידן, כדי אַרויסצורופן אַ פּאַניק און די יידן זאָלן זיי וואָס גיכער אָוועקגעבן די הייזער און די געשעפטן פאַר נישטיקע פרייזן. פאַרשטענדלעך, אַז אויך רומקאָווסקי האָט געוווּסט, אַז עס גרייט זיך אַ געטאָ. צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט מען געשמועסט, אַז רומקאָווסקי אַליין האָט פאַרגעלייגט דער דייטשער מאַכט אויפצושטעלן אַ געטאָ פאַר יידן.[274]

.16

# דייטשן טרייבן לאָדזשער יידן אין געטאָ

א. די פּאָליציייאיש-דייטשע פאַראָרדענונג פון 8-טן פעברואַר 1940

דעם 8-טן פעברואַר 1940, קנאַפּע 150 יאָר, גענויער — 148 יאָר, 4 חדשים און 12 טעג (27.9.1791—8.2.1940) זינט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, האָט דורך איר נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין פּאַריז פּראָקלאַמירט די ערשטע גרויסע יידישע עמאַנציפּאַציע, וואָס האָט אומגעוואָרפן די געטאָס און רעכט־באַגרענעצונגען פון די יידן אין פראַנקרייך און אַ טרייסל געטאָן מיט די יידן־געטאָס אין גאַנץ אייראָפּע; 77 יאָר מיט 4 חדשים (5.6.1862) נאָכדעם, ווי דער פּוילישער מאַרקגראַף וויעלאָפּאָלסקי האָט דורך אַ פאַראָרדענונג מבטל געמאַכט דאָס געטאָ אין לאָדזש און געגעבן יידן וווינרעכט אין דער גאַנצער שטאָט — האָבן די דייטשע אָקופּאַנטן אין לאָדזש, נאָך די רציחות און מאָרדן איבער דער באַפעלקערונג, פאַרעפנטלעכט די פּאָליצייאישע פאַראָרדענונג וועגן איינפירן אַ געטאָ פאַר יידן.

די פאַראָרדענונג, אונטערגעשריבן פון פּאָליציי־פּרעזידענט, עס. עס. בריגאַדע פירער, שעפער, פאַרופט זיך אויף דעם פּאָליציי־פאַרוואַלטונגס־געזעץ פון 1-טן יוני 1931.[275] עס איז נישט געלונגען צו באַקומען דאָס „דייטשע געזעצ־בלאַט" פון יענער צייט, אָבער ווי מ'קען זיך משער זיין, האַנדלט זיך אין אַ געזעץ, אָנגענומען דורכן דעמאָקראַטישן רייכסטאַג, וואָס האָט געגעבן דער פּאָליציי ברייטערע פולמאַכטן צו קאָנען באַקעמפן דעם פאַשיזם און נאַציזם, וועלכער האָט שוין דעמאָלט באַדראָט די דייטשע דעמאָקראַטיע. דאָס דאָזיקע געזעץ, וואָס איז, בשעתו, זייער שוואַך אָנגעווענדעט געוואָרן אין דער פּראַקטיק, האָט איצט געדינט די דייטש־נאַצישע אָקופּאַנטן אין לאָדזש פאַר אַ געזעצלעכן יסוד איינצופירן אַ געטאָ אין לאָדזש.

דאָס פּלאַנירטע געטאָ לויטן עס. עס. בריגאַדעפיהרער שעפער, האָט זיך פון גרונט־אויס אונטערשיידט פון פּלאַן, וואָס דער פּרעזידענט פון דער קאַלישער רעגענציע איבעלהער האָט דעם 10-טן דעצעמבער פונאַנדערגעשיקט, ווי אַ געהיימען צירקולאַר צו די אָקופּאַציע־אַמטן און נ.ס.ד.א.פּ.

איבעלהער האָט געוואָלט אויפשטעלן אין באַלוט אַ געטאָ פאַר „ניכט־אַרבייטספעהיגען יודען", און אָפּגעשלאָסענע קאַזאַרמע־בלאָקן אין שטאָט פאַר „אַרבייטסאַפּטיילונגען פאָן אַרבייטספעהיגען יודען". דער דאָזיקער געטאָ־פּלאַן

איז נישט רעאַליזירט געוואָרן. לויט דער פּאָליצייאישער פאַראָרדענונג פונעם בריגאַדעפיהרער שעפער, איז געשאַפן געוואָרן איין געטאָ, וואָס האָט אַרומגענומען גאַנץ באַלוט, אַלטשטאָט און זיך אָפּגעשלאָסן אין אָנהייב נאָוואָמיעיסקע גאַס ביי דעם אויסגעטרוקנטן און פאַרזומפּיקטן טייכל „לודקע", וועמענס נאָמען איז טראַנספאָרמירט געוואָרן אויפן נאָמען פון דער שטאָט — לאָדזש.

אויך שעפערס פּלאַן האָט פאָרגעזען אויסנאַמען פאַר „יודען, די אין לעבנסוויכטיגען אינדוסטריעצווייגען בעשעפטיגט זינד און קענען ניכט פערטרעטן ווערדן דורך אַנדערע פערזאָנען". „אַזעלכע יידן קאָנען, אויפן פאָרשלאַג פונעם אַרבעטסגעבער, ווערן באַשעפטיקט, אָבער נאָר אין דעם פאַל, ווען דער אַרבעטס־געבער פאַרפליכטעט זיך צו האַלטן די יידן, אָן זייערע משפחות, אין געשלאָסענע ערטער און זאָרגן פאַר זייער אויסהאַלט".[276]

שעפערס פּאָליצייאישע פאַראָרדענונג, וועגן איינשטעלן דאָס געטאָ אין לאָדזש, באַשטייט פון דריי דאָקומענטן: דער עצם־באַפעל וועגן איינאָרדנען אַ געשלאָסענעם וווינגעביט, צפונדיק פון „דויטשלאַנד פּלאַץ" (פּלאַץ וואָל־נאַשטשי), וווהין עס דאַרפן געבראַכט ווערן אַלע איינגעזעסענע יידן פון לאָדזש, ווייטער קומען — „אויספיר־באַשטימונגען", ווי אַזוי דעם באַפעל דורכצופירן און לסוף דער „צייטפּלאַן", אין וועלכן ס'ווערט גענוי פעסטגעשטעלט אין וועלכע טעג עס דאַרף פאָרקומען די איבערוואַנדערונג, אויף וואָס פאַראַ אופן, וויפיל „קעפּפע" עס דאַרפן זיין אין יעדער איבערוואַנדערונגס־גרופּע אדג"ל.[277]

אַלע דאָקומענטן זענען געהאַלטן אין כאַראַקטעריסטישן אָפיציעל דייטש־נאַצישן סטיל, וואָס פאַרמאַסקירט און מילדערט די גרויזאַמקייט און אכזריות פונעם פּראָיעקטירטן פאַרברעכן קעגן די 200,000 געפּייניקטע לאָדזשער יידן. אַלץ איז אין דער פאַראָרדענונג פאָרגעזען און איינגעשטעלט אין אַ באַשטימטן סדר מיט דייטשער פּינקטלעכקייט. די יידן און פּאָלאַקן, וואָס דאַרפן אין משך פון געציילטע שעה׳ן איבערגעוואָרפן ווערן פון איין עק שטאָט אין צווייטן, ווערן מיט אַ מין מיטגעפיל באַצייכנט ווי „געטראָפּענע", גלייך ווי עס וואָלט געוועזן די רייד פון עפּעס אַ נאַטור־קאַטאַסטראָפע — „די פּאָן דער אויסזידלונג בעטראָפּפענען" דאַרפן אין באַשטימטן טאָג מאַכן אַן אויפשטעלונג איבער דער צאָל פון דער ביזאהער געהאַטע רוימען [צימערן] און אַרט און פאַרנעם פון די פאַראַנענע אינדוסטריע־איינאָרדנונגען אין דעם געביט, וואַרשטאַטן און סחורה־לאַגערן" — זאָגט זיך אין פּאַר. 4 פון ערשטן דאָקומענט, ווי עס וואָלט זיך נישט געהאַנדלט וועגן די יידן, וואָס זענען שוין פון פריער באַרויבט גע־וואָרן פון זייער גאַנצן האָב־און־גוטס, פאַבריקן, וואַרשטאַטן און סחורה־לאַגערן, נאָר בלויז וועגן פּאָלאַקן און פּאָלקסדויטשען, באַזונדערס פּאָלקסדויטשען, וועלכע האָבן געהאַט אַ רעכט איבערצופירן זייערע פאַבריקן און וואַרשטאַטן.

אין דעם נוסח רעדט זיך וועגן טראַנספּאָרט־מיטלען איבערצופירן די זאַכן,

וועגן קינדער און קראַנקע, וואָס דאַרפן פאַרזאָרגט ווערן און גאַנץ אומשולדיק ווערט דערמאָנט וועגן די דריי באַפעלקערונגס גרופן: פאָלקסדויטשען, פאָלאַקן און יידן און ווי אַזוי פאַר יעדער פון זיי ווערט געזאָרגט: די פאָלקסדויטשן באַקומען „פון שטאָטישן קוואַרטיר־ און אומזידלונגס־אַמט צוגעטיילטע וווינונגען אין דער שטאָט לאָדזש", די פאָלאַקן ווערט פון „דער זעלבער דינסטקוועללע" געגעבן אָנווייזונגען, אין וועלכן שטאָט־טייל זיי דאַרפן זיך איינאָרדנען (דאָ ווערן אויסגערעכנט די גאַסן). און די יידן ווערן דורכן טראַנספּאָרט־פירער געבראַכט צום באַשטימטן וווין־געביט און מיט זיי דאַרף זיך שוין פאַרנעמען דער יודען־עלטעסטער.[278]

מיט אַ געהעריקער פּאַרזיכטיקייט, מיט אַ געלאַסענער שפּראַך ווערט אין דער פּאָליציי־פאַראָרדענונג גערעדט וועגן דער אכזריותדיקער איבערוואָרפונג פון צענדליקער טויזנטער משפּחות פון איין עק שטאָט אין צווייטן. די דייטשן ציטערן פאַר צו שטאַרקע באַפעלקערונגס־אויפטרייסלונגען סיי פון פאָלאַקן סיי פון יידן, וואָס עס איז דערוויל נישט אויף דער האַנט פון דער דייטשער נאַציאָנאַליטעטן פּאָליטיק אין די אָקופּירטע געביטן. עס איז דאָך דעמאָלט דורך די דייטשן געמאַכט געוואָרן דער ערשטער פּרווו פון אויפשטעלן, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אַ יודענגעטאָ אין דעם גרעסטן אַרבעטער־צענטער, אין דער גרעסטער שטאָט אין פּוילן נאָך וואַרשע; עס איז דאָך אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב אָנגעהויבן געוואָרן דער צווייטער עטאַפּ אין אויספירן היידריכס פּלאַן פון ענדגילטיקער יידן־אויסראָטונג — מוזן דעריבער די דייטשע אָקופּאַנטן זייער פאַרזיכטיק ריידן וועגן די „איבערזידלונגען" פון דער לאָדזשער באַפעלקערונג און די געטאָאיזירונג פון די יידן.

די דייטשן איילן זיך נישט מיט אויספירן זייער פּלאַן. „פּאַמעלעך" וועט פאָרקומען די „איבערוואַנדערונג". „יעדע וואָך וועט אַ צייטפּלאַן פאַרעפנטלעכט ווערן — — — וואָס וועט אָנווייזן די בלאָקן", די נויטיקע צו דער איבער־באַזעצונג — זאָגט זיך אין די „אויספיהרונגסבעשטימונגען. „די פּערזאָנען, וואָס דאַרפן אין באַשטימטן טאָג איבערבאַזעצט ווערן, איז פאַרבאָטן צו פאַרלאָזן די וווינונג, אַ חוץ צו דער „איבערזידלונג", זיי דאַרפן זיך באַזאָרגן מיט באַשפּייזונג אויף דעם באַשטימטן טאָג. די איבערוואַנדערער גייען אין געשלאָסענע גרופּן אונטער דער אָנפירונג פון אַ טראַנספּאָרט־פירער. יעדע אַנדערע איבערציאונג פון יידן און פאָלאַקן איז פאַרבאָטן. ד. ה. אַז קיינער פון די איבערוואַנדערער טאָר נישט זעלבסטשטענדיק זיך איינאָרדנען.[279]

די שטאָט ווערט פאַרטיילט אין וווין־פּערטלען, די פּערטלען אין בלאָקן. יעדער בלאָק ווערט אויסגעליידיקט אין אַ באַשטימטן טאָג און שעה, און אונטער דער אָנפירונג פון אַ טראַנספּאָרט־לייטער, באַשטימט פון דער דייטשער מאַכט, ווערן די איינוווינער גרופּנווייז איבערגעפירט: די יידן — אין געטאָ־שטח און

די פּאַלאַקן און פֿאָלקסדויטשן — אין זייערע נייע וווינונגען. פֿאַרן פֿאַרלאָזן די וווינונגען דאַרפֿן די איבערוואַנדערער אויספֿילן אַ פֿראַגעבויגן, אין וועלכן עס ווערט אָנגעגעבן וויפֿיל צימערן עס זענען פֿאַראַן אין דער פֿאַרלאָזענער וווינונג, וויפֿיל און וואָס פֿאַראַ מין סחורות זענען דאָרטן דאָ און ווי מ׳האָט איבערגעלאָזט דעם שליסל. עס ווערט אויך געזאָרגט דערפֿאַר, אַז די וווינונגען זאָלן בלייבן גאַנץ, די פֿענסטער און טירן גוט פֿאַרמאַכט, אַז קיינער זאָל נישט קאָנען אַרייַנקומען אָן אַ דערלויבניש.

עטלעכע מאָל ווערט אין די „אויספֿיהרונגסבעשטימונגען״ דערמאָנט וועגן איבערפֿירן זאַכן מיט טראַנספּאָרטמיטלען, וואָס עס איז פֿאַרשטענדלעך נוגע די פֿאָלקסדויטשען און אויך פּאָלאַקן און אין פּאַר. 3 ווערט געזאָגט: „אַלע פּערזאָנען, וועלכע זענען געטראָפֿן פֿון דער אומזידלונג, דאַרפֿן אין פּרינציפּ מיטנעמען נאָר אַ קופֿערט מיט לייב־וועש, פּערזענלעכע קליידונג און פֿאַמיליען־אָנדענקען, פֿאַמיליע־בילדער אדג״ל. אַלץ דאַרף זיין אין אַזאַ פֿאַרנעם, אַז מ׳זאָל עס קאָנען טראָגן אָן טראַנספּאָרט־מיטלען.״ [280] אַז דאָס איז נוגע נאָר יידן ווערט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט.

להיפּוך, צו איבעלהערס שטרענג געהיימען צירקולאַר וועגן איינשטעלן אַ געטאָ פֿאַר יידן, וואָס איז געווען באַשטימט נאָר פֿאַר די אָקופּאַציע־מאַכט־אָרגאַנען און נ.ס.ד.א.פּ. — אַנטהאַלט נישט שפּעטערס עפּענטלעכע פּאָליציי־פֿאַראָרדנונג מיט די אויספֿירונגס־באַשטימונגען קיין שום באַליידיקנדע אויסדריקן אָדער דראָונגען אויפֿן אַדרעס פֿון די יידן. בלויז אין פּאַר. 8 ווערט דערמאָנט, אַז פּערזאָנען און זאַכן, וואָס ווערן אַרויסגעפֿירט „פֿון דעם געביט, צפֿון־זייט פֿון גענעראַל ליטצמאַנשטראַססע (מיטטעלשטראַססע)״ — מוזן דורכגיין אַ דעזינפֿעקציע. אָבער אויך אין דעם פּאַר. ווערט נישט דערמאָנט, אַז דאָס „געביט צפֿון זייט״ אאַז״וו — איז דאָס געטאָ. אַזוי פֿאָרזיכטיק און פֿאַרמאַסקירט איז דער אינהאַלט פֿון דאָזיקן דייטשן דאָקומענט, וואָס האָט אָנגעהויבן דעם וועג פֿון דער שרעקלעכסטער פּיין, דערנידעריקונג, פֿאַרפֿאָלגונג און אויסהונגערונג ביז דער פֿולשטענדיקער אויסראָטונג פֿון די 200,000 לאָדזשער יידן און די מיליאָנען יידן פֿון פּוילן און מיטל־אייראָפּע.

אין דעם ערשטן דאָקומענט פֿון דער דאָזיקער פֿאַראָרדנונג ווערט אַפֿילו פֿאַרגעזן די לייכטסטע שטראָף פֿאַר איבערטרעטן די פֿאָרשריפֿטן, נעמלעך: „150 ר״מ [רייכסמאַרק] אָדער מיט אַנטשפּרעכנדער האַפֿט [אַרעסט]״. ערשט אין די „אויספֿיהרונגסבאַשטימונגען״ ווערט 3 מאָל דערמאָנט וועגן באַנוצן געווער קעגן די, וואָס וועלן זיך קעגנשטעלן דעם אויספֿירן די איבערוואַנדערונגס־פֿאַראָרדנונגען, ווי: זיך נישט שטעלן צום טראַנספּאָרט. ווילקירלעך פֿאַרכאַפּן וווינונגען אדג״ל. [281] אָבער אויך די דאָזיקע דראָונג איז געשריבן, ווי כלאחר יד.

## ב. דער שטח פון געטאָ לויט דער ערשטער פאַראָרדנונג

די „פּאָליציייפעראָרדנונג איבער דיע וואָהן אונד אויפענטהאַלטסרעכטע דער יודען", אַרויסגעגעבן אין לאָדזש דעם 8־טן פעברואַר 1940, און אונטער־געשריבן פון „פּאָליצייפּרעזידענט שעפער, ס.ס.־בריגאַדעפיהרער", האָט באַשטימט פאָלגנדע גאַסן פון באַלוט און אַלטשטאָט, אָנהייבנדיק פון סאַמע צפון־עק פון באַלוט, אַלס געטאָ פאַר יידן: „סטעפאַן־גאַס, פאַרלענגערונג פון סאַדאָווא ביז זשאַביע, טאָקאַזשעווסקי ביז מארושינער, מארושינער ביז כלאָדנע, פאַרלענגערונג פון מארושינער ביז קילינסקיעגאָ [פראַנציש־קאַנער], פּולנאָצנאָ ביז דעם לודקע טייך („לודקע, „סטאָוו") פון לודקע טייך ביז פּילסודסקיעגאָ (וואסכאָדניע), נאָד לודקאָן, פאַרלענגערונג פון נאָד לודקאָן ביז צו פאָזנאַנסקיס פאַבריק, באָדנגרענעץ פון פאָזנאַנסקיס פאַבריק ביז דרעוונאָווסקע, דרעוונאָווסקע ביז פּיוונע, רייטערס גאַס, פעלד־גרענעץ ביז אַדוואָקאַצקע, דאַן אַדוואָקאַצקע. — צום דורכפאָר מיט כלערליי ראָדפאַרקער זענען געווען באַשטימט די גאַסן: נאָוואָמיעיסקע, זגערזשער און לימאַנאָווסקיעגאָ, וועלכע ווערן פרייגעהאַלטן ביז אַ ווייטערדיקער רעגולירונג. דער אַלגעמיינער פּוסגייער־פאַרקער דורך די פרייגעהאַלטענע דורכפאַרגאַסן ווער נאָך אַ באַשטימטן צייטפּונקט פאַרבאָטן ווערן."[282]

דאָס איז געווען דער ערשטער אָפיציעלער צוזאַמענשטעל פון די געטאָ־גאַסן אין לאָדזש, וואָס איז אין פאַרשידענע צייטאָפּשניטן, אין משך פון די פיר יאָר מיט אַכט חדשים עקזיסטענץ פון געטאָ, דורכגעגאַנגען אַ ריי פאַרקלענערונגען, פאַרבונדן מיט די דעפּאָרטאַציעס פון דער געטאָ־באַפעלקערונג אין די טויטן־לאַגערן.

אין די ערשטע חדשים פונעם אַנטשטיין פון געטאָ האָט דאָס „יידישע וווין־געביט" פאַרנומען אַ שטח פון 4 קוואַדראַט־קילאָמעטער, וואָס עס האָט באַטראָפן איבער 400 נפשות אויף אַ העקטאַר, אָדער 59,917 נפשות אויף אַ קוואַדראַט־קילאָמעטער. אַ 4־פאַכיק גרעסערע באַפעלקערונגס־געדיכטקייט פון דער, וואָס עס האָט געהאַט דאָס שטאַרק באַפעלקערטע לאָדזש. לויט דער פאָלקס־ציילונג פון יאָר 1931, האָבן, דורכשניטלעך, אין לאָדזש געוווינט אויף אַ העקטאַר נאָר 102,9 נפשות.

די דאָזיקע באַפעלקערונגס־געדיכטקייט, וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט מיט באַוואָפנטן כוח אויפגעצווינגען אויף די לאָדזשער יידן, האָט נאָך אויף אַ מער שרעקלעכן אופן זיך אָפגעשפּיגלט אין דער ענגער באַזעצונג פון די געטאָ־וווינונגען — דורכשניטלעך 6 נפשות אויף אַ צימער.[283]

דער סטאַטיסטישער דורכשניט פון 6 נפשות אויף אַ צימער גיט נאָך ווייט נישט קיין קלאָר בילד פון פאַקטישן וווינונגס־מצב אין דעמאָלסטיקן באַלוט, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס געטאָ. די צימערן דאָרט זענען געווען קליינע,

ד׳ על ד׳, פיל פון זיי אין פאַרצייטיקע הילצערנע בנינים מיט אַ גרויסע צאָל דאַך־שטיבלעך, וואָס זענען פאַררעכנט געוואָרן פאַר וווינונגען. פיל פון די באַלוטער הייזער אין די שמאָלע געסלעך זענען נישט געווען אַריינגעצויגן אין עלעקטרישער נעץ. דער גאַנצער שטח — נישט קאַנאַליזירט, וואַסער האָט מען געטראָגן פונעם הויף, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן איינציקע וואַסער־פּלומפּ, וועלכע האָט באַדינט אָפּטמאָל הונדערטער לאָקאַטאָרן. אויך איין אוביקאַציע איז געווען פאַר אַלע הויף־שכנים. באָד־צימערן זענען געווען נאָר אין געציילטע, ניי־צוגעבויטע הייזער. אָט דער שרעקלעכער שטאָט־פירטל פון פראָלעטאַרישן לאָדזש, וואָס האָט אין דער נאָרמאַלער צייט אויפגעגעסן זיינע איינוווינער, און איז געווען אַ סאָציאַל פּראָבלעם פאַר אַלע לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונגען, — איז אויפן באַפעל פון די דייטשן געוואָרן דאָס וווין־געביט פאַר אַלע לאָדזשער יידן.

### ג. דער גאַנג אין געטאָ און דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גאַנג אין געטאָ. דער דאָזיקער פּיינלעכער, בלוטיקער גאַנג האָט נישט צו זיך קיין גלייכן אין די פינסטערסטע צייט־אָפּשניטן פון דער יידישער געשיכטע אין מיטלאַלטער. ווען די דעמאָלסטיקע קריסטלעכע הערשער האָבן אַרויסגעגעבן די גזירות פון אָפּשליסן די יידן אין געטאָס, האָבן די יידן פאַקטיש געוווינט אין יענע שטחים, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן פאַרן געטאָ. נאָר יחידים האָבן געהאַט זייערע וווינונגען אין די קריסטלעכע קוואַרטאַלן. לחלוטין אַנדערש איז געווען דער מצב אין לאָדזש, ווען עס איז אַרויס די דייטש־פּאָליציייִשע פאַראָרדנונג וועגן „יידישן וואָהנגעביט״.

ביזן געטאָ האָבן יידן אין לאָדזש געוווינט כמעט אין אַלע גאַסן פון שטאָט. עס איז נישט געווען קיין קריסטלעכע געגנט ווו עס זאָלן זיך נישט געפינען קיין יידן. דאָס אייגענע אויך פאַרקערט — אויף באַלוט און אַלטשטאָט האָבן פּאָלאַקן געוווינט אין שכנות מיט יידן. מ׳קאָן זיך דעריבער פאָרשטעלן מיט וויפיל ליידן און פּיין עס איז געווען פאַרבונדן, סיי פאַר יידן, סיי פאַר פּאָלאַקן, דאָס פאַרלאָזן די אייגענע וווינונגען, אין וועלכע מ׳איז געווען משפחדיק געהיימישט אין משך פון יאָרן, און אַריבערוואַנדערן פון איין עק שטאָט אין צווייטן, אַ מהלך פון אַ 6 קילאָמעטער, ביים פעלן פון די געהעריקע קאָמוניקאַציע־מיטלען. לויט דעם איבערבאַזעצונגס־פּלאַן פונעם פּאָליציי־פּרעזידענט, ס.ס.־בריגאַדעפירער שעפער האָבן די יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין אַרבעטער־צענטער, אין ראַיאָן פון גייערס פאַבריקן, אין סאַמע מזרח־עק פון דער שטאָט, געדאַרפט איבערוואַנדערן אויף דער אַזוי גערופענער אַלטשטאָט און אַרומיקע גאַסן: יעראָזאָלימסקי, יאקובאַ, וואָלבאָרסקאַ, קאָשטשעלנאַ, זשידאָווסקאַ (מרדכי גבאַי׳ס).[284] די פּאָלאַקן האָבן באַקומען פון די דייטשן די יידישע וווינונגען וואָס האָבן זיך געפונען אין

עק שטאָט. באַזונדערס גוט זענען באַהאַנדלט געוואָרן די פאָלקסדויטשען, וועלכע זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין יידישע וואוינונגען מיט די בעסטע מעבל־איינריכטונגען. די יידן זענען, לויט דעם פּלאַן, צוגעשטעלט געוואָרן צום געטאָ־שטח און מיט זיי האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען דער יודענעלטעסטער מיט זיינע ראַטגעבער און יידישע אָרדנונגס־דינסט (פּאָליציי). *

אין זייער אכזריות, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אויך שפּעטער ביי יעדער געצוווּנגענער איבערוואַנדערונג, ביי געצוווּנגענע דעפּאָרטאַציעס פון די געפּייניקטע יידן, האָבן די דייטשן אויך איצט, בעתן טרייבן אין געטאָ, באַשטימט די „אַקציע״ אויף די שווערסטע ווינטער־טעג, וואָס זענען געווײנלעך אין פּוילן אין חודש פעברואַר. אין די קאַלטע פראָסטיקע טעג האָבן די אַרויסגעטריבענע פון זייערע וואוינונגען: מענער, פרויען, קינדער און זקנים, קראַנקע און נאָרוואָס געבוירענע — געמוזט זיך לאָזן איבער די פאַרפרוירענע, פאַרשנייטע, גליטשיקע גאַסן־וועגן אין די אומבאַקאַנטע, אומהיימלעכע היימען.

דאָס גרויליקע מאַסן־בילד פון גיין אין געטאָ אין פערטן יאָרצענדליק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט נאָך נישט באַקומען זיין הירשנבערג, וואָס זאָל עס פאַראייביקן אין דער פּלאַסטישער קונסט. דער איינציקער, וועלכער האָט דאָס בילד אַריינגעבראַכט אין דער ליטעראַטור־אייביקייט, איז דער דיכטער ישעיהו שפּיגעל. אין זיין בוך „ליכט פונעם אָפּגרונט״ שילדערט שפּיגעל אויף אַ זייער רעאַלן, טיף־קינסטלערישן אופן דעם גאַנג פון לאָדזשער יידן אין געטאָ.

„באַלד אין דער פרי, ווען ס׳האָט נאָר גענומען גראָען, האָבן שוין אָנגעהויבן ציען פון אַלע שטאָטישע גאַסן, פון אַלע יידישע הויפן, הונדערטער, אויף דער גיך צונויפגעקלאַפּטע שליטעלעך. אַ געדיכטער, הויכער שניי איז געלעגן אויף די גאַסן. דער ווינט האָט געשליידערט ווינטיקע קופּעס מיט שניי די יידן אין פּנים אַריין. אויף די שליטעלעך, וואָס האָבן באַלייגט אַלע גאַסן, זענען געלעגן וועגטלעך פון בעטן, צעטיילטע אָטאָמאַנקעס, מאַטראַצן, קליינע קאַנאַנדלעך [איי־זערנע הייץ־אייוועלעך] מיט רערן. איינגעשפּאַנטע אין שטריק, האָבן יידן געצויגן די שליטעלעך און הינטער זיי — די קינדער מיט דער ווייב, מיט פאַרבונדענע פּעקלעך אויף די פּלייצעס. מ׳איז געגאַנגען אויף די טראָטואַרן און אין מיטן וועג, באַלאָדענע מיט קוישן, קופערס און וואַליזעס. זעק האָבן אַראָפּגעבויגן די

---

* עס האָט זיך נישט אויפגעהאַלטן קיין דאָקומענט מיט דער פאַראָרדנונג איינצושטעלן די אַז. גער. אָרדנונגס־דינסט (יידישע פּאָליציי), אָבער לויט די גבית־עדות און זכרונות, האָט רומקאָווסקי, פאַרשטענדלעך מיט דער דערלויבנש פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, אָרגאַניזירט אַ יידישע פּאָליציי־גרופּע אין אָנהויב חודש מערץ, נאָך פאַרן אַריינגיין אין געטאָ. אין די דורך אונדז ציטירטע זכרונות פון „מן המצר״ אין „דפים״, ז׳ 124, זאָגט זיך: „בגבולות הגיטו הם נמסרו לידי השוטרים היהודים״ (ביי די גרענעצן פון געטאָ זענען זיי [די איבערגעוואַנדערטע יידן] איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דער יידישער פּאָליציי).

אָקסלען פון די יידן, אַז מ׳האָט נישט אַרויסגעזען זייערע פּנימער. דער המון האָט זיך געשלעפּט צו צפון־זייט פון שטאָט. ס׳איז געווען שווער פאַנאַנדער־צושיידן עמעצן. צווישן די שליטנס האָבן זיך אויך געשלעפּט האַנט־וועגעלעך, געדונגענע פויערישע פערד־ און־וועגענער, ריסאָרקעס פון פּוילישע פורמאַנעס, וואָס האָבן אין דער בהלה געוואָלט פאַרדינען דאָס לעצטע מאָל ביי יידן... די פערד זענען געקראָכן איבער די פּעק בעטגעוואַנט, זיי האָבן איבערגעקערט די צונויפגעקלאַפּטע יידישע שליטעלעך און אויסגעשאָטן אינעם שניי די אָנגעלאָדענע באַלעבאַטישקייט. פויערים און גויאישע פורמאַנעס האָבן, ווי די טייוולאָנים, געשמיסן מיט די בייטשן אינעם שניי־ווינט און געריסן זיך פאָרויס.

דער וועג איז געווען אומעטום פאַרוואָרפן מיט לויפנדיקע. פון אַלע הינטער־געסלעך זענען אָנגעקומען נייע שליטעלעך און טויזנטער וויינענדיקע ווייבער. צווישן די פערד, שליטנס און וועגענער האָט מען געזען קינדערשע וועגעלעך מיט אויפגעשטעלטע ביידלעך. על פּי רוב איז אין די קינדער־וועגעלעך געלעגן שטובוואַרג, אָבער נישט איין מאָל האָט מען אויך געהערט פון אַזאַ וועגעלע, צווישן פערדישע פיס, געבראַזג פון וועגענער און וואָיען פון שניי־ווינט, דאָס פאַרגייענדיקע כליפּען פון אַ יידיש עופה׳לע.״ 285

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס אַלגעמיינע בילד פון גיין אין געטאָ.

לויטן פּלאַן פון פּאָליציי־פּרעזידענט, עס. עס.־בריגאַדעפירער שעפער, האָבן יידן געדאַרפט גיין אין געטאָ אָרגאַניזירט, אונטער דער אָנפירונג פון אַ „טראַנס־פּאָרטלייטער״, פאַרשטענדלעך אַ דייטש, און מיטנעמען מיט זיך, לויט פּאַראַגראַף 3, „אַ קופערט מיט לייבוועש, פּערזענלעכע קליידונג און פאַמיליענאַנדענקען.״ 286 פּאַלאַקן זענען טאַקע אַזוי געגאַנגען פון באַלוט אין שטאָט. די פּוילישע אַרבעטער פון באַלוט, וועלכע זענען אַמאָל געווען בארימט מיט זייער רעוואָלוציאָנערישקייט, האָבן נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד די דייטשע אָקופּאַנטן. דאַקעגן־זשע זענען געווען פאַלן, ווען פּוילישע אייגנטימער פון דירות האָבן זיך געוואָרפן מיט העק אויף די יידן, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגעטריבן פון זייערע וווינונגען און געקומען פאַרנעמען אַ דירה אין דעם דורך די דייטשן באַשטימטן געטאָ־שטח. די יידן, דאַקעגן, וואָס האָבן געדאַרפט גיין אין געטאָ, האָבן נישט אָרגאַניזירטער־הייט געשטעלט אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד דער דייטשער אכזריותדיקער פאַראָרדנונג, אַ דערשיינונג, וואָס לאָזט זיך באַמערקן אין גאַנצן פּעריאָד פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, אין אַלע געטאָס און לאַגערן.

די לאָדזשער יידן, וואָס האָבן געדאַרפט גיין פון שטאָט אין באַלוטער געטאָ, האָבן נישט געשטעלט זיך, לויט דעם פּלאַן, אויף די זאַמל־פּונקטן. די מער פאַרמעגלעכע האָבן געפּונען וועגענער, די אָרעמערע האָבן אַליין צונויפגע־קלאַפּט שליטנס, געשאַפן זיך האַנט־וועגעלעך, קינדער־וועגעלעך און גענומען איבערפירן די זאַכן, אויך מעבל קיין באַלוט און אלטשטאָט. ווער ס׳האָט געהאַט

קרובים אין יענעם ראַיאָן — איז צו זיי פאַרפאַרן, פאַרמעגלעכערע האָבן אָפּגע־קויפט וווינונגען ביי פּאָלאַקן, אָבער זייער א גרויסע צאָל יידן האָבן זיך נישט גערירט פון די ערטער, צו זיי האָבן זיך געוואָנדן די ספּעציעל אַרויסגעשיקטע שליחים פון רומקאָווסקין, „שליחים פון דער קהילה. — — — זיי האָבן צוזאַמענ־גענומען די יידן פאַרטיעס־ווייז לויט די גאַסן און הייזער, (לויטן דייטש־פּאָליצייאישן פּלאַן) אויסגעשטעלט זיי אין רייען, אַלטע לייט און קינדער אַרויפגעזעצט אויף וועגענער און באַגלייט פון אַ פּאָליציי־וואַך אָפּגעפירט אין געטאָ — — — אויפן וועג האָבן נישט געפעלט קיין חוזק און שפּאָט פון פאַרשידענע אויסוואורפן געווען אויך מיטליידס־בליקן פונעם אַרומיקן עולם. אַזוי האָט מען געוואַנדערט עטלעכע טעג, צו 4—5 פאַרטיעס טעגלעך", וויאַס איז געווען פיל וויניקער, ווי עס האָט פאַרגעזען דער דייטשער פּלאַן.

לויט דעם דייטש־פּאָליצייאישן פּלאַן האָבן געדאַרפט גיין 6 פאַרטיעס טעגלעך. אין די וויטערע טעג איז געוואַקסן די צאָל פון די יידן, וואָס האָבן נישט געוואָלט ,פאַרלאָזן זייערע וווינערטער.

לויט טאָבאַקסבלאַטס זכרונות, „האָט מער קיין פּלאַן פון ווייטערדיקן וואַנדערן זיך נישט באַוויזן אין דער צייטונג" („דייטשע לאָדזשער צייטונג"). און דעריבער האָבן יידן געמיינט, אַז די גזירה ווערט בטל".[287] דאָס נישט באַווייזן זיך פון דעם פּלאַן אין דער דייטשער צייטונג האָט נישט געקענט זיין די סיבה, וועלכע האָט אָפּגעהאַלטן די יידן פון גיין אין געטאָ. ראשית כל האָט זייער אַ קליינע צאָל יידן געלייענט די דייטשע צייטונג, און דער גענויער איבערוואַנדע־רונגס־פּלאַן, לויט די טעג, איז געווען פּלאַקאַטירט אין די גאַסן. אויך רומ־קאָווסקיס שליחים האָבן זיך באַמיט צו ווירקן אויף די יידן, זיי זאָלן גיין אין געטאָ אָרגאַניזירט — און דאָך איז מען נישט געגאַנגען אין אַזאַ צאָל און לויט דעם פּלאַן, ווי די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט.

זייער אַ גרויסער צאָל לאָדזשער יידן האָבן נישט געוואָלט גוטוויליק גיין אין געטאָ, זיי האָבן זיך געוועהרט מיט די מיטלען, וועלכע זענען געווען אין זייער רשות. און כדי צו פאַרטרייבן ענדגילטיק די יידן אין געטאָ, האָבן די דייטשע אָקופּאַנטן געמוזט אָנקומען צו אַ ווילדן בעסטיאַלישן טעראָר און דורך מאַסן־מאָרדן און רציחות צווינגען די יידן אויסצופירן די באַפעלן פון פּאָליציי־פּרעזידענט, עס. עס.־בריגאַדעפירער שעפער.

## ד. דער טעראָר פון דייטשע באַוואָפנטע באַנדעס און דער „בלוטיקער דאָנערשטיק"

די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט באַמערקט, אז יידן סאַבאָטירן דאָס גיין אין געטאָ און אויף איר שטייגער, „שטרענג געהיים" גענומען צוגרייטן אַ מאַסן־

שחיטה איבער לאָדזשער יידן. מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל מיטן פּלאַנ־מעסיקן איבערגיין אין געטאָ. „אַ סך מענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט איינאָרדנען זענען צוריקגעקומען אין די אַלטע וווינונגען". אנדערע, וואָס האָבן שוין געהאַט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן אין געטאָ זענען צוריקגעקומען אין זייערע שטאָטישע וווינונגען כדי אַריבערצופירן אַביסל מעבל. פּלוצים אומסגעריכט האָבן ציווילע און באַוואָפנטע דייטשן אָפּגעשלאָסן די יידישע גאַסן אין צענטער־שטאָט און געכאַפּט די דורכגייענדע יידן, געשלאָגן זיי מכות רצח און אָפּגעפירט זיי אין אַ לאַגער, אין אַ פאַבריקס־בנין אויף לאנקאווע גאַס. דאָרט זענען די יידן געוואָרן שרעקלעך געפּייניקט. די דייטשן האָבן געצוווּנגען די יידן, אויך די פרויען צו מאַכן „ספּאָרט" און דאַביי מערדערלעך געשלאָגן.

די קרבנות האָבן זיך געקענט אויסקויפן פאַר געלט, וואָס מ'האָט געדאַרפט איינצאָלן אין צענטראַלן אויספאָרשונגס־אַמט אויף קילינסקיעגאָ 152. (געוו. פּוילישער אויספאָרשונגס־אַמט). אַ גרויסע צאָל פון די אַרעסטירטע האָט נישט געהאַט מיט וואָס זיך אויסצוקויפן. פיל פון זיי זענען פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט און אַ טייל זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין „גענעראַל־גוווערנעמענט". אָבער דאָס אַלץ איז נאָר געווען אַ פאָרשפּיל צו דער בלוטיקער שחיטה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ דאָנערשטיקן טאָג אין חודש מערץ, דער טאָג, וועלכער ווערט דורך דער שארית הפליטה פון לאָדזשער געטאָ דערמאָנט ווי דער „בלוטיקער דאָנערשטיק".

באַוואָפנטע, מונדירטע דייטשן זענען אַריין אין די וווינונגען פון יידן, וואָס זענען נישט אַוועק אין געטאָ און אויסגעשאָסן גאַנצע משפחות: מענער, פרויען, קינדער און זקנים.

אָנגעהויבן האָט זיך די שחיטה נאָך מיט אַ טאָג פריער, מיטוואָך. עס זענען דערשאָסן געוואָרן 8 יידן, וואָס האָבן געוווינט אויף די גאַסן — פּיעטרי־קאָווער 218, 114, און אנדזשעיא 2. די דאָזיקע בלוטיקע רציחה האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די יידן וואָס האָבן נאָך געוווינט אין שטאָט און אויף צומאָרגנס דאָנערשטיק האָבן מאַסן יידן פון צענטער שטאָט זיך געלאָזט לויפן דורך דער הויפּט־גאַס, פּיעטריקאָווער („אַדאָלף היטלער שטראַססע") אין געטאָ. אויף דער גאַס האָבן זיי אָפּגעוואַרט דייטשע באַוואָפנטע מיליטער־לייט און באַראַבעוועט און געשלאָגן מכות רצח די יידן, וואָס זענען געלאָפן אין געטאָ.

די יידן, געיאָגט פון טויט־שרעק, זענען געלאָפן אין געטאָ אויך נאָך 5 אַ זייגער, ווען עס איז נישט דערלויבט געווען צו גיין אין גאַס. אין דער דאָזיקער צייט האָבן די דייטשן גענומען שיסן אויף די יידן, אַריין אין די וווינונגען און אויסגעשאָסן אַלע אָנוועזנדע. דער הויף זאַוואַדזקע 2, רוג פּיעטריקאָווער, ווו עס איז געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר יידן פון יענעם ראַיאָן, וועלכע האָבן

לויטן דייטשן פּלאַן, געדאַרפט אַריבערגעפירט ווערן אין געטאָ — איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום פון פּיין און מאַסן־מאָרד. די דייטשן „האָבן געצוואונגען די הונדערטער יידן: מענער, פרויען און קינדער, זיי זאָלן זיך אויסלייגן אויפן שניי, אויפשטיין, לויפן און מאַכן גימנאַסטיק. די מענער זענען באַלד אויסגעשאָסן געוואָרן. דאָס אייגענע איז פאָרגעקומען אויך אויף זאוואדזקע 9, ווו עס זענען אויסגעהרגעט געוואָרן אַלע מענער, דערונטער די גאַנצע משפחה פון ר׳ משה יאָסקאָוויטש: ער, זיין פרוי, טעכטער און זון——— צווישן די הרוגים אויף זאוואדזקע 2, זענען געווען בוימגאַרטן און נאמיאַט. אויפן גרויסן הויף, וואָס האָט דורכגעשניטן פּיעטריקאָווער 17 — זאַכאָדניע 56 — האָבן די דייטשן אויסגעשאָסן אַלע איינוווינער״.[288]

מיט אַזאַ טעראָר און מאַסן־מאָרדן האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט געבראָכן דעם יידישן פּאַסיוון ווידערשטאַנד און געצוואונגען די לאָדזשער שוצלאָזע יידן צו גיין אין געטאָ. די צאָל געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע יידן פון יענעם בלוטיקן דאָנערשטיק, אין חודש מערץ 1940, איז גענוי נישט באַקאַנט. דער חילוק צווישן די אָנגעגעבענע צאָלן אין גבית עדות און זכרונות איז אַ זייער א גרויסער, פון 200 — 1.500 טויטע. די דייטשן האָבן געכאַפּט די יידן, וואָס זענען געלאָפן אין געטאָ און געצוואונגען זיי זיך מתעסק צו זיין מיט די הרוגים. זייערע גופים האָט מען געלייגט אויף וועגענער, אויף די טראַמווייען און אָפּגעפירט אויפן בית עולם.

עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אז יידן קריגס־געפאַנגענע ווערן דורך די דייטשן בעסער באַהאַנדלט, האָבן זיך יידן געמאָלדן אַלס קריגס־געפאַנגענע און גלייך געוואָרן דערשאָסן.

*

אויף צומאָרגנס, נאָכן „בלוטיקן דאָנערשטיק״ און — אין די ווייטערע טעג, זענען יידן אין די טויזנטער געלאָפן פון צענטער־שטאָט אין געטאָ. קיינער האָט שוין נישט געטראַכט פון מיטנעמען די שטוב־זאַכן: מעבל אדג״ל. יעדער האָט זיך באַמיט צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע נפש. בעלי מלאכות האָבן איבערגעלאָזט זייערע וואַרשטאַטן און רוי־מאַטעריאַלן, סוחרים זייערע מאַגאַ־זינען און געלאָפן מיט אַ רוקזאַק אָדער מיט אַ האַנט־טלומעקל. די הויפּט גאַסן פּיעטריקאָווער, נאָוואָמיעיסקע, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ טראַגיש בילד פון יידישער מאַסן־פאַרצווייפלונג: עס זענען געגאַנגען יידן, מענער, פרויען און קינדער, מיט שרעק און פאַרצווייפלונג אין די אויסגעלאָשענע אויגען, מיט פּעק און טלומאָקעס אויף די פּלייצעס, קליינע קינדערלעך אויף די הענט און גרעסערע ביי דער זייט, מיט האַנטוועגעלעך, געלאָדן מיט אַלטע בעבעכעס, געשטופּט און געשטויסן פון פאַרשידענע אויסוווּרפן, באַגלייט מיט הפקרדיקע ציניִשע צורופעניִשן: „וויא, יוטשע, פאר טשעמבערליין, פאר״.[289]

## ה. יידן פון באַלוט נעמען אויף די פאַרטריבענע יידן פון צענטער שטאָט

פיל יידן פון באַלוט און אַלטשטאָט, האָבן מיט ברידערלעכער וואַרעמקייט אויפגענומען זייערע פאַרטריבענע ברידער פון דער שטאָט. משפחות האָבן אריינגענומען זייערע קרובים, פאַרטיי־מענטשן האָבן אין זייערע וווינונגען אָפּגעגעבן אָרט פאַר חברים.[290] געוועזענע פאַבריקאַנטן, וואָס זענען אַרויס־פון שטאָט בערום ובחוסר כל, זענען אין באַלוט אויפגענומען געוואָרן פון זייערע אָרעמע קרובים.

א רעאַל רירנד בילד פון דער דאָזיקער ברידערלעכער באַציאונג, וואָס אָרעמע באַלוטער יידן האָבן אַרויסגעוויזן צו זייערע רייכע קרובים, פאַרטריבענע פון דער שטאָט, האָט אונז געגעבן דער דיכטער ישעיהו שפּיגעל, וואָס האָט די איבערלעבונגען אין לאָדזשער געטאָ, ווי פון אַלע אַנדערע געטאָס, וועלכע די דייטשן האָבן געשאַפן — פאַרייביקט אין זיינע הויך־קינסטלערישע נאָוועלן אין בוך „דאָס ליכט פונעם אָפּגרונט". אין איינער פון די דאָזיקע נאָוועלן א. נ. „די משפּחה ליפּשיץ גייט אין געטאָ", שילדערט שפּיגל דעם אויפנעם, וואָס אָרעמע יידן פון באַלוט האָבן געמאַכט פאַר זייערע קרובים אין שטאָט:

„אַז דער וואָגן פון די ליפּשיצעס איז אַרויס פון שטאָט און אַריינגעפאַלן צווישן די הונדערטער וועגענער, וואָס האָבן געצויגן אין געטאָ אַריין. — האָבן זיי אפילו נישט געוווּסט, וווהין זיי זאָלן הייסן דעם פויער פאָרן. די אַנטלויפנדיקע יידן זענען אַלע נאָכגעגאַנגען די שליטלעך און רוסאַרקעס און אין דער לעצטער רגע האָט מען זיך אָנגעהויבן דערמאנען לאַנג שוין פארגעסענע קרובים, וואָס האָבן געוווינט אין באַלוט. ערגעץ וועט מען דאָך שוין פאַרפאָרן!... דער וואָגן פון די ליפּשיצס האָט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס, געבליבן שטיין אין שניי און דער גוי האָט בשום אופן נישט געוואָלט ווייטער פאָרן. ער האָט געדראָט אַראָפּצוּוואַרפן אַלץ אין שניי אַריין. דעמאָלט, מען ווייסט נישט ווי אַזוי, איז עפּעס א ייד, מיט אַ טוך אַריבערגעוואָרפן איבערן קאָפּ, צוגעלאָפן צו דער פרוי ליפּשיץ, וואָס האָט גראָד געהאַט אַוועקגעשטעלט די וואַליזעס און זיך געווישט דעם שווייס פון פּנים. דער ייד איז אַרויפגעפאַלן אויף איר און זי אָנגעכאַפּט פאַר די הענט:

— דר־ע־ז־ל? אוי, א בראָך איז צו מיר!... וואָס שטייסטו? הייס אַריינפאָרן דעם וואָגן!...

דאָס איז געווען דער פעטער יאַנקל. באַלד ווי מען האָט אויסגעלאָדן, האָט דער פעטער יאַנקל אַליין, צוזאַמען מיט ביידע נישט אויסגעגעבענע טעכטער (דער פעטער יאַנקל איז שוין לאַנג געווען אַן אלמן), געשלעפּט די פּעק בעטגעוואַנט איבער די טרעפּ. די טעכטער האָבן געכאַפּט די קינדער אויף די

הענט און מיט זיי ערגעץ פאַרשווונדן. צוזאמען מיט דער דינסט האָט די משפחה געשלעפּט די שטוב־זאַכן איז אַ גרויסער, קאַלטער שטוב אַריין. די שטוב איז געשטאַנען אַ גאנצן ווינטער א נישט־געהייצטע און א הילצערנער, פּרוכנעוואָטער וועב־שטול האָט געשראָקן אין סאַמע מיטן מיט אַן אויסטערלישן שאַרבן פון א בייזער באַשעפעניש. אַ טרויריקע קעלט האָט זיך געוויקלט אויפן ליידיקן וועבער־בוים, אַצינד איז דאָ אַרומגעגאַנגען דער אָטעם פון פרעמדע שטאָטישע מענטשן. אין דער שטוב איז נישט געווען אויף וואָס זיך אָוועק־צוזעצן. מ׳האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די פאַרשנייטע פּאַלטנס און שווייגנדיק זיך אַרומגעקוקט.

דערווייל זענען די טעכטער אריין מיט ביידע קינדער, וואָס האָבן געהאַט צעגליטע פּנימלעך. זיי האָבן זיך ערגעץ ווו ביי אַ שכן אָנגעטרונקען מיט געקאָכטער הייסער קאַווע. דעם פעטער יאַנקלס עלטסטע טאָכטער, קריינדל, האָט זיי אוועקגעשטעלט נעבן פענצטער און פאַרהאַנגען מיט אַ טיכל אַן אפענע, אויס־געהאַקטע שויב, כדי דער ווינט מיטן שניי זאָלן נישט אַרייניאָגן, דערנאָך האָט זיך קריינדל אָנגערופן:

טאַטע, מ׳עט אפשר אריינגעמען ס׳בעט, די קינדער זאָלן האָבן ווו צו שלאָפן, און אויך די מומע דרעזל? — — — די פרוי ליפשיץ, וואָס האָט דאָס ערשטע מאָל געהערט פון די דאָזיקע פרעמדע מענטשן, ווו מען רופט זי „מומע דרעזל״, האָט זיך נישט געקאָנט גלייבן, אז דאָס מיינט מען זי. עפּעס א מויד, מיט אַ קינדיש פּנים און אָנגעטאָן אין אַ געלעכערטן סוועטער, שטייט נעבן איר און בעט זיך ביי איר:

— זאָל די מומע דרעזל זיך צולייגן אַביסל אויפן בעט נאָך אַזאַ וועג... אַזאַ אומגליק...

—ע—ע—ס׳מאַכט נישט, ס׳מאַכט נישט — ענטפערט איר אָפּ די ליפשיץ — מ׳עט זיך שוין ווי ס׳איז אַן עצה געבן... מען דאַרף נישט שלעפן קיין בעטן... מען דאַרף נישט.... זי פילט, ווי דאָס וואָרט איז איר ווי א ביין שטיין געבליבן אין האַלדז.

קריינדל לאָזט זי נישט אָפּ.

— וואָס זענען מיר עפּעס פרעמדע מענטשן, מומע דרעזל? — בעט זי זיך ביי איר — מ׳איז דאָך נישט קיין פרעמדע!..״ [290א]

## ו. טעטיקייט פונעם יודענעלטעסטן אין פעריאָד פון טרייבן אין געטאָ

נאָך די געשעענישן אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין לאָדזש — אַרעסט פונעם ערשטן עלטעסטנראַט, „אסטאַריע״־רציחה, טייל־

ווייזער גירוש, אַרעסטן און פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון געזעלשאַפֿטלעכע טוער — איז דער קרייז מענטשן ארום דעם יודענעלטעסטן, וואָס האָבן אים געהאָלפֿן אין דער אַרבעט און געעצה׳ט, געוואָרן אַלץ קלענער. די געזעלשאַפֿטלעכע עסקנים זענען געלאָפֿן וווהין די אויגן טראָגן, מ׳ערסטנטייל קיין וואַרשע און דאָרט האָט מען געזוכט ווייטערע וועגן. פֿון די ווירטשאַפֿטלער זענען אַוועק : די אינדוסט־ריעלער — דוד ווינדמאַן און סאַמועל פּויסט. זיי זענען געווען די ערשטע, וועלכע האָבן רומקאָווסקין געהאָלפֿן אָרגאַניזירן די פֿינאַנסן, און געווען די געציילטע פֿונעם ערשטן עלטעסטענראַט, וועלכע די דייטשן האָבן געלאָזט לעבן, ווייל זיי זענען „נוצלעכע יידן״. עס זענען אַוועק די קולטור־טוער און אָרגאַניזאַטאָרן פֿונעם שולוועזן : דער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן, ד״ר מ. ברוידע, דיר. מ. בראַנד־שטעטער.[290] רומקאָווסקי האָט זיך געמוזט צוזוכן נייע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט דערפֿאַרונג אין געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט. דער יודענעלטעסטער האָט וואָס ווייטער, אַלץ מער גענומען טאָן אַלץ אויף אייגענער אחריות און ווייל ער האָט געהאַט די פֿולע אונטערשטיצונג פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט — האָט ער זיך דערפֿילט זייער חשוב און געוואָרן דרייסטער אין זיין טעטיקייט.

די דייטשע אָקופּאַנטן מיט אַלע זייערע מאַכט־אָרגאַנען — מיליטערישע און ציווילע, וועלכע האָבן געהאַט זייער אומצווייפֿלהאַפֿטן ציל אין דער באַציאונג צו יידן — האָבן מיט זייער יידנעלטעסטן געפּירט אַ קאַץ־און מויז־שפּיל. ביי די גרויזאַמסטע פֿאַרפֿאָלגונגען קעגן די לאָדזשער יידן, האָבן זיי נישט געשטערט דעם יודענעלטעסטן צו פֿירן זיין טעטיקייט לטובת די יידן, צו אָרגאַניזירן יידישע אינסטיטוציעס. אין זייער ביטערקייט אין פֿאַרמאַסקירן די אויסראָטונגס כוונות זענען די דייטשן, אין געוויסע פֿאַלן, אפֿילו נאָכגעקומען די פֿאַרלאַנגען און בקשות פֿונעם יודענעלטעסטן, ווען ער איז אַרויסגעטרעטן אין פֿאַרטיידיקונג פֿון זיינע יידן.

אַזוי איז געווען ווען די פֿאַרשידענע אַמטן — מלוכהשע, מוניציפּאַלע און פֿון מלוכהשער פֿאַרזיכערונג, וועלכע זענען פֿאַרוואַלטעט געוואָרן פֿון דייטשן, האָבן אָפּגעשטעלט זייער דינסט פֿאַר דער יידישער באַפֿעלקערונג אָבער די שטייערן פֿון די יידן האָבן זיי ווייטער איינגעמאָנט.

די „סאָציאַלע פֿאַרזיכערונג״ („אובעזפּיעטשאַלניאַ ספּאָלעטשנאַ״), האָט, מיט דער דאַטע פֿון 6.1־טן, 1940, געמאָנט פֿון דער „יידישער געמיינדע״ 83,469 רייכסמארק, פֿאַרלעגענע חובות. און ביז וואַנען דאָס געלט וועט נישט אָפּגעצאָלט ווערן זענען „אָפּגעשטעלט״ אַלע אונטערשטיצונגען פֿאַר יידן. דערויף האָט רומקאָווסקי זיך געווענדעט מיט אַ בקשה צום אָבערבירגערמייסטער פֿון דער שטאָט, דער פֿאַקטישער דיקטאַטאָר איבער לאָדזשער ווירטשאַפֿטלעכע ענינים, וועגן באַפֿרייען, אים, דעם יודענעלטעסטן פֿון די דאָזיקע אָפּצאָלן. קיין אָפֿיציעלע באַפֿרייאונג פֿון די אָפּצאָלן איז נישט געקומען, אָבער מ׳האָט אויך

נישט געצוווּנגען רומקאָווסקין צו באַצאָלן די חובות. דער ענין איז פאַרשלעפּט געוואָרן. ערשט דעם 21־טן מאַי, ווען דאָס געטאָ איז שוין געווען אָפּגעשלאָסן, ענטפערט דער אָבערבירגערמייסטער דער „אובעזפּיעטשאַלניע", אַז „דערוויל קאָן מען די חובות פון יידן נישט איינמאָנען, ווייל לויט דער מיינונג פון רעגירונגס־פּרעזידענט, מוז מען וואַרטן אויף אַן אַלגעמיינער רעגולירונג פון דער פּראַגע".[291]

אויך אין אָרגאַניזירן דאָס שולוועזן און אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס, האָט רומקאָווסקי געהאַט צו פאַרצייכנען אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. לויט דעם באַריכט, וואָס דער יודענעלטעסטער האָט צוגעשטעלט דער „זיכערהייטס־דינסט, אָפּשניט לאָדזש" זענען: אויפן סמך פון דער פאַראָרדנונג פון קאָמיסאַר פון דער שטאָט לאָדזש, אויפגעלעזט געוואָרן אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און „אייניקע פון די אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס האָט דער יודענעלטעסטער אין לאָדזש איבערגענומען און זיי איינגעגלידערט אין דער יידישער געמיינדע". עס ווערן אויסגערעכנט די אינסטיטוציעס: פּאָזנאַנסקיס שפּיטאָל, 2 אַמבולאַ־טאָריעס, „לינת החולים", 5 יתומים־הייזער, 1 זויגלינג היים, אַ קיך פאַר אָרעמע, שפּיטאָל פאַר אַנשטעקנדע קראַנקע, משוגעים־הויז אויף ווּעסאָלאַ 17, דאַן 32 פאָלקס־שולן, 1 תלמוד תורה, א קינדער־גאָרטן.

די יידישע „געמיינדע", האָט אויך לויט רומקאָווסקיס באַריכט סוב־סידירט די אינסטיטוציעס: „מושב זקנים" אויף פּאָמאָרסקע גאַס, היים פאַר פּליטים, פּריוט פאַר היימלאָזע, שול פאַר טויב־שטומע, אינוואַלידן־היים, קיך פאַר אָרעמע, תלמוד תורה און פּריוואַטע שולן, דערונטער די מעדעם־שול און באַראַכאָוו־שול, וועלכע מיר דערקענען לויט די אַדרעסן, וואָס זענען אָנגעגעבן אין דאָקומענט: ציגלשטר. 17 (צעגעלניאַנאַ) און זידשטר. 28 (פּאָלודניאָווע).[292]

פון דעם דאָזיקן באַריכט צו דער „זיכערהייטס־דינסט, אבשניט לאָדזש" אונטערגעשריבן: „ח. רומקאָווסקי, דער עלטעסטער דער יודען אין דער שטאַט לאָדזש", איז צו זען ווי שטאַרק עס איז שוין געווען רומקאָווסקיס מאַכט אין פּעריאָד פון טרייבן אין געטאָ. ער האָט שוין געהאַט אין זיין רשות כמעט אַלע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה געהערט צו דער יידישער קהילה און באַך מיט אַ צוגאָב פון גאַנצן יידישן שולוועזן. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס פון כלל־באַדייטונג זענען נישט געשאַפן געוואָרן דורך רומקאָווסקיס געניאַליטעט, נאָר אויפגעשטעלט געוואָרן דורך געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן, טראָץ אַלע פאַרפאָלגונגען און רציחות פון די דייטשן, דאָך נישט פאַרלאָזט זייער היים־שטאָט. אָבער דער פּאַקטישער באַלעבאָס איבער די אַלע אינסטי־טוציעס און אַנשטאַלטן, אַנערקענטע דורך דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, איז געווען רומקאָווסקי.

*

דאָס טרייבן יידן אין געטאָ איז פאַר דעם יידנעלטעסטן נישט געקומען אומגעריכט. שוין אויף דער פאַרזאַמלונג פון עסקנים, נאָך דעם אַרעסט פונעם ערשטן עלטעסטענראַט, ווען דער פאַרטרעטער פון געשטאַפּאָ האָט מיט „ווייכע" רייד באַרויקט די יידישע פאָרשטייער, האָט ער אָנגעזאָגט דאָס אַריבערציען זיך פון די יידן אין אַ באַזונדערן וואָהנגעביט, ווו זיי וועלן קאָנען רויק אַרבעטן, אָפּהיטן די יידישע מנהגים און אַפילו איינאָרדנען א יידיש טעאַטער. קיינער פון די אָנוועזנדע, אויך נישט רומקאָווסקי האָבן קעגן דעם פּראָטעסטירט.

אינמיטן יאַנואר 1940, ווען די דאָקטוירים־קאַמער האָט ארויסגעגעבן די פאַראָרדנונג, וועלכע נעמט צו דאָס רעכט פון יידישע דאָקטוירים צו פּראַק־טיצירן אין שטאָט ווערט דערמאָנט, אז זיי קענען די מעדיצינישע פּראַקטיק אָנווענדן נאָר אין געטאָ. עס איז דעריבער אָנצונעמען די מיינונג פון אייניקע גבית עדות, אז „רומקאָווסקי אַליין האָט פאָרגעלייגט די דייטשן איינצופירן פאַר יידן אַ געטאָ און די דייטשן האָבן דערויף „מסכים געווען".[293]

דעם 26־טן יאנואר 1940 האָט רומקאָווסקי גערופן א תיכפדיקע זיצונג פונעם ניי־נאָמינירטן יודענראַט, אויף וועלכער ער האָט איבערגעגעבן, אַז די פאָרשטייער פון דער מאַכט האָבן אים מיטגעטיילט וועגן „איינשטעלן א יידנ־פערטל, אַזוי, ווי דאָס אַמאָליקע געטאָ". אויך אויף דער דאָזיקער זיצונג האָט קיינער נישט דערווידערט דעם פאָרשלאַג צו פאַרטרייבן יידן אין געטאָ. רומקאָווסקי האָט שוין פון פאָראויס געהאַט אָפּגערעדט מיט דער דייטשער מאַכט, ווי אַזוי צו ווירקן אויפן יודענראַט, אז ער זאָל געבן זיין הסכמה אויפן יידישן „וואָהנגעביט", ווייל גראָד בעת דער זיצונג האָט מען טעלעפאָנירט פון דער מאַכט „אויסצוקלויבן 10 יוגנטלעכע פונעם ראַט, וועלכע זאָלן נעמען אויף זיך דעם עול אַריבערצופירן די יידן פון שטאָט אין געטאָ".

דער יודענראַט, פאַקטיש רומקאָווסקי, האָט אָן דערווידערונגען גענומען אויף זיך דעם דאָזיקן עול. עס איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ קאָמיסיע, אין וועלכער עס זענען אַריין די דעמאָלסדיקע נאָענסטע מיטארבעטער פון רומקאָווסקין: אוֹלינאַוועך, לאַפּ, בענטשקאָווסקי, פרידריך אאַנ"ד. די קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט פון אַריינברענגען די יידן אין געטאָ. עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קאָנטראָל איבער דער צאָל ליידיקע וווינונגען, וואָס זענען פאראן אין באַלוט און עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז עס זענען פאַראַן 100 פרייע וווינונגען. „קודם כל איז אריבערגעפירט געוואָרן דאָס הויז פון שענקעוויטשא 7. די לאָקאַטאָרן פון דעם הויז זענען געקומען אין דער קהילה און די קהילה האָט זיי געשיקט, אין באַגלייטונג פון באַאַמטע, אין די פרייע וווינונגען. דאָ האָבן די אַריבערגעפירטע זיך אָנגעטראָפן אויף דער קעגנערשאפט פון די באַלעבאַטים, וועלכע האָבן געמאַכט שטערונגען און נישט געלאָזט אריינפירן די אומגליקלעכע געסט — — — דעמאָלס איז געשאַפן געוואָרן דער וווינונגס־אמט".[294]

כדי צו באַוועגן די יידן צו גיין אין געטאָ לויטן דייטשן פּלאַן, האָט די „קהילה" געשיקט צו זיי ספּעציעלע שליחים. „די שליחים פון דער קהילה האָבן געטאָן דאָס בעסטע פון זייער יכולת. נישט קענענדיק צוזען דעם צער פון די פאַראומגליקטע און פאַרפּייניקטע יידן, האָבן זיי מיט האַרציקע ווערטער זיי געטרייסט און דערביי אַליין פאַרגאָסן הייסע טרערן. — — — זיי האָבן צוזאַמענגענומען די יידן פּאַרטיעסווייז, לויט די גאַסן און הייזער, אויסגעשטעלט זיי אין רייען, אַלטע לייט און קינדער, און באַגלייט פון אַ פּאָליצײ־וואַך אָפּגעפירט אין געטאָ. דאָרט ביי די גרענעצן פון געטאָ, האָבן שוין אויף די יידן געוואַרט יידישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן די געבראַכטע אַריינגעפירט אין „צוגע־גרייטע זאַמל־פּונקטן, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין די שול־לאָקאַלן אויף די גאַסן: ריבנע 25, 13, 15 און יאקובא 18. 18 אַזעלכע זאַמל־לאַגערן זענען געווען פאַר די אומגליקלעכע".[295]

פון די דאָזיקע אַביסל מטושטשע באשרייבונגען פון אנטשטיין פון לאָדזשער געטאָ, וואָס ווערן געבראַכט אין די זכרונות אין „מן המצר" און אין ישראל טאבאקסבלאטס „חורבן לאָדזש" ווערט קלאָר, אז דער יודענראַט, פּאַקטיש רומקאָווסקי, וואָס פיגורירט נאָך אונטערן אַלטן נאָמען „קהילה" האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן סיי ביים צוגרייטן דעם פּלאַן פון אָרגאַניזירט אַריבערצופירן די יידן אין געטאָ און סיי ביים פּאַקטישן אויספירן אים לויט די אָנווייזונגען פון פּאָליצײ־פּרעזידענט, בריגאַדעפירער שעפער. דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט מיט איר געזונטן חוש פאַרויסגעפילט צו וואָס עס פירן די דייטשע פאַראָרדנונגען — האָט צונישט געמאַכט דעם דאָזיקן פּלאַן פון גוטווילליק, אָרגאַניזירט צו גיין אין געטאָ. נאָר דער ברוטאַלער דייטשער באַוואָפנטער כוח, דאָס שיסן און מאָרדן די שוצלאָזע לאָדזשער יידן, האָט זיי געצוווּנגען זיך אָפּצוזאָגן פון די עלעמענטאַרע, מענטש־לעכע רעכט, וועלכע זיי האָבן דערוואָרבן אין משך פון לאנגיאָריקן קאַמף און געראַנגל.

נאָכן בלוטיקן דאָנערשטיק זענען די שטאָטישע יידישע איינוווינער אין טויט־פּחד געלאָפן קיין באַלוט און אַלטשטאָט, אין דעם שטח, וואָס די דייטשן האָבן באַשטימט אַלס יידישן וווין־געביט. דאָרט זענען נישט געווען קיין וווינונגען פאַר אַלע אַרויסגעטריבענע פון צענטער שטאָט. נישט אַלע פּאַלאַצן האָבן אָפּגעגעבן זייערע שטובן. אַ חוץ דעם איז די צאָל פּאַלאַצן, וואָס האָבן געוווינט אין באַשטימטן געטאָ־שטח, געווען אומפאַרגלייכלעך קלענער, ווי די צאָל יידן, וועלכע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען אין שטאָט. עס האָט זיך געשאַפן אַ שרעקלעכער כאַאָס. רומקאָווסקיס פּאָליציי, די קאָמיסיעס פונעם יודענראַט, זענען נישט געווען בכוח צו באַהערשן דעם גרויליקן קאַשמאַר. זקנים און קינדער האָבן זיך געוואַלגערט אויף די פאַרפרוירענע פאַרשנייטע

גאַסן, אין הונגער און קעלט, פאַרצווייפלטע מאמעס האָבן געוויינט ספּאַזמאַטיש און געזוכט זייערע פאַרלוירענע קינדער, אַלמנות און יתומים האָבן באַקלאָגט זייערע נאָענטסטע, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן.

ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן האָבן זיך געפונען געלט־גיריקע פאַר־שוינען, וואָס האָבן אויסגענוצט דאָס פאָלקס־אומגליק צו מאַכן געלט און אָפּגעגעבן צימערן אָדער א ווינקל פאַר הויכע פּרייזן. אויך פאַלאַקן, וואָס האָבן נאָך נישט געהאַט פאַרלאָזט זייערע דירות, האָבן גענומען אפּטרעט־געלט ביי די פאַרצווייפלטע, היימלאָזע יידן.[296]

*

אין די דאָזיקע בלוטיקע און שרעקלעכע טעג זענען די אויגן פון די באַרטריבענע און געפייניקטע יידן געווען געווענדעט צום יודענעלטעסטען מרדכי חיים רומקאָווסקי, וועלכער האָט נאָך געהאַט זיין זיצאָרט („קהילה") אויף פּאָלודניאָווע 19. ער האָט געגלייבט, אַז אים וועט זיך איינגעבן צו פועלן, אַז דאָס געטאָ זאָל איינשליסן אויך דעם טייל פּאָלודניאָווע גאַס. ווו עס געפינט זיך די „קהילה", אָבער זיינע באַפעלסגעבער האָבן אַנדערש באַשלאָסן. פּאָלודניאָווע גאַס איז געבליבן מחוצן געטאָ און רומקאָווסקי האָט געמוזט איבערפירן זיינע ביוראָען אין „באַאַמטן־הויז", וואָס די דייטשן האָבן צוגע־טיילט פאַרן יודענעלטעסטען אויף קאָשטשעלנע גאַס נומ' 4. אין סאַמע עק פון באַשטימטן געטאָ־שטח. רומקאָווסקי מיט זיינע באַאַמטע זענען געווען פאַרנומען מיט איבערפירן אין געטאָ־שטח, זיינע ביוראָען, די שולן, וואָס האָבן געהאַט די לאָקאַלן אין דער שטאָט און אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס.[297]

לויט די זכרונות פון ישראל טאַבאַקסבלאַט אין „חורבן לאָדזש", איז „בעת די אַלע שרעקנס־בילדער און גרויל־טאַטן, ווען אַלץ אַרום איז געווען אויפגעשטורעמט, דער פּרעזעס געזעסן גאַנץ רויק אין זיין קאַבינעט און געמיטלעך דעבאַטירט מיט דער לייטונג פון דער שול־אָפּטיילונג וועגן דעם, צי אויף די שול־אַטעסטאַטן, צום סוף שול־יאָר, זאָל אונטערגעשריבן ווערן „זקן היהודים בליצמאַנשטאַט" אָדער „נשיא היהודים" און חלילה זיך נישט גע־לאָזט שטערן פון קיינעם ביי דעם אַזוי „וויכטיקן" ענין. ערשט ווען מען האָט זיך מיט שטורעם אַריינגעריסן אין קאַבינעט מיט געשרייען: „אין שטאָט קומט פאַר אַ שחיטה און איר זיצט זיך אַזוי רויק", האָט ער באַוויליקט איבערצורייסן די בעראַטונג און געלאָפן אין שטאָט".[298]

דער דאָזיקער פאַקט ווערט אָבער נישט באַשטעטיקט אין קיין איינעם פון די דאָקומענטן, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן דער אָרגאַניזאַציע פונעם שולוועזן פאַר און אין דעם געטאָ. דאָקעגן־זשע דערציילט דער אומבאַקאַנטער זכרונות־שרייבער אין „מן המצר", אַז רומקאָווסקי האָט צוויימאָל געפּרוווט אינ־

טערוועגירן ביים פּאָליציי־פּרעזידענט, בריגאַדעפירער שעפער: דאָס ערשטע מאָל אין „בלוטיקן דאָנערשטיק", ווען די דייטשן האָבן מאַסנווייז געמאָרדעט יידן — האָט שעפער נישט געוואָלט אויפנעמען זיין יודענעלטעסטען און דאָס צווייטע מאָל, מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָט שעפער באַוויליקט צו ריידן מיט רומקאָווסקי אין קאָרידאָר פון זיין קאַבינעט און דאָס נאָר 3 מינוט. רומקאָווסקי האָט געבעטן דערלויבן מקבר צו זיין די הרוגים און דער אַלמעכטיקער דייטשער פּאָליציי־פּרעזידענט האָט אַזאַ דערלויבעניש נישט געגעבן.[299]

## ז. דער דייטשער טעראָר פאַרן שליסן דאָס געטאָ

די אָנפאַלן אויף יידן און די רציחות האָבן אויך נישט אויפגעהערט נאָכדעם, ווי די יידן זענען שוין געווען אין געטאָ. דאָס געטאָ איז נאָך נישט געווען אַרומגעצוימט. יידן האָבן ווייטער עובר געווען אויף די דייטשע פאַר־אָרדענונגען און געגאַנגען אין צענטער שטאָט: מ'האָט זיך באַמיט איבערצופירן נאָך אַביסל זאַכן און אויך איינצוקויפן פּראָדוקטן, וועלכע עס איז שווער געווען צו באַקומען אין געטאָ.

אין איינעם אַ טאָג האָבן באַוואָפנטע דייטשן זיך אַוועקגעשטעלט אויף די גאַסן, וועלכע האָבן זיך געגרענעצט מיטן געטאָ און געכאַפּט יעדן יידישן דורכגייער. די צאָל געכאַפּטע, וועלכע ווערן אין די גבית־עדות אָנגעגעבן אין די טויזנטער, זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין שוין דערמאָנטן פייניקונגס־לאַגער, אין פאַבריקס־בנין אויף לאָנקאָוואַ גאַס. און די דייטשן האָבן זיך געהייסן באַ־צאָלן אויסקויף־געלט. דער פּרייז איז געווען מינימום 150 מאַרק פאַר אַ קאָפּ.

יידן האָבן נישט געוואָלט איבערלאָזן זייערע נאָענטסטע אין די הענט פון די רוצחים און פאַרקויפט פון שטוב, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און אויסגעקויפט די געפאַנגענע. די נישט־אויסגעקויפטע זענען אָדער איבערגעפירט געוואָרן אין גענעראַל־גוווערנעמענט אָדער פאַרפייניקט געוואָרן.

אין יענער צייט איז אָנגעקומען אַלס שליח פון וואַרשעווער בונד דער געוועזענער אָנפירער פון דער לאָדזשער ספּאָרט־געזעלשאַפט „מאָרגענשטערן" — לייבל פרידמאַן. ער איז געכאַפּט געוואָרן אויפן גאַס צוזאַמען מיט זיין חבר יעקב אַנגעלשטיק. די בונדישע טוערין גאָלדע זילבערבערג־יאַקובאָוויטש האָט זיך מוסר־נפש געווען און איז אַוועק אין געשטאַפּאָ. עס איז איר געלונגען פאַר 600 זל. אויסצוקויפן ביידע חברים. פרידמאַן איז צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע.[300]

לויט די זכרונות אין „מן המצר", האָט זיך די „קהילה" (רומקאָווסקי־אַפּאַראַט) פאַרנומען מיט די געכאַפּטע און צונויפגעזאמלט געלט ביי זייערע משפּחות אויף „פדיון שבויים". די סומע האָט נישט געקלעקט, האָט די „קהילה" בייגעשטייערט פון איר „אָרימער קאַסע". „צוזאַמען איז געווען אַ סומע פון

23400 מאַרק. אָרעמעלייט האָבן געגעבן געלט און אויך די רייכע זענען געווען געצוווּנגען צו געבן פאַר די אָרעמע געפאַנגענע. ווען דער קהילה־פאָרשטייער איז געקומען אויף קילינסקיעגאָ 152, אין דער געשטאַפּאָ־צענטראַלע, איבער־צוגעבן דאָס געלט, האָט מען אים נישט געוואָלט אויפנעמען. נאָך לאַנגע באַ־מיאונגען האָט מען דאָס געלט אָנגענומען און געהייסן קומען אין אַ פּאָר טעג אַרום. ווען מ׳איז געקומען, האָט מען צוויסן געגעבן, אַז דאָס געלט איז קאָנ־פיסקירט געוואָרן און די יידן זענען איבערגעפירט אין „פּראָטעקטאָראַט״. פון פיל פון זיי איז נישט פאַראַן קיין שום ידיעות ביזן היינטיקן טאָג.״ [301]

די רויבערייען פון באַוואָפנטע און נישט באַוואָפנטע דייטשן האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אויך אין די וויטערדיקע טעג. דייטשן האָבן געלויערט אויף די גרענעץ־גאַסן פון געטאָ און צוגענומען ביי יידן, וואָס זיי האָבן געהאַט, וואָס עס האָט לסוף געצוווּנגען די געטאָ־איינוווינער נישט צו פאַרלאָזן זייערע וווינונגען.

*

די קלאָגעדיקע געטאָ־עקזיסטענץ איז פאַמעלעך אַרויס פון כאַאָטישן צושטאַנד און אָנגענומען געוויסע „נאָרמאַלע״ פאָרמען. קיין וווינונגען איז נאָך נישט געווען פאַר אַלעמען. מ׳האָט געוווינט אין די בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך. קאַמערן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וווינונגען. מ׳האָט זיך צונויפ־געפּאַקט צו עטלעכע משפחות אין איין צימער. אויך די געזעלשאַפטלעכע אינ־סטיטוציעס האָבן זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט.

די 32 שולן, וועלכע מיר האָבן דערמאָנט אין פאָריקן קאַפּיטל, זענען אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין 17 שול־לאָקאַלן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין געטאָ־שטח און פריער געווען באַזעצט פון פוילישע אָדער דייטשע דערציאונגס־אַנשטאַלטן.

עס איז אויך אויסגעקומען איבערצונעמען הייליקע קריסטלעכע ערטער, וועלכע האָבן זיך געפינען אין געטאָ־שטח. אַזעלכע זענען געווען: דער קאָשטשאָל פון דער הייליקער מאַריאַ אויפן סאַמע אָפּשלוס פון געטאָ און די פוילישע בורסע פון דער געזעלשאַפט „פּזשישלאָשטש״, אויף דוואָרסקאַ גאַס 14, וואָס האָט געהאַט אַ קאַפּליצע און אויפן הויף אַ סטאַטוע פון דער הייליקער מוטער. שפּעטער איז אויך איינגעשלאָסן געוואָרן אין געטאָ־שטח דער טייל פראַנצישקאַ־נער גאַס, וווּ עס איז געשטאַנען דאָס הויז פון דער „מאַריאַוויטן־סעקטע״ מיט זייער קאָשטשאָל.

ביים איבערנעמען די דאָזיקע פאַרהייליקטע ערטער האָט רומקאָווסקי פאַרזיכערט די פריערדיקע קריסטלעכע באַלעבאַטים, אַז די הייליקטימער וועלן שטרענג אָפּגעהיט ווערן. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיט דער קריסטלעכער

געזעלשאַפט „פּזשישלאָשטש", אין פאַרשטענדיקונג אויך מיט דער דייטשער קאָמונאַלער מאַכט, האָט די קאַטוילישע אינסטיטוציע באַקומען דעם לאָקאַל אין אַמאָליקן יידישן יתומים־הויז „ניעדאַלאַ דזשעטשענצאַ" און די יידן אין געטאָ האָבן איבערגענומען דעם בנין. די סטאַטוע פון דער הייליקער מוטער איז געוואָרן אַרומגעצוימט מיט ברעטער. אין דעם בנין האָבן זיך איינגעאָרדנט די לערער.[302]

## ח. די דייטשע צוגרייטונגען צו שליסן דאָס געטאָ

אין סוף חודש מערץ 1940, האָט די „באַזעצונג" אין לאָדזשער געטאָ זיך שוין געהאַט אַזוי „סטאַביליזירט", אַז רומקאָווסקי האָט זיך שוין געקענט ווענדן צו דעם אָבערבירגערמייסטער פון לאָדזש וועגן איינשטעלן אַ מעלדונגס־ביוראָ פאַר יידן „אין שייכות מיט זייער איינאָרדנען זיך אין יודענוואָהנגעביט". דאָס איינמעלדן זיך זאָל פאַרפליכטן אַלע יידן, „כדי צו וויסן ווער עס געפינט זיך אין געטאָ" — אַזוי מאָטיווירט דער יודענעלטעסטער זיין בקשה און בעט גלייכצייטיק צו באַפרייען די יידן פון דער אַלגעמיינער „מעלדפליכט". אויף דער דאָזיקער ווענדונג, דאַטירט פון 31־טן מערץ 1940, האָט רומקאָווסקי באַקומען אַ תשובה אין די אַלגעמיינע פאַראָרדנונגען וועגן אָפּשליסן דאָס געטאָ, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 30־טן אַפּריל.

דערווייל איז דאָס געטאָ געווען אָפן, אָבער יידן האָבן נישט געוואַגט אַריבער־צוטרעטן די אָפענע גרענעץ פון געטאָ. עס זענען אָבער אויך געווען דרייסטע מענטשן, וואָס האָבן דורך אונטערקריכן די דייטשן זיך געלאָזט אין שטאָט און אַנטוויקלט אַ שמוגל־האַנדל. אויך פאַלאַקן האָבן אויף דעם אופן אַריינגעשמוגלט פּראָדוקטן און עס איז געגאַנגען אַ „לעבעדיקער מסחר".

די דייטשע מאַכט האָט זיך געגרייט פולשטענדיק אָפּצושליסן דאָס געטאָ. זי האָט דערקלערט פאַר אומגילטיק אַלע „פּאַסירשיינען", וואָס האָבן דערלויבט געוויסע קאַטעגאָריעס יידן (דאָקטוירים, אַפּטייקערס, אַקושערקעס און... שמאַטע־קלויבער) פריי זיך צו באַוועגן איבער דער שטאָט. ווי נאָך יעדער דייטשער יידנפיינטלעכער פאַראָרדענונג האָבן די יידן אויך דאָסמאָל, נאָכן בלוטיקן פאַר־טרייבן אין געטאָ, געמיינט, אַז די צרות און פּיין האָבן שוין דערגרייכט די העכסטע מדריגה. וואָס נאָך קענען דען די דייטשן טאָן? אָבער מיטאַמאָל האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע מהומה צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. מ'האָט דער־זען, אַז די דייטשן פאַרנעמען זיך מיט פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַ הערמעטיש־פאַרמאַכטער תפיסה.[303]

מיט די הענט פון יידישע צוואַנגס־אַרבעטער זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די געטאָ־פאַרצוימונג. אין דער ערד האָט מען אַריינגעשלאָגן סלופּעס,

# פלאַן פון לאָדזשער געטאָ

אויפגעשטעלט אויף אַ פאַראָרדנונג פון דער דייטשער מאַכט.

דער דאָזיקער פלאַן פון לאָדזשער געטאָ איז געבליבן אין אַרכיוו פון דער לאָדזשער שטאָדט־פאַרוואַלטונג; ער ווערט אויך געבראַכט אין א. אייזנבאַכס דאָקומענטן־זאַמלונג — Getto łódzkie, dokumenty

ווייזט אויס, אַז דער דאָזיקער פלאַן פון געטאָ־ליצמאַנשטאַדט, איז פון אַ שפּעטערדיקן טערמין, ווייל אין פלאַן איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל פון אַרבעטס־רעסאָרטן.

6 7



GARTNER STR
OSKAR STR
BERTHOLD STR
ARMIN STR
BERTRAM STR
UDO-STR.
EDMUND STR
BERNHARD STR.
ELISABETH STR
WALDEMAR STR
SIEGFRIED STR
BUCHDRUCKER GASSE
RICHARD-STR
SOBLET STR
JUDISCHER FRIEDHOF
POLEN JUGEND VERWAHRLAGER
EWALD STR
ALBERT STR
WOLFGANG STR
MAX STR
GRETCHEN-STR
WINFRED-STR
KONRAD STR
TROSEN GASSE
HELM STR
KUHLE GASSE
AN QUELL G.
LEIBEL STR
BETRIEBE DES ARBEITS-RESSORTS
FEUERLOSCHTEICHE
FEUERWEHR
IV ORDNUNGSDIENST-REVIERE
UND VORSTAND
SONDERABTEILUNG
GROSSKUCHEN
GROSSBACKEREIEN


E

6

צו וועלכע עס איז צוגעפּעסטיקט געוואָרן שטאַכל־דראָט. כדי צו קאָנען ענדגיל־טיק אָפּגרענעצן דאָס געטאָ און אָפּשליסן עס, זענען איינגעלייגט געוואָרן פאָלגנדע בנינים: אַ העלפט פון דריי־שטאָקיקן הויז אויף נאָוואָמיעיסקע 28, אַ הויז אויף גדאַנסקע 68 און אַנדערע בנינים. די אָפּגעליידיקטע שטחים זענען אַרומגע־שטעלט געוואָרן מיט דייטשע פּאָליציי־וואַכן, וועלכע האָבן געהיט דאָס געטאָ.

אין אַ דייטשער באַקאַנטמאַכונג פון מיטן חודש אַפּריל ווערט פעסט־געשטעלט: „דאָס בילדן פון אַ געטאָ אין צפון פון ליטצמאַנשטאַט איז שוין אַזוי ווייט פאָרויסגעגאַנגען, אז מען קאָן שוין צוטרעטן פולשטענדיק אָפּצושליסן דאָס געטאָ. פון 15־טן אַפּריל אָן דאַרף דאָס געטאָ נישט באַטרעטן ווערן פון רייכסדויטשן, די פאָלקסדויטשן קאָנען אַריינקומען נאָר צוליב איבערציען זיך".

די צוגרייטונגען אָפּצושליסן דאָס געטאָ האָט ווידער פאַרשטאַרקט די פּאַניק צווישן ייִדן. מ'האָט גענומען לויפן ווּהין די אויגן טראָגן. פאַרמעגלעכע מענטשן האָבן געצאָלט גרויסע סומעס אויף אַריבערצובאַקומען זיך קיין וואַרשע. „מ'האָט געהאַלטן, אַז אין וואַרשע וועט זיין בעסער, ווייל לאָדזש איז דאָך איינגעשלאָסן געוואָרן אין דריטן רייך". [304]

מרדכי חיים רומקאָווסקי, דער יודענעלטעסטער, וועלכער האָט פון די דייטשן באַקומען די פולע מאַכט איבער דער, אין געטאָ־תפיסה, פאַרשפאַרטער ייִדישער באַפעלקערונג, האָט זיך מיט די דאָזיקע פּראָבלעמען נישט פאַרנומען. געטריי דער איינשטעלונג פון די אַמאָליקע הויף־ייִדן, אַז דורך חניפה, אונטער־טעניקייט און אונטערקויפן — קאָן מען אָפּווענדן גזירות און אויספּועלן ישועות אויף ייִדן, האָט דער יודענעלטעסטער געהאָרכזאַם אויסגעפירט אַלע דייטשע באַפעלן און פאַראָרדענונגען און נישט פאַרטראַכט זיך איבערן ווייטערדיקן גורל, וואָס עס דערוואַרט „זיינע" ייִדן, טראָצדעם, וואָס פון די דויערנדע דייטשע מאָרדן און רציחות איבער ייִדן, האָט מען קלאָר געקאָנט זען, אַז עס גייט נישט בלויז וועגן אַ „יודענוואָהנגעביט".

נאָכן אַריינקומען אין געטאָ, האָט דער יודענעלטעסטער מיט זיינע באַאַמטע און ראַטגעבער זיך איינגעאָרדנט אין בנין אויף פּלאַץ קאָשטשעלנאַ 4, אויפן סאַמע ראַנד פון געטאָ, און ווייטער געשיקט זיינע ווענדונגען צו דער דייטשער מאַכט אין ענינים פון אַפּראָוויזאַציע און פאַרזאָרגונג פון דער „געמיינדע".

דעם 10־טן אַפּריל האָט רומקאָווסקי געבעטן דעם „ערנערונגס־ אונד ווירטשאַפטסאַמט, לאָדזש" וועגן געבן זייף פאַר דער ייִדישער געמיינדע, ווייל מ'דאַרף וואָשן 15 טויזנט שטיק וועש פאַר פאָלגנדע אַנשטאַלטן: שפּיטעלער — 350 פּערזאָן, יתומים־הייזער און קינדערהיימען — 400 נפשות, מושב־זקנים — 230 פּערזאָן, אַמבולאַטאָריעס און קאַראַנטין סטאַציעס — 420 פּערזאָן. אַ חוץ דעם איז נויטיק זייף פאַר 109 דאָקטוירים און פאַר 200 טויזנט פּערזאָן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, פון וועלכע 80 טויזנט זענען אָרעם און באַקומען

אונטערשטיצונג און זיי מוז מען אויך געבן אַ זייף־צוטיילונג. רומקאָווסקי שרייבט צום סוף אין זיין ווענדונג: „דאָס אופרעכטערהאַלטונג דער געזונטהייט איסט איינע מיינער האופטאויפגאַבען“.[305]

קיין ענטפער אויף דעם בריוו איז אין די אַקטן נישט פאַראַן. דאָס איז געווען די לעצטע ווענדונג, וואָס רומקאָווסקי האָט געמאַכט פאַרן שליסן דאָס געטאָ.

## ט. וויטערער שטרייט צווישן די דייטשע אָקופּאַנטן איבערן רויב פון יידישן פאַרמעגן און וועגן אַרויסשיקן די יידן פון לאָדזש

בעת דער גרויסער בהלה, ווען אונטערן דרוק פון בלוטיקן דייטשן טעראָר זענען יידן געלאָפן אין געטאָ און אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר — האָבן די פאַרשידענע אָקופּאַציע־אַמטן, אָרגאַניזאַציעס און ציוויל־דייטשן געכאַפּט וואָס עס איז נאָר געקומען אונטער דער האַנט. ווען די יידן זענען שוין געווען אין געטאָ, אין חודש אַפּריל 1940, איז די הויפּט־אָנפירונג פון דער אָקופּאַציע־מאַכט ווידער צוגעטרעטן אַריינצוברענגען אַ סדר אינעם רויב פון יידישן פאַרמעגן. דאָסמאָל האָט זיך געהאַנדלט וועגן וווינונגען, מעבל און גרונט־שטיקער (פּלעצער), וואָס האָבן געהערט צו יידן, אויך צו פּאָלאַקן, וועלכע זענען פאַר־טריבן געוואָרן פון צענטער שטאָט.

דער לעצטער פּוסק אין די דאָזיקע שטרייט־פראַגן איז געווען דער רייכסשטאַטסהאַלטער, גאַולייטער אַרטור גרייזער. אין אַ פאַראָרדענונג פון 11־טן אַפּריל האָט גרייזער באַשטימט, אַז מיט דער „בעווירטשאַפטונג פאָן באַשלאַגנ־אַהמטען יידישען אונד פּאָלנישן גרונטפאַרמעגנס“, באַבויטן און נישט באַבויטן, ווי אויך וווינונגס־איינריכטונגען אדג״ל — דאַרף זיך נאָר פאַרנעמען דער אָבער בירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט.

אויפן סמך פון גרייזערס פאַראָרדענונג האָט דער אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט געשאַפן אַן אמט פון „פערוואַלטונג פרעמדער גרונדשטיקע“ און פאַראָרדנט, אַז „אַלע פּערזאָנען (אויך דויטשע פאָלקסצוגעהעריגע) אין ליטצמאַנשטאַט, די אונמיטעלבאַר אָדער מיטעלבאַר (פון קאָנפיסקירטע אָדער פאַרלאָזענע פון פריער פון פוילישע אָדער יידישע וווינונגען שטאַמען) וווינונגס־איינריכטונג־זאַכן (אויך וועש, פענסטער־פאָרהאַנגען, פאַרצעלאַן, בעשטעק, טעפּפי־כער, בילדער, לאָמפּן, מוזיק־אינסטרומענטן) גענומען אין באַזיץ, אָדער בענוצן נאָך איצט — ווערן אומבאַדינגט אויפגעפאָדערט שפּעטסטנס ביזן ערשטן מאַי 1940 אַלעס אָפּליפערן אין אַמט „פערוואַלטונג פרעמדער גרונדשטיקע“. יעדער צוריקהאַלט פון אָנמעלדן וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן“.[306]

דער רויב פון יידישן הויזלעכן אייגנטום איז אַזוי אַרום דייטשמעסיק רעגולירט און געזעצלעך באַשטעטיקט געוואָרן.

*

אין דערזעלבער צייט, ווען די יידן אין געטאָ־ליטצמאַנשטאַט, באַרויבט פון זייער אייגנטום, צונויפגעדריקט אין ענגשאַפט און דחקות, האָבן באַוויינט זייערע נאָענטסטע, וואָס זענען „פאַרשוואונדן" אָדער דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן, געפרייט זיך מיט די אָפּגעפּונענע, און באַמיט זיך צוריק איינצוּאָרדנען זייער חרוב לעבן — האָט דער דייטשער אויסראָטונגס־אַפּאַראַט ווייטער געאַרבעט און געזוכט נייע מיטלען ווי אַזוי צו צעפּערטלען און צעשטויבן די יידישע באַפעלקערונגס־מאַסע; פאַר די דייטשע פּלענער פון פולשטענדיקער יידן־ליקווידאַציע האָבן די צענדליקער טויזנטער יידן, אַפילו איינגעשלאָסענע אין געטאָ, מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געפערלעכן עלעמענט פון ווידערשטאַנד. דער רייכסשטאַטהאַלטער און אומבאַגרענעצטער הערשער איבערן „וואַרטעגאַו", וואָס האָט אין זיך איינגעשלאָסן אויך לאָדזש — ארטור גרייזער, האָט דעריבער גע־וואָלט זיין געביט וואָס גיכער אָפּרייניקן פון יידן. דאָס איז, אגב, געווען אין הסכם מיט היידריכס פּלאַן וועגן באַפרייען פון יידן קודם כל יענע אָקופּירטע געגנטן, וועלכע זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אין „דריטן רייך". גרייזערס „גוטע כוונות" האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן אין דער קעגנערשאַפט פון די רעגירונגס־ספערן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען מיניסטער גערינג, דער באַפולמעכטיקטער פאַר די ענינים פונעם פיריאָר־פּלאַן. פאַר די דאָזיקע היטלערישע ווירטשאַפטלער איז נאָך נויטיק געווען, אַז די יידן זאָלן בלייבן אויף זייערע ערטער, כדי זיי זאָלן קאָנען אויסגענוצט ווערן צו שקלאַפן־אַרבעט.

אין שייכות מיט דעם דערמאָנטן שטרייט צווישן אַרטור גרייזער און די ווירטשאַפטלער אין דער צענטראַלער רעגירונג, איז דעם 1־טן אַפּריל 1940 פאָרגעקומען אין בערלין אַ „באַשפּרעכונג", אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט פאָרטרעטער: פון מיניסטער גערינג — דער באַפולמעכטיקטער פאַר דעם פיריאָר־פּלאַן; פון פינאַנס־מיניסטעריום, דערנערונגס־מיניסטעריום, לייטער פון דער „האַופּטטרויהאַנדשטעללע אָסט", דער בירגערמייסטער אויסערן דינסט ווינקלער און אַנדערע הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן. אַ קאָפּיע פון פּראָטאָקאָל פון די דערמאָנטע „באַשפּרעכונגען", וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן פון בערלין צום לאָדזשער פּאָליציי־פּרעזידענט, איז געבליבן אין אַרכיוו פון דער געטאָ־פאַרוואַל־טונג. פון דעם דאָזיקן פּראָטאָקאָל דערוויסט מען זיך אַלע פּרטים פון דעם שטרייט צווישן די דייטשע מאַכטהאָבער איבער דעם אופן פון דורכפירן די אויסראָטונג פון לאָדזשער יידן.

די חשובֿע באַראַטונג פון פאַרטרעטער פון די הויפּט־מיניסטעריומס פון דער דײַטשער רעגירונג, האָבן זיך פאַרנומען מיט איין פראַגע: צי שוין אַרויסטרײַבן די ייִדן פון נאָך נישט אָרגאַניזירטן לאָדזשער געטאָ אָדער נאָך אָפּוואַרטן. אין איין פּרט האָבן אַלע מסכּים געווען באַלד אין אָנהויב פון די „באַשפּרעכונגען" — אין „פאָרלויפיגען כאַראַקטער דעס געטטאָס". ד. ה., אַז דאָס געטאָ איז נאָר אַ פאָריבערגייענדע זאַך, און דאַרף ביי אַ פּאַסיקער געלעגנהייט ליקווידירט ווערן. דער גענעראַל־פעלדמאַרשאַל, מיג. גערינג האָט אָבער געהאַלטן, אַז פאַר זיין פּיריאָר־פּלאַן איז נאָך נויטיק, אַז די ייִדן זאָלן בלייבן אין לאָדזשער געטאָ, און ער האָט נאָך דעם 23־סטן מערץ 1940 אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז דערווייל זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן די „עוואַקואירונגען".

דער רייכסשטאַטהאַלטער גרייזער איז אָבער בעת די „באַשפּרעכונגען" געווען אין דער מיינונג, אַז גערינגס פאַראָרדענונג איז געווען נוגע נאָר שטעטין און האָט נישט קיין שייכות מיט לאָדזש. גרייזער האָט זיך פאַרופן אויף אַ באַראַטונג מיט די שעפן („שעפסבאַשפּרעכונג"), ווו „דער פאַל לאָדזש איז באַזונדערס באַהאַנדלט געוואָרן, און דער גענעראַלגוווערנער פראַנק האָט אויסדריקלעך צוגעזאָגט איבערצונעמען די ייִדן פון לאָדזש".

צום סוף פון די „באַשפּרעכונגען" זענען די פירער פון „דריטן רייך" געקומען צו אַזעלכע אויספירן וועגן לאָדזשער געטאָ:

ווענדן זיך צום פעלדמאַרשאַל גערינג, אַז זיין „אַנאָרדנונג" פון 23־סטן מערץ 1940 זאָל נישט זיין נוגע לאָדזש. די רייכספאַרוואַלטונג פון עס. עס. זאָל זיך נאָכאַמאָל ווענדן צום גענעראַלגוווערנער פראַנק וועגן איבערנעמען די לאָדזשער ייִדן „אַ חוץ דעם זאָל דער אַלגעמיינער פּלאַן פון דער עוואַקואירונג אַזוי אויפגעשטעלט ווערן, אַז אויף יעדן פאַל זאָלן די ייִדן פון לאָדזש אין דער ערשטער ליניע ווערן עוואַקואירט". צום סוף איז די באַראַטונג נאָך געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג, אַז נאָכדעם, ווי די ייִדן וועלן ווערן עוואַקואירט, זאָלן די סחורות־רעזערוון פון געטאָ איבערגעגעבן ווערן דורך דער „האַופּטטרויהאַנדשטעללע אָסט".

נאָך די אונטערהאַנדלונגען צווישן די הויכע רעגירונגס ספערן אין בערלין איז אין חודש מאַי, שוין נאָכן שליסן דאָס געטאָ, אָנגעקומען אין ליטצמאַנשטאַטער פּאָליציי־פּרעזידיום דער ענדגילטיקער באַשלוס פון גערינגען נישט דורכצופירן קיין שום עוואַקואירונגען און יעדער, וואָס וועט אויף אייגענער האַנט עוואַקואירן, וועט צוגעצויגן ווערן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט. כּדי צו מאַכן די דאָזיקע פאַראָרדנונג פאַרשטענדלעכער פאַר די נידריקערע באַאַמטע פון עס. עס. און געשטאַפּאָ, האָט דער עס.־עס. און פּאָליצייפירער אין פּויזן פאַרעפנטלעכט אַ מיטטיילונג, אַז דאָס באַזייטיקן די ייִדן פון „וואַרטעגאַו" מוז אָפּגעלייגט ווערן ביז דער „וואהליניענאַקציאָן".[307]

„וואָהליניענאַקציאָן" דאַרף מען פאַרשטיין אַלס די אַקציע פון באַזעצן אין

„וואַרטעגאַו“ די וואָלינער דייטשן, וואָס זענען אויפן סמך פון באַפעלקערונגס־אויסטויש־אָפּמאַך צווישן די סאָוויעטן און די דייטשן, איבערגעשיקט געוואָרן פון ראַטנפאַרבאַנד אין אָקופּירטן פּוילן. פון די פריערדיקע קאַפּיטלען איז שוין באַקאַנט, אַז גראָד די דערמאָנטע אַקציע איז געווען די סיבה פון דעם ערשטן יידן־גירוש פון לאָדזש אין דעצעמבער 1939.

ווידער טרעט דאָ אַרויס דער קאַמופלאַזש, וועלכן די דייטשן האָבן אָפּטמאָל באַנוצט אין זייערע אויסראָטונגס־דאָקומענטן, כדי צו פאַרמאַסקירן זייערע פאַרברעכערישע מעשים. די אמת׳ע סיבות פון דערוויייליקן נישט פאַר־טרייבן די יידן פון „וואַרטעגאַו“ זענען געווען דריי: די מורא מיטאַמאָל אָנצוגרייפן אַזאַ מאַסע פון 400 טויזנט יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דערמאָנטן אָקופּירטן געביט, די נאָך נישט צוגעגרייטע טויט־קאָמבינאַטן אויף אומצוברענגען אַזוי פיל יידן און די ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן פון דריטן רייך, וואָס האָבן זיך געניטיקט אין יידישע אַרבעטס־הענט.

וועגן דער לעצטער סיבה האָט גערינג קלאָר גערעדט אויף דער קאָנפערענץ פון די שעפן אין קארינהאַל, דעם 1940.12.2. אין זיין רעדע האָט גערינג דעמאָלס באַטאָנט, אַז „אַלע דעפּאָרטאַציעס דאַרפן אָפּגעהאַלטן ווערן, כדי נישט צו פאַרקלענערן די צאָל פון נוצלעכע אַרבעט־כוחות און נישט צו פאַרשווערן די ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון לאַנד.[307א] די אַנדערע צוויי סיבות, וואָס האָבן די דייטשע אָקופּאַנטן צוריקגעהאַלטן פון תיכּפדיקן גירוש פון לאָדזשער יידן, האָבן געהערט צו די דייטשע „באַשפרעכונגען“, וואָס זענען געבליבן שטרענג געהיים און האָבן זיך נאָר דורכגעריסן אין די דעמלטיקע דיסקוסיעס צווישן די דייטשע פּראָפעסאָרן און געלערנטע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער „יודענפּראַגע“.[308]

אָט אַזוי האָט זיך געוויגט דער גורל פון לאָדזשער געטאָ און פון זיינע 160.000 יידן נאָך באַלד מתחילת, ווען דער דאָזיקער עמק הבכא האָט נאָרוואָס אָנגעהויבן זיין טרויעריקע עקזיסטענץ. דער שוואַרצער שאָטן פון ענדגילטיקער ליקווידאַציע און אויסראָטונג, האָט זיך געטראָגן איבערן געטאָ ליטצמאַנשטאַט דורך די גאַנצע פינף יאָר פון זיין דויער.

## י. דייטשן שליסן אָפּ דאָס געטאָ און גיבן איבער רומקאָווסקין די „פּולע ממשלה“ איבער זיינע יידן

פון בלוטיקן אַריינטרייבן די יידן אין געטאָ ביזן אָפּשליסן דעם וווין־שטח האָט געדויערט קנאַפּע צוויי חדשים. יידן האָבן ווי עס איז זיך איינגעאָרדנט. די געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זענען אַריין אין געטאָ, מייסטנס פון די אַרבעטער־פּאַרטייען: בונד און לינקע־פּועלי ציון, האָבן זיך פאַרנומען מיט העלפן אָרגאַניזירן

אַ ניי קהלה־לעבן. ביים רומקאָווסקי־אַפּאַראַט איז געשאַפן געוואָרן אַ ווירט־שאַפטס־קאָמיסיע אין וועלכער עס זענען אריין: קלמן סאמעלסאָן, עמנואל וואָלינסקי, דייטלצווייג, שורעק, פישביין, יאַני שולמאַן, די צוויי ברידער מאַק און דער פאַרמלחמהדיקער ציוניסטישער טוער ברוך פּראַשקער, וועלכער איז געוואָרן רומקאָווסקיס נאָענטסטער עצה־געבער. אויך דער בונדיסט יאכימעק האָט געהאָלפן אין אָרגאַניזירן דאָס כּלל־לעבן. רומקאָווסקי האָט אין דעם באַשריבענעם פּעריאָד געהאַט אַ לאָיאַלע באַציאונג צו די מענטשן, וואָס זענען אים געקומען העלפן אויפשטעלן די אינסטיטוציעס אין געטאָ.

יעדער פון די דערמאָנטע פּערזאָנען, האָט זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן די אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, וואָס זענען נויטיק געווען פאַרן לעבן און עקזיסטענץ פונעם אומגליקלעכן געטאָ־כּלל.

יאַני שולמאַן און פישביין האָבן אָרגאַניזירט די „הויז־וואַכן", וואָס האָבן געהאַט די אויפגאַבע: אָפּצוהיטן די הילצערנע באַלוטער הייזער, מ'זאָל זיי נישט צעשלעפּן אויף ברען־האָלץ, צו באַוואַכן דעם אַפּראָוויזאַציע־לאַגער און די ניי אויפגעשטעלטע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געהאַט קהילה'ש פארמעגן. שולמאַן האָט אויך זיך פאַרנומען מיט איינאָרדנען די שפּיטעלער און אַמבולאַטאָריעס, וועלכע זענען ווי יידישע אנשטאַלטן אריבער אין געטאָ. ער איז אויך געווען דער ערשטער פאַרוואַלטער פון געטאָ־שפּיטאָל. סאמעלסאָן האָט אָרגאַניזירט די שטייער־אָפּטיילונג. מיטן וווינונגס־אמט האָט אָנגעפירט ברוך פּראַשקער. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ בוי־אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון נאטאן מאַק. זי האָט זיך פאַרנומען מיט רעמאָנטירן אַלטע הייזער, איבערגעבויט בנינים און צוגעפּאַסט זיי פאַר שפּיטעלער. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַמט פון הויז־אַדמיניסטראַטאָרן, וואָס האָט געגעבן באַשעפטיקונג מענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט געקאנט נעמען צו קיין אנדערע פרנסות. עס זענען געוואָרן הויז־אַדמי־ניסטראַטאָרן: עמנואל וואָלינסקי — דער אַמאָליקער אָנפירער פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג אין לאָדזש, וואָס האָט אזא אַמט פארנומען אויך אין געטאָ, דייטלצווייג, דער שרייבער יוסף זעלקאָוויטש, גוסטאוו גארפינקל אאנ"ד.

דאָס אויפסניי אָרגאַניזירטע קהילה־לעבן האָט געבראַכט באַרויקונג און געגעבן אויך באשעפטיקונג די אומגליקלעכע געטאָ־איינוווינער. דער שטייער־אַמט האָט גענומען איינמאָנען שטייערן ביי די יידן, וואָס האָבן אויף וועלכן עס איז אופן מיטגעבראכט פאַרמעגן אין געטאָ. אין א ווענדונג צו „זיינע" יידן, האָט רומקאָווסקי אויפגעפאָדערט די פאַרמעגלעכע יידן, זיי זאָלן זיך באַשטייערן פאַר הילפס־צוועקן. אַלס א קוועלע פון הכנסה איז אויך געווען דאָס פאַרקויפן די בעסערע וווינונגען צו גבירים, וואָס עס האָט אַרויסגערופן נישט ווייניק פאַר־ביטערטקייט צווישן די געטאָ־איינוווינער.

אין געטאָ־שטח איז געווען אַ פרייער פאַרקויף פון פּראָדוקטן און ברויט.

דאָס געטאָ איז נאָך נישט געווען אָפּגעשלאָסן און פּאָלאַקן האָבן געבראַכט פּראָדוקטן, וועלכע זיי האָבן אויסגעטוישט אויף סחורות אָדער אויף ווערט־זאַכן און געמאַכט גוטע געשעפטן.[309]

א חוץ די קראָמען און שטעלעכלעך, וואָס האָבן עקזיסטירט נאָך פון פריער אין באַלוט, זענען נאָך פאַרן אַריינגאַנג אין געטאָ געשאַפן געוואָרן קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, וועלכע זענען אָרגאַניזירט געוואָרן פון בונד און פּועלי ציון. א דעלעגאַציע פון בונד אין די פּערזאָנען פון גאָלדע זילבערבערג־יאַקו־באָוויטש און דעם אַמאָליקן פּאָרזיצער פון לאָדזשער פּאַרטיי־קאָמיטעט ירחמיאל פּערגאַמענט האָבן אויסגעפּועלט ביי רומקאָווסקין צו עפענען אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם, וואָס האָט אָנגעהויבן איר פּאַרקויפס־טעטיקייט אויף בזשעזשינער 25. פּאַרוואַלטער פון קאָאָפּעראַטיוו איז געווען משה לעדערמאַן, דער פּאָרזיצער פון אומלעגאַלן בונד אין געטאָ. אויף דעם זעלבן אופן האָבן אויך די ל. פּועלי ציון געשאַפן אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס האָט זיך געפונען אין אַמאָליקן פּועליציוניסטישן קאָאָפּעראַטיוון הויז אויף בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ 16. האַלענדערסקי — אַ ברודער פון פאַרפייניקטן פּועלי ציוניסטישן פירער, איז געווען דער דירעקטאָר פונעם קאָאָפּעראַטיוו.[310]

די ניי געשאַפענע אָרגאַניזאַציעס און איינריכטונגען האָבן פאַרשטענדלעך נישט געקאָנט באַזייטיקן די נויט און הונגער, וואָס האָט געפּייניקט די אָרעמע און אַרבעט־מענטשן אין די ענגע קליינע געטאָ־וווינונגען. פאַרהעלטנישמעסיק נישט שלעכט האָט געלעבט דער פאַרמעגלעכער שיכט, ווייל פאַר געלט האָט מען אַלץ געקאָנט קויפן. „מען האָט געלעבט פון טאָג צו טאָג. פון האַנט צום מויל, עס איז אָנגעקומען פּסח, דער ערשטער פּסח אונטער דראָטן, מיט יאוש און פאַרצווייפלונג אין האַרצן, אָבער דאָך האָט מען לייכטער אָפּגעאָטעמט, מ׳געפינט זיך בלויז צווישן אייגענע, נישט געדאַרפט זיך אַלע ווײַלע אומקוקן, צי עס גייט נישט אַ כאַפּער, צי עס קומט נישט אַן אומגעריכטער קלאַפּ, אינסטינקטיוו האָט נאָך יעדער געפילט אַ פּחד פאַר דעם מינדעסטן שאָטן פון א דייטש. מען קאָן שוין רויקער זיצן אין דער היים, ביי זיך אין שטוב און נישט דאַרפן ציטערן פאַר יעדן דורכגייער אין גאַס, פאַר יעדן קלאַפּ אין טיר — אַלץ אייגענע יידן״.[311]

אזוי האָט ישראל טאַבאַקסבלאַט, אין זיין בוך „חורבן לאָדזש״, באַשריבן די שטימונג פון די יידן אין ערשטן פּסח און אין ערשטן חודש אין געטאָ־ליטצמאַנשטאַט. די דאָזיקע אויפריכטיקע שורות פון א מענטש, וואָס האָט אַלץ אַליין איבערגעלעבט, ברענגען קלאָר צום אויסדרוק דאָס דעמאָלסדיקע פילן פון די יידן אינעם ניי־געשאַפענעם געטאָ, ווייל דאָס לעבן אין ענגשאַפט, דחקות און נויט איז דאָך געווען אַנדערש אין מאַרגלייך מיט יענעם גרויליקן טויט־פּחד, וואָס דער דייטשער טעראָר און בלוט־אָפּצאַפּונג האָט אָנגעוואָרפן אויף יידן. צעפרידן פון דעם נייעם מצב איז געווען דער יודענעלטעסטער מרדכי חיים

רומקאָווסקי. ער גייט פון שטאַפּל צו שטאַפּל צו דעם העכסטן שפּיץ פון מאַכט. ער ווערט דער אומבאַגרענעצטער הערשער איבער די 160 טויזנט לאָדזשער יידן. אין קיין שום גבית עדות און זכרונות פון די דעמאָלסטיקע מקורבים פונעם יודענעלטעסטן איז נישט פאַראַן די מינדעסטע אָנדייטונג אויף דעם, אַז רומ־קאָווסקי זאָל האָבן געוווּסט אומצופרידן פונעם פאַרטרייבן יידן אין געטאָ. זייער צעפרידן איז אויך געווען די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט: די פערפּידיע איז געלונגען. די יידן זענען פאַרטריבן אין געטאָ און זענען דאָרט באַרויקט. די דייטשן זענען צוגעטרעטן צו אַ וווייטערדיקן עטאַפּ אין דער יידן־אויסראָטונג־טעטיקייט: אָפּשליסן דאָס געטאָ און דורך הונגער, שקלאַפּישער אַרבעט, וווייטערדיקן טעראָר — צעברעכן יעדן ווידערשטאַנדס־ווילן און דאַן וועט קומען דער „ענדציל": די פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון יידן.

*

אין משך פון חודש אַפּריל 1940 האָבן די דייטשן דורך יידישע הענט אויסגעפּאַרטיקט אַלע דראָט־פאַרצוימונגען אַרום געטאָ. יידן האָבן אוממעכטיק זיך צוגעקוקט ווי די שטאַכל־דראָטן מיט די אויפגעשטעלטע סלופּעס פאַרמאַכן פאַר זיי יעדן אויסגאַנג און אַרויסגאַנג, יעדן קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט.

דעם 30־טן אַפּריל האָט דער „אָבערבירגערמייסטער" פון לאָדזש ה' פאַן שיפּער געמאָלדן דעם „עלטעסטן דער יודען, הערן רומקאָווסקי", אַז עס איז פאַרבאָטן „אַלע איינוווינער צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ און רומקאָווסקי ווערט געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּינקטלעכער דורכפירונג פון דעם פאַרבאָט." אויך אין דער דאָזיקער מעלדונג, געשטיצט אויף אַ פאַראָרדנונג פון פּאָליציי־פּרעזידענט, וואָס פאַרשליסט די 160 טויזנט יידן אין אַ תפיסה, באַווייזט זיך ווידער אין דער פולער מאָס די דייטש־היטלערישע פערפידיע. דער אָבערבירגער־מייסטער פון ליטצמאַנשטאַט רעדט צום „הערן יודענעלטעסטן" מילד, ווייך. מיט זיינע אָנווייזונגען איז ה' פאַן שיפּער נאָר אויסן די טובה פון די יידן, „כדי אויפצוהאַלטן אַ געאָרדנט קהילה־לעבן („געמיינשאַפטסלעבן") אין ווווינגעביט פון די יידן, וואָס איז נויטיק און וועט ערשט ווערן נויטיק". צו דעם צוועק דאַרף רומקאָווסקי זאָרגן „פאַר דער אָרדנונג פון ווירטשאַפטס־לעבן", דערנערונג, אַרבעטס־פליכט, געזונדהייטס־וועזן און סאָציאַלע הילף.

צו די רעכטן און פליכטן פונעם יודענעלטעסטן געהערן, לויט דער מעלדונג פונעם אָבערבירגערמייסטער: פאַרזיכערן די דערנערונג פון דער באַפעלקערונג דורך קאָנפיסקירן אַלע רעזערוון און ברענגען זיי צו דער פאַר־טיילונג; פאַרפליכטן די יידן צו בחנמדיקער אַרבעט; תיכף אַוועקשטעלן אַ מעלדונגס־ביוראָ מיט רשימות פון אַלע געטאָ־איינוווינער, זייער רעליגיע און

פּאָלקס־צוגעהעריקייט, אַ קאָפּיע פון די רשימות אין פינף עקזעמפּלאַרן דאַרף יעדע וואָך צוגעשטעלט ווערן דעם אָבערבירגערמייסטער; דעם קאָנטאַקט מיט דער דייטשער מאַכט דאַרף אָנהאַלטן נאָר רומקאָווסקי אַליין אָדער זיין שטעל־פאַרטרעטער; די פאַרוואַלטונג (רומקאָווסקיס ביוראָען) ווערן איבערגעפירט אויף באַלוטער פּלאַץ, צום דורכפירן אַלע זיינע פאַראָרדנונגען שטייט דעם יודענ־עלטעסטן צו הילף די „אָרדנונגס־דינסט" (יידישע פּאָליציי).

דער אָבערבירגערמייסטער שיפער פאַרגעסט אויך נישט אין יידישן פאַרמעגן, וואָס געפינט זיך נאָך אין געטאָ און ער שרייבט צו רומקאָווסקין: „אַזוי ווי דאָס גאַנצע יידישע פאַרמעגן איז, לויט אַ מלוכה־געזעצלעכער רעגו־לירונג קאָנפיסקירט געוואָרן, דאַרפן זי (דער יודענעלטעסטער), די פאַרמעגנס־ווערטן פון יידן, אויף וויפיל זיי געהערן נישט אוממיטלבאַר צו די לעבנס־נויטווענדיקייט (צ. ב. באַקליידונג, דערנערונג און וווינונג) ארויפנעמען אויף רשימות און צו פאַרזיכערן".

צום סוף מעלדעט דער אָבערבירגערמייסטער, אז אלע מיטלען פון א גרונטזעצלעכן כאַראַקטער, וואָס רומקאָווסקי נעמט פאָר — מוזן פאַר דער אויס־פירונג באקומען זיין, דעם אָבערבירגערמייסטערס, שריפטלעכע צושטימונג. אויך דער פּאָליציי־פּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאַט בלייבט ביי זיין אויפזיכט איבערן געטאָ.[312]

מיט דער דאָזיקער מעלדונג פון ליטצמאַנשטאַטער אָבערבירגערמייסטער צו רומקאָווסקין איז דאָס געטאָ אָפיציעל געשלאָסן געוואָרן און ה' מ. ח. רומקאָווסקי האָט פון די דייטשן באַקומען די „פולע" מאַכט איבער די געטאָ־יידן. די אמת'ע מושלים איבער זיי זענען אָבער געוועזן, דערוויייל, דער אָבער־בירגערמייסטער און דער פּאָליציי־פּרעזידענט, וואָס האָט דורכגעפירט די מאַסן־שחיטה בעתן טרייבן אין געטאָ. רומקאָווסקי איז נאָר געווען אַ ווערקצייג אין זייערע הענט און געדאַרפט אויספירן זייערע באַפעלן. וועגן דער דאָזיקער טרויריקער ראָל, וועלכע איז אים צוגעטיילט געוואָרן, האָט דער יודענעלטעסטער לחלוטין נישט געטראַכט.

*

די דייטשן האָבן פאַרענדיקט אָפּשליסן דאָס געטאָ. די דראָט־פאַרצוימונגען האָבן אַרומגענומען דעם גאַנצן שטח. נאָכן צענעמען די הייזער, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט פון געטאָ האָט א „פרייער" פּאַס אָפּגע־טיילט דאָס געטאָ פון דער שטאָט. די פּאָלאַקן, וואָס האָבן געוווינט נישט ווייט פון יידישן וווין־שטח זענען געוואָרן איבערגעפירט אין עק שטאָט. אין זייערע וווינונגען אַרום געטאָ זענען געוואָרן אַריינגעזעצט פאָלקסדויטשן „באַלטן־דויטשן (אויסגעטוישטע פון די באַלטישע לענדער, וואָס זענען באַהערשט

געוואָרן דורכן ראַטנפאַרבאַנד). די צוויי הויפּטגאַסן, וועלכע האָבן דורכגעשניטן דאָס געטאָ ביזן סוף שטאָט — זגערזשער און לימאַנאָווסקיעגאָ, און געווען פאַר־בונדן מיט צענטראַלע שאָסיי־וועגן אין לאַנד — זענען דערקלערט געוואָרן פאַר אַרישע גאַסן אויף דעם אופן, וואָס נאָר דער ברוק פאַר דער קאָמוניקאַציע (פאַרוועג) איז געווען „אַריש". דאָרט האָט קיין ייד נישט געטאָרט גיין, אָבער די הייזער און די טראָטוארן אויף די דערמאָנטע גאַסן, האָבן געהערט צום געטאָ, נאָר די יידישע באַוווינער פון די דאָזיקע הייזער האָבן נישט געטאָרט אַרויס־קוקן דורך זייערע פענצטער אויף די גאַסן.

אין טאָג פון ערשטן מאַי 1940 האָבן די דייטשן אָפּגעשלאָסן די געטאָ־טויערן, וואָס האָבן געפירט צו דער שטאָט און די יידן זענען געבליבן אין דער פאַרמאַכטער געטאָ־תפיסה.[313]

## יא. לאָדזשער יידן אויפן וואָגל און וואַנדער איבער די שטעט און שטעטלעך פון פוילן

אין משך פון די ערשטע פיר מלחמה־חדשים, פון סעפּטעמבער 1939 ביז יאַנואַר 1940, האָט די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש זיך פאַרקלענערט פון 233 טויזנט אויף 219 טויזנט (14 טויזנט נפשות איבער 6 פּראָצ.) פון יאַנואַר 1940 און ווייטער זענען פאַראַנען מער פּינקטלעכערע ציפער־מאַטעריאַלן וועגן דער באַפעלקערונגס־באַוועגונג פון די לאָדזשער יידן אין יעדן חודש באַזונדער.

די דאָזיקע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דעם סטאַ־טיסטישן אָפּטייל פון דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג, שטאַמען פון די ציפערן־באַריכטן, וועלכע רומקאָווסקי האָט צוגעשטעלט דער דייטשער מוני־ציפּאַלער מאַכט. די באַריכטן, זענען, נאָך דער באַפרייאונג, סטאַטיסטיש באַאַרבעט געוואָרן דורך ד״ר עדוארד ראסעט, דעם דעמאָלסדיקן לייטער פון סטאַטיסטישן אַמט ביי דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג —

טאַבעלע 3

| חודש | באַפעלקערונג מצב אָנהויב חודש | געבורט | שטערבלעכקייט | צוגעפאָרן | אַרויסגעפאָרן | מצב סוף חודש |
|---|---|---|---|---|---|---|
| יאַנואַר | 219.860 | 45 | 391 | 1.128 | 20.953 | 199.689 |
| פעברואַר | 199.689 | 43 | 352 | 1.603 | 14.908 | 186.075 |
| מערץ | 186.075 | 117 | 382 | 587 | 15.878 | 170.519 |
| אַפּריל | 170.519 | 123 | 414 | 268 | 7.896 | 162.600 |
| מאַי[314] | 162.600 | 88 | 426 | | 1.451 | 160.811 |

אין די דאָזיקע טרוקענע ציפערן שפיגלט זיך אָפּ די גרויסע טראַגישע קאַטאַסטראָפע, וועלכע ס׳האָט איבערגעלעבט דער לאָדזשער יידישער ישוב באַלד אין די ערשטע 8 חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

יעדע ציפער איז דאָ אַן אויסדרוק פון דייטשער מאָרד־טעטיקייט קעגן פרידלעכן לאָדזשער יידנטום. דער טעראָר, די מערדערישע אָנפאַלן אויף יידן, דאָס כאַפּן אויף אַרבעט, דער רויב פון יידישן אייגנטום, דאָס צונעמען די מעג־לעכקייט פון אַרבעטן און פאַרדינען, וואָס האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט אין דעם ערשטן קוואַרטל פון יאָר 1940 — אין רעזולטאַט פון דעם אַלעם: הונגער און עפּידעמישע קראַנקייטן — צעפּערטלען שוין די יידישע באַפעלקערונג פון לאָדזש, נאָך איידער עס קומען פאָר די גרויסע דעפּאָרטאַציעס אין די כעלמנאָער גאַז־קאַמערן. יידן צעלויפן זיך פון לאָדזש, ווו די אויגן טראָגן. אין חודש יאַנואַר, נאָך דער רציחה איבער די „אסטאריא״־באַזוכער און אויסמאָרדונג פון די מיטגלידער פונעם ערשטן יודענראַט, נאָכן ערשטן גירוש, פאַרקלענערט זיך מיטאַמאָל די יידישע באַפעלקערונג אויף איבער 21 טויזנט נפשות. אין פעב־רואַר, ווען עס איז אַרויס די פאַראָרדנונג צו גיין אין געטאָ, קומט ווידער פאָר אַ פאַרקלענערונג פון דער צאָל יידישע נפשות אויף 13.614. אין חודש מערץ, ווען די דייטשן פירן דורך די גרויסע שחיטה און מיט דער הילף פון פייניקונגען און טעראָר טרייבן זיי די יידן אין געטאָ, ווערט ווייניקער אין לאָדזש מיט 16.000 יידן. צווישן זיי זענען פאַראַן אויך די דערמאָרדעטע, וועמענס צאָל עס לאָזט זיך נישט געענוי פעסטשטעלן. אזוי פאַלט כסדר די צאָל פון דער יידישער באַפעלקע־רונג, ביז דאָס געטאָ ווערט געשלאָסן אין חודש מאַי 1940. אין אַפּריל האָבן נאָך באַוויזן קנאַפּע 8.000 יידן צו פאַרלאָזן לאָדזש און פון אָפּגעשלאָסענעם געטאָ זענען אוועק נאָך 1.451 נפשות.

צוזאַמען מיט דעם ראשן פאַלן פון דער יידישער באַפעלקערונגס־צאָל צוליבן אַנטלויפן פון לאָדזש, וואַקסט די שטערבלעכקייט ווי עס איז צו זען פון דער טאַבעלע. די צאָל טויטפאַלן אין חודש מערץ, ווען עס איז פאָרגעקומען די גרויסע הריגה, איז אפילו קלענער ווי אין יאַנואַר און עטוואָס העכער ווי אין פעברואַר. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די הונדערטער יידן, וואָס די דייטשן האָבן דערשאָסן אין חודש מערץ זענען אין דער באַפעלקערונגס־עווידענץ פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג נישט געמאָלדן געוואָרן ווי טויט־פאַלן.

אין משך פון די 9 חדשים זייט די דייטשע מיליטער־האָרדעס זענען אַריבער די פוילישע גרענעץ, האָט דער יידישער ישוב אין לאָדזש זיך פאַר־קלענערט אויף 72.189 נפשות. א באַדייטנדער צאָל פון זיי זענען אויף די וואַנדער־וועגן דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן. פיל זענען אַוועק אין די געוועזענע פוילישע גרענעץ־געביטן, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער

אַרמיי און אַ גאַנץ אַנגעזעענע צאָל האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע, ווו עס איז נאָך קיין געטאָ נישט געווען, אָדער געפונען אַ מקום מקלט אין די קליינע שטעטלעך.

די צאָל לאָדזשער יידן אין וואַרשע ביז דער גרויסער דעפּאָרטאַציע, אין די זומער־חדשים 1942, האָט באַקומען אַ פאַרשידנאַרטיקע אָפּשפּיגלונג אין די דאָקומענטן פון יענער צייט, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די אַרכיוון. די „דזשאָינט״־באַריכטן פון יענעם פּעריאָד גיבן אָן, אַז בעתן אַנטשטיין פון וואַרשעווער געטאָ האָבן זיך דאָרט געפונען פון 40 — 50 טויזנט לאָדזשער יידן. דאקעגן־זשע אַ באַריכט פון וואַרשעווער פּליטים־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין רינגעלבלום־ארכיוו, גיט אָן די צאָל לאָדזשער פּליטים, אין סוף 1940, אויף 14.823 נפשות, מ׳דאַרף אָננעמען, אַז ביידע באַריכטן זענען נישט אויסגעזויגן פון פינגער, נאָר שטיצן זיך אויף רשימות, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן ביי פאַרשידענע באַדינגונגען: יידן געקומענע פון לאָדזש האָבן נישט געוואָלט זיך אָנגעבן אַלס פּליטים, כדי שפּעטער נישט צו ווערן אַרויסגעשיקט.

די לאָדזשער אין וואַרשע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען, ביי דער לאַנדסמאַנשאַפט זענען אפילו געווען אומלעגאַלע פּאַרטיי־גרופּן, וועלכע האָבן אונטערגעהאַלטן אַ קאָנ־טאַקט מיט זייערע לאָדזשער חברים און אריבערגעפירט פאר זיי געלט פון „דזשאָינט״־קוועלן.

דער שרייבער פּרץ אָפּאָטשינסקי, אין זיינס אַ רעפּאָרטאַזש וועגן די „שאָפּן״, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין רינגעלבלום־אַרכיוו, האָט דערציילט, אַז לאָדזשער און אַלעקסאנדרער זאַקן־ארבעטער האָבן צו דער „ארבעט און פּראָדוקציר־קאָמיסיע״ אין וואַרשע צוגעשטעלט אַ פּלאַן פון אָרגאַניזירן אַ פאַבריק פון 180 זאָקן מאַכער.

זייער וואָגיק איז געווען די גרויסער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון די לאָדזשער עסקנים אין וואַרשעווער־געטאָ. יאָנאַס טורקאָוו אין זיין זכרונות־בוך „אַזוי איז עס געווען״ דערמאָנט געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן אויף זייערע אַמטן אין די געטאָ־אינסטיטוציעס פיל געטאָן פאר דער געפייניקטער וואַר־שעווער יידישער באַפעלקערונג. מ. נוסבוים, אַ לאָדזשער, היינט דער פּאָרזיצער פון דער בונדישער גרופּע אין מעלבורן, האָט צום 11־טן יאָרטאָג פונעם אומקום פון יידישן לאָדזש, פאַרעפנטלעכט אין דער מעלבורנער „די יידישע פּאָסט״ פון 26.8.1955, אַ רשימה פון 62 לאָדזשער יידן אַנגעזעענע טוער, בונדיסטן און ציוניסטן פון אַלע שאטירונגען וואָס זענען געווען טעטיק אין דער וואַרשעווער אונטערערדישער באַוועגונג און דער וויט גרעסטער טייל פון זיי איז אומגעקומען אין די קאַמפן קעגן די דייטשן אָדער אין וואַרשעווער־געטאָ־אויפשטאַנד.[315]

אַ באַדייטנדע צאָל לאָדזשער יידן זענען בעת דער דייטשער יידן־

אויסראָטונג אויך פאַרוואָלגערט געוואָרן אין די קלענערע און גרעסערע שטעט פון פוילן. לויט דעם שוין דערמאָנטן באַריכט פון „דזשאָינט" האָבן אין ראַדאָם זיך געפונען אַן ערך 1.000 לאָדזשער, וואָס האָבן געהאַט אַן אייגענע קיך און אַ לאַנדסמאַנשאַפט. לאָדזשער לאַנדסמאַנשאַפטן געפינען מיר אין יענער צייט אויך אין לובלין און אָסטראָוויעץ. „אין טשענסטאָכאָוו זענען די לאָדזשער פּליטים געווען אין אַזאַ צאָל, אַז ביי דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף ביים יודענראַט איז געווען אַ לאָדזשער סוב־קאָמיסיע".

די באַוווסטע פאַרשעריין פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונגס־טעטיקייט, אין די שטעטלעך אין פוילן, ט. ברוסטין־בערנשטיין, גיט אָן פאָלגענדע ישובים, ווו עס האָבן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך געפונען פּליטים, לאָדזשער יידן:

לובלין, פישטשאַק, (קרייז ביאַלעפאָדלאַסק), שעברשין, טאַרנאָגראַד, וולאַדאווע, ווימלאָוויצע, (קרייז כעלם) — 260 נ"פ, אַננאָפּאָל (קרייז יאַנווו לובעלסקי), זאַקליקאָוו — 350 נ"פ; גאַשקווו (קרייז קראַסניסטאַוו) — 296 נ"פ; איזשביצע — 1.900 נ"פ, שיענניצע־כוזשאַנא — 56 נ"פ, טוראָבין — 1.250 נ"פ; קאַמאַראָוו (קרייז זאַמאָשטש), פיאַסעטשנא, צעכאָווקאַ, בלענדאַוו, גורא־קאַלוואַריע (גער), גריצע, מאָגעלניצע, גלאָוונע, לוויוויטש, לישקאָוויצע־גמינא, סקערניעוויץ, יעזשאָוו (ביי לאָדזש), בלוינע, גראָדזשיסק, סאָכאַטשעוו, וויסקיטקע, זשעלעכאָוו, לאַשיצע, מאַרדי, שעדלעץ און ווענגראָוו.[316]

די באַריכטן, וואָס דערציילן וועגן די וואַנדערונגען פון די לאָדזשער יידן בעת דער אויסראָטונג, נעמען אַרום די יאָרן סעפּטעמבער 1939—1941 און אַפילו 42. דאָס לאָדזשער געטאָ איז אָבער אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין מאַי 1940. עס איז דעריבער אָנצונעמען, אַז די דערמאָנטע באַריכטן שפּיגלען אָפּ די וואַנדערונגען פון די לאָדזשער יידן איבער די ישובים פון פוילן שוין נאָכן אַנטלויפן פון לאָדזש. פיל פון די דאָזיקע לאָדזשער יידן זענען אויך געטריבן געוואָרן פון די דייטשן בעת די דעפּאָרטאַציעס פון די קלענערע שטעטלעך אין די גרעסערע ישובים, ווו די רוצחים האָבן קאָנצענטרירט די יידן, כדי אין גרעסערע מאַסן אָפּצושיקן אין די טויט־לאַגערן.

.17

# די ערשטע חדשים אין פארשלאסענעם געטא

## א. באפעלקערונגס-צאל, אינטעליגענץ און פיזישע ארבעטס-כוחות, וואס זענען אריין אין געטא

ווי עס איז צו זען פון דער אויבנגעבראכטער טאבעלע, זענען בעתן אפשליסן דאס געטא דארט געווען 162.600 נפשות. די גרויזאמע בלוט־אפ־צאפונג און הריגות אין די קנאפע אכט חדשים דייטשער אקופאציע האבן נישט באוויזן אפצוטויטן מאראליש, גייסטיק און סאציאל די איבער 160 טויזנט קעפיקער עדה. די לאדזשער יידן זענען אריין אין געטא מיט אינסטיטוציעס, אנשטאלטן, שולן, אינטעליגענץ, ארבעטס-מענטשן און באדייטנדע גייסטיקע און געזעלשאפטלעך אקטיווע כוחות.

צווישן די 162 טויזנט געטאאיזירטע יידן זענען געווען: 108 דאקטוירים, 350 לערער, צווישן זיי דער וויסנשאפטלער־אריענטאליסט ד״ר קאמיענעצקי, דער בארימטער ספעציאליסט אין פרעמדע שפראכן — ד״ר קלעמענטינאווסקי, וואס האט אין געטא, צוליב אומבאוואוסטע סיבות, געענדערט זיין נאמען אויף אינזש. הורוויטש.

דיכטער, פראזאיקער און פלאסטיקער זענען אריין אין געטא: מרים אולינאווער, ישעיהו שפיגל, יוסף זעלקאוויטש, אלתר שניר־איצינגער, ש. שאיע־וויטש, פ. גארפינקל, אלטער האפמאן, אסתר אבראמאוויטש, ש. בערנשטיין, י. לייזעראוויטש, הינדע לעווי, א. יאכימאוויטש, ש. ד. בונין, (העברעישער שרייבער), ירחמיאל בריקס, ש. יאנאווסקי, משה סאנעק, א. פאטשארעק אאנ״ד.

אין געטא גופא האבן זיך באוויזן נייע שעפערישע כוחות, וואס האבן געשריבן לידער, כראניקעס, רעפארטאזשן, ווי: רבקה קוויאטקאווסקי, חוה ראזענ־פארב, מאיר בער גוטמאן, רחל וואלינסקא, וו. יאכימעק, גערשט, ש. וואלמאן, נאטע בערלינער, שמואל גרין, מ. גרינוואלד, בלומע רייכנבערג און הערש גליקסבערג.

עס זענען אויך געווען אין געטא יידישע זשורנאליסטן, וואס זענען פאר דער מלחמה געווען באשעפטיקט אין פוילישע צייטונגען, ווי: צוקער־צערסקי, דארא וואסערצוג („טשאטשא מארישא״). פון צווישן די קינסטלער־פלאסטיקער דארפן דערמאנט ווערן: יצחק ברוינער (איצל, איצעק) י. לייזעראוויטש, מ. שיליס, פרוי נוימאן און קאוונער.[317]

צווישן דער אינטעליגענץ האָט זיך געפונען אַ באַדייטנדע צאָל אַדוואָקאַטן, יונגע אַפּליקאַנטן, יוריסטן, דירעקטאָרן און בוכהאַלטאָרן.

אויך די פרומגלוביקע יידן זענען אַריין אין געטאָ מיט זייערע פירער — רבנים און כלי קודש, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפינען די אָנגעזעענע רבנים: הרב נחמיה אַלטער, הרב יוסף פיינער, הרב שמואל דוד לאַסקי, הרב שמחה אבערבוים, הרב אליעזר ליפשיץ, הרב ווייס, הרב פליישהאַקער, הרב וויטעלזאָן, הרב ביק — הרב ריינעסעס אַן איינקל אאנ״ד.[318]

כמעט אַ דריטל פון די יידן, וואָס זענען אַריין אין געטאָ זענען באַשטאַנען פון אַרבעטער פון פארשידענע פאכן. דאָס ווערט קלאָר פון א רשימה, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין לאָדזשער סטאַטיסטישן אַמט ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די רשימה איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן פאַרלאַנג פון ביבאָוון, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען דער מושל איבערן געטאָ.

אין אַ בריוו צום אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט, מיט דער דאַטע — 18־טער סעפּטעמבער 1940, סיגנירט מיט: „אונדזערע צייכען — 0231 / R / Spr״ בעטרעפנד אַרבייטסאיינזאַטץ דער יידישן פאַכאַרבייטער אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט״, בעט ביבאָוו דעם סטאַטיסטישן אַמט, אַז ער זאָל אויפשטעלן א רשימה פון דער צאָל יידישע פאַכאַרבעטער, וואָס זענען פאַראַנען אין געטאָ ליטצמאַנשטאט. די רשימה זאָל געטיילט ווערן אין פאַך־גרופּן און לסוף אַן אַלגעמיינער סך־הכל וועגן זייער צאָל. דערויף האָט דער סטאַטיסטישער אַמט ביי דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג אויפגעשטעלט אַ ליסטע פון יידישע אַרבעטער, וואָס וווינען אין געטאָ.

## רשימה פון די אַרבעטס־כוחות, פעיקע צו אַרבעט, וואָס געפינען זיך אין געטאָ

| | פאַך־באַצייכענונג | מענער | פרויען | צוזאַמען |
|---|---|---|---|---|
| .1 | נישט־געלערנטע אַרבעטער | 6.535 | 4.792 | 11.327 |
| .2 | נישט ספעצ. האַנטווערקער | 168 | 9 | 177 |
| .3 | שמאַטעס־סאָרטירער | 24 | 29 | 53 |
| .4 | פורמאַנעס און פאַקערס | 1.087 | — | 1.087 |
| .5 | גאַלאַנט. אַרב. און שאַכטלמאַכער | 358 | 137 | 495 |
| .6 | בוי־אַרבעטער | 76 | — | 76 |
| .7 | גערטנער און לאַנדווירט.־אַרב. | 67 | 9 | 76 |
| .8 | שלאָסער און בלעכער | 834 | — | 834 |
| .9 | עלעקטראָטעכניקער א. מעכאַניקער | 358 | — | 358 |
| .10 | טעכניקער | 50 | 3 | 53 |
| .11 | זייגערמאַכער | 177 | — | 177 |
| .12 | כעמיקער און אינזשעניערן | 116 | 6 | 122 |
| .13 | צאָן־דאָקטוירים און צאָן־טעכניקער | 60 | 49 | 109 |
| .14 | אַפּטייקער, דאָקטוירים און געזונטהייטס־פּערסאָנאַל | 271 | 413 | 684 |
| .15 | גראַווירער | 16 | — | 16 |
| .16 | גאַרבער און קירזשנער | 360 | 13 | 373 |
| .17 | היטנמאַכער | 385 | 405 | 790 |
| .18 | מעטאַל־אַרבעטער | 180 | 6 | 186 |
| .19 | גאַרסעטן־אַרבעטער | 16 | 232 | 248 |
| .20 | פאַרבער, וועבער, שפּינער, שטיקער | 7.055 | 4.271 | 11.326 |
| .21 | שניידער | 6.302 | 8.682 | 14.984 |
| .22 | זאָטלער און טאַפּעצירער | 263 | 7 | 270 |
| .23 | טישלער | 1.125 | — | 1.125 |
| .24 | שוסטער | 2.456 | 4 | 2.460 |
| .25 | בוכבינדער, דרוקער | 492 | 55 | 547 |
| .26 | מאלער | 634 | 5 | 639 |
| .27 | בעקער און מילנערס | 972 | 25 | 997 |
| .28 | אַנדערע פאַכן | 601 | 31 | 632 |
| | ס"ה | 31.038 | 19.183 | 50.221 |

הגם די דאָזיקע רשימה פון אַרבעטס־קרעפטן [319] איז פון חודש סעפטעמבער 1940, קאָן מען אָננעמען, אַז די צאָל אַרבעטער און זייערע פאַכן זענען דעמאָלט געווען די אייגענע, ווי אין חודש מאַי, ווען דאָס געטאָ איז געוואָרן געשלאָסן. פון מאַי ביז סעפטעמבער האָט זיך די צאָל אַרבעטער אין געטאָ בלויז געקאָנט פאַרקלענערן צוליב דעם וווּקס פון שטערבלעכקייט פון די דאָזיקע מענטשן, וועלכע האָבן אַמיינסטן געליטן נויט און דחקות.

*

די אַלע אויבנגעבראַכטע ציפערן באַווייזן מיט וואָס פאַראַ אַרבעטס־קרעפטן און אינטעליגענטע כוחות די לאָדזשער יידן האָבן אָנגעהויבן זייער טרויעריק געטאָ־לעבן. די אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ: די לערער, דאָקטוירים, געזעלשאַפטלעכע און פאַרטיי־טוער האָבן באַלד נאָכן אָפּשליסן דאָס געטאָ זיך געשטעלט אין דינסט פון כלל. די דאָקטוירים האָבן אָרגאַניזירט דאָס שפּיטאָל־וועזן, די אַמבולאַטאָריעס, און זיך פאַרנומען מיט באַקעמפן די אַנשטעקנדע קראַנקהייטן, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט אין געטאָ. די לערער האָבן אָרגאַניזירט די שולן, איינגעשטעלט לערן־פּראָגראַמען און באַמיט זיך, אַז די קינדער זאָלן פאַרגעסן אין די טרויעריקע געטאָ־היימען. ביי יעדער שול איז געווען אַ קיך פאַר קינדער.

די יונגע טוער פון בונד און לינקע פּועלי־ציון, וואָס האָבן געהאַט ווייניק דערפאַרונג אין פאַרטיי־לעבן, בפרט אין אומלעגאַלער טעטיקייט, האָבן גענומען אויפשטעלן אונטערערדישע קעמערלעך פון זייערע אָרגאַניזאַציעס. דער בונד איז אַריין אין געטאָ שוין מיט אָרגאַניזירטע פאַרטיי־אינסטאַנצן, מיט אַן אָנפירונג. אין 1־טן מאַי 1940, אין טאָג פונעם שליסן דאָס געטאָ — דערציילט אין זיין גבית־עדות משה לעדערמאַן, דער פירער פון אונטערערדישן בונד אין לאָדזשער געטאָ — „האָבן מיר פעסטגעשטעלט די צאָל איבערגעבליבענע חברים. מ'איז געגאַנגען צו יעדן חבר אַהיים אים זאָגן „גוט יום־טוב". ווער עס האָט זיך גענויטיקט אין מאַטעריעלער הילף, האָט מען איבערגעלאָזט אַ פּאָר זלאָטעס. איך האָב באַזוכט 6 חברים. אומעטום האָט מען מיך אויפגענומען מיט גרויס פרייד."

די ל. פּועלי־ציון האָבן זיך גרופּירט אין זייער קאָאָפּעראַטיוו־הויז, וועלכעס זיי האָבן אויפגעשטעלט נאָך פאַר דער מלחמה אין סאַמע צענטער פון באַלוט, אויף דער גאַס פון בערעק יאָסעלעוויטש („אוליצאַ בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ) 16. דאָרט זענען נאָכן שליסן דאָס געטאָ אויפגעשטעלט געוואָרן די ערשטע אומלעגאַלע פאַרטיי־קעמערלעך. אויך זייער טעטיקייט איז באַשטאַנען אין שטיצן די נויט־ליידנדע פאַרטיי־חברים. [320]

די ציוניסטן פון אַלע שאַטירונגען האָבן אין די ערשטע חדשים פון

געטאָ אָנגעהויבן אַן אָרגאַניזאַציאָנעל לעבן. „עס איז צושטאַנד געקומען אַ באַראטונג פון אלע ציוניסטישע גרופּירונגען, אין וועלכע ס'האָבן אָנטייל גענומען: פון די אַלגעמיינע ציוניסטן — חיים נתן ווידאווסקי, ברוך פּראַשקער; רעכטע פּ. צ. — מיכאל הערשקאָוויטש, חיים אליהו טאָביאַש; התאחדות — לעאָן גרינפעלד; פון מזרחי — דאָבזשינסקי, און פון דער יודענשטאַט־פּאַרטיי — גוזאָוואצקער. אויף דער דאָזיקער באראטונג איז באשלאָסן געוואָרן צו שאפן א פּעדעראציע פון אלע ציוניסטישע ריכטונגען". עס איז געוואָרן אויפגעשטעלט א צענטראַלע ציוניסטישע אָנפירונג פון פאָלגנדע פּערזאָנען: „מיכאל הערשקאָוויטש, לעאָן גרינפעלד, שלמה אובערבוים, ברוך פּראַשקער, חיים נתן ווידאָווסקי, יעקב מלך שיפער און דאָבזשינסקי". [321]

אויך די יידישע קאָמוניסטן האָבן נאָכן אַריינגיין אין געטאָ זיך גענומען אָרגאַניזירן. ניוטעק ראדזינער, אַ זון פון אַן אָרטאָדאָקסישער משפּחה, האָט אין גימנאַזיע אין געטאָ, ווו ער האָט געלערנט, געשאַפן אַ גרופּע פון קאָמוניסטישער יוגנט. די קאָמוניסטישע טוערין פון פאר דער מלחמה זולאַ פּאַצאַנאָווסקאַ, יחיאל הערשקאָרן, הינדע (געניאַ) שלאַק און לוריע האָבן אָרגאַניזירט אונטערערדישע קאָמוניסטישע קעמערלעך פון דערוואקסענע. [322]

## ב. די טעטיקייט פון רומקאָווסקין אין ערשטן עטאַפּ פונעם געטאָ־לעבן

די אַלע אויבנדערמאָנטע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס האָבן אין זייערע באַשלוסן זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון נישט־מיטאַרבעטן מיטן יודענראַט און מיט רומקאָווסקין.* דער יודנעלטעסטער האָט מתחלת דוקא געזוכט א פארשטענדיקונג מיט די געזעלשאַפטלעך־אָרגאניזירטע כוחות אין געטאָ. פאר דער געזעלשאפטלעכער איינשטעלונג אין די ערשטע חדשים געטאָ זענען כאַראַקטעריסטיש די גבית־עדות פון פירער פון דעמאָלטיקן אונטערערדישן בונד, משה לעדערמאַן.** לעדערמאַן האָט דערציילט:

„אויף דער ערשטער קאָנפערענץ, וואָס רומקאָווסקי האָט גערופן אין

* אין די אַרכיוו־דאָקומענטן פון לאָדזשער געטאָ ווערט נישט באַנוצט דער באַגריף „יודענראַט". אין די דייטשע דאָקומענטן רעדט זיך וועגן „עלטעסטענראַט" און אין די יידישע — „בייראַט". בכלל פיגורירט זייער ווייניק די דאָזיקע אינסטיטוציע אין די אַרכיוו־מאַטעריאַלן. אין אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיטן ליטצמאַנשטאַטער געטאָ, טרעט אַרויס נאָר איין פּערזאָן — דער יודענעלטעסטער מרדכי חיים רומקאָווסקי.

** משה לעדערמאַנס גבית־עדות איז אויפגענומען געוואָרן דורך א. וואָלף יאַסני אין יאָר 1946, אין דער „צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע" אין לאָדזש (שפּעטער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט, ווו יאַסני איז געווען אַ מיטאַרבעטער.

געטאָ, האָט ער צווישן אַנדערן דערקלערט, אַז מ׳דאַרף זיך איינאָרדנען דאָס לעבן לויט זיינע באַפעלן, דאַן וועט זיין גוט. סוף אַפּריל בין איך צוזאַמען מיט גאָלדען [גאָלדע זילבערבערג] און פערגאַמענט געווען אויף אַ קאָנפערענץ ביי רומקאָווסקין. מיר האָבן פאַרלאַנגט, אַז מ׳זאָל געבן פּראָדוקטן פאַר דער באַ־פעלקערונג. ער האָט צוגעזאָגט צו געבן און באַלד באַשטימט אַ קוואַנטום צוקער פאַרן בונדישן קאָאָפּעראַטיוו. מיר האָבן אויך פאַרלאַנגט צו שאַפן אַ נעץ פון קינדער־אַנשטאַלטן, אין וועלכע די קינדער זאָלן ווערן דערנערט. רומקאָווסקי איז געווען קעגן דעם.״ 323

נאָכן שליסן דאָס געטאָ האָט דער יודענעלטעסטער גענומען פאַרשטאַרקן די ״אָרדענונגס־דינסט״ — די יידישע פּאָליצײ. האָט ער זיך געוואָנדן צום בונד, ער זאָל צושטעלן אַ גרופּע מענטשן צום ״אָרדנונגס־דינסט״. ״מיר האָבן קאַטע־גאָריש אָפּגעזאָגט — האָט דערקלערט מ. לעדערמאַן אין זיין גבית עדות — ליידער האָבן זיך געפונען אַ פּאָר מענטשן, וואָס האָבן געבראָכן דעם פּאַרטיי־באַשלוס און אריינגעטרעטן אין פּאָליציי־דינסט״. 324

אָן שום ספק האָט רומקאָווסקי אָפּגעהאַלטן אַזעלכע קאָנפערענצן אויך מיט אַלע אַנדערע פּאַרטייען אין געטאָ און אויך צו זיי געמאַכט די ווענדונגען וועגן מיטאַרבעטן, געגעבן פּראָדוקטן פאַר זייערע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און געוואָלט זייערע מיטגלידער אריינציען אין פּאָליציי־דינסט. אין אַ שפּעטערדיקן טערמין האָבן אויף אַ קאָנפערענץ מיט רומקאָווסקין זיך אויך באַטייליקט פאַר־שטייער פון דער קאָמוניסטישער גרופּע אין געטאָ.

יאַני שולמאַן, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען נאָענט צו רומקאָווסקין, האָט אַזוי כאַראַקטעריזירט דעם יודענעלטעסטען: ״אין זיין טעטיקייט איז קענטיק געווען דער אַלטער ״איך״ זיינער. ער האָט געפירט אַ זיג־זאַג־פּאָליטיק. ער האָט לאַווירט צווישן די פאַרשידענע גרופּן, וואָס זענען געווען אין געטאָ — — — — אײן געדאַנק האָט באַלויכטן זיין וועג און נישט אָפּגעקערט זיך פון אים אַפילו אויף אַ רגע, אויך דעמאָלט, ווען ער האָט זיך געוואַקלט צווישן די גרופּן — דער געדאַנק פון דער שיטה — ״צעטייל און הערש״. — — — ער האָט געמאַכט הנחות פאַר די פרומע, ער האָט זיך באַמיט נאָכצוקומען די דעה פון ראַבינאַט און כלי קודש, צו לעבן בשלום מיט די ארבעטער און נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון פערגאַמענט.״ * 325 אויף דעם באָדן איז רומקאָווסקי נאָכגעקומען אויך די פאָדערונג פון די ציוניסטן צו ״אָרגאַניזירן די יוגנט אין קיבוצים אויף לאַנד־

* ירחמיאל פערגאַמענט, דער פאַרמלחמהדיקער פאָרזיצער פון בונדישן קאָמיטעט אין לאָדזש, איז פאַר יאַני שולמאַן געווען די פאַרקערפּערונג פון אונטערערדישן בונד אין לאָדזשער געטאָ.

ווירטשאַפטלעכער אַרבעט״, וואָס עס איז דורכגעפירט געוואָרן באַלד נאָכן שליסן דאָס געטאָ אין אָנהויב חודש מאַי. אַ שטח לאַנדווירטשאַפטלעכער באָדן אין דער געגנט פון מאַרושין, וואָס עס האָט זיך געפונען ביי דער גרענעץ פון געטאָ, האָט רומקאָווסקי אָפּגעגעבן פאַר דער יוגנט אויף לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט. דאָרט האָבן זיך איינגעאָרדנט 10 יוגנט־גרופּן, דערונטער אויך גרופּן פון בונדישער און פּוע״צ־יוגנט און אַ גרופּע פון פּועלי אגודת ישראל״.[325א]

רומקאָווסקי האָט זיך אויך באַמיט מקרב צו זיין די פּאַרטרעטער פון די פּאַרטייען און געוואָלט זיי פּערזענלעך געווינען פאַר צוזאַמענאַרבעט. אַ געוויסע צייט האָט ער צו זיך דערנענטערט דעם בונדיסט יאַכימעק און דעם פּירער פון דער פּועלי־ציון־גרופּע — עמנואל וואָלינסקי. ברוך פּראַשקער, דער מיטגליד פון דער צענטראַלער אָנפירונג פון דער אומלעגאַלער ציוניסטישער קאָנצענטרירונג, איז געווען רומקאָווסקיס נאָענטסטער מיטאַרבעטער און ווי עס שרייבט יאַני שולמאַן אין זיינע זכרונות, האָט ברוך פּראַשקער באַקומען פון רומקאָווסקין „אַ ריי געהיימע פאָרשלאָגן און אָנגעהויבן צו דערפילן אַ וויכטיקע פונקציע אין געטאָ־לעבן. — — — ער [פּראַשקער] האָט געפירט אַן אויסגעשפּראָכענע ציוניסטישע פּאָליטיק און אומאויפהערלעך געקעמפט מיט די שונאי־ציון און אונטערגעשטיצט די, וואָס זענען אַמאָל געווען ציוניסטישע עסקנים. עס איז אָבער געקומען די שעה און אויך זיין שטערן איז פאַרגאַנגען.״[326]

אין זיינע זכרונות, געשריבן אין געטאָ אין מערץ 1941, אַ יאָר נאָכן אַנטשטיין פון געטאָ, דערמאָנט נישט שולמאַן, ווי אַזוי פּראַשקער האָט געקעמפט מיט די שונאי ציון און אונטערשטיצט די ציוניסטישע עסקנים. עס איז אָבער באַוווּסט פון אַנדערע קוועלן, אַז פּראַשקער האָט מתחילת געטאָ באַקומען פון רומקאָווסקין די פונקציע פון אָנפירן מיטן וואוינונגס־אַמט, וואָס האָט צוגעטיילט דירות און שפּעטער איז ער געווען דער לייטער פון די וועשערייען, וואָס האָבן גערייניקט די פאַרבלוטיקטע מלבושים פון יידן, וועלכע די דייטשן האָבן פאַרפייניקט און דערמאָרדעט. די דאָזיקע מלבושים האָבן די דייטשן אַריינגעשיקט אין געטאָ צום רייניקן און איבעראַרבעטן און זיי זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אַלס „ווינטער־הילף״ קיין דייטשלאַנד. ברוך פּראַשקער איז אויך געווען רומקאָווסקיס פאַרטרעטער אויף די יוגנט־קאָלאָניעס אין מאַרושין, און ווי עס גיט איבער אין זיינע זכרונות י. נירנבערג, האָט רומקאָווסקיס פאַרטרעטער אָפּגעהיטן די ציוניסטישע ריינקייט אויף די קאָלאָניעס און דערמיט געשטערט די טעטיקייט פון דער בונדישער יוגנט־גרופּע אויף דער קאָלאָניע.[327]

*

די טעטיקייט פון רומקאָווסקין, זיין גוטמוטיק לאַווירן צווישן די פּאַרטייען און גרופּן, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אומלעגאַל כמעט אַן שוועריר־

קייטן — האָט אַזוי משפּיע געווען אויף די געטאָ־איינוווינער, אַז עס זאָל זיך איינבירגערן דער געפּערלעכער געדאַנק, אַז מ׳קאָן, אין געטאָ אונטער דער דייטשער הערשאַפט, איבערלעבן די מלחמה. דער געדאַנק האָט דורכגעדרונגען סיי די מאַסן, סיי די פּאָליטישע פירער. אין קיין שום גבית־עדות, אָדער זכרונות, וואָס נעמען אַרום דעם ערשטן פּעריאָד פון געטאָ־לעבן, ווערט נישט דערמאָנט וועגן דיסקוסיעס, וואָס זאָלן האָבן פאָרגעקומען, אין וועלכע עס איז אינסטאַנצן אָדער פּאַרטיי־קאָמערלעך, איבער דער צוקונפט פון די דאָזיקע אומגליקלעכע 160 טויזנט יידן, וועלכע זענען פאַרשפּאַרט אונטער די שטאַכל־דראָטן. פאַרקערט: אין די זכרונות פון ישראל טאַבאַקסבלאַט און ד״ר לעאָן שיקער (כ״י) ווערט פעסטגעשטעלט די צופרידנקייט מיט וועלכע עס איז אויפגענומען געוואָרן דאָס באַנייטע לעבן אין געטאָ.

טאַבאַקסבלאַט האָט געשריבן: „מען קאָן שוין רויקער זיצן אין דער היים, ביי זיך אין שטוב, און נישט דאַרפן ציטערן פאַר יעדן דורכגייער אין גאַס, פאַר יעדן קלאַפּ אין טיר — אַלץ אייגענע יידן. די דייטשן וועלן מער צו אונדז נישט קומען און מען האָט זיך אָנגעהויבן צו ביסלעך באַרויקן, קומען צו זיך נאָך אַזוי פיל שרעקלעכע איבערלעבענישן. מען האָט זיך געפילט ווי ניי־געבוירן. נאָכן דערמאָנען אַלע שבעה מדורי גיהנום האָט דער איצטיקער צושטאַנד אויסגעזען ווי אַ גן־עדן. מען האָט זיך אַליין נישט געגלויבט, אַז דער קאָשמאַר איז שוין אַריבער. מען האָט אָנגעהויבן זיך באַווייזן אין גאַס, אָפטער און פרייער״.

ד״ר לעאָן שיקער אין זיינע זכרונות:

„אין די ערשטע חדשים נאָכן פאַרמאַכן דאָס געטאָ איז צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אַריינגעטרעטן אַ געוויסע אָנטשפּאַנונג. די מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן פילן זיכערער. מ׳האָט אויפגעהערט אַרויסצוואַרפן פון די וווינונגען, כאַפּן אויף אַרבעט, שלאָגן, רויבן. דייטשן האָט מען אין געטאָ נישט געזען, מ׳האָט זיך געקאָנט רויק באַוועגן. מיטן גאַנצן ברען איז מען צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן דעם נייעם לעבנס־אופן״.[328]

אַזוי אַרום איז די דייטשן געלונגען אויפן ערשטן עטאַפּ פון זייער יידן־אויסראָטונגס־טעטיקייט דורכצופירן אין לאָדזש דעם אָנגעצייכנטן גרויזאַמען פאַרניכטונגס־פּלאַן פון ריינהאַרט היידריך: די יידן זענען פאַרטריבן אין געטאָ און זענען צופרידן. זיי האָבן דאָרט זייערע פּאַרטייען, אינסטיטוציעס, שולן, אַן אייגענעם מושל — כמעט אַן אייגענע „יידישע מלוכה״. די וואַכזאַמקייט פון יחיד און כלל אויף צו באַשיצן דאָס לעבן און עקזיסטענץ — איז אָפּגעוועכט. די דייטשן קאָנען שוין צוטרעטן צום צווייטן עטאַפּ פון יידן־אויסראָטונג: דורך גרויזאַמער עקספּלואַטאַציע אויסנוצן די יידישע אַרבעטס־כוחות פאַר דער דייטש־היטלערי־

שער מלחמה־ווירטשאַפט, פיזיש צעמורשטן דעם יידישן כלל און צונעמען ביי אים יעדע ווידערשטאַנדס־פעיקייט בעתן אָפּטראַנספּאָרטירן אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס.

### ג. די אָרגאַניזירונג פון יידישער פּאָליציי און תפיסה און די זעלבסט־טעטיקייט פון די מאַסן ביים אויפריכטן דאָס לעבן אין געטאָ

אין דער עפּאָכע פון דיקטאַטור־הערשאַפט האָט מען זיך צוגעוווינט, יעדע נוצלעכע טעטיקייט אין דער מדינה און אין דער געזעלשאַפט, צוצושרייבן דעם אומבאַגרענעצטן הערשער. אַזאַ איינדרוק שאַפט זיך אויך, ווען מ׳זעט דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאַט אזוי ווי עס שפּיגלט זיך אָפּ אין די דאָקומענטן פון די אַרכיוון פון רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע און ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג". אַלץ טראָגט אויף זיך דעם חותם פונעם יודענעלטעסטען, אַלץ איז זיין, אַלץ האָט ער געשאַפן. „די געעפנטע אַרבעטס־ערטער זענען איינגעשטעלט געוואָרן ווי אונטער־נעמונגען פון דעם יודענעלטעסטען. „מיינע פאַבריקן" — פלעגט זאָגן רומקאָוו־סקי". [329]

ערשט די גבית־עדות און די זכרונות פון אויפריכטיקע מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן, באַווייזן ווי פאַלש עס איז די דאָזיקע פאַרשטע־לונג וועגן לאָדזשער געטאָ. נאָכן אָפּשליסן דאָס געטאָ האָט זיך רומקאָווסקי דערפילט אומבאַהאָלפן. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס ער האָט געזוכט די פריינט־שאַפט און אונטערשטיצונג פון די אָרגאַניזירטע אומלעגאַלע פּאַרטייען: בונד, ל. פּועלי־ציון און ציוניסטן. יאַני שולמאַן באַצייכנט דעם דאָזיקן מצב פון רומקאָווסקין: — „ער איז געווען איינזאַם".

די בירגערלעכע פאַרמלחמהדיקע געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זענען אויס־געוואַקסן ביי פילאַנטראָפּישער אַרבעט אין די סוחרים און האַנטווערקער־פאַריינען זענען אָדער אַנטלאָפן, אָדער אויסגעהרגעט געוואָרן דורך די דייטשן (ערשטער עלטעסטענראַט). אַרום דעם יודענעלטעסטען האָבן זיך גרופּירט ניי־אויפגעקומענע עסקנים, וועלכע האָבן זיך רעקרוטירט פון רומקאָווסקיס פאַר־מלחמהדיקע פריינט, געשעפטלעכע שותפים און זייערס גלייכן. יאַני שולמאַן באַצייכנט זיי ווי „מיטלמעסיקע מענטשן", און י. טאַבאַקסבלאַט: — „זיי זענען נישט מסוגל געווען צו עפּעס וואָס זיך צו דערטראַכטן, זיי האָבן קיינמאָל מיט אַזעלכע זאַכן נישט געהאַט צו טאָן".

אָט די דאָזיקע עסקנים זענען געווען אָרגאַניזאַטאָרן פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, פון פּאָליציי, געריכט, געטאָ־אַמטן, ביוראָען, איבערזעצער און

דייטש־שרייבער (רומקאָווסקי איז געווען אַ קענער נאָר פון „לאָדזשער דייטש"). זיי אַלע האָבן זייערע פונקציעס ווי רומקאָווסקיס מיניסטאָרן גענומען זייער ערנסט. אַמבעסטן איז אָרגאַניזירט געוואָרן די געטאָ־פּאָליציי („אָרדנונגס־דינסט"), וועמענס קאָמענדאַנט איז געווען לעאָן ראָזענבלאַט, אַ געוועזענער עסטרייכישער אָפיצער, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געאַרבעט אין ד"ר יעזשי ראָזענבלאַטס דעפּאָזיטן־באַנק (צווישן די ביידע ראָזענבלאַטס איז נישט געווען קיין שום קרובהשאַפט).

די געטאָ־פּאָליציי איז געווען אָרגאַניזירט אויפן מוסטער פון דער פאַר־מלחמהדיקער פּוילישער פּאָליציי: פינף קאָמיסאַריאַטן (רעווירן) מיט אַ קאָמיסאַר בראש פון יעדן רעוויר. אויך די דינסט־ראַנגעס זענען געווען לויטן פּוילישן מוסטער — פּשוטער פּאָליציאַנט, קאַפּראַל, סערזשאַנט, אָפיציר און קאָמיסאַר. די דאָזיקע אומגליקלעכע געטאָ־יידן, וואָס זענען אַריין אין פּאָליציי־אוניפאָרמען מיט אַ שטעקן אין האַנט, האָבן פּלוצים דערפילט זייער חשובדיקייט... „ווי נאָר די מענטשן, אַזוי זיך פּשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר, האָבן אָנגעטאָן די אוניפאָר־מירטע פּאָליציי־היטלעך, אַזוי זענען זיי אַנדערש געוואָרן, אַריין אין דער ראָל פון אמתע פּאָליציאַנטן און געטאָן זייער אַרבעט נאָך מער ווי בשלימות. אַמיינסטן האָבן זיך אויסגעצייכנט די העכערע ראַנגען. זיי זענען געווען ממש דערפינדעריש אין זייערע אויפטועז". צוזאַמען מיט דער פּאָליציי איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ אַ גוט־אָרגאַניזירטע צענטראַלע תפיסה, מיט אַ גראָבהויטיקן נפש, ווי אין אַלע תפיסות, אַלס נאַטשאַלניק — „דעם אַזוי טרויעריק־באַרימטן הערצבערג".[330]

די דאָזיקע אינסטיטוציעס, וואָס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן פון אויבן, פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע (רומקאָווסקי אַליין האָט צוגעקליבן די קאַנדידאַטן אויף פּאָליציאַנטן — י. ווייַנבערג) זענען געווען די איינציק גוט־אַוועקגעשטעלטע „אינסטיטוציעס", ווו אַלץ האָט געקלאַפּט, ממש געקלאַפּט. דאַ־קעגן־זשע די אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג, וואָס איז אָרגאַניזירט און אָנגעפירט גע־וואָרן פון שטשענשליווי, רומקאָווסקיס אַ געוועזענער געשעפטלעכער שותף, איז געווען די קלאָגעדיקסטע איינריכטונג אין געטאָ. דורך שטשענשליוויס באַלע־באַטישקייט זענען זייער פיל פּראָדוקטן קאַליע געוואָרן.[331]

די עצם אַרבעט פון אויפריכטן דאָס לעבן אין די טרויעריקע געטאָ־באַדינגונגען האָבן אויסגעפירט די אינטעליגענץ און די פאָלקס־מאַסן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דעם רומקאָווסקי־אַפּאַראַט, אַ חוץ די שייכות פון באַקומען אַ באַשטעטיקונג אויף דער פאָרגענומענער טעטיקייט. די שולן, שפּיטעלער, אַמבולאַטאָריעס זענען אָרגאַניזירט און געפירט געוואָרן פון די לערער און דאָקטוירים. די פאַבריקן און וואַרשטאַטן (רעסאָרטן), דאָס העלפן

זיך קעגנזייטיק נישט אויסצוגיין פון הונגער באַלד אין ערשטן חודש אין געטאָ, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דורך די ברייטע פאָלקס־מאַסן.

אמת, רומקאָווסקי האָט פון די דייטשן באַקומען אַרבעט פאַר די רעסאָרטן, אָבער דאָס איז נישט געווען דער ספּעציעלער פאַרדינסט פון יודענעלטעסטען. דאָס האָבן די דייטשן אין הסכם מיטן אויסראָטונגס־פּלאַן געדאַרפט האָבן נאָך אויף אַ געוויסער צייט דאָס געטאָ מיט זיינע יידן ביז עס וועט קומען דער „ענד־ציל". דעריבער האָבן די דייטשן באַזאָרגט דאָס געטאָ מיט אַרבעט פאַר שפּאָטישן הונגער־שכר און מיט אַ הונגער־אַפּראָוויזאַציע.

באַלד ווי דאָס געטאָ איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן, איז געקומען אַ סטיכישע באַוועגונג פון די מאַסן צו העלפן זיך קעגנזייטיק. אין געטאָ זענען דעמאָלט געווען צוויי קאָאָפּעראַטיוון פון בונד און לינקע פּועלי־ציון, ווייטער זענען געווען פּריוואַטע קראָמען און קהלהשע, וואָס האָבן באַקומען פּראָדוקטן פון דער רומקאָווסקי־אַפּראָוויזאַציע און פון שמוגל, וועלכער איז געפירט געוואָרן אויף אַ ברייטן אופן, אויך דורך אונטערקויפן די דייטשע וואַכן. אָבער די צאָל קראָמען זענען געווען אַזוי קליין, אַז זיי זענען פּשוט באַלאַגערט געוואָרן פון די אויס־געהונגערטע געטאָ־יידן און עס איז שווער אָנגעקומען צו קויפן פּראָדוקטן. נאָך שווערער איז געווען דאָס קאָכן אינדערהיים, ווו עס איז נישט געווען קיין ברען־מאַטעריאַל. אַ חוץ דעם זענען געווען פיל אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן נישט געקאָנט קויפן אַפילו די פּראָדוקטן, וואָס מ׳האָט באַקומען פאַר אַ ביליקן פּרייז אין די קהילהשע קראָמען אָדער קאָאָפּעראַטיוון.

ביי דעם מצב האָבן אין די ענגע באַלוטער הויפן סטיכיש זיך גענומען אָרגאַניזירן הויז־קאָמיטעטן, וועלכע זענען דורך רומקאָווסקין שפּעטער אַנערקענט געוואָרן ווי נוצלעכע אינסטיטוציעס און ער האָט פאַראָרדנט, אַז יעדעס הויז זאָל שאַפן אַזאַ קאָמיטעט. די הויז־קאָמיטעטן האָבן געקויפט פּראָדוקטן פון דער אַפּראָוויזאַציע און זיי האָבן די שפּייז צוריק פאַרקויפט די לאָקאַטאָרן און אין יוני־חודש אויך גענומען אַוועקשטעלן הויף־קיכן, ווו עס זענען צוגעגרייט געוואָרן זופּן פאַר אַלע שכנים. די דאָזיקע אינסטיטוציעס האָבן זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן געטאָ און עס זענען געשאַפן געוואָרן ראַיאָן־קאָמיטעטן. זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט זאַמלען געלט ביי די מער פאַרמעגלעכע לאָקאַטאָרן אויף אויס־צובאָרגן אָדער צו געבן די אָרעמערע, זיי זאָלן האָבן צו באַצאָלן פאַר די שפּייז.

אַ שילדערונג פון דער טעטיקייט פון די דאָזיקע הויז־קאָמיטעטן ברענגט די גבית־עדות פון אַברהם לאַטאָוויטש:

„איך בין געווען פאָרזיצער פון הויז־קאָמיטעט אויף פראַנצישקאַנער 40. דאָרט האָבן געוווינט 35 משפּחות. נאָכדעם, ווי עס זענען געוויילט געוואָרן די קאָמיטעטן, האָבן עטלעכע הייזער געבילדעט אַ בלאָק און אויסגעוויילט אַ בלאָק־

עלטסטן. רומקאָווסקי האָט גערופֿן אַלע בלאָק־עלטסטע אויף אַ פֿאַרזאַמלונג און דערקלערט, אַז צוליב דער געשאַפֿענער לאַגע אינעם אָפּגעשלאָסענעם געטאָ, איז נויטיק אַזאַ סיסטעם פֿון העלפֿן זיך קעגנזייטיק. די אויפֿגאַבע פֿון די בלאָק־עלטסטע און פֿון די הויף־קאָמיטעטן איז צו זאָרגן דערפֿאַר, אַז יעדער איינוווינער זאָל זיין אימשטאַנד אויסצוקויפֿן זיין פֿאַרציע שפּייז. צו דעם צוועק דאַרף געשאַפֿן ווערן אין יעדן הויז אַ פֿאָנד, וואָס זאָל דערמעגלעכן יעדן איינוווינער אויסצוקויפֿן זיינע פּראָדוקטן.

אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון מיינע שכנים האָב איך אַפּעלירט צו די פֿאַר־מעגלעכע יידן זיי זאָלן אויסבאָרגן געוויסע סומעס, כדי די אָרעמע זאָלן קאָנען אויסקויפֿן זייערע פּראָדוקטן. מיין ווענדונג האָט געהאָט דערפֿאָלג. מ׳האָט געגעבן געלט. די אָרעמע לאָקאַטאָרן פֿון הויז האָבן שפּעטער פֿאַרקויפֿט אַ טייל פֿון זייערע שפּייז־פֿאַרציעס, פֿאַרשטענדלעך פֿאַר אַ העכערן פּרייז און אָפּגעצאָלט דעם חוב.״

גאָדל באַק, אַ וועבער פֿון באַלוט, האָט אין זיין גבית־עדות איבערגעגעבן:

אין געטאָ ליטצמאַנשטאָט האָט ער געוווינט אין זיין פֿאַרמלחמהדיקער דירה אויף אַלעקסאַנדער גאַס (לימאַנאָווסקיעגאָ) 24. אין זיין דירה האָט באַק אַריינ־גענומען יידן, פֿאַרטריבענע פֿון דער שטאָט. פֿאַרן געטאָ האָבן אין יענעם הויז געוווינט 400 נפשות. נאָכן שליסן דאָס געטאָ — 1409 נפשות. צווישן די „נייע״ לאָקאַטאָרן האָט זיך אויך געפֿונען דער 73 יעריקער געוועזענער פֿאַבריקאַנט לעווענטאַן — אַ גוטער, האַרציקער מענטש. ער איז געווען דער פֿאָרזיצער פֿונעם הויף־קאָמיטעט אויף אַלעקסאַנדער גאַס 24.

דער הויף־קאָמיטעט, צו וועלכן עס האָט אויך געהערט גאָדל באַק, האָט צונויפֿגעזאַמלט געלט, פֿאַר וועלכן מ׳האָט אויסגעקויפֿט די נויטיקע פּראָדוקטן און לויט ראַציעס פֿאַרקויפֿט די איינוווינער. די אָרעמע איינוווינער האָבן באַ־קומען די פּראָדוקטן אויף באָרג. נאָכן פֿאַרקויפֿן אַ טייל פֿון זיי, האָבן זיי צוריקגעצאָלט דעם חוב. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַן אַלגעמיינע קיך, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן געקאָכטע שפּייז.

באַלד נאָכן אָפּשליסן דאָס געטאָ איז ביים יודענראַט געשאַפֿן געוואָרן אַן אונטערשטיצונגס־אַמט, וואָס פֿיגורירט אין די דאָקומענטן פֿון רומקאָווסקי־אַרכיוו אונטער דער פּאָזיציע „Fürsorge“ די הויז־קאָמיטעטן האָבן אין אונטערשטיצונגס־אַמט צוגעשטעלט רשימות פֿון די נויט־ליידנדע איינוווינער פֿון זייערע הייזער. פֿאַר די באַדערפֿטיקע זענען באַשטימט געוואָרן מיטאָגן אָן אָן אָפּצאָל און אויך געוויסע געלט־סומעס.

די קאָנטראָל איבער דער דאָזיקער אונטערשטיצונג איז געפֿירט געוואָרן דורך ספּעציעלע אינספּעקטאָרן, וועלכע האָבן צוגעשטעלט באַריכטן דעם אונטער־

שטיצונגס־אַמט. אויב איינער אין אַ משפחה האָט געאַרבעט, האָט מען אָפּגעזאָגט די שטיצע. די אונטערשטיצונגס־סומען זענען איבערגעשיקט געוואָרן צו די הויז־קאָמיטעטן און זיי האָבן דאָס געלט פאַרטיילט צווישן די אָרעמסטע.

די הויז־קאָמיטעטן האָבן אויך זיך פאַרנומען מיט הויז־פאַרוואַלטונגס־טעטיקייט. זיי האָבן געזאָרגט פאַר ריינקייט, באַלייכטונג און וואַסער פאַרן הויז. צו דעם צוועק איז גענומען געוואָרן אַ ספּעציעלער אָפּצאָל פון די שכנים לויט דער הויך פונעם פאַרמלחמהדיקן דירה־געלט. נישט אַלע האָבן געגעבן דעם אָפּצאָל. בכלל איז נישט געווען קיין אַלגעמיינער סיסטעם אין דער אַרבעט פון די הויז־קאָמיטעטן. עס זענען אויך געווען פאַלן פון אויסנוצונגען, פון פּראָטעקציע, באַזונדערס האָבן זיך די דאָזיקע מיאוסע מידות אַנטוויקלט ביים אָנפירן מיט די הויף־קיכן. אָבער דער גרעסטער טייל פון די יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט די הויז־קאָמיטעטן און הויף־קיכן האָבן געאַרבעט ערלעך און איבערגעגעבן לטובת הכלל. געווען אויך אַזעלכע יידן, בעסערע פאַרדינערס, וואָס האָבן מיט געלט געהאָלפן זייערע אָרעמע שכנים.[332]

בכלל דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז בעת דעם בלוטיקן קאָשמאַר פון גאַנג אין געטאָ און שפּעטער ביי דעם פאַרצווייפלטן געראַנגל ביים באַקומען וווינונגען אין די אָרעמע באַלוטער געסלעך און איינאָרדנען זיך אין די גרויליקע באַדינגונגען — זענען נישט נאָטירט געוואָרן קיין ספּעציעלע אַנטי־סאָציאַלע פאַלן. אין די הונדערטער גבית־עדות און זכרונות פון יענער צייט ווערן נישט דער־מאָנט קיין אַקטן פון רויב, מאָרד אָדער אַפילו גניבות צווישן די אומגליקלעכע, געיאָגטע און געפּייניקטע יידן. אויך קיין זעלבסטמאָרדן ווערן נישט דערמאָנט. די פאַלן פון שפּעקולאַציע מיט דירות אין געטאָ זענען געווען אַזוי ווייניק, אַז זיי קאָנען נישט באַטראַכט ווערן ווי אַן אַנטי־סאָציאַלע דערשיינונג.

טראָץ דער שוידערלעכער בלוט־אָפּצאַפּונג, מאַסן־הריגה, פּייניקונגען און פאַרפאָלגונגען, האָבן די 160 טויזנט לאָדזשער יידן, וואָס זענען אַריין אין געטאָ פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ געזונטן סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם און געהאַט אַלע רעסורסן פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אַ געזונט נאָרמאַל לעבן ווען נישט דער אכזריותדיקער גזר־דין פון די דייטשן אויסצוראָטן די יידן מיט אַלע מיטלען, מיט דער כיטרעקייט פון אַ חיה רעה, וואָס לויערט אויף איר קרבן; מיטלען קעגן וועלכע עס קאָן זיך קעגנשטעלן נאָר אַן אָרגאַניזירטער באַוואָפנטער כוח, וואָס עס האָט געפעלט די לאָדזשער יידן.

## .18

# די דייטשן באַוואַכן און „פּאַרזאָרגן" דאָס געטאָ

### א. פאַראָרדענונג צו שיסן אויף יעדן ייד, וואָס פּרוּווט אַרויסגיין פון די דראָט־פאַרצוימונגען

רומקאָווסקי מיט זיין אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט און אונטער זייער ווירקונג אויף די איינוווינער פון געטאָ, האָבן מתחילת געמיינט, אַז די דייטשן האָבן אין זיי פאַרגעסן. „פאַר יעדן נאָרמאַל דענקנדן האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק — אין לאָדזשער געטאָ קאָן מען איבערהאַלטן. מ'האָט זיך געפּשטלט: „די דייטשן גייט נאָר אין סעפּאַרירן די יידישע באַפעלקערונג פון די נישט־יידן און הגם די עקזיסטענץ־באַדינגונגען זענען זייער שווערע, דאָך וועט מען אויסהאַלטן" — אַזוי האָט געשריבן ד״ר לעאָן שיקער אין זיינע זכרונות. די דייטשן האָבן אָבער געהאַט זייער אויסראָטונגס־פּלאַן און אים קאָנסעקווענט און צילבאַוווסט ווייטער געפירט.

נאָך דער „מילדער" מעלדונג פון אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט „צום עלטעסטען דער יודען, הערן רומקאָווסקי," פון 30־טן אַפּריל 1940, וועגן שליסן דאָס געטאָ, איז דעם 5־טן מאַי שוין געקומען פון פּאָליציי־פּרעזידענט, עס.־עס.־בריגאַדעפירער שעפער, די שטרענג־מערדערישע „זאָנדער אָנווייזונג פיר דען פערקער מיט דעם געטטאָ".

די דאָזיקע „זאָנדעראָנווייזונג" פאַראָרדנט: יידן, אויך די יודענעלטעסטע און די לייטער פון דער יידישער אָרדנונגס־דינסט (פּאָליציי) איז שטרענג פאַרבאָטן צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ. די אַלטוואַרג־הענדלער, (געמיינט שמאַטע־קלויבער), וואָס וווינען מחוצן געטאָ, דאַרפן אין געטאָ נישט אַריינקומען. יידן, וואָס ווערן דורך דער פּאָליציי אָדער געשטאַפּאָ אַרעסטירט אין געטאָ, דאַרפן דורכגיין אַ דעזינפעקציע פאַרן אַרויספירן. דייטשן און פּאָליאַקן איז פאַרבאָטן צו באַטרעטן דאָס געטאָ. אין אויסנאַמס־פאַלן מוזן זיי האָבן אַ דערלויבעניש אויסגעשטעלט פּערזענלעך דורכן פּאָליציי־פּרעזידענט און פאַרזען מיט זיין סטעמפּל. באַאַמטע פון שופּא (שוץ־פּאָליציי) און געשטאַפּאָ מיט דינסט־דערלויבענישן, האָבן דאָס רעכט אַריינצוגיין אין געטאָ אין די שעהן פון 8 פרי ביז 17 אַ זייגער. יידן איז דערלויבט צו באַוועגן זיך דאָרט נאָר פון 7—19 אַ זייגער. „ביי יעדן פּרוּוו פון א יידישן געטאָ־איינוווינער אומדערלויבט צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ, אויף וועלכן עס איז

אופן, דאַרף תיכף באַנוצט ווערן דאָס שיסגעווער". יעדעס אַריינברענגען פון סחורות אין געטאָ ווערט באַטראַכט ווי שמוגל און וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן.

די אויסערע באַוואַכונג פונעם געטאָ ווערט דורכן פּאָליציי־פּרעזידענט איבערגעגעבן דער קאָמאַנדאָ פון דער שוצפּאָליציי און דער קרימינאַל־פּאָליציי. די קרימינאַל־פּאָליציי דאַרף דעלעגירן 20 באַאַמטע אין ציוויל־קליידונג, וואָס זאָלן פאַרהינדערן דעם שמוגל.

## ב. „קריפּאָ" — קרימינאַל־פּאָליציי אָפּטיילונג

די צוואַנציק קרימינאַל־באַאַמטע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן באַאַרבעטן דאָס געטאָ, האָבן ווייזט אויס דערזען, וויפיל רויב עס איז נאָך פאַר זיי געבליבן אין דעם יידישן „וואָהנגעביט". וועגן דעם האָבן זיי באַריכטעט די אָנפירונג פון דער „קריפּאָ" (פאַרקירצונג פון קרימינאַל־פּאָליציי) אין ליטצמאַנשטאַט. מיטאַמאָל אין משך פון 3 טעג האָט דער קרימינאַל אינספּעקטאָר בראַקען זיך איבערצייגט, אַז זיינע צוואַנציק באַאַמטע קאָנען נישט אַרבעטן ביי אַזעלכע פּרימיטיווע באַדינגונגען און די „קריפּאָ" מוז האָבן אַ באַזונדערע אָפּטיילונג אין געטאָ.

אין אַ מעמאָריאַל, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט גיפטיקער יידן־שנאה און עם הארצות לגבי דער צאָל יידן אין געטאָ, באַגרינדעט דער קרימינאַל־אינספּעקטאָר בראַקען די נויטיקייט פון איינשטעלן אַ „קריפּאָ"־אָפּטיילונג אין געטאָ. אַזאַ אָפּטיילונג איז נויטיק דערפאַר, „ווייל אין געטאָ וואוינען נאָך אַלץ 250 טויזנט יידן, וועלכע אַלע זענען מער אָדער ווייניקער קרימינעל איינגעשטעלט. די פיל געשעענישן מאַכן נויטיק, אַז זיי [די יידן] זאָלן דורך קרימינאַל־באַאַמטע באַאַרבעט ווערן".

ווייטער רעכנט אויס דער קרימינאַל־אינספּעקטאָר, וואָס זיינע 20 באַאַמטע האָבן שוין אויפגעטאָן אין משך פון די 3 טעג: זיי האָבן געכאַפּט אַ גרעסערע צאָל שמוגלערס, „דעסגלייכן אַ צאָל פּערזאָנען, וואָס האָבן געפּרוווט פאַרלאָזן דאָס געטאָ דורך דער פאַרצוימונג". און דעריבער — פּירט אויס בראַקען — מוז געשאַפן ווערן אַ „קריפּאָ"־אָפּטיילונג אין געטאָ, ווייל עס איז אוממעגלעך צו פירן די אַרעסטירטע אַרויס פון געטאָ אין אַ פּאָליציי־באַצירק און דאָרט ערשט דורכפירן די אויספאָרשונג. „די [קרימינאַל] באַאַמטע אין געטאָ וועלן אין לויף פון דער צייט זייער גיך באַקומען די נויטיקע פאַרבינדונגען [שפּיאָנען] און ווערן גוט באַקאַנט מיט דעם אָרט און קאָנען די אויספאָרשונגען דורכפירן מיט מער לייכטקייט".

דער קרימינאַל־אינספּעקטאָר בראַקען האָט באַלד אָנגעוויזן דאָס אָרט ווו

די „קריפּאָ" אין געטאָ זאָל איינגעאָרדנט ווערן: נישט ווייט פון קאָשטשאָל פון דער הייליקער מאַריאַ, ביים איינגאַנג פון געטאָ, געפינט זיך דאָס גלחים־הויז, וואָס „איז פון יידן פון אויבן ביז אונטן גערייניקט". דאָרט געפונען זיך אַ חוץ די איבערשטע וווינונגען אויך 6 קעלער־רוימען. „פאַר פאָרלויפיקע אַרעסטן אייגענען זיך גוט צוויי קעלער־רוימען, וואָס האָבן פאַרקראַטעוועטע פענסטער".

מיט דייטשער פּינקטלעכקייט האָט דער קרימינאַל־אינספעקטאָר בראַקען געענוי אויספלאַנירט דאָס אויפשטעלן פון דער „קריפּאָ" אין געטאָ: דאָס מעבל פאַר דער „קריפּאָ" דאַרף גענומען ווערן פון אַמט פאַר קאָנפיסקירט [יידיש] פאַרמעגן. די „קריפּאָ" דאַרף באַדינט ווערן דורך 17 באַאַמטע: 3 רייכסדויטשן, 7 פאָלקסדויטשן און 7 פּוילישע הילפס־באַאַמטע.

לויט דעם דאָזיקן פּלאַן איז אויפן ראַנד פון געטאָ באַלד אין ערשטן חודש פון זיין עקזיסטענץ אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייע דייטשע אינסטיטוציע אויף צו פייניקן, באַרויבן און צו מאָרדן די אַרעסטירטע יידן. די קעלערן אין גלחים־הויז, וואָס האָבן אַזוי גוט אימפּאָנירט דעם קרימינאַל־אינספעקטאָר בראַקען, זענען געוואָרן די שרעקלעכסטע גיהנום־אָפּטיילונגען פאַר די יידן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט.[333]

## ג. האַנס ביבאָוו — דער דייטשער סוחר פון ברעמען

נאָך דער בערלינער באַראַטונג פון פירער פון דריטן רייך, דעם 30־טן אַפּריל 1940 (זע ז"ז 211, 212), וואָס האָט געבראַכט צו גערינגס ענדגילטיקן באַשלוס, אַז קיין דעפּאָרטאַציעס קומען דערווייל נישט פאָר — איז פאַר דער לאָדזשער אָקופּאַציע־מאַכט געווען קלאָר, אַז דאָס ליטצמאַנשטאַטער געטאָ בלייבט דערווייל עקזיסטירן. דאָס געטאָ מיט די 160 טויזנט לאָדזשער יידן איז געווען פאַרריגלט, פאַרשלאָסן, שטרענג באַוואַכט פון „שופּאָ", געהיטן פון געשטאַפּאָ און „קריפּאָ", וועלכע האָבן געהאַט זייערע ספּעציעלע אויפגאַבן אין יידישן „וואָהנגעביט". ביי דעם מצב האָט די לאָדזשער אָקופּאַציע־מאַכט זיך גענויטיקט אין עפּעס אַ טיכטיקן פאַרשוין פון דער גערמאַנישער האַנדלס־וועלט, וואָס זאָל ווי געהעריק קאָנען אויסנוצן די יידישע ארבעטס־כוחות און גלייכצייטיק אויפהאלטן דעם קאַמופלאַזש, וועלכער זאָל פאַרהוילן די כוונות פון דער ענדגילטיקער אויס־ראָטונג. אַזאַ פערזאָן האָט זיך אויסגעפינען — האַנס ביבאָוו.

האַנס ביבאָוו איז נישט געווען קיין מיליטערמאַן, ער האָט נישט געהערט צו קיינער פון די מיליטעריש־אָרגאַניזירטע היטלער־באַנדעס. ער איז געקומען אין אָקופּירטן לאָדזש, ווי איינער פון די „רייכסדויטשע האַנדעלס־לויטע", וועלכע

האָבן געדאַרפט די שטאָט גערמאַניזירן און גלייכצייטיק זיך באַטייליקן אינעם רויב פון יידישן פאַרמעגן.

דער קומענדיקער דיקטאַטאָר איבערן געטאָ, דער רויבער און פּילפּאַכיקער מערדער פון יידישע פרויען, קינדער און זקנים; דער ליקווידאַטאָר פון דער לאָדזשער קהילה — איז געווען אַ דורכשניטלעכער דייטשער בירגער פון מיטל־קלאַס, אַ זון פון אַ בכבודער דייטשער משפחה, וואָס האָט געלעבט אין דער אַלטער גערמאַנישער האַנזע־שטאָט — ברעמען. זיין פאָטער, ווילליוס ביבאָוו, איז געווען אַ דירעקטאָר פון אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט. ער האָט זיין זון האַנס געגעבן די געהעריקע בירגערלעכע דערציאונג. האַנס האָט פאַרענדיקט א רעאַל־שול און געוואָרן א באַאַמטער אין דער פאַרזיכערונגס־געזעלשאפט, וווּ זיין פאָטער האָט געאַרבעט.

אין דער אינפלאַציע־צייט אין דייטשלאַנד, אָנהויב צוואַנציקער יאָרן, ווען די פאַרזיכערונגס־אונטערנעמונגען האָבן געקראַכט צוזאַמען מיט דער דייטשער וואַלוטע, איז דער יונגער האַנס ביבאָוו אַריבער צום תבואה־האַנדל און געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקער גרויסער סוחר מיט א גוטן נאָמען.

נאָך דער אינפלאַציע, ווען דער דעמאָקראַטישער ווײַמאַרער רעזשים האָט זיך באַפעסטיקט און די שפעקולאַציע מיט שפייז־האַנדל האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט דער תבואה־סוחר מיט „באַגרענעצטע מיטלען״ זיך אַריבערגעוואָרפן צו דער „קאַפעבראַנזשע״ און דאָ האָט ער גענומען שטייגן און זיינע געשעפטן זענען אַוועק מיט הצלחה.

דער טיפּישער דייטשער בירגער פון מיטל־קלאַס האָט זיך רויק געלעבט אונטער די וואַרעמע פליגל פון דער דעמאָקראַטישער ווײַמאַרער רעפּובליק. האַנס ביבאָוו האָט געמאַכט גוטע געשעפטן, געפירט אַ פאַמיליע־לעבן, יעדן זונטיק געגאַנגען אין דער קירכע תפילה־טאָן פאַר דעם „הײַלאַנד״, און אין „ווייַנאַכטן״ געזונגען אין כאָר דאָס פרומע פאָעטישע ליד — „שטילע נאַכט, הייליקע נאַכט״.

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט דער טיכטיקער סוחר פון ברעמען פאַרשטאַנען, אַז זיין אָרט איז אין דער נסדא״פּ, און זיינע געשעפטן זענען ווידער גוט אַוועק.

נאָכדעם ווי די מלחמה־געשעענישן האָבן האַנס ביבאָוון געבראַכט אין אָקופּירטן לאָדזש, האָט ער דאָרט זיך געגרייט צו אַ נייער קאַריערע אַלס אָנפירער מיטן יידישן געטאָ. ער האָט זיך באַמיט צו באַקומען די געהעריקע רעקאָמענדאַציעס פון זיינע פריינט און פאַרטיי־חברים אין ברעמען, און אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ער האָט צוגעשיקט צום שטאַדטסאָבערפאַרוואַלטונגסראַט פון לאָדזש, ד״ר מאַלדענהאַוער, האָט ביבאָוו זיך אַליין רעקאָמענדירט מיט פאָלגנדער זעלבסטלויב:

„אין פאַרלויף פון 18 יאָר האָב איך, מיט באַגרענעצטע מיטלען אַנטוויקלט מיין געשעפט צו איינער פון די גרעסטע אונטערנעמונגען פון דער בראַנזשע אין דייטשלאַנד. ביז קורץ פאַר דער מלחמה האָט דער חודשלעכער אומזאַץ באַטראָפן אַ מיליאָן ר"מ, בערך, און די אונטערנעמונג האָט באַשעפטיקט צירקאַ 250 אַרבעטער און אָנגעשטעלטע."

די דאָזיקע סוחרישע פעיקייטן פון האַנס ביבאָוו און זיין געטריישאַפט צום היטלער־רעזשים און צו דער נסדא"פּ, איז אויך געוואָרן באַשטעטיקט פון ביבאָווס פריינט, די פירער פון היטלערישן „דויטשען אַרבייטספראָנט" אין ברעמען. זיי האָבן צום שטאָדטאָבערפאַרוואַלטונגסראַט ד"ר מאַלדענהאַוער צוגע־שיקט רעקאָמענדאַציעס פאַר דעם קומענדיקן דיקטאַטאָר איבערן געטאָ.[334]

דעם 4־טן מאַי 1940 האָט האַנס ביבאָוו באַקומען פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש פאָלגנדע „פאָלמאַכט":

„פון 1־טן מאַי 1940 באַקומט האַנס ביבאָוו, דורך דעם דערנערונגס־ אוןווירטשאַפטס־אַמט אין ליטצמאַנשטאַט, די הויפּט־אָנפירונג איבער דער אָפּטיילונג „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע געטטאָ".

אין שייכות מיט דעם ווערט דעם הערן ביבאָוו געגעבן די פולע האַנדלונגס־פרייהייט אין די ראַמען פון זיינע דינסט־פליכטן. אַלע שטאַטישע און מלוכהשע דינסט־שטעלן ווערן דערמיט געבעטן אַמווייטגייענדסטן ענטקעגנצוקומען און צו אונטערשטיצן דעם הערן ביבאָוו ביים דורכפירן זיינע אויפגאַבן".[335]

מיט דער דאָזיקער באַפולמעכטיקונג איז האַנס ביבאָוו, דער סוחר פון ברעמען, געוואָרן דער אומבאַגרענעצטער הערשער איבער די 160 טויזנט יידן אין ליטצמאַנשטאַטער געטאָ. דער געניטער סוחר איז אָבער גלייכצייטיק געוואָרן אַ פאַרינטערעסירטער צד אין דער עקזיסטענץ פון געטאָ, וואָס איז געווען פאַר אים אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל, פון וואַנען מ'קאָן מיט אַ לייכטער האַנט אַרויסבאַקומען פאַרמעגנס און ווערן נאָך דער מלחמה א גרויסער קאַפּיטאַליסט אין זיגערישן „דריטן רייך". אַ חוץ דעם איז די אָנפירונג מיטן געטאָ אויך געווען פאַר ביבאָוון אַ פאַרזיכערונג נישט צו גיין אויפן פראָנט און קאָנען טאַקע איבערלעבן די מלחמה.

*

האַנס ביבאָוו האָט נישט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט באַלד פון פערטן מאַי, ווען ער איז אָפיציעל באַשטעטיקט געוואָרן אויף זיין אַמט. ער האָט, ווייזט אויס, געמוזט זיך פריער באַקענען מיט דעם געטאָ־געשעפט, אויספאָרשן די סיטואַציע, די זאַכלאַגע, די באַדינגונגען, כדי ווי אַמבעסטן צו קאָנען אויף אַ שקלאַפישן אופן אויסנוצן די יידישע אַרבעטס־קרעפטן און גלייכצייטיק רויבן די פאַרמעגנס,

וועלכע עס איז געלונגען די יידן אויסצובאַהאַלטן פון די פריערדיקע דייטשע רויבער־באַנדעס. ביי דעם אַלעם האָט דער סוחר פון ברעמען געמוזט האַנדלען זייער פאָרזיכטיק, ער זאָל נישט קומען אין סתירה מיט דעם יידן־אויסראָטונגס־פּלאַן פון ריינהאַרדט היידריך, וואָס איז ביבאָוון געווען גוט באַקאַנט.

כדי דורכצופירן די דאָזיקע סתירותדיקע טעטיקייטן איז דעם כיטרען קאָופּמאַן אויסגעקומען צו לאַווירן: איינהאַלטן גוטע באַציאונגען מיט דעם עלטעסטען דער יודען, געבן אים „קלוגע עצות" און גלייכצייטיק מאָרדן און באַרויבן זיינע יידן, אויסהונגערן זיי און ווען נויטיק אויך צוואָרפן אַ „ביינדל", ספּעציעל נאָך די דעפּאָרטאַציעס אין די טויטן־לאַגערן, כדי צו שאַפן דעם איינדרוק ביי די יידן, אַז עס וועט בעסער.

.19

# די אינערלעכע ארגאניזאציע פון ליטצמאנשטאטער געטא

## א. פינאַנסן און אַפּראָוויזאַציע

מיט דעם אַריינגיין פון יידן אין געטאָ, האָט אין לאָדזש פּאַקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן דער יידישער ווירטשאַפטלעכער סעקטאָר. אַלע יידישע אונטערנעמונגען, פּאַבריקן, וואַרשטאַטן, גרעסערע געשעפטן, סחורה־לאַגערס, באַנק־הייזער און אַפילו קראָמען — זענען אָדער אָפיציעל קאָנפיסקירט געוואָרן („געזעצליך בעשלאַגנאַהמט"), אָדער איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר פאַרן רויב פון די דייטשן.

נאָך אין 1־טן נאָוועמבער 1939 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער דעקרעט פון געריגגען וועגן קאָנפיסקירן דאָס גאַנצע באַוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע יידישע פאַרמעגן, וואָס ווערט איבערגענומען דורך די „טרויהענדער".[336] אָבער ביזן אַריינגיין אין געטאָ האָט אַ גרויסע צאָל באַלעבאַטים פון יידישע אונטערנעמונגען נאָך אָנגעהאַלטן אַ שאָטן פון רעכטלעכע אייגנטימער איבער די פּאַבריקן און געשעפטן. די קאָמיסאַרן פון די „טרויהענדער" האָבן שוין דעמאָלט געהאַלטן די יידישע אונטערנעמונגען אין זייערע הענט, אָבער דער יידישער אייגנטימער האָט זיך נאָך דאָרט אַרומגעדרייט און נאָך אַלץ געגלויבט, אַז עס וועט זיך ענדערן. מיטן אָפּשליסן דאָס געטאָ איז אויך די אילוזיע צוגענומען געוואָרן. עס האָבן אָפיציעל אויפגעהערט צו עקזיסטירן יידישע ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אין לאָדזש. דער דייטשער רויב פונעם יידישן פאַרמעגן איז אין ליטצמאַנשטאַט געוואָרן דערפאָלגרייך פאַרענדיקט.

ביים היינטיקן פאָרשונגס־מצב פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, איז כמעט אוממעגלעך פעסטצושטעלן דעם קאָלאָסאַלן פאַרנעם פונעם יידישן פאַרמעגן אין לאָדזש, וואָס איז צוגערויבט געוואָרן דורך די דייטשן. נאָך דעם דאָזיקן רויב האָט די לאָדזשער אָקופּאַציע־מאַכט פאַרניכטעט אַלע צו יידן שייכותדיקע דאָקומענטן פון די לאָדזשער ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן, פון: האַנדלס־קאַמער, האַנטווערקער־קאַמער, פאַבריקאַנטן־פאַרבאַנדן און פון אַלע מלוכהשע און קאָמונאַלע אינדוסטריע־האַנדלס־אַמטן. אַפילו סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען אויפן סמך פון האַנדלס־בילאַנסן פון יידישע פירמעס אין לעצטן יאָר ערב מלחמה, וועלן ווייט נישט געבן דאָס פולע ציפער־בילד פונעם צוגערויבטן

יידישן פאַרמעגן, ווייל נישט אלע יידישע אונטערנעמונגען, באזונדערס די מיטעלע און קליינע פאַבריקן און געשעפטן, האָבן פאַרעפנטלעכט אזעלכע בילאַנסן.

לויט נישט־קאָנטראָלירטע ציפערן, וואָס עס ברענגט י. קירשנבוים אין „לאָדזשער יזכור־בוך", האָבן די דייטשן אין לאָדזש קאָנפיסקירט יידישע אונ־טערנעמונגען: „24,500 געשעפטן, דערונטער 70 בענק און אַנדערע קרעדיט־אַנשטאַלטן, 3,500 טעקסטיל־ און קליידער־געשעפטן, 500 אנגראָ און 8,500 דעטייל־געשעפטן און 10,500 האַנט־וואַרשטאַטן". די דאָזיקע ציפערן, וואָס שטיצן זיך אויף אַן אָפיציעלן באַריכט אין דער „ליטצמאַנשטאַטער צייטונג" [337] דער־מאָנען אינגאַנצן נישט די יידישע טעקסטיל־פאַבריקן, די אינדוסטריע־פּאָטענ־ציאַלן פון אשר קאָן („ווידזעווער מאַנופאַקטור") און פון דער פירמע י. ק. פּאָז־נאַנסקי אָון די קלענערע וועבערייען, שפּינערייען, טריקאָטאַזש־פאַבריקן, וואָס האָבן געהערט צו יידישע אינדוסטריעלער.

טראָץ דעם אַלזייטיקן רויב פונעם יידישן פאַרמעגן, האָט זיך די דייטשן דאָך נישט איינגעגעבן אַלץ צו פאַרכאַפּן. צו די קלענערע יידישע אונטערנע־מונגען, צו די אַרבעטס־וואַרשטאַטן אין באלוט פון שוסטער, שניידער און אַנדערע פאַכן, האָבן די „טרויהענדער" נישט געגרייכט. אַ חוץ דעם האָבן נאָך די יידן בעתן טרייבן אין געטאָ באַוויזן אַרויסצוראַטעווען ווערט־זאַכן, ביזשו־טעריע, גאָלד און זילבער, וועב־שטאָפן, שניידער־מאַשינען און אַנדערע אַרבעטס־מכשירים, ווי אויך גרעסערע סומעס געלט — דאָס אַלץ צוזאַמען איז געוואָרן די באַזע פאַר אויפבויען די געטאָ־ווירטשאַפט.

נאָכן אַריינקומען אין געטאָ איז דאָרט כמעט נישט געווען קיין שום פאָרם פון אָרגאַניזירטע יחידישער אָדער געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט. די בעלי־מלאכות, צונויפגעדריקט אין די קליינע, ענגע באַלוטער שטיבלעך, האָבן אַפילו נישט געהאַט קיין אָרט ווו אויפצושטעלן זייערע ווארשטאטן און אויך מורא געהאט ארויסצונעמען פון באהעלטעניש די אַרבעטס־מכשירים, אויף וועלכע ס'האָבן געלויערט די „טרויהענדער". די איינציקע ווירטשאַפטלעכע פאָרם, וואָס האָט עקזיסטירט נאָך פאַרן שליסן דאָס געטאָ און איז געבליבן אויך אויף שפּעטער, איז געווען דער האַנדל מיט שפּייז, וועלכער איז געפירט געוואָרן דורך די צוויי קאָאָפּעראַטיוון, פון בונד און פּועלי־ציון, און דורך פּריוואַטע און קהלשע קראָמען.

נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן דעם געטאָ צוגעטיילט אַ פאָרלויפיקע עקזיסטענץ, האָבן זיי געמוזט די יידן אויך באַזאָרגן מיט אַ מינימום פון לעבנס־אויפהאַלט. ס'זענען דעריבער אָפּגעשטעלט געוואָרן די קאָנפיסקאַציעס פון „פאַרמעגנסווערטע דער יודען", וואָס געהערן צו דער „אונמיטלבאַרער לע־בענס נאָטווענדיגקייט", ווי: באַקליידונג, דערנערונג און וווינונג." דאָס ווערט בפירוש אונטערגעשטראָכן אין דער ווענדונג פון אָבערבירגערמייסטער צו רומ־קאָווסקין. [338] צוליב דער זעלבער סיבה האָט אויך די ערנעהרונגס־ אונד ווירט־

שאַפטסשטעללע גהעטטאָ״ * געמוזט באַזאָרגן די יידן מיט שפּייז, וועלכע איז אָפּגעקויפט געוואָרן דורך דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע און פאַרקויפט געוואָרן דער געטאָ־באַפעלקערונג דורך די דערמאָנטע קאָאָפּעראַטיוון. די פּריוואַטע קראָמען האָבן מיינסטנס באַקומען פּראָדוקטן אַריינגעפירטע דורך שמוגל, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן אַ געוויסע צייט אויך נאָכן שליסן דאָס געטאָ.

די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין געטאָ אויף אַ סטאַבילן אופן זענען געווען די אייגנטימער פון בעקערייען. זיי, די בעקער־באַלעבאַטים, זענען אויך געווען אַ וויכטיקער שטיצפּונקט אין אָרגאַניזירן די פינאַנס־ווירטשאַפט. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אין אירע פאַראָרדנונגען כסדר באַטאָנט, אַז יידן אין געטאָ מוזן זיך אליין אויסהאלטן. צו דעם צוועק האָט דער יודענעלטעסטער באקומען פון די דייטשן דאָס רעכט צו באַשטייערן די געטאָ־איינוואוינער און צווינגען זיי צו אַרבעטן.[339] באַלד נאָכן שליסן דאָס געטאָ, האָט רומקאָווסקי גענומען אויסנוצן זיין רעכט אין איינמאָנען שטייערן. דער שטייער־אַמט איז דעריבער געווען, נאָך דער פּאָליציי, די צווייטע אינסטאַנץ פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט תיכף נאָכן שליסן דאָס געטאָ.

אין דער ערשטער ריי האָט מען גענומען איינמאָנען שטייערן ביי די פאַרמעגלעכע געטאָ־איינוואוינער. אין געטאָ האָט מען גוט געוווּסט, ווער עס איז אַריינגעקומען מיט געלט, און מ׳האָט געצאָלט שטייערן אויס מורא עס זאָל נישט דערגיין צו די דייטשן. אָבער פון די דאָזיקע שטייערן אַליין וואָלט נישט מעגלעך געווען אויסצוהאַלטן דעם רומקאָווסקי־אַפּאַראַט, וואָס איז כסדר געוואַקסן אין צאָל, און אויך די שולן, די געטאָ־אינסטיטוציעס און עס זאָל נאָך בלייבן געלט אויף אַפּראָוויזאַציע־איינקויפן. עס איז דעריבער גענומען געוואָרן ביי די בעקער־באַלעבאַטים אַ קאָנטע אויפן מעל, וואָס זיי דאַרפן באַקומען; עס זענען געמאַכט געוואָרן הלוואות ביי פּערזאָנען, וואָס זענען געקומען אין געטאָ מיט געלט. צוזאַמען איז געשאַפן געוואָרן בערך 90,000 מאַרק (ר״מ).

אַ געוויסע הכנסה איז אויך געווען פון דירה־געלט. אין געטאָ האָבן זיך געפונען 42 טויזנט דירות. רומקאָווסקיס פינאַנץ־מיניסטערס האָבן אויסגערעכנט, אַז פון דירות־אָפּצאָל דאַרף זיין אַ הכנסה פון 323,000 מאַרק אַ חודש. אַריינגעפלאָסן איז נאָר 44 טויזנט מאַרק אַ חודש.[340] די דאָזיקע מאָגערע איינקונפטן האָבן ווייט נישט געדעקט די הוצאות אין בודזשעט פון דער רומקאָווסקי־אָנפירונג

* „ערנעהרונגס אונד ווירטשאַפטסשטעללע גהעטטאָ״ איז געווען אַן אָפּצווייג פון „ערנעהרונגס אונד ווירטשאַפטסאַמט, האופּטשטעללע ליטצמאַנשטאַט״, מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט דער שטאַדטאָבערפאַרוואַלטונגסראַט ד״ר מאלדענהאוער. מיטן איבערנעמען זיין אַמט, איז ביבאָוו געוואָרן דער אָנפירער פון דער „ערנעהרונגס אונד ווירטשאַפטסשטעללע גהעטטאָ״, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג״.

פון געטאָ. אַ חוץ דעם, וואָס מ׳האָט געדאַרפט אויסהאַלטן אַלע קהלהשע אינסטי־טוציעס, האָבן נאָך געמוזט געגעבן ווערן אונטערשטיצונגען די אָרעמסטע, וועלכע האָבן נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן און אויך נישט קיין אַרבעט. זיי האָבן דורך די הויז־קאָמיטעטן באַקומען בחינמדיקע מיטאָגן און אויך ברויט.

*

נאָכן שליסן דאָס געטאָ, איידער עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די אַרבעטס־וואַרשטאַטן (רעסאָרטן), איז דאָרט געווען אַזאַ מצב:

קיין שפייז האָט נישט אויסגעפעלט. עס זענען נאָך געבליבן פון די רעזערוון, וואָס מענטשן האָבן איינגעהאַנדלט, ווען דאָס געטאָ איז נאָך געווען אָפן און פאַלאַקן האָבן אַלץ אַריינגעפירט. אין האנדל מיט באַשפייזונג איז נישט געווען קיין שום באַגרענעצונג און רעגלאַמענטאַציע. ווער עס האָט געהאַט געלט האָט געקענט קויפן. אָבער די פאַראָרעמונג פון דער געטאָ־באַפעלקערונג איז געגאַנגען ראַשיק שנעל. „דער מצב פון אַ גרויסן טייל יידן איז געווען שרעקלעך צוליב דעם, וואָס זיי זענען פאַרבליבן אָן מיטלען. א ברויט האָט געקאָסט 60 פעניג און עס איז נישט געווען פאַרוואָס צו קויפן״ — — — פון 1־טן מאַי ביזן 8־טן דעצעמבער 1940, ביזן איבערגאַנג צום קאַרטן־סיסטעם, איז די באַפעלקע־רונג באַשטאַנען פון צוויי שיכטן: איין שיכט איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק גוט סיטואירט, באַזונדערס די וואָס האָבן באַקומען פּראָדוקטן פון אַנדערע שטעט, און אַ צווייטער שיכט האָט ממש געהונגערט״.

צו דעם בעסער סיטואירטן שיכט האָט אויך געהערט די רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע און די פּאָליציי, וועלכע האָבן באַלד פון מתחילת באַקומען ספּעציעלע שפּייז־צוטיילונגען. אויך די געוועזענע סוחרים און פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן אין געטאָ מיטגעבראַכט געלט און ווערטזאַכן, האָבן נישט שלעכט געלעבט. אַ טייל פון זיי האָבן נאָך באַקומען געלט פון זייערע „שפּער־קאָנטעס״ אין די בענק אין שטאָט.[341]

אַזוי אַרום האָט זיך אויך אין געטאָ־עמק־הבכא, ביי די שרעקלעכסטע באַדינגונגען, וואָס האָבן נישט צו זיך קיין גלייכן אין דער יידישער געשיכטע, זיך כסדר פאַרטיפט דער תהום צווישן אָרעם און רייך, זאַטע און הונגעריקע — אַ מצב, וועלכער האָט אין סוף זומער 1940 געבראַכט צו אַנטי־רומקאָווסקי־דעמאָנסטראַציעס און פאַרשאַרפטע סאָציאַלע קאַמפן.

## ב. די שטיצע פון יידישע הילפס־אינסטיטוציעס און פון יחידים

באַלד, ווי עס איז נאָר געשלאָסן געוואָרן דאָס געטאָ, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען מיט דער פּאָסט שפּייז־פּאַקעטן פאַר די געטאָ־איינוווינער. אַזעלכע

פאַקטן זענען געקומען פון יידן, פון יענע ערטער פון פוילן, ווו עס איז נישט געווען קיין דוחק אין שפייז. אויך פון דייטשלאַנד האָט מען געשיקט באַשפייזונגס־פעקלעך.

ווי עס איז צו זען פון די אַרכיוו־דאָקומענטן, האָט רומקאָווסקי אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט יידישע הילפס־אינסטיטוציעס פון אויסלאַנד, וועלכע האָבן פון זינט דעם שליסן דאָס געטאָ באַמיט זיך צו קומען צו הילף די לאָדזשער יידן. לויט אַ באַריכט פון „דזשאָינט", וואָס נעמט אַרום די צייט פון יאַנואַר ביז יוני 1940, האָט די לאָדזשער קהילה באַקומען 100.000 רייכס־מאַרק (ר"מ). די קהילה מיינט מען דאָ רומקאָווסקין מיט זיין אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט. אויך אין די פאַרעפנטלעכטע זכרונות, גבית־עדות און דערינערונגען אין כתב־יד, ווערט אויף אַ נעפּלהאַפטן אופן דערמאָנט וועגן „דזשאָינט־שטיצע, וואָס איז געקומען פאַרן לאָדזשער געטאָ.

אַזוי דערציילט יעקב בירנבערג, איינער פון די אָנפירער פון אונטער־ערדישן בונד אין לאָדזשער געטאָ, אַז „נאָך גרויסע באַמיאונגען" האָט זיין פאַרטיי „באַקומען אין וואַרשע ביים „דזשאָינט" 10 טויזנט מאַרק אויף סאָציאַלער הילף. אַזאַ סומע איז, דורך בערלין, איבערגעוויזן געוואָרן צו רומקאָווסקין". ער האָט אָבער דאָס געלט נישט אָפּגעגעבן דעם בונד.

אויך י. טאַבאַקסבלאַט דערמאָנט אין זיינע זכרונות וועגן רומקאָווסקיס א צוזאָג צו א דעלעגאציע פון פועלי־ציון, אז ער וועט זיך טעלעגראפיש ווענדן צום „דזשאָינט" אין ניו־יאָרק וועגן באקומען א האלבן מיליאָן דאָלאַר.[342] עס איז נישט באַוווסט צי רומקאָווסקי האָט געמאַכט אַזאַ ווענדונג קיין ניו־יאָרק, אָבער ביבאָווס אַ באריכט צום רעגירונגס־פּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאַט אינ־פאָרמירט, אַז פון שליסן דאָס געטאָ (ד. ה. פון 1־טן מאַי) ביזן 27־טן אויגוסט 1940, זענען פון „עלטעסטען דער יודען" איינגעפלאָסן אויף זיין דערנערונגס־קאָנטאָ, צווישן אַנדערן — 43. 140,175 ר"מ (רייכסמאַרק), וואָס זענען, ווי נדבות, דערהאַלטן געוואָרן פון אויסן אַלס אונטערשטיצונג פאַר יידן.

אויך אין אַ צווייטן דאָקומענט, אין אַ בריוו „צום הערן רייכסשטאַטט־האַלטער, אָבערפינאַנצפּרעזידענט — דעוויזענשטעללע, פּאָזען ווו", שרייבט ביבאָוו, אַז אין פרילינג 1940 האָט רומקאָווסקי באַקומען 80,000 זלאָטעס, פון וועלכע 15,570 זענען צו אים נישט דערגאַנגען.

דער דייטשער דיקטאַטאָר איבערן געטאָ זאָגט זיך אַרויס אין זיין בריוו קעגן צונעמען די דערלויבעניש ביים יודענעלטעסטען צו באַקומען דעוויזן פון אויסן, ווייל די דעוויזן, וואָס קומען אַריין צום „עלטעסטען דער יודען" ווערן אים, ביבאָוון איבערגעגעבן און זיי ווערן גלייך איבערגעשיקט אין דער „רייכס־באַנקשטעללע אין ליטצמאַנשטאַט".[343] דער דאָזיקער בריוו איז דאַטירט — 8־טער אָקטאָבער 1940. פון ביבאָווס איינשטעלן זיך פאַר נישט צונעמען די

דערלויבנישביים יודענעלטעסטען צו באַקומען דעוויזן פון אויסן, איז צו זען, וואָס פאַראַ וואָגיק אָרט ס׳האָט פאַרנומען אין געטאָ־בודזשעט די הילף, וואָס יידן פון „אויסן" האָבן צוגעשיקט פאַר די יידן אין געטאָ. די הילף אין פעסטער וואַלוטע איז נישט אָנגעקומען צו רומקאָווסקין, נאָר איז אין דער דייטשער וואַלוטע, אין רייכס־מאַרקן (5 מאַרק — 1 דאָלאַר) פאַררעכנט געוואָרן אויף דער קאָנטאָ פונעם יודענעלטעסטען. פון דער קאָנטאָ איז געצאָלט געוואָרן דער „ערנעהרונגס אונד ווירטשאַפטשטעללע, געטאָ" פאַר דער שפּייז און אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס זענען צוגעשטעלט געוואָרן אין געטאָ.[344]

דער „דזשאָינט"־קאָמיטעט, וואָס האָט אין יאָר 1940 געפירט אַ טעטיקייט אין וואַרשע, האָט אין פרילינג פון יענעם יאָר אַרויסגעשיקט קיין לאָדזש זיינס אַ פאַרטרעטערין, די פרוי לאָזאַר מעלמאַן, וואָס האָט געדאַרפט, אויפן אָרט, אָרגאַניזירן הילף פאַר די יידן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט. פרוי לאָזאַר־מעלמאַן האָט גוט געקענט לאָדזש. פאַר דער מלחמה איז זי געווען טעטיק אין דער לאָדזשער בונדישער באַוועגונג און אלס לערערין אין דער מעדעם־שול. בעתן אַנטלויפן פון לאָדזש איז זי אַוועק קיין וואַרשע און געווען טעטיק אין דאָרטיקן אונטערערדישן בונד. עס זענען נישט באַקאַנט קיין פּרטים פון איר פאַרבינדונג מיטן „דזשאָינט" און ווי אַזוי עס איז איר געלונגען צו קומען פון וואַרשע קיין לאָדזש און אַריינקריגן זיך אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט. אַ פאַקט איז, אַז זי איז געווען אין געטאָ און געטראָפן זיך מיט רומקאָווסקין.

ד״ר לעאָן שיקער, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען נאָענט צו דער רומקאָווסקי־אָנפירונג, דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז „זומער 1940 איז אַ דעלעגאַט פון „דזשאָינט", אַ מיטגליד פונעם אונטערערדישן בונד, געקומען פון וואַרשע מיט אַ פאָרשלאָג צו שאַפן אַ קאָמיטעט [וועלכער זאָל פאַרוואַלטן מיט די דזשאָינט־געלטער]. לויט די אָנווייזונגען פון וואַרשע, האָבן צו דעם קאָמיטעט געדאַרפט געהערן: ד״ר העלמאַן, אינזש. ליטווין און אַנ״ד. רומקאָווסקי האָט אויף דעם געענטפערט: ער קאָן מסכים זיין מיט דעם פּראָיעקט נאָר דעמאָלט, אויב ער אַליין וועט דערהאַלטן דאָס געלט. צו אַ טאָפּלמאַכט אין געטאָ וועט ער נישט דערלאָזן. די דעלעגאַטין איז צוריקגעפאָרן, כדי מער צו דעם ענין זיך נישט צוריקצוקערן".[345]

וועגן דער הילפס־אַקציע פאַר די נויטליידנדע יידן אין לאָדזשער געטאָ, וואָס פרוי מעלמאַן האָט געפירט אין נאָמען פון „דזשאָינט" און מיט זיינע פינאַנסיעלע מיטלען, האָט מיטגעטיילט אין זיין גבית־עדות מרדכי (מאָטל) קושניר פון טשענסטאָכאָוו.

מ. קושניר, אַ מיטגליד אין דער טשענסטאָכאָווער אונטערערדישער בונדישער אָרגאַניזאַציע, איז, אין יאָר 1940 געווען אַ באַאַמטער אין דער געזעלשאַפט „טאָז", וואָס האָט געפירט איר טעטיקייט אין טשענסטאָכאָוו. אין

יענער צייט האָט זיך צו קושנירן געוואָנדן די מיטגלידערין פון וואַרשעווער אונטערערדישן בונד, פרוי לאַזאַר־מעלמאַן, וואָס איז געפאָרן אין שליחות פון וואַרשעווער „דזשאָינט" מיט דעם צוועק צו אָרגאַניזירן אַ הילפס־אַקציע פאַר די יידן אין לאָדזשער געטאָ.

די דאָזיקע אַקציע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן טשענסטאָכאָווער „טאָז" אויף פאָלגנדן אופן:

„טאָז" האָט געפירט אין טשענסטאָכאָוו אַ קיך צו באַשפּייזן 3000 קינדער. די פּראָדוקטן פאַר דער קיך זענען צוגעשטעלט געוואָרן דורך אַ קלאָבוצקער ייד — לאַפּידעס. אָט דער לאַפּידעס האָט דאָס גענומען אויף זיך, ביי דער פינאַנסירונג פון „דזשאָינט", צו איבערשיקן שפּייז־פּעקלעך אין לאָדזשער געטאָ. די אַקציע איז געפירט געוואָרן מיט דערפאָלג. עס זענען אונטערגעקויפט געוואָרן באַן־באַאַמטע, וועלכע האָבן די שפּייז־פּעקלעך אַריבערגעפירט און באַזאָרגט אויף אָנגעגעבענע אַדרעסן אין לאָדזשער געטאָ. די אַקציע איז געפירט געוואָרן ביז דער ליקווידאַציע פון „דזשאָינט" אין וואַרשע.

מ. קושניר האָט אין זיין גבית־עדות אויך איבערגעגעבן, אַז פרוי לאַזאַר מעלמאַן האָט געטראָגן אַ ספּעציעלן אָפּצייכן פון „דזשאָינט", וועלכע איז דורך די דייטשן אָנערקענט געוואָרן ווי אַ סימן פון אַמעריקאַנער בירגערשאַפט. אַזאַ אָפּצייכן האָט געגעבן די מעגלעכקייט דער פרוי מעלמאַן זיך פריי צו באַוועגן איבער די יידישע ישובים פון פוילן.[346]

אויך אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן רומקאָווסקין און ביבאָוון, באַלד נאָכדעם, ווי ער האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט, ווערן דערמאָנט שפּייז־פּאַקעטן און געלט, וואָס עס באַקומען די יידן פון געטאָ. אין אַ בריוו צום יודענעלטעסטען פון 18/VI 1940 שרייבט ביבאָוו, אַז ער מוז באַקומען אַ גענויע רשימה מיט די אַדרעסן פון די פּערזאָנען, וואָס באַקומען צוגעשיקט געלט פון אויסלאַנד. קיין אַלגעמיינע קבלה־קוויטונגען פון רומקאָווסקין זענען נישט גילטיק.

רומקאָווסקי האָט דערויף געענטפערט, אַז אַזעלכע רשימות וועלן געמאַכט ווערן און די קבלות וועלן אַרויסגעשיקט ווערן.

ווי עס איז באַקאַנט פון אַ פריערדיקן דאָקומענט, האָט ביבאָוו גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אַז יידן פון אויסלאַנד זאָלן שיקן געלט אין געטאָ. ער האָט אָבער גענומען שטאַרק באַקעמפן דאָס אַריינשיקן אין געטאָ שפּייז־פּאַקעטן.

אין צוויי בריוו פון 4/VII, 12/VII, 1940, וואָרנט ביבאָוו רומקאָווסקין, אַז קיין לעבנסמיטל קאָנען נישט געשיקט ווערן דורך דער פּאָסט, ווייל „מ׳קאָן נישט באַלאַסטן קיין אַנדערע מערק. באַשפּייזונג פאַרן געטאָ דאַרף צושטעלן נאָר די „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, געטטאָ". דורך די לעבנס־מיטל־פּאַקעטן קאָן מען אַריינברענגען קראַנקהייטן אין געטאָ".[347]

אַזוי האָט האַנס ביבאָוו „געזאָרגט" פאַרן געטאָ, אָבער זיין כוונה איז,

פאַרשטענדלעך, געווען אַן אַנדערע, נעמלעך: לויט דעם דייטשן יידן־אויסראָטונגס־פּלאַן האָט מען געדאַרפט דאָס געטאָ אויסהונגערן און דאָס איז מעגלעך געווען נאָר דורך אַן אָרגאַניזירטן צושטעל פון דער הונגער־באַשפּייזונג פון דער „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, גהעטטאָ“. די צוגעשיקטע פּאָסט־פּאַקעטן האָבן נאָר געקאָנט שטערן די דייטשן אין זייער פאַרטיליקונגס־טעטיקייט. אָבער די יידן אין לאָדזשער געטאָ האָבן נישט אויפגעהערט זיך קעגנצושטעלן די דייטשע פאַראָרדענונגען און זיי סאַבאָטירן.

## ג. דער קאָנטאַקט פון די געטאָ־יידן מיט דער „אַרישער“ וועלט

נישט אַזוי לייכט איז אָנגעקומען דער דייטשער מאַכט אָפּצורייסן די לאָדזשער געטאָ־יידן פון דער אויסערלעכער וועלט. טראָצדעם, וואָס דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאַט איז שוין געווען באַוואַכט פון אויסן — דורך „שופּאָ“, פון אינעווייניק — דורך יידישע פּאָליציאַנטן („אָרדענונגס־דינסט“), האָבן די לאָדזשער יידן אין די ערשטע חדשים פון זייער געטאָ־לעבן אָנגעהאַלטן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט דער שטאָט.

יידן סוחרים האָבן זיך באַמיט צו מאַכן געשעפטן מיט זייערע אַמאָליקע באַקאַנטע, אַרישע געשעפטס־לייט אין לאָדזש און אפילו מחוץ לאָדזש. דאָס קאָן מען זען פון די „באַן־פּאַקעטן“, וואָס זענען אָנגעקומען אין געטאָ אין דער לעצטער דעקאַדע פון חודש מאַי, 1940.

אויפן פאַרלאַנג פון דער ערנעהרונגס־ און ווירטשאַפטסשטעללע, גהעטטאָ, האָט רומקאָווסקי צוגעשיקט איר פאָלגנדע רשימה פון דערהאַלטענע באַן־פּאַקעטן אויף אַדרעסן פון געטאָ־איינוווינער:

| אַרויסשיקער | אינהאַלט פון פּאַקעט | באַקומען אין געטאָ |
|---|---|---|
| רייכעלט, ליטצמאַנשטאַט | מעדיצינישע און סאַניט. מאַט. | אפּטעקער, אַלטערמאַרק 9 |
| וועלער־בוכהאַנדלונג, בערלין | 1 קעסטל מיט ביכער | פלאַמינג בעקער, געטאָ |
| עדמונד זשעלינסקי, ראדלישטשע | 2 זעק קאַרטאָפל | ראָמאַן סטאַטשעווסקי |
| בירגערמייסטער פון סאָלצע | 1 זאַק וועש און בעטגעוואַנט | פרוי אלגאר ארנדט |
| שאָקאָלאַד פאַב. „גאפּלאנא“, פויזען | 1 קעסטל צוקערוואַרג | א. ה. לעשטשינסקי |
| שענקרעט־קאַמפּ, ליטצמ. | 1 קעסטל ראַזיר־מעסערס | א. אורבאַך |
| ע. שוסטער עט קאָלער, דאַנציג | מעדיצינישע זאַכן | ס. מעל, אַפּטייק־סקלאַד |
| כעמישע פאַבריק, פּאָזען | פּלאַסטערס און כעמ. מאַט. | י. קינאָס, אַפּטייק־סקלאַד.[348] |

עס איז נישט באַקאַנט אויף וועלכן אופן האָט זיך איינגעשטעלט דער קאָנטאַקט צווישן די געטאָ־איינוווינער מיט די דערמאָנטע פירמעס. אפשר איז

דער קאָנטאַקט נאָך געווען פאַרן שליסן דאָס געטאָ. אָבער פון אַנדערע דאָקומענטן פון רומקאָווסקי־אַרכיוו איז צו זען, אַז געוויסע יידישע סוחרים האָבן אויך שפּעטער אָנגעהאַלטן פאַרבינדונגען מיט אַרישע פירמעס. אַזוי האָט ה. זאַזשויער, אַ ייד פון געטאָ, רומקאָווסקיס אַ מיטאַרבעטער, זיך געוואָנדן דירעקט צו אַ קוילן־קאָנסאַרציום וועגן צושטעלן קוילן פאַר זאַזשויערן. ביבאָוו, וואָס האָט שוין דעמאָלט אָנגעפירט מיטן געטאָ, האָט אויפמערקזאַם געמאַכט רומקאָווסקין, אַז אַזאַ דירעקטע ווענדונג פון אַ ייד פון געטאָ צו אַן אַרישער פירמע איז אַ פאַר־ברעכן, וואָס ווערט פּאָליציייאיש באַשטראָפט און עס זאָל זיך מער נישט איבער־חזרן.

דעם 13־טן יוני 1940 חזרט זיך ווידער איבער דאָס דאָזיקע „פאַרברעכן״: אַ ייד פון געטאָ מיטן נאָמען קראַקאָוו, האָט פאַרגעלייגט אַ פירמע אין ליטצמאַנ־שטאַט צו קויפן „10,000 קילאָ פוצפעדערן״. ביבאָוו האָט ווידער געוואָרנט רומקאָווסקין קעגן אַזעלכע טראַנזאַקציעס, וואָס ווערן געמאַכט פון געטאָ־איינוווינער מיט פירמעס מחוצן געטאָ. „יעדער בריוו־וועקסל פון געשעפטלעכן כאַראַקטער — שרייבט ביבאָוו צו רומקאָווסקין — קאָן געווענדעט ווערן נאָר דורך אייך צו מיר״. דאָס נישט צופאַסן זיך צו אַזעלכע פאַראָרדנונגען קאָן ברענ־גען פאָלגן, וואָס וועלן זיין צום שאָדן פון דער „יודענגעמיינשאַפט״.

אין אַ צווייטן בריוו מעלדעט ביבאָוו רומקאָווסקין, אַז פון דעם 1־טן יולי 1940, מוזן אָפּגעשטעלט ווערן אַלע געשעפטלעכע איבערשיקונגען „פון היגע [ליטצמאַנשטאַטער] און אויסלענדישע פירמעס, וואָס האַלטן אָן אַ קאָנטאַקט מיט געטאָ־איינוווינער. „נור דורך דער ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, געהעטאָ ליטצמאַנשטאַט, מיססען אַללע זענדונגען איבערגעשיקט ווערדען״. 349

גלייכצייטיק מיט דעם דאָזיקן פּאַסיוון ווידערשטאַנד פון די יידן קעגן די דייטשע פאַראָרדנונגען פון פולשטענדיק אָפּטיילן די געטאָ־יידן פון דער אויסער־לעכער וועלט — איז אויך געגאַנגען פון אויסן אַ שטאַרקער שמוגל פון שפּייז און אַנדערע פּראָדוקטן אין געטאָ אַריין. עס זענען אונטערגעקויפט געוואָרן די „שופּאָ״־וואַכן, וואָס האָבן געהיט דאָס געטאָ. מ׳האָט אַריינגעבראַכט מעל, וועלכעס איז אויפגעקויפט געוואָרן פון יידישע בעקערייען. זיי האָבן פריי געבאַקן ברויט און פאַרקויפט צו 60 פעניק אַ לעבל פון 2 ק״ג. דורכן גאַנצן יאָר 1940 זענען אין געטאָ נישט געווען קיין ברויט־קאַרטן, בעת אויף דער אַרישער זייט האָט די אָקופּאַציע־מאַכט שוין געהאַט איינגעפירט אַ רעגלאַמענטאַציע אויף שפּייז. 350

אויך צייטונגען (דייטשע) זענען געוואָרן אַריינגעשמוגלט אין געטאָ. אין חודש יוני, 1940, איז צווישן רומקאָווסקין און ביבאָוון פאָרגעקומען אַ כאַראַק־טעריסטישער בריוו־וועקסל וועגן דעם שמוגל פון צייטונגען. דעם 10־טן יוני מעלדעט ביבאָוו רומקאָווסקין, אַז עס איז פאַרבאָטן אַריינצופירן צייטונגען און צייטשריפטן אין געטאָ. דערויף שרייבט רומקאָווסקי צו ביבאָוון, אַז מ׳זאָל נישט

פאַרביטן דאָס אַריינפירן צייטונגען אין געטאָ, ווייל די באַפעלקערונג איז צוגע־וווינט צו לייענען צייטונגען און עס וועט נישט מעגלעך זיין דעם שמוגל צו באַקעמפן, ווייל „ער ווערט פון ביידע זייטן געפירט דורך קינדער".

דעם 14־טן יוני 1940 ווענדעט זיך ביבאָוו צו רומקאָווסקין, שוין אין אַ שטרענגן טאָן, אַז מ'דאַרף מאַכן אַ סוף צום אַריינשמוגלען צייטונגען אין געטאָ, וואָס עס איז שטרענג פאַרבאָטן. „עס דאַרפן באַשטראָפט ווערן נישט בלויז די שמוגלער, נאָר אויך די וואָס דערהאַלטן די צייטונגען.[350א]

די דייטשע מאַכט האָט פאַרשטענדלעך באַקעמפט דעם שמוגל פון פּראָ־דוקטן אין געטאָ, אָבער זי האָט נישט אָנגעווענדעט קיין שום דראַסטישע מיטלען. אויך די באַזונדערע אָפּטיילונג פון דער „קריפּאָ" אין געטאָ האָט אין די ערשטע חדשים נישט אַרויסגעוויזן קיין צו שטאַרקע טעטיקייט. די דייטשן מיט ביבאָוון בראש האָבן אין יענעם פּעריאָד זיך באַמיט צו זיין „ווייך" אין דער באַציאונג צום געטאָ, כדי צו פאַרשלעפּערן די וואַכזאַמקייט פון די געטאָ־אסורים. עס זענען אָנגעהאַלטן געוואָרן גוטע באַציאונגען מיטן יודענעלטעסטען און גלייכצייטיק איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די איזאָלאַציע פון געטאָ פון אויסן.

דעם 28־טן יוני 1940 האָט דער שטאַדטאָבערפאַרוואַלטונגסראַט, ד"ר מאַל־דענהאוער פאַרעפנטלעכט אַן אַפּעל — „צו אַלע מיטאַרבעטער פון דער הויפּט־שטעל פון „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסאַמט, באַזונדערס צו די, וואָס זענען באַשעפטיקט אין דער ווירטשאַפטס־אָפּטיילונג, געטאָ, וועלכע קומען אין באַ־רירונג מיט דעם באַלוטער רינג (רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע) — מוזן געדענקען, אַז זיי איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ באַזונדערס פאַרטרוילעכער דינסט. די באַזיי־טיקונג פון יידן פון קולטורעלן און ווירטשאַפטלעכן לעבן אין ליטצמאַנשטאַט באַדייט, אַז נאָר א גאַנץ קליינער קרייז פון פערזאָנען קאָן קומען אין אוממיטלבאַרער באַרירונג מיט יידן — — — יעדע פּריוואַט־אונטערהאַלטונג מיט דעם יודענ־עלטעסטען, מיט זיין פּערסאָנאַל און מאַגאַזין־אַרבעטער איז פאַרבאָטן". דאָס איז גילטיק אויך אין באַציאונג צו יידן אין געטאָ, מיט וועלכע מ'טאָר נישט פירן קיין שום שמועסן ביי די דראָט־צוימען. „דינסטלעכע פאַרהאַנדלונגען מיט דעם יודענעלטעסטען" פירט ה' ביבאָוו, זיין פאַרטרעטער איז ה' פאַלפינגער".

צום סוף גייט נאָך צו אַ באַמערקונג, אַז קיין שום פריוואַט־פירמע קאָן נישט אַריינטרעטן אין קיין אונטערהאַנדלונגען מיט דעם „באַלוטער רינג". אַלע פאַר־האַנדלונגען ווערן דורכגעפירט נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פון דער „ערנעהרונגס־ און ווירטשאַפטסשטעללע, געטטאָ.[351]

דעם 16־טן יולי, 1940, האָט די קאָמאַנדאָ פון דער שוצפּאָליציי („שופּאָ") צוגעשיקט „אָנאָרדנונגען פיר דעם יודענעלטעסטען", וועלכע פאַרהאַמערן נאָך שטאַרקער דאָס געטאָ, לויט די דאָזיקע „אָנאָרדנונגען" מוזן תיכף אָפּגעשלאָסן ווערן די טויערן, וואָס פירן פון געטאָ אין שטאָט. זיי קאָנען געעפנט ווערן נאָר

ביים דורכלאָזן וועגענער. דער סדר דאַרף אָפּגעהיט ווערן פון אַ יידישן אָרדנונגס־דינסטמאַן. די אָנווייזונגען רעגולירן אויך די באַוועגונגען אין געטאָ פון דער יידישער פּאָליציי און סתם יידן: די „אָרדענונגסדינסטמענער״ טאָרן נישט גיין צו נאָענט ביים געטאָ־צוים און דאַרפן אין דער נאַכט זיך האַלטן אויף פופציק מעטער ווייט פון צוים. די יידן, וואָס גייען פאַרביי די פאַרצוימונג איז נישט דערלויבט זיך אָפּצושטעלן און נישט צו אונטערהאַלטן זיך מיט פּערזאָנען, וועלכע געפינען זיך אויף יענער זייט פון דער דראָט־פאַרצוימונג. לוויות קאָנען פאָרקומען נאָר פון 5—7 אָוונט. 8 אָוונט מוזן די טויערן פון געטאָ פעסט פאַרשלאָסן ווערן.[352]

### ד. רומקאָווסקים געטאָ־געלט העלפט די דייטשן צו איזאָלירן די געטאָ־יידן

נישט אַלע אויפטוען פון יודנעלטעסטען פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ האָבן באַקומען די געהעריקע אָפּשפּיגלונג אין די אַרכיוו־דאָקומענטן. אַזוי איז נישט פאַראַנען קיין שום באַריכט וועגן די פאַרהאַנדלונגען צווישן דער דייטשער מאַכט און רומקאָווסקין אין ענין פון טרייבן די יידן אין געטאָ און ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען דער פּראָיעקט פון איינפירן דאָס „געטאָ־געלט״, די „קוויטונגען אויף מאַרקן״. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז דאָס געווען רומקאָווסקיס אַן אויפטו, וואָס האָט באַקומען די צושטימונג פון דער דייטשער מאַכט, ווייל דאָס געטאָ־געלט האָט געהאָלפן די דייטשן נאָך מער צו איזאָלירן די געטאָ־יידן פון דער אויסערלעכער וועלט.

נאָך מיט דער דאַטע פון 22־טן מערץ 1940, אַ חודש מיט 9 טעג פאַרן שליסן דאָס געטאָ, ווענדעט זיך רומקאָווסקי צו דער „ערנעהרונגס־ און ווירטשאַפטסשטעללע, געהעטאָ״ וועגן באַשטעלן פאַר אים פּאַפּיר מיט וואַסער צייכנס אויף אַרויסצוגעבן מאַרק־קוויטונגען אין ווערט פון 1, 2, 5, 10 און 20 מאַרק, ווי אויך צו פופציק פעניג. אין אָנהויב חודש מאַי איז שוין רומקאָווסקי געקומען צו זיין „בייראַט״ (יודענראַט) און מיטגעטיילט, אַז „ער האָט באַקומען די דערלויבניש פון דער דייטשער מאַכט אַרויסצוגעבן אַן עמיסיע פון אייגענע באַנקנאָטן. אויף דער פראַגע פונעם געוועזענעם דירעקטאָר פון דער דיסקאָנטע־באַנק, ה׳ פּערלשטיין, מיט וואָס די באַנקנאָטן וועלן גדעקט ווערן, האָט רומקאָווסקי געענטפערט מיט שטאָלץ און איראָניע: „מיט מיין אַרבעט און מיט דער אַרבעט פונעם געטאָ. אַזוי אַרום איז אויפגעקומען דאָס „געטאָ־געלט״ גערופן מיט שפּאָט „רומקעס״ אויף רומקאָווסקיס נאָמען״.[353]

אין דער באַקאַנטמאַכונג נומ׳ 70 האָט דער „עלטעסטער דער יודען״ מיטגעטיילט די גוטע בשורה דער געטאָ־באַפעלקערונג, אַז די דייטשע מאַכט האָט אים דערלויבט אַרויסצולאָזן מאַרק־קוויטונגען און יעדער געטאָ־איינוווינער

דאַרף די דייטשע מאַרקן אויסטוישן אויף די מאַרק־קוויטונגען, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין פאַרקער און געטראָגן די דאַטע פון 15־טן מאַי 1940.

יידן האָבן זיך נישט געאײַלט אויסצופירן די פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין און נישט געוואָלט אויסטוישן די ווערטפולע דייטשע מאַרקן אויף די „רומקע"־פּאַפּירלעך. דעם 24־טן יוני האָט שוין דער יודענעלטעסטער פאַרעפנטלעכט אַ שטרענגע פאַראָרדנונג („באַקאַנטמאַכונג נומ' 71"), אַז פון פרייטיק דעם 28־טן מאַי וועלן מער נישט ווערן אָנגענומען קיין דייטשע רייכסמאַרקן אין: אַפּראָוויזאַציאָנס־אָפּטיילונג, שפּייז־קראָמען, פליישפאַרקויפסהאַלן, אַפּטייקן, אַמבולאַטאָריעס, שפּי־טעלער, שטייער־ און וווינונגס־אַמט. די באַקאַנטמאַכונג ענדיקט זיך מיט אַ שטרענגער אויפפאָדערונג צו דער באַפעלקערונג אין געטאָ, אַז זי זאָל אין איר אייגענעם אינטערעס תיכף אויסטוישן דאָס דייטשע געלט און די פּוילישע 1־זלאָטע מטבעות.[354]

מיטן איינפירן דאָס „געטאָ־געלט", וועלכעס מ'האָט נישט געקענט פאַר־ווענדן אויף דער „אַרישער זייט, האָט רומקאָווסקי אויך ווירטשאַפטלעך איזאָלירט דאָס געטאָ. ער האָט צוגענומען די מעגלעכקייט ביי די געטאָ־יידן: אָנצוהאַלטן וועלכן עס איז געשעפטלעכן קאָנטאַקט מיט די „אַריער", אַרויסצובאַקומען זיך פון געטאָ דורך אונטערקויפן די וואַכן, איינצואָרדענען זיך אויף דער „אַרישער" זייט און איינצוהאַנדלען שפּייז און אַנדערע פּראָדוקטן דורך שמוגל. דאָס „געטאָ־געלט" האָט אויך באַרויבט די ווייניק פאַרמעגלעכע און אָרעמע שיכטן פון דעם לעצטן פאַרמעגן, וואָס זיי האָבן געהאַט — פון מזומן געלט, וועלכעס איז נאָך ביי זיי פאַרבליבן פון פאַרקויפן זאַכן, אָפּגעראַטעוועטע מיט מסירת־נפש בעתן גיין אין געטאָ. די שרעק פאַר קאָנפיסקאַציעס און הויז־זוכונגען, וועלכע די „קריפּאָ" האָט מיט גרויס אכזריות דורכגעפירט ביי די יידן אין געטאָ, האָט אַלעמען געצוווּנגען אויסצוטוישן די דייטשע רייכסמאַרקן אויף געטאָ־געלט.

לויט אַ באַריכט פון דער דייטשער געטאָ־פאַרוואַלטונג פון 2.3.1943, איז ביז דעם 17־טן יוני 1941 אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט מאַרק־קוויטונגען (געטאָגעלט־„באַנקנאָטן") אויף אַ סומע פון 7,348,000 רייכס־מאַרק. דער באַריכט פון דער דייטשער געטאָ־פאַרוואַלטונג לויבט שטאַרק רומקאָווסקיס אויפטו, ווייל „דורך דער איינפירונג פון געטאָגעלט, האָט דער רייכסמאַרק פאַרלוירן זיין קויף־קראַפט אין יידישן וואָהנגעביט. יעדער ייד איז געצוווּנגען זיינע רייכסמאַרקן־דעוויזן אויסצוטוישן אויף געטאָגעלט. צוליב דעם דאָזיקן צוואַנגסמיטל איז צום ערשטן מאָל אַ גרויסער שטראָם פון געלט־מיטלען געפלאָסן פונעם געטאָ."[355]

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן רומקאָווסקיס טעטיקייט אין געטאָ ליטצמאַנ־שטאַט. זיין איינשטעלונג, אַז דורך שתדלנות, הכנעהדיקער אונטערטעניקייט, דורך פאַרשווייגן מאָרד, גזילה און רציחה פון גרויזאַמע יידן־פאַרטיליקער, קאָן







געטאָ־געלט — צוואַנציק מאַרק (קוויטונג)

מען ראַטעווען יידן פון דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע — האָט דעם יודענ־עלטעסטען, באַלד אין אָנהויב פונעם געטאָ־לעבן, דערפירט צום מצב פון העלפן די דייטשן נאָך מער צו באַרויבן און איזאָלירן די יידן אין זייער וווינגעביט־תפיסה. אויף דעם דאָזיקן גליטשיקן וועג האָט זיך רומקאָווסקי געקייקלט ביז צום העלפן די דייטשן אַרויסצופירן די לאָדזשער יידן אין די פייניקונגס־ און טויט־לאַגערן, ביז צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פונעם לאָדזשער יידישן ישוב.

אין זומער 1940 איז שוין דאָס ליטצמאַנשטאַטער געטאָ געווען אַן אָפּגע־שלאָסענע תפיסה, אין וועלכער דער ווייט גרעסטער רוב פון די איזאָלירטע און פאַרשפּאַרטע יידן האָבן זיך געפּייניקט אין הונגער און נויט, אין ענגשאַפט און שמוץ. דיזענטעריע און אַנדערע קראַנקהייטן, אַרויסגערופענע דורך הונגער, האָבן געזייט טויט און פאַרוויסטונג. ביי דעם דאָזיקן מצב האָבן די געטאָ־יידן אויסגעבויט אַן אייגנאַרטיק געזעלשאַפטלעך און קולטור־לעבן.

אין חודש מאַי נאָכן אָפּשליסן דאָס געטאָ זענען געווען טעטיק, אַ חוץ די שוין דערמאָנטע אינסטיטוציעס, אויך: אַ געזונטהייטס־אָפּטיילונג, הויז־קאָמיטעטן מיט קיכן, וואָס האָבן געהאָלפן די נויטליידנדע, אַ שול־קאָמיסיע, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַ ברייטע נעץ פון דערציאונגס־אַנשטאַלטן, קאָאָפּע־ראַטיווע קראָמען, יתומים־הייזער, שפּיטעלער, פּאָליטישע פּאַרטייען אאַנ״ד אינ־סטיטוציעס, וואָס זענען נויטיק פאַר אַן אָרגאַניזירט קהילה־לעבן.

אויך רומקאָווסקי האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ ברייט־פאַרצווייגטן אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט מיט אייגענע פּאָליציי, תפיסה, איינקויפסשטעל, אַ באַנק, שטייער־אַמט און אַ שטאַב פון באַאַמטע, וואָס זענען גרייט געווען אויסצופירן יעדן באַפעל פונעם יודענעלטעסטען. דאָס געטאָ האָט אָנגעהויבן פירן אַן אייגנ־אַרטיק לעבן.

## ה. מרדכי חיים רומקאָווסקי און האַנס ביבאָוו

ביז דער דריטער דעקאַדע אין חודש מאַי 1940 איז רומקאָווסקי געווען דער איינציקער באַלעבאָס איבערן אָפּגעשלאָסענעם געטאָ. ער האָט רעפּרעזענ־טירט דאָס געטאָ פאַר דער דייטשער מאַכט און אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע" — די פאַקטישע אויפזיכטס־מאַכט איבער די 160 טויזנט פאַרשפּאַרטע יידן. צו איר האָט רומקאָווסקי גע־שיקט זיינע ווענדונגען און פון דאָרט באַקומען „גוטמוטיקע" אָנווייזונגען ווי אַזוי צו פירן דאָס געטאָ. אַזאַ אָנווייזונג איז געווען: דער יודענעלטעסטער זאָל עפענען אַן „איינקויפסשטעללע" און „די יידן זאָלן דאָרט אַהין ברענגען זייערע פאַרמעגנס און באַקומען פאַר דעם געלט און האָבן פונוואַנען צום לעבן". דאָס איז געווען אַ פאַרמאַסקירטער אופן פון צוקומען צו די פאַרמעגנס, וואָס יידן האָבן אויס־באַהאַלטן, ווען זיי זענען געטריבן געוואָרן אין געטאָ.

דער יודענעלטעסטער האָט געפאָלגט די דאָזיקע עצה און געעפנט אַן איינקויפסשטעל, „וועלכע האָט געקויפט אַלץ, וואָס האָט נאָר עפּעס אַ ווערט פון אַ מאַרק (ר"מ) און העכער. עס איז נישט קיין נפקא־מינה וואָס: פון אַ טעפּל ביז אַן אַנצוג, אַלץ האָט געהאַט אַ ווערט. און יידן האָבן געטראָגן זייער לעצט ביסל האָב און גוטס אין דער איינקויפשטעל, אַבי צו האָבן די פאַר מאַרק

איינצוקויפן אַ ביסל שפּייז״.[356] די געקויפטע חפצים זענען פאַר שפּאָט־ביליקע פּרייזן אָפּגעגעבן געוואָרן דער „דערנעהרונגס־ און ווירטשאַפטסשטעללע, גהעטטאָ״, ווו רומקאָווסקי האָט געהאַט אַ „גוט אויג״ און באַקומען אַפילו פּראָדוקטן אויף אַ „באַגרענעצטן״ קורץ־טערמיניקן קרעדיט. פאַרשטענדלעך, אַז די אַלע טובות, וואָס די דייטשן האָבן געטאָן דעם געטאָ און די „מילדקייט״ פון „שטאדט־אָבערפאַרוואַלטונגסראַט״ ד״ר מאלדענהאוער איז נאָר געווען אַ קאַמופלאַזש צו פאַרהוילן די יידן־אויסראָטונגס־כוונות פון דער דייטשער מאַכט. אונטער דער „ערנעהרונגס־ און ווירטשאַפטסשטעללע גהעטטאָ״ זענען געשטאַנען: די געשטאַפּאָ און די עס.־עס., ריינהאַרדט, הימלער גרייזער און דער פּלאַנירער פון דער יידן־אויסראָטונג אַדאָלף אייכמאַן. זיי האָבן געגרייט דעם טויט פאַר די מיליאָנען יידן פון אָקופּירטן פּוילן. צום באַדויערן האָבן די לאָדזשער יידן דאָס נישט באַמערקט און געלאָזט זיך באַאיינפלוסן פון רומקאָווסקין, וועלכער האָט כסדר געבראַכט נייע „ישועות״ פאַרן געטאָ.

פון אָנהויב מאַי אָן גייט אַ לעבעדיקע קאָרעספּאָנדענץ צווישן רומקאָווסקין און דער „ערנעהרונגס און ווירטשאַפטסשטעללע גהעטטאָ״. אין זיינע בריוו צו דער „ווירטשאַפטסשטעללע״ בעט רומקאָווסקי: כלערליי שפּייז, מעדיקאַמענטן, טאַבאַק און פּאַפּיראָסן און אַפילו שמעק־טאַבאַק. ער ווענדעט זיך וועגן אויסטוישן פּויליש געלט אויף רייכסמאַרקן. די דייטשע אויפזיכטס־מאַכט קומט נאָך כמעט אַלע בקשות פון רומקאָווסקין. אין דערזעלבער צייט קומען ווייטערע פאַראָרדנונגען, וואָס פאַרביטן דעם יודענעלטעסטען צו קומען אין קאָנטאַקט מיט אַנדערע אַמטן פון דער דייטשער מאַכט אַ חוץ מיט דער „ערנעהרונגס און ווירטשאַפטסשטעללע, גהעטטאָ״, ווי אויך אָנצוהאַלטן באַציאונגען מיט ציוויל־פּערזאָנען, געשעפטסלייט, וואָס וווינען מחוצן געטאָ.

אין אַ בריוו פון אָבערבירגערמייסטער צו רומקאָווסקין זאָגט זיך: „באַשטימטע פאָרפאַלן אין דער לעצטער צייט צווינגען מיך צו געבן אייך פאָלגנדע אָנווייזונגען:

יעדער געשעפטס־פאַרקער אָדער בריוו־פאַרקער, וואָס איר אַלס יודענעלטעסטער פירט מיט איינצלנע פּערזאָנען, מיליטער־מאַכט אָדער אַנדערע אַמטן, וועלכע געפינען זיך מחוצן וואָהנגעביט דער יודען, מוזן אָפענערהייט געשיקט ווערן אין דער „ערנעהרונגס און ווירטשאַפטסשטעללע״ און פון דאָרט ווערן זיי ווייטער געשיקט״.[357]

אין אַ בריוו פון 20־טן מאַי ווערן געמאַכט רומקאָווסקין פאָרווורפן, הלמאי ער האָט נישט אויסגעפירט דעם באַפעל און זיך נישט איבערגעצויגן אויפן „באַלוטער רינג״.

דער באַלוטער פלאַץ, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געדינט אַלס מאַרק פאַר די באַלוטער איינוווינער און אַלס צענטראַלע סטאַציע פאַר די צופאַר־

טראַמווייען, איז דורך די דייטשן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטראַל־פּונקט פאַר דער „באַדינונג" און באַוואַכונג פונעם געטאָ. דאָרט זענען אויסגעבויט געוואָרן ספּעציעלע באַראַקן, אין וועלכע עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן די דייטשע ביוראָען, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן „יודענוואָהנגעביט", דייטשע מאַגאַזינען און די אָנפירונג פון „שופּאָ" (שוץ־פּאָליציי), וואָס האָט באַוואַכט דאָס געטאָ. אויך רומקאָווסקי איז געוואָרן געצוווּנגען דורך דער דייטשער מאַכט אַריבערצופירן אויפן באַלוטער מאַרק זיינע ביוראָען, כדי צו זיין נאָענט מיט דער דייטשער אָנפירונג און זיך געפינען שטענדיק אונטער איר וואַכזאַם אויג.

רומקאָווסקי האָט זיך נישט געאיילט. עס איז אים באַקוועמער געווען צו אַמטירן אין בנין אויף פּלאַץ קאָשטשעלנאַ 4, נעענטער צו דער שטאָט. ער איז דעריבער אויפגעפאָדערט געוואָרן אויסצופירן דעם דייטשן באַפעל. ער איז לסוף אַריבער מיט זיין פּערסאָנאַל אין די באַראַקן אויפן באַלוטער פּלאַץ. מעבל אויף איינצוואָרדנען זיינע ביוראָען האָט ער גענומען פון דער פאַרלאָזענער יידישער טעקסטיל־אונטערנעמונג פון די ברידער געיער, וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ אויף זגערזשער גאַס נומ׳ 94. פון דאָרט האָבן רומקאָווסקיס באַאַמטע אויך אַרויסגעפירט ניי־מאַשינען און טאַמבאַריר־מאַשינען.

וועגן די דאָזיקע „קאָנפיסקאַציעס", וואָס די רומקאָווסקי־„מאַכט" האָט דורכגעפירט אין געטאָ, האָט זיך דערוווּסט די ליטצמאַנשטאַטער אָפּטיילונג פון „טרויהענדער" און געפאָדערט, אַז דער יודענעלטעסטער זאָל צוריקגעבן די איינריכטונגען פון די ברידער געיער, ווייל לויטן רייכסגעזעץ זענען די יידישע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען „בעשלאַגנאַהמט" (קאָנפיסקירט). דערויף האָט רומקאָווסקי געענטפערט אין אַ בריוו, אַז אַזוי ווי די פאַבריק געפינט זיך אין געטאָ און איז נישט פאַרחתמעט געוואָרן, איז זי געשטעלט געוואָרן אין רשות פון דער יידישער באַפעלקערונג. דעריבער האָט ער זיך דערלויבט צו באַנוצן די פאַבריקס־ און ביוראָ־איינריכטונג פון די ברידער געיער. אין די ווייטער־דיקע וואָכן זענען ווידער געקומען פאָדערונגען פון דער „ערנעהרונגס אונד ווירטשאַפטסשטעללע, געטטאָ" צום יודענעלטעסטען, אַז ער זאָל צוריקגעבן דאָס אייגנטום פון פאַלאַקן און פאָלקסדויטשן, וואָס איז פאַרבליבן אין געטאָ.[358]

רומקאָווסקי האָט זיך נישט געאיילט נאָכצוקומען די דאָזיקע פאָדערונגען, ווייל ער האָט דערפילט אונטער זיך אַ שטאַרקן כוח, דעם דייטשן פאַרינטערעסירטן צד אין דער עקזיסטענץ פון געטאָ — האַנס ביבאָוו. דער סוחר פון ברעמען איז צוגעטרעטן אויפצושטעלן די ריזיקע געטאָ־אונטערנעמונג — די שקלאַפן־עקספּלאָאַטאַציע פון די 160 טויזנט לאָדזשער יידן, וועלכע האָבן, ביז דער ענד־גילטיקער אויסראָטונג, געדאַרפט באַרייכערן די דייטשע קריגס־ווירטשאַפט און אים, ביבאָוון.

דעם 25־טן מאַי 1940 ווענדעט זיך ביבאָוו צום יודענעלטעסטען, אַז ער

זאָל אויף דעם 27־טן מאַי, מאַנטיק פרי, רופן אויף דעם באַלוטער רינג די „איינפראַגע קאָממענדען פאַכלויטע" צו איינער „באַשפּרעכונג". עס זאָל מיט די פאַכמענער באַהאַנדלט ווערן אויף ווי ווייט עס איז מעגלעך, אַז „די שניידער, וועלכע געפונען זיך אין געטאָ, זאָלן ווי אַמשנעלסטן צוטרעטן צו דער אַרבעט".

דאָס איז געווען דער ערשטער בריוו פון ביבאָוון מיט דער פאַרקירצטער אונטערשריפט B. געשיקט צום יודענעלטעסטען פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט.[359]



שמועס צווישן מרדכי חיים רומקאָווסקי און האַנס ביבאָוו

פון דער דערמאָנטער דאַטע הייבט זיך אָן די צוזאַמענאַרבעט צווישן מרדכי חיים רומקאָווסקי און האַנס ביבאָוו. רומקאָווסקי באַצייכנט די דאָזיקע דאַטע ווי דעם אָנהויב פון אָרגאַניזירן „זיינע רעסאָרטן" (פאַבריקן און וואַרשטאַטן). מיט אַ יאָר שפּעטער וועלן די לעצטע טעג פון חודש מאַי מיט גרויס פרייד אָפּגעמערקט ווערן דורך רומקאָווסקיס „געטאָ־צייטונג" ווי יובל־טעג פון „אָנהויב פון די אַרבעטס־רעסאָרטן"[360]

## 20.

# די ארגאניזירונג פון ארבעטס־רעסארטן

### א. די געטאָ־יידן שטעלן ווידער אויף ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס

זינט דאָס דייטשע מיליטער האָט פאַרנומען לאָדזש, האָט די אָקופּאַציע־מאַכט, צוזאַמען מיט די מאָרדן און רציחות, אויך קאָנסעקוועַנט דורכגעפירט די פאַרניכטונג פון די יידישע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, אָבער יידן האָבן זייערע ווירטשאַפטלעכע שטעלונגען נישט אויפגעגעבן אָן האַרטנעקיקן געראַנגל קעגן די רויבערישע דייטשן. יידישע אינדוסטריעלער האָבן נישט פאַרלאָזט זייערע פאַבריקן, ביז זיי זענען נישט פאַרטריבן געוואָרן דורך דעם דייטשן ברוטאַלן כוח. אַזוי איז אויך געווען מיט די סוחרים, קרעמער און אייגנטימער פון האַנט־ווערקער־וואַרשטאַטן. און ווי נאָר עס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצער צייט דער דייטשער טעראָר, האָבן יידן גענומען צוריק אויפבויען נייע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. אַזוי איז אויך געווען אין געטאָ.

ווי נאָר די יידן זענען צו זיך געקומען נאָך דעם בלוטיקן גאַנג אין געטאָ, האָבן זיי גענומען צוריק אויפשטעלן זייערע וואַרשטאַטן און ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. פון באַהעלטעניש האָט מען ארויסגענומען די אַרבעטס־מכשירים, וועלכע מ׳האָט אָפּגעראַטעוועט פון דייטשן רויב. באַהאַלטענערהייט האָט מען גענומען נייען מלבושים, שיך און טאָן אַנדערע אַרבעטן. אויך סוחרים האָבן אָנגעהויבן צו ביסלעך צוהאַנדלען און ווי שוין דערמאָנט, געפּרווט איינשטעלן אַ קאָנטאַקט מיט די סוחרים פון דער אַנדערער זייט געטאָ.

דאָס געטאָ איז נאָך דעמאָלט געווען אָפן. די רייכערע יידן האָבן זיך געגרייט צו אַנטלויפן און פון אויסבאַהאַלטענע סחורות געלאָזט זיך נייען מלבושים. אויף יענער זייט געטאָ איז געווען „פּראָספּעריטי״. די פאַרשידענע היטלערישע „פאָלקסגענאָסען״: לאָדזשער דייטשן, אויסגעטוישטע דייטשן פון די סאָוויעטישע געביטן, דייטשן פון „אַלטרייך״ (פון דייטשלאַנד), וואָס זענען געקומען קיין לאָדזש — זענען רייך געוואָרן פונעם רויב פון יידישן פאַרמעגן.

אויף יענער זייט געטאָ איז געוואָרן אַן עקאָנאָמישע אויפלעבונג. די רייך־געוואָרענע דייטשן האָבן גענומען זיך איינאָרדנען אַ באַקוועם לעבן און געקויפט זאַכן פאַרן הויזלעכן און פערזענלעכן געברויך, וואָס ווערן אויסגע־

אַרבעט דורך בעלי־מלאכות. אויך די פיל פאַרצווייגטע דייטשע אָקופּאַציע־אַדמיניסטראַציע האָט זיך געניויטיקט אין ביוראָ־איינריכטונג. עס האָבן אָנגע־הויבן אויספּעלן בעל־מלאכהשע הענט צווישן די „אַריער", וואָס איז אויך פאַר דער מלחמה געווען ווייניק צווישן פּאָלאַקן און דייטשן אין לאָדזש. די פּאָלאַקן און דייטשן, באַזונדערס די קאָנפעקציאָנערן, האָבן דעריבער געמוזט אָנקומען צו די בעלי־מלאכות פונעם יידישן „וואָהנגעביט". די יידישע אַרבעט איז אויך געווען פיל ביליקער ווי אין שטאָט. אַזוי אַרום האָבן אין אָפענעם געטאָ זיך צוריק אָנגעהויבן אויפצובויען די יידישע וואַרשטאַטן. ערגער איז געוואָרן נאָכן שליסן דאָס געטאָ, אָבער צו ביסלעך אַרבעט איז נאָך אַלץ געווען. נאָך איידער ביבאָוו מיט רומקאָווסקין האָבן אָרגאַניזירט די רעסאָרטן* האָבן שוין די שניידער באַקומען אַרבעט פון עטלעכע דייטשע פירמעס־קאָנפעקציאָנערן, וועלכע האָבן אויך פאַר דער מלחמה באַשעפטיקט יידישע שניידער". [361]

נאָכדעם, ווי ביבאָוו האָט זיך סוף מאַי געווענדעט צו רומקאָווסקין וועגן אָרגאַניזירן, ווי אַמשנעלסטן, שניידער־וואַרשטאַטן, [362] האָט דער יודענעלטעסטער פאַרעפנטלעכט אַ באַקאַנטמאַכונג, וואָס האָט אויפגעפאָדערט די שניידער־מייסטער צוצושטעלן זייערע ניי־מאַשינען אויף די זאַמל־פּונקטן לאַגעווניצקע גאַס נומ' 45/43 און יאַקובאַ נומ' 8. עס האָט געהייסן, אַז ווער עס ברענגט אַ שניידער־מאַשין באַקומט אַרבעט.

מתחילת האָבן די בעלי־מלאכות מורא געהאַט אָפּצוגעבן זייערע אַרבעטס־מכשירים, אָבער ווען עס איז באַוווּסט געוואָרן, אַז עס האַנדלט זיך טאַקע אין עפענען וואַרשטאַטן און אַז עס איז וועגן דעם פאַרגעקומען אַ באַראַטונג מיט די באַוווּסטע שניידער־מייסטער — מאָרדקעוויטש, יואל בערקאָוויטש אאַנ"ד — האָט מען אָנגעהויבן ברענגען די שניידער־מאַשינען און עס האָבן זיך אָרגאַ־ניזירט די ערשטע שניידער־וואַרשטאַטן. [363]

## ב. די ערשטע שניידער־וואַרשטאַטן

וועגן דער אַנטשטייאונג פון די שניידער־וואַרשטאַטן דערציילט אין זיין גבית־עדות א. לאַטאַוויטש:

„ס'האָט זיך אָנגעהויבן די רעגיסטראַציע פון פאַכמענער. מ'האָט רעגיס־טרירט אויף לוטאָמירסקאַ־גאַס נומ' 11־13. ס'האָבן זיך געמאָלדן געוועזענע מייסטערס — — — איך האָב זיך געמאָלדן אויף אַרבעט צום שניידער־רעסאָרט

* רעסאָרטן — אַזוי האָט רומקאָווסקי אָנגערופן די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין געטאָ. שפּעטער איז דאָס געוואָרן אַן אַלגעמיינער באַגריף פאַר אַלע געטאָ־אונטערנעמונגען.

אויף יאַקובאַ גאַס נומ׳ 8. דאָרט איז געווען אינסטרוקטאָר יואל בערקאָוויטש. מ׳האָט מיך צוגענומען צו דער אַרבעט. אין מיין וואַרשטאַט האָבן געאַרבעט עטלעכע הונדערט מאַן. די אַרבעט איז געווען צעטיילט אין גרופּן אונטער דער אָנפירונג פון אַ גרופּנפירער. אַ גרופּע איז באַשטאַנען פון 6־8 פּערזאָן. יעדער האָט געמוזט ברענגען זיין מאַשין. איך האָב געברענגט מיין שניידער־מאַשין. דער פאַרדינסט האָט באַטראָפן מתחילת 2,20 מאַרק אַ טאָג. דער לוין איז געווען אַ גלייכער פאַר אַלע מיטגלידער פון דער גרופּע. ערשט שפּעטער, ווען עס זענען אָנגעקומען די מיליטערישע באַשטעלונגען, איז אַנטשטאַנען דאָס טאַשמע־סיסטעם. די גרופּן זענען פאַרגרעסערט געוואָרן ביז 12 פּערזאָן יעדע. יעדער אַרבעטער האָט אויסגעפירט אַ באַשטימטע פונקציע. דעמאָלט זענען אויך איינ־געשטעלט געוואָרן קאַטעגאָריעס און מ׳האָט געאַרבעט אויף אַקאָרד. מתחלת איז געווען פּריוואַטע באַשטעלטע אַרבעט, וואָס דייטשן פון דער שטאָט האָבן צוגעשיקט.״ [364]

בעת דער אָרגאַניזירונג פון די שניידער־וואַרשטאַטן האָט זיך געפילט אַ דוחק אין שניידער־מאַשינען. נישט אַלע מייסטער האָבן באַוויזן אַרויסצוראַ־טעווען די מאַשינען פון דייטשן רויב. רומקאָווסקי האָט געפילט אונטער זיך דעם כוח פון ביבאָון, וועלכער איז פּערזענלעך געווען פאַרינטערעסירט אין אויפשטעלן די פאַבריקן און וואַרשטאַטן אין געטאָ, וואָס זאָלן דינען דער דייטשער מלחמה־ווירטשאַפט. דער יודנעלטעסטער איז דעריבער געוואָרן דרייסטער אין זיינע פאָדערונגען און אין אַ בריוו פון 4.6.1940 ווענדעט ער זיך צום „שטאַטישן אומזידלונגס־ און קוואַרטיראַמט״ וועגן דערלויבן צוריקברענגען אין געטאָ די שניידער־מאַשינען און איינריכטונגען, וועלכע זענען פאַרן שליסן דאָס געטאָ געווען אין „אומזידלונגסאַמט״ און דאָרט האָבן געאַרבעט 35 יידישע שניידער.

עס איז אָנצונעמען, אַז די דערמאָנטע מאַשינען און אויך אַנדערע, וועלכע האָבן געהערט צו יידן, זענען געבראַכט געוואָרן אין געטאָ. אין אַ באַריכט צו דער „ערנעהרונגס־ און ווירטשאַפטסשטעללע, געטטאָ״, פון 27־טן אויגוסט 1940, אינפאָרמירט רומקאָווסקי, אַז אין געטאָ זענען פאַראַן:

| | | |
|---|---|---|
| שווערע | ניי־מאַשינען | 1500 |
| דאַמען | ״ | 1000 |
| קנעפּלעך | ״ | 35 |

צוזאַמען — 2535 ניי־מאַשינען. [365]

*

די אָרגאַניזירונג פון די רעסאָרטן, די פאַרמערונג פון דער צאָל מאַשינען, וואָס האָבן דערמעגלעכט פּינקטלעך אויסצופירן די באַשטעלונגען, האָבן געמאַכט

אַ גוטן נאָמען די יידישע בעלי־מלאכות פון געטאָ. די דייטשע פירמעס אין דער שטאָט האָבן כסדר געמאַכט נייע באַשטעלונגען.

אין חודש יוני 1940 מעלדעט ביבאָוו רומקאָווסקין, אַז די פירמע גוסטאָוו ראָמאַן שולץ פון אַדאָלף היטלער שטראַסע (פּיעטריקאָווער), האָט איינגעצאָלט אויף דער קאָנטע פון יודענעלטעסטען 748 רייכסמאַרק פאַר שניידער־אַרבעט און רומקאָווסקי ווערט געבעטן די אַרבעט אָפּצוליפערן. אין זעלבן חודש ווענדעט זיך דער אויבערבירגערמייסטער צו רומקאָווסקין מיט אַן אָנפראַגע, צי ער האָט נישט אין געטאָ פאָרמירער פאַר הוטפאָרמען. דער אָבערבירגערמייסטער גיט אָן דעם נאָמען פון דעם „יודע" — האכמיץ, וואָס וווינט אין געטאָ אויף אנבאך־שטראַסע (פאָדזשעטשנע) און איז אַ גוטער ספּעציאַליסט אויף אויסצואַרבעטן הוטפאָרמען. עס איז נאָר אַ פראַגע צי ער האָט די נויטיקע מאַטעריאַלן און מכשירים צו דער אַרבעט. „אין דער אַרבעט נויטיקט זיך אַ הוטמאַכער אין ליטצמאַנשטאַט." רומקאָווסקי האָט דערויף געענטפערט, אַז האָכמיץ איז גרייט אויסצופירן די אַרבעט פון אייגענעם האָלץ און פאַרלאַנגט 25 רייכסמאַרק פאַר אַ שטיק.

אויף דאָס דייטשע שיך־געשעפט פון ערווין היינע, באַקאַנט נאָך פון פאַר דער מלחמה מיט זיינע באַשטעלונגען ביי יידישע שוסטער, האָט אָנגעפרעגט ביי דער „ערנעהרונגס־ אונדווירטשאַפטסשטעללע", צי עס איז מעגלעך אויס־צופאַרטיקן אַרבעט ביי יידישע שוסטער אין געטאָ. רומקאָווסקי, וואָס האָט באַ־קומען די ווענדונג, האָט געענטפערט, אַז אין זיין אַרבעטס־אָפּטיילונג זענען רעגיסטרירט 800 קוואַליפיצירטע קאַמאַשן־שטעפּער, וואָס האָבן די נויטיקע אַרבעטס־כלים. זיי קאָנען וועכנטלעך אויסאַרבעטן פון 400—500 פאַר כאַלעוועס.

באַלד קומען אויך אָנפראַגן וועגן שניידער־אַרבעטן פאַרן מיליטער, אויף וואָס רומקאָווסקי ענטפערט, אַז מ'זאָל אים צושטעלן אַ מוסטער וועט ער זיך באַראַטן מיט זיינע פאַכלייט וויפיל אַרבעט מ'קאָן אַרויסגעבן.[366]

## ג. אַנטשטייאונג פון טישלער־רעסאָרט

דאָס צווייטע פאַך, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אויף אַ ברייטן פאַרנעם, באַלד אין די ערשטע חדשים פון געטאָ, איז געווען טישלעריי. רומקאָווסקי האָט שוין דעמאָלט געהאַט געשאַפן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל אָרגאַניזירן די רעסאָרטן. בראש פון קאָמיטעט איז געשטאַנען ביאַלאָדוואָרסקי, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די שניידער־וואַרשטאַטן. עס איז גערופן געוואָרן אַ באַראַטונג פון טישלער־מייסטער, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה געהאַט אייגענע וואַרשטאַטן. אין דער באַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט פאַרטרעטער פון אַלע צווייגן פון דעם פאַך: די מייסטער: קאַנטאָר, ווייסבראָט, משה לעווקאָוויטש, גאָלובאָוויטש, דער פאַר־

מלחמהדיקער פאַרזיצער פון טישלער־צעך — הערשקאָוויטש און בערנאַרד פּרוינד — אַ טוער אין פאַרמלחמהדיקן ציוניסטישן האַנטווערקער פאַריין. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו עפנען אַ טישלעריי אויף דער גאַס דרוקאַרסקע 12, ווו עס איז אַמאָל געווען אַ לאַגער פון שמאַטעס.

די טישלער־מייסטער, וואָס האָבן געוווינט אין באַלוט ביז דער מלחמה האָבן איינגעהאַלטן זייערע וואַרשטאַטן מיט די אַרבעטס־מכשירים, און זיי גע־בראַכט אין דער געמיינזאַמער טישלעריי, וועלכע האָט באַקומען דעם נאָמען טישלער־רעסאָרט. אַזוי ווי קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן דעם טראַגישן סוף פון דעם געטאָ מיט אירע איינוווינער, האָט יעדער מייסטער זיך פאַרזיכערט, אַז נאָך דער מלחמה, זאָל ער צוריק קאָנען אַרויסנעמען זיין וואַר־שטאַט מיט די כלים. אויף יעדן וואַרשטאַט איז דעריבער געוואָרן אויסגעקריצט אַ נומער, וועלכער איז צוזאַמען מיטן נאָמען פון אייגנטימער געוואָרן פאַרשריבן אין אַ ספּעציעל בוך.[367]

וועגן דער אַרבעט אין טישלער־רעסאָרט דערציילט אין זיין גבית־עדות משה לעווקאָוויטש:

„אין אָנהויב איז געאַרבעט געוואָרן פאַרן געטאָ־באַדאַרף. עס זענען אויס־געשטאַט געוואָרן קראָמען, בעקערייען און וואַרשטאַטן פאַר אַנדערע פאַכן". שפּע־טער זענען געקומען באַשטעלונגען פון דער שטאָט. דייטשן האָבן אַריינגעשיקט דאָס אַלטע מעבל, וואָס זיי האָבן צוגענומען פון יידישע שטובן און די יידישע געטאָ־טישלעריי האָט דאָס מעבל געדאַרפט אויפפרישן, איבעראַרבעטן און מאָדערניזירן. „פאַר דער אַרבעט האָט מען געצאָלט 35 פעניק אַ שעה. אין געטאָ איז שוין נישט געווען קיין זלאָטעס. דער אַרבעטס־טאָג איז געווען 8 שעה. דער אַרבעטס־לוין איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך רומקאָווסקין. בערנאַרד פּרוינד איז געווען דער אַדמיניסטראַטיווער לייטער און הערשקאָוויטש — דער טעכנישער אָנפירער". פון אָנהויב האָבן געאַרבעט 30 מענטשן. מיטן אָנקומען פון נייע באַשטעלונגען, האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט די צאָל פון באַשעפטיקטע. אין משך פון ערשטן חודש זענען שוין געווען באַשעפטיקט 100 פערזאָן, וועלכע האָבן זיך געוועקסלט יעדע וואָך, כדי צו געבן די מעגלעכקייט, וואָס מער טישלער־אַרבעטער צו פאַרדינען אויף ברויט.[368]

דער טישלער־רעסאָרט, פונקט ווי דער שניידער־רעסאָרט, האָט באַקומען באַשטעלונגען פון דער שטאָט, ד.ה. פון דייטשן. דעם 4.6.1940 ווענדעט זיך דער אויבערבירגערמייסטער צום יודענעלטעסטען, ער זאָל צושטעלן אַ געוויסע צאָל פאַכמענער: שלאָסער, טישלער, עלעקטריקער, וועלכע זאָלן אָפּטראַנספּאָר־טירן און אויפשטעלן דאָס מעבל, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר דער „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, גהעטטאָ".

אויך האַנס ביבאָוו האָט באַשטעלט „מעבלשטיקע" און צו דער באַשטע־

לונג בייגעלייגט אַ „קאַטאַלאָג״ מיט מוסטערן, ווי אַזוי צו מאַכן דאָס מעבל. אין בריוו צו רומקאָווסקין איז גענוי באַצייכנט די זייט אין קאַטאַלאָג און דער נומער פון מעבל־שטיק.[369]

אין אַ באַריכט וועגן דער אויסגעאַרבעטער מעבל־פּראָדוקציע, וועלכע איז אין האַרבסט צייט 1940 אָפּגעליפערט געוואָרן פון געטאָ אין די ביוראָען פון די אָקופּאַציע־אַמטן, זענען פאַראַן פאָלגנדע אויפשטעלונגען:

עס האָבן באַקומען מעבל — „פּאָליצײ־פּרעזידיום: 18 שרייבטישן, 36 ביוראָ־שטולן, 9 שרייבמאַשינען־טישן, 9 קאָמבינירטע שענק, 2 אַקטנשענק, 9 אַקטנבעק [?], 1 אַקטן־רעגאַל, 9 פּאַפּיר־קערב; באַשאַפונגס־אַמט: 10 אַרבעטס־צימער, 50 ביוראָ־טישן, 10 שאַלוזיע־שענק, 20 אַקטנבעק, 20 שרייבטישן, 10 שרייבמאַשינען־טישן, 20 קאָמבינירטע ביכער־ און קליידער־שענק, 15 קליידער־שטענדער, 15 וואַשטישן, 100 פּלאַטן שרייבטישן; דער פּעלץ־לאַגער: 8 קאָנפעקציע־שטענדער, 5 פּעלץ־מאַנטל־שטענדער.

אַ חוץ די דערמאָנטע מעבל־שטיקער, וואָס עס האָבן באַקומען די אָקופּאַציע־אַמטן, האָבן די געטאָ־טישלערייען נאָך אויסגעאַרבעט פאָלגנדע חפצים: 45 רעגאַלן, 25 טראַנספּאָרט־קאַסטנס, 52 שרייבטישן, 50 קאַרטאָטעקע־קאַסטנס, 4 אַקטן־שענק, 12 בילדער־ראַמען, 3 שאַלוזיע־שרייבטישן, 1 שאַלוזיע־שאַנק, 15 ביוראָ־טישן, 6 שרייב־טישן, 57 קיכן, 1 שאַלוזיע־שאַנק״.[370]

כאַראַקטעריסטיש איז אויך אַ בריוו פון ביבאָוו צו רומקאָווסקין וועגן דער אַרבעט אין טישלער־רעסאָרט. ער האָט געשריבן, אַז בעת דער לעצטער אינספּעקציע, האָט ער אין די טישלער־וואַרשטאַטן באַמערקט מעבל, וועלכעס די קרימינאַל־פּאָליצײ (קריפּאָ) האָט אַריינגעגעבן צו באַאַרבעטן. ער פאַרלאַנגט דעריבער אַ גענויעם באַריכט פון וועלכער דינסטשטעל דאָס מעבל איז געוואָרן קאָנפיסקירט און אין וואָס פאַראַ מעבל עס האַנדלט זיך. אָן אַ געהעריקער דער־לויבעניש טאָר עס נישט איבערגעגעבן ווערן דער „קריפּאָ״.[371]

## ד. פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון פון דרוקער־אַרבעטער

נישט אַלע פאַבריקן און וואַרשטאַטן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט זענען אַנטשטאַנען לויט דער אָנווייזונג פון רומקאָווסקין אָדער אונטער זיין אָנפירונג. געווען אויך פאַלן, ווען אַרבעטער פון אַ באַשטימט פאַך האָבן זיך צוזאַמענגענומען און זעלבשטענדיק צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן וואַרשטאַטן. אַזוי איז געווען מיט די דרוקער־אַרבעטער.

10 טעג נאָכן שליסן דאָס געטאָ זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרופּע דרוקער־אַרבעטער, צווישן זיי די פאַרמלחמהדיקע פּראָפעסיאָנעלע טוער: יחיאל זילבערשטיין, משה לעדערמאַן, נחום עדעלסבערג, טוביה ראַפּאָפּאָרט, משה

מאַראַקאָ און פישעל. די גרופּע האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ יידישע קאָאָפּעראַ־טיווע דרוקעריי דורך צוזאַמענגעמען אויף איין אָרט די מאַשינען און שריפט, וואָס געפינען זיך אין געטאָ. אין געטאָ זענען געווען 2 דרוקערייען, וואָס האָבן געהערט צו זיינטרויבן און צו ראָזענטאַל. ביי אַנדערע באַלעבאַטים זענען געווען קאַסטנס מיט שריפט און דרוק־מאַשינען, וועלכע זענען דורך זייערע אייגנטימער אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון דייטשן רויב.

די איניציאַטאָרן פון דער קאָאָפּעראַטיווער דרוקעריי האָבן זיך פאַר־שטענדיקט מיט די אייגנטימער פון די מאַשינען און שריפט. נאָך אַ באַראַטונג פון די אַרבעטער מיט די באַלעבאַטים איז מען געקומען צו אַ הסכם, אַז אַלע מאַשינען און שריפט, וואָס געפינען זיך אין געטאָ ווערן איבערגעפירט אין איין לאָקאַל. עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ סטאַטוט פון אַ דרוקער־קאָאָפּעראַטיוו. אין סטאַטוט האָט זיך געזאָגט: „יעדער דרוקער־אַרבעטער און אייגנטימער פון דרוקערייען, וואָס האָבן פאַרן קריג געאַרבעט אין פאַך און געבליבן אין געטאָ אַרבעטסלאָז, האָט רעכט צו באַטייליקן זיך אין דער אַרבעט. די הכנסות ווערן פאַרטיילט אויף פאָלגנדן אופן: די אייגנטימער פון די מאַשינען באַקומען 60 פּראָצענט און די אַרבעטער 40 פּראָצ.״ די געוויילטע פאַרוואַלטונג איז באַ־שטאַנען פון באַלעבאַטים און אַרבעטער.

אַ דעלעגאַציע פון די באַלעבאַטים און אַרבעטער איז אַוועק צו אַדוואָקאַט יאַקובסאָן, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען באַשטימט פון רומקאָווסקין אָנצו־פירן מיט די רעסאָרטן. ער האָט מסכים געווען צום פּלאַן פון אַ קאָאָפּעראַטיווער דרוקעריי און די אונטערנעמונג האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן.[372]

וועגן אויפשטעל פון דער קאָאָפּעראַטיווער דרוקעריי ווערט פאָלגנדעס דערציילט אין גבית־עדות פון נ. עדעלסבערג:

„די דרוקעריי האָט באַקומען אַ לאָקאַל אויף בזשעזשינער 10. די מאַשינען, וועלכע זענען אָהין געבראַכט געוואָרן, האָבן די אַרבעטער אַליין מאָנטירט. אויסזיכטן אויף אַרבעט זענען געווען פאָלגנדע:

אין געטאָ האָבן נאָך דעמאָלט עקזיסטירט פאַרשידענע פּריוואַטע אונ־טערנעמונגען, ווי: פאַבריקן פון סאָדע־וואַסער, זייף־פאַבריקן און פאַרשידענע אַנדערע אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן געדאַרפט האָבן דרוק־אַרבעט אויף פּאַקונגען, עטיקעטן אדג״ל. די וויכטיקסטע אַרבעט האָט געדאַרפט געבן די געטאָ־פאַרוואַלטונג [רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט]. ס׳האָבן זיך אָנ־געהויבן איינשטעלן די ביוראָען, אינסטיטוציעס און זיי האָבן געדאַרפט דרוק־אַרבעט: טאַלאָנען, פּראָדוקטן־קאַרטן, פאַרשידענע שיינען און רומקאָווסקיס באַ־קאַנטמאַכונגען.

אין דער קאָאָפּעראַטיווער דרוקעריי האָבן זיך געפונען פאָלגנדע מאַשינען און איינריכטונג: 6 פּעדאַלן, 12 קאַסטנס שריפט — יידישע און פּוילישע, קעפּל־

שריפט פון פאַרשידענער גרויס און אַ גיסערייַ צו מאַכן קלישן. געווען אויך אַן אײַנבינדערײַ און מאַשינען צו שנײַדן פּאַפּיר. צו דער אַרבעט זענען צוגעטרעטן אַ 30 דרוקער־אַרבעטער און באַלעבאַטים.״ [373]

אויף דעם זעלבן אופן ווי עס איז דורך די אַרבעטער אָרגאַניזירט געוואָרן דער דרוקער־קאָאָפּעראַטיוו, איז מיט חדשים שפּעטער, סוף 1940, אַנטשטאַנען אַן ענלעכער רעסאָרט פון דער פּאַפּיר־בראַנזשע.

אַ גרופּע אַרבעטער: שאַכטלמאַכער, טיטנמאַכער, בוכבינדער אאַנ״ד פון דעם פאַך האָבן זיך געוואָנדן צו מאָטעק בייגעלמאַן, וועלכער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין דער פּאַפּיר־בראַנזשע, און אים געבעטן, אַז ער זאָל זיי העלפן אָרגאַניזירן אַ רעסאָרט (נישט קיין קאָאָפּעראַטיוו).

מ. בייגעלמאַן האָט אויפן אייגענעם חשבון באַשטעלט מוסטערן פון דער דערמאָנטער פּראָדוקציע און צוזאַמען מיט אַ מעמאָריאַל איבערגעגעבן רומקאָווסקין. דער יודנעלטעסטער האָט די מוסטערן פאָרגעשטעלט פאַר די דייטשע אָפּנעמער, עס איז זיי געפעלן און בייגעלמאַנען איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַ רעסאָרט פון פּאַפּיר־בראַנזשע. דער רעסאָרט האָט באַקומען אַ לאָקאַל אויף גראַנאַך שטראַססע * און שפּעטער, ווען דער רעסאָרט האָט זיך אַנטוויקלט, האָט ער פאַרנומען 3 הייזער: נומ׳, נומ׳ 8, 10, 12.

באַלד מתחלת — דערציילט מ. בייגעלמאַן אין זיין גבית־עדות — האָבן אין דעם רעסאָרט זיך פאַרשריבן 800 פּערזאָן — פאַכמענער און נישט־פאַכמענער, מענער, פרויען און יוגנטלעכע. די אַרבעטער האָבן מיטגעבראַכט זייערע מאַשינען. די פאַבריק האָט זיך אָרגאַניזירט און אויסגעאַרבעט: כלערליי פּאַפּיר־בייטלען, פון די קלענסטע אַפּטייק־בייטעלעך ביז די גרעסטע, אַלבומען צו פאָטאָגראַפיעס, מאַפּעס פאַר ביוראָען, טעקטור־טעטשקעס, ברוליאָנען און שאַכטלען פון פאַרשידענע גרויסן. [374]

## ה. די ראָל פון די אַרבעטער־דעלעגאַטן אין די רעסאָרטן

ווען די אָרגאַניזאַטאָרן פון די רעסאָרטן האָבן איינגעשטעלט די רעגיסטראַציע פון געהעריקע פאַכמענער, זענען מאַסן מענטשן געקומען זיך פאַרשרייבן אויף אַרבעט. באַזונדערס גרויס איז געווען די צאָל פאַרשריבענע אין די שניידער־פאַכן. „טויזנטער עלטערע און יוגנטלעכע מענטשן, מאַנסלייט און

* די גאַס, וואָס האָט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע באַקומען דעם נאָמען גראַנאַך־שטראַססע, האָט געהאַט נאָך 3 נעמען, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט 3 תקופות אין לעבן פון די לאָדזשער יידן: מרדכי גבאַיס גאַס, אַלעקסאַנדריסקע — אין די צאַרישע צייטן און אין דער פּוילישער צייט — זשידאָווסקאַ.

פרויען זענען געקומען זיך רעגיסטרירן אַלס שניידער. דאָס אייגענע איז אויך געווען אין אַנדערע פאַכן. אַ חוץ די קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָבן אין יעדער בראַנזשע זיך פאַרשריבן מאַסן־מענטשן, וואָס האָבן מיט די באַשטימטע פאַכן קיינמאָל נישט געהאַט קיין שייכות.״ אויך ביי די טישלער־אַרבעטער האָבן זיך פאַרשריבן אַ גרויסע צאָל נישט־פאַכמענער. ווען עס האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל באַשטעלונגען, זענען די נישט־קוואַליפיצירטע אויך געוואָרן אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט.

עס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען די פראַגע וועגן באַקומען אַן אַרבעטס־קאַרטע, כדי נישט צו ווערן אַרויסגעשיקט פון געטאָ, נאָר עס איז געווען פשוט אַ דרינגנדער פאַרלאַנג צו אָרגאַניזירן דאָס געטאָ־לעבן אויף פּראָדוקטיווע יסודות.

פאַרשטענדלעך, אַז אַ באַדייטנדע צאָל, באַזונדערס מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צום באַלעבאַטישן שטאַנד, האָבן זיך באַמיט צו באַקומען אַרבעט אין די „בעסערע״ ערטער: אין אַפּאַראַט, ביי בעקערייען אָדער בכלל אין אַנפּירנדע אַמטן. צו דעם האָט מען שוין געדאַרפט אָנקומען צו פּראָטעקציע פון רומקאָווסקיס מקורבים. אַזוי ווי אַרבעט אין די רעסאָרטן איז מתחילת געווען ווייניק, האָט מען אויך געדאַרפט האָבן פּראָטעקציע אויף אַריינצוקומען אין אַ פאַבריק. אָבער באַלד, ווי די רעסאָרטן האָבן זיך אָרגאַניזירט, האָבן די אַרבע־טער אויסגעטיילט פון זיך דעלעגאַטן, מערסטנטייל חברים פון די אונטערערדישע פּאַרטייען. די דעלעגאַטן האָבן רעגולירט דאָס אָננעמען צו דער אַרבעט און מתחילת, ווען עס איז געווען ווייניק באַשעפטיקונג — אַזוי פאַרטיילט די אַרבעט, אַז יעדער פון די פאַכמענער זאָל קאָנען עפּעס פאַרדינען אויף חיונה.

אין די גבית־עדות זענען אָנגעגעבן פאָלגנדע נעמען פון די דעלעגאַטן אין די רעסאָרטן: טישלער — י. פאָגעל, טוער אין אונטערערדישן בונד; געלערמאַן, שאבשעוויטש, זעלמאַן; דרוקער — דאָמבראָווסקי פון בונד, מאַראַקאַ, קאָמוניסטן, ביידע האָבן נישט געאַרבעט ביי זייער דרוקער־פאַך, נאָר געקומען אויף די פאַרזאַמלונגען ווי פאַרשטייער פון זייערע פּאַרטייען; שניידער — מאַקס פיינבערג און יחיאל הערשקאָרן (בלינדער כיל) — קאָמוניסטן, און מ. לעדער־מאַן — בונד. די פּועלי־ציון האָבן געהאַט זייערע פאַרטרעטער אין היטלמאַכער־רעסאָרט און אין דערווירטשאַפטס־אָפּטיילונג, וועלכע האָט געהאַט אירע באַ־זונדערע סעקציעס, ווי: הויז־וועכטער, הויז־אַדמיניסטראַטאָרן אאַנ״ד.[375]

איבער אַלע אַרבעטס־רעסאָרטן איז געשטאַנען אַ צענטראַלע, וועלכע עס האָט אָרגאַניזירט רומקאָווסקי פון אייגענע צוגעקליבענע מענטשן. מיט דער צענטראַלע האָט אָנגעפירט אהרן יאַקובאָוויטש. „ער האָט אויך געהאַט דעם טיטל וויצע־פּרעזעס — — — אין די אַלגעמיינע געטאָ־ענינים האָט ער נישט געוואָלט

אַנטיילנעמען — — — פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ פּאַרקויפער אין אַ טעקסטיל־לאַגער". [376]

אין ערשטן פּעריאָד פון געטאָ, ד.ה. ביז די דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן אין הערבסט 1940, זענען געווען גוטע באַציאונגען צווישן דער אָנפירונג פון די רעסאָרטן מיט די אַרבעטס־דעלעגאַטן. עס זענען צווישן די צוויי צדדים פאַרגעקומען אָפטע אונטערהאַנדלונגען וועגן אַפּראָוויזאַציע, אַרבעטס־לוין אדג"ל.

*

די אָפיציעלע דערעפענונג פון טישלער־רעסאָרט איז פאָרגעקומען אין חודש יולי 1940. אויף לאַגעווניצקע־גאַס 47 אין אַ גרויסן זאַל האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט טישלער. עס זענען געהאַלטן געוואָרן פייערלעכע רעדעס. אויך רומקאָווסקי איז געווען און דאָרט געהאַט זיין ערשטן עפנטלעכן אַרויסטריט אויף אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג. אין זיין רעדע צו די פאַרזאַמלטע טישלער האָט רומקאָווסקי געזאָגט: „די אַרבעט איז דער תוך פון אונדזער עקזיסטענץ. שלאָגט זיך אַרויס פון געדאַנק, אַז אָט, אָט קומען די „רויטע" און וועלן אונדז באַפרייען. איך גרייט זיך צו אַ ווינטער־אַקציע און וועל אָנגרייטן באַהייצונג און עסן, וואָס וועט מעגלעך זיין נאָר ווען מ'וועט אַרבעטן". די רעדע איז פון טייל עולם אופגענומען געוואָרן מיט געלעכטער. „די טישלער־אַרבעטער האָבן נישט געהאַט קיין געזעלשאַפטלעכע מגע ומשא מיט רומקאָווסקין." [377]

*

פון די געבראַכטע גבית־עדות און זכרונות, הגם זיי דערציילן נאָר וועגן דער אַנטשטייאונג פון 3 געטאָ־רעסאָרטן, באַקומט מען דאָך אַ פאָרשטעלונג ווי אַזוי עס האָט זיך אויסגעבילדעט דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן אין געטאָ. אומגעפער אויף דעם זעלבן אופן האָבן אָנגעהויבן זייער אַנטוויקלונג אַלע רעסאָרטן, וועלכע האָבן מתחלת געגעבן באַשעפטיקונג נאָר אַ קליינעם פּראָצענט פון די אַרבעט־זוכנדע. ערשט אין יאָר 1941, ווען דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן די מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד און עס האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ דוחק אין אַרבעטס־הענט — זענען אָנגעקומען גרויסע מיליטערישע באַשטעלונגען, די רעסאָרטן צעצווייגן זיך פילפאַכיק און עס פאַרגרעסערט זיך באַדייטנד די צאָל באַשעפטיקטע.

## 21.

# אנהויב פון ארגאניזירטער קולטור־טעטיקייט

### א. שולן און דערציאונגס־אַנשטאַלטן אין די ערשטע חדשים אין געטאָ

דאָס יידישע שול־וועזן, ווי שוין דערמאָנט, האָט זיך אָנגעהויבן אָפּבויען באַלד אין צווייטן חודש פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען עס האָט זיך איינגעשטילט דאָס בהלהדיקע אַנטלויפן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַ קהילה־טעטיקייט. די לערער האָבן מיט זייער מי באַנייט די לימודים אין די שולן. די יידן, געטריבענע אין געטאָ, האָבן מיטגענומען מיט זיך 32 דערציאונגס־אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן זיך, ווי עס איז, איינגעאָרדנט אין די שול־לאָקאַלן אין באַלוט, וואָס האָבן פאַר דער אָקופּאַציע געהערט צו פּאָלאַקן און דייטשן. „אין 17 שול־לאָקאַלן האָט מען אַריינגעשפּאַרט אַלע שולן און די גימנאַזיעס“.[378]

אויך די אָנפירונג מיטן שולוועזן האָט זיך געביטן. די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון די שולן: ד״ר מ. ברוידע, יצחק קאַצענעלסאָן, דירעקטאָר בראַנדשטעטער און ד״ר ראַבינער זאָמערשיין — זענען אין געטאָ נישט אַריין. זיי האָבן פריער פאַרלאָזט לאָדזש. אין געטאָ האָבן מתחלת אָנגעפירט מיטן שולוועזן: דער לערער אליהו טאַבאַקסבלאַט און דער געוועזענער סעקרעטאַר פון פאַרמלחמה־דיקן ערשטן יידישן גימנאַזיע — משה קאָראַ. אַלס שול־וויזיטאַטאָר איז באַשטימט געוואָרן דער אַלטער פּראָפעסאָר פון סעמיטישע שפּראַכן — א. י. קאַמיענעצקי. דער אַמאָליקער פאַרוואַלטער פון יאַראָטשינסקיס האַנטווערקער־שול, א. נוסבוים, האָט אָנגעפירט מיט די דערגענצונגס־קורסן פאַר אַרבעטנדיקע יוגנט.

די טעכנישע אָנפירונג פונעם שולוועזן, דאָס ביוראָ און סעקרעטאַריאַט, איז געלעגן אין די הענט פון ש. גאָלדרייך און פ. ליפּעל. דאָראַ וואַסערצוג, וועלכע האָט ביז דער מלחמה, אונטער דעם נאָמען „טשאָטשאַ מאַרישאַ“, געפירט די קינדער־אָפּטיילונג אין דער פוילישער צייטונג „גלאָס פּאָראַנני“, האָט געפירט די עווידענץ פון דער שול.

דאָס לערן־פּראָגראַם אין די שולן איז געווען אין יסוד דאָס אייגענע, וואָס אין די פאַרמלחמהדיקע פוילישע „פּאָווסעכנע“ (פאָלקס) שולן. עס זענען נאָר צוגעגעבן געוואָרן די לימודים פון העברעיש, יודאַיסטיק, יידיש און דייטש. אין די רעליגיעזע שולן איז געלערנט געוואָרן מער רעליגיע ווי אין די וועלטלעכע.[379]

דער אַלגעמיינער מצב אין שולוועזן אין די ערשטע חדשים נאָכן שליסן דאָס געטאָ האָט אַזוי אויסגעזען:

**שול־יאָר 1939/40**

| | צאָל קינדער אין די שולן און פאַרשולן | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| | אַרט־שול | ייִנגלעך | מיידלעך | צוזאַמען | |
| | פאַרשול | 85 | 103 | 188 | 188 |
| אַלגעמיינע שולן | געוויינלעכע | 3565 | 5803 | 9368 | |
| | ספּעציעלע | 30 | 33 | 63 | |
| | רעליגיעזע | 1263 | 212 | 1475 | 10906 |
| מיטלשולן | גימנאַזיע | 211 | 297 | 508 | |
| | ליצײ | 55 | 70 | 125 | |
| | פאַך־גימנאַזיע | 56 | — | 56 | 689 |
| | | | | | 380 11783 |

ביי די שולן זענען אויך געווען איינגעשטעלט קיכן, ווו די קינדער האָבן באַקומען באַשפּייזונג. אַ טייל פּראָדוקטן האָבן די שול־פאַרוואַלטונגען באַקומען פון רומקאָווסקיס אַפּראָוויזאַציע־אַמט און די רעשט, ווי: קאַרטאָפל, גרינצייג און פעטקייטן — האָבן זיי געמוזט אַליין קויפן. די הוצאות אינעם שול־בודזשעט האָט געדעקט די ייִדישע אָנפירונג פון געטאָ. עס איז אויך געווען אַ געוויסער אָפּצאָל פון די עלטערן, וועלכער איז איינגעמאָנט געוואָרן נאָר ביי „בעסער־סיטואירטע" (געווען אַזעלכע אין געטאָ).

נישט אַלע שולן האָבן געהאַט לאָקאַל־מעגלעכקייטן איינצואָרדנען קיכן פאַר די קינדער. קינדער פון איין שול זענען אַריבערגעשיקט געוואָרן אין אַ צווייטער, ווו עס האָט פונקציאָנירט אַ קיך. אַזאַ גאַנג איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות. די דייטשע וואַכן פון יענער זייט פאַרצוימונג האָבן אָפטמאָל געשאָסן אין געטאָ אַריין און נישט אויסגעמיטן אויך די קינדער. דאָס הונגעריקע קליינוואַרג איז געווען געצוווּנגען צו שלייכן זיך דורך הינטער־געסלעך, כדי צו קאָנען הנאה האָבן פון אַ וואַרעמער זופּ. פאַר דער קיך־באַשפּייזונג איז גענומען געוואָרן „אַן אָפּצאָל פון 15 פעניג. פון עלטערן, וואָס האָבן באַקומען אונטערשטיצונג — 5 פעניק פאַר אַ קינד".

ביי די שולן איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פאַר מעדיציני־שער אויפזיכט איבער די קינדער. די אָפּטיילונג איז אָנגעפירט געוואָרן פון ד״ר שרה האַלענדערסקאַ, אַ שוועסטער פונעם פאַרפייניקטן פועלי־ציוניסטישן פי־רער — אריה האַלענדערסקי.

פרוי האַלענדערסקאַ איז אין דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג אין געטאָ געווען די פאַרטרעטערין פון דער מעדיציניסער אויפזיכט איבער די שולן. די פּעדאַ־גאָגישע אַנשטאַלטן זענען מעדיציניש באַדינט געוואָרן פון פאָלגנדע דאָקטוירים: מאַריאַ גאָלדבלום, סימאַ מאַנדעלס, הדס אָלשאַנעצקאַ, דבורה ראוזען, עטל גאָלדשטיין־פּאָלאַק, נוסבאום, קאַפּלאָווסקי, נוימאַרק, ליטווין און 8 קראַנקן־שוועסטער.

אין די זומער־חדשים 1940 איז די צאָל שול־קינדער, וואָס זענען קאָנ־טראָלירט געוואָרן דורך די היגיעניסטינס געווען — פון 3956 אין חודש יוני ביז 5161 אין סוף שול־יאָר, אין סעפּטעמבער חודש. אין דעם זעלבן צייט־אָפּשניט זענען 7562 קינדער באַהאַנדלט געוואָרן פון דאָקטוירים.[381]

די לערער האָבן אויך גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו באַזאָרגן די אָרעמע קינדער מיט דער מינימאַלסטער באַקליידונג. דער מצב פון באַקליידונג אין געטאָ איז געווען אַזוי, אַז גראָד די קינדער פון אַלטע באַלוטער תושבים האָבן נאָך געהאַט עפּעס אָנצוטאָן, דאַקעגן זענען אַ גרויסע צאָל קינדער, וועלכע זענען אין די בלוטיקע טעג געטריבן געוואָרן פון שטאָט אין געטאָ, געקומען נאָר מיט דעם, וואָס זיי האָבן אויף זיך געהאַט. די לערער האָבן צונויפגעשטעלט רשימות פון די שלעכט באַקליידטע קינדער און אויף דעם סמך געזאַמלט פאַר זיי מלבושים און שוכוואַרג ביי די „בעסער סיטואירטע״ משפחות.[382]

פאַר זייער אַרבעט האָבן די לערער באַקומען אַ פעסטגעשטעלטן מאָנאַט־לעכן געהאַלט, געטיילט לויט לערער קאַטעגאָריעס: פאָלקסשול, גימנאַזיע, די־רעקטאָר. אין די ערשטע געטאָ־חדשים איז פאַר די לערער געווען אָפּן אַ ספּעצ־יעלע שפּייז־קראָם, ווו זיי האָבן באַקומען פּראָדוקטן אויפן חשבון פון זייערע שכירות.

די לערער און זייערע תלמידים זענען געווען האַרציק־אידעאַל איבער־געגעבן דער שול־אַרבעט. די לערערין סמאָלענסקאַ, וועלכע איז געווען טעטיק אין די געטאָ־שולן און איבערגעלעבט די אויסראָטונג, גיט אין איר דיסערטאַציע־אַרבעט פאָלגנדעס בילד פון דער שול אין געטאָ־ליטצמאַנשטאָט:

„ווען די שולן זענען שוין אַריין אין געטאָ און די לערער האָבן זיך שוין נישט געשראָקן פאַר ווערן געכאַפּט אויף אַרבעט, זענען פאַר זיי געקומען אַנדערע דאגות, דהיינו: אין די שולן איז געווען שמוציק. עס האָבן געפעלט יידישע „וואָזשנעס״, די קינדער זענען געזעסן אין די מאַנטלען צונויפגעדריקט און געציטערט פאַר קעלט. בלויז ביים שרייבן האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט ווי עס

דאַרף זיין. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן די קינדער אויפגענומען יעדעס וואָרט פון לערער. אַפילו דאָס יונגסטע קינד האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָט פאַר אים די שול אין אַזעלכע באַדינגונגען. די שול אין געטאָ איז געווען אַ נס און נישט קיין נאָרמאַלע דערשיינונג. די קינדערישע אויגן געוועגדעט צום לערער מיט אַזויפיל ליבע און אויפמערקזאַמקייט, איז פאַר די דערציער געווען דער שטאַרקסטער סטימול אין דער אַרבעט. וויפל שרעק האָט איבערגעלעבט דער לערער, ווען בליצאַרטיק האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז אַ דייטשע קאָמיסיע וויזיטירט איינע פון די פאָלקס־שולן. יעדער איז געווען איבערגעצייגט, אַז די שולן וועלן אויפהערן עקזיסטירן. מיט האַרץ־ציטערניש האָט מען געוואַרט אויף דעם אויסגאַנג פון דער וויזיטאַציע.״[383]

לויט די דייטשע פאַראָרדענונגען איז נישט געווען דערלויבט צו לערנען געשיכטע און געאָגראַפיע. די לערן־ביכער פון די דערמאָנטע לימודים האָט מען נישט געטאָרט האַלטן אין קלאַס. אין געהיים האָט מען דאָך פון זיי געלערנט. אַלע לערן־ביכער און כרעסטאָמאַטיעס זענען דורכגעגאַנגען אַ דייטשע קאָנטראָל און פיל פון זיי זענען באַזייטיקט געוואָרן. פון אייניקע האָט מען געמוזט אַרויס־רייסן די בלעטער, וואָס האָבן דערמאָנט אין אומאָפּהענגיקן פוילן אָדער אין די פוילישע קאַמפן פאַר אומאָפּהענגיקייט.[384]

## ב. טעטיקייט פון קולטור־אָרגאַניזאַציעס

אין די פרילינגס־הדשים 1940 האָבן די פּאָליטישע גרופּירונגען אין געטאָ אויסגעפועלט ביי רומקאָווסקין די דערלויבעניש צו עפענען אייגענע קיכן אַרויסצוגעבן ביליקע מיטאָגן. אַזעלכע קיכן זענען געווען 10 און האָבן זיך געטיילט לויט די פּאַרטייען: 2 פון בונד — אויף בזשעזשינער גאַס 59 און אויף לוטאָמירסקע גאַס; 2 פון פּועלי־ציון, פון וועלכע 1 קיך האָט זיך געפונען אין זייער אייגענעם קאָאָפּעראַטיוון־הויז אויף בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ 16. די בונדיסטן האָבן אויך אָנגעפירט מיט דער גראָסער קינדער־היים, וואָס האָט געהאַט איר לאָקאַל אויף זגערזשער 34. אונטער דער אויפזיכט פון די פּרעב־ליסטינס פעלאַ זילבערשטיין און חוה ברוינער זענען דאָרט דערצויגן געוואָרן 40 קינדער.

אויף דער זגערזשער גאַס איז אויך געווען טעטיק אַן אינטעליגענטן קיך, וואָס האָט אַרויסגעגעבן בעסערע מיטאָגן. מיט דער קיך האָבן אָנגעפירט: פרוי העלענאַ רומקאָווסקאַ — אַ קרובה פונעם יודענעלטעסטן; די געוועזענע פאַבריקאַנטן: מינץ און מאיר מענדעלסאָן און פרוי ד״ר דאַווידאָוויטש — די טאָכטער פון ד״ר פאַביאַן קלאזענבערג. געווען אויך אַ קיך פון דער פרויען־געזעלשאַפט „וויצאָ״ און נאָך עטלעכע קיכן, וואָס האָבן זיך גערופן ציוניסטישע.

די דאָזיקע קיכן, וועלכע האָבן פון רומקאָווסקיס אַפּראָוויזאַציע־אַמט באַקומען פּראָדוקטן צו אַפּיציעלע פּרייזן, זענען געוואָרן די טרעף־פּונקטן פאַר מענטשן, וואָס האָבן געהאַט צווישן זיך אַן אידעישן שייכות און דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן פירן אַ קולטור־אַרבעט.

א. מ. גולבאס האָט אין זיין גבית־עדות איבערגעגעבן פאָלגנדעס וועגן דער טעטיקייט פון דער פּועלי־ציוניסטישער קיך:

„די דערעפנונג פון דער פּועלי־ציוניסטישער קיך איז פאָרגעקומען זייער פייערלעך. אין דעם לאָקאַל פונעם געוועזענעם פלײשער־פאַריין, בערקאַ יאָסע־לעוויטש גאַס נומ׳ 16, האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ גרעסערע צאָל מענטשן. עס זענען דאָרט געווען די טוער פון די לינקע פּועלי־ציון: דייטלצווייג, עמנואל וואָלינסקי, י. מאַנעלאַק און אויך דער שרייבער י. זעליקאָוויטש. אין דעם זאָל זענען שפּעטער פאָרגעקומען אוידיטאָריעס, פאָרלעזונגען, מוזיקאַלישע אַרויסטרעטונגען״.

אַן ענלעכע אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין אַלע קיכן, וועלכע זענען פאַקטיש געווען פאַרטיי־קלובן.[385]

אין דערזעלבער צייט האָבן די יידישע שרייבער און קינסטלער זיך גרופּירט אין הויז פון דער דיכטערין מרים אולינאָווער, וווּ זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען און געלייענט זייערע שאַפונגען. אַ צווייטער קרייז פון שרייבער האָט זיך גרופּירט ביי דעם קונסטמאָלער י. לייזעראָוויטש.

עס זענען אויך געווען אין געטאָ קולטור־טוער, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה געפירט אַ טעטיקייט אין לאָדזשער יידישע קולטור־געזעלשאַפטן, ווי „קולטור־ליגע״, „הזמיר״, אייזענשלאָס־ביבליאָטעק. די קולטור־טוער האָבן גע־מאַכט באַמיאונגען צו אָרגאַניזירן אין געטאָ ענלעכע קולטור־געזעלשאַפטן ווי פאַר דער מלחמה.

מ. וואָלמאַן, אַ געוועזענער מיטגליד פון דער פאַרמלחמהדיקער דראַמאַ־טישער סטודיע „באַגינען״ ביי דער לאָדזשער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע צוקונפט, האָט געפירט אַן אומאויפהערלעכע אַגיטאַציע פאַר אָרגאַניזירן אַ „יידי־שע קולטור־געזעלשאַפט אין ליטצמאַנשטאַט געטאָ״. אונטער דעם נאָמען, און טאָקע מיט אַ סטעמפּל, איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ געזעלשאַפט, וועלכע האָט אויף איר גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אויסגעוויילט אַן ערן־פּרעזידיום פון רומקאָוו־סקיס דעמאָלסדיקע מקורבים: ד״ר ל. שיקער, ז. זאַזשויער און דעם אַדוואָקאַט נאַפּטאַלין — דער אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט.

אין דער אָנפירונג פון דער „קולטור־געזעלשאפט אין ליטצמאַנשטאַטער געטאָ״ זענען אויסגעוויילט געוואָרן: אינזשעניער שפּיגעלמאַן — פאַרזיצער,

מ. וואָלמאַן — וויצע־פּאַרזיצער, דער שרייבער י. זעליקאָוויטש — קאַסיר און פֿאַרוואַלטונגס־מיטגליד — דער בונדיסט יאַכימעק.[386]

אויך יידישע אַרטיסטן האָבן זיך געגרייט צו אָרגאַניזירן יידישע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען און דערווייל געשפּילט אין פּריוואַטע וווינונגען פון די „בעסער סיטואירטע״. „צווישן די פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן, וועלכע זענען דאַן פאַרבליבן אין לאָדזש האָבן זיך געפונען: ראַקאָוו מיט זיין פרוי, רייכענבערג מיט זיין פרוי, הערשקאָוויץ מיט זיין פאַמיליע, בעזמאַן מיט איר זון, פרוי פאָדערמאַן, מאַניאַ פעטערמאַן מיט איר טעכטערל, דער קאָמפּאָזיטאָר דוד בייגעלמאַן, משה פולאַווער״, חיים וויינבערג, רעגינאַ בערלינער, רוזשע בלאַך, די דעקאָראַציע־מאָלערין — דינה מאַטוס און די בינע־אַרבעטער לאָלעק יעלין און ספּאַקאָיני.[387]

## ג. יוגנט־הכשרה אין מאַרישין און קינדער־קאָלאָניעס

אין ערשטן פּעריאָד פון געטאָ, וועלכער דאַטירט זיך פונעם 1־טן מאַי 1940 ביז דעם גרויסן סאָציאַלן אויפברויז אין הערבסט פון זעלבן יאָר — איז רומקאָווסקי, ווי שוין באַקאַנט, געווען זייער נאָכגיביק צו אַלע פּאַרטייען. ווער פון זיי עס איז געקומען מיט פּראַקטישע פאָרשלאָגן, וואָס האָבן נישט אָנגערירט זיין אַליינהערשאַפט און געקאָנט פאַרלייכטערן דאָס לעבן אין געטאָ, האָט רומקאָווסקי נישט געשטערט זיי דורכצופירן. אַזוי איז אויך געווען מיט די „פונקטן פון אַגראַר־צוגרייטונג פאַר יוגנט״, אַזוי גערופענע — הכשרה״,* וואָס זענען אָן שום ספק פּראָיעקטירט און געשאַפן געוואָרן דורך די ציוניס־טישע גרופּירונגען, וועלכע האָבן מתחילת געטאָ שוין געהאַט אַ צענטראַלע אָנפירונג.

די „פונקטן פאַר אַגראַר־צוגרייטונג״ זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין מאַרישין, אַ האַלב־פּויערישע געגנט מיט קליינע הייזלעך אויפן ראַנד פון לאָדזש, וואָס איז לויטן דייטשן פּלאַן איינגעשלאָסן געוואָרן אין „יודענוואָהנגעביט״. פריער האָבן דאָרט געוווינט פּאָלאַקן, וועלכע האָבן געהאַט שטאָטישע באַשעפ־טיקונגען און באַאַרבעט אויך די חלקים ערד אַרום זייערע הייזלעך. משמעות האָבן די דייטשן דעם דאָזיקן פּרוכטבאַרן באָדן מיט די קליינע הייזלעך איינ־געשלאָסן אין געטאָ, כדי צו האָבן פאַר די אויגן דעם גאַנצן פרייען שטח מיט פעלדער אַרום, וואָס זאָל זיי דערמעגלעכן אָפּצוהיטן די געטאָ־פאַרצוימונג פון יענער

---

* „אַגראַר־צוגרייטונג פאַר יוגנט, אַזוי גערופענע הכשרה״ — אין „ביולעטין קראָניקי צאָדזשעננע״ נומ׳ 58, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון רומקאָווסקי־אַרכיוו אין געטאָ — ווערן מיט דעם נאָמען אָנגערופן די קיבוצים, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין מאַרישין. ווייזט אויס, אַז אַזוי זענען זיי באַצייכנט געוואָרן אין דער אָפיציעלער שפּראַך.

זייט שטאָט, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן דער בזשעזשינער שאָסיי און אַ פרייער אַרויסגאַנג אין דער ברייטער וועלט. אויף דעם דאָזיקן פּרוכטבאַרן באָדן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן די קיבוצים.

די קיבוצים זענען מתחילת באַשטאַנען בלויז פון ציוניסטישע גרופּן. שפּעטער האָבן אויך אַנדערע ריכטונגען פאַרלאַנגט פון רומקאָווסקין, ער זאָל געבן ערד־חלקים אויף פאַר זייערע יוגנטלעכע חברים. אַזוי אַרום האָבן 10 פאַרטייאישע גרופּירונגען געשאַפן אין מאַרישין לאַנדווירטשאַפטלעכע פּונקטן. י. טאַבאַקסבלאַט גיט אָן אין זיינע זכרונות פאָלגנדן פאַרטייאישן צוזאַמענשטעל פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע גרופּן:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| „אַלגעמיינע ציוניסטן | — | 4 | קבוצים, | 180 | מיטגלידער |
| פּועלי־ציון רעכטע | — | 3 | „ | 120 | „ |
| התאחדות־גורדוניה | — | 2 | „ | 130 | „ |
| השומר הצעיר | — | 1 | „ | 40 | „ |
| רעוויזיאָניסטן | — | 6 | „ | 300 | „ |
| יודענשטאַט־פּאַרטיי | — | 1 | „ | 40 | „ |
| פּועלי־ציון לינקע | — | 1 | „ | 40 | „ |
| מזרחי | — | 3 | „ | 100 | „ |
| בונד | — | 1 | „ | 60 | „ |
| פּועלי אמוני ישראל | — | 1 | „ | 30 | „ |

צוזאַמען — 23 קבוצים מיט 1040 מיטגלידער.[388]

די דאָזיקע רשימה גיט אויך אַ באַגריף פון פאַרטייאישן פּעכער אין לאָדזשער געטאָ. דאָס זענען די זעלבע פּאָליטישע גרופּירונגען, ווי זיי זענען געווען אינעם פאַרמלחמהדיקן לאָדזש.

די ציוניסטישע קיבוצים, וועלכע האָבן באַקומען די ברייטסטע אונטער־שטיצונג פון רומקאָווסקין „ביזן ערשטן שניט", האָבן לויטן ביישפּיל פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס געשאַפן אַ „מזכירות של וועד הקיבוצים", ד. ה. אַ צענטראַלע פון 7 פּערזאָן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אַלגעמיינער אַרבעט און טעטיקייט פון די קנאַפּע 900 קיבוץ־חברים.

עס זענען נישט געבליבן קיין גענויע באַריכטן און איבערזיכטן פון דער טעטיקייט פון די 23 קיבוצים. אָבער לויט די פאַרעפנטלעכע זכרונות פון ציוניסט ישראל טאַבאַקסבלאַט און בונדיסט יעקב נירנבערג האָבן אויף די דאָזיקע אַגראַר־פּונקטן די ריכטונגען געפירט די זעלבע פאַרטייאיש־יוגנטלעכע טעטיקייט ווי פאַר דער מלחמה: מ'האָט געפירט קולטור־אַרבעט. ביי די ציוניסטן האָט מען געלייענט לעקציעס: „געשיכטע, פּאַלעסטינאָגראַפיע, פּאָלי־

טישע עקאָנאָמיע און מ׳האָט געלערנט העברעיש. עס זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן „אימפּרעזעס, ווי: הערצל־ און ביאַליק־אַקאַדעמיעס״ און אַ פייערונג צום אָנדענק פון זשאַבאָטינסקי. די בונדישע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך באַצייכנט ווי: „געוועזענע שילער פון דער מעדעם־שול״ האָבן זייער ערד־חלק מיט דעם הייזל אָנגערופן נישט „קיבוץ״, נאָר — „די 9־טע סאָציאַליסטישע קינדער רעפּובליק״, ווי אַ המשך פון די פאַרמלחמהדיקע סקיף־לאַגערן, וואָס זענען געווען אין פּוילן.״ ביי די בונדישע יוגנטלעכע האָט מען געהאַלטן „פאַר־לעזונגען וועגן יידישער און פּוילישער ליטעראַטור, יידישע קלאַסיקער; מ׳האָט איינגעאָרדנט — אַ פּרץ־אַקאַדעמיע, אַ שלום־עליכם־טאָג און געפייערט אַלע פּראָלעטאַרישע ימים־טובים״, ווי אויך די בונדישע געדענק־טעג.

ביידע שרייבער פון די זכרונות דערמאָנען מיט גרויס אנערקענונג די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט, וואָס איז דורך די יוגנטלעכע געפירט געוואָרן.[389]

*

אין די זומער־חדשים 1940 האָט זיך ביי די אָרעמע אַרבעטסלאָזע געטאָ־איינוווינער געשטאַרקט דער הונגער. די שול־טוער און פּעדאַגאָגן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט די קינדער, זענען, מיט רומקאָווסקיס הסכמה, צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן קאָלאָניעס, ריכטיקער — באַשפּייזונגס־פּונקטן פאַר קינדער אין פאַרשול־עלטער. אויף אַ באַראַטונג פון דערציער און אָנפירער מיטן שולוועזן, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּלאַן פון די האַלב־קאָלאָניעס מיט אַ געהעריקער פאַרטיילונג פון די שעה׳ן פון טאָג לויט די טעטיקייטס־באַדערפעניש. דעם 3־טן יולי איז געעפנט געוואָרן אין גרויסן דורכגאַנגס־הויף סמוגאָווואַ 6 — פראַנציסקאַנער, אַ האַלב־קאָלאָניע פאַר קרוב 1000 קינדער אין עלטער פון 4—7 יאָר.

דער ערשטער טורנוס האָט געדויערט ביזן 24־טן אויגוסט.

פאַר די שול־קינדער זענען איינגעאָרדנט געוואָרן 6 האַלב־קאָלאָניעס אויף פאַרשידענע ערטער אין געטאָ. צוזאַמען זענען דורך די האַלב־קאָלאָניעס דורכגעגאַנגען 7000 קינדער פון די אָרעמסטע און אַרבעטסלאָזע עלטערן.

אויף אַלע האַלב־קאָלאָניעס האָבן די קינדער פאַרברענגט פון 8 פרי ביז 6 אָוונט. זיי האָבן באַקומען 3 מאָל אין טאָג עסן און אַ צוגעקליבענער פּערסאָנאַל האָט געזאָרגט פאַר זייער געזונט, ריינקייט און גוטן פאַרברענגען. די לערער און דערציער (דערציערינס) האָבן די קינדער געמאַכט פאַרגעסן אין דער ביטערער געטאָ־ווירקלעכקייט. מ׳האָט מיט די קינדער געזונגען לידער אין פּויליש, יידיש און דייטש. אַן אימפּראָוויזירטער קינדער־טעאַטער האָט געגעבן פאָרשטעלונגען. עס איז געווען פריילעך, לעבעדיק.

רומקאָווסקי מיט דייטשן פון דער לאָדזשער שול־קאָמיסיע זענען געקומען

וויזיטירן די האַלב־קאַלאָניעס און אַוועק צופרידענע. די קינדער זענען געוויגן געוואָרן בעתן אַריינקומען און פאַרלאָזן די האַלב־קאַלאָניעס. זיי האָבן אַלע צוגענומען אויף דער וואָג.[390]

## ד. ביבליאָטעקן, קונסט־אויסשטעלונג, וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפט און מוזיק

עס איז נישט באַקאַנט דער גורל פון די גרויסע יידישע פאַרמלחמהדיקע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן אין לאָדזש: גראָסער־ביבליאָטעק, באָראָכאָוו־ביבליאָטעק, אייזענשלאָס־ביבליאָטעק און די „הזמיר"־ביבליאָטעק. מיט גרויס מסירת־נפש האָט זיך איינגעגעבן אַריבערצופירן אין געטאָ די מעדיצינישע ביבליאָטעק פון פּאָזנאַנסקיס שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער אַרישער זייט. מיט דער דאָזיקער רייכער זאַמלונג פון מעדיצינישע ווערק האָבן זיך באַנוצט די געטאָ־דאָקטוירים. זיי האָבן אויך אין געטאָ אויפגעזאַמלט וויסנשאַפטלעכע ווערק פון פּריוואַטע ביכער־זאַמלונגען און געשאַפן אַ צווייטע ביבליאָטעק, וועלכע האָט זיך געפונען ביי דער סטאַציע פון גיכע־הילף אויף לאַגעווניצקע גאַס.[391]

אין געטאָ זענען אויך געווען פּריוואַטע ביבליאָטעקן אויף אויסצולייען ביכער. די אייגנטימער פון אַזעלכע ביכער־זאַמלונגען זענען געווען שטענדיקע איינוווינער פון באַלוט נאָך פון פאַר דער מלחמה, און דאָס אויסלייען ביכער צוזאַמען מיט פאַרקויפן צייטונגען איז געווען ביזן קריג זייער שטענדיקע פּרנסה. אין געטאָ זענען זיי געוואָרן די איינציקע באַזיצער פון ביכער־זאַמלונגען צום אויסבאָרגן.

אַזאַ ליי־ביבליאָטעק האָט זיך געפונען אויף זגערזשער גאַס נומ' 19. דער אייגנטימער י. וו. זאָנענבערג האָט אויך פאַר דער מלחמה אויסגעבאָרגט ביכער. ווי נאָר עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט די מהומות און יידן זענען אַריין אין געטאָ, האָט זאָנענבערג ווייטער אָנגעהויבן אַרויסבאָרגן ביכער.

דער אייגנטימער פון דער ביבליאָטעק האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט זיין ביכער־פאַרמעג, נאָר כסדר צוגעקויפט נייע אין כלערליי שפּראַכן, וואָס עס האָבן מיט זיך געבראַכט די יידן, וועלכע די דייטשן האָבן פון פאַרשידענע מקומות, אויך פון מיטל־אייראָפּע, געטריבן קיין לאָדזש. דער אָפּצאָל פון לייענען איז געווען — אַ מאַרק אַ חודש און פינף מאַרק ערבות. פאַרשטענדלעך, אַז דער אָרעמער שיכט האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגינען אַזאַ לוקסוס.

זאָנענבערגס ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט ביז דער ענדגילטיקער ליקווי־דאַציע אין אויגוסט 1944. לויט נישט קאָנטראָלירטע ידיעות האָט די ביבליאָטעק, אין יאָר פון ליקווידאַציע, שוין פאַרמאָגט 7,500 בענדער און 4000 אַבאָנענטן.

נאָך אַזאַ גרויסע ביבליאָטעק איז געווען אין געטאָ־ליטצמאַנשטאַט אויף וואַלבאַרסקע גאַס 44. דער אייגנטימער פון דער ביכער־זאַמלונג ס. אַטעלסבערג האָט ביז דער מלחמה געהאַט אַ רייכע בוכהאַנדלונג אויף פּיעטריקאָווער גאַס. זיין געטאָ־ביבליאָטעק האָט געהאַט 2000 ביכער און פונקט אַזאַ צאָל אַבאָנענטן.

צוויי גרויסע ביבליאָטעקן זענען געווען אויף די גאַסן יאַקובאַ און וואַלבאַרסקע. געווען אויך אַ געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק אויף מלינאַרסקע גאַס 13, וועלכע האָט געהערט צו די ל. פּועלי־ציון. די ביבליאָטעק איז געפירט געוואָרן פונעם אונטערערדישן פּ.צ.־טוער מאיר בער גוטמאַן. צו דער שול־אָפּטיילונג איז אָנגעקומען אַ ווענדונג פון ה׳ קאָרנבערג וועגן דערלויבן אים צו עפענען אַ לייַ־ביבליאָטעק. ער האָט אַזאַ דערלויבעניש באַקומען.

אַ חוץ די דערמאָנטע „אָפיציעלע״ ביבליאָטעקן זענען אין געטאָ געווען קליינע יידישע ביבליאָטעקלעך, וועמענס אייגנטימער האָבן פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל אַרויסגעבאָרגט ביכער. וועגן זייערע ביבליאָטעקן האָבן די אייגנטימער צווישן געטאָן דורך מעלדונגען איבער די ווינגנגען: „אַכטונג, איך באָרג אויס ביכער צום לייענען אין יידיש״.[392]

די דאָקטוירים האָבן אויך געשאַפן אין געטאָ אַ וויסנשאַפטס־געזעלשאַפט מיט ד״ר פאַביאַן קלאָזענבערג אַלס פּרעזעס. אין דער וויסנשאַפטס־געזעלשאַפט האָבן געהאַלטן פאַרלעזונגען: ד״ר ליפּאָוויטש — פעלאַגרע־קראַנקהייטן, ד״ר וויקטאָר מילער — אַוויטאַמינאָזע, אויך אַנדערע דאָקטוירים האָבן געלייענט רעפעראַטן וועגן די קראַנקהייטן, וואָס זענען געווען אַמשטאַרקסטן פאַרשפּרייט אין געטאָ.[393]

נעבן דער דאָזיקער אַלגעמיינער קולטור־טעטיקייט, וואָס האָט זיך אויס־געשפּרייט באַלד אין די ערשטע חדשים פונעם לעבן אין געטאָ־ליטצמאַנשטאַט, האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט די פּלאַסטישע קונסט און מוזיק.

די קונסט־מאַלער — יצחק ברוינער, קאָוונער, ישראל לייזעראָוויטש, הערבערט פּיק, משה גורעוויטש, שיליס און בזשעזשינסקאַ — וואָס זענען אַריין אין געטאָ צוזאַמען מיט אַלע יידן, האָבן אין הויז אויף מלינאַרסקאַ גאַס 25 געעפנט אַן אויסשטעלונג פון זייערע בילדער, פאַרמלחמהדיקע שאַפונגען. די אויסשטעלונג איז געוואָרן פייערלעך געעפנט אין די זומער־חדשים פונעם יאָר 1940, בעת דער אַלגעמיינער קולטור־אויפלעבונג. אין דער פייערלעכקייט האָט זיך באַטייליקט אויך מרדכי חיים רומקאָווסקי, וועלכער האָט אין אַ רעדע באַ־גריסט די קינסטלער. וועגן דער באַדייטונג פון דער קונסט־אויסשטעלונג אין ליטצמאַנשטאַטער געטאָ, ביי אַזעלכע באַדינגונגען, האָט גערעדט יצחק ברוינער.

אין אַרכיוו האָט זיך אויפגעהאַלטן ברוינערס אָפּשאַצונג איבער דער דאָזיקער קונסט־אויסשטעלונג:



קונסטמאָלער יצחק ברוינער אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט
אומגעקומען אין אָשוויענטשים

„ווען איך בין אַריין אין זאַל — האָט ברוינער געזאָגט — בין איך נשתומם געוואָרן פון דער גרויסער צאָל מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפינען. אַ היפּשער עולם האָט אַרומגערינגלט דעם מענטש, וואָס האָט געגעבן דער־קלערונגען וועגן די בילדער. די דאָזיקע זאַך האָט זיך איבערגעחזרט יעדן טאָג. נישט לייכט איז געווען צו באַצאָלן פאַר דער איינטריטס־קאַרטע, וועמענס פּרייז איז געווען 10 און 15 פּעניק; גרופּן האָבן געצאָלט צו 3 פּעניק פאַר אַ פּערזאָן. — — — די טעגלעכע הכנסות פון דער קאַסע זענען דערגאַנגען ביז 9 מאַרק. די אויסשטעלונג איז געווען אָפן 6 וואָכן און איז באַזוכט געוואָרן פון 12 טויזנט פּערזאָן. פאַר דער מלחמה איז אַן אויסשטעלונג אין „ווילצאַ" מיט דער באַטײלונג פון העכער צוואַנציק מאָלער, וואָס איז אָפן געווען 3 חדשים — באַזוכט געוואָרן פון ווייניקער פון אַ העלפט פון דער אויבנגעבראַכטער צאָל מענטשן. די טרעגערס, שוסטערס און גאַסן־הענדלערס, „עמך" פון באַלוט, וואָס אויף זיי האָט מען געזאָגט, אַז זיי און קונסט זענען צוויי באַזונדערע וועלטן — דווקא דער עולם, האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ גרויסן אינטערעס צו דער אויסשטעלונג." [394]

ווי צום רוב געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוער, האָט רומקאָווסקי, מתחלת געטאָ, אויך צום קונסטמאַלער ברוינער געהאַט אַ גוטע באַציאונג און אָפילו אים איבערגעגעבן צו מאַכן אַ צייכענונג פאַר די געטאָ־געלט־אַסיגנאַציעס. ברוינער האָט געמאַכט אַ סקיצע, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דאָס געטאָ מיט די דראָט־פאַרצוימונגען און אַ געשמידטער ייד רייסט פון זיך די קייטן אַקעגן דער אויפגייענדער זון. די צייכענונג האָט אַזוי צעבייזערט רומקאָווסקין, אַז

דער קינסטלער האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט אין פּחד צו ווערן אַרויס־געשיקט.[395]

*

אויך אַ באַדייטנדע צאָל לאָדזשער יידישע מוזיקער זענען אַריין אין געטאָ. עס האָבן זיך דאָרט געפונען: דער דיריגענט טעאָדאָר רידער — אַן אַסימי־לירטער ווינער ייד, וואָס האָט זיך איינגעבירגערט אין לאָדזש און מיט זיין דייטש ווייב אַריין אין געטאָ; די באַרימטע פידלערין בראָניסלאַווע ראָטשטאַט, דער טענאָר שטיינמאַן — אַ פּליט פון דייטשלאַנד, וואָס איז נאָך פאַר דער מלחמה געקומען קיין לאָדזש. באַלד נאָכן שליסן דאָס געטאָ האָבן די דריי קינסטלער איינגעאָרדנט קאָנצערטן פאַר אַן ענגן קרייז מענטשן, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען רומקאָווסקי. אַ חוץ די דערמאָנטע מוזיקער האָבן אין געטאָ אויך געלעבט די מוזיק־מייסטער: דוד בייגעלמאַן און 26 מוזיקער פון לאָדזשער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער, צווישן זיי: די ערשטע פידלער — ברידער קאַנטאָר, שפּייזמאַכער, דער פּיאַניסט פּריילעך, אייזמאַן, מעלאַדיסטאַ אאַנ״ד. די אַלע מוזיקער מיט טעאָדאָר רידער בראש האָבן, אין אַ שפּעטערדיקן טערמין, געשאַפן דעם פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער.

אין די זומער־חדשים פון יענעם יאָר איז ביי די קולטור־טוער אויפ־געקומען דער פּראָיעקט צו שאַפן אויך אַ מוזיק־שול. אַזאַ אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען די אָנפירונג מיטן שולוועזן אין געטאָ. אַ טייל פון די קומענדיקע לערער אין דער מוזיק־שול האָבן נאָך פון פריער באַקומען געהאַלט פון דער שול־אָפּטיילונג. עס איז דעריבער אויפגעקומען דער געדאַנק אויסצונוצן זייערע קענטענישן און פעיקייטן פאַר אַ העכערן צוועק.

עס איז באַשטימט געוואָרן אַן אָנפירונג מיט דעם נייעם דערציאונגס־אַנשטאַלט אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: פאָרזיצער — דער אַמאָליקער פאָר־זיצער פון „הזמיר״ ד״ר פאַביאַן קלאָזענבערג; דירעקטאָר — פּראָפעסאָר טעאָדאָר רידער; לערער: פרוי בראָניסלאַווע ראָטשטאַט און פּראָפ׳ פעליקס האַלפּערן — פידל, סטאַניסלאַוו נירנשטיין און פרוי סאָלאָווייטשיק — קלאַוויר, ניקאָדים שטיינמאַן — געזאַנג. צו דער אָנפירונג האָט אויך געהערט דער אַלטער דיריגענט פונעם כאָר פון דער סינאַגאָגע — מאָוריצי דאַרגאָזשאַנסקי.

עס זענען פאָרגעקומען די עקזאַמענס פון באַגאַבטע בחורים און מיידלעך. אָבער ווייטער ווי די עקזאַמענס איז נישט געגאַנגען. די מוזיק־שול איז געווען אויף דער עווידענץ פון שולוועזן. די געהאַלטן פון די לערער האָבן פיגורירט אין בודזשעט, אָבער קיין שול פאַר מוזיקאַלישער אויסבילדונג איז נישט געווען.[396]



מאַוריצי דאַרגוזשאַנסקי. פאַר דער מלחמה געווען
דיריגענט פון סינאַגאָגע־כאָר. אומגעקומען

כדי פול צו מאַכן דאָס בילד פון דער קולטור־טעטיקייט אין די ערשטע חדשים פון עקזיסטענץ פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט, דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז די שול־אָפּטיילונג האָט געמאַכט פּרווון איינצושטעלן עפּעס אַזעלכעס ווי אַ הויכשול, געמלעך „העכערע ליצעאַלע קורסן", אויף דעם מוסטער פון דער פאַרמלחמהדיקער פּוילישער „וושעכניצאַ". די צוהערער אויף אַזעלכע קורסן האָבן געדאַרפט זיין די אַבסאָלווענטן פון די פאַרמלחמהדיקע גימנאַזיעס. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קוראַטאָריום פאַר די קורסן אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: אַדוו. נאַפּטאַלין, אינזשעניער זילבערבויגן, פּראָפ. קאַמיענעצקי און מגר. ברימאַן. אין פּראָגראַם פון די קורסן זענען געווען לעקציעס פון: מאַטעמאַטיק, פיזיק, כעמיע, ביאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע, פילאָזאָפיע, פּעדאַגאָגיק, פילאָלאָגיע, טעכניק און אַלע באַגלייט־למודים.

לויט אָפּגעפונענע דאָקומענטן, וועלכע עס האָט פאַרעפנטלעכט צבי שנער אין „דפים לחקר השואה והמרד" א׳, אויסגאַבע פון „הקיבוץ המאוחד" אין תל־אביב, האָבן „אויף די קורסן זיך פאַרשריבן 318 פּערזאָן, דערונטער 153 מיט מאַטורע־צייגנישן פון גימנאַזיעס, די רעשט האָבן געענדיקט זייערע לימודים אין ליציי". אויף די קורסן זענען געקומען דורכשניטלעך 250 צוהערער. „די מאַקסימאַלע צאָל איז געווען 400". 90 פּערזאָן פון די פאַרשריבענע אויף די קורסן זענען געווען אַרבעטסלאָזע. די לעקציעס, וואָס זענען פאָרגעקומען נאָכמיטאָג, האָבן אָנגעהאַלטן 18 טעג, פון 2־טן ביזן 20־טן סעפּטעמבער און

דאָן געוואָרן איבערגעריסן. צוליב וועלכער סיבה ווערט אין די דאָקומענטן נישט אָנגעגעבן.[397]

אָט אַזוי האָבן די יידן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט, ביי הונגער און דחקות, ביי די שרעקלעכסטע באַדינגונגען, וואָס האָבן צו זיך נישט קיין גלייכן אין דער פיינלעכער געשיכטע פונעם יידישן פאָלק — געבויט זייער קולטור־לעבן, פונקט ווי דאָס ווירטשאַפטלעכע. און אויף יענער זייט געטאָ האָבן די דייטשע מאַכטהאָבער, זייערע דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן, „יידן־קענער" און סתם מער־דער־סאַדיסטן — צוגעקוקט זיך מיט חוזק צו דעם יידישן לעבן, וואָס בויט זיך צוריק אויף אין געטאָ. זיי האָבן געוווּסט, לויט די ווערטער פון זייער קאָלישער רעגירונגס־פּרעזידענט ה' איבעלהער, אַז עס וועט קומען דער טאָג, ווען „די פּעסט־מכה וועט ענדגילטיק אויסגעבערענט ווערן".

.22

# רומקאָווסקי, געטאָ־געזעלשאַפטלעכקייט און די דייטשע מאַכט

## א. די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע

קיינע פון די געטאָ־פּאַרטייען, וועלכע האָבן זיך געטיילט לויט די פּאַר־מלחמהדיקע אידעאָלאָגישע אונטערשידן, האָט זיך נישט אַנגאַזשירט אָפיציעל אין דער רומקאָווסקי־מאַכט, אָבער אומאָפיציעל האָבן אין די ערשטע חדשים אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט רומקאָווסקין פּערזאָנען פון אַלע גרופּירונגען, אַ חוץ די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן בכלל נישט אָנטיילגענומען אין עפנטלעכן געזעלשאַפטלעכן לעבן און ממילא גאָרנישט געטאָן אויף צו לינדערן די ליידן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג.

דער בונדיסט יאָכימעק איז געווען דער אָנפירער פון רומקאָווסקי־סעקרעטאַריאַט, וואָס האָט דערליידיקט בקשות און פאַרלאַנגען פון דער באַפעלקערונג צום יודענעלטעסטען, ווי אויך פאַרטיילט פּאָסטנס פאַר באַאַמטע. בראש פון דער ווירטשאַפטס־אָפּטיילונג זענען געשטאַנען סאַמעלסאָן און די פועלי־ציוניסטן עמנואל וואָלינסקי, דייטלצוויג און יאַני שולמאַן. מיטגלידער פון די ציוניסטישע גרופּירונגען זענען געווען כמעט אויף אַלע אַמטן פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע. דער ציוניסט ברוך פּראַשקער איז געווען רומקאָווסקיס אַ נאָענטער ראַטגעבער. ער האָט געהערט צו די פּני, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטן צוטריט צו רומקאָווסקין.[398]

עס איז אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג, וואָס אין קיין שום דאָקומענטן, גבית־עדות און זכרונות פון דער געטאָ־צייט, געפינען מיר נישט קיין באַריכטן פון די זיצונגען פונעם „ביירעט" אָדער יודענראַט, דאַקעגן־זשע ווערט די דאָזיקע פאַרבאָרגענע „אינסטיטוציע" אומעטום דערמאָנט לגנאי. עס ווערן אָבער דערמאָנט כסדר די נעמען פון פרישע מענטשן, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה כמעט אָדער אינגאַנצן נישט פאַרנומען קיין שום אָרט אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין געטאָ זענען זיי געווען די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון אַלע אַמטן אין דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע.

אויפן ערשטן אָרט פון אַזעלכע ניי־אויפגעקומענע געזעלשאַפטלעכע טוער האָט זיך אַרויסגערוקט דער יונגער אַדוואָקאַט העניריק נאַפּטאַלין. אַ געבוירענער אין לאָדזש, אַ קענער פון דייטש, איז ער מתחלת געוואָרן רומקאָווסקיס איבער־

זעצער און פאַרבינדלער צווישן יודענעלטעסטען און די דייטשע אַמטן, שפּעטער איז נאַפּטאַלין געוואָרן דער אָרגאַניזאַטאָר פון די וויכטיקסטע געטאָ־אַמטן, פון געטאָ־אַרכיוו, סטאַטיסטישע אָפּטיילונג, אַמט פאַר איינגעוואַנדערטע און אַנדערע. ער האָט אויך אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיטן גאַנצן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין געטאָ. ער האָט אונטערשטיצט יידישע קולטור־אונטערנעמונגען, יידישע שרייבער און אויפגעשטעלט זאַמלונגען פון יידישע ביכער. מ. זאַשוויער — אַ פאַרמלחמהדיקער סוחר און פאַבריקאַנט איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער עקאָנאָמישער אָפּטיילונג און אויך אָנגעפירט מיט דעם אונטערשטיצונגס־אַמט.



הענריק נאַפּטאַלין — דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע און מרדכי חיים רומקאָווסקי

אַ געוועזענער סוחר, רומקאָווסקיס אַן אַמאָליקער שותף מיטן נאָמען שטשענשליווי, איז געוואָרן דער אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון דער אַפּראָ־וויזאַציע פון געטאָ. זיין באַלעבאַטישקייט איז ווייט נישט געווען „שטשענשליווי" (פון פויליש — גליקלעך). „דורך זיין באַלעבאַטישקייט האָט ער גורם געווען, אַז זייער פיל פּראָדוקטן זענען קאַליע געוואָרן". אין זיין אָפּטיילונג, די וויכטיק־סטע אין געטאָ, איז די פּראַקטיקציע געווען זייער ברייט אַנטוויקלט.

פיל בעסער איז שוין געווען אָוועקגעשטעלט די אָרגאַניזירונג פון די

בעקערייען און ברויט־פּאַרקויף. בראש פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג איז געשטאַנען — מרדכי לייזעראָוויטש — דער ערן־סעקרעטאַר פון פאַרמלחמהדיקן יידישן בעקער־צעך אין לאָדזש. אין געטאָ האָט לייזעראָוויטש זיך פאַרנומען מיט איינאָרדנען די בעקערייען, פאַרטיילן דאָס באַקומענע מעל און רעגולירן דעם ברויט־פּאַרקויף צווישן די געטאָ־איינוווינער.[399]

אָט אַזעלכע יידן און נאָך אַנדערע ניי־אויפגעקומענע געזעלשאַפטלעכע טוער האָבן אָרגאַניזירט די אַמטן אין רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע. דער יודענעלטעסטער האָט געגעבן אָנווייזונגען אָדער צושטימונגען צו זייער טעטיקייט. אין משך פון די זומער־חדשים 1940 זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אַלע אַמטן, וואָס האָבן באַדינט די געטאָ־באַפעלקערונג, ווי: אַפּראָוויזאַציע, געזונטהייטס־אָפּטיילונג, סאָציאַלע פאַרזאָרגונג, פּאָסט־אָפּטיילונג, ווירטשאַפט, פינאַנסן, שטייער־אַמט, שול־אָפּטיילונג, באַהייצונג, סטאַטיסטיק און געטאָ־עווידענץ, בוי־אָפּטיילונג, קיכן, אַרבעט־פאַרזאָרגונג, צענטראַלע בוכהאַלטעריע און אַ צענטראַל־ביוראָ פון די אַרבעטס־רעסאָרטן, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אהרן יאַקובאָוויטש, פייערלעשער־אָפּטיילונג — אָרגאַניזירט און אָנגעפירט פון קאָמענדאַנט קויפמאַן, „אַ לאַנגיאָריקער מיטגליד פון די פרייוויליקע פייערלעשער אין לאָדזש", ווי אויך אַן אָפּטיילונג פון דער שטאָטישער עלעקטראָווניע. די עלעקטריע־אָפּטיילונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך אינזש. יוליאַן ווייַנבערג.[400]

אייניקע פון די דאָזיקע אָפּטיילונגען פאַרדינען אַ באַזונדערע באַהאַנדלונג.

## ב. אָרגאַניזאַציע פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג

די געזונטהייטס־אָפּטיילונג, אָרגאַניזירט דורך די דאָקטוירים אין נאָוועמבער 1939, האָט אין געטאָ געדאַרפט זיך צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען און אויפסניי אָרגאַניזירן די שפּיטעלער, וועלכע מ'האָט געדאַרפט איבערפירן פון שטאָט קיין באַלוט: פּאָזנאַנסקיס־שפּיטאָל, קימפּעטאָרין־קליניק אויף שטערלינגאַ גאַס, לינת־החולים אויף פּאָלודניאָווע גאַס.

מיט גרויס מסירת־נפש האָט זיך איינגעגעבן אַלץ אַריינצובערענגען אין געטאָ. עס דאַרף דאַביי באַצייכנט ווערן מוטיקע מעשים פון יחידים: פרוי רעגינאַ פליוואַצקאַ, די טאָכטער פון פאַרמלחמהדיקן אגודה'שן דאָזאָר לייזער פליוואַצקי, איז, נאָכן שליסן דאָס געטאָ, געווען די אָרגאַניזאַטאָרין פון דער פיזיקאַליש־טעראַפּישער אָפּטיילונג ביי דעם געזונטהייטס־אַמט. מיט דער הילף פון אַ געפעלשטן דורכלאָזשיין פלעגט זי זיך אַרויסבאַקומען פונעם פאַרמאַכטן געטאָ און געבראַכט צו פירן די פיזיקאַליש־טעראַפּישע מכשירים פון וווינונגען פון יידישע דאָקטוירים, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון לאָדזש.

לסוף איז די מוטיקע פרוי געכאַפּט געוואָרן פון קריפּאָ־אַגענטן. אַ יאָר איז פרוי פליוואַצקאַ געזעסן אין אַ פּויזנער תּפיסה, דורכגעגאַנגען פאַרשידענע פּייניקונגען און אומגעקומען אין אַשוויענטשים.

די „קריפּאָ" איז געקומען אויף די שפּורן פון די אַריינגעבראַכטע אין געטאָ טעכניש־מעדיציניש איינריכטונגען און דעם 22־טן מאַי 1940 זענען אַגענטן פון דער קרימינאַל־פּאָליציי באַפאַלן דאָס הויז אויף ריבנע 14 און פון דאָרט צוגענומען די גאַנצע איינריכטונג פאַר פיזיקאַליש־טעראַפּישער היילונג, ווי: 4 קוואַרץ־לאַמפּן, 3 סאלוקס־לאַמפּן, אַפּאַראַטן פאַר דיאַטערמיע, קורצוועלן, 1 פּאַטאָסטאַט, 7 אַפּאַראַטן פאַר עלעקטרישע טיילבעדער, 1 רענטגען־אַפּאַראַט, פאַרשידענע ראַדיום־אינסטרומענטן, 1 בלויע לאַמפּ, 2 סטעריליזאַטאָרן אאַנ"ד. מכשירים.

רומקאָווסקי האָט נישט גערוט און זיך געוואָנדן מיט אַ בריוו צו דער „טרויהאַנדשטעללע" אין ליטצמאַנשטאַט און צום אָבערמעדיצינאַלראַט, ד"ר מערקערט וועגן אָפּגעבן די אַפּאַראַטן, וואָס שטאַמען פון הייל־אַנשטאַלט „לינת החולים", וועלכער איז פריער געווען אויף פּאָלודניאָווע גאַס נומ' 19, ווו עס האָט זיך אויך געפינען דאָס ביוראָ פונעם יודענעלטעסטען.

אין דעם ענין האָט זיך אַריינגעמישט אויך ביבאָוו, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַט די אויפגאַבע צו באַרויקן דאָס געטאָ. עס זענען אַוועק אונטערהאַנדלונגען צווישן ביבאָוון, אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט און לסוף האָט די „טרויהאנדשטעללע" געמאָלדן ביבאָוון, אַז די דייטשע פירמע ריטער האָט אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון דער פאַרנומענער מעדיצינישער איינריכטונג אויף אַ סומע פון 1815 רייכס־מאַרק, וועלכע דער יודענעלטעסטער דאַרף באַצאָלן. רומקאָווסקי האָט באַצאָלט און צוריק באַקומען אַלע מכשירים און אַפּאַראַטן.[401]

די טעכנישע אָנפירונג מיט דער פיזיקאַליש־טעראַפּישער אָפּטיילונג ביים געזונטהייטס־אַמט איז געלעגן אין די הענט פון די צוויי אינזשעניערן — ווערטהיים און דאַווידאָוויטש. זיי האָבן אויך מאָנטירט די מאַשינען און דעם רענטגען־אַפּאַראַט. די מעדיצינישע לייטונג אין דעם אַנשטאַלט האָט געהאַט ד"ר סאַלאָמאָן רובינראט — אַ באַוווּסטער רענטגענאָלאָג אין פּוילן, וועלכער האָט ביז דער מלחמה געלעבט אין וואַרשע און בעת דער דייטשער אָקופּאַציע — אין לאָדזשער געטאָ.

די געזונטהייטס־אָפּטיילונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך איר פאָרזיצער ד"ר לעאָן שיקער, האָט געהאַט פאָלגנדע סעקציעס:

| סעקציע | אָנפירער |
|---|---|
| אַנטי־טובערקולאָז | פּרוי ד״ר ראַבינאָוויטש גינזבורג |
| שפּיטאָל־וועזן | ״ מאַרקוס וויינבערג |
| סאַניטאַרע אויפזיכט | ״ משה וואָלפסאָן |
| דענטיסטן־קליניקעס | ״ ר. קינרוס |
| | ״ דענטיסט זיידענגאַרט |
| מעד. אויפזיכט איבער סאָצ. אַנשטאַלטן | ״ איגנאַצי גרינבערג |
| ווענערישע און זיטן־אָפּטיילונג | ״ לודוויק פאַלק |

ביי דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג איז געווען אַ דאָקטוירים־ראַט מיט דעם אַלטן פאַרדינסטפולן ד״ר דוד לייב העלמאַן אַלס פאָרזיצער. דער באַוווסטער לאָדזשער אַפּטייקער פּערלמוטער איז געווען דער אינספּעקטאָר איבער די אַפּטייקן.

וואָס שייך שפּיטעלער און אַפּטייקן, איז דעם געטאָ געווען לייכטער דערמיט, וואָס באַלוט האָט נאָך פון פריער געהאַט אַזעלכע איינריכטונגען. אויף לאַגעווניצקע גאַס 36 האָט זיך געפינען דער פּרעכטיקער אַמבולאַטאָריע־בנין פון דער סאָציאַלער פאַרזיכערונג (אובעזפּיעטשאַלניאַ ספּאָלעטשנאַ), וועל־כער איז איבערגענומען געוואָרן דורך דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג. דאָרט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שפּיטאָל אויף 300 בעטן מיט אָפּטיילונגען פאַר אַלערליי קראַנקהייטן, ווי אויך גינעקאָלאָגיע און רענטגען־אַפּאַראַטור.

דאָס צווייטע שפּיטאָל, באַשטימט פאַר אַנשטעקנדע קראַנקהייטן, האָט זיך געפונען אויף דרעוונאָווסקאַ גאַס, אין געוועזענעם הייל־אַנשטאַלט א. נ. פון הייליקן יוזעף, וואָס האָט ביז דער מלחמה אויך געהערט צו דער מלוכהשער „סאָציאַלער פאַרזיכערונג". דאָרט זענען געווען 150 בעטן. וועגן יעדן פאַל פון אַנשטעקנדע קראַנקהייטן האָט מען געמוזט מעלדן דער דייטשער מאַכט. אַ שפּיטאָל פאַר לונגען־קראַנקע מיט 150 בעטן איז געוואָרן איינגעאָרדנט אויף וועסאָלע גאַס ביים אַלטן יידישן בית־עולם. אַ ספּעציעלער זאַל איז געוואָרן אָפּגעטיילט פאַר קראַנקע מיט אָפענעם טובערקולאָז.

„מיט דעם דאָזיקן שפּיטאָל האָט זיך באַזונדערס פאַרנומען די געזונט־הייטס־אָפּטיילונג. מיר האָבן זיך באַמיט צו פאַרזאָרגן די קראַנקע מיט ספּעציע־לער באַשפּייזונג, ווי: מילך, פּוטער אדג״ל, וואָס מיט זייער הילף האָט זיך איינגעגעבן צו ראַטעווען דאָס לעבן פון אַ ריי קראַנקע" — שרייבט אין זיינע זכרונות ד״ר יצחק סער, וועלכער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן.[402]

די געזונטהייטס־אָפּטיילונג האָט אויך אָרגאַניזירט צוויי סטאַציעס פאַר גיכע הילף. זיי זענען געווען טעטיק דעם גאַנצן מעת־לעת. 7 אַפּטייקן האָבן געדאַרפט באַדינען די קראַנקע, אָבער אין זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט געפינען די נויטיקע מעדיצינישע מאַטעריאַלן אויף צו מאַכן רפואות.

דעם 31־טן מאַי 1940 ווענדעט זיך דער אָנפירער פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג, ד״ר ל. שיקער, מיט אַ בריוו צו רומקאָווסקין. ד״ר שיקער שרייבט, אַז אין די אַפּטייקן און שפּיטעלער איז אַ געוואַלטיקער דוחק אין מעדיצינען און ער נעמט אַראָפּ פון זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די פאָלגן. דער פאָרזיצער פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג האָט פאַרלאַנגט פונעם יודענעלטעסטען, ער זאָל זאָרגן פאַר באַקומען די נויטיקע מעדיקאַמענטן.

די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט נישט בלויז נישט־באַזאָרגט דאָס געטאָ מיט מעדיקאַמענטן, נאָר אויך צוגערויבט די רפואות, וואָס האָבן געהערט צום געטאָ. פאַר 4 אַפּטייקן: בזשעזשינער גאַס 56, אַלטשטאָט 9, אַלעקסאַנדער גאַס (לימאַנאָווסקיעגאָ) 37 און זגערזשער גאַס 54, האָט רומקאָווסקי באַצאָלט דער דייטשער מאַכט 40 טויזנט רייכסמאַרק. וועגן אופן פון איבערנעמען די אַפּטייקן האָט ש. גאָטליב, אַ הויזוועכטער אין געטאָ, פאָלגנדעס דערציילט אין זיין גבית־עדות:

„אַלס הויפּט־וועכטער אויף בזשעזשינער 24, האָב איך געאַרבעט פון 1־טן יאַנואַר 1940. אין יולי 1940 איז צו מיר געקומען רומקאָווסקי מיט שמוליק אייזמאַן און האָט געזאָגט, אַז ער האָט באַצאָלט 10,000 מאַרק פאַר דער אַפּטייק, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם הויז [?]. ביי מיר זענען געווען די שליסלען און רומקאָווסקי האָט מיך געהייסן עפענען די אַפּטייק. איך האָב מורא געהאַט, אַז די דייטשן זאָלן ביי מיר פאַר דעם נישט מאָנען, האָב איך זיך אַ ביסל געאַמפּערט און לסוף האָט מען גערופן דעם פּרעזעס פון הויז־קאָמיטעט, גורקאָ, און איך האָב די אַפּטייק געעפנט.

רומקאָווסקי האָט מיר געגעבן אַ מתנה 50 מאַרק, וועלכע איך האָב אָפּגענומען ביי יאַקובזאָנען. ער האָט מיר אויך געגעבן אַ צווייטן פּאָסטן, אַלס וואָזשנע אין פּאַפּיראָסן־מאָנאָפּאָל.

דער יודענעלטעסטער האָט די אַפּטייק צוגעשלאָסן, אויף מאָרגן געשיקט דעם אָנפירער פון דער אַפּטייק אויף לאַגיעווניצע 36 און אים געהייסן פּאַקן די מעדיקאַמענטן און אַוועקפירן.

די געטאָ־פאַרוואַלטונג [?] האָט זיך פון דעם דערוווּסט און געשיקט אירע מענטשן, וועלכע האָבן גענומען סאָרטירן און פּאַקן וויכטיקע מעדיקאַמענטן באַזונדער און די ווייניקער וויכטיקע באַזונדער. פינף קאַסטנס מיט בעסערע מעדיקאַמענטן האָט צוגענומען די געטאָ־פאַרוואַלטונג און די איבעריקע האָט מען אָפּגעפירט אין דער געטאָ־אַפּטייק אויף לאַגעווניצקע 30.״ *

* אין דער דאָזיקער גבית־עדות זענען פאַראַן בלויז צוויי טעותים. נעמלעך: די אַפּטייק האָט זיך געפונען נישט אויף בזשעזשינער 24, נאָר 56, ווי עס איז צו זען פון רומקאָווסקיס בריוו. קיין דייטשע „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט.

די 110 דאָקטוירים, וואָס האָבן זיך געפונען אין געטאָ, זענען אַלע גע־שטאַנען אין דינסט פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג און מיט גרויס מסירת־נפש באַקעמפט די קראַנקייטן, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט אין געטאָ באַלד אין די ערשטע חדשים פון זיין עקזיסטענץ, ווי: פלעק־טיפוס און דיזענטעריע.

ד״ר משה וואָלפסאָן, דער פאַרמלחמהדיקער פאָרזיצער פון „טאָז״, האָט, טראָץ זיין האַרץ־קראַנקייט און הויכן עלטער, געפירט אַן עקשנותדיקן קאַמף קעגן דער פאַרשפּרייטונג פון אַנשטעקנדע קראַנקהייטן. ווי דער אָנפירער פון דער סאַניטאַר־אָפּטיילונג האָט ער געזאָרגט פאַר דער ריינקייט אין געטאָ, וואָס איז ביי די שרעקלעכע וווינונגס־באַדינגונגען (ענגשאַפט, דאָס פעלן פון קאַנאַליזאַציע, אײן הויף־אוביקאַציע פאַר הונדערטער איינוווינער) געווען כמעט אומעגלעך אויפצוהאַלטן. די דאָקטוירים זענען אויך געגאַנגען אויף פּריוואַטע וויזיטן, אַ חוץ זייער אַרבעט אין די שפּיטעלער, אַמבולאַטאָריעס און גיכע־הילף.

די ווענדונגען פון ד״ר שיקער צו רומקאָווסקין וועגן באַזאָרגן מעדיקאַ־מענטן, האָט געהאַט די דאָזיקע פּעולה, וואָס דער יודענעלטעסטער האָט זיך געוואָנדן מיט אַ בריוו צום שטאָטישן געזונטהייטס־אַמט (דייטשן) וועגן דערלויבן צו ברענגען פון גענעראַל־גווערנעמענט אין ליטצמאַנשטאַטער געטאָ פאָלגנדע דאָקטוירים: 6 פּעדיאַטאָרן, 8 אינערלעכע, 2 כירורגן, 2 לאַרינגאָלאָגן, 1 רענטגענאָלאָג און 1 פּראָסעקטאָר. אין אַ צווייטן בריוו, „צו דער ערנעהרונגס־אונד ווירטשאַפטסשטעללע, געטטאָ״, בעט רומקאָווסקי מעדיצינען, „ווייל דאָס פעלן פון מעדיקאַמענטן ביים באַהאַנדלען די קראַנקע קאָן האָבן שווערע פאָלגן״.[403]

די דאָזיקע ווענדונגען פון יודענעלטעסטען זענען געבליבן פאַרלויפיק אָן ענטפער, ווייל די דייטשן זענען געווען פאַרינטערעסירט, אַז די יידן אין געטאָ־ליטצמאַנשטאַט זאָלן אומקומען פון הונגער און קראַנקהייטן. אין דער העכערער אָנפירונג פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט איז אַלץ נאָך געשטאַנען די פראַגע וועגן ליקווידירן דאָס געטאָ־ליטצמאַנשטאַט, וועלכעס האָט געהאַט אַ לעבנס־פאַרלענגערונג ביז אָקטאָבער 1940.[403א] דער איינציקער דייטש, וואָס האָט דערוויל, צוליב זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן געוואָלט אויפהאַלטן דאָס געטאָ, איז געווען האַנס ביבאָוו.

## ג. די טעטיקייט פון דער סאָציאַלער הילף — „עזרה״

אויך די אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף, וואָס האָט זיך גערופן מיט דעם טראַדיציאָנעלן נאָמען „עזרה״, האָט זיך אָרגאַניזירט באַלד נאָכדעם, ווי רומקאָווסקי איז דורך די דייטשן נאָמינירט געוואָרן אַלס יודענעלטעסטער. בראש פון דער „עזרה״ זענען דעמאָלט געשטאַנען די צוויי באַוווסטע לאָדזשער פאַבריקאַנטן —

סאַמועל פויסט און ווינדמאַן. די „עזרה" האָט זיך דעמאָלט בעיקר פאַרנומען מיט אויסצאָלן אונטערשטיצונגען — די פּרויען פון מאָביליזירטע זעלנער, וועלכע זענען נישט אַהיים געקומען, אינוואַלידן און די ביליקע קיכן.

אין געטאָ האָט די „עזרה" באַקומען דעם נאָמען אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף, אָדער „Fürsorge" — ווי זי הייסט אין די אָפיציעלע אַקטן. אויפן אָרט פון פויסט און ווינדמאַן, וואָס האָבן פאַרלאָזט לאָדזש, האָט מיט דער אָפּטיילונג אָנגעפירט זאַזשויער און מיט אים האָבן מיטגעאַרבעט: קראַסוצקי, פרידריך און בירנשטאָק. די עיקר טעטיקייט פון דער סאָציאַלער הילף איז באַשטאַנען אין געבן אונטערשטיצונגען אין נאַטור: בחנםדיקע זופּן אין די קיכן, פּאַרציעס ברויט און אויך קליינע געלט־אונטערשטיצונגען. פון דער סאָציאַלער הילף האָבן אויך געגנאַסן די קינדער־היימען, יתומים־הייזער, אינוואַלידן און קראַנקע, וואָס האָבן געדאַרפט אָנקומען אין די שפּיטעלער.

אין רומקאָווסקי־אַרכיוו האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן קיין פולע באַריכטן פון דער טעטיקייט פון דער סאָציאַלער הילף. לויט אַ באַריכט פון חודש אויגוסט 1940, זענען דורך דער סאָציאַלער אָפּטיילונג אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די קיכן — 285,382 מיטאָגן און פּראָדוקטן־אונטערשטיצונג פאַר 555 משפחות. דירה־געלט־אונטערשטיצונגען האָבן באַקומען 1,770 משפחות. די אויסגאַבן פאַר סאָציאַלער הילף אין דערמאָנטן חודש האָבן באַטראָפן 65,183 רייכסמאַרק. דערליידיקט זענען געוואָרן 95,475 פּערזאָן, וואָס באַטרעפט 59 פּראָצ. פון דער געטאָ־באַפעלקערונג.

לויט אַן אַלגעמיינעם באַריכט מיט רומקאָווסקיס אונטערשריפט, האָבן אַלע קיכן אין געטאָ אַרויסגעגעבן אין חודש אויגוסט: 219,583 פרישטיקן, 649,889 מיטאָגן, 58,082 קליין־מיטאָג און 7,200 אָוונטברויטן. עס זענען פאַרטיילט געוואָרן 12 טויזנט פּאַרציעס ברויט.

די דאָזיקע באַריכטן קומען נאָר פון איין קוועלע, נעמלעך — פון דער קאַסע און בוכהאַלטעריע פון דער סאָציאַלער־אָפּטיילונג.[404]

*

אַ וויכטיקע אינסטיטוציע אין געטאָ האָבן אויך געבילדעט די געטאָ־פייערלעשער און קוימענקערער.

יידישע פייערלעשער זענען שטענדיק געווען אין לאָדזש. דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע אין געטאָ, לעמל קויפמאַן, איז געווען אַ קאָמענדאַנט פון די פאַרמלחמהדיקע לאָדזשער־שטאָטישע פייערלעשער. אַ נייעס איז אָבער געווען פאַר יידן צו זיין אַ קוימענקערער. אַזאַ אָפּטיילונג פון קוימענקערער איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך משה גולבאַס. די קוימענקערער־גרופּע, 40 פּערזאָן, האָבן זיך רעקרוטירט פון די פאַכן: בלעכער, אַרבעטער ביי זדון־אויוונס און מויערער.



די מיטגלידער פון קוימענקערער־צעך

די ערשטע אַרבעט פון דער אָנפירונג פון „קוימענקערער־צעך" — דער־ציילט אין זיין גבית־עדות משה גולבאַס — איז באַשטאַנען אין אויפשטעלן אַ רשימה פון די אָביעקטן, וועלכע מ'דאַרף באַדינען. נאָך אַ געהעריקער קאָנטראָל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דעמאָלט (1940) האָט דאָס געטאָ געהאַט 135 גאַסן, 2187 הייזער, 43,180 קיכן און 16,223 קוימענס. „די אַרבעט פון די קוימענקערער איז געווען זייער אַ פאַראַנטוואָרטלעכע. אין יעדן צימער האָבן געוווינט אַ פּאָר משפּחות און יעדע פאַמיליע האָט געהאַט אַ באַזונדער קעכל. אַלע קיכן זענען געווען פאַרבונדן מיט אַ געמיינזאַמען לופט, אַזוי, אַז שרפות וואָלטן געווען אַן אָפטע דערשיינונג, ווען נישט די אַרבעט פון די קוימענקערער. צו די קוימענ־קערער האָט די יידישע באַפעלקערונג זיך באַצויגן מיט פולן צוטרוי".

כדי אויסצובילדן די יידישע קוימענקערער, האָט די דייטשע מאַכט אַריינ־געשיקט אין געטאָ דעם קוימענקערער־מייסטער סטאַניסלאַוו אורבאַנסקי. אויף דער אָנווייזונג פון די דייטשן האָט אורבאַנסקי באַקומען אַ גוט איינגעאָרדנטע און מעבלירטע וווינונג.

אָן שום ספק האָבן די פייערלעשער און קוימענקערער געהאַט אַ וויכטיקע פונקציע אין געטאָ. די פייערלעשער זענען אָבער אויסגענוצט געוואָרן דורך

רומקאָווסקי ווי אַ מין הילפס־פּאָליציי, ווען מ׳האָט געדאַרפט צעטרייבן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס.[405]

## ד. די קאָרעספּאָנדענץ צווישן מרדכי חיים רומקאָווסקי, האַנס ביבאָוו און די אָקופּאַציע־אַמטן

האַנס ביבאָוו, דער פּאַקטישער באַלעבאָס איבערן יידישן „וואָהנגעביט", האָט כמעט נישט באַזוכט זיין געטאָ־געשעפט. אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן און צו באַפעלן דעם יודענעלטעסטען, האָט ער, ביבאָוו, איבערגעגעבן דורך בריוו, אונטערגעשריבן פאַרקירצט — "B„. רומקאָווסקי האָט, ממילא, נישט געטאָרט פאַרלאָזן דאָס געטאָ און זיינע תשובות אויף ביבאָווס שרייבן און ווענדונגען צו דער „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטשטעללע, גהעטטאָ" — אויך דער־ליידיקט דורך בריוו, אונטערגעשריבן מיטן פולן נאָמען און געחתמעט מיטן רונדן סטעמפּל: „עלטעסטער דער יודען, געטאָ ליטצמאַנשטאַט".

אין די בריוו קומט לחלוטין נישט צום אויסדרוק די פּיינלעכע טראַגעדיע, וועלכע עס לעבן איבער די 160 טויזנט לאָדזשער יידן אונטער די שטרענג פּאָליצייאיש־באַוואַכטע דראָט־פּאַרצוימונגען, און נאָך וויניקער שפּיגלט זיך אָפּ אין דער קאָרעספּאָנדענץ די אכזריותדיקע באַציאונג פון די דייטשן צו די יידן. די בריוו מאַכן דעם איינדרוק ווי אַ געשעפטלעך־רויִקע קאָרעספּאָנדענץ צווישן דעם אינערלעכן פאַרוואַלטער פון יודענוואָהנגעביט און דעם פאַרטרעטער פון דער אַלגעמיינער צענטראַלער מאַכט פון דער שטאָט. בלויז צייטנווייז רייסט זיך דורך אַ טאָן אין אַ בריוו, וואָס ווייזט, אַז עפּעס איז נישט אַזוי פּשוט אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן די ביידע הערן. אַזאַ איז דער בריוו־וועקסל צווישן רומקאָווסקין, אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט און קאָמענדאַנט פון פּאָליציי־געפענגניש.

דעם 1־טן יוני 1940 שרייבט רומקאָווסקי צו דער ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, גהעטטאָ וועגן דערלויבן אַריינצוגעבן שפּייז די אַרעסטירטע אין ראַדאָגאָשטשער תפיסה און אין דעם געפענגניש אויף דער ראָבערט קאָך גאַס (שטערלינגאַ). ווי עס האָט זיך פּראַקטיצירט פאַרן שליסן דאָס געטאָ. „איצט איז עס נישט מעגלעך, ווייל קיין שום ייד האָט נישט קיין רעכט צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ".

דער אָבערבירגערמייסטער האָט געענטפערט רומקאָווסקין, אַז זיין בריוו איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם קאָמענדאַנט פון פּאָליציי־געפענגניש מיט דער אָנפראַגע ווי אַזוי צו האַנדלען.

אַ כאַראַקטעריסטישער בריוו־וועקסל צווישן רומקאָווסקיס נאָענטסטן מיט־

אַרבעטער מ. זאזשויער און די „רייכסבאַנקשטעללע ליטצמאַנשטאַט״ — האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַרכיוו פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג.

די „רייכסבאַנקשטעללע ליטצמאַנשטאַט״ האָט אין אַ בריוו פאַרלאַנגט פון זאזשויער, אַז ער זאָל אָפּגעבן די ווערט־פּאַפּירן און וואַלוטע (פוילישע דאָלאַר־הלוואה, טשעכישע קראָנען), וואָס געפינען זיך אין זיין באַזיץ. דערויף ענטפערט זאזשויער, אַז ער קאָן נישט צושטעלן די ווערט־פּאַפּירן, ווייל ער, „אַלס יודע ניכט פאָן דער געטטאָ הערויס דאַרף״.

די „רייכסבאַנקשטעללע, ליטצמאַנשטאַט״ האָט זיך געוואָנדן צום אויבער־בירגערמייסטער פון דער שטאָט, אַז דורך זיין פאַרמיטלונג זאָל די באַנק באַקומען די ווערט־פּאַפּירן און די טשעכישע קראָנען.

אין דעם ענין האָט זיך אַריינגעמישט רומקאָווסקי און אין אַ בריוו צו דער „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, געטטאָ״, האָט דער יודען־עלטעסטער געשריבן, אַז זאזשויער האָט „נאָך אין אָקטאָבער חודש 1939, איבער־געגעבן די ווערט־פּאַפּירן און די טשעכישע קראָנען דער אינדוסטריעלער־באַנק און דעם קעגנוואָרט האָט ער נאָך ביז היינט נישט באַקומען. די קוויטונגען פון די אָפּגעגעבענע ווערט־פּאַפּירן און וואַלוטע געפינען זיך אין זאזשויערס געשעפט ציגל־גאַס נומ׳ 8. מיטן געשעפט פאַרוואַלטעט דער „טרויהענדער״ הערבערט שטיינערט פון דער פירמע קאַרל שטיינערט.[406]

קאַרל שטיינערט איז געווען אַן אַלטע סאָלידע, דייטשע טעקסטיל־פירמע אין לאָדזש, וואָס האָט צענדליקער יאָרן געפירט געשעפטן מיט יידן און געהאַט ביז דער מלחמה יידישע אָנגעשטעלטע.

דעם 22־טן מאַי 1940 שרייבט ביבאָוו צו רומקאָווסקין, אַז ער זאָל תיכף דורכפירן אַ „ציילונג פון די פּערזאָנען, וועלכע געפינען זיך אין וואָהנגעביט דער יודען״. די ציילונג קאָן נישט געמאַכט ווערן דורך רשימות, ווייל זי וואָלט צו לאַנג געדויערט און זי מוז פאַרטיק ווערן ביזן 1־טן יוני.

אין אַ בריוו האָט רומקאָווסקי זיך אָפּגעבעטן צו פאַרלענגערן דעם טערמין פון דער „ציילונג״ אויף נאָך אַ וואָך, ד.ה. ביזן 6־טן יוני, אָבער אויך צו דער באַשטימטער צייט האָט דער יודענעלטעסטער נישט באַוויזן אויסצופירן ביבאָווס באַפעל. רומקאָווסקי האָט באַקומען פון ביבאָוון אַ שטרענגן פאַרוואורף מיט אַ וואָרענונג, אַז אַ ווייטערע פאַרשלעפּונג פונעם טערמין וועט אים צווינגען אָנצונעמען ענערגישע שריט.

דעם 16־טן יוני 1940, האָט רומקאָווסקי שריפטלעך געמאָלדן דער „ער־נעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, געטטאָ״, אַז ער האָט דורכגעפירט אַ פאָלקס־ציילונג, וועלכע האָט געגעבן פאָלגנדע רעזולטאַטן:

דעם 16־טן יוני 1940 האָבן אין געטאָ זיך געפונען:

טאַבעלע 4

| עלטער | | אַבסאָל. צאָל | פּראָצ. |
|---|---|---|---|
| קינדער פון 0—3 יאָר | יינגלעך | 3856 | |
| | מיידלעך | 3726 | |
| | צוזאַמען | 7582 | 4,7 |
| קינדער פון 3—14 יאָר | יינגלעך | 14,431 | |
| | מיידלעך | 14,175 | |
| | צוזאַמען | 28,606 | 17,4 |
| אַלגעמיינע באַפעלקערונגס־צאָל אין געטאָ | מענער | 72,536 | 45,92 |
| | פרויען | 85,425 | 54,08 |
| | צוזאַמען | 157,955 | 407 |

אין דער וויטערדיקער קאָרעספּאָנדענץ צווישן רומקאָווסקי, ביבאָוו און דייטשע אַמטן ווערן געבראַכט אַ ריי אינטערעסאַנטע פּרטים, וועלכע באַלייכטן די טעטיקייט פון רומקאָווסקין אין די ערשטע חדשים פון דער עקזיסטענץ פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ און די באַציאונג פון האַנס ביבאָוו צו זיין יודענ־עלטעסטען.

דעם 15־טן מאַי 1940 ווענדט זיך רומקאָווסקי צו דער „טרויהאַנד־שטעללע, נעבנשטעללע ליטצמאַנשטאַט“, אַז זי זאָל איבערגעבן די בענק אַן אָנווייזונג וועגן אויסצאָלן די אונטערשטיצונג פאַר יידן, וואָס עס איז באַשטימט געוואָרן דעם 12־טן אַפּריל 1940.

וואַרשיינלעך האַנדלט זיך דאָ אין עפּעס אַ פאַרנעפּלטע דייטשע פאַר־אָרדענונג וועגן קאָנפיסקאַציעס, וואָס גיט דאָס רעכט דעם פריערדיקן אייגנטימער פון קאָנפיסקירטן פאַרמעגן צו באַקומען געלט־אונטערשטיצונגען אויף מעדי־צינישער הילף, קוראַציע און אויך לויה־הוצאות. אַזעלכע סומען אין דער הויך פון 15—30 רייכסמאַרק אַ חודש, האָט די הט״א געהאַט דאָס רעכט אויס־צוצאָלן נאָר די אייגנטימער פון די „שפּער־קאָנטעס“, וואָס האָבן געהאַט גרעסערע סומען אויף זייער חשבון. צי די „טרויהענדער“ האָבן טאַקע געצאָלט און וויפיל — איז נישט באַוווסט.

פאַר דער ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, ד.ה. פאַר ביבאָוון איז דאָס געטאָ געווען אַ מין אָפּזאַץ־מאַרק. נישט שטענדיק האָט ביבאָוו געוואַרט ביז ער וועט באַקומען אַ באַשטעלונג פון רומקאָווסקין און נישט יעדע זיינע

באַשטעלונג איז מען נאָכגעקומען. דערפאַר אָבער האָט ביבאָוו אַליין פאָרגעלייגט רומקאָווסקין צו מאַכן געוויסע קניות. אין אַ בריוו פון 5־טן יוני 1940 ווענדעט זיך „די ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, גהעטטאָ" צו רומקאָווסקין, אַז ער זאָל קויפן שול־מכשירים, ווייל די יידישע קינדער איז דערלויבט געוואָרן צו באַקומען „שול־לערע".

רומקאָווסקי האָט אָנגענומען די דאָזיקע אָפּערטע און עס איז אַוועק אַ לאַנגע קאָרעספּאָנדענץ צווישן דעם יודענעלטעסטען, אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט, ביבאָוו און דער פירמע הערמאַן פאַבער אין דייטשלאַנד. אין רעזולטאַט פון דער קאָרעספּאָנדענץ האָט רומקאָווסקיס האַנדלס־אַמט איינגעקויפט אַ גרעסערע צאָל העפטן און שול־מכשירים.

דעם זעלבן חודש מיט עטלעכע טעג שפּעטער ווערט פאָרגעלייגט רומ־קאָווסקין אָפּצוקויפן אַ טראַנספּאָרט פון 4500 „יודענמיצען" (יידישע היטלען) צום פּרייז פון 2,50 ר"מ אַ שטיק. דאָס האָבן די דייטשן געהאַנדלט מיט די היטלען פון די אויסגעמאָרדעטע יידן אין די קלענערע שטעטלעך.

וועגן „מיצען" פאַר יידן איז פאַראַן נאָך אַ בריוו פון 15־טן אויגוסט 1940. ביבאָוו פאָדערט פון רומקאָווסקין, אַז ער זאָל איינפירן ספּעציעלע „מיצען" פאַר דער יידישער פּאָליציי (אָרדנונגס־דינסט) און דאָקטוירים. דער יודענ־עלטעסטער האָט דערויף געענטפערט, אַז מ'קאָן נישט מאַכן די היטלען, ווייל עס פעלט דער געהעריקער שטאָף, ווי נאָר עס וועט דערהאַלטן ווערן אַזאַ מאַטעריאַל וועלן געמאַכט ווערן די מיצען.[408]

אין די ווייטערדיקע „געשעפטלעכע" בריוו צו רומקאָווסקין לייגט פאָר ביבאָוו צו קויפן: 8,900 ק"ג פליסיקע זייף, ווייל האַרטע איז שווער צו באַקומען; „1־טאָפּזופ", וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין דייטשלאַנד. דעם זייף האָט דער יודענעלטעסטער אָפּגעקויפט און פון „איינטאָפּזופ" האָט ער זיך אָפּגעזאָגט.

ביבאָוו האָט נישט בלויז „געזאָרגט" פאַרן געטאָ, ער האָט אויך אַרויס־געוויזן גרויס רחמנות צו די פערד, וואָס שטעלן צו פּראָדוקטן פאַרן געטאָ. אין אַ בריוו צו רומקאָווסקין שרייבט ביבאָוו, אַז „עס מוז נעמען אַ סוף צום שלאָגן די פערד, וועלכע ברענגען פּראָדוקטן אין געטאָ". אַזוי ווייט איז געגאַנגען דער דייטשער רחמנות.

צווישן דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ איז אויך פאַראַן אַ כאַראַקטעריס־טישע לאָיאַליטעטס־דערקלערונג פון רומקאָווסקין צו דער בלוטיקער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן נאָכדעם, ווי ער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער קאַנצעלאַריע פונעם וואָכמייסטער יעגער. פאָרגעקומען איז עס אין יולי 1940.

אין געטאָ האָבן נאָך דעמאָלט געוווינט עטלעכע פּאָלאַקן, וואָס האָבן לויט אַ באַפעל פון דער דייטשער מאַכט געדאַרפט זיך איבערציען אויף דער אַרישער

זייט און דער יודענעלטעסטער האָט געמוזט זיי באַזאָרגן מיט פערד און וואָגן, וואָס ער האָט נישט געקאָנט צושטעלן. רומקאָווסקי איז געוואָרן אַרויסגערופן צום וואַכמייסטער יעגער, וועלכער האָט אַמטירט אויפן באַלוטער פּלאַץ. דער דייטש האָט נישט אָנגענומען די פאַרענטפערונג פונעם יודענעלטעסטען און האָט אים באַליידיקט און אַרויסגעטריבן פון זיין ביוראָ.

רומקאָווסקי האָט זיך שטארק דערשראָקן פאַר זיין טאַט און האָט זיך באַמיט צו פאַרלויפן דעם וועג. ער האָט זיך געווענדעט מיט אַ בריוו צו דער געשטאַפּאָ, זיך פאַרענטפערט און אַזוי געשריבן: „ווי ס'איז אייך גוט באַקאַנט, האָב איך אין דער גאַנצער צייט פון מיין טעטיקייט נישט באַקומען קיין שום פאַרוווּרפן. די מאַכט ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך פיר אויס יעדן באַפעל קאָרעקט און אויף הונדערט פּראָצענט". 409

אַזוי האָט מרדכי חיים רומקאָווסקי באַלד אין די ערשטע חדשים פון דער געטאָ־עקזיסטענץ דערקלערט זיין געטריישאַפט צו דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס האָט געמאָרדעט און באַרויבט די יידן און צוגעגרייט זייער פולשטענ־דיקער פאַרניכטונג. דער יודענעלטעסטער האָט טאַקע מיט עקשנותדיקער קאָנ־סעקווענץ אויסגעפירט יעדן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט ביז דער פולשטענ־דיקער פאַרניכטונג פון די 156 טויזנט לאָדזשער יידן, וואָס זענען אַריין אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט.

## ה. איינמאַנונג פון חובות און „פרעמדע זאַכן" ביי די געטאָ־יידן און ביבאָווס קאַמף קעגן אָננעמען פּריוואַטע באַשטעלונגען

בעת דעם רויבצוג אויף יידן, פאַרבינדן מיט רציחות און מאַסן־מאָרדן, וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט אין פעריאָד פון אָנהייב אָקופּאַציע ביזן אַריינטרייבן אין געטאָ — האָט זיך זיי דאָך נישט איינגעגעבן פולשטענדיק צו ענטאייגענען די יידן. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט וועגן דעם גוט געוווּסט און באַלד ווי דאָס געטאָ איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן, האָבן די דייטשן ווייטער גענומען פאַר־זעצן דעם רויב און די אויספּרעסונג פונעם פאַרמעגן ביי יידן.

צו דעם צוועק איז אויפגעשטעלט געוואָרן די „קריפּאָ"־אָפּטיילונג אין געטאָ און אין הערבסט 1940 — די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אונטער האַנס ביבאָווס אָנפירונג. אַ חוץ זיי זענען געווען נאָך פרעטענדענטן אויפן יידישן פאַרמעגן — די מלוכהשע און קאָמונאַלע אינסטיטוציעס פון עפנטלעכן דינסט, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער דייטשער פאַרוואַלטונג. זייערע אָנפירער האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אַלע פאַבריקן און אונטערנעמונגען פון יידישע אייגנטימער זענען „קאָנפיסקירט" געוואָרן און דאָך האָבן די דערמאָנטע אינסטיטוציעס זיך גע־וואָנדן צו דער דייטשער מאַכט, זי זאָל אויפמאָנען די חובות ביי יידן. דאָס

אייגענע איז געווען מיט די „טרויהענדער", וועלכע האָבן געמאָנט פון רומקאָווסקין, ער זאָל זיי אָפּגעבן די „בעשלאַגנאַהמטע" יידישע פאַבריקן, וואָס געפינען זיך אין געטאָ. אויך „אַרישע" אונטערנעמער האָבן געפאָדערט מ׳זאָל זיי צוריקגעבן זייערע מאַשינען, וועלכע זיי האָבן איבערגעלאָזט אין געטאָ.

אַזעלכע מאָנונגען פון חובות ביי יידן האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אין סוף אַפּריל 1940, ווען עס איז שוין געווען באַוווסט, אַז דאָס געטאָ ווערט אָפּגעשלאָסן. דעמאָלט האָט די מלוכהשע „סאָציאַלע פאַרזיכערונג" („אובעזפּיעשטאַלניאַ ספּאָלעטשנאַ") זיך געוואָנדן צום פּאָליציי־פּרעזידענט וועגן דערלויבן אירע עקזעקוטאָרן אַריינצוקומען אין געטאָ, כדי אויפצומאָנען ביי די יידן די אָפּצאָלן פאַרן פאַרזיכערונגס־אַנשטאַלט, וואָס באַטרעפן 2 מיליאָן ר"מ. די ווענדונג איז דעמאָלט אָפּגעוואָרפן געוואָרן, ווייל „אין פאַרשטענדעניש מיטן רעגירונגס־פּרעזידענט וועט אין דער פראַגע קומען אַן אַלגעמיינע רעגולירונג".

אין מאַי־חודש, שוין נאָכן שליסן דאָס געטאָ, מאָנט ווייטער די „אובעזפּיעטשאַלניע", אַז דער יודענעלטעסטער זאָל באַצאָלן די חובות פון דער קאָאָפּעראַציע פאָלקסשול. דערויף האָט רומקאָווסקי געענטפערט, אַז אַזאַ אינסטיטוציע איז אים נישט באַקאַנט און די „געמיינדע" טראָגט נישט פאַר איר קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אין אַ שפּעטערדיקן טערמין קומט אַ מאָנונג, אַז רומקאָווסקי זאָל צושטעלן אין דער „אובעזפּיעטשאַלניע" די איינצאָלונגען פון די „פאַרזיכערטע" אָנגעשטעלטע אין יתומים־הויז און „מושב זקנים". דער ענטפער: „די פראַגע איז שוין גערעגלט און ווערט באַהאַנדלט דורכן רעכטס־אַמט".

פאַקטיש זענען די יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער „אובעזפּיעטשאַלניע" באַלד ווי די דייטשן זענען געוואָרן דאָרט די באַלעבאַטים.

דער שטייער־אַמט אין ליטצמאַנשטאַט האָט נישט פאַרגעסן, אַז עס קומט אים חובות ביי יידן. אין אַ ווענדונג צו דער „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע" בעט דער שטייער־אַמט איינצומאָנען ביי די יידן די פאַרלעגענע חובות. נאָך אַ לאַנגער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט זיך געצויגן צוויי חדשים, איז פון דער „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע", ד.ה. פון ביבאָוון, דעם פאַקטישן באַלעבאָס איבערן געטאָ, געקומען אַ תשובה: ביי די איצטיקע אומשטענדן איז נישט מעגלעך איינצומאָנען די חובות. אין דער פראַגע מוז קומען אַן אַלגעמיינער באַשלוס און עס דאַרפן צוגעשטעלט ווערן גענויע דאַטן וועגן דער פּערזאָן אָדער אינסטיטוציע פון וועמען די שטייערן ווערן איינגעמאָנט. אויך די שטאָטישע גאַז־איינריכטונג, וואָס האָט געמאָנט פאַרלעגענע חובות, האָט באַקומען דעם זעלבן ענטפער.

די שטאָטישע געזונטהייטס־אָפּטיילונג האָט זיך דערמאָנט אין די אַלטע חובות, וואָס קומען פון יידן פאַר היילן זיך אין די שפּיטעלער און פאַרלאַנגט

פון דער „ווירטשאַפטסשטעללע, גהעטטאָ", אַרויפצולייגן אַ ספּעציעלן אָפּצאָל אויף די סחורה־ליפערונגען פאַרן געטאָ, כדי צו דעקן די חובות פון די יידן.

אין משך פון פרילינג און זומער ביז אָקטאָבער 1940 זענען געפירט געוואָרן די אונטערהאַנדלונגען צווישן די פאַרשידענע דייטשע אָקופּאַציע־אַמטן. האַנס ביבאָוו, ווי עס איז צו זען פון דער קאָרעספּאָנדענץ האָט מיט „הומאַנישע" מאָטיוון פאַרטיידיקט זיין געטאָ־געשעפט. לסוף איז געקומען די ענדגילטיקע תשובה פונעם דייטשן רעכטס־אַמט.

נאָך אַ גאַנצע ריי באַמערקונגען און אויפקלערונגען קומט דער ווערדיקט: מ׳קאָן נישט אויפמאָנען די חובות ביי יידן, ווייל קיין שום באַאַמטע (עקזעקוטאָרן) איז נישט דערלויבט צו באַטרעטן דאָס געטאָ. ביים יודענעלטעסטען קען מען גאָרנישט נעמען, ווייל אין געטאָ איז נישט פאַראַן קיין פאַרמעגנסווערטע זאַכן. פון געטאָ ווערט גענומען 15 פּראָצ. צושלאַג פאַר איינגעקויפטע סחורה, וואָס באַטרעפט 500.000 ר״מ חודשלעך, און איבערשטייגט שוין די סומע פון די יידישע חובות, וועלכע עס קומט דער שטאָט. פּריוואַטע חובות דאַרפן איינגע־מאָנט ווערן, אויב עס איז באַקאַנט דער אַדרעס פונעם בעל־חוב. דער יודענעל־טעסטער דאַרף אויפגעפאָדערט ווערן ער זאָל אָנגעבן די אַדרעסן פון די בעלי־חובות אָדער ער זאָל אַליין איינמאָנען ביי זיי די שולדן.

אויפן סמך פון דעם ווערדיקט האָט האַנס ביבאָוו, דעם 24־טן אָקטאָבער 1940, געגעבן זיין ענדגילטיקע תשובה מיט דער פאַרקירצטער אונטערשריפט „B", אַז „די פאַראַרעמונג פון די יידן האָט געמאַכט זייער גרויסע פאָרשריט, דען זינט דעם שליסן פון געטאָ, האָט פּאַקטיש קיין איין ייד נישט די מעגלעכקייט די מינדעסטע חובות צו צאָלן". [410]

דער כיטרער סוחר פון ברעמען האָט פאַרשטענדלעך דאָ אָפּגענאַרט זיינע „פאָלקסגענאָססען" און זיך אויך אַרויסגעשטעלט אַלס פאַרטיידיקער פונעם געטאָ. ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז אין געטאָ איז נאָך פאַראַן וואָס צו נעמען, אָבער ער אַליין האָט זיך געגרייט צו אַ ברייט־פאַרמאָסטענער רויב־אַקציע און האָט נישט געוואָלט האָבן קיין קאָנקורענטן. ביבאָוו האָט נישט געקאָנט אויס־מיידן די „קריפּאָ", וועלכע האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן יידישן פאַרמעגן אין געטאָ, אָבער מיט די שטאָטישע רויב־גיריקע דייטשע אַמטן האָט ער זיך לייכט אַן עצה געגעבן.

*

אין די זעלבע חדשים, ווען עס זענען געגאַנגען די אונטערהאַנדלונגען וועגן איינמאָנען די חובות ביי די געטאָ־יידן, זענען צו רומקאָווסקין געקומען אויך אַנדערע מאָנונגען, נעמלעך: דער יודענעלטעסטער זאָל אָפּגעבן דאָס „אַרישע פאַרמעגן", וואָס איז געבליבן אין געטאָ.

פון אַ פריערדיקן קאַפּיטל איז שוין באַקאַנט, ווי די „טרויהענדער" האָבן געמאָנט ביי רומקאָווסקין די איינריכטונג און מאַשינען פון דער יידישער פירמע געיער און דאַן די מאַשינען און אינסטרומענטן פון דער פיזיקאַליש־טעראַפּישער אָפּטיילונג. דער יודענעלטעסטער איז דורכגעקומען מיט די „טרויהענדער" דורך אָפּקויפן פון זיי די מאַשינען, מעדיצינישע און פאַבריקס־איינריכטונגען, וואָס האָבן זיך געפינען אין געטאָ.

נאָכן שליסן דאָס געטאָ זענען געקומען מאָנונגען פון פּאָלאַקן און דייטשן צו רומקאָווסקין, אַז ער זאָל אָפּגעבן דאָס אייגנטום, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין געטאָ. דער דייטשער פּלוש־פאַבריקאַנט זעמלער, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען אין האַנדלס־באַציאונגען מיט לאָדזשער יידן, האָט פאַרלאַנגט, אַז די יידן זאָלן אים אָפּגעבן אַ וועבעריי, וואָס איז באַשטאַנען פון 6 וועבשטולן און פאַרשידענע אַנדערע מאַשינען פאַר טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען. דער פּאָלאַק יוזעף ווילגאָווסקי האָט געמאָנט פאַרשידענע איינריכטונגען פון זיין שלאָסעריי.

די „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפּטסשטעללע, גהעטטאָ" האָט אויפגעפאָדערט רומקאָווסקין צוצושטעלן די זאַכן, וואָס זענען איבערגעבליבן אין געטאָ און זענען דאָס אייגנטום פון פערזאָנען, וועלכע געפינען זיך מחוץ געטאָ (פּאָלאַקן אָדער פאָלקסדויטשען). די תשובה פון דעם יודענעלטעסטען איז געווען, אַז לײדער האָט ער נישט געקענט ביזן אָנגעגעבענעם טערמין באַאַרבעטן די „אַנטרעגע", ווייל ער מוז „איינע קאָמיסיאָן פאָן פערטרויאונגסלויטע דאַמיט בעאויפטראַגען" און די פּאַסנדע מענטשן זענען פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן די לעבנסמיטל־פאַרטיילונג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין געטאָ. צום סוף פון זיין בריוו בעט רומקאָווסקי זיינע באַפעלסגעבער, זיי זאָלן געדולדיק צוואַרטן.

די רויב־גיריקע דייטשע אַמטן קאָנען אָבער נישט וואַרטן. די „טרויהאַנדשטעללע, ליטצמאַנשטאַט" פאָדערט ענערגיש פון רומקאָווסקין, אַז ער זאָל אַרויסגעבן אַלע מאַשינען און אַנדערע „קעגנשטענדע", וואָס געפינען זיך אין געטאָ. אויך ביבאָוו האַלט אונטער די דאָזיקע ווענדונג. דער אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט, דער הויפּטפירער פון דער „ערנעהרונגס־אונד ווירטשאַפּטסשטעללע, גהעטטאָ" דראָט דעם יודענעלטעסטן אָפּצושטעלן די לעבנסמיטל־ליפערונג, אויב רומקאָווסקי וועט נישט דורכפירן די אים געשטעלטע פאָדערונגען, נעמלעך: „אָפּגעבן די גיטער פון מענטשן, וואָס האָבן געוווינט אין געטאָ".

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, דורך בריוו, האָט רומקאָווסקי געבעטן די „ווירטשאַפּטסשטעללע" זי זאָל אים צושטעלן די שליסלען פון די „ראַומען", אין וועלכע עס געפינען זיך די „געפאָדערטע זאַכן" וועט ער אַלץ באַזאָרגן.[411]

אויך די דאָזיקע מאָנונגען פון פרעמדע גיטער האָבן געפונען זייער לעזונג ערשט סוף יאָר 1940, ווען די פירער פונעם דריטן רייך, וואָס האָבן

זיך פאַרנומען מיט דער יודענפראַגע האָבן אויפסניי פאַרלענגערט דאָס לעבן פון געטאָ. פון דעם אופן, ווי אַזוי ביבאָוו האָט פאַרענדיקט דעם ענין ווערט אויך קלאָר, אַז די מאָנונגען אָפּצוגעבן „פרעמדע גיטער", וואָס זענען געבליבן אין געטאָ, זענען, פונקט ווי די פאָדערונגען צו די יידן זיי זאָלן אָפּגעבן חובות — געווען פאַרמאַסקירט ווי דער אָנהויב פון אַ נייעם רויבצוג. דאָסמאָל קעגן די געטאָ־יידן. האָנס ביבאָוו האָט גענומען דעם ענין רעגולירן אויף זיין שטייגער, אַזוי, אַז דאָס איבערגעבליבענע יידישע פאַרמעגן זאָל דורכגיין דורך זיין האַנט.

אין אַ ווענדונג צו רומקאָווסקין פאַרלאַנגט ביבאָוו, אַז דער יודענ־עלטעסטער זאָל אים צושטעלן אַ גענויע רשימה פון די מאַשינען, וועלכע געפינען זיך אין געטאָ און זענען נויטיק פאַר די געטאָ־אונטערנעמונגען. אין דער רשימה דאַרפן אויך אָנגעגעבן ווערן די נעמען פון די דירעקטאָרן פון „הט"א", וואָס מאָנען די „פרעמדע גיטער".

דעם 22־סטן נאָוועמבער 1940 באַריכטעט רומקאָווסקי ביבאָוון, אַז ער האָט אין געטאָ רעגיסטרירט 129 ניי־מאַשינען. אונטער דער דאַטע פון 25־סטן נאָוועמבער געפינען מיר שוין אַ גענויעם באַריכט וועגן די אָרגאַניזירטע רעסאָרטן, צאָל מאַשינען אין זיי און די צאָל פון באַשעפטיקטע אַרבעטער. דעם באַריכט האָט רומקאָווסקי צוגעשטעלט דער געטאָ־פאַרוואַלטונג.[412]

אין דערזעלבער צייט בעט רומקאָווסקי ביי ביבאָוון, אַז ער זאָל עפענען דעם פאַבריקס־לאָקאַל, וועלכער געהערט דעם פאַבריקאַנט הערץ, וואָס איז פאַרחתמעט געוואָרן דורך דער „טרויהאַנדשטעללע". אין דער דערמאָנטער פאַבריק געפינען זיך מאַשינען, זיי קאָנען אויסגענוצט ווערן פאַר דער וועשעריי־אָפּטיילונג. ביבאָוו האָט געגעבן זיין הסכמה צו עפענען די פאַבריק און אַרויס־צונעמען די מאַשינען און אַריבערפירן זיי אין וועשעריי־רעסאָרט. אַזאַ דער־לויבעניש האָט רומקאָווסקי אויך באַקומען איבערצופירן מאַשינען אין טישלער־רעסאָרט.[413]

*

כדי ענדגילטיק אַריינצונעמען די געטאָ־ווירטשאַפט אין זיינע הענט, האָט ביבאָוו, אין די ערשטע חדשים פון זיין ממשלה איבערן געטאָ, געפירט אַ קאַמף קעגן דער „פריוואַטער איניציאַטיוו" פון רומקאָווסקיס צענטראַלע פון די אַרבעטס־רעסאָרטן, וואָס האָט געמאַכט אַלע באַשטעלונגען.

דעם 11־טן יוני 1940 שרייבט ביבאָוו צו רומקאָווסקין, אַז ביזן סוף חודש דאַרפן אָפּגעשטעלט ווערן אַלע פריוואַטע ליפערונגען פאַרן געטאָ פון פירמען, וואָס האַלטן אָן אַ קאָנטאַקט מיט געטאָ־איינוווינער. „אַלע זענדונגען מוזן געשיקט ווערן נאָר דורך דער דערנערונגס־צענטראַלע, געטאָ ליטצמאַנ־שטאַט.

ווייזט אויס, אַז רומקאָווסקי האָט זיך נישט צוגעפּאַסט צו דער דאָזיקער פאַראָרדענונג און אין די זומער־חדשים 1940 האָט די צענטראַלע פון די אַרבעטס־רעסאָרטן ווייטער אָנגענומען באַשטעלונגען פון „אַרישע" פירמעס און אויסגעמיטן ביבאָווס פאַרמיטלונג. דאַן קומט שוין אין חודש אָקטאָבער אַ שטרענגע פאַראָרדענונג פון ביבאָוון, וואָס פאַרבאָט דעם יודענעלטעסטען אָנצונעמען פון וועמען עס איז פריוואַטע אַרבעט פאַרן געטאָ. ביבאָוו שרייבט צו רומקאָווסקין: „אַרבעטס־כוחות אין געטאָ קאָנען באַשעפטיקט ווערן נאָר מיט דער הסכמה פון ה' ביבאָוו".

דערויף ענטפערט רומקאָווסקי, אַז די „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפט־שטעללע זאָל אים צושיקן אַן אויסצוג פון דעם דערמאָנטן פאַרבאָט, אַז ער זאָל אים קאָנען ווייזן די פּריוואַט־פּערזאָנען, וועלכע מאַכן באַשטעלונגען אין געטאָ.

אַ שטרענגער פאַרבאָט פון ביבאָוון איז געקומען אין סוף חודש נאָוועמ־בער 1940, ווען ביבאָוו האָט שוין געהאַט אָרגאַניזירט זיין געטאָ־פאַרוואַלטונג און איז געוואָרן דער אויסשליסלעכער הערשער איבערן געטאָ. אין דער פאַר־אָרדענונג שרייבט דער דייטש צו רומקאָווסקין, אַז פון היינט אָן נעמט ער צו ביי אים דאָס רעכט צו באַלעבאַטעווען איבער איינגעקויפטע און קאָנפיסקירטע סחורות אָן אונטערשיד פון מין, וואָס עס איז נויטיק פאַרן געטאָ. אַלץ מוז דערליידיקט ווערן דורך אַ באַדאַרפס־מעלדונג, צוגעשיקט צו ביבאָוון און דאַרף רעאַליזירט ווערן נאָר דורך זיין באַשטעטיקונג.

דעם 6־טן דעצעמבער 1940 חזרט ביבאָוו איבער נאָכאַמאָל דעם דאָזיקן פאַרבאָט אין אַ בריוו צו רומקאָווסקין און דערמאָנט צום ערשטן מאָל די „געטאָ־פאַרוואַלטונג", וואָס נאָר זי האָט רעכט צו מאַכן באַשטעלונגען פאַרן געטאָ.[414]



די בריקן אין געטאָ

די געטאָ־גאַסן זגערזשער און אַלעקסאַנדער, האָבן געפירט צו צוויי הויפּט־טראַקטן, וויכטיקע פאַר דער קאָמוניקאַציע מיט אַנדערע שטעט פון פוילן. דער פאַרקער פון די גאַסן איז דעריבער געווען „אַריש״ און די הייזער מיט די טראָטואַרן האָבן געהערט צום געטאָ, וועלכעס איז דורך דעם צעטיילט געוואָרן אויף 3 אָפּגעשלאָסענע קוואַרטאַלן, אָן וועלכער עס איז פאַרבינדונג. אַזאַ מצב האָט געשטערט די דייטשן אין דער באַוואַכונג פונעם געטאָ. אין הערבסט 1940 זענען דעריבער, אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט, אויפגעבויט געוואָרן 3 בריקן אין דער הויך פון איין שטאָק, וועלכע האָבן פאַרבונדן די באַזונדערע טיילן פונעם געטאָ. די בריקן, צו וועלכע עס האָבן געפירט טרעפּ, האָבן זיך געפינען: ביי דעם דורכגאַנג פון לוטאָמירסקע צום פּלאַץ קאָשטשעלנע, אויף אַלעקסאַנדער גאַס און זגערזשער.

אויף דעם בילד זען מיר איינע פון די דאָזיקע בריקן.

# דער אָרגאַניזירטער רויבצוג פון די דייטשע אָקופּאַציע־אַמטן אויף די יידן אין געטאָ

### א. די טעטיקייט פון „קריפּאָ" (קרימינאַל־פּאָליציי)

דער רויב פונעם יידישן פאַרמעגן, וואָס די אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש האָט דורכגעפירט אין הסכם מיט די פאַראָרדענונגען פון היטלערן און געריגגען — האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט ביי די טויערן פונעם געטאָ. די דייטשע מאַכט האָט דורך אירע אַגענטן גוט געוווסט, אַז די רייכע לאָדזשער יידן, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן אין געטאָ, האָט זיך איינגעגעבן אָפּצוראַטעווען סחורות און ווערט־זאַכן, צירונג און איידעלע מעטאַלן, מזומן געלט און אויסלענדישע וואַלוטע, וואָס די יידן האָבן ערגעץ־ווו אויסבאַהאַלטן. אויסצוגעפינען און אויסצופּרעסן די דאָזיקע פאַרמעגנס פון די יידן איז געווען די אויפגאַבע פון דער „קריפּאָ", וועלכע האָט אויפגעשטעלט אירע אַמטן אין יידישן „וואָהנגעביט" גלייך נאָכן שליסן דאָס געטאָ.

דריי גוט־אָרגאַניזירטע דייטשע פּאָליצייאישע פאָרמאַציעס האָבן געהאַט די אויפזיכט איבערן געטאָ: [illegible]" (שוץ־פּאָליציי), וועלכע האָט באַוואַכט דאָס געטאָ פון דרויסן; די [illegible]טאַפּאָ (געהיימע שטאַטספּאָליציי), וואָס האָט געהאַט די אויפזיכט איבערן געט[illegible] אייגנטלעך די פּאָליטישע אויפזיכט, און די „קריפּאָ" (קרימינאַל־פּאָליציי), וועמענס אויפגאַבע האָט געדאַרפט זיין, לויט דער באַגרינדונג פונעם קרימינאַל־אינספּעקטאָר בראַקען — צו באַאַרבעטן „די 250,000 יידן [?], וועלכע זענען מער אָדער ווייניקער קרימינאַל פאַראַנלאַגט".[415]

עס איז אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג, אַז די אַלע פּאָליצייאישע אַמטן און אויך די „געטאָ־פאַרוואַלטונג", וואָס איז אַנטשטאַנען ערשט אין אָקטאָבער 1940, האָבן זיך נישט געמישט אין די געזעלשאַפטלעכע ענינים פונעם יידישן „וואָהנגעביט", ווי לאַנג דאָס לעבן אין געטאָ האָט געהאַט זיין „נאָרמאַלן" גאַנג, ד. ה. ביז די דעפּאָרטאַציעס. די יידישע אונטערערדישע פּאַרטייען האָבן געפירט כמעט אַ האַלב לעגאַלע טעטיקייט. זיי האָבן אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן מיט רומקאָווסקין און אָרגאַניזירט אימפּרעזעס. יעקב נירנבערג, איינער פון די בונדישע אונטערערדישע טוער אין געטאָ־ליטצמאַנשטאַט, גיט אַפילו איבער אין זיינע זכרונות, אַז אין מארישין, אויף דער קאָלאָניע פון דער בונדישער יוגנט, איז געפייערט געוואָרן דער יובל פון דער פּאַרטיי און „אַרבעטער און רעוואָלוציאָנערע

לידער האָבן געקלינגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָס איז פאָרגעקומען נישט ווייט פון די דראָטן, וואָס האָבן פאַרצוימט דאָס געטאָ, אינגאַנצן 50 מעטער פון די וואַך־פּאָסטנס". לסוף, ווען די קאָלאָניע פון דער בונדישער יוגנט איז „דורך רומקאָווסקין אויפגעלייזט געוואָרן" — האָבן די „יוגנטלעכע אין געשלאָסענע רייען פאַרלאָזט זייער 9־טע סאָציאַליסטישע קינדער־רעפּובליק. אין יענעם אָוונט האָט זיך איבער די גאַסן פונעם געטאָ געצויגן אַ צוג פון 60 יוגנטלעכע מיט יידישע לידער, פון זייער באַליבטער היים מארישין צום טרויעריקן לעבן אין געטאָ".[416]

ווען מ'זאָל אַפילו אַרויסלאָזן פון דער שילדערונג די גוזמא, פון וועלכער עס זענען נישט פריי דאָס רוב זכרונות פון פּאַרטיי־טוער — בלייבט דאָך דער פאַקט, אַז די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך נישט געמישט אין די געזעל־שאַפטלעכע ענינים פונעם געטאָ־לעבן אַזוי לאַנג ביז זיי האָבן נישט געדאַרפט דורכפירן די דעפּאָרטאַציעס פון די יידן אין די טויטן־לאַגערן. באַזונדערס האָט זיך די דאָזיקע „נישט־אַריינמישונג" געלאָזט פילן אין די ערשטע חדשים אין פאַר־שלאָסענעם געטאָ, ווען מ'האָט די יידן געדאַרפט באַרויקן און איינשלעפערן נאָך דער שוידערלעכער בלוט־אָפּצאַפּונג, בעתן טרייבן אין געטאָ. אַפילו די קרימינאַל־פּאָליציי („קריפּאָ"), וואָס האָט געהאַט איר אָפּטיילונג און איר אַגענטן אינעם געטאָ גופא, האָט זיך נאָר פאַרנומען מיט אויסשפּיאָנירן יידישע פאַרמעגנס און עס איז איר לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען די פּאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון די געטאָ־יידן.

*

די „קריפּאָ", וואָס איז פּונקט ווי געשטאַפּאָ געווען אַ פּאָליצייאישע אָרגאַ־ניזאַציע פון תלינים, סאַדיסטן, האָט ווי אַלע דייטש־מערדערישע אַמטן פון דער היטלער־צייט אָנגעהויבן איר טעטיקייט שטיל, באַשיידן, פאַרמאַסקירט אַזוי, אַז „מתחילת האָט קיינער נישט געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט. אַ שרעק האָט אָנגעוואָרפן דאָס וואָרט „געשטאַפּאָ". אָבער „קריפּאָ — דאָס איז מסתמא גאָרנישט קיין בייז" — אַזוי האָט מען געטראַכט אין די זומער־חדשים אין לאָדזשער געטאָ. „דערפאַר האָט מען דאָס אָרגאַניזירן פון „קריפּאָ" אויפגענומען גאַנץ גלייכ־גילטיק. פאַקטיש אָבער איז זי געווען איינע פון די אָרגאַנען, וועלכע האָבן דורכגעפירט די ווייטערדיקע באַרויבונג פונעם לעצטן ביסל יידישן האָב און גוטס" — שרייבט ד"ר ל. שיקער אין זיינע זכרונות.[417]

די „קריפּאָ", ווי שוין באַקאַנט, האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט פון צונעמען די מאַשינען און מכשירים פאַר פיזיקאַליש־טעראַפּישער היילונג. דאָס איז פאָר־געקומען נאָך אין חודש מאַי 1940. אין חודש אויגוסט פון יענעם יאָר, האָט שוין ריכטער, איינער פון די הויפּטפירער פון „קריפּאָ", געקאָנט זיך באַרימען

אין אַ באַריכט, אַז „זייט אַ לענגערער צייט האָט די קרימינאַל־פּאָליציישטעללע, זאָנדעראָפּטיילונג געטאָ, אונטער דער לייטונג פון קרימ. אַב. אַסיסט. זיבערס, אַרויסבאַקומען פון די געטאָ־איינוווינער ווערט־זאַכן אין סחורות, גאָלד, בריליאַנטן און״ וו.[418]

די דאָזיקע ערשטע אַקציע פון דער אָרגאַניזירטער דייטש־פּאָליצייאישער רויבער־געזעלשאַפט, האָט צעקריגט אירע מיטגלידער. זיי האָבן באַלד ביים אָנהויב פון רויבצוג נישט געקאָנט זיך טיילן מיט די ווערטזאַכן: גאָלד, בריליאַנטן און וועב־שטאָפן, וואָס זיי האָבן דורך ברוטאַלן טעראָר אַרויסגעפּרעסט פון די יידן. די מחלוקה באַקומט איר אָפּשפּיגלונג אין אַ מעמאָריאַל, וואָס איינער פון די הויפּטבאַאַמטע אין „קריפּאָ״ האָט צוגעשטעלט צו אַ באַראַטונג פון די אָקופּאַציע־אַמטן.

## ב. די דייטשע שרעק פאַר דער אומרויקייט פון די „געטאָבעוואָהנער״

דער קרימינאַל אָבער־אַסיסטענט ריכטער שטעלט זיך אַרויס אין מעמאָריאַל צו די „בעשפּרעכונגען״ פון די אָקופּאַציע־אַמטן ווי אַ מליץ יושר פון די יידן און ווי אַ גרויסער מאָראַליסט. „דורך די קאָנפיסקאַציעס פון די סחורות, גאָלד און בריליאַנטן ביי יידן — שרייבט דער קרימינאַל אָבער־אַסיסטענט ריכטער אין זיין מעמאָריאַל — ווערט די דערנערונג פון די יידן געשטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן״. ער באַשולדיקט אָפן זיינע קאָלעגן, די באַאַמטע פון „קריפּאָ״, אַז זיי פאַרנעמען זיך מיט קאָנפיסקירן גאָלדזאַכן אדג״ל, און אַרויספירן זיי פון געטאָ אָן אַדורכגיין דעם „באַלוטער רינג״, ד. ה. די קאָנטראָל פון דער מאַכט.

דער אָנפירער פון דער „קריפּאָ״ ברענגט אין זיין מעמאָריאַל פאַקטן, ווי „קריפּאָ״־באַאַמטע גיבן אַרויס פאַלאַקן געפעלשטע דורכלאָז־שיינען, כדי מיט דער הילף פון די פאַלאַקן אַרויסצופירן ווערט־זאַכן פונעם געטאָ. ריכטער איז אויך באַאומרויקט, וואָס די וועבשטאָפן, וועלכע ווערן אַרויסגעפירט אין שטאָט גייען נישט דורך די געהעריקע דעזינפעקציע, „וואָס עס באַדייט אַ גרויסע געפאַר פאַר דער שטאָט, ווייל אַזוי אַרום קאָנען אַנשטעקנדע קראַנקהייטן אַריבערגעפירט ווערן״.

פון ריכטערס מעמאָריאַל דערוויסט מען זיך אויך, אַז רומקאָווסקיס טעטיקייט אין געטאָ, זיינע אויפטוען פאַר זיינע יידן, זענען געקומען פון אָנווייזונגען („אָנאָרדנונגען״), וואָס ער האָט באַקומען פון געשטאַפּאָ און פון דעם ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסאַמט. דאָס האָט די געשטאַפּאָ פאַראָרדנט, אַז

רומקאָווסקי זאָל עפענען אין געטאָ אַ באַנק אויף אָפּצוקויפן ביי יידן פאַר שפּאָט־ביליקע פּרייזן „גרויסע מענגעס פון וועב־סחורות, פעלצן, גאָלד אדג״ל, כדי זיי צו פאַרוואַרטן דורך דער ווירטשאַפטססטעללע, גהעטטאָ, צוליב דעם וואָס דער יודענעלטעסטער פירט דורך אַזוי פינקטלעך די פאַראָרדענונגען פון געשטאַפּאָ, זעט נישט דער אָנפירער פון דער קרימינאַל־פּאָליציי קיין שום „נויטווענדיקייט, אַז די סחורות זאָלן דורך „קריפּאָ״ קאָנפיסקירט ווערן, וואָס עס קאָן אַרויסרופן אַן אומרויקייט ביי די געטאָ־איינוווינער״.

נאָך אַלע זיינע „מאָראַלישע״ און געזעלשאַפטלעכע דערווידערונגען טרעט נישט אַרויס ריכטער קעגן באַרויבן די געטאָ־איינוווינער. ער האַלט נאָר, אַז די קאָנפיסקאַציעס פון גאָלד און דעוויזן זאָלן דורכגעפירט ווערן דורך די געהעריקע אַמטן און די „קריפּאָ״ זאָל איבערגעפירט ווערן אויפן באַלוטער רינג, כדי צו זיין אין פאַרשטענדיקונג מיט אַלע דינסטלעכע האַנדלונגען. [419]

אין דעם שטרייט — ווער עס זאָל געניסן פון דעם גערויבטן פאַרמעגן פון די געטאָ־יידן — האָט זיך אויך אַריינגעמישט ד״ר מאָזער, דער רעגירונגס וויצע־פּרעזידענט, וועלכער האָט אין אַן „אַקטעננאָטיץ״ פעסטגעשטעלט, אַז „אַלע ווערטזאַכן, ווי: ברילאַנטן, גאָלד, זילבער, פּלאַטין, פעלצן, טעקסטיל, פאַרצעלאַן און קרישטאָל־סחורות, וואָס קומען פון געטאָ, דאַרפן געברענגט ווערן אין די זאַמללאַגערן אויפן באַלוטער רינג״. אַלע זאַכן, אַ חוץ טעקסטיל־סחורות ווערן פאַרקויפט נאָכן דורכגיין אַ געהעריקע ביוראָ־פּראָצעדור. די טעקסטיל־סחורות, נאָכן דורכגיין אַ דעזינפעקציע, ווערן איבערגעגעבן דער „ליטצמאַנשטאַטער וואַרענהאַנדעלסגעזעלשאַפט״ פאַר אַ פאַרמלחמהדיקן פּרייז.

ד״ר מאָזער פאַרגעסט אויך נישט אין דער „יודענגעמיינשאַפט״, וועלכע מ׳דאַרף אונטערשטיצן מיט אַרבעט. די „וואַרענהאַנדעלסגעזעלשאַפט״ דאַרף די טעקסטיל־סחורות איבערגעבן אין די וואַרשטאַטן פון דעם עלטעסטען דער יודען און דאָרט זאָלן זיי איבערגעאַרבעט ווערן אויף קאָנפעקציע צום פאַרקויף.

דאָס דאָזיקע פּראָגראַם פון ד״ר מאָזער, דעם רעגירונגס וויצע־פּרעזידענט, איז אויך נישט דורכגעפירט געוואָרן, ווייל אין געטאָ איז געקומען אַ נייער דייטשער פאַקטאָר: ביבאָוו האָט געשאַפן די „געטאָ־פאַרוואַלטונג״, וואָס האָט אויך פּרעטענדירט אויפן רויב פונעם יידישן פאַרמעגן.

## ג. די „געטאָ־פאַרוואַלטונג״

דאָס לאָדזשער געטאָ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די דייטשן ווי אַ צייטווייליק „וואָהנגעביט״ פון די יידן, האָט געהאַט אַ לעבנספאַרלענגערונג נאָר ביז אָקטאָבער 1940. מיטאַמאָל איז אַריינגעטרעטן אַן ענדערונג און די דייטשע מאַכטהאָבער האָבן ווידער פאַרלענגערט דאָס לעבן פון געטאָ־ליטצמאַנ־

שטאָט אויף אַ ווייטערדיקן טערמין. די סיבה פון דער דאָזיקער ענדערונג איז געווען די צוגרייטונג צו דער מלחמה מיטן ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט געפאָדערט אַ גוואַלטיקע אָנשטרענגונג פון אַלע מיטלען פון דעם דייטשן מלחמה־פּאָטענציאַל. צוליבן פאַרלענגערן דאָס לעבן פון געטאָ־ליטצמאַנשטאָט האָט ביבאָוו באַקומען ברייטערע פולמאַכטן און ער איז צוגעטרעטן שאַפן אַן אייגענעם אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, וואָס זאָל אים צוהעלפן אין באַרויבן און עקספּלאָאַטירן די געטאָ־איינוווינער.

די „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, געטטאָ״, וועלכע האָט ביז אָקטאָבער אָנגעפירט מיטן יידישן „וואָהנגעביט״, האָט באַקומען דעם נאָמען „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ און ביבאָוו איז טיטולירט געוואָרן מיט „אַמטסלייטער״. די דאָזיקע נייע אָנפירונג מיטן געטאָ איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון די אָקופּאַציע־אַמטן, פון וועלכע ביבאָוו האָט זיך באַמיט צו באַפרייען דורך אַריינזעצן זיינע פאַרטרויאונגס־מענטשן אין דער געטאָ־פאַרוואַלטונג.[420]

די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון געטאָ האָט געבערענגט צו אַ ריי באַראַטונגען פון די אָנפירנדע אָקופּאַציע־אַמטן. די הויפּט־טעמע פון די דאָזיקע באַראַטונגען איז געווען: ווי אַזוי אַמבעסטן אויסצונוצן און צו באַרויבן די געטאָ־באַפעלקערונג ביי מינימאַלע אויסגאַבן אויף איר דערנערונג.

דעם 18־טן אָקטאָבער 1940 איז, אונטערן פאָרזיץ פון רעגירונגס־פּרעזידענט, פאַרגעקומען אַ „באַשפּרעכונג״ וועגן ווייטער פירן דאָס געטאָ. אין דער באַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט כמעט אַלע אָנפירער פון דער אָקופּאַציע־מאַכט אין ליטצמאַנשטאָט, נעמלעך: רעגירונגס־פּרעזידענט ד״ר מאָזער, רעגירונגס־ראַט באור, פּאָליציי־פּרעזידענט ד״ר אַלבערט, בירגערמייסטער ד״ר מאַרדער, אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאָט ד״ר מאַלדענהאַוער, הערר ביבאָוו און רעגירונגס־ראַט — פאָן הערדער.

אין אַריינפיר צום „זיצונגספּראָטאָקאָל״ ווערט פעסטגעשטעלט, אַז „דאָס געטאָ אין ליטצמאַנשטאָט, מוז ווייטער עקזיסטירן און אַלע כוחות מוזן געברענגט ווערן אין באַוועגונג, אַז דאָס געטאָ זאָל זיך אַליין אויסהאַלטן״.

די דאָזיקע באַראַטונג פון די העכסטע דייטשע אָנפירער פון דער אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש, האָט מיט אירע באַשלוסן אָנגעצייכנט דעם גאַנצן פיינלעכן וועג פון לאָדזשער געטאָ, וואָס האָט געפירט צו דער טיילווייזער פאַרניכטונג פון אירע איינוווינער דורך שווערער אַרבעט, הונגער און אין זיין רעזולטאַט — עפּידעמישע קראַנקהייטן. די באַראַטונג האָט אויך באַשטימט די פאַרניכטונג פון די יידישע ישובים אין לאָדזשער אומגעגנט, וועמענס איינוווינער דאַרפן אַריינגעפירט ווערן אין דעם ענגן לאָדזשער געטאָ. אָט זענען די באַשלוסן לויט דעם

פּראָטאָקאָל פון די „באַשפּרעכונגען", וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַרכיוו פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג:

1. די גאָלד־ און יוועליר־זאַכן, וועלכע זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון געטאָ, דאַרפן פאַרהאַנדלט ווערן אין פרייען פאַרקויף, וואָס וועט אַריינברענגען פון 1—1,3 מיליאָן רייכסמאַרק; 2. פאַרשטענדיקן זיך מיט דער הט"א, אַז די פאַבריקס־לאָקאַלן, מאַשינען, רוישטאָף, וואָס געפינען זיך אין געטאָ און זענען נויטיק פאַר דער יידישער פּראָדוקציע — זאָלן פאַרווענדט ווערן צו דעם צוועק. דער יודענעלטעסטער דאַרף אויפגעפאָדערט ווערן, ער זאָל פלעגן די מאַשינען, וואָס קומען נישט אין באַוועגונג; 3. דאָס ברענגען יידן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ דאַרף אויפגענומען און באַנייט ווערן; 4. די געטאָ־פאַרוואַלטונג ביים „אָבערבירגערמייסטער אין ליטצמאַנשטאַט דאַרף איבערנעמען די אָנפירונג מיט די יודענפאַרוואַלטונגען אין רעגירונגס־באַצירק [לאָדזשער ראַיאָן]. עס קומען קודם כל אין באַטראַכט די פאַך־כוחות פון לעווענשטאַט [בזשעזשין] און פּאַביאַניץ". די דאָזיקע פאַך־כוחות מוזן ווי געהעריק אויסגענוצט ווערן און דער ריוח פון די פאַרדינסטן זאָל גיין אויף אויסצוהאַלטן דאָס געטאָ אין ליטצמאַנשטאַט.

„נעמענדיק אין אַכט די דאָזיקע רעגולירונג, דאַרף ביים אָבערבירגערמייסטער אין ליטצמאַנשטאַט געשאַפן ווערן אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פאַר דער פאַרוואַלטונג פון געטאָ, וואָס וועט זיך געפינען אין רשות פון אָבערבירגערמייסטער".[421] דערויף האָט דער אָבערבירגערמייסטער ד"ר מאַרדער דערקלערט, אַז אַזאַ אָפּטיילונג איז פאַראַן — די געטאָ־פאַרוואַלטונג.

אין רעזולטאַט פון די אויבנגעבראַכטע באַשלוסן פון די העכסטע אָנפירער פון דער אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש, האָט די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אַריינגענומען אין איר רשות אויך די געטאָס פון די שטעטלעך נעבן לאָדזש. אין אַ שפּעטערן טערמין וועט די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" פון ליטצמאַנשטאַט איבערנעמען די אָנפירונג איבער אַלע געטאָס פון „וואַרטעגאו" און וועט דיספּאָנירן מיט איין גרויסער אונטערנעמונג פון 400 000 יידן, וועלכע ווערן באַרויבט, שקלאַפיש אויסגענוצט, פאַרפייניקט און די רעשט ווערט אָפּגעשיקט אין די טויטן־לאַגערן. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ביים אָננעמען די דאָזיקע באַשלוסן קומט ווייטער צום אויסדרוק דער פחד פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט פאַר די אומבאַוואָפנטע, צעפּערטלטע געטאָ־יידן. אויף די דערמאָנטע „בעשפּרעכונגען" האָט דער פּאָליציי־פּרעזידענט ד"ר אַלבערט דערקלערט, אַז ער האָט צו ווייניק פּאָליציי־כוחות צו דער איבערוואַכונג, אַפילו ווען ער האָט פון 4 ביז 5 מאַן אויף הונדערט יידן. ער וועט דעריבער שטעלן אַ פאָרשלאַג וועגן העכערן זיין פּאָליציי־קאָנטינגענט".[422]

## ד. האַנס ביבאָוו און זיין קאַמף מיט דער „קריפאָ״ פאַר באַקומען יידיש פאַרמעגן

נאָכדעם ווי ביבאָוו האָט באַקומען אין זיין רשות די „געטאָ־פאַרוואַלטונג״, האָט ער אויפגענומען אַ קאַמף מיט דער „קריפאָ״ פאַר ווערן אַליין דער אויס־שליסלעכער באַלעבאָס איבער דעם יידישן פאַרמעגן אין געטאָ. דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן און ער האָט געמוזט איינגיין אויף אַ פשרה מיט די „קריפאָ״־לייט. די דאָזיקע פשרה איז דערגרייכט געוואָרן דורך אַ „בעשפּרעכונג״ צווישן דער געטאָ־פאַרוואַלטונג און קרימינאַל־פּאָליציי, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 23־סטן אָקטאָבער 1940. אין דער „בעשפּרעכונג״ האָבן זיך באַטייליקט: „דער דיפּלאָמירטער קאַופמאַן ביבאָוו, קרימינאַל־דירעקטאָר ד״ר צירפּניס און דער קרימינאַל־סעקרעטאַר קעלם״.

די דאָזיקע פאַרטרעטער פון די צוויי דייטשע רויב־קערפּערשאַפטן זענען געקומען צו אַן איינהייטלעכן באַשלוס: „אַלע אין געטאָ קאָנפיסקירטע זאַכן — סחורות, גאָלד און צירונג, דעוויזן, ווערטפּאַפּירן און מזומן־געלט, ווי אויך אַזעלכע זאַכן, וואָס וועלן אין ליטצמאַנשטאַט געפינען ווערן און געהערן צו די געטאָ־יידן — ווערן דורך דער ווירטשאַפטסשטעללע, „קריפאָ״ איבערגעגעבן דער געטאָ־פאַרוואַלטונג און נישט דער ליטצמאַנשטאַטער וואַרענהאַנדעלסגעזעלשאַפט״. די געטאָ־פאַרוואַלטונג זאָגט זיך אָפּ פון דורכפירן אייגנהענטיקע קאָנפיסקאַציעס.

די „בעשפּרעכונגען״ האָבן אויך באַהאַנדלט דעם אנטראג״ פון די קרי־מינאַל־פּאָליציי באַאַמטע, וואָס זענען טעטיק אין געטאָ, זיי זאָלן באַקומען יעדער אַן אַנצוג און אַ מאַנטל, „ווייל די רעוויזיעס אין די פאַרוואָרלאָזטע יודענוואָהנונגען ברענגט צו דער אָפּנוצונג פון דער קליידונג״. די קרימינאַל־פּאָליציי האָט אויך פאַרלאַנגט, אַז איר געהאַלט זאָל אויסגעגלייכט ווערן מיט דעם געהאַלט פון די שטאָטישע אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט אין געטאָ. די געטאָ־פאַרוואַלטונג האָט אַרויסגעוויזן איר ברייטהאַרציקייט און דערקלערט, אַז זי איז גרייט נאָכ־צוקומען די פאַרלאַנגען פון דער קרימינאַל־פּאָליציי, ווייל דאָס וועט ברענגען צו איר פלייסיקער אַרבעט און דערמיט וועלן פאַרגרעסערט ווערן די הכנסות פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג. בכלל איז די „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ נישט קעגן דעם, אַז „קרימינאַל־באַאַמטע, וואָס רעפלעקטירן אויף געוויסע קאָנפיסקירטע זאַכן, זאָלן קאָנען זיי אָפּקויפן פאַר אָפּגעשאַצטע פרייזן״.[423]

אַזוי איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער אָפּמאַך צווישן די דייטשע גזעצלעכע רויבער־געזעלשאַפטן — „קריפאָ און „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרשטאַרקטער רויבצוג אויף די יידן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט. דער צושטאַנדגעקומענער אָפּמאַך האָט אָבער נישט אויסגעמיטן ווייטערדיקע רייסענישן צווישן דער „קריפאָ״, געטאָ־פאַרוואַלטונג און אַנדערע דייטש־

אָקופּאַנטישע געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט דורכקומען צווישן זיך איבער דער חלוקה פונעם יידישן פאַרמעגן.

פאַר די געטאָ־יידן האָט די מחלוקה צווישן די דייטשן נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג. אין די „קריפּאָ"־קעלערן, אין דעם געוועזענעם גלחישן הייזל („פּלעבאַניע") נעבן דער קירכע פון דער הייליקער מאַריאַ, די יונג־פרוי — האָט זיך פאַר די געטאָ־יידן געעפנט אַ נייער גיהנום פון די שרעקלעכסטע פּיינען און טאָרטורן, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעווענדעט אויף אַרויסצופּרעסן דאָס לעצטע פאַרמעגן פון די יידן. פיל געטאָ־יידן זענען דאָרט פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט. די שרעק פאַר דער „זאָנדער־אָפּטיילונג קריפּאָ" האָט יידן דערפירט צו דער העכסטער פאַרצווייפלונג. „גאָטהעלף, אַ געוועזענער סוחר איז, נאָכן באַקומען אַן איינלאַדונג צו מעלדן זיך אין דער „זאָנדער־אָפּטיילונג קריפּאָ", באַגאַנגען זעלבסטמאָרד; ליבערמאַן האָט אין מיטן גאַס אויפן וועג אין „זאָנדער־אָפּטיילונג" — באַקומען אַ האַרצשלאַג". אַזעלכע פאַלן זענען געווען פיל.

געווען אויך פאַלן, ווען „קריפּאָ"־אַגענטן האָבן בעת רעוויזיעס פּשוט באַגנבעט די באַלעבאַטים פון דער וווינונג. אין אַ בריוו צו דער „ערנעהרונגס־אונד ווירטשאַפטסשטעללע" פון חודש סעפּטעמבער 1940 קלאָגט זיך רומקאָווסקי, אַז ביים דורכפירן אַ רעוויזיע ביים דאָקטאָר וויקטאָר מיללער, האָבן קריפּאָ־אַגענטן צוגענומען אַ גאָלדענעם זייגער, צוויי לאָרנעטן און 300 רייכסמאַרק געלט.[424]

## ה. אויף צוואַנגס אַרבעט מחוץ געטאָ

אַ חוץ די דאָזיקע „קריפּאָ"־פּורעניות, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד נאָכן שליסן דאָס געטאָ, האָט נאָך ווייטער אָנגעהאַלטן די צוואַנגס־אַרבעט. דער געטאָ־אַרבעטסאַמט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, האָט געמוזט אויף דער פאָדערונג פון דער דייטשער מאַכט צושטעלן אַ געוויסן קאָנטינגענט אַרבעטער אויסצופירן אַרבעטן מחוץ געטאָ.

לויט רומקאָווסקיס באַריכטן צו דער „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטס־שטעללע, געטטאָ", האָט די יידישע געמיינדע, דעם 7־טן יוני 1940 צוגעשטעלט אַרבעטער פאַר דער דייטשער מאַכט: 424 מענער, 40 פרויען און 152 האַנט־ווערקער". דעם 19־טן יוני האָבן געאַרבעט מחוץ געטאָ — 225 מענער, 50 פרויען און 75 האַנטווערקער,

געווען אויך פאַלן פון כאַפּן אַרבעטער אין געטאָ גופא און אַרויספירן זיי אויף אַרבעט אין דער שטאָט.

דער חזן יחיאל וואָלף האָט איבערגעגעבן אין אַ גבית־עדות:

„דאָס איז געווען גראָד אין אַ שבת, ווען מ'האָט מיך געכאַפּט אויף

אַרבעט. אַן אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס נומ׳ 36. איך בין גראָד געווען ביי מיין קראַנקן פעטער, האָט זיך די טיר האַסטיק גע־עפנט און ס׳זענען אַריינגעקומען צוויי פאָלקסדויטשן מיט שפּיצרוטן אין די הענט.

אַזוי ווי די ווילדע קעץ זענען זיי אונדז באַפאַלן און אַרויסגעטריבן אַלע, וואָס זענען געווען אין שטוב. אונטער אַ האָגל פון קנוטעס, קלעפּ און פוס־שטויסן, האָט מען אונדז אַריינגעפּאַקט אין אַ קליינעם אויטאָ. מיר האָבן זיך דאָרט געפונען איבער 20 מאַן. מ׳האָט נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם, ס׳האָט געשטיקט. דאָס האַרץ האָט געזעצט אַזוי ווי מיט האַמערס, אַ שוויס האָט באַגאָסן דאָס לייב.

אַ פּאָר מאָל האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט, מ׳האָט געמיינט, אַז מ׳לאָזט אונדז אַרויס, אָבער ווען דער אויטאָ איז ווייטער געפלויגן, איז אויף יעדן פון אונדז אָנגעפאַלן אַ מוראדיקע שרעק: ווער ווייס, וואָס מ׳וועט מיט אונדז טאָן.

נאָך אַ פּאָר שעה פאָרן איז דער אויטאָ געבליבן שטיין. מיר האָבן געזען דריי אַזעלכע אויטאָס, איינער נעבן דעם צווייטן. צוזאַמען זענען מיר געווען איבער 60 מאַן. צוויי דייטשן האָבן אונדז געפירט. איך האָב געזען, אַז מיר גע־פונען זיך ביי דער קאַלישער באַן־ליניע.

די פאָלקס־דייטשן מיט שפּיצרוטן און מיט גרויסע הינט האָבן זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט: זיי האָבן אונדז געקאַפּעט און געשלאָגן, געהייסן שפּרינ־גען אויף די הויכע וואַגאָנעס, וואָס זענען געווען פול מיט פאַרשידענע פּראָדוקטן: פּאָמעראַנצן, ציטרינען, צוקער, מעל און אַנדערע זאַכן. דאָס האָט מען באַדאַרפן אויפלאָדענען אויף ליידיקע אויטאָס.

מיט יעדן אויטאָ זענען מיטגעפאָרן גרופּעס צום אויסלאָדענען. מ׳האָט נישט געטאָרט פאַרלירן קיין איין מינוט צייט. מ׳האָט כסדר געהערט שרייען: „ווייטער, ווייטער מאַכן". מ׳האָט געמוזט יאָגן מיט דער אַרבעט, כדי מ׳זאָל נישט קריגן געקאַפּעט אָדער איבערן קאָפּ מיט אַ שפּיצרוט. אַזוי האָט מען אָפּגעאַרבעט ביז 6 פאַרנאַכט אָן עסן, אָן אַ ביסל וואַסער.

נאָך דער אַרבעט האָט מען אונדז צוזאַמענגערופן און אויסגעשטעלט צו 5 אין אַ ריי, מ׳האָט אונדז באַקוקט, צי מ׳איז אָפּראַזירט, צי מ׳טראָגט נישט קיין פּיאות. ווער ס׳האָט געהאַט פּיאות און נישט געווען ראַזירט, דעם האָט מען שרעקלעך געפּייניקט און מיט אַ פריזיער־מאַשינקע אָפּגעשוירן און מיטגעריסן שטיקער פלייש.

דערנאָך האָבן די דייטשן געפרעגט, ווער ס׳טראָגט אַ ציצה־כנפות. מיר האָבן געמוזט צוזאַמענעמען אַלע ציצה־כנפות׳ן, געלייגט אויף אַ קופּע און אַליין געמוזט זיי פאַרברענען. די דייטשן האָבן דערביי געחוזקט און געלאַכט, געהייסן אונדז טאַנצן און דערנאָך זינגען דאָס ליד: „מיין שטעטעלע בעלז".

מיט איינמאָל האָבן זיי געהייסן לויפן און אונדז שרעקלעך געיאָגט, אָנגע־רייצט אויף אונדז די ווילדע הינט, וועלכע האָבן אויסגעביסן שטיקער פלייש. ווען איינער איז געפאַלן, האָבן זיי אים צעקאָפּיעט ביז בלוט. דאָס בלוט איז פון אונדז גערונען. די געשרייען און געוואַלדן זענען געווען שרעקלעך.

נאָך אַ שעה פּייניקן האָט מען אונדז ווידער אויסגעשטעלט און געמאַכט מיט אונדז פאַרשידענע גימנאַסטיק. יעדער האָט באַקומען צוויי פּעטש און אַ קאָפּיע, דערביי האָבן די דייטשן מיט חוזק דערקלערט, אַז דאָס קומט אונדז פאַר דער אַרבעט און איצט — „אַהיים צו הויזע".

ווען מ'איז געגאַנגען באַוואַכט איבער די אַרישע גאַסן, באַצירט מיט די געלע לאַטעס, האָבן די דורכגייערס געלאַכט פון אונדז. מיר האָבן געזען, ווי מענטשן זיצן אין די צוקערניעס, ווי מאַמעס פירן זייערע קינדער אין שפּאַציר־וועגעלעך און דאָס קליינוואַרג פאַרווילט זיך מיט שפּילצייג אין די הענט. דאָס האַרץ איז צעריסן געוואָרן פון אומבאַהאָלפנקייט.

מיט געשוואָלענע הענט און ווונדן אויפן גאַנצן קערפּער, האָט מען אונדז צוריק אַריינגעלאָזט אין געטאָ." [425]

.24

# סאָציאַלער אויפבּרויז און קלאַסן־קאַמף

## א. סאָציאַלער מצב אין געטאָ אין די זומער־חדשים 1940

אין די זומער־חדשים 1940 האָט אין געטאָ זיך גענומען אויסבּילדן אַן אייגנאַרטיקע סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור, וועלכע האָט געהאַט אין זיך אַלע אַטוטן פון אַ נאָרמאַל פונקציאָנירנדער געזעלשאַפט, נאָר אין אַ משונה־דיק פאַרקריפּלטער פאָרם, וואָס האָט נישט צו זיך קיין גלייכן אין דער געשיכטע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

אין געטאָ איז פאָרגעקומען אַן „אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל", וואָס איז דערגאַנגען צו דער העכסטער קאָנצענטראַציע. דאָס „קאַפּיטאַל" האָט באַקומען 1 באַלעבאָס — רומקאָווסקי. אין די זומער־חדשים 1940 האָט רומקאָווסקי דיס־פּאָנירט מיט אַ גאַנץ באַדייטנדן קאַפּיטאַל, לויט די געטאָ־פאַרהעלטנישן.

לויט דעם באַריכט פון 27־סטן אויגוסט 1940, וואָס איז צוגעשטעלט גע־וואָרן „דעם הערן רעגירונגספּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאַט", האָט „דער עלטעס־טער דער יודען פאָלגענדע באַר־ אונד זאַכלייסטונגען צו גונסטען דעס ערנעה־רונגס קאָנטאָס געלייסטעט":

| | | |
|---|---|---|
| 1. רייכסמאַרק־צאָלונג דורך דעם יודענעלטעסטען . . . | 4,876,315,94 | ר"מ |
| 2. נדבות פון אויסן צו אונטערשטיצן די יידן . . . | 140,175,43 | " |
| 3. יידישע פאָדערונגען דורך מיר איינגעצויגן * . . | 29,429,43 | " |
| 4. באַשטעטיקונג פאַר אַרבעטסלוין . . . . | 15,700,75 | " |
| 5. הכנסה פון דעוויזן: | | |
| א. גאָלד־דאָלאַר . . . . . . . | 209,75 | |
| ב. אויסטויש פון אויסלענדישע באַנקנאָטן . . | 1,076,08 | |
| צוזאַמען | 5,062,907,38 | ר"מ |

* וואַרשיינלעך האַנדלט זיך דאָ וועגן חובות, וואָס איז געקומען די יידן פון געטאָ, אָדער געוויסע סומען באַקומענע פון די „פאַרפרוירענע" יידישע קאָנטעס אין די בענק.

6. **ווערטזאַכן:**

| | | |
|---|---|---|
| א. גאָלד: צירונג — חתונה־רינגען, זייגערס, ברוך־גאָלד, שמעלץ־גאָלד אאז״וו | 933 | שטיק |
| ב. פּלאַטין: רינגען און ברושפּלאַטין | 12 | ״ |
| ג. זילבער: צירונג, לייכטער, באַשטעק, זייגערס אדג״ל | 1310 | ״ |
| ד. בריליאַנטן: געפאַסטע און אומגעפאַסטע | 23 | ״ |
| ה. פּערלקייטן | 1 | ״ |
| ו. פּעלצן: אילטיס, פישאָטער, פּערסיאַנער, פאַקען אאז״וו | 906 | ״ |
| ז. פּעלצמאַנטל | 15 | ״ |
| ח. טעפּיכער און בריקען | 15 | ״ |

צו דעם באַריכט גייט צו אַ באַמערקונג, אַז די ווערטזאַכן זענען געוואָרן אָפּגעליפערט אָבער נישט פאַרווערטעט געוואָרן.[426]

די אונטערשריפט אויף דעם דאָקומענט איז נישט לעזבאַר, אָבער ער גיט אונדז אַ באַגריף מיט וויפיל געלט דער יודענעלטעסטער פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט האָט דיספּאָנירט באַלד אין די ערשטע חדשים פון דער עקזיסטענץ פונעם געטאָ. די ווערטזאַכן, וועלכע דער באַריכט דערמאָנט זענען דורך דער רומקאָווסקי־באַנק אָפּגעקויפט געוואָרן פון יידן, וואָס זענען פאַר דער מלחמה געווען רייך און האָבן פון זייער פאַרמעגן אָפּגעראַטעוועט נאָר די קאָסטבאַרקייטן, וואָס מ׳האָט געקאָנט נעמען מיט זיך און אין געטאָ געמוזט פאַרקויפן, כדי צו קאָנען עקזיסטירן אָדער צוליב מורא פאַר קאָנפיסקאַציעס פון „קריפּאָ״.

*

דער אויבן געבראַכטער באַריכט ברענגט נאָר אַ טייל פון דעם „קאַפּיטאַל״, מיט וועלכן רומקאָווסקי האָט דיספּאָנירט. דאָס איז דער חלק, וועלכן ער האָט איינגעצאָלט אין דער דערנערונגס־ און ווירטשאַפטס־צענטראַלע פאַר אַפּראָווי־זאַציע. אַ חוץ דעם טייל האָט נאָך געמוזט זיין געלט אויף צו פירן די געטאָ־אונטערנעמונגען: שולן, קיכן, פאַבריקן און וואַרשטאַטן און דעם גרויסן אַדמי־ניסטראַציע־אַפּאַראַט, די פּאָליציי און אויך צאָלן אַרבעטסלוין די אַרבעטער. ווען מ׳נעמט דאָס אַלץ אין חשבון באַקומט זיך אַ גאַנץ אַנגעזעענער קאַפּיטאַל, וואָס האָט זיך געפינען אין געטאָ.

דער קאַפּיטאַל־צופלוס איז געקומען נישט פון „מערוועוט״ פון דער אַרבעט, וועלכן עס האָבן צוגענומען די דייטשן, נאָר פון נדבות פון מחוץ געטאָ („דזשאָינט״ אאַנ״ד), פון שטייערן, וואָס זענען גענומען געוואָרן פון מענטשן, וועלכע האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פאַרמעגן.

די פּראָדוקציע, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין געטאָ, האָט געהאַט

1. אָפּנעמער — די דייטשע אָקופּאַנטן, וועלכע האָבן צוריקגעצאָלט מיט פּראָ־דוקטן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט דעם איינגעפלאָסענעם געלט פון „דזשאָינט" און די שטייערן — געבילדעט די „נאַציאָנאַלע הכנסה". אַרום דער פאַרטיילונג פון דער „נאַציאָנאַלער הכנסה" איז ווי ביי נאָרמאַלע סאָציאַלע פאַרהעלטנישן אין אַ געזעלשאַפט, פאָרגעקומען אַ קלאַסן־קאַמף.

אין געטאָ האָט באַלד אין די ערשטע חדשים זיך אויסגעבילדעט די באַ־קאַנטע סאָציאַלע פּיראַמידע: פון סאַמע אויבן — די בעסער סיטואירטע יידן, וואָס זענען אַריינגעקומען אין געטאָ מיט געלט און ווערט־זאַכן. זיי האָבן געביל־דעט די „אַריסטאָקראַטיע", נישט געגאַנגען אויף קיין אַרבעט און בעתן אַרויס־שיקן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ — געדונגען אַן אַרבעטסלאָזן, וואָס זאָל זיי פאַר־טרעטן. די בעסער־סיטואירטע האָבן אויך געוווינט אין די „לוקסוס־דירות", ד. ה. אַ וווינונג מיט גאַז־איינריכטונג, עלעקטריע און „באַקוועמלעכקייט" און דערפאַר געצאָלט מער דירה־געלט.[427] נידריקער אויף דער פּיראַמידע — אַ ברייטער שיכט פון מענטשן מיט פּרנסות — האָבן זיך געפינען די העכערע אָנפירער פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע, די דירעקטאָרן און לייטער פון די געטאָ־אונטערנעמונגען און אַנשטאַלטן, די פּאָליציי־קאָמיסאָרן; דאַן קומט נאָך אַ ברייטערער שיכט: נידעריקע פּאָליציי־באַאַמטע, הענדלער מיט פּראָדוקטן, אָנגעשטעלטע אין די קיכן און קאָאָפּעראַטיוון, אַדמיניסטראַטאָרן פון הייזער, הויז־וועכטער, אַרבעטער אין די רעסאָרטן, און סאַמע אונטן — די גרויסע מאַסע פון אַרבעטלאָזע, וואָס הונגערן אינגאַנצן אָדער טיילווייז.[428] און האָפן, אַז עס וועלן זיך עפענען נייע רעסאָרטן און זיי וועלן באַקומען אַרבעט.

דערווייל איז די צאָל רעסאָרטן און באַשעפטיקטע אין זיי אַרבעטער געווען נישט קיין גרויסע. לויט אַ באַריכט, וואָס רומקאָווסקי האָט צוגעשטעלט דער געטאָ־פאַרוואַלטונג אין חודש נאָוועמבער 1940, ד. ה. אין פּעריאָד פון סאָציאַלן אויפברויז, זענען אין געטאָ געווען רעסאָרטן, אַרבעטער און מאַשינען:

## מצב פון די רעסאָרטן אין צייט פון 27־טן אָקטאָבער ביזן 25־טן נאָוועמבער 1940

| רעסאָרט | צאָל אַרבעטער | מאַשינען |
|---|---|---|
| מעטאַל | 75 | 16 |
| טישלער | 407 | 20 |
| טאַפּעצירער | 127 | 4 ניי־מאַשינען |
| קירזשנער | 22 | 15 〃 |
| גומי־מעטאַל | 70 | 5 〃 |
| היטן | 67 | 35 מאַשינען |
| פילץ־שיך | 78 | 18 ניי־מאַשינען |
| שטעפּדעקן | 13 | 1 〃 |
| וועש־אָפּטיילונג | 255 | 110 〃 |
| טריקאָטאַזש | 68 | 62 מאַשינען |
| שטריקער | 63 | 48 〃 |
| שוסטער | 258 | 32 〃 |
| שניידער | 4100 | 1487 〃 |
| טעקסטיל | 106 | * |
| 14 רעסאָרטן | 5709 אַרב. | 53 מאַש.[429] |

WARNUNG

PRIVATGESPRÄCHE in den Fabriken und Werkstätten während der Arbeitszeit sind

STRENGSTENS VERBOTEN.

Die Arbeitsstunden müssen nur für die pflicht- und ordnungsgemässe Ausführung der Arbeiten ausgenutzt werden

Ich werde Kontrollen durchführen lassen.

Diejenigen, die bei irgend einer Privat-Unterhaltung angetroffen werden, werden sofort entlassen und wird ihnen das Recht auf Unterstützung versagt.

(-) CH. RUMKOWSKI

ווארנונג

בשעת דער ארבעט אין די פאבריקן און ווערקשטעלן זיינען

פריוואטע געשפרעכן שטרענג פארבאָטן.

די ארבעטס־שעהן דארפן אויסגענוצט ווערן אויסשליסלעך פארן פליכטלעכן און געהעריקן אויספיר פון דער ארבעט.

איך וועל אדורכפירן געהעריקע קאנטראלן.

די אלע, וועמען מען וועט טרעפן ביי פריוואטע אונטערהאלטונגען וועלן תיכף ומיד באזייטיקט ווערן פון דער ארבעט

און וועלן פארלירן דאס רעכט אויף אונטערשטיצונג.

(–) מרדכי חיים רומקאווסקי

---

* טעקסטיל־רעסאָרט האָט געהאַט פאָלגנדע מאַשינען: 2 זאַץ שפּינערייִ, 14 קאַרט־שטולן, 25 האַנטשטולן, 300 צווירן שפּינדלען.

די צאָל באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן — 5709 פּערזאָן, ווען מ׳זאָל צורעכענען זייערע משפחות צו 4 נפשות אויף אַ פאַמיליע, איז דאָס אַ קיימא לן פון 22,836 נפשות, 14,5 פּראָצ. פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. פון די רעשט 85,5 פּראָצ. איז דער ווייט גרעסטער רוב באַשטאַנען פון אַרבעטסלאָזע און אָרעמקייט.

## ב. דער פאַרצווייפלטער מצב פון די אַרבעטסלאָזע און אָרעמקייט און רומקאָווסקים קאַמף קעגן די שטאַרקע

אין סוף זומער איז דער מצב פון די אַרבעטסלאָזע און אָרעמע געווען אַ שרעקלעכער. „עס זענען אַדורך טעג, וואָס גאַנצע משפחות האָבן קיין זופּ פאַר די אויגן נישט געזען און האָבן נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן אַ ברויט".[429] דער הונגער און די ענגשאַפט אין די וווינונגען, דאָס פעלן פון די עלעמענטאַרסטע היגיענישע איינריכטונגען אין די באַלוטער דירות, האָט אַרויסגערופן אַ ריי עפּידעמישע קראַנקהייטן, פון וועלכע עס האָבן באַזונדערס געליטן די קינדער.

אַ באַריכט וועגן געזונט־מצב פון די קינדער וואָס זענען געווען אויף דער האַלב־קאָלאָניע סמוגאָווע 6 (קינדער פון די אָרעמסטע עלטערן) אין די חדשים: יולי—אויגוסט, גיט אַזאַ טרויעריק בילד:

„אויף דער אַלגעמיינער צאָל 1120 קינדער זענען 883 געווען שמוציק, פאַרלייזיקט און אונטערגעוואָרפן פאַרשידענע קראַנקהייטן — — — עס זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן 4 פאַלן פון טובערקולאָז, 9 פאַרוואַרלאָזטע, 19 האָבן געליטן פון קרעץ („שוויעזשבעס"), 48 פון אויגן־אַנטצינדונג, 169 אַנטצינדונג פון אויגן און ברעמען, 5 מיט קראַנקע אויערן, 1 קרייץ־ביין־שווינדזוכט, 2 רעפּטור, 3 בראָנכיט, 4 דיזענטעריע, 118 האָבן געהאַט פאַרגרעסערטע דריזן.

אַט אַזוי האָט אויסגעזען דער מצב פון די קינדער פון די אָרעמסטע שיכטן אין געטאָ.[430]

צוליב נויט, הונגער און קראַנקהייטן איז ראַשיק שנעל געוואַקסן די שטערבלעכקייט פון דער געפּייניקטער יידישער באַפעלקערונג, ווי עס ווייזט פאָלגנדע טאַבעלע:

טאַבעלע 5

| חודש | באַפעלקערונג־מצב אָנהייב חודש | געבורט | שטערבלעכקייט | צוגעפאָרן | אַרויסגעפאָרן | מצב סוף חודש | ירידה פון באַפ. צאָל: אַבסאָל. צאָל | ירידה פון באַפ. צאָל: פּראָצ. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| יוני | 160.811 | 54 | 898 | — | 139 | 159.828 | 983 | 0,6 |
| יולי | 159.828 | 80 | 1.472 | 20 | — | 158.456 | 1372 | 0,8 |
| אויגוסט | 158.456 | 75 | 961 | 30 | — | 157.600 | 856 | 0,5 |
| סעפּטעמבער | 157.600 | 59 | 782 | 21 | 12 | 156.886 | 716 | 0,5 |
| אָקטאָבער | 156.886 | 71 | 773 | 62 | 78 | 156.168 | 718 | 0,3 |
| נאָוועמבער | 156.168 | 58 | 697 | 99 | 96 | 155.532 | 636 | 0,4 |
| דעצעמבער [431] | 155.532 | 65 | 926 | 74 | 700 | 154.045 | 1487 | 0,9 |

לויט דער טאַבעלע, וואָס שטיצט זיך אויף „סטאַטיסטיקאַ מיאַסטאַ לאָדזשי", אויפגעשטעלט נאָך דער מלחמה דורך ד״ר עדוואַרד ראָסעט, לייטער פון סטאַטיסטישן אַמט ביי דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג, איז אין די חדשים יולי־אויגוסט 1940 קיינער נישט אַרויסגעפאָרן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט. אין סעפּטעמבער האָבן 90 פּערזאָן, דורך פאַרשידענע וועגן פאַרלאָזט דאָס געטאָ, אין נאָוועמבער הייבן זיך אָן די ערשטע ארויסשיקונגען אין אַרבעטס־לאַגערן און אין דעצעמבער איז שוין אָפּגעגאַנגען אַ פּאַרטיע פון 638 פּערזאָן אין די פּויזנער אַרבעטס־לאַגערן.[432] נאָך 60 פּערזאָן האָבן „אייגנוויליק" פאַרלאָזט דאָס געטאָ.*

אויפן באָדן פון דער כסדר וואַקסנדער נויט און פאַראָרעמונג, קראַנקייטן און פאַרגרעסערטער שטערבלעכקייט — האָט אונטער די דראָט־פאַרצוימונגען זיך אויפגעהויבן אַן אייגנאַרטיקער סאָציאַלער אויפברויז. ער איז געווען גע־ווענדעט נישט קעגן די דירעקטע שולדיקע אין דעם קלאָגעדיקן מצב פון די געטאָ־איינוווינער, נאָר קעגן דער געטאָ־אָנפירונג — מרדכי חיים רומקאָווסקי און זיין אַדמיניסטראַציע.

פיל סיבות האָבן געבראַכט דערצו, אַז שוין אויפן ערשטן עטאַפּ פון זייער אָפּגעשלאָסן, סעפּאַרירט לעבן, זאָלן די געטאָ־איינוווינער זען אין רומ־קאָווסקין מיט זיין אַדמיניסטראַציע די איינציקע פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער נויט אינעם געטאָ. קודם כל האָט דאָ געווירקט דער דייטשער קאַמופלאַזש מיטן

* עס איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן ווי אַזוי ס׳איז פאָרגעקומען דאָס „אייגנ־וויליקע" פאַרלאָזן דאָס געטאָ, וועלכעס איז געווען פאַרהעמערט און פאַרשלאָסן. מעגלעך, אַז זיי זענען פאַרפּייניקט געוואָרן דורך געשטאַפּאָ אָדער „קריפּאָ".

אויפשטעלן אַ „פולשטענדיקע געטאָ־אויטאָנאָמיע", ווי עס האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן מתחילת. דער יודנעלטעסטער, וואָס האָט אויסגעפירט אַלע באַפעלן פון די דייטשן, האָט גענומען אויף זיך די גאַנצע אַחריות פאַר איינאָרדנען דאָס לעבן אין געטאָ, וואָס איז אוממעגלעך געווען ביי דעם דוחק אין די מינימאַלסטע לעבנס־באַדינגונגען. די רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט געלעבט אויפן חשבון פון די אַריינבאַקומענע געלטער פון אויסן, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַר־ווענדעט ווערן לטובת הכלל — האָט געבאַלעבאַטעוועט ווי יעדער פּריווילגיר־טער שיכט אין דער געזעלשאַפט, וואָס באַקומט זיך צו דער מאַכט: עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייט־פאַרצווייגטע פּראָטעקציע ביים באַקומען אַרבעט, לעבנסמיטל און אויך דירות. דער הערשנדער שיכט האָט לויט די געטאָ־פאַרהעלטנישן געפירט אַ ברייטהאַרציק לעבן און די ברייטע מאַסן האָבן סיסטע־מאַטיש געהונגערט. א[432]

אין די חדשים מאַי און יוני 1940 האָט אין געטאָ זיך אויסגעבילדעט אַ ספּעציעלער שיכט פון שמוגלער, וועלכער האָט זיך רעקרוטירט פון די אַזוי גערופענע „שטאַרקע": פישער, פליישער, פורמאַנעס, טרעגער. זיי האָבן ריזי־קירט און אַריינגעשמוגלט פּראָדוקטן אין געטאָ. רומקאָווסקי, וועלכער האָט זיך באַמיט צו געווינען דעם חסד פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויף דער „קריפּאָ", נאָר אויך אַליין גענומען באַקעמפן דעם שמוגל, וואָס איז אַזוי נויטיק געווען פאַרן געטאָ־לעבן.

אין אַ בריוו פון 28־טן יוני 1940 האָט רומקאָווסקי געשריבן צו דער „קריפּאָ", אַז ער האָט מתחילת דעם פלייש־פאַרקויף איבערגעגעבן אַ גרופּע אַנגראָסיסטן — קצבים. ער האָט געמיינט, אַז דאָס פלייש וועט אַזוי אַרום לייכטער דערגיין צו דער באַפעלקערונג. די אנגראסיסטן האָבן אָבער שפּעקולירט און אַ גרויסן טייל פון פלייש פאַרקויפט אויפן אומלעגאַלן וועג צו וווכער־פרייזן. „צוליב דעם — האָט רומקאָווסקי געשריבן — האָב איך דעם פלייש־פאַרקויף אַרויסגענומען פון די הענט פון די אנגראסיסטן און איבערגעגעבן די קצבים־געזעלן („שלאַכטערגעזעללען")."[433]

כדי ווי געהעריק צו פירן דעם קאַמף קעגן אַלע, וואָס ווילן זיך נישט אונטערוואַרפן זיין דיקטאַט, האָט רומקאָווסקי פאַרשטאַרקט זיין מאַכט־אַפּאַראַט מיט אויפשטעלן אַ געטאָ־תפיסה אויף דער טשאַרנעצקי־גאַס. די אָנפירונג מיט דער תפיסה, איז, ווי ביי יעדער דיקטאַטאָרישער מאַכט, איבערגעגעבן געוואָרן אַ ברוטאַלן פאַרשוין — הערצבערג — „אַ מענטש פון דער אונטערוועלט, פאַר דער מלחמה געדרייט זיך אַרום גנבים און אַלפאָנסן". די לפנימדיקע באַשעפ־טיקונג זיינע איז דעמאָלט געווען — אַ מעכאַניק ביי פילמען אין אַ קינאָ אין אָפּגעלעגנסטן ווינקל פון באַלוט.

הערצבערג, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אַלס קאָמיסאַר פון דער

געטאָ־פּאָליציי, איז אין זומער 1940 געשטיגן אין זיין קאַריערע — ער איז געוואָרן תפיסה־קאָמענדאַנט און באַקומען פון רומקאָווסקין ברייטע פולמאַכטן.״ דער אַלמעכטיקער קאָמענדאַנט האָט דורכגעפירט רעוויזיעס, אַרעסטן, געפייניקט, אויסגעפּרעסט געלט און איינגעפירט אין תפיסה שמיץ־שטראָף. „אַלס ערשטער קרבן איז געפאַלן איינער פישל גוטמאַן, אַ פורמאַן, וועלכער האָט באַקומען אַ פסק פון מלקות, יעדן צווייטן טאָג צו צוואַנציק שמיץ.״ [434]

די דאָזיקע אַלע רעפּרעסיעס פון רומקאָווסקין, פון זיין פּאָליציי, און תפיסה־קאָמענדאַנט, וואָס איז דער עיקר געווען געווענדעט דעמאָלט, זומער 1940, קעגן די פישער, קצבים, גרינס־הענדלער און די מיט זיי פאַרבינדעטע טרעגער — האָט צעבונטעוועט דעם שיכט פון „שטאַרקע״ קעגן רומקאָווסקין און זיין אַדמיניסטראַציע. זיי די „שטאַרקע״, ווי זיי ווערן אָנגערופן אין גבית־עדות, זענען געווען די ערשטע, וואָס זענען אַרויס אין גאַס דעמאָנסטרירן קעגן יודענעלטעסטען. [435]

## ג. דעמאָנסטראַציעס פון אַרבעטער און אָרעמקייט

וועגן די דעמאָנסטראַציעס פון אַרבעטער און אָרעמקייט קעגן רומקאָווסקין איז פאַראַן אַ רייכער אַרכיוו־מאַטעריאַל, זיי שפּיגלען זיך אויך אָפּ אין זכרונות און גבית־עדות פון מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דאָס לאָדזשער געטאָ. די אָנפירער, אָדער די אָרגאַניזאַטאָרן פון די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס האָבן פאַרעפנטלעכט אויפרופן אין פויליש, יידיש און דייטש. אַזעלכע אָריגינעלע געטאָ־אויפרופן, געשריבן מיט דער האַנט, זענען פאַראַן אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע: 6 אין פויליש און נאָר 2 אין יידיש.

ביז היינט איז אָבער נישט געלונגען פעסטצושטעלן ווער זענען געווען די מחברים פון די אויפרופן אונטער אַזעלכע קעפּ, ווי: „צו די אַרבעטער און אָרעמקייט״ (פויליש), „מיר וועלן זיך נישט אָפּשרעקן״ (יידיש) און ווער זענען געווען די אָרגאַניזאַטאָרן פון די דעמאָנסטראַציעס. י. נירנבערג אין זיינע זכרונות אין בוך „אין די יאָרן פון יידישן חורבן״ האָט געשריבן, אַז די ערשטע דעמאָנסטראַציע קעגן רומקאָווסקין האָט אָרגאַניזירט דער בונד. זי האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ מיטינג אויף מליצאַרסקי גאַס, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך אין חודש יוני 1940... אויף דעם מיטינג איז אַרויסגעטרעטן דער חבר שמעון באָרנשטיין, אַ זאָקן־אַרבעטער, אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד [געוועזענער] פון טעקסטיל־פאַריין״. [436] אַזאַ דעמאָנסטראַציע אין חודש יוני 1940 איז אָבער אין ערגעץ נישט נאָטירט. דאַקעגן־זשע האָט דער פירער פון אונטערערדישן בונד אין לאָדזשער געטאָ — משה לעדערמאַן דערציילט אין זיין גבית־עדות: „ס׳האָט זיך אָנגעהויבן [אין געטאָ] אַ הונגער, מ׳שרייט אויף רומקאָווסקין, מ׳באַליידיקט אים. ס׳באַווייזן זיך פלאַקאַטן

אויף די גאַסן אין געטאָ: „מיר ווילן די דייטשן, אנשטאט רומקאָווסקין". [*] ווער ס'האָט אַרויסגעהאָנגען די פּלאַקאַטן איז נישט באַקאַנט. עס איז געווען אַ מיינונג, אַז דאָס האָבן געטאָן יידישע געשטאַפּאָווצעס. עס האָבן זיך פאַרמירט סטיכישע דעמאָנסטראַציעס, פון קיינעם נישט אָרגאַניזירט. מיר האָבן גערופן די קאָמוניסטן אויף אַ באַראַטונג און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן די באַפעלקערונג צו אָרדנונג און רו. צו דעם צוועק איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מיטינג. די רעדנער, וואָס זענען אַרויסגעטרעטן אויפן מיטינג האָבן צוגעזאָגט צו דער־ליידיקן ביי רומקאָווסקין די פאָדערונגען פון די אַרבעטער." 437

אַ צווייטער בונדיסט, וואָס איז געווען טעטיק אין לאָדזשער געטאָ, משה ביאַלקאָווער, האָט אין זיין גבית־עדות איבערגעגעבן: „צוליב דעם עלנט און נויט, וואָס האָט געהערשט אין לאָדזשער געטאָ, האָבן צו הערבסט זיך אָנגעהויבן אומרוען. ס'זענען פאָרגעקומען סטיכישע דעמאָנסטראַציעס. ס'האָבן זיך באַוויזן פלאַקאַטן אין יידיש און דייטש: „אַ טויט רומקאָווסקין"; „מיר ווילן נישט לאָזן אונדזערע פרויען און קינדער שטאַרבן פון הונגער". געווען אויך פאָדערונגען, מ'זאָל עפענען דאָס געטאָ. עס זאָל פאָרקומען אַ פרייער האַנדל מיט דער שטאָט. — — — די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען זענען אין געטאָ באַטראַכט געוואָרן ווי פּראָוואָקאַציעס און די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן זיך קעגנגעשטעלט די אַקציעס. די טוערין אין אונטערערדישן בונד אין לאָדזשער געטאָ אסתר וויינבערג האָט געהאַלטן אַ רעדע צו די פאַרזאַמלטע אויף פעפער גאַס און גערופן צו באַ־רויקן זיך."

די גבית־עדות און זכרונות פון טוער אין דער אונטערערדישער באַוועגונג פון לינקע פּועלי־ציון אין לאָדזש באַשטעטיקן, אַז די דעמאָנסטראַציעס קעגן רומקאָווסקין זענען געווען סטיכישע, נישט אָרגאַניזירט פון קיין שום פּאַרטיי. מאיר בער גוטמאַן, אַ ל. פּועלי־ציוניסטישער טוער אין געטאָ־אונטערערד, האָט געשריבן אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן לאָדזשער געטאָ, אַז די ל. פּועלי־ציון האָבן געראָטעוועט די סיטואַציע, ווען די „שטאַרקע" האָבן געוואָלט באַהערשן דורך זייערע דעמאָנסטראַציעס דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. אויך אין די זכרונות פון קאָמוניסטן, וואָס זענען געווען טעטיק אין לאָדזשער געטאָ ווערט נישט דערמאָנט, אַז זיי זאָלן האָבן אָרגאַניזירט די דעמאָנסטראַ־ציעס. 438

די ערשטע מאַסן־אַרויסטרעטונגען אין לאָדזשער געטאָ, סוף זומער 1940, האָבן, לויט אַ באַשרייבונג, געמאַכט אין געטאָ גופא, געהאַט אַזאַ פאַרלויף: פורמאַנעס, קצבים און אַנדערע עלעמענטן אין אַ צאָל פון טויזנט פּערזאָנען

* אַזאַ פלאַקאַט איז נישט פאַראַנען אין געטאָ־אַרכיוו פון ייה"א און אויך נישט אין אַנדערע אַרכיוון.

האָבן דעם 7־טן אויגוסט 1940 זיך פאַרזאַמלט פאַרן שפּיטאָל־בנין לאַגעווניצקע גאַס נומ׳ 34—36, ווו עס האָט געוווינט רומקאָווסקי. דער בנין איז געוואָרן אַרומגערינגלט פון פּאָליציי מיטן קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט בראש. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג צו דער פּאָליציי אָנצוגרייפן די דעמאָנסטראַנטן. דער אויפגערעגטער עולם האָט זיך געוואָרפן אויף דער געטאָ־פּאָליציי און געצווונגען זי אָפּצוטרעטן. דעמאָלט האָט רומקאָווסקי אַרויסגערופן די געטאָ־פייערלעשער צו הילף דער פּאָליציי. עס זענען געקומען די פייערלעשער מיט די קוימענקערער.

אויפן באַפעל פונעם פייערלעשער־קאָמענדאַנט קויפמאַן האָבן זייערע מענטשן פונאַנדערגעוויקלט שטריק, כדי מיט זייער הילף אָפּצושטופן דעם המון. די דעמאָנסטראַנטן האָבן ווייטער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, זיי האָבן דורכגעשניטן די שטריק און לסוף אָפּגערוקט זיך אין דער גאַס ניעצאַלאַ.

דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט האָט ווידער געגעבן אַ באַפעל צו זיינע פּאָליציי־לייט אָנצוגרייפן דעם עולם. מיט געשרייען „הוראַ״ האָבן די פּאָליציאַנטן זיך אַ לאָז געטאָן אויף די דעמאָנסטראַנטן, וועלכע האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. די פּאָליציי האָט געמוזט אָפּטרעטן. דעמאָלט איז סערזשאַנט קויפמאַן, דער קאָמענדאַנט פון די פייערלעשער, אַוועק צו די דעמאָנסטראַנטן און מיט גוטע ווערטער געווירקט אויף זיי, זיי זאָלן זיך פאַנאַנדערגיין.

די דאָזיקע שילדערונג פון דער ערשטער גרויסער און געוואַגטער דעמאָנסטראַציע אין געטאָ קעגן רומקאָווסקין שטיצט זיך אויף אַ באַשרייבונג אין אַלבאָם פון די געטאָ־פייערלעשער, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן ווי אַ מתנה פאַר רומקאָווסקין צום יובילייַ פון אַנטשטיין פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. די אָנפירער פון די געטאָ־פייערלעשער באַשרייבן אין אַלבאָם זייער טעטיקייט, צו וועלכער זיי רעכענען צו אויך דאָס צעטרייבן די דעמאָנסטראַציע פון די הונגעריקע און פאַרצווייפלטע געטאָ־יידן. זיי רימען אָבער די גוטסקייט פון זייער קאָמענדאַנט, וועלכער האָט אָנגעווענדעט נישט בלויז פיזישע מיטלען צו צעטרייבן די דעמאָנסטראַציע, נאָר אויך באַמיט זיך צו ווירקן מיט גוטן אויף דעם עולם און זיינע באַמיאונגען האָבן געהאַט דערפאָלג.

לויט גבית־עדות האָט רומקאָווסקי אַליין גערעדט צו די דעמאָנסטראַנטן און צוגעזאָגט צו באַזאָרגן זיי מיט אַרבעט.[439]

די דעמאָנסטראַציע פון די „שטאַרקע״, ווי זיי ווערן באַצייכנט אין גבית־עדות, האָט ווי עס איז זיך פאַרענדיקט בשלום. רומקאָווסקי האָט זייערע אָנפירערס אַריינגענומען אין דער פּאָליציי. פורמאַנעס האָט ער געגעבן פערד און וועגן צו אַרבעטן אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג ביים איבערפירן פּראָדוקטן. פון די גאָר שטאַרקע האָט רומקאָווסקי אָרגאַניזירט זיין לייב־וואַך, וועלכע האָט אין געטאָ באַקומען דעם נאָמען „איבערפאַל־קאָמאַנדע״. דאָס איז געווען אַ ספּעציעלע גרופּע פון געטאָ־פּאָליציי, וועלכע האָט שפּעטער געטריי אויסגעפירט די

באַפעלן פון רומקאָווסקין, ווי: צעטרייבן דעמאָנסטראַציעס קעגן אים, צווינגען, דורך טעראָר, די אַרבעטער איבערצורייסן די שטרייקן אין די רעסאָרטן און איז שטענדיק גרייט געווען צו געבן קלעפּ דעם אויף וועמען דער „אַלטער" (חניפהדיקער ליבלינגס־באַצייכנונג פאַר רומקאָווסקין) וועט באַפעלן. די „איבער־פאַל קאָמאַנדע" איז באַשטאַנען מייסטנס פון גאַנצע אָדער האַלבע אונטערוועלט־מענטשן. 440

מיט אַזעלכע מיטלען האָט דער יודענעלטעסטער גענומען פאַרפעסטיקן זיין אומבאַגרענעצטע מאַכט אין געטאָ. דערוויל, ביז ער וועט זיך פילן פול־שטענדיק זיכער, האָט ער נאָך געהנדלט זיך צו די אומלעגאַלע אַרבעטער־פאַרטייען, צו דער אומלעגאַלער ציוניסטישער באַוועגונג און אָפּגעהאַלטן מיט זיי קאָנפערענצן. דאָס איז געשען נאָך די ווייטערדיקע שטורמישע דעמאָנסטראַציעס, וועלכע זענען בלוטיק ליקווידירט געוואָרן דורך דער דייטשער פּאָליציי. צווישן די דערשאָסענע דורך די דייטשן האָט זיך אויך געפונען דער לינקער פועלי־ציוניסט, דער שניידער — ראטבערג. 440א

*

די „הילף", וועלכע דער יודענעלטעסטער האָט געגעבן די שטאַרקע, האָט אַרומגענומען נאָר אַ גאַנץ דינעם שיכט פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. פאַר דער ווייט גרעסטער מערהייט אָרעמע און אַרבעטסלאָזע האָט זיך וויניק וואָס געענדערט אינעם קלאָגעדיקן געטאָ־לעבן. דער הונגער האָט ווייטער געבושעוועט. די אַרבעטס־רעסאָרטן האָבן זיך אַנטוויקלט פּאַמעלעך. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש און ביבאָוו אַליין, זענען נאָך נישט געווען זיכער, אַז דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאַט בלייבט עקזיסטירן. עס זענען דעריבער אָנגעקומען וויניק באַשטעלונגען פאַר די רעסאָרטן. עס איז געוואַקסן די פאַרצווייפלונג פון די הונגעריקע מאַסן. ווידער האָבן זיך באַוויזן פלאַקאַטן, געשריבן פון אומבאַקאַנטע הענט, וועלכע רופן „אַלע הונגעריקע אין געטאָ צו נעמען אַ טעטיקן אנטייל אין דעם קאַמף קעגן דער עקזיסטירנדער באַנדע הולטייעס, וועלכע לעבט אויפן חשבון פון די הונגעריקע מאַסן". 441

אין זיין גבית־עדות האָט מ. גולבאַס אַזוי איבערגעגעבן וועגן דער צווייטער שטורמישער געטאָ־דעמאָנסטראַציע:

„פיל שטורמישער איז געווען דער אַרויסטריט פון די אַרבעטער. זיי זענען געגאַנגען אין גרויסע מאַסן צו דעם הויז, דוואָרסקאַ 6, ווו ס'האָט זיך געפונען דער אַפּראָוויזאַציע־אַמט, און מיט אויסגעשרייען: „אונדזערע פרויען און קינדער שטאַרבן פון הונגער" האָבן די דעמאָנסטראַנטן פאַרלאַנגט, אַז מ'זאָל עפענען די פּראָדוקטן־שפּייכלערס און פאַרטיילן אַלעמען לעבנס־מיטלען. אין גאַס האָבן זיך אויך באַוויזן פלאַקאַטן מיט אויסרופן קעגן רומקאָווסקין.

די פּלאַקאַטן זענען געווען אין יידיש און אין דייטש. [?] קעגן די דעמאָנסטראַנטן האָט געווירקט די יידישע פּאָליצײ. ס'איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. פון ביידע צדדים זענען געווען פאַרווונדעטע.

לסוף האָט זיך אַרײַנגעמישט די דייטשע מאַכט. ס'האָט זיך באַוויזן אַ שוואַרצער אויטאָ פון דער „געשטאַפּאָ", וואָס איז אַ פּאָר טעג נאָכאַנאַנד אַרומגעפאָרן אין געטאָ און געשאָסן אין די מאַסן, וועלכע האָבן זיך געזאַמלט אין די גאַסן. ס'זענען געפאַלן אַ סך געהרגעטע און פאַרווונדעטע. דער שוואַרצער אויטאָ האָט געווירקט. יידן האָבן זיך ווייניקער באַוויזן אויף די געטאָ־גאַסן."[442]

אויך די געהיימע באַריכטן פון דער דייטשער פּאָליצײ האָבן דערציילט וועגן די בלוטיקע דעמאָנסטראַציעס אין לאָדזשער געטאָ. אַזאַ באַריכט מיט דער דאַטע פון 17־טן אָקטאָבער 1940 האָט אַזוי געשילדערט דאָס ליטצמאַנשטאַטער געטאָ: „די לאַגע ווערט אַלץ מער קריטיש. מחמת מאַנגל אין עסנוואַרג זענען ווייטער פאָרגעקומען אומאָרדנונגען און דעמאָנסטראַציעס. אין ניינצן פאַלן האָט מען גענוצט שיס־געווער. צוויי יידן זענען דערהרגעט געוואָרן און פיר פאַרווונדעט".

ווייזט אויס, אַז די דאָזיקע אומרוען האָבן אויך אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די דייטשן. אַ פּאָליצייאישער באַריכט פון דעצעמבער 1940 מעלדעט: „פאַר דער שמירה אין געטאָ [לאָדזש] זענען נאָך אַלץ נויטיק פיר הונדערט פּאָליצײ־וואַכמייסטער. פרווונדיק פאַרלאָזן דאָס געטאָ אָן אַ געהעריקער באַרעכטיקונג איז איין ייד געהרגעט געוואָרן און איינער פאַרווונדעט. די צאָל אָנשטעקנדע קראַנקהייטן, ווי דיזענטעריע, טיפוס, טובערקולאָז, דיפטעריע, סקאַרלאַטין א"א האָט זיך נישט פאַרקלענערט".[443]

די דייטשע פּאָליצײ, ווי עס באַשטעטיקן די גבית־עדות און זכרונות, איז נישט אַליין געקומען אין געטאָ צו אינטערווענירן קעגן די מאַסן־דעמאָנסטראַציעס. די פּאָליצײ איז גערופן געוואָרן דורך רומקאָווסקין. וועגן דעם האָט י. טאַבאַקסבלאַט געשריבן אין זיינע זכרונות „ברמיזה": „די יידישע פּאָליצײ, זעענדיק די גרויסע דעמאָנסטרירנדע מאַסן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אונטערווענירן און זיך צוריקגעצויגן. אונדזער פּרעזעס איז אָבער נישט פון די מענטשן, וועלכע שרעקן זיך אָפּ. עס דויערט נישט לאַנג און עס באַווייזט זיך אַ לאַסט־אויטאָ צוזאַמען מיט דייטשער פּאָליצײ."[443]

רומקאָווסקי האָט אויף די דעמאָנסטראַציעס אויך רעאַגירט מיט אַ „באַקאַנטמאַכונג" אין יידיש, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן". די באַקאַנטמאַכונג נומ' 104 טראָגט די דאַטע פון 12־טן אויגוסט 1940 און לייענט זיך:

„יידן!

די לעצטע געשעענישן זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך אומפאַראַנטוואָרטלעכע עלעמענטן, וועלכע ווילן אַרײַנברענגען אַ צערודערונג אין אונדזער

לעבן. די דאָזיקע מענטשן האָבן אין זין אייגענעם נוצן און ווילן נישט דערלאָזן דאָס דורכפירן פון אַ קאָנסטרוקטיווער הילף־אַקציע פאַר דער באַפעלקערונג.״

ווייטער קלערט רומקאָווסקי אויף, וויפל ער האָט זיך שוין באַמיט פאַר אַרבעט־מענטשן צו באַקומען באַשעפטיקונג און באַמיט זיך אויך ווייטער. די באַקאַנטמאַכונג ענדיקט זיך מיט: „זייט רויק! לאָזט אייך נישט פאַרפירן פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן, וואָס ווילן שטערן די ביז־איצטיקע אַרבעט און די פלענער אויף ווייטער.״ [445]

כדי דורכצופירן זיינע פלענער האָט דער יודענעלטעסטער מסכים געווען צו קאָנפערירן מיט די דעלעגאַטן פון די אומלעגאַלע אַרבעטער־פאַרטייען.

.25

# די שטרייקן און די רעסאָרטן און די אָפּאָזיציע קעגן רומקאָווסקין

## א. געטאָ-אינטעליגענץ און די אַרבעטער-פּאַרטייען

די שלעכטע אַפּראָוויזאַציע פונעם געטאָ, רומקאָווסקיס אַרומרינגלען זיך מיט אייגענע מענטשן, וועלכע האָבן עגאָיסטיש אויסגענוצט זייערע אַמטן־פּריווילעגיעס אויפן חשבון פון די צענדליקער טויזנטער הונגעריקע געטאָ־יידן — האָט אויפגעהויבן קעגן רומקאָווסקין אויך די מער פיינפילנדע אינטע־ליגענטן פונעם געטאָ. די רעפּרעזענטאַנטן פון זיי זענען געווען: ד״ר לעאָן שיקער, וואָס איז אַ געוויסע צייט אַפילו געווען רומקאָווסקיס וויצע־פּרעזעס (רומקאָווסקי האָט זיך אויך טיטולירט — פּרעזעס), אינזש. האָרוויטץ־קלעמענטי־נאָווסקי און אינזש. לאַפּפּ. ד״ר לעאָן שיקער האָט איבערגעלעבט דעם חורבן און אין זיינע זכרונות, וועלכע זענען געבליבן אין כתב־יד, דערציילט ער וועגן זיך פאָלגנדעס:

„פון אבות אבותנו בין איך אַ לאָדזשער. מיין זיידע עזרא שיקער האָט מיט קנאַפּע הונדערט יאָר צוריק זיך באַזעצט אין לאָדזש. איך שטאַם פון אַן אָרטאָדאָקסישער משפחה און פון דער פריסטער יוגנט בין איך געקניפּט און געבונדן מיטן יידישן לאָדזש.

מיין זיידע עזרא שיקער איז געווען אַן עוסק־בצרכי־צבור. שוין אַלס יונגער בחור האָב איך זיך צוגעקוקט צו זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וועלכע האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט. די איינדרוקן פון מיין קינדהייט זענען געווען דער סטימול צו מיין שפּעטערדיקער טעטיקייט. איך בין געווען אַקטיוו אין דער פאַרוואַלטונג פון „ביקור חולים“ און אין די דאָקטוירים־אינסטיטוציעס (פאַרוואַלטונג פון דאָקטוירים־פאַריין, דאָקטוירים־קאַמער, צענטראַלע דאָקטוירים־קאַמער), אין וועלכע איך האָב לאַנגע יאָרן רעפּרעזענטירט די יידישע דאָק־טוירים.

דער גורל פון די יידן, און ספּעציעל פון לאָדזשער יידן, איז מיר שטענדיק געווען נאָענט. איך לעב דערפאַר שמערצלעך איבער דעם אומקום פון דער גרויסער לאָדזשער יידישער קהילה. איך בין געווען אַן עדות פון די פּיין, יסורים און אומקום פון די הונדערטער טויזנטער לאָדזשער יידן.“[446]

וועגן אינזש. האָרוויטץ־קלעמענטינאָווסקי זענען פאַראַן זייער ווייניק

אינפאָרמאַציעס. זיין שוועסטער לאָלאַ קלעמענטינאָווסקאַ האָט אין יאָר 1948 זיך געוואָנדן פון איטאַליע מיט אַ בריוו צום יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע וועגן שיקן איר די אָפּגעפונענע כתבים פון איר ברודער. פון דעם בריוו ווערט מען געוואויר, אַז ד״ר יוסף קלעמענטינאָווסקי האָט צוליב אומבאַוווסטע סיבות אין געטאָ־ליטצמאַנשטאָט געענדערט זיין נאָמען אויף אינזש. האַרוויץ. אָט וואָס לאָלאַ קלעמענטינאָווסקאַ האָט געשריבן:

„— — — מיין ברודער אינזש. האַרוויטץ־קלעמענטינאָווסקי איז אַ סך יאָרן געווען פּראָקורענט אין דער פירמע אסער [באַוווסטע לאָדזשער פירמע פון דער טעקסטיל־גרויס־אינדוסטריע] אין לאָדזש. אויף דעם אַמט איז ער געווען ביזן לעצטן אויגנבליק, אויך נאָכדעם, ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן.״

ווייטער שרייבט פרוי קלעמענטינאָווסקאַ אין איר בריוו, אַז דער ברודער האָט אין געטאָ פאַרנומען די העכסטע אַמטן און געשריבן אַ טאָגבוך.

אינזש. בערנאַרד אָסטראָווסקי, וואָס האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט קלע־מענטינאָווסקין אין געטאָ־אַרכיוו, האָט אין זיין גבית־עדות דערמאָנט נאָר דעם נאָמען קלעמענטינאָווסקי, וועלכער „איז ביז דער מלחמה געווען פּראָקורענט ביי דער פירמע אסער. קלעמענטינאָווסקי איז געווען זייער געבילדעט, האָט באַהערשט 7 שפּראַכן: רוסיש, פּויליש, דייטש, פראַנצויזיש, ענגליש און איטאַ־ליעניש. ביז דער מלחמה האָט ער מיט יידן נישט געהאַט קיין שום שייכות ווען איז דורך די דייטשן אַריינגעזעצט געוואָרן אין געטאָ. ער איז אַלט געווען פופציק יאָר״.[447]

דאָס טאָגבוך, ריכטיקער — נאָטיצן, פון קלעמענטינאָווסקי־האַרוויטץ, איז טאַקע אָפּגעפונען געוואָרן דורכן יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פּוילן און איז פאַראַן אין זיין אַרכיוו, אָבער נאָר אונטער דעם נאָמען אינזש. האַרוויטץ און בלויז די באַשטעטיקונג פון זיין שוועסטער אידענטיפיצירט דעם נאָמען האַרוויטץ מיט קלעמענטינאָווסקי. זיינע נאָטיצן זענען טאַקע אָנגעלאָדן מיט שנאה צו רומקאָווסקיס טעטיקייט.

פון די נאָטיצן דערוויסט מען זיך, אַז רומקאָווסקי האָט לאַווירט צווישן די ריכטונגען און פּראָוואָקאַטאָריש אויסגענוצט איינע קעגן דער צווייטער. צווישן די „ביירעאַט״־ (יודענראַט־) מיטגלידער האָט געהערשט אַ שטאַרקע אומצופרידנ־הייט. זיי האָבן אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען און געוואָלט דורכפירן אַ „הויף־רעוואָלו־ציע״. זיי האָבן געוואָלט שאַפן אַ קאָאַליציע־ראָט פון אַלע ריכטונגען. דאָס האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן.[448]

די עיקר־באַשולדיקונגען קעגן רומקאָווסקין פון אינזש. האַרוויטץ און פון ד״ר שיקער זענען געווען, אַז מיט זיין אומבאַגרענעצטער אַליינהערשאַפט, האָט ער דערפירט דאָס געטאָ צו אַ קאַטאַסטראָפע. אַ חוץ דעם, וואָס די אַפּראָ־וויזאַציע איז אַ שלעכטע און רומקאָווסקיס מקורבים געניסן פון איר מיט דער

ברייטער האַנט, האָט נאָך דער יודענעלטעסטער „באַמיט זיך ביי די דייטשן צו מאַכן אומעגלעך דאָס איבערשיקן לעבנסמיטל אין ,זיין' געטאָ". ד"ר שיקער האָט וועגן דעם געשמועסט מיטן יודענעלטעסטען פון זדונסקאַ וואָליאַ, ד"ר לעמבערגער (פאַרפּייניקט געוואָרן דורך ביבאָוון פאַר נישט וועלן געבן יידן צום הענגען). ד"ר לעמבערגער האָט רומקאָווסקיס האַנדלונג ערקלערט מיט דעם, וואָס „ער וויל זיין דער באַלעבאָס איבערן לעבן און טויט פון די לאָדזשער יידן. ער וויל דעריבער האָבן אין זיינע הענט די גאַנצע קאָנטראָל איבער דער צושטעלונג פון לעבנסמיטל".

ד"ר לעאָן שיקער דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן אַן „אַפּערע מיט שפּייז־פּעקלעך פון ראַטנפאַרבאַנד און פון מעבר לים. געוויסע לאָדזשער פּליטים, וואָס האָבן אין ערשטן מלחמה־יאָר זיך איינגעאָרדנט אין ראַטנפאַרבאַנד, האָבן פון זייערע אָפּגעשפּאָרטע פאַרדינסטן געשיקט פּעקלעך צו די קרובים אין געטאָ. לויט אַ פאַראָרדנונג פון דער דייטשער מאַכט, האָט מען פּאָסט געקאָנט שיקן נאָר אויפן אַדרעס פון „דער עלטעסטער דער יודען אין ליטצמאַנשטאַט ח. רומקאָווסקי" און ערשט דערנאָך אָנגעבן דעם נאָמען פאַר וועמען.[449] רומ־קאָווסקי האָט קוויטירט די פּעקלעך און זיי די אַדרעסאַטן נישט אָפּגעגעבן. (עס האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן קיין דאָקומענטן וועגן דער צאָל פון אַזעלכע פּעקלעך. זיי ווערן אָבער דערמאַנט אין זכרונות און גבית־עדות.)

ווען מ'האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, וואַרשיינלעך דורך קאָרעספּאָנדענץ, האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל. רומקאָווסקי האָט באַרויִקט די אַדרעסאַטן דורך אויסצאָלן זיי אַ געוויסע סומע און שפּעטער האָט ער אויפגעהערט צאָלן און דערקלערט, אַז די דערהאַלטענע שפּייז ווערט באַנוצט פאַר קראַנקע אין די שפּיטעלער. „אָבער דאָס איז נישט אמת — האָט געשריבן ד"ר לעאָן שיקער אין זיינע זכרונות. — איך קאָן זאָגן מיט דער גאַנצער אחריות, אַז די דערנע־רונגס־אַרטיקלען האָב איך אין שפּיטאָל נישט געזען. דאַקעגן־זשע בעת די הוליאַנקעס ביי די אַזוי גערופענע געטאָ־פּני האָבן די פּראָדוקטן פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אויף די טישן". לויט די ציטירטע זכרונות איז אויף דעם באָדן פאָרגעקומען אַ סכסוך צווישן רומקאָווסקין און געשטאַפּאָ און עס האָט זיך פאַרענדיקט „מיט אַ חלוקה: 50 פּראָצ. דער געשטאַפּאָ און 50 פּראָצ. רומקאָווסקין".[450]

אין דעם נוסח האָט אויך געשריבן ד"ר האָרוויטץ־קלעמענטינאָווסקי אין זיינע נאָטיצן און י. טאַבאַקסבלאַט אין זיינע פאַרעפנטלעכטע זכרונות. די מעשה מיט די פּעקלעך און שלעכטער אַפּראָוויזאַציע זענען געווען די הויפּט־אַרגומענטן פון דער אינטעליגענץ־אָפּאָזיציע צו רומקאָווסקין. די אָפּאָזיציע אין די פאַרזאַנען פון ד"ר שיקער און אינזש. האָרוויטץ־קלעמענטינאָווסקי האָט אויפן

באַדן פון קאַמף קעגן יודענעלטעסטען געפּרווּוט זיך פאַרשטענדיקן מיט די אַרבעטער־פּאַרטייען.

## ב. דער מצב פון די אַרבעטער־פּאַרטייען בעת דעם סאָציאַלן אויפברויז אין געטאָ

אין פּעריאָד פון סאָציאַלן אויפברויז אין געטאָ, וואָס נעמט אַרום די חדשים פון אויגוסט 1940 ביז מערץ 1941 — זענען די אַרבעטער־פּאַרטייען: בונד, לינקע פּועלי־ציון און קאָמוניסטן — געווען שוין ווי געהעריק אָרגאַני־זירט. זיי האָבן געפירט אַ ברייט פאַרצווייגטע טעטיקייט צווישן דער יוגנט, אין די רעסאָרטן דורך די פאַבריקס־דעלעגאַטן. די יוגנטלעכע פון אַלע פּאַרטייען אַ חוץ קאָמוניסטן האָבן געפירט אַן אָרגאַניזירט קבוצה־לעבן אויף דער „הכשרה" אין מאַרושין. אויך די יידישע קאָמוניסטן האָבן געהאַט זייער קאָנצענטרירטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין די געטאָ־גימנאַזיעס.

דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער דאָזיקער קאָמוניסטישער יוגנט־באַוועגונג איז געווען ניוטעק ראַדזינער, אַ זון פון אַ באַוווּסטער לאָדזשער אָרטאָדאָקסישער משפּחה. די יוגנט־קרייזלעך אין די גימנאַזיעס, וואָס האָבן זיך גערופן — „פּרעבלוווקעס", האָבן פּונקט ווי די קרייזלעך פון די אַנדערע פּאַרטייען אין געטאָ זיך פאַרנומען מיט אויפקלערונגס־אַרבעט, מיט שטודירן מאַרקסיסטישע ליטעראַטור, און מיט איינאָרדנען פייערלעכקייטן אין קאָמוניסטישע געדענק־טעג.

דוד שעראַקאָוויאַק, אַ טוער אין דער דערמאָנטער קאָמוניסטישער יוגנט־באַוועגונג, האָט אין זיין טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ* צוו. אַנד. אַזוי באַשריבן די טעטיקייט פון די קאָמוניסטישע יוגנט־קרייזלעך אין די געטאָ־גימנאַזיעס:

„מיר האָבן היינט געהאַט זייער אַן איינגעגעבענע פאַרזאַמלונג פון די מענער־גרופּן, וואָס זאָגט אַן אַ פּרוכטבאַרע טעטיקייט. דורך ניוטעק ראַדזינער זענען אַרומגערעדט געוואָרן די פייערונגען פון 1־טן מאַי און דערנאָך דורך מיר — אָרגאַניזאַציע־ענינים. צום סוף איז געווען אַ רעפעראַט פון ניוטעקן וועגן דער יוגנט אין דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. עס האָט זיך אַנטוויקלט זייער אַ לעבעדיקע דיסקוסיע, וועלכע האָט אַלעמען זייער פיל געגעבן."

אונטער דער דאַטע פון 8־טן מאַי 1941 האָט שעראַקאָוויאַק געשריבן:

---

* דוד שעראַקאָוויאַק, אַ בחור, געבוירן אין יאָר 1924, האָט אין געטאָ געלערנט אין גימנאַזיע. ער האָט געשריבן אַ טאָגבוך פון די יאָרן 1941 און 1942, וואָס איז אָפּגעפונען און פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ביולעטין זשידאָווסקיעגאָ אינסטיטוטו היס־טאָריטשנעגאָ" נומ׳ נומ׳: 30,29,28. און אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע — דער מחבר פון טאָגבוך לעבט נישט.

„מיר האָבן היינט געהאַט אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון פּאָליטביוראָ,* אויף וועל־כער. עס זענען אויסגעוויילט געוואָרן פֿאָלגנדע פֿיר מיטגלידער צום אַלגע־מיינעם יוגנט־קרייז פֿון רעפּערענטן. ניוטעק ראַדזינער, יעזשי ראַפּאָפּאָרט און שיע זאָנענבאַנד. מיר וועלן באַאַרבעטן לענינס „די מלוכה און די רעוואָלוציע" און וועגן דעם רעפערירן אויף אַלע יוגנט־אַקטיוון פֿון געטאָ, ווו, אַזויווי ביי אונדז, גייט די אַרבעט פֿאָרויס."[451]

אויך די טעטיקייט פֿון בונד און לינקע פּועלי־ציון און זייערע יוגנט־קרייזן איז געגאַנגען בעיקר אין דער ריכטונג פֿון קולטור־ און אויפֿקלערונגס־אַרבעט: פֿאָרלעזונגען, רעציטאַציע־אָוונטן, ספּאָרט־אַרויסטרעטונגען. „די יוגנט און ‚סקיף'** האָבן אויפֿגעשטעלט אַ דראַמאַטישע סטודיע. אין די קיכן זענען טעגלעך פֿאָרגעקומען קלוב־אָוונטן פֿאַר די אַרבעטער פֿון די רעסאָרטן. מ'האָט געהערט די פּאָליטישע נייעס און אַ פּראָגראַם פֿון רעציטאַציעס און לידער" — שרייבט י. נירנבערג אין זיינע זכרונות.

דער טוער אין דער אונטערערדישער פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע מאיר בער גוטמאַן האָט אין אַ פּאָלעמישן אַרטיקל אין "דאָס פֿרייע וואָרט" — אַ צייט־שריפֿט אין יידיש מיט לאַטיינישע אותיות, וואָס איז נאָך דער מלחמה דער־שינען אין פֿעלדאַפֿינג, דייטשלאַנד — באַשריבן די טעטיקייט פֿון זיין פּאַרטיי: זי האָט געשאַפֿן אַ קולטור־סביבה אין קאָאָפּעראַטיוון־הויז אויף בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ 16. דאָרט זענען פֿאָרגעקומען צענדליקער אימפּרעזעס, וועלכע זענען געשטאַנען אויף אַ הויכער קולטור־מדריגה. „דער לאָקאַל איז געווען אַ בית וועד פֿאַר יידישער קונסט און ליטעראַטור".

פּונקט אַזאַ קולטור־טעטיקייט, נאָר אַ ציוניסטישע, האָבן געפֿירט ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציעס מיט זייער יוגנט. י. טאַבאַקסבלאַט האָט געשריבן: „אַ גאַנץ באַזונדערן נחת האָט אַרויסגערופֿן דער אויפֿטו פֿון די ציוניסטן מיט זייער „עונג שבת". דער גרויסער זאַל איז תמיד פֿול געווען מיט באַזוכער, וועלכע האָבן זיך מחיה געווען מיט די פּרעכטיקע געזאַנגען און דעקלאַמאַציעס."[452]

געווען אויך טעטיק אין געטאָ אַ קליינע גרופּע אַנאַרכיסטן, וועגן וועלכע עס דערמאָנט אין זיין גבית־עדות מ. לאַטאַוויטש און אַ „פֿריילאַנד"־גרופּע. וועגן איר האָט געשריבן מ. ב. גוטמאַן אין דעם אויבנציטירטן אַרטיקל. עס איז אָבער נישט באַקאַנט, וואָס פֿאַראַ צילן האָט „פֿריילאַנד" געהאַט.

אַ חוץ דער קולטור־טעטיקייט האָבן די אַרבעטער־פּאַרטייען אין געטאָ

---

* „פּאָליטביוראָ" — אַזוי האָט זיך גערופֿן אין געטאָ די אָנפֿירונג פֿון די קאָמוניס־טישע שילער־קרייזן.

** „סאָציאַליסטישער קינדער־פֿאַרבאַנד", בונדישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אונטער דעם נאָמען אויך עקזיסטירט פֿאַר דער מלחמה.

געפירט אַ פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט אין די רעסאָרטן, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דעם קאַמף קעגן רומקאָווסקין און זיין אַדמיניסטראַציע. יעדע פון די דערמאָנטע פּאַרטייען האָט געהאַט זיינע דעלעגאַטן אין די פאַבריקן (רעסאָרטן). אין טייל פאַבריקן האָבן די דעלעגאַטן געבילדעט פּראָפעסיאָנעלע קאָמיסיעס, וואָס האָבן געהאַט אַן איינפלוס ביים צונעמען אַרבעטער. די קאָמיסיעס האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן אַ מין קעגנזייטיקע הילף פאַר קראַנקע אַרבעטער. נישט אין אַלע רעסאָרטן איז די ווירקונג פון אַלע פּאַרטייען געווען אַ גלייכע. אין אייניקע, ווי ביי די שניידער, למשל, האָבן די קאָמוניסטן געהאַט אַ שטאַרקערע השפעה און אין אַנדערע (טישלער־רעסאָרט) האָבן די בונדישע דעלעגאַטן געהאַט אַ גרעסערע ווירקונג. די ל. פּועלי־ציון זענען געווען שטאַרק פאַרטרעטן אין דער ווירטשאַפטס־אָפּטיילונג און אין היטלמאַכער־רעסאָרט. די דעלעגאַטן האָבן אויך גענומען פון פּאַרטיי־חברים מיטגלידס־אָפּצאָל פאַר זייערע פּאַרטייען. [453]

## ג. דער שטורמישער שטרייק אין שניידער־רעסאָרט

די כסדרדיקע פאַרערגערונג פון דער אַפּראָוויזאַציע, דער קאַמף פון רומקאָווסקין קעגן שמוגל האָט געבראַכט צו אַ דוחק אין פּראָדוקטן אין געטאָ. די פּראָדוקטן זענען טייערער געוואָרן און דער איינגעשטעלטער אַרבעטס־לוין אין די רעסאָרטן, שוין מיט דער צוגאָב־באַשפּייזונג אין די קיכן — האָט נישט געקלעקט אַפילו אויף דעם מינימום־אויסהאַלט פון די אַרבעטנדיקע. עס האָט זיך דעריבער אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אומצופרידנהייט צווישן די אַרבעטער אין די רעסאָרטן.

דער סאָציאַלער אויפברויז, די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס האָבן אויך דרייסטער געמאַכט די אַרבעטער אין די פאַבריקן צו פאַרלאַנגען אַ העכערונג פון זייערע לוינען. דער ערשטער שטרייק אויף דעם באַדן האָט, אין סעפּטעמבער 1940, אויסגעבראָכן אין גרויסן שניידער־רעסאָרט אויף לאַגעווניצקע גאַס נומ׳ 53־55. די אַרבעטער האָבן דערקלערט אַ זיץ־שטרייק. אַ דעלעגאַציע איז אַוועק צו רומקאָווסקין און געפאָדערט אַ לוין־העכערונג, וואָס ער האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן. די אַרבעטער האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן די שניידעריי. רומקאָווסקי איז געקומען אין רעסאָרט צוזאַמען מיט דער יידישער געטאָ־פּאָליציי. עס האָט געקאָנט קומען צו אַ צוזאַמענשטויס.

עמיצער האָט אָנטעלעפאָנירט אין אַמבולאַטאָריע צו ד״ר שיקער, אַז רומקאָווסקי איז געשטויסן געוואָרן דורך די אַרבעטער און האָט פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין. ד״ר ל. שיקער איז געקומען אויפן אָרט. אין זיינע זכרונות האָט ער געגעבן אַזאַ שילדערונג פון דער געשעעניש:

„איך האָב פאַרלאַנגט פון רומקאָווסקין, ווען מען איך האָב געטראָפן אין אַ גאַנץ מונטערן צושטאַנד, אַז ער זאָל צוריקציען די פּאָליציי; ער האָט מורא געהאַט צו בלייבן אַליין מיט די אַרבעטער. איך בין אַרויס פאַרן הויז, ווו כ'האָב געטראָפן יחיאלן (בלינדער כיל), וועלכער האָט דערקלערט, אַז די פּאָליציי איז באַוואָפנט מיט מעסערס און ס'קאָן דערגיין צו בלוט-פאַרגיסונג.

די אַרבעטער האָבן מסכים געווען צו פאַרלאָזן דעם בנין, אויב די פּאָליציי וועט צוריקגעצויגן ווערן. דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף צווישן די אַרבעטער און פּאָליציי. איך בין אַריין אינדערמיט און באַמיט זיך די צדדים צו צעטיילן. דאָס האָט זיך איינגעגעבן. אין שפּיץ פון דער פּאָליציי-אָפּטיילונג איז געשטאַנען כימאָוויטש, דער שפּעטערדיקער לייטער פון דער מעטאַל-אָפּטיילונג, וועלכער האָט זיך מיט זיין מענטשנפיינטלעכער טעטיקייט באַזונדערס איינגעקריצט אין זכרון פון די מעטאַל-אַרבעטער."

עס האָט זיך לסוף איינגעגעבן דעם ד"ר שיקער צו ווירקן אויף כימאָוויטשן, אַז ער זאָל זיך צוריקציען מיט דער פּאָליציי, וועלכע איז אַוועק פון „קאַמפּס-פּלאַץ". „אויפן פאַרלאַנג פון יחיאלן, זענען אויך די אַרבעטער זיך פאַנאַנדער-געגאַנגען".

די דעמאָנסטראַציעס, וואָס זענען בלוטיק צעטריבן געוואָרן דורך דייטשער פּאָליציי, די שטורמישע שטרייקן ביי די שניידער און אויך אין אַנדערע רעסאָרטן, האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער אויבנדערמאַנטער אינטעליגענטן-גרופּע, וועלכע איז געווען אין אָפּאָזיציע צו רומקאָווסקין און זי האָט זיך באַמיט אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט די אַרבעטער. אין זיינע נאָטיצן האָט אינוש. האַרוויטץ געשריבן:

„איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן האָבן זיך אונטערגענומען איינצושטילן די גאַס אונטער דעם באַדינג, אַז די פּאָליציי [יידישע] זאָל זיך פאַרהאַלטן פּאַסיוו און, אַז נאָך דער באַרויקונג וועט רומקאָווסקי אויפנעמען אַ דעלעגאַציע פון די אַרבעטער". רומקאָווסקי האָט אָנגענומען די באַדינגונגען. וועגן דעם האָט מען צוויסן געטאָן די אַרבעטער-פּאַרטייען.

### ד. דער איינהייטלעכער פראָנט פון די אַרבעטער-פּאַרטייען און די אונטערהאַנדלונגען מיט רומקאָווסקין

עס איז פאַרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די אַרבעטער-פּאַרטייען. עס זענען געווען פאַרטרעטן: פון בונד — משה לעדערמאַן, גאָלדע יאַקובאָוויטש-זילבערבערג, יעקב נירנבערג און אסתר וויינבערג; פון דער „לינקער גרופּע" (קאָמוניסטן) — די פאַרמלחמהדיקע קאָמוניסטישע טוערין זולאַ פּאַצאַנאָווסקאַ, מאַקס פיינבערג און יחיאל הערשקאָרן (בלינדער כיל); פון ל. פּועלי-ציון —

עמנואל וואָלינסקי, חיים דייטלצוויג און מאיר בער גוטמאַן; רעכטע פּועלי־ציון — חיים עלע טאָביאַש און ליבערמאַן.

אינזש. האָרוויטץ, וואָס האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער דאָזיקער צווישנפּאַרטייאישער באַראַטונג, האָט אין אַ רעדע גערופן די אַרבעטער־פּאַרטייען „איינהייטלעך צו קעמפן קעגן רומקאָווסקין, ווייל ער אַרבעט מיט מיט געשטאַפּאָ. ער האָט אויך געשאַפן דאָס געטאָ. די אַרבעטער־פּאָרשטייער האָבן אָבער נישט געהאַט קיין צוטרוי צו האָרוויטצעס רייד, הגם זיי האָבן געוווּסט, אַז ער אָרגאַניזירט אַן אָפּאָזיציע קעגן רומקאָווסקין און פירט אַן אָפענע אַגיטאַציע קעגן אים.

די באַראַטונג פון די פאָרשטייער פון די אַרבעטער־פּאַרטייען האָט זיך פאַרענדיקט מיט אויפשטעלן אַ צווישנפּאַרטייאישע דעלעגאַציע („עקזעקוטיווע“), וואָס זאָל אונטערהאַנדלען מיט רומקאָווסקין וועגן אויסבעסערן דעם מצב פון דער נויט־ליידנדער געטאָ־באַפעלקערונג און העכערן די לוינען פון די באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן.[454]

פאַר דער קאָנפערענץ מיט רומקאָווסקין איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַר־זאַמלונג פון אַלע פאַבריקס־דעלעגאַטן. עס זענען געקומען אַ 250 פּערזאָן. צו די דעלעגאַטן האָבן גערעדט: גאָלדע יאַקובאָוויטש־זילבערבערג, עמנואל וואָ־לינסקי, זולאַ פּאַצאַנאָווסקאַ. די רעדנער האָבן אין זייערע ווערטער זיך באַמיט צו שטאַרקן דעם גלויבן, אַז מ׳וועט איבערלעבן די צרות און אויסהאַלטן, טראָץ די געטאָ־פּיין און רומקאָווסקיס הערשאַפט.

*

עס איז אַוועק אַ דעלעגאַציע צו רומקאָווסקין, וועלכע איז באַשטאַנען פון דער פריער דערמאָנטער „עקזעקוטיווע“ און „נישט אָפיציעל האָבן צו דער דעלעגאַציע געהערט: אינזש. האָרוויטץ און אינזש. לאַפּפּ. זיי האָבן גענומען אָנטייל נאָר אין פאָרטרוילעכע קאָנפערענצן.

דער יודענעלטעסטער האָט די דעלעגאַציע אויפגענומען זייער פריינט־לעך, נישט געבייזערט זיך, נאָר באַמיט זיך צו צעשלאָגן די אַרבעטער־איינִיקייט. די אונטערהאַנדלונגען האָבן געדויערט עטלעכע טעג און ביי יעדן איבערייס האָט רומקאָווסקי זיך באַמיט צו אונטערהאַנדלען מיט די פאָרטרעטער פון יעדער פּאַרטיי באַזונדער. דער יודענעלטעסטער האָט דערפון נישט געמאַכט קיין סוד און די פּאַרטיי־פירער האָבן פאַרבאָטן זייערע חברים צו פירן סעפּעראַטע אונטערהאַנדלונגען.

בעת דער קאָנפערענץ מיט רומקאָווסקין האָבן די דעלעגאַטן גערעדט מיט פאַרביטערונג וועגן הונגער אין געטאָ, וועגן אַריינפירן דייטשע פּאָליציי, וואָס האָט געבראַכט צו בלוט־פאַרגיסונגען. די אַרבעטער־פאָרטרעטער האָבן

**געפאָדערט: עפענען געזעלשאַפטלעכע פאָלקס־קיכן און אָרגאַניזירן אַ ברייטע סאָציאַלע הילף פאַר די נויטליידנדע, וואָס זאָל זיך געפונען אונטער דער אויפ־זיכט פון די אַרבעטער.**

איינע פון די דאָזיקע קאָנפערענצן מיט רומקאָווסקין איז פאָרגעקומען אין דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג, אין קאַבינעט פון ד״ר שיקער. אין זיינע זכרונות האָט ד״ר ל. שיקער אַזוי באַשריבן די דאָזיקע זיצונג:

„רומקאָווסקי, וועלכער האָט פריער פייערלעך פאַרזיכערט, אַז ער וועט צוזאַמענאַרבעטן מיט דער צווישנפאַרטייאישער דעלעגאַציע, האָט זיך באַמיט פאַר יעדן פרייז די אונטערהאַנדלונגען אָראָפּצורייסן און ער האָט זיינס דער־גרייכט.

בדרך כלל האָט מען מיט רומקאָווסקין זיך נישט געקענט דעררעדן. ער האָט געוואָלט איינהאַלטן זיין „בייראַט" און נישט מסכים געווען צו שאַפן אַן אַלגעמיינע רעפּרעזענטאַנץ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין געטאָ. ער האָט אַפילו פאַרגעלייגט ווי אַ הנחה פאַר די אַרבעטער־ריכטונגען, אַז נעבן דעם „בייראַט" זאָל איינגעשטעלט ווערן אַ מין אַרבעטער־ראַט. אויף דער פראַגע פון איינעם פון די אַנוועזנדע, וואָס פאַרא צילן און אויפגאַבן וועט האָבן דער אַרבעטער־ראַט, האָט רומקאָווסקי געענטפערט גאַנץ ציניש: „וועט איר מיר עצה'ען אַזוינס, וואָס איז לויט מיין מיינונג גוט, וועל איך די עצה אָננעמען. אין קעגנפאַל וועל איך טאָן אַזוי ווי עס וועט מיר געפעלן".

די אונטערהאַנדלונגען פון די אַרבעטער־דעלעגאַטן מיטן יודנעלטעסטען האָבן געגעבן דעם רעזולטאַט, אַז דעם 19־טן סעפּטעמבער 1940 האָט רומקאָוו־סקי „גערופן צו זיך די פאָרשטייער פון די אַרבעטער־פאַרטייען און אין קעגנוואַרט פון ד״ר שיקער האָט ער פאָרגעלייענט אַ מין „מאַניפעסט" צו די געטאָ־איינוווינער, אַז יעדער פון זיי, וואָס אַרבעט נישט אין די רעסאָרטן, האָט דאָס רעכט צו באַקומען שטיצע אין דער הויך פון 9 מאַרק אַ חודש פאַר אַ דערוואַקסענעם און 7 מאַרק פאַר קינדער ביז 4 יאָר."

לויט נישט קאָנטראָלירטע ציפערן אין י. טאַבאַקסבלאַטס זכרונות, האָבן אין „דעם ערשטן חודש די שטיצע דערהאַלטן 39,191 משפחות — 124,773 פערזאָן. די אויסגעצאָלטע סומע האָט באַטראָפן 1,077,176 מאַרק."[455]

## ה. משה (מאַניעק) מערין און מרדכי חיים רומקאָווסקי

אַן שום ספק האָבן די אָקופּאַנטישע מאַכט־אָרגאַנען געוווּסט וואָס עס קומט פאָר אין ליטצמאַנשטאַטער געטאָ. אין געטאָ איז געזעסן די "קריפּאָ" מיט אַ שטאַב אַגענטן, וועלכע האָבן גענישטערט אין יעדן ווינקל. די געשטאַפּאָ האָט געהאַט איר געהיימע אָפּטיילונג און אירע אַגענטן אויך צווישן יידן.

הערצבערג, דער נאַטשאַלניק פון דער תפיסה אויף טשארניעצקי־גאַס, וואָס האָט געהאַט די ברייטסטע פולמאַכטן דורכצופירן רעוויזיעס, באַרויבן, אַרעסטירן, פייניקן און פאַרפייניקן צום טויט — האָט דאָס אַלץ געקאָנט באַווייזן נאָר אַלס אַגענט פון געשטאַפּאָ אָדער „קריפּאָ", מיט וועלכער ער האָט געטיילט דעם רויב. אַלס אַזעלכער האָט הערצבערג, אָן שום ספק, באַריכטעט זיינע באַפעלסגעבער, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ.

און רומקאָווסקי אַליין, דער וואָס האָט געגלויבט אַז מ׳קאָן ראַטעווען יידן נאָר דורך דינען דער דייטשער מאַכט און האָט געציטערט פאַר זיין אייגענער מאַכט, האָט אוודאי באַריכטעט די „בעהערדען", וואָס עס טוט זיך אין געטאָ.

טראָץ דעם, וואָס די דייטשן האָבן וועגן דעם אַלעמען געוווּסט, האָבן זיי דאָך נישט אונטערגענומען קיין שום מיטלען אויף צו שטערן אָט דאָס אינערלעכע געטאָ־לעבן, ווי עס וואָלט זיי לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען, וואָס דאָרט קומט פאָר. עס קאָן אויסזען ווי אַ רעטעניש, וואָס ביי דער גאַנצער אומלעגאַלער טעטיקייט פון די 4 אַרבעטער־ריכטונגען אין געטאָ, אויך קאָמוניסטן, ביי דעם פעכער פון ציוניסטישע ריכטונגען מיט אַ צענטראַלער אָנפירונג — האָבן די דייטשן אין ליטצמאַנשטאַט נישט דורכגעפירט קיין אַרעסטן און דערשיסונגען פון די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טוער, ווי עס איז געשען, למשל, אין וואַרשע, ביאַליסטאָק, ווילנע, סאָסנאָוויעץ אאַנ״ד ערטער.[456]

די דאָזיקע „לאָיאַלע" באַציאונג פון די דייטשן צום לאָדזשער געטאָ האָט געהאַט צוויי וויכטיקע סיבות: 1. דער דייטשער קאָמופלאַזש, וואָס האָט געדאַרפט שאַפן ביי יידן די אילוזיע, אַז מ׳וויל זיי נישט טאָן קיין שלעכטס. אַ פאַרמאַסקירונג, וואָס איז דער דייטשער מאַכט נויטיק געווען צו פאַרהוילן די נאָענטסטע יידן־אויסראָטונגס־אַקציע; און 2. די זיכערקייט, אַז דער יודענעלטעסטער, מיט זיין „אָרדנונגסדינסט" (יידישע פּאָליציי) וועט זיך שוין אַליין אַן עצה־געבן מיט די דאָזיקע פאַרהונגערטע לייט, וואָס בונטעווען זיך נאָר קעגן דער רומקאָווסקי־מאַכט און נישט קעגן די דייטשן.

די דייטשן זענען צופרידן געווען, וואָס די יידן דאָרט אינעם געטאָ וועלן זיך אַליין „אויסקאָכען אין אייגענעם סאָוס און אַליין אויפפרעסען". עס וועט נאָך פאַרלייכטערן די דייטשן דורכצופירן די ענדגילטיקע אויסראָטונג פון די לאָדזשער יידן.

צו דעם דאָזיקן דייטשן קאָמופלאַזש געהער אויך דאָס צונויפפירן דעם יודענעלטעסטען פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ, מרדכי חיים רומקאָווסקי, מיט משה (מאָניעק) מערין — „דער לייטער דער עלטעסטענרעטע, דער יידישען קולטוס־געמיינדען אין אָסט־אָבערשלעזיען" — ווי עס איז געווען זיין אָפיציעלער דייטשער טיטל.

צווישן די דאָזיקע צוויי יודענעלטעסטע איז געווען זייער פיל געמיינ־

זאַמעס, סיי אין זייער פֿאַרמלחמהדיקער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט, סיי אין זייער אַרט טראַכטן און פּסיכישן איינשטעל אין דער צייט פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע.

פּונקט ווי רומקאָווסקי, אַזוי האָט אויך מאַניעק מערין, ווי מ׳קאָן זיך משער זיין, נישט געהאַט קיין באַזונדערע הצלחה אין זיין פֿאַרמלחמהדיקער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט. טראָץ זיין אַמביציע צו ווערן אַ גרויסער פּאַרטיי־טוער ביי יידן, האָט זיך מערינען נישט איינגעגעבן צו דערשלאָגן זיך צו אַן אָנפֿירנדיקן אַמט אין יידישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. צוליב דעם האָט ער „פּאָליטיש זיך איבערגעוואָרפֿן פֿון איין זייט אויף דער צווייטער. אַ געוויסע צייט — אַ רעכטער פּ. צ., דערנאָך אַן אַלגעמיינער ציוניסט, געווען אַ געוויסע צייט אַן אָנהענגער פֿון הרב האגער, תמיד געווען אַ פּאָליטישער שתדלן" — אַזוי האָט ד״ר ע. רינגעלבלום, דער היסטאָריקער און קדוש, געשריבן אין זיינע „באַטיצן פֿון וואַרשעווער געטאָ", אויפֿן סמך פֿון אינפֿאָרמאַציעס, וועלכע ער האָט באַקומען.[457]

אויב אין דער פֿאַרמלחמהדיקער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט זענען דאָך פֿאַראַן געוויסע אונטערשיידן צווישן רומקאָווסקין און מערינען, אונטער־שידן אויפֿן באָדן פֿון זייערע באַזונדערע סביבות, איז זייער טעטיקייט אין דער צייט פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע שטאַרק, שטאַרק ענלעך.

מיטן אָנקום פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע און די מיט איר פֿאַרבונדענער יידן־אויסראָטונג און געזעלשאַפֿטלעכן חורבן — האָט מאַניעק מערין, פּונקט ווי רומקאָווסקי, געהאַלטן, אַז איצט איז געקומען זיין צייט, ווען ער וועט קאָנען זיך אַרויסרוקן אין אויבנאָן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט. מערין האָט פּונקט ווי רומקאָווסקי געזעדט וועגן זיין, מערינס, ראָל אין דער אָקופּאַציע־צייט, אַז: „עס איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַ יידישער פֿירער, וואָס זאָל האָבן אַזאַ השפּעה, אויף יידן, ווי ער, מערין".[458]

איין געדאַנק האָט באַהערשטביידן — דעם עלטעסטען דער יודען אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט און דעם פּרעזעס פֿון דער „צענטראַלע דער יידישען עלטעסטענרעטע אין אָסט־אָבערשלעזיען" — אַז דורך הכנעהדיקער שתדלנות ביי די דייטשן, דורך אונטערקויפֿן זיי און אויסליפֿערן זיי די צאָל יידן, וועלכע די עס. עס. פֿאַרלאַנגט, וועט זיך איינגעבן צו ראַטעווען דעם כלל. אויך מערין האָט פּונקט ווי רומקאָווסקי געהאַלטן רעדעס מיט אַ זעלבסטזיכערן טאָן, ווי אַ פּאָליטיקער, וועלכער ווייסט, וואָס ער טוט, ווען ער פֿירט אויס די דייטשע באַפֿעלן פֿון אַרויסשיקן יידן. מערין האָט פּונקט ווי רומקאָווסקי מתחילת גע־וואָלט געווינען די ערלעכע געזעלשאַפֿטלעכע עסקנים, זיי זאָלן מיטאַרבעטן מיטן יודענראַט, וואָס עס איז אים נישט געלונגען, און האָט אויך געשטיצט דאָס אָרגאַניזירן יוגנט־קאָלאָניעס, און פּונקט ווי דער יודענעלטעסטער פֿון געטאָ

ליטצמאַנשטאַט, זיי אויפגעלעזט, ווען די יוגנט האָט נישט געוואָלט ווערן קיין ווערקצייג פונעם יודענראַט אויסצופירן די דייטשע באַפעלן.

מיט איין זאַך האָט זיך מעריץ אונטערשיידעט פון דעם „עלטעסטען דער יודען" אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט, נעמלעך: פאַר מערינען איז צו ווייניק געווען די ראָל פון פרעזעס פון דער „צענטראַלע דער יידישען עלטעסטענרעטע אין אָסט־אָבערשלעזיען". ער האָט געוואָלט, מיט דער הילף פון די דייטשן, ווערן דער פרעזידענט פון אַלע יודענראַטען אין דייטשלאַנד און אין די אָקופּירטע געביטן אין מזרח־אייראָפּע.

פאַר דער דייטשער פאַרמאַסקירונג פון דער יידן־אויסראָטונג איז זייער נויטיק געווען אָט די טעטיקייט פון מערינען. עס איז נויטיק געווען פאַר אויס־לאַנד און נאָך מער פאַר די מיליאָנען יידן פון פוילן, די קאַנדידאַטן פאַר די גאַז־קאַמערן. די דייטשן האָבן דעריבער דערלויבט דעם פאַרחוצפּה׳טן מאָניעק מערין צו פירן קאָרעספּאָנדענץ מיט די יודענראַטן אין פוילן, אין עסטרייך און דייטשלאַנד און זיי צו באַזוכן.

אויף אַ קאָנפערענץ פון די פאָרזיצערס פון די יודענראַטן פון בענדין און סאָסנאָוויעץ האָט מאָניעק מערין גערעדט, מיט אויסערגעוויינלעכער פאַרשייט־קייט און חוזק, וועגן די „קהילות" אין דייטשלאַנד און די „ראשי קהילות" אין וואַרשע און לאָדזש, וואָס ווילן נישט אָננעמען זיין מיינונג וועגן שאַפן איין פאַרבאַנד פון אַלע „קהילות" פון דייטשלאַנד און פוילן, ווייל זיי האָבן מורא, אַז די השפעה וועט אַריבער אין די הענט פון מאָניעק מערין.[459]

## ו. מאָניעק מערין און די הילפס־טעטיקייט פון „דזשאָינט"

די טעטיקייט פון מאָניעק מערין, זיין פאַרבינדונג מיט די יודענראַטען, באַזונדערס זיין קאָרעספּאָנדענץ און שפּעטערדיקער צוזאַמענטרעף מיט רומ־קאָווסקין אין ליטצמאַנשטאַטער געטאָ — געהערן צו יענע פינצטערע מאַכינאַ־ציעס, וואָס די דייטשן האָבן געפירט מיט פאַרשידענע אויסגעגליטשטע יידישע עסקנים און זיי אויסגענוצט אויף צו פאַרדעקן די פאַרברעכערישע דייטש־נאַצישע פּלענער פון יידן־אויסראָטונג. פאַרשטענדלעך, אַז מערינס פאַרבינדונג מיט די יודענראַטן און די קאָרעספּאָנדענץ מיט זיי, האָט געקאָנט פאָרקומען נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פון דער דייטש־היטלערישער מאַכט. פיל פּרטים פון דער דאָזיקער צענטראַלער יודענראַטלערישער טעטיקייט זענען ביז דעם שרייבן פון דעם בוך נאָך נישט אויפגעקלערט.

אַזוי, למשל, ווייסט מען נישט פונוואַנען האָט מערין גענומען די געלט־מיטלען, וואָס זענען נויטיק געווען פאַר זיין טעטיקייט, וואָס האָבן אים אויך געגעבן די מעגלעכקייט צו פינאַנסירן פאַרשידענע יודענראַטן אין פוילן.

עס איז אויך נישט קלאָר, וואָס פאַראַ פאַרבינדונג איז געווען צווישן „דזשאָינט" און מערינען. אין די אַקטן פון „דזשאָינט" פון יענער צייט, וואָס זענען פאַראַנען אין אַרכיוו פון וואַרשעווער „יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט" רעדט זיך וועגן אַ סאָסנאָוועצער אונטערשטיצונגס־צענטראַלע.[460] סאָסנאָוויעץ האָט געהערט צו מערינס „עלטעסטענרעטע דער יודען" און ער איז, ווייזט אויס, געווען דער פירער פון דער דאָזיקער „דזשאָינט"־צענטראַל, וואָס האָט באַזאָרגט מערינען מיט די פינאַנסיעלע מיטלען פאַר „צענטראַליזירן" די יודענראַטלע־רישע טעטיקייט. אויך אין אַ בריוו צו רומקאָווסקין איז געבן מערינס הויפּט־טיטל: „לייטער דער עלטעסטענרעטע דער יידישען קולטוס־געמיינדען אין אָסט־אָבערשלעזיען" אויך צוגעגעבן — „אבט. [אָפּטיילונג] הילפסאַקציאָן פאַר די יודען אין די געהעטאָס".[461]

## ז. די קאָרעספּאָנדענץ: מערין—רומקאָווסקי

די קאָרעספּאָנדענץ, וואָס מערין האָט געפירט מיט רומקאָווסקין פאַר אָדער נאָך דעם צוזאַמענטרעף פון די ביידע יודענעלטעסטע, וואַרפט אַ געוויסן ליכטשיין אויף דעם דייטש־נאַציישן קאַמופלאַזש מיטן שאַפן אַ „צענטראַלע אַנפירונג" פון אַלע יודענראַטן אין פוילן.

אין אַ בריוו פון 12־טן סעפּטעמבער 1940 ווענדעט זיך מערין צו דער „ערנעהרונגס־ אונד ווירטשאַפטסשטעללע, אויף דער האַנט פון ביבאָוו", מיט אַ בקשה — איבערצושיקן אַ בריוו צום עלטעסטען דער יודען אין געטאָ ליטצ־מאַנשטאַט. די ביילאַגע צו מערינס בריוו צו ביבאָוון, ד. ה. דער אייגנטלעכער בריוו צו רומקאָווסקין, האָט זיך נישט אויפגעהאַלטן אין אַרכיוו. עס איז אָבער פאַראַן ביבאָווס צושריפט צו רומקאָווסקין מיט דער מיטטיילונג, אַז „דער בריוו פון לייטער פון דער סאָסנאָווצער יודענגעמיינשאַפט איז דערהאַלטן געוואָרן עקספּרעס. אויף די געשטעלטע פראַגן אין בריוו, „דירפען זי [רומקאָווסקי] זאָפאָרט אַנטוואָרטען".

פון דער ווייטערדיקער קאָרעספּאָנדענץ איז צו זען, אַז רומקאָווסקי האָט זיך נישט געאיילט צו ענטפערן. עס האָט זיך וואַרשיינלעך געהאַנדלט וועגן מערינס באַזוך אין לאָדזשער געטאָ. רומקאָווסקי, וואָס האָט געציטערט פאַר זיין מאַכט, האָט זיך נישט געוווּנטשן אַזעלכע באַזוכן פון „איינפלוסרייכע פּער־זענלעכקייטן". מערין האָט דאָן צוגעשיקט אַ צווייטן בריוו צו דער „ערנעהרונגס־אונד ווירטשאַפטסשטעללע, אויף דער האַנט פון האַנס ביבאָוון" מיט דער בקשה איבערצושיקן דעם בריוו צום הערן רומקאָווסקי און ווידער דאַרף מען זיך משער זיין, אַז ביבאָוו האָט געמאַכט אַ דרוק אויף רומקאָווסקין, אַז ער זאָל ענטפערן אויף די „פראַגן" פון מערינען. און ערשט דעם 25־סטן סעפּטעמבער

1940 ענטפערט רומקאָווסקי ביבאָוון, אַז ער, רומקאָווסקי, האָט געשיקט אַ תשובה צום „לייטער פון דער סאָסנאָווצער יודענגעמיינשאַפט״. דורך דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ[462] איז צושטאַנד געקומען דער צוזאַמענטרעף צווישן ביידע יודנעלטעסטע.

## ח. מאָניעק מערין אין געטאָ ליטצמאַנשטאָט און זיין קאָנפערענץ מיט רומקאָווסקין

מאָניעק מערין איז געקומען אין געטאָ־ליטצמאַנשטאָט גראָד דעמלט, ווען כמעט אַלע שיכטן פון די געטאָ־איינוווינער זענען אַרויסגעטרעטן קעגן רומקאָווסקין. עס איז נישט באַקאַנט פונוואַנען די גאַס האָט זיך דערוווּסט וועגן אָנקומען פון מערינען. ווייזט אויס, אַז עמיצער איז געווען פאַרינטערעסירט אין פאַרשפּרייטן אַזעלכע ידיעות, ווי: „דער עלטעסטער פון די יידן אין אויבער־שלעזיען״ איז געקומען אין ליטצמאַנשטאָטער געטאָ צו העלפן די יידן און די הילף האָט נישט געבראַכט קיין רעזולטאַט, ווייל רומקאָווסקי האָט זיך נישט געוואָלט מיט אים פאַרשטענדיקן; מאָניעק מערין, דער יודענעלטעסטער פון בענדין, סאָסנאָוויעץ, אונטער וועמענס אָנפירונג עס לעבט זיך יידן אויסערגעוויינלעך גוט — איז געקומען מאַכן אָרדנונג אין לאָדזשער געטאָ און ער וועט ווערן יודענעלטעסטער אויפן אָרט פון רומקאָווסקין. (גבית־עדות פון טאָראָנטשיק). עס איז אינטערעסאַנט, אַז אָט די ידיעות וועגן מערינס „איבערנעמען די מאַכט״ אין לאָדזשער געטאָ זענען דערגאַנגען אויך צו רינגעלבלומען קיין וואַרשע. אין זיינע נאָטיצן אונטער דער דאַטע פון 28־סטן אויגוסט פאַרצייכנט ער: „פון לאָדזש באַקומען אַ ידיעה, אַז מערין זאָל ווערן דער אויבערהאַר איבער דער לאָדזשער געטאָ״. („פּנקס בנדין״, ז׳ 204).

דער שוין דערמאָנטער האָרוויץ־קלעמענטינאָווסקי האָט אין זיינע נאָטיצן פאַרשריבן: „אַרום דער פּערזאָן פון מערינען, דעם יודענעלטעסטען פון אָבער־שלעזיען, האָט דאָס פאָלקס־מויל געוועבט גאַנצע לעגענדעס און געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ דערלייזער. פון אים, נאָר פון אים האָבן די געפּייניקטע לאָדזשער געטאָ־יידן דערוואַרט הילף. בליץ־שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז ער איז שוין געקומען. דאָס געטאָ איז געגאַנגען, ווי אויף רעדלעך. אַלע האָבן גערעדט וועגן זיין באַזוך אין געטאָ. געווען אַפילו אַ גרופּע יידן, וואָס זענען געשטאַנען אין אָפּאָזיציע צו רומקאָווסקין און האָבן געזוכט אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט מערינען, כדי דורך אים צו ווירקן אויף די דייטשן, אַז זיי זאָלן באַשטימען אַ צווייטן יודענעלטעסטען אויפן אָרט פון רומקאָווסקין אין לאָדזשער געטאָ.

ענדלעך איז מערין געקומען אין געטאָ ליטצמאַנשטאָט און זיך געטראָפן מיט רומקאָווסקין. ביידע עלטעסטע האָבן קאָנפערירט, באַזוכט די רעסאָרטן,

גערכאַפּט אַ שמועס מיט די אַרבעטער, באַרויקט און געזאָגט: „עס קומען אָן ליכטיקע טעג". דער עולם אין די גאַסן האָט געמאַכט פֿײַנטלעכע אויסרופֿן קעגן רומקאָווסקין און פֿאַר מערינען. דער יודענעלטעסטער פֿון אָבערשלעזיען האָט צוגעזאָגט צו קומען אין צוויי וואָכן אַרום מיט אַ פּלאַן פֿון קאָנסטרוקטיווער הילף.

מאָניעק מערין איז שוין מער נישט געקומען. האָרוויטץ דערקלערט די סיבה דערמיט וואָס רומקאָווסקי האָט מער נישט אַרײַנגעלאָזט מערינען אין געטאָ און גענומען רודפֿן די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט דעם יודענעלטעסטען פֿון אָבערשלעזיע.[463]

נאָך דעם באַזוך אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט האָט מערין ווײַטער זיך דורכגעשריבן מיט רומקאָווסקין און געשיקט געלט־אונטערשטיצונגען פֿאַרן לאָדזשער געטאָ. אין אַ בריוו פֿאַרופֿט זיך מערין אויף אַ שמועס, וואָס ער האָט געהאַט מיט רומקאָווסקין, בעת וועלכן דער יודענעלטעסטער פֿון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ האָט צוגעזאָגט צו דערמעגלעכן זײַנע יידן ארויסצופֿאָרן אין „גענעראַל־גווערנעמענט". מערין פֿאַרלאַנגט אין דעם בריוו, אַז רומקאָווסקי זאָל דערמעגלעכן דער משפּחה גאָלדבערג אַרויסצופֿאָרן קיין ראַדאָם.

אין אַ צווייטן בריוו פֿרעגט מערין רומקאָווסקין, צי עס איז אָנגעקומען אין ליטצמאַנשטאַטער געטאָ אַ טראַנספּאָרט פֿון רוסישע יידן און צי זענען צווישן זיי פֿאַראַנען אײַנוווינער פֿון סאָסנאָוויעץ. דערויף ענטפֿערט רומקאָווסקי אין אַ בריוו, אַז אַזאַ זאַך איז אים נישט באַקאַנט. „קיין פּאַביאַניץ זאָל אַזאַ טראַנספּאָרט האָבן געקומען".

אין דער דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענץ זענען אויך פֿאַראַן מיטטיילונגען וועגן געלט־סומעס, וואָס מערין האָט איבערגעשיקט צו רומקאָווסקין אין די חדשים סעפּטעמבער, אָקטאָבער, 1940, סך־הכל — 1311 ר"מ (רייכס־מאַרק).[464]

## .26

# באַרויִקונג נאָך די שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס

### א. קיכן, טיי־האַלעס און נויט־אונטערשטיצונג

מאָניעק מערין, וואָס האָט אויסגעפירט די שליחות פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונגס־אַקציע, איז נישט געוואָרן דער „באַלעבאָס" איבערן לאָדזשער געטאָ. * האַנס ביבאָוו האָט זיך שוין געהאַט איינגעלעבט מיט זיין יודענעלטעסטען, מיט רומקאָווסקין, און נישט געבויטיקט זיך אין קיין אַנדערן. רומקאָווסקי האָט זיך אַ נעם געטאָן צו מאַכן אָרדנונג אין זיין געטאָ, ד. ה. — אָפּרעכענען זיך מיט דער „אָפּאָזיציע" און ווערן דער „אַליינהערשער" איבער דער אומגליקלעכער געפּייניקטער עדה.

מתחילת, אונטערן דרוק פון די שטורמישע דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן, האָט דער יודענעלטעסטער געהאַלטן זיינע הבטחות, וואָס ער האָט געגעבן דער דעלעגאַציע פון די אַרבעטער־פּאַרטייען: עס זענען געעפנט געוואָרן: פינף טיי־האַלעס, ווו הונגעריקע מענטשן האָבן באַקומען געצוקערטע טיי מיט פּאָרציעס ברויט; 40 קיכן האָבן אַרויסגעגעבן בחנמדיקע מיטאָגן פאַר אַרבעטסלאָזע און אָרימעלייט, אויך מיטאָגן פאַר גאַנצע משפּחות. די דאָזיקע אַקציע איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרטרעטן: פון בונד — משה לעדערמאַן, גאָלדע יאַקובאָוויטש, יעקב נירנבערג און אסתר וויינבערג; פון די לינקע פּועלי־ציון — עמנואל וואָלינסקי, חיים דייטלצוויג, מאיר בער גוטמאַן; פון רעכטע פּועלי־ציון — מיכאל הערשקאָוויטש, חיים עלי טאָביאַש, ליבערמאַן; פון די קאָמוניסטן — זשולאַ פּאַצאַנאָווסקי, מאַקס פייגבערג און יחיאל הערשקאָרן.

מיט די קיכן האָט אָנגעפירט אַ צענטראַלע קיכן־קאָמיסיע מיט פאַרטרעטער פון: בונד — ליסיעצקי, לינקע פּועלי־ציון — פעדער, און פון די ציוניסטן — פישל טייטלבוים און ברוך פּראַשקער.[465]

רומקאָווסקי האָט געדולדעט די דאָזיקע „אַרבעטער־מאַכט" אין געטאָ,

---

* די דייטשן האָבן מערינען אַזוי לאַנג געלאָזט לעבן, ווי לאַנג ער איז נויטיק געווען אויף צו פאַרמאַסקירן זייער יידן־אויסראָטונגס־אַקציע. נאָכדעם ווי מערין האָט זיי איבערגעגעבן דאָס יידישע פאַרמעגן און די חלוצים, די אונטערערדישע קעמפער, וועלכע זענען פאַרפּייניקט געוואָרן — האָבן די דייטשן אויך אַרויסגעפירט מערינען און אים אומגעבראַכט. דאָס איז געשען אין מאַי 1943, ערב דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון די בענדינער און סאָסנאָווצער יידן. (פּנקס בנדין, ז' 191.)

**אָבער שטילערהייט האָט ער געזוכט מיטלען ווי אַזוי פון איר זיך צו באַפרייען. די געטאָ־איינוווינער האָבן זיך דערוויל באַרויקט. אויך די „בירגערלעכע אָפּאָזיציע" האָט זיך איינגעשטילט. עס זענען אָנגעקומען פרישע באַשטעלונגען פון אויסן פאַר די רעסאָרטן, די אַרבעטסלאָזיקייט האָט זיך פאַרקלענערט און רומקאָווסקיס אָנזען איז געוואַקסן. אין געטאָ האָבן זיך אָרגאַניזירט נייע אינ־סטיטוציעס. אויך די רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע האָט זיך אויסגעברייטערט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ געטאָ־געריכט, וועלכעס האָט געמשפּט פאַר פאַר־שידענע קלענערע און גרעסערע פאַרברעכנס. די תּפיסה אויף טשאַרניעצקיעגאָ איז געוואָרן פולער און עס האָט זיך געשטאַרקט די מאַכט פון דעם תּפיסה־נאַטשאַלניק הערצבערג.**

## ב. דאָס שולוועזן אין געטאָ אין יאָר 1940/41

**אין הערבסט 1940 האָט זיך דאָס לעבן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט ווידער סטאַביליזירט און עס האָט זיך באַנייט די קולטור־טעטיקייט. די מיזאַמע אַרבעט פון די לערערס און די פּעדאַגאָגישע לייטערס, האָט געגעבן שווונג דעם שולוועזן, וועלכעס האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע ווירקונג אין אויפהאַלטן דאָס מאָראַלישע גלייכגעוויכט פון קינדער און יוגנט, וואָס זענען געוואַקסן ביי גרויליק־פיינלעכע לעבנס־באַדינגונגען: ביי הונגער און נויט און שטענדיקער טויט־סכנה, וואָס האָט געדראָט מצד די דייטשן.**

**דאָס שוליאָר 1940/41 האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ מאַניפעסט פון רומ־קאָווסקין, וועלכער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויף אַ גרויסן פּילפּאַרביקן פּלאַקאַט אין דריי שפּראַכן: יידיש, פויליש און דייטש, וואָס איז פונאַנדער־געקלעפּט געוואָרן אויף די ווענט און מויערן פון די געטאָ־הייזער און געהאַט פאָלגנדן נוסח:**

„קינדער אין די שולן!

דערמיט מאַך איך באַקאַנט דעם כלל, אַז דאָס נייע שול־יאָר הייבט זיך אָן דינסטיק, דעם 29־טן אָקטאָבער 1940.

דאָס פאַרשרייבן קינדער, געבוירענע אין יאָר 1933, הייבט זיך אָן אין דער שול־אָפּטיילונג, פראַנציסקאַנער 27, מיטוואָך דעם 9־טן אָקטאָבער ל. י. און וועט דויערן ביז דינסטיק דעם 15.10 ל. י. איינשליסלעך.

ביי דער רעגיסטראַציע דאַרף מען צושטעלן אַ געבורטס־דאָקומענט פון קינד.

קינדער אין שול־עלטער, וואָס זענען צוליב וועלכער ס'איז סיבה נישט

געגאַנגען אין שול אין פאַריקן יאָר, דאַרפן זיך רעגיסטרירן אין דער אויבן דערמאָנטער צייט אין דער שול־אָפּטיילונג.

וועגן פאַרשרייבן קינדער אין פאָרשול־עלטער וועט קומען אַ באַזונדערע באַקאַנטמאַכונג.

ח. רומקאָווסקי

דער יודענעלטעסטער אין ליטצמאַנשטאַט

ד׳ 5־טן אָקטאָבער 1940.

ליטצמאַנשטאַט — געטאָ״

סטעמפּל

**אין אַ צווייטער באַקאַנטמאַכונג מעלדעט דער יודענעלטעסטער:**

„דערמיט גיב איך צו וויסן, אַז די גימנאַזיעס פאַר אַלגעמיינער און פראָ־פעסיאָנעלער בילדונג זענען אָפן פאַר אַלע אַבסאָלווענטן פון 6 אָדער 7 קלאַסן פון דער אַלגעמיינער שול, אומאָפּהענגיק פון מאַטעריעלן מצב פון זייערע עלטערן.

די רעגיסטראַציע וועט פאָרקומען אין די טעג פון 27־טן און 28־טן ד.ח. צווישן 9—14 אַ זייגער אין דער קאַנצעלאַריע פון גימנאַזיע, פראַנציסקאַנער 76.

דאָס אָננעמען אין גימנאַזיע קומט פאָר אויפן סמך פון קאָנקורס־עקזאַמען.

ח. רומקאָווסקי

דער יודענעלטעסטער אין ליטצמאַנשטאַט.

דעם 23־טן אָקטאָבער 1940

ליצמאַנשטאַט — געטאָ

סטעמפּל 466

**דאָס שוליאָר האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך די יום־טובים, אין 42 שולן האָבן געלערנט אַרום 15 טויזנט קינדער. אַ חוץ די נאָרמאַלע דערציאונגס־אַנשטאַלטן זענען אויך געווען שולן פאַר: גייסטיק צוריקגעשטאַנענע קינדער, טויבשטומע און אויך אַ שול ביי דער תפיסה אויף טשאַרניעצקיעגאָ, ווו עס האָבן געלערנט קינדער, וועלכע זענען אָפּגעקומען שטראָפן פאַר פאַרשידענע געטאָ־„חטאים״. אין צוויי גימנאַזיעס, באַזונדער פאַר יינגלעך און באַזונדער פאַר מיידלעך, האָבן געלערנט אַרום 15 הונדערט תלמידים. די שול־אַנשטאַלטן האָבן אין דערמאָנטן שוליאָר באַשעפטיקט 430 לערער און איבער הונדערט פערזאָן זענען געווען טעטיק אין באַדינונגס־פּערסאָנאַל.**

**אין שולנעץ זענען אויך געווען איינגעשלאָסן 4 רעליגיעזע שולן מיט 55 לערער און 1835 תלמידים. אין דער גימנאַזיאַלער פאָרשול האָבן געלערנט 218 שילער און אין צוויי קינדערהיימען זענען דערצויגן געוואָרן 90 קינדער אין פאָרשול־עלטער.**

די שולן האָבן אויך צובאַקומען נייע לאָקאַלן, צו וועלכע עס האָט גע־הערט דאָס קאָאָפּעראַטיווע הויז פון די מאַריאַוויטן, אויף דער פּראַנצישקאַנער גאַס נומ׳ 29. דער דאָזיקער גרויסער בנין איז ערשט שפּעטער איינגעשלאָסן געוואָרן אין געטאָ. „דער פּאַרטער און 3־טער שטאָק זענען באַנוצט געוואָרן אויף שול־צימערן און דער פערטער און פינפטער שטאָק — אויף דירות פאַר די לערער.“

אין שוליאָר 1940/41, דאָס איינציקע נאָרמאַלע שוליאָר אין געטאָ, האָט מיט די דערציאונגס־אַנשטאַלטן אָנגעפירט די זעלבע לייטונג, וועלכע איז איינ־געשטעלט געוואָרן באַלד נאָכן שליסן דאָס געטאָ, נעמלעך: רומקאָווסקיס אַ מקורב — סאַמועל לעוו, משה קאַראַ און אליהו טאָבאַקסבלאַט. מיט די גימנאַזיעס האָבן אָנגעפירט: מיידל־גימנאַזיע — פרוי רייך, געוועזענע דירעק־טאָרין פון אב׳ס־גימנאַזיע אין לאָדזש; יינגל־גימנאַזיע — אינזש. זילבערבאָגען, געוועזענער לערער אין דער מיטלשול פון ד״ר ברוידע. בראש פון די רעלי־גיעזע שולן איז געשטאַנען דער לערער י. גערשט.

אין גימנאַזיע־למוד האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט דער למוד פון יהדות־קענטניש, פון וועלכע עס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן ספּעציעלע מאַטורע־(רייפקייטס) עקזאַמענס. צו אַזעלכע עקזאַמענס האָבן געקאָנט דערגיין נאָר די שילער, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה שוין געהאַט געלערנט אין לעצטן אָדער אין פאָרלעצטן קלאַס פון ליציי, ווייל דאָס אָפיציעל־לעגאַלע שולוועזן איז דורך דער דייטשער מאַכט ליקווידירט געוואָרן אין הערבסט 1941. קיין ניי שוליאָר האָט זיך שוין נישט אָנגעהויבן.[467]

אין די למודים פון דאָזיקן לעצטן שוליאָר זענען אַריינגעפירט געוואָרן באַדייטנדע ענדערונגען. אויפן באַפעל פון דער שול־קאָמיסיע אין ליטצמאַנ־שטאַט זענען באַזייטיקט געוואָרן אַ ריי לערן־ביכער און כרעסטאָמאַטיעס און עס איז פאַרבאָטן געוואָרן צו באַנוצן זיך מיט פּויליש אַלס לערן־שפּראַך.

אין זיינע זכרונות האָט אליהו טאָבאַקסבלאַט געשריבן: „די דייטשן האָבן פאַרבאָטן צו לערנען פּויליש, דייטש האָבן מיר נישט געוואָלט איינפירן, איז בכן געבליבן דער איינציקער אויסוועג — יידיש. חוץ דעם איז איינגעפירט געוואָרן אַ באַדייטנדע צאָל שעה׳ן פאַר רעליגיעזע למודים (פון 12—18 שעה אַ וואָך). אָט די רעפאָרמען האָבן געשטעלט די שול־אָפּטייל פאַר שווערע פּראָבלעמען. די לערערשאַפט האָט אין איר גרעסטן טייל נישט געקאָנט קיין יידיש, בכלל נישט געהאַט דערפאַר קיין פאַרשטענדעניש. ס׳איז איבערהויפּט נישט געווען קיין לערן־ביכער אין יידיש און עס האָבן געפעלט קוואַלי־פיצירטע לערער פאַר יודאַיִק“.

די לערער און שולטוער האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום שוועריקייטן ביים דערפילן זייערע פליכטן. ביי דער שול־אָפּטיילונג איז געשאַפן

געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון שרייבער און פּעדאַגאָגן, קענער פון יידיש און יידישע ליטעראַטור, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אויפצושטעלן אַ לערער־סעמינאַר צו שטודירן די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור און אויך אַרויסצוגעבן כרעסטאָמאַטיעס אין יידיש. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע פּערזאָנען: יוסף זעליקאָוויטש — באַוווּסטער פאַרמלחמהדיקער שרייבער און פאָלקלאָר־פאָרשער, דער קולטור־טוער י. וואָלמאַן, דער אָרטאָדאָקסישער לע־רער י. ל. גערשט, אייבעשיץ, נעלקען און דער זשורנאַליסט און שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון רומקאָווסקיס „געטאָ־צייטונג" — ש. ראָזענשטיין.

די קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן די כרעסטאָ־מיעס אין יידיש און אַפילו אויפגעשטעלט אַ בודזשעט. עס זענען פאָרגעזען געוואָרן לערן־ביכער פאַר דעם ערשטן, צווייטן און דריטן קלאַס אין די אַלגעמיינע שולן. די אויסגאַבעס האָבן געדאַרפט קאָסטן 7800 מאַרק. בינו לבינו האָט אָבער דער פּרעזעס [רומקאָווסקי] זיך אַ ביסל צוריקגעצויגן פון אַרויסגעבן אַזאַ ביכל, משמעות צוליב מורא פאַר דער דייטשער מאַכט און די זאַך איז בטל געוואָרן." די קאָמיסיע פון פּעדאַגאָגן און שרייבער האָט זיך נישט אויפ־געלעזט. זי האָט געשאַפן אַ סעמינאַר פאַר יידיש־קענטניש. 140 לערער האָבן געלערנט אין דעם סעמינאַר. פיל פון זיי, אַסימילירטע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה געלערנט אין פּוילישע שולן און גימנאַזיעס, האָבן אין געטאָ זיך באַקענט מיט דעם גייסטרייכן אוצר פון יידיש לשון און יידישע ליטעראַטור און אויסגעדריקט באַדויערן צוליב זייער אָפּגעפרעמדקייט „פון אָריגינעלן יידישן קוואַל".

די קאָמיסיע, ביי דער מיטהילף פונעם לערער אליהו טאַבאַקסבלאַט, אַ פאַרמלחמהדיקער לינקער פּועלי־ציוניסט און יידיש־קענער, האָט אויך אויפ־געשטעלט אַ יידישע טערמינאָלאָגיע פאַר אַלגעברע און געאָמעטריע, וואָס מ'האָט געלערנט אין די גימנאַזיעס. אַזוי אַרום איז יידיש דערהויבן געוואָרן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט צו אַן אָפיציעלער שול־שפּראַך.[468]

וועגן מאַטעריעלן מצב פון דער לערערשאַפט אין געטאָ, זייערע נויטן און באַציאונג צום יודענעלטעסטען דערציילט אַ מעמאָריאַל, מיט וועלכן אַ לערער־דעלעגאַציע האָט זיך געוואַנדן צו רומקאָווסקי.

דער מעמאָריאַל, געשריבן אין פּויליש, האָט פאָלגנדן טעקסט:

„צום הערן יודענעלטעסטען אין ליטצמאַנשטאַט.

ד אָ.

די לערער־דעלעגאַציע, וואָס רעפּרעזענטירט דעם כלל־לערער פון די עפנטלעכע אַלגעמיינע שולן, דערלויבט זיך פאָרצושטעלן דעם הערן יודענ־עלטעסטען צום גיטיקסטן באַטראַכטן דאָס פאָלגנדע:

## מעמאָריאַל

די עקזיסטענץ־באַדינגונגען פון די לערער פון אַלגעמיינע שולן זענען זייער שווערע. די שטענדיקע מאַטעריעלע זאָרג, דאָס פאַרשולדיקן זיך אין די חדשים פון גרעסטן וווקס פון יקרות, ווי אויך דאָס פאַרערגערן זיך, פון טאָג צו טאָג, פון דעם געזונטהייטס־מצב פון די לערער — וועקט אַן ערנסטע סכנה פאַר דער מעגלעכקייט פון אויפהאַלטן די שולן. שוין אין איצטיקן אויגנבליק זענען די דערמאָנטע באַדינגונגען אַ שטערונג אין אויספירן די פאַראַנטוואָרט־לעכע און אויסשעפנדע אַרבעט פון די לערער. ביי דעם מצב איז נויטיק אַן אומ־באַדינגטע טיפערע פאַרטראַכטונג פון הערן פרעזעס און געהעריקע הילף פון זיין זייט פאַר דער לערערשאַפט.

איבערנעמענדיק דאָס אַלגעמיינע שולוועזן אין אָקטאָבער 1939, האָט דער ה׳ יודנעלטעסטער באַשטימט אַ געהאַלט פאַר דער לערערשאַפט, באַצייכנדיק עס ווי אַ מינימום פון עקזיסטענץ, אין דער הויך פון 92 מיט אַ האַלבן רייכס־מאַרק אַ חודש אָן אונטערשיד פון פאַמיליען־באַשטאַנד פון די לערער.

צוליב דעם, וואָס די פרייזן פון שפייז זענען פון אָקטאָבער 1939 באַדייטנד געשטיגן, איז די לערערשאַפט נישט אימשטאַנד זיך צו דערנערן פון דעם געהאַלט. צוליב דעם ווענדן מיר זיך מיט אַ העפלעכע בקשה וועגן העכערן דאָס געהאַלט, פריער פאַר אַלעם, פאַר די לערער, וואָס פאַרדינען אַמוויי־ניקסטן — 50.87 רמ״ק חודשלעך. נאָך דעם דאַרף קומען אַן אַלגעמיינע העכערונג פון געהאַלט פאַר אַלע לערער, מיט נעמען אין אַכט זייער משפחה־מצב, ד. ה. די צאָל פערזאָנען, וואָס זענען אויסשליסלעך אויף זייער אויסהאַלט.

די דעלעגאַציע דערלויבט זיך צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם הער יודנעלטעסטען אויף דעם פאַקט, אַז די לערערשאַפט פון די אַלגעמיינע שולן, האָבן באַקומען געהאַלט פון פאָרויס און געלעבט אויסשליסלעך פון דעם דאָזיקן געלט, באַקומענדיק איצט אויסגעצאָלט פאַר דעם אָפּגעאַרבעטן חודש און נישט האָבנדיק פאַר זיך קיין געלט־זאַפּאַסן צום לעבן, מוז מען געוויינלעך אַריינפאַלן אין חובות, פון וועלכע מ׳קאָן זיך נישט אַרויסבאַקומען. ווילנדיק אַ סוף מאַכן מיט דער אומנאָרמאַלער דערשיינונג פון לעבן אויף קרעדיט און כדי אויסצומיידן דאָס כסדרדיקע ווענדן זיך נאָך קאָנטעס, בעטן מיר, העפלעך, וועגן אויסצאָלן אונדז פון פאָרויס דאָס געהאַלט — יעדע צוויי וואָכן, אָנהייבנדיק פון לויפנדיקן חודש.

דער געזונטהייטס־מצב פון די לערער איז פאַטאַל צוליב: דער שווערער אַרבעט, נישט געהעריקער דערנערונג און כסדרדיקער מאַטעריעלער זאָרג. כדי אויסצובעסערן דעם דאָזיקן מצב, בעטן מיר העפלעך צו אָרגאַניזירן קאָאָפּע־ראַטיוון פאַר דער לערערשאַפט אויף דעם מוסטער ווי ס׳זענען די דאָקטוירים־

קאָאָפּעראַטיוון, ווייל דער לערער איז נישט אימשטאַנד צו קויפן ווערטפולע שפייז צו מאַרק־פּרייזן אין פּרייען פאַרקויף. מיר בעטן אויך צוצוטיילן קוילן אויף דעם אופן, ווי ס'איז אָנערקענט פאַר אַנדערע גמינע־באַאַמטע. מיר נעמען זיך אונטער צו פירן דעם קאָאָפּעראַטיוו מיט אייגענע כוחות און נישט צו באַלאַסטן די גמינע מיט קיין באַזונדערע אַדמיניסטראַציע־אויסגאַבן.

די לערערשאַפט, דורך איר שטענדיקן קאָנטאַקט מיט קינדער פון די אָרעמסטע שיכטן, שוואַך דערנערטע, אַרבעט ביי די שווערסטע, אומהיגיענישע באַדינגונגען. בעת עפּידעמיעס איז די לערערשאַפט אין אַ גרעסערער מאָס, ווי אַנדערע גמינע־באַאַמטע, אויסגעשטעלט אויף פאַרשידענע קראַנקהייטן. מיר דערלויבן זיך דעריבער צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם הערן יודען־עלטעסטען אויף דער ברענענדיקער נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן מעדיצינישע הילף פאַר דער לערערשאַפט, און מיר בעטן העפלעך וועגן אומזיסטער מעדיצינישער און אַפּטייק־הילף, ווייל די קראַנקהייט אין דעם הויז פון דעם לערער, ביי דעם פעלן פון הילף מצד דער גמינע, פאַרוואַנדלט זיך אין אַן אומגליק און שניידט אונטער די עקזיסטענץ פון דעם לערערס משפחה אויף לאַנגע חדשים.

די לערערשאַפט פון די עפנטלעכע, אַלגעמיינע שולן, וואָס שאַצט אָפּ אין דער פולער מאָס די לאַנגיעריקע אַרבעט פון דעם הער יודענעלטעסטען, וועלכע ער האָט געפירט אין משך פון אַ גאַנץ לעבן, פאַר דעם גוטס פון די קינדער און זייער דערציאונג, האָט די האָפנונג, אַז די בקשה, וואָס איז אַרויס־געבראַכט געוואָרן אין דעם דאָזיקן מעמאָריאַל, וועט געפינען די פולע פאַר־שטענדניש פון דעם הערן יודענעלטעסטען און וועט ווערן ווי געהעריק דערליידיקט.

מגר. א. בריטשקאָווסקי
ה. אַבראַמסאָן
פ. גראָסספעלד
ד. אריסאנדרונאָ

ליטצמאַנשטאַדט — געטאָ, 1־טן סעפּטעמבער 1940."

דער ענטפער פון רומקאָווסקין אויף דעם מעמאָריאַל האָט זיך נישט אויפגעהאַלטן צווישן די אַרכיוו־דאָקומענטן פון דער שול־אָפּטיילונג.[469]

## ג. קאָנצערטן און טעאַטער

די סטאַביליזירונג פונעם געטאָ־לעבן, נאָך די שטרייקן און דעמאָנ־סטראַציעס, האָט ווידער געשאַפן אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע באַזע פאַר אַלגעמיינער קולטור־טעטיקייט. דער בעסער סיטואירטער שיכט, וועלכן עס האָט

מיט זיך פאַרגעשטעלט דער ברייט־צעצווייגטער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, די לייטער פון די רעסאָרטן און אין אַ געוויסער מאָס אויך די באַשעפּטיקטע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך דערפילט מאַטעריעל זיכערער, האָבן זיך גענויטיקט אין קולטור און פאַרוויילונג.

ווי שוין באַקאַנט פון אַ פריערדיקן קאַפּיטל — זענען געווען אין געטאָ באַדייטנדע כוחות פאַר קולטור־געזעלשאַפטלעכער און קונסט־טעטיקייט. אין הערבסט 1940 איז די קולטור־טעטיקייט, די קאָנצערטן און טעאַטער־פאָרשטעלונגען אַרויס פון די ענגע קרייזן פון די געטאָ־פּני. דער ערשטער איז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט דער מיט ענערגיע שפּרודלדיקער קולטור־טוער, דער בונדיסט משה וואַלמאַן, וועלכער האָט געוואָלט שאַפן אין געטאָ אַ „קולטור־געזעלשאַפט" אויפן מוסטער פון דער פאַרמלחמהדיקער בונדישער „קולטור־ליגע".

עס איז נישט באַוווּסט, צי דאָס איז געווען די איניציאַטיוו פון דער ניי־געגרינדעטער „קולטור־געזעלשאַפט", אָדער וואַלמאַן אַליין האָט אָרגאַניזירט זיין פאַרלעזונג. אַ פאַקט איז, אַז מיטאַמאָל האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן אין געטאָ, וואָס האָבן מודיע־געווען, אַז אין לעצטן טאָג סוכות וועט אין סטאַטיסטישן אַמט אויף דער מיאַדאָווע 4 פאָרקומען אַ פאַרלעזונג פון מ. וואַלמאַן א.ד.ט. „יידישע קולטור אין געטאָ".

לויט די טעזן פון דער פאַרלעזונג, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אַרכיוו אין אַ פּוילישער איבערזעצונג, איז דער רעפעראַט געווען אַ טיפּישער מוסטער פון ענלעכע אַזעלכע פאַרמלחמהדיקע פאַרלעזונגען, ווי: „די געשיכטע פון יידיש און די יידישיסטישע באַוועגונג, אַסימילאַציע און דער קאַמף קעגן יידיש, יידישע ליטעראַטור, יידיש טעאַטער" אדג״ל. די דאָזיקע ערשטע עפנטלעכע פאַרלעזונג, וועלכע האָט געהאַט אין פּראָגראַם אויך רעציטאַציעס, האָט צוגעצויגן אַן עולם פון 450 מענטשן, טראָץ דעם, וואָס אַריינטריטס־קאַרטן האָבן געקאָסט פון 15—20 פעניג. די פאַרלעזונג פון מ. וואַלמאַן איז עטלעכע מאָל איבערגעחזרט געוואָרן.[470]

אין יענער צייט האָט זיך שוין אין געטאָ געהאַט אָרגאַניזירט: דאָס רעוויו־טעאַטער „אַוואַנגאַרד", געשאַפן דורך משה פּולאַווער, אַן אַרטיסט פון בראַדערזאָנס אַמאָליקן רעוויו־טעאַטער „אַררט".

אין זיינע זכרונות האָט משה פּולאַווער אַזוי געשילדערט די אַנשטייאונג און ערשטן אויפטריט פונעם רעוויו־טעאַטער „אַוואַנגאַרד" אין געטאָ:

„איך האָב צוגעגרייט אַ קליין־קונסט פּראָגראַם פון סקעטשן און לידער פון משה בראַדערזאָן, איציק מאַנגער, א. לוצקי און י. געבירטיק. די מוזיק פאַר דעם פּראָגראַם האָבן געשריבן דוד בייגעלמאַן און הערץ רובין. אייניקע

נומערן זענען גענומען געוואָרן פון דעם פאַרמלחמהדיקן רעפּערטואַר פון דעם קליין־קונסט טעאַטער „אררט".

„ווען דאָס פּראָגראַם איז געוואָרן פאַרטיק האָבן מיר גענומען זוכן אַ זאַל פאַר דער פאָרשטעלונג. נאָך לאַנגע זוכענישן האָט איך אויסגעפונען, אַז אין די גרענעצן פון געטאָ געפינט זיך די אַמאָליקע פּוילישע גימנאַזיע אויף פּראַנצישקאַנער 66. איצט האָט זיך דער זאַל געפונען אונטער דער אויפזיכט פון שול־דירעקטאָר אין געטאָ.

איך בין געקומען צו אים, אים דערציילט וועגן מיין סטודיע־אַרבעט אין מאַרישין און פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל אונדז געבן דעם זאַל. נאָכדעם ווי דער שול־דירעקטאָר האָט בייגעוווינט די גענעראַל־פּראָבע פון דער פאָרשטעלונג, האָט ער מסכים געווען און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן צו דער פייערלעכער פּרעמיערע.

די יונגע שוישפּילער האָבן מיט גרויס פלייס און ענערגיע צוגעגרייט דעם זאַל און די בינע. מיר האָבן גענומען אַלטע טירן, ברעטער, שטיקלעך שטאָף און הענדום־פּענדום צונויפגעשטעלט א בינע מיט אַ פאָרהאַנג און אַפילו קאָלירטע ליכט. די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען שבת צונאַכט. דער זאַל איז געווען איבערגעפּולט און הונדערטער מענטשן זענען נאָך אַוועקגעגאַנגען אָן בילעטן.

דער עולם האָט ענטוזיאַסטיש אויפגענומען די פאָרשטעלונג און במשך פון די צוויי און אַ האַלב שעה, וואָס דאָס פּראָגראַם האָט געדויערט, האָט דער עולם גייסטיק זיך אַריבערגעטראָגן אין גאָר אַן אַנדערער וועלט, אויסער די געטאָ־מויערן און אויסער דער טויט־געפאַר, וואָס האָט געלויערט אויף שריט און טריט."

ווייטער האָט פולאַווער געשריבן, ווי זיין טעאַטער איז פאַרוואָרפן געוואָרן מיט פאָדערונגען פון אַלע פּאַרטיי־גרופּן און אָרגאַניזאַציעס — פאַרצווזעצן די פאָרשטעלונגען, ביז עס איז געקומען צו דער גרויסער קולטור־אימפּרעזע, וועלכע איז געגרייט געוואָרן מיט גרויס פּאָמפּע ווי אין אַ נאָרמאַלן טעאַטער.

דעם 24־סטן אָקטאָבער 1940 איז פאָרגעקומען די „פייערלעכע קולטור־אַקאַדעמיע" אין דעם גרויסן זאַל אויף קראַוויעצקע 3. אין דער אַקאַדעמיע האָבן זיך באַטייליקט: מ. פולאַווערס דראַמאַטישע סטודיע „אַוואַנגאַרד", דער אָרקעסטער אונטער דער אָנפירונג פונעם דיריגענט טעאָדאָר רידער, אַ כאָר אונטער דער לייטונג פונעם אַלטן דיריגענט פון דער סינאַגאָגע — מ. דארגור־זשאַנסקי און ספּאָרט־גרופּן אָנגעפירט פון לעאָן קוזשמיערסקי. די אַלע קולטור־אינסטיטוציעס האָבן שוין דעמאָלט געפירט אַ טעטיקייט אין געטאָ. די ספּאָרט־גרופּן, אָרגאַניזירט דורכן אונטערערדישן בונד, זענען אָנגעפירט געוואָרן פון די אינסטרוקטאָרן פון דער פאַרמלחמהדיקער ספּאָרט־געזעלשאַפט „מאָרגנ־שטערן": יעקב הילער, לעאָן קוזשמיערסקי און פעלאַ יאַקובאָוויטש.

טראָץ דעם, וואָס די פּרייזן פון בילעטן אויף דער אַקאַדעמיע זענען געווען, ווי פאַר די געטאָ־באַדינגונגען, גאַנץ הויכע (25, 40 און 50 פּעניק), איז דאָך דער זאַל געווען איבערפולט מיט אַן עולם פון 500 פּערזאָן.

די דראַמאַטישע סטודיע „אַוואַנגאַרד" האָט אויפגעפירט געזאַנג־נומערן פון אַמאַליקן [בראַדערזאָנישן] קליינקונסט־טעאַטער „אררט", ווי: „יידן שמידן" פון מ. בראַדערזאָן, „פּאַציפיסטן" פון מ. נאַדיר, סקעטשן און לידער פון איציק מאַנגער, א. לוצקי און געבירטיק, מוזיק פון קאָמפּאָזיטאָר דוד בייגעלמאַן. בייגעלמאַן האָט פון אָנטשטיין פון געטאָ ביז אָנהויב פון דער טעאַטראַלער טעטיקייט געאַרבעט „שוואַרצע" אַרבעט אין אַ בעקעריי. די קולטור־אינסטיטו־ציעס האָבן דעם באַגאַבטן קאָמפּאָזיטאָר צוריקגעבראַכט צו זיין דיריגענטן־שטעקעלע.[471]

דער דאָזיקער ערשטער גרויסער קאָנצערט אין געטאָ א. נ. „פּייערלעכע קולטור־אַקאַדעמיע", וואָס איז פאָרגעקומען דעם 24־סטן אָקטאָבער 1940, אין אַ זאַל, וועלכער האָט אַמאָל געדינט פאַר אַן ענדעקישן קלוב (קראַוויעצקע גאַס 3) — ווערט פאַרשידנאַרטיק קאָמענטירט דורך די זכרונות־שרייבער. י. נירנבערג באַשרייבט אין זיינע זכרונות יענע אימפּרעזע, ווי אַ יובל־פייערונג פון בונד, וואָס פאַלט טאַקע אויס אין אָקטאָבער.

אויך מ. לעדערמאַן, דער פּאַרזיצער פון אונטערערדישן בונד אין לאָ־דזשער געטאָ האָט אין אַ זכרונות־אַרטיקל געשילדערט די „פּייערלעכע אַקאַדע־מיע", ווי די 43־סטע יובל־פייערונג פון בונד. לויט לעדערמאַנען האָבן אין פּולאַווערס טעאַטער מיטגעשפּילט חברים פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט": מוכאָ, פעלדמאַן און העניעק האָפמאַן.

כדי צו מאַסקירן די יובל־פייערונג האָט דער בונד זיך געוואָנדן צו רומקאָווסקין, אַז ער זאָל פאַרדינגען אַ פאָרשטעלונג, כלומרשט אויף צו שטיצן קראַנקע. די פאָרשטעלונג איז געווען באַשטימט אויפן צווייטן טאָג סוכות (1940). „רומקאָווסקי האָט מסכים געווען, געגעבן אַ פּראָגראַם אויפן אָוונט און דער־קלערט, אַז ער דעלעגירט זיינעם אַ פאָרשטייער, וועלכער וועט אַכטונג געבן, אַז דאָס פּראָגראַם זאָל גענוי אויסגעפירט ווערן. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז זיין באַשטימטער משגיח געווען ברוך פּראַשקער".

מ. לעדערמאַן האָט אין זיין זכרונות־אַרטיקל באַשריבן די פייערלעכקייט פון דער אימפּרעזע: עס זענען געקומען אַלע חברים פון בונד און פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „צוקונפט" און „סקיף". „אַלע אַקטיווע טוער האָבן געטראָגן רויטע בלימלעך אין די לאַצן". „מ'איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ" און „הונדער־טער מענטשן האָבן געמוזט אַוועק פון טעאַטער, ווייל עס איז קיין אָרט נישט געווען. קיין רעדעס זענען נישט געהאַלטן געוואָרן. „רומקאָווסקי איז וואַרשיינלעך געוויזער געוואָרן פון אונדזער שפּיצל און אויף ווייטערדיקע פּרווון איבערצוחזרן

אַזאַ אונטערנעמונג, האָבן מיר שוין מער פון אים קיין דערלויבעניש נישט באַקומען.״ [472]

לויט פּולאַווערן, איז אויף דער פייערלעכער אַקאַדעמיע געקומען רומ־קאָווסקי ״אין דער באַגלייטונג פון זיין שטאַב״. דעם יודענעלטעסטען זענען נישט געפעלן די נומערן ״פּאַציפיסטן״ פון מ. נאַדיר און בראָדערזאָנס ״יידן שמידן״, ווייל די סצענע שטעלט פאָר: יידן מיט האַמערס אין די הענט שמידן אונטערן רויטן אַפשיין פון די ליכט־עפעקטן. רומקאָווסקי האָט זיך געווענדעט צו זיין באַגלייטער ד״ר שיקער — ״ווו האָסטו מיך געבראַכט, צו רעוואָלוציאָנערן״? רומקאָווסקי האָט דאַן אויסגעשריגן: פאַרמאַכן!״ און ער האָט דעמאָנ־סטראַטיוו פאַרלאָזט דעם זאַל. — — — נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען און ספּעציעלע באַמיאונגען פון ד״ר שיקער און רומקאָווסקיס לייב־דאָקטאָר ד״ר מילער, ביידע האַרציקע ליבע יידן, איז געלונגען צו ענדערן דעם באַפעל פון געטאָ־דיקטאַטאָר און דאָס טעאַטער איז צוריק געוואָרן אויפגעמאַכט.״ [473]

דער טעאַטער־אַנסאַמבל איז דאַן באַשטאַנען פון אַכצן מענטשן, אַ כאָר און אַ טאַנץ־גרופּע, אָנגעפירט פון דער באַקאַנטער באַלעט־מייסטערין זינאַ קרויש. צו דער גרופּע איז אויך צוגעקומען דער באַגאַבטער מאָלער פּנחס שוואַרץ, וועלכער האָט געמאָלן די דעקאָראַציעס. די מוזיקאַלישע לייטונג האָט זיך געפונען אין די הענט פון דוד בייגעלמאַן און משה פּולאַווער איז געוועזן דער רעזשיסער.

די טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן און פאַרלעזונגען זענען פאָר־געקומען אויך אין די ווייטערדיקע חדשים. דער לאָקאַל אויף קראַוויעצקע 3 איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ״קולטור־הויז״, וועלכעס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך רומקאָווסקיס פאַרטרויאונגס־מענטש — עקיבא שעניצקי. צוזאַמען מיט דער אויפגעלעבטער קולטור־טעטיקייט זענען אויך די שרייבער געוואָרן שעפע־ריש אַקטיוו. אין די קיכן פון בונד און ל. פּועלי־ציון, אויף בזשעזשינער 59 און בערעק יאָסעלעוויטש גאַס 16, זענען פאָרגעקומען שרייבער־אָוונטן מיט דער באַטייליקונג פון ישעיהו שפּיגל, ש. שאַיעוויטש, מ. וואָלמאַן, י. זעליקאָוויטש און א. פּאַטשאַרעק, וועלכע האָבן געלייענט זייערע ווערק, על פּי רוב אויף געטאָ־טעמאַטיק. די געטאָ־שרייבער האָבן זיך מיט זייערע שאַפונגען אויך באַ־טייליקט אין די קולטור־אימפּרעזעס.

דער פאַרמלחמהדיקער הומאָריסט און מחבר פון קופּלעטן ש. יאַנאָווסקי, וועלכער האָט אין אָנהויב קריג פאַרלוירן אַ פוס, האָט אין געטאָ געשריבן הומאָריסטישע סקעטשן אויף אַקטועלע טעמעס. זייער פּאָפּולער זענען געוועזן זיינע סקעטשן: ״יידן אין קיך״, ״מאָנאָלאָג פון אַ פּאָסט־טרעגער״, ״גאַסן־האַנדל״. אויך דער דיכטער יאָאַכימאָוויטש האָט געשריבן פאַר די רעווי־פאָרשטעלונגען פון מ. פּולאַווערס ״אַוואַנגאַרד״־אַנסאַמבל.

אין זיינע זכרונות האָט מ. פולאַוער געשריבן, אַז ער האָט זיך באַמיט „ווי ווייט מעגלעך אויסצומיידן פּאָליטישע אַקצענטן אין די אַקטועלע סקעטשן, כדי נישט צו ציען אויף זיך דעם צאָרן פון געטאָ־דיקטאַטאָר רומקאָווסקי, וועלכער איז געוואָרן אַן אָפּטער באַזוכער פון די פאָרשטעלונגען. רומקאָווסקי האָט אָבער פּרובירט באַאיינפלוסן דעם רעפּערטואַר פון טעאַטער און אונטער־געשיקט זיינע שמשים, אַז מ׳זאָל אין פּראָגראַם אַריינגעמען סקעטשן און לידער, אין וועלכע מען זאָל אים חנפנ׳ען און לויבן פאַר זיינע כלומרשטע אויפטוען פאַר דער „יידישער מלוכה הינטער דעם שטעכעדיקן דראָט". דאָס האָבן מיר ענערגיש באַקעמפט און נישט געלאָזט זיך טעראָריזירן אַפילו פון די דראָונגען, אַז דאָס טעאַטער וועט ווערן צוגעמאַכט." [474]

אויף איינעם פון די קאָנצערטן איז דאָך געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס מיט רומקאָווסקין. דאָס איז געווען אין חודש מערץ 1941. די נויט אין געטאָ איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס. מענטשן זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע אַרויסשיקונגען אויף אַרבעט. אין „קולטור־הויז" אויף קראַוויעצקע 3 זענען ווייטער פאָרגעקומען קאָנצערטן. בעת אַזאַ קאָנצערט האָט פּלוצים אויפגעקלונגען אַ ליד, אויסגעפירט פון דער זינגערין אַלאַ דיאַמענט, וואָס האָט די אָנוועזנדע אַרויסגעריסן פון דער קאָנצערט־שטימונג און דערמאָנט זיי ווו זיי זענען אין דער וועלט. אַלאַ דיאַמענט האָט געזונגען דאָס וויג־ליד פונעם דיכטער ישעיהו שפּיגל: „מאַך צו די אייגעלעך". די רירנדע פערזן, די האַרציקע טענער פון בייגעלמאַנס פאָלקסטימלעכער מוזיק, האָבן זיך פונאַנדערגעטראָגן איבערן זאַל:

## געטאָ וויג־ליד

מאַך צו די אייגעלעך,
אָט קומען פייגעלעך
און קרייזן דאָ אַרום צוקאָפּנס פון דיין וויג,
דאָס פּעקל אין דער האַנט,
דאָס הויז אין אַש און בראַנד —
מיר לאָזן זיך, מיין קינד, זוכן גליק.

די וועלט האָט גאָט פאַרמאַכט,
און אומעטום איז נאַכט —
זי וואַרט אויף אונדז מיט שוידער און מיט שרעק —
מיר שטייעןביידע דאָ,
אין שווערער, שווערער שעה,
און ווייסן נישט וווהין ס׳פירט דער וועג.

מען האָט אונדז נאַקעט בלויז,
פאַריאָגט פון אונדזער הויז,
אין פינצטערניש געטריבן אונדז אין פעלד,
און האָגל, שניי און ווינט
האָט דיך באַגלייט מיין קינד,
באַגלייט דיך אין אַן אָפּגרונט פון אַ וועלט.

דאָס דאָזיקע וויגליד האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פונעם יודענעלטעסטען, וועלכער איז אָנוועזנד געווען אויפן קאָנצערט. ער האָט פאַרבאָטן ווייטער צו זינגען דאָס ליד און געדראָט אַרויסצושיקן פונעם געטאָ דעם דיכטער ישעיהו שפּיגל.[475]

עס איז געווען די צייט, ווען רומקאָווסקי האָט אָנגעהויבן אָנווענדן רעפּרעסיעס קעגן דער אָפּאָזיציע אין געטאָ און זיינע דראָונגען האָבן טאַקע אָנגעוואָרפן אַ שרעק.

בכלל האָט זיך רומקאָווסקין נישט איינגעגעבן צו געווינען אויף זיין זייט וועמען נישט איז פון די ערנסטע שרייבער און דיכטער אין געטאָ. שמואל ראָזענשטיין, וואָס איז געווען רומקאָווסקיס הויף־שרייבער און רעדאַקטאָר פון דער „געטאָ־צייטונג", האָט אין דער פאַרמלחמהדיקער יידישער זשורנאַליסטיק אין לאָדזש נישט פאַרנומען קיין שום אָרט. דורך אַ צופאַל, דורך אַרויסשטופּן פון דער אַרבעט אַן אָנגעזעענעם זשורנאַליסט און ציוניסטישן עסקן, איז ראָזענשטיין געוואָרן דער לאָדזשער קאָרעספּאָנדענט פונעם פאַרמלחמהדיקן וואַרשעווער „היינט". אויך דער „באַזינגער" פון רומקאָווסקין — בערמאַן, „גראַף קאַלי", האָט נישט געהאַט קיין שייכות מיטן לאָדזשער יידישן ליטעראַרישן שאַפן. דאָס איז געווען אַ „לץ", אַ נישט דערגאַנגענער בדחן, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געמאַכט געגראַמטע וויצן און געגראַמטע רעקלאַמעס פול מיט חניפה פאַר לאָדזשער פירמעס אָדער סתם פאַר סנאָבישע פּני. זיין „באַזינגען" רומקאָווסקין קאָן דעריבער נישט גענומען ווערן ערנסט.[476]

*

אַ חוץ דער אויבנבאַשריבענער קולטור־טעטיקייט אין לאָדזשער געטאָ, וועלכע האָט געטראָגן אַ יידישיסטישן כאַראַקטער, לויט די פאַרמלחמהדיקע באַגריפן, איז געווען אין געטאָ אויך אַ צווייטע שטרעמונג פון קולטור־טעטיקייט, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דעם ניי־געשאַפענעם „הזמיר". פאָרזיצער פון דער קולטור־געזעלשאַפט איז געווען, ווי שוין דערמאָנט, ד"ר פאַביאַן קלאָזענבערג, זיין פאַרטרעטער — שטיינבערג. דער „הזמיר" האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין סעפּטעמבער 1940. די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן אויפגעזאַמלט די

אַמאָליקע זינגערס פון „שיר־כאָר“, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהערט צו דער „קולטור־ליגע“, און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ געטאָ־כאָר.

עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרייניקונג צווישן „הזמיר“ און דעם דעמלט שוין עקזיסטירנדן פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער. עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ טעטיקייטס־פּלאַן, וואָס האָט פאָרגעזען פאָלגנדע פאַרטיילונג פון די הכנסות, וועלכע עס וועלן אַריינברענגען די קאָנצערטן: 25 פּראָצ. — די פּראָפעסיאָ־נעלע מוזיקער, 40 פּראָצ. — דעם כאָר, 10 פּראָצ. — די סאָליסטן, 10 פּראָצ. — דעם דיריגענט, 10 פּראָצ. אַדמיניסטראַציע־אויסגאַבן און 5 פּראָצ. אויף אַ רעזערוו־פאָנד.

דער ערשטער קאָנצערט איז פאָרגעקומען דעם 30־טן אָקטאָבער 1940. עס איז געווען אַן אימפּרעזע מיט אַ ברייטן פאַרנעם: אַן אָרקעסטער פון 35 פּערזאָן אונטער דער אָנפירונג פון טעאָדאָר רידער, אַ כאָר פון 75 פּערזאָן, אָנגעפירט פון דאַרגוזשאַנסקין. עס זענען אויסגעפירט געוואָרן די מוזיקאַלישע שאַפונגען פון מאָצאַרט, היידען, גריג, וועבער אאַנ״ד. די בילעטן אויף דעם קאָנצערט זענען געווען, ווי פאַר די געטאָ־פאַרהעלטנישן זייער טייערע. עס איז דעריבער געקומען אַן עולם נאָר פון די „בעסער סיטואירטע“. די קאָנצערטן זענען עטלעכע מאָל איבערגעחזרט געוואָרן און כמעט יעדעס מאָל מיט נייע פּראָגראַמען. דער באַגאַבטער דיריגענט טעאָדאָר רידער האָט פון זכרון גע־שריבן די נאָטן פון די שאַפונגען פון באַרימטע מוזיקער. די קאָנצערטן האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אַריינפיר־לעקציעס פון פּראָפ. האַלפּערן אאַנ״ד.

די דאָזיקע קולטור־טעטיקייט איז שטאַרק געפעלן דעם יודענעלטעסטען. ער האָט צוגעזאָגט צו שטיצן די קאָנצערטן און דעם „הזמיר“. אין די פריע חדשים פון יאָר 1941 איז די גאַנצע קולטור־ און פאַרוויילונגס־טעטיקייט פון געטאָ געוואָרן קאָנצענטרירט אין „קולטור־הויז“ אויף קראַוויעצקע 3, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך עקיבא שעניצקי.[477]

## ד. געטאָ־אַרכיוו און „ביולעטין פון טעגלעכע כראָניק“

צו די וויכטיקע אַנשטאַלטן פון רומקאָווסקיס געטאָ־אַדמיניסטראַציע האָט אויך געהערט די סטאַטיסטישע אָפּטיילונג. זי איז אַנטשטאַנען אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט, אין אָנהויב יוני 1940, מתחילת אַלס מעלדונגס־ביוראָ צו פאַרשרייבן די באַפעלקערונגס־באַוועגונג אין געטאָ, באַשעפטיקונגען, עלטער אדג״ל. פאַר זייער אויסראָטונגס־פּלאַן האָבן די דייטשן זיך געניוטיקט אין גענויע ציפערן וועגן דער גרויס פונעם יידן־מאַטעריאַל, וואָס דאַרף פאַרניכטעט ווערן. אַזוי ווי אָבער דעם געטאָ איז צוגעטיילט געוואָרן אַ לענגערער צייט־אָפּשניט צום לעבן, איז דאָס מעלד־ביוראָ אויסגעברייטערט געוואָרן אין אַ פיל־

פאַרצווייגטן סטאַטיסטישן אַמט, וועלכער האָט אַרומגענומען אַלע דעמאָגראַפיש־סטאַטיסטישע געביטן פונעם געטאָ־לעבן, ווי: באַשעפטיקונג, פּראָדוקציע פון די אונטערנעמונגען, ווירטשאַפטלעכער מצב פון די געטאָ־איינוווינער, טויט און געבורט, זעלבסטמאָרד, פאַרברעכערישקייט אדג״ל.

דער סטאַטיסטישער אַמט האָט געמאַכט סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען, טאַבעלעס, דיאַגראַמעס, גראַפישע צייכנונגען, וועלכע האָבן געגעבן אַ פאַרשטע־לונג פונעם געטאָ־לעבן. אין דעם דאָזיקן אַמט זענען געווען באַשעפטיקט שריי־בער און וויסנשאַפטלער, צווישן זיי ד״ר קאַמיענעצקי און דער דיכטער ישעיהו שפּיגל.

אין נאָוועמבער 1940 איז ביים סטאַטיסטישן אַמט געשאַפן געוואָרן אַ נייע אָפּטיילונג: דער אַרכיוו. רומקאָווסקי, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז ער דערפילט אַ וויכטיקע היסטאָרישע פונקציע פאַרן יודענטום, האָט געוואָלט, אַז זיינע מעשים זאָלן באַקומען אַן אָפּשפּיגלונג אין אויפגעזאַמלטע אַרכיוו־דאָקומענטן. ער האָט דאָס געגעבן די איניציאַטיוו צו שאַפן דעם נייעם אַמט.


יוסף זעליקאָוויטש

דער שרייבער און פאַרמלחמהדיקער פאָלקלאָר־זאַמלער — יוסף זעליקאָוויטש איז געוואָרן דער אָר־גאַניזאַטאָר פון אַרכיוו. צו אים זענען צוגעטרעטן אַלס מיטאַרבעטער: ד״ר קלעמענטינאָווסקי־האָרוויטץ, צוקער־צערסקי — דער געוועזענער מיטאַרבעטער פון דער פאַרמלחמהדיקער פּוילישער צייטונג „רעפּוב־ליקאַ", סטאַניסלאַוו יוליאַן, אינזש. בערנאַרד אָסטראָווס־קי, שמואל ראָזענשטיין אאנ״ד. די אָנפירונג פונעם אַרכיוו האָט איבערגענומען אַדוו. נאַפטאַלין און אַלס סעקרעטאַרין — פרוי יאַשינסקאַ.

אינזש. בערנאַרד אָסטראָווסקי, וועלכער האָט איבערגעלעבט דאָס געטאָ, האָט אין זיין גבית־עדות אַזוי געשילדערט די אַרבעט פונעם אַרכיוו:

„מתחילת האָט דער אַרכיוו געדאַרפט דינען רומקאָווסקין, באַשרייבן זיינע מעשים, אויפטוען פאַרן געטאָ און זאַמלען די דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט זיין טעטיקייט. די וואָס זענען צוגעטרעטן צום אַרכיוו האָבן זיך געשטעלט אַן אַנדערע אויפגאַבע, נעמלעך: באַשרייבן אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ, זאַמלען דאָקומענטן און מאַטעריאַלן און איבערלאָזן זיי לדורות. דער אַרכיוו איז צוגעטרעטן זאַמלען באַקאַנטמאַכונגען, פאַראָרדנונגען פון רומקאָווסקין און אַנד. פּובליקאַציעס. זעליקאָוויטש האָט באַלד פון אָנהויב אָן נאָטירט די גע־שעענישן אין געטאָ." 478

די מיטאַרבעטער פאַרן אַרכיוו האָט אַנגאַזשירט רומקאָווסקי אַליין אויף

דער רעקאָמענדאַציע פון אַדוו. נאַפּטאַלין, צו וועלכן דער יודענעלטעסטער האָט געהאַט פולן צוטרוי. ב. אָסטראָווסקי איז צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט און זיין ערשטע טעטיקייט איז געווען צו מאַכן אינטערוויוען מיט די הויפּט־מיטאַרבעטער און עצה־געבער פון רומקאָווסקין ווי: זאַזשויער, זבאר, ביאַלאָ־בזשעסקי, אַדוו. יאַקובסאָן, נאַפּטאַלין און רומקאָווסקיס פינאַנס־מיניסטער — סער.

סוף יאָר 1940 האָט דער אַרכיוו געשאַפן זיין אייגענע צייטשריפט (העקטאָגראַפירט), געשריבן אין פּויליש א. נ. „ביולעטין קראָניקי צאָדזשעננעי" (דער ביולעטין פון טעגלעכער כראָניק), וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן, בלויז פאַר נאָענטע מקורבים פון רומקאָווסקין, פון יאַנואַר 1940 און עקזיסטירט ביז דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ אין אויגוסט 1944. די לעצטע צוויי יאָר איז דער „ביולעטין" געשריבן געוואָרן אין דייטש א. נ. „טאַגעס־כראָניק". אין דער דאָזיקער פּובליקאַציע זענען פאַרשריבן געוואָרן נאָר די געשעענישן, וועלכע האָבן געקאָנט דורכגיין רומקאָווסקיס צענזור. ער האָט באַקומען אַ קאָפּיע פון יעדן ניי דערשינענעם נומער. „אין „ביולעטין" האָט מען נישט געטאָרט שרייבן: וועגן דער טעטיקייט פון די דייטשן און קריטיק קעגן רומקאָווסקין". אָסטראָווסקי האָט באַטאָנט אין זיין גבית־עדות, אַז דורך דער גאַנצער צייט פון זיין מיטאַרבעט האָט ער „נישט באַמערקט קיין שטרייטן צווישן די אַרכיוו־מיטאַרבעטער און רומקאָווסקין. ער האָט, משמעות, נישט געלייענט די מאַטעריאַלן פון „ביולעטין" און בכלל ווייניק אינטערעסירט זיך מיטן אַרכיוו". דורך די גאַנצע 4 יאָר, וואָס אָסטראָווסקי איז דאָרט געווען באַשעפטיקט, האָט רומקאָווסקי נאָר איינמאָל באַזוכט דעם אַרכיוו.

„דער אַרכיוו איז געפירט געוואָרן האַלב קאָנספּיראַטיוו, נאָר געציילטע מענטשן האָבן פון אים געוווּסט. ער האָט זיך געפונען אויף מיאַדאָווע גאַס נומ' 4, ווו עס זענען געווען אַלע אַמטן פון אַדוו. נאַפּטאַלין, ווי: שטאַנד־אַמט, סטאַטיסטישער אַמט און אויך דער ראַבינאַט. דער אַרכיוו האָט זיך געפונען אין אַן אָפּגעלעגן צימערל, וואָס האָט זיך קיינעם נישט געוואָרפן אין די אויגן. זומער 1941, ווען אַלע דערמאָנטע אַמטן זענען איבערגעפירט געוואָרן אויף פּלאַץ קאָשטשעלנע 4, האָט דער אַרכיוו באַקומען אַ צימער מיט אַ באַזונדערן אַריינגאַנג, כדי צו זיין פונדערווייטנס פון מענטשן." [479]

## ה. דאָס געטאָ־געריכט

דאָס געריכט אין געטאָ, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אין הערבסט 1940, איז באַלד געשאַפן געוואָרן ווי אַ באַשטאַנד־טייל פון רומקאָווסקיס מאַכט־אַפּאַראַט. אינעם אָפּגעשלאָסענעם געטאָ האָבן אויפגעהערט צו ווירקן — סיי די איינגעשטעלטע פאַרמלחמהדיקע געריכטס־פּראָצעדור, סיי די ניי־איינגעפירטע

דייטש־נאַצישע „גערעכטיקייטס״־פאָרמען. די „קריפאָ״ און געשטאַפּאָ און שפּע־טער אויך די געטאָ־פאַרוואַלטונג האָבן זיך נישט געמישט, ווי שוין באַקאַנט, אין דעם אינערלעכן געטאָ־סדר, אויב ער האָט נישט אָנגערירט ספּעציעל די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט און איר געפּלאַנטער יידן־אויסראָטונג.

ביז דער אַנטשטייאונג פון געטאָ־געריכט איז די יידישע פּאָליציי, די אַזוי גערופענע „אָרדנונגס־דינסט״, געווען דער איינציקער אָרגאַן, וואָס האָט געוואַכט איבער דער „געזעצלעכער״ האַנדלונג פון די געטאָ־בירגער. די פּאָליציי־קאָמיסאַרן האָבן געמשפּט, אַרויפגעלייגט שטראָפן, וואָס איז באַשטאַנען אין איינזעצן אין תפיסה אויף טשאַרנעצקי גאַס, ווו עס האָט געוועלטיקט, אומ־באַגרענעצט, דער נאַטשאַלניק הערצבערג. די פּאָליציי האָט אויך באַשטראָפט מיט קלעפּ און אַפילו מיט שמיץ. מיטן אַנטשטיין פון געטאָ־געריכט האָט דער געטאָ־סדר באַקומען אַ געוויסע יורידישע רעגולירונג.[480]

עס האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן אין אַרכיוו די פּראָטאָקאָלן פון די פאַרהאַנדלונגען אין געטאָ־געריכט. עס איז אויך נישט פאַראַנען די אָפיציעלע פאַראָרדענונג פון רומקאָווסקין וועגן אָרגאַניזירן דאָס געריכטס־וועזן. דער איינציקער דאָקומענט, וואָס גיט אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם דאָזיקן געריכט, איז די גבית־עדות פון אַדוואָקאַט העניעק וואָלקאָוויטש, וועלכער איז געווען באַשעפטיקט אין געטאָ־געריכט אַלס פּראָטאָקולאַנט פון דעצעמבער 1940 ביז דער ליקווי־דאַציע פון געטאָ.

נישט אַזוי לייכט איז אָנגעקומען וואָלקאָוויטשן צו באַקומען דעם פּאָסטן אַלס געריכטס־פּראָטאָקולאַנט. מיט זיין דיפּלאָם פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט אַלס מאַגיסטער־יורי האָט וואָלקאָוויטש, דורך פּראָטעקציע, זיך דערשלאָגן צום אַדוואָקאַט סטאַניסלאַוו יאַקובסאָן — רומקאָווסקיס פאַרטרויאונגס־מענטש, וואָס האָט פון יודענעלטעסטען באַקומען די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן דאָס געטאָ־געריכט. יאַקובסאָן האָט צוגעזאָגט דעם יונגן יוריסט, אַז ער וועט זיין בקשה, וועגן באַקומען אַרבעט, איבערגעבן רומקאָווסקין. בעת אַ צווייטן באַזוך פון וואָלקאָוויטשן ביים פאָרזיצער פון געריכט, האָט ער דערקלערט, אַז דער פּרעזעס האָט אַליין באַשטימט די ריכטער, פּראָקוראָרן און באַאַמטע פון געריכט, און זיין, יאַקובסאָנס, רשימה האָט ער אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן.[481]

נאָך לאַנגע באַמיאונגען, נאָך אַן „אוידיענץ״ ביי רומקאָווסקין, איז וואָל־קאָוויטש אָנגענומען געוואָרן אויפן פּאָסטן פון געריכטס־פּראָטאָקולאַנט. זיין זכיה איז געווען, וואָס ער האָט באַהערשט גוט די שפּראַכן יידיש און דייטש. וואָלקאָוויטש איז געווען אַ שילער פון לאָדזשער מעדעם־שול.

וועגן דער פּראָצעדור און פאַרהאַנדלונגען אין געטאָ־געריכט האָט דער־ציילט ה. וואָלקאָוויטש אין זיין גבית־עדות:

„אויפן דריטן טאָג נאָכדעם, ווי איך בין אָנגענומען געוואָרן אויף מיין

אָמט בין איך אָנגעזנד געווען אויף אַ קאָמפּלעטער סעסיע פונעם געטאָ־געריכט, וואָס איז באַשטאַנען פון 3 ריכטער: פאָרזיצער — בראָנאַווסקי, פּראָקוראָר — בינשטאָק (פאַרמלחמהדיקער געריכטס־אַפּליקאַנט), צוויי ריכטער — ראָטנער און פרוי מאָטיל. 4 אַדוואָקאַטן: גאָלדקאָרן, די פרויען — ציגעלמאַן, ראָטענבערג און בירנצווייג האָבן פאַרטיידיקט די באַשולדיקטע. זיי זענען געווען: אַ פאַרמלחמהדיקער מעקלער פון הייזער און 3 קצבים. זיי זענען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין פעלשן געטאָ־געלט („רומקעס"). די זאַכלעכע באַווייזן זענען געווען אַ גראַווירשטיין און פּרוּוון פון קלישעס. אַלס עקספּערט איז אויפגעטרעטן דער גראַווירער ראָזענצווייג.

דער הויפּט־באַשולדיקטער, דער פאַרמלחמהדיקער מעקלער, האָט דערקלערט: ער האָט נישט געהאַט קיין באַשעפטיקונג אין געטאָ און טרעפנדיק זיך מיט די קצבים־שמוגלער, האָבן זיי באַשלאָסן נאָכצומאַכן דאָס געטאָ־געלט און אויסנוצן עס ביי קצבים. די באַשולדיקטע קצבים האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט צוריידן פון הויפּט־באַשולדיקטן." [482] דער אורטייל: פאַרשידענע טערמינען תפיסה. ביים ערשטן טראַנספּאָרט זענען אַזעלכע תפיסהניקעס אַרויסגעשיקט געוואָרן פונעם געטאָ און פאַרפייניקט געוואָרן ערגעץ אין אַ דייטשן לאַגער.

אין אַ צווייטער גבית־עדות, פון לייביש איזראַיל, ווערט איבערגעגעבן וועגן אַן ענלעכער געריכטס־פאַרהאַנדלונג. לייביש איזראַיל, אַ יונגער בחור, האָט זיך פאַרנומען אין געטאָ מיט פּראָדוצירן בראָנפן פון צוקער. אין יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אין געטאָ פאַלשע „רומקעס". די פּאָליציי האָט גענומען מאַכן רעוויזיעס. איזראַיל איז געוואָרן אַרעסטירט און אין פּאָליציי־אַרעסט שוין געטראָפן אַ צעשלאָגענעם דעם דרוקער־אַרבעטער ישראל ראָזענבלום. איזראַיל דערציילט אין זיין גבית־עדות:

„מ'האָט מיך אַריינגערופן צו דער אויספאָרשונג. ביי טישן זענען געזעסן ראָזענזאָן און העכט — מיטאַרבעטער אין דער יידישער פּאָליציי. מ'האָט מיך גענומען אויספרעגן. 2 יידישע פּאָליציאַנטן האָבן זיך געוואָרפן אויף מיר שלאָגן און מיך צעהרגעט ביז בלוט. אויך העכט האָט מיך געשלאָגן. שפּעטער האָט מען מיך אָפּגעפירט אין תפיסה אויף טשאַרניעצקי גאַס. מיינע עלטערן האָבן גענומען לויפן, באַמיען זיך, אַז מ'זאָל מיך באַפרייען, אויפגעוויזן מיין אומשולד. אָבער רומקאָווסקי האָט דערקלערט, אַז מיך וועט מען נישט אַרויסלאָזן. אַזוי האָט אָפּגעדויערט עטלעכע חדשים. לסוף בין איך געשטאַנען פאַר אַ יידיש געריכט. מיין פאָטער האָט געשטעלט אַן אַדוואָקאַט. קאָמיסאַר גרינבערג איז געווען אַן עדות. איך בין באַפרייט געוואָרן און ראָזענבלום האָט באַקומען צוויי חדשים תפיסה." [483]

די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען זענען על פּי רוב געפירט געוואָרן אין



זיצונג פונעם געטאָ־געריכט
פון לינקס אויף רעכטס: בינשטאָק, מערענלענדער און ראַטנער. די נעמען פון די לעצטע צוויי האָט זיך נישט איינגעגעבן פעסטצושטעלן

יידיש. דער פראָקוראָר און די אַדוואָקאַטן האָבן גערעדט פויליש. די ריכטער האָבן געטראָגן רונדע היטלען מיט אַ דעק מיט 4 שפּיצן. די דענקע באַפּוצט מיט בלוי־ווייסע שאַרפן מיט אַ מגן־דוד. אויפן ריכטער־טיש, באַדעקט מיט אַ גרינעם טוך איז געלעגן אַ קליין ספר־תורה׳לע, ביי וועלכן די עדות האָבן געשוווירן. די שבועה איז אָפּגעגעבן געוואָרן אויף יידיש לויט אַ פון־פאָרויס צוגעגרייטן טעקסט. דער געריכטס־פאָרזיצער האָט געעפנט די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען אין נאָמען פונעם יודענעלטעסטען מרדכי חיים רומקאָווסקי און אויך די אורטיילן זענען אַרויסגעטראָגן געוואָרן אין זיין נאָמען. „געמשפּט איז געוואָרן לויטן פּוילישן שטראָף־קאָדעקס און אין פאַל ווען די פּוילישע געזעצן זענען געקומען אין סתירה מיט די דייטשע, האָט מען זיך באַנוצט מיטן דייטשן קאָדעקס. דער פּרינציפּ איז געווען: געבן נאָר אַ דריטל אָדער אַ פערטל פון דער פאַרמלחמהדיקער שטראָף־אויסמעסטונג״.

אַ חוץ די אַלטע געזעצן האָט דאָס געטאָ אויך געהאַט איר אייגענע „געזעצגעבונג״, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן דורך רומקאָווסקיס באַקאַנטמאַכונגען און פאַראָרדנונגען. ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ זענען געווען איבער 400 אַזעלכע „באַקאַנטמאַכונגען״ און „פאַראָרדנונגען״ פון רומקאָווסקין.

די אָרגאַניזאַציע פון געריכטס־וועזן איז געווען לויטן פּוילישן סיסטעם:

ציוויל־געריכט, שטראָף־געריכט, פּראָקוראַטור און צוויי העכערע אינסטאַנצן אויף אַפּעלאַציעס. געווען אויך אַמנעסטיעס, אַרויסגעגעבן דורכן יודענעלטעסטען לכבוד ימים־טובים: פּסח, ימים־נוראים אדג״ל און אינדיווידועלע באַגנעדי־קונגען. אין ציוויל־געריכט זענען געזעסן לאַוויניקעס, ווי פאָרשטייער פון דער באַפעלקערונג. דאָס זענען געווען ערן־אַמטן.[484]

## ו. „די העכסטע קאָנטראָל־קאַמער"
## („ניק" — „נאַיוויזששאַ איזבאַ קאָנטראָלי")

די לעצטע אינסטיטוציע, מיט וועמענס אַנטשטיין עס איז ענדגילטיק אָפּגעשלאָסן געוואָרן די אָרגאַניזירונג פון רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, איז געווען — „די העכסטע קאָנטראָל־קאַמער", וועלכע האָט זיך אויך גערופן פאַרקירצט „ניק" לויט די ראשי־תיבות פון דער פּוילישער באַצייכנונג — „נאַי־וויזששאַ איזבאַ קאָנטראָלי". דער איניציאַטאָר פון „ניק" איז געווען רומקאָווסקי. ער האָט געהאַלטן, אַז די קאָנטראָל־קאַמער איז דאָס „אויג פונעם געטאָ".

צו דער אינסטיטוציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין נאָוועמבער 1940, האָבן געהערט: ב. ליטווין, נ. שפּעט, ד. פאַבריקאַנט, ב. סטריקאָווסקי, אינזש. ל. שיפּער, ל. ראָזענבלאַט, מ. פּערלע, ד״ר ל. שיקער און ז. טענענבוים.

די העכסטע קאָנטראָל־קאַמער, וועמענס מיטגלידער האָבן אָפּגעגעבן אַ פייערלעכע שבועה פאַר רומקאָווסקין, האָט געהאַט די אויפגאַבע „צו קאָנ־טראָלירן די טעטיקייט פון אַלע געטאָ־אינסטיטוציעס און איינריכטונגען, ווי אויך אַלע געשעענישן, וואָס קומען פאַר אינעם קאָלעקטיוון לעבן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג".[485]

.27

# הונגער, קעלט און רומקאָווסקיס נצחון איבער דער אָפּאָזיציע

## א. די הונגער־פּאָרציעס פון דער דייטשער באַשפייזונגס־צוטיילונג

אין לעצטן חודש פון יאָר 1940 איז דאָס ליטצמאַנשטאָטער געטאָ דערגאַנגען צום העכסטן פּונקט פון זיין אָרגאַניזירטקייט. דאָס געטאָ האָט פאַרמאָגט אַלע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, אינסטיטוציעס און איינריכטונג, וואָס זענען נויטיק פאַר אַ נאָרמאַלן כלל־לעבן. אין דערזעלבער צייט איז געוואַקסן די נויט און דחקות אין געטאָ.

די לעבנסמיטל־פּראָדוקטן: שפּייז, באַהייצונגס־מאַטעריאַל אאַנ״ד, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין געטאָ אין די חדשים ווען עס איז נאָך געגאַנגען דער שמוגל, האָבן זיך אויסגעלאָזט. אויך דאָס צושיקן שפּייז־פּעקלעך פון דער פּראָווינץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. פון איין זייט האָט ביבאָוו געשטערט דאָס אַריינפירן שפּייז־פּאַקעטן, „כדי נישט צו באַלאַסטן אַנדערע האַנדלס־מערק" און פון דער צווייטער זייט האָט אויך רומקאָווסקי צוגענומען („קאָנפיסקירט") די שפּייז־פּעקלעך אָדער אַרויסגענומען די בעסטע פּראָדוקטן, וועלכע ער האָט, לויט זיין דערקלערונג, צעטיילט אין די שפּיטעלער פאַר קראַנקע, וואָס עס ווערט אָפּגעלייקנט אין די זכרונות פון ד״ר ל. שיקער.

אויך די דייטשע מאַכט האָט פאַרקלענערט די אַפּראָוויזאַציע־צוטיילונג פאַרן געטאָ. אין הסכם מיטן אויסראָטונגס־פּלאַן האָט מען געדאַרפט אויסהונגערן די געטאָ־איינוווינער, וועמענס לעבן און עקזיסטענץ איז דערווייל פאַרלענגערט געוואָרן, ווייל זיי זענען נויטיק געווען פאַר דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט, וואָס האָט זיך אין יענעם פּעריאָד שטאַרק אויסגעברייטערט אין שייכות מיט די מלחמה־צוגרייטונגען קעגן ראַטנפאַרבאַנד.

נאָך דעם 24־סטן אָקטאָבער 1940 איז ביים רעגירונגס־פּרעזידענט אין ליטצמאַנשטאָט פאָרגעקומען אַ זיצונג מיט די העכסטע פּערזענלעכקייטן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש. אין דער זיצונג האָבן זיך באַטייליקט: וויצע־פּרעזידענט ד״ר מאָזער, ד״ר מאלדענהאוער, רעגירונגסראַט פאָן הערדער, היידריך, שטאַבס־פירער עטצאָלד, פּאָליציי־פּרעזידענט ד״ר אַלבערט, אָבער־

רעגירונגסראַט איליך, ד״ר צירפּניס, שניידער, ווי אַ פאַרטרעטער פון דער מיליטער־מאַכט און פאלפינגער. די אַלע הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט האָבן באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דער באַשפּייזונג פון יידן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט. אין אַן „אַקטענגאָטיץ״, וואָס איז פאַרבליבן אין אַרכיוו זענען פאַרשריבן פאָלגנדע כאַראַקטעריסטישע אויספירן פון וויצע־פּרעזידענט ד״ר מאָזער וועגן לעבנסמיטלפאַרזאָרגונג פון די געטאָ־יידן:

„דאָס געטאָ, ד. ה. די „יודענגעמיינשאַפט״ — האָט געזאָגט ד״ר מאָזער — איז אַ העכסט נישט־געוווּנטשענע איינריכטונג, אָבער דאָך אַ נויטווענדיק שלעכטס. די יידן, וועלכע, אין זייער איבערוויגנדער צאָל, פאַרברענגען „איין נוטצלאָזעס דאַזיין״ אויף די קאָסטן פון דייטשן פאָלק — מוזן דערנערט ווערן. אָבער, אַז די יידן קאָנען נישט באַטראַכט ווערן ווי נאָרמאַלע פאַרבּרויכער אין זין פון דערנערונגס־ווירטשאַפט, באַדאַרף מען נישט קיין שום קאָמענטאַרן. די יידן דאַרף צוגעוויזן ווערן אַזאַ צאָל און אַרט פון לעבנסמיטל, וועלכע די שטעטישע געטאָ־פאַרוואַלטונג, אין הסכם מיט די געהעריקע דינסטשטעלן פון רייכסדערנערונגס־אַמט, האָבן אָנערקענט אַלס נויטווענדיק פאַר דער יידישער דערנערונג. — — — אין אַלגעמיין מוזן פון דעם נאָרמאַלן סחורות־פאַרקער, די קוואַליטאַטיוו מינדערווערטיקסטע סחורות, אין דער ערשטער ריי, אָפּגעגעבן ווערן אין געטאָ.״ [486]

פון דער דאָזיקער „אַקטענגאָטיץ״ ווערט שוין קלאָר, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען די באַשפּייזונג, וואָס די דייטשן האָבן צוגעשטעלט אין געטאָ. דער אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט האָט טאַקע באַלד נאָך דער דערמאָנטער זיצונג געשריבן צו רומקאָווסקין, אַז ער דאַרף זאָרגן פאַר „פאָרראַט״ פון פּראָדוקטן אויף די ווינטער־חדשים. „דאָס פאָלק דאַרף נישט לעבן פון האַנט אין מויל״. עס דאַרף אויך געזאָרגט ווערן, אַז די אַרבעטנדיקע זאָלן באַקומען מער צוטיילונגען ווי די נישט־אַרבעטנדיקע. עס קאָן אויך נישט זיין קיין אויסוואַל פון פּראָדוקטן און רעקלאַמאַציעס וועגן דער קוואַליטעט פון די סחורות זענען אַזוי גוט ווי אויסגעשלאָסן.

## ב. שלעכטע אַפּראָוויזאַציע־ווירטשאַפט און די פּראָטעקציע ביי דער שפּייז־פאַרטיילונג

דער דוחק אין פּראָדוקטן אין געטאָ האָט פאַרשטענדלעך נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם פּראָטעקציע־סיסטעם ביים באַקומען שפּייז. אין פּריוואַטן האַנדל מיט פּראָדוקטן זענען די פּרייזן אויסערגעוויינלעך געשטיגן. די פּשוטע געטאָ־יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט צו די גרינצייג־פּלעצער און נישט קיין פּראָטעקציע, האָבן סיסטעמאַטיש געהונגערט. אין זיינע זכרונות שרייבט

ד״ר ל. שיקער וועגן דאָזיקן אָנהויב פון פאַרניכטנדן הונגער אין לאָדזשער געטאָ :

„סוף 1940 האָט שוין דער גרעסטער רוב פון לאָדזשער געטאָ געהונגערט. אין דער צייט האָב איך פעסטגעשטעלט הונגער־געשווילעכץ ביי פּאַציענטן. שוין דעמאָלט האָט אין דער דערנערונג פון געטאָ געפעלט אייוייס. מיר האָבן באַקומען פערד־פלייש און דאָס אין זייער אַ באַגרענעצטן סכום. די דייטשע מאַכט האָט נישט בלויז געוווּסט אַז אין געטאָ הערשט הונגער, נאָר זי האָט זיך נאָך באַמיט די ערגסטע שפּייז־פּראָדוקטן אַריינצושיקן אין געטאָ״.[487]

די דאָזיקע דייטשע באַשפּייזונג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג האָט געהאַט פון 700—900 קאַלאָריעס אַ טאָג און איז באַשטאַנען על פּי רוב פון בריקווע, צעפוילטע קאַרטאָפל, פאַרדאַרבן מעל, פערד־פלייש און מאַרגאַרין אין אַ מינימאַלן סכום. די נאָרמע פון באַשפּייזונג איז פאַרן געטאָ געווען קלענער ווי די באַשפּייזונג פאַר אַרעסטאַנטן, וואָס האָט באַטראָפן פון 40—50 פעניק טעגלעך און פאַר געטאָ־איינוווינער נאָר 23 פעניק טעגלעך.

האַנס ביבאָוו, וועלכער איז געווען פּערזענלעך פאַרינטערעסירט אין זיין „געטאָ־געשעפט״, וואָס האָט אים אויך געבראַכט גרעסטע פון גיין אויפן פּראָנט, האָט אין זיין באַריכט צום ליטצמאַנשטאַטער בירגערמייסטער געשריבן אין דעצעמ־בער 1940 : „דער הונגער אין געטאָ איז אַזוי גרויס, אַז דער יודענעלטעסטער איז געצוווּנגען די שאָלן פון קאַרטאָפל, וואָס זענען באַשטימט צו באַשפּייזן די פערד, אָפּצוגעבן אין די געטאָ־קיכן, כדי זיי זאָלן האָבן פון וואָס צו קאָכן מיטאָגן פאַר די אַרבעטנדיקע מענטשן״.[488]

ביי דעם דאָזיקן מצב האָבן, אין חודש דעצעמבער 1940, די בעקערייען אָפּגעשטעלט דאָס באַקן ברויט. זיי האָבן נישט באַקומען קיין מעל. עס האָט זיך באַלד דערפילט אַ דוחק אין ברויט. פון ערשטן יאַנואַר 1941 זענען אין געטאָ איינגעפירט געוואָרן לעבנסמיטל־קאַרטן. אין זייער אַ שנעלן טעמפּאָ האָט די רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע דורכגעפירט אַ „פּאָלקס־ציילונג״. דאָס געטאָ איז פאַרטיילט געוואָרן אויף ראַיאָנען. יעדער ראַיאָן האָט געהאַט זיין פאַרטייל־פּונקט און אַ רעגיסטער פון די איינוווינער. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ קאַרטן־באַשפּייזונגס־סיסטעם, מיט אַ גענויער קאָנטראָל פון אַרויס־געבן און אָפּנעמען די באַשפּייזונגס־קאַרטן (ביי אַ טויטפאַל, אָדער פאַרן אַרויס־געשיקט ווערן פון געטאָ אויף אַרבעט).

לויט אַ נישט קאָנטראָלירטער אויפשטעלונג איז די באַשפּייזונגס־נאָרמע אויף די קאַרטן געווען פאָלגנדע :

„ברויט 250 גר. טעגלעך. יעדע צוויי וואָכן, דורכשניטלעך : 70 דעקאָ „קאָלאָניאַלקע״ (מעל, קאַשע אָדער היידערלעך), 10 דעקאָ אייל, 10 דעקאָ מאַר־גאַרין, 40 דעקאָ צוקער, 10 דעקאָ קינסטלעכער האָניק אָדער מאַרמעלאַדע און

פֿאַרשידענער ערזאַץ־פּולווער, 4 קילאָ קאַרטאָפֿל, און 5 קילאָ קאָלריבן. מייערן און בוריקעס זענען געווען אַ זעלטענע דערשיינונג. פֿלייש דורכשניטלעך 100 גראַם אַ וואָך. מענער אין עלטער פֿון 18 יאָר האָבן באַקומען פֿון צייט צו צייט עטלעכע פּאַפּיראָסן. קאַרטאָפֿל און גרינס איז אַריינגעשיקט געוואָרן אויף אַ צייט פֿאָרויס און אנשטאט עס צו צעטיילן צווישן דער באַפֿעלקערונג איז דאָס געוואָרן מאַגאַזינירט. אַ סך פּראָדוקטן זענען קאַליע געוואָרן צוליב דער שלעכטער ווירטשאַפֿט פֿון די אָנפֿירער פֿונעם אַפּראָוויזאַציע־אַמט." [489]

## ג. די צוגאָב־טאַלאָנען און די פּריווילעגירטע גרופּן

זינט מאַי 1940, ווען דאָס געטאָ איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן און אויסגעשטעלט אויף אַן אייגענעם אַפּראָוויזאַציע־אַפּאַראַט — האָט, ווי אין ענלעכע פֿאַלן, בעתן דוחק אין שפּייז, זיך איינגעשטעלט אַ פֿילפֿאַרצווייגטע פּראָטעקציע ביים באַקומען לעבנסמיטל. ביזן איינפֿירן די רעגלאַמענטאַציע אויף באַשפּייזונג, ביזן אָנהויב יאָר 1941, איז בכלל געווען אַ פֿרייער האַנדל מיט לעבנסמיטל. יעדער, וואָס האָט געהאַט געלט, האָט געקאָנט ממילא קויפֿן כלערליי שפּייז און זאַכן. געליטן האָבן בלויז די אָרעמע און אַרבעטער אין די שאָפּן, וואָס האָבן געמוזט אָנקומען צו די קהלשע קיכן, צו די גרינצייג־פּלעצער, ווו מ'האָט פֿאַרקויפֿט קאַרטאָפֿל און ירקות צו אָפֿיציעלע פּרייזן אדג"ל.

דאָס באַקומען גוטע, נישט צעפּוילטע פּראָדוקטן, אָדער אַ געדיכטערע זופּ אין קיך איז געוואָרן פּשוט אַ לעבנס־פֿראַגע. כדי דאָס צו דערגרייכן האָט מען געמוזט האָבן „באַקאַנטשאַפֿט" מיטן פֿאַרטיילער פֿון די פּראָדוקטן, מיט די פֿערזאָנען, וואָס האָבן געוויגן, מיט די קיכער. דאָס איז געווען די איינפֿאַכע פּראָטעקציע פֿון נידעריקסטן גראַד. דאַן האָט זיך איינגעשטעלט אַ פּראָטעקציע־סיסטעם פֿון באַקומען צוגאָב־באַשפּייזונג. אַזעלכע צוגאָבן זענען געווען לעגאַלע, „געזעצלעכע" און „אומגעזעצלעכע", וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף דער פּראָטעקציע פֿון הויכגעשטעלטע באַאַמטע אין רומקאָווסקי־אַפּאַראַט און טאַקע פֿון רומקאָווסקין אַליין.

באַלד מתחילת, ווען עס האָבן זיך איינגעשטעלט די קיכן, האָט רומקאָווסקי אַליין באַשטימט צוגאָב־טאַלאָנען אויף באַשפּייזונג פֿאַר אַרבעטער אין די אונטערנעמונגען. באַזונדער זענען פּריווילעגירט געוואָרן די געטאָ־פּאָליציאַנטן („אָרדנונגס־דינסט"). אַ פּאָליציאַנט האָט באַקומען אַ האַלבן קילאָ ברויט אַ טאָג מיט אַ צוגאָב־טאַלאָן, וואָס האָט באַדייטנד פֿאַרגרעסערט זיין באַשפּייזונגס־נאָרמע. שפּעטער האָט זיך שוין איינגעשטעלט אַ סיסטעם פֿון צוגאָב־טאַלאָנען, וועלכע זענען געוואַקסן אין זייער צאָל צוזאַמען מיטן וווקס פֿון דוחק אין שפּייז אין געטאָ.

רומקאָווסקי האָט געהאַט אין זיין רשות דרייערליי טאַלאָנען: פאַר אָנגעזעענע יידן, רבנים, עסקנים, אנשי־שם און שווער־אַרבעטער — „טאַלאָן ב׳״; דאָקטוירים, פאַרמאַצעווטן — „טאַלאָן ל׳״ (לעקאַרסקע); פאַר אַלע אַנדערע, וואָס האָבן געפונען חן אין רומקאָווסקיס אויגן — „טאַלאָן ט׳״. מיט דער צייט האָט זיך דער דאָזיקער סיסטעם נאָך אויסגעברייטערט און יעדערער העכערער באַאַמטער פון רומקאָווסקי־אַפּאַראַט האָט געקאָנט רעקאָמענדירן אַרויסצוגעבן צוגאָב־באַשפּייזונג. ער האָט נאָר געדאַרפט אויף דער בקשה אויפשרייבן: „P. W. — Proszę wydać״ „איך בעט אַרויסגעבן״. דאָס דאָזיקע ווערטל איז געווען זייער פאַרשפּרייט אין געטאָ.

אַ חוץ די אָפיציעלע צוגאָב־טאַלאָנען, האָט רומקאָווסקי אויך געגעבן אָנווייזונגען אויף שפּייז פאַר קימפּעטאָרינס, מוטערס פון זויג־קינדער, אויף בריתן און חתונות.

ברוך פּראַשקער, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די קיכן אין געטאָ און געשטאַנען נאָענט צו רומקאָווסקין, האָט אין אַ גבית־עדות איבערגעגעבן: „2 פּראָצענט פון דער אַפּראָוויזאַציע האָט רומקאָווסקי געהאַט אין זיין רשות — פון דעם האָט ער געשטיצט תלמידי חכמים, באַוווּסטע מענטשן און פּאַרטיי־פירער. געווען אויך ספּעציעלע קראָמען, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן פּראָדוקטן נאָר אויף טאַלאָנען. אַזעלכע קראָמען האָט מען גערופן „דיעטלאַדענס״. דאָרט האָבן קראַנקע מענטשן באַקומען זייערע צוטיילונגען.״ אויף דער רשימה פון די קראַנקע האָבן זיך אויך געפונען גאַנץ געזונטע מענטשן פון די געטאָ־פּני און אַפילו גערטלער, דער מסור און מיטאַרבעטער פון „קריפּאָ״. די טאַלאָנען זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַ ספּעציעלער ביוראָ, וואָס איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון פרייליין אייבעשיץ.

דאָס באַזאָרגן באַשפּייזונג דורך די טאַלאָנען איז געווען דער לעגאַלער סיסטעם פון פּריווילעגירן באַשטימטע שיכטן ביים באַקומען לעבנסמיטל. אַ חוץ דעם זענען פון די פּלעצער ווו מ׳האָט פאַרקויפט גרינצייג, וועלכע זענען אָנגעפירט געוואָרן פון רומקאָווסקיס אַמאָליקן שותף שטשענשליווי און פון ה׳ מאַקאָווער, געשיקט געוואָרן „פּעקלעך״ אַהיים צו די געטאָ־פּני. בכלל איז די אַפּראָוויזאַציע־איינריכטונג אין געטאָ געווען הפקר, אויסגעשטעלט אויף מיסברויכן, פּשוטער גנבה און קאָרופּציע. דאָס ווערט באַשטעטיקט אין אַלע זכרונות, גבית־עדות פון מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דאָס געטאָ. ישראל טאַבאַקסבלאַט האָט געשריבן אין זיינע זכרונות: „ווען מ׳האָט אַרעסטירט און געשלאָגן ביז בלוט, אַרויסגעשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט מענטשן, וועמענס חטא עס איז באַשטאַנען אין אַראָפּכאַפּן פון אַ וואָגן אַ קאַרטאָפל, אָדער אַ שטיקל קויל, האָט מען די גאַנצע כאַלאַסטרע פון דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג באַ־

שאַנקען מיט כבוד און טאַלאַנען און געלאָזט זיי הוליען אויף וואָס די וועלט שטייט״.[490]

דער דאָזיקער מצב פון דער אָפּראָוויזאַציע האָט אַרויסגערופן דעם ערשטן סאָציאַלן אויפברויז אין זומער 1940 און געווען די סיבה אויך פון די שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס אין אָנהויב יאָר 1941. אָבער ווען בעת דעם ערשטן סאָציאַלן אויפברויז איז רומקאָווסקי נישט געווען צוגעגרייט און האָט געמוזט טיילוויז נאָכקומען די פאָדערונגען פון די אַרבעטער־פאָרשטייער און אָפּאָזיציע פון דער אינטעליגענץ, איז ער, בעת די שפּעטערדיקע שטרייקן און דעמאָנ־סטראַציעס, שוין אויפגעטרעטן ווי אַן אַלמעכטיקער דיקטאַטאָר מיט אַן אָרגאַ־ניזירטן מאַכט־אַפּאַראַט, גרייט צו צערייבן אַלץ, וואָס שטייט אים אין וועג און דורכצופירן, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק און גוט.

## ד. שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס

עס האָט זיך אָנגערוקט אַ שווערער ווינטער, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן זייער פרי. דאָס רעגלאַמענטירן די באַשפּייזונג האָט נאָך מער געשטאַרקט דעם הונגער, ווייל עס איז נישט געווען וואָס צו געבן אויף די באַשפּייזונגס־קאַרטן. נישט געווען מיט וואָס צו באַהייצן די קאַלטע שטובן. די קוילן, וואָס די דייטשן האָבן פאַרקויפט דעם געטאָ, זענען געגאַנגען אויף צו באַהייצן די אַרבעטס־רעסאָרטן, וועלכע זענען געוואָקסן אין צאָל. אין דעצעמבער 1940 זענען שוין אין געטאָ געווען 36 אַרבעטס־רעסאָרטן, וועלכע האָבן באַשעפטיקט איבער 12 טויזנט אַרבעטער. די גרעסטע אונטערנעמונגען זענען געווען די טישלער־און שניידער־וואַרשטאַטן. צוליב טעכנישע סיבות איז נישט מעגלעך געווען אויסצובריייטערן די שניידער־וואַרשטאַטן און ביבאָוו פאַרלאַנגט פון רומקאָווסקין, אַז מ׳זאָל דאָרט איינפירן נאַכט־שיכט, עס זאָל געאַרבעט ווערן בייטאָג און ביינאַכט.

די אַרבעטער, און באַזונדערס די אַרבעטסלאָזע, וועלכע האָבן באַקומען אַ קליינע געלט־אונטערשטיצונג — 12 ר״מ אַ וואָך, האָבן כסדר געהונגערט. אויפן „פרייען״ מאַרק זענען די פּרייזן אויף פּראָדוקטן גוואַלטיק געשטיגן, באַ־זונדערס אויף באַהייצונגס־מאַטעריאַלן. „אַ קערץ קוילן האָט געקאָסט אַ קאַראַט בריליאַנטן״ — האָט ד״ר ל. שיקער געשריבן אין זיינע זכרונות:

„אין דעם געדענקלעכן ווינטער זענען געווען פאַלן, ווען מענטשן זענען אין די אייגענע וווינונגען פאַרפרוירן געוואָרן אויף טויט. די אַמבולאַטאָריע אין שפּיטאָל אויף לאַגיעווניצקע 36, ווו איך בין געווען באַשעפטיקט, האָט געהאַט צענטראַל־באַהייצונג און אַ געוויסן זאַפּאַס פון קאָקס. הונדערטער

מענטשן זענען דאָ אַהערגעקומען און אין די קאָרידאָרן און וואַרטע־זאַלן אָפּ־געזעסן גאַנצע טעג, כדי דאָ צוצוואַרעמען דעם אויסגעמאָגערטן גוף.

ס׳איז געווען אַ ביטערער ווינטער: הונגער, קעלט, די שטערבלעכקייט וואַקסט און ס׳קומען אַלץ נייע פאַראָרדענונגען פון דער אָקופּאַציע־מאַכט. אָבער דאָס איז ערשט געווען דער אָנהייב.״ [491]

דער דאָזיקער מצב און די פאַרביטערטקייט צוליבן אויבנדערמאָנטן סיסטעם פון פּראָדוקטן־פאַרטיילונג דורך דעם אַפּראָוויזאַציע־אַמט, האָט אַרויס־גערופן אַ גוואַלטיקע אויפרעגונג ביי דער אַרבעטנדיקער און אַרבעטסלאָזער באַפעלקערונג. אין די רעסאָרטן זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פאַרזאַמלונגען. די פאַבריקס־דעלעגאַטן האָבן געפאָדערט פון רומקאָווסקין, אַז ער זאָל אויסבעסערן דעם אַפּראָוויזאַציע־מצב.

דער יודענעלטעסטער, וועלכער האָט שוין געהאַט אין זיין רשות די „איבערפאַל־קאָמאַנדע״, אַ יידיש־פּאָליצייאישע פאָרמאַציע פון שטאַרקע, געווע־זענע אונטערוועלט־מענטשן, האָט באַשלאָסן איינצושטילן די בונטאָווטשיקעס מיט שטרענגע מיטלען. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אונטערהאַנדלען מיט די פאַבריקס־דעלעגאַטן און פאַרבאָטן זיי אַרויפצולאָזן אויף די הייף פון די רעסאָרטן. לסוף האָט ער דורך אַ באַקאַנטמאַכונג אינגאַנצן אָפּגעשאַפט די דעלעגאַטן־אָנפירונג אין די פאַבריקן. די אַרבעטער האָבן דערויף געענטפערט מיט שטרייקן און אַרויסגעשטעלט לוין־פאָדערונגען.

עס האָבן דערקלערט אַ זיץ־שטרייק די דרוקער־אַרבעטער פון בזשע־זשינער גאַס 10. די יידישע פּאָליציי האָט מיט כוח באַזייטיקט די אַרבעטער פון דער אונטערנעמונג. אויפן באַפעל פון רומקאָווסקין איז באַזייטיקט געוואָרן די פריערדיקע אָנפירונג פון דער דרוקעריי און עס איז אַריינגעזעצט געוואָרן אַ קאָמיסאַר — מאַשקאָוויטש פון זדונסקאַ וואָלאַ. ער האָט איינגעשטעלט אַ פאַרוואַלטונג פון פריערדיקע אייגנטימער פון דרוקערייען און לסוף איז ער אַליין געוואָרן דער באַלעבאָס. ער האָט באַשטימט די אַרבעטס־לוינען. די אַרבעטער זענען באַזייטיקט געוואָרן פון האָבן אַ דעה אין דער אונטערנעמונג, וואָס זיי האָבן געגרינדעט.

קאָמיסאַר מאַשקאָוויטש איז שפּעטער באַזייטיקט געוואָרן פאַר דעפּראַוו־דאַציעס. זיין אָרט האָט פאַרנומען גלאַגאָווסקי, אַן אַסימילירטער ייד — רומ־קאָווסקיס אַ מענטש. שפּעטער איז אין דער דרוקעריי אַריינגעקומען דער זשורנאַליסט שמואל ראָזענשטיין, רומקאָווסקיס הויף־שרייבער. ער האָט באַזיי־טיקט גלאַגאָווסקין און געוואָרן דער באַלעבאָס פון דער דרוקעריי. דורך ראָזענ־שטיינס איניציאַטיוו איז געשאַפן געוואָרן די „געטאָ־צייטונג״. [492] דאָס אַלץ איז געשען אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1941.

שטרייקן זענען אויך פאָרגעקומען ביי די שוסטער און אין אַנדערע פאַכן. דער שטורמישסטער שטרייק איז געווען ביי די טישלער־אַרבעטער.

אין זיין גבית־עדות האָט דער טישלער־אַרבעטער משה לעווקאָוויטש דערציילט פאָלגנדעס: סוף יאָר 1940 זענען כמעט אַלע סטאָלאַרעס געווען באַשעפטיקט. עס האָבן געאַרבעט אין דעם פאַך אַ 1,200 פּערזאָן — 400 קוואַליפיצירטע פאַכמענער און די רעשט געהילפן און „שוואַרצע" אַרבעטער. געווען אין געטאָ עטלעכע טישלער־וואַרשטאַטן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט: מעבל, קינדער־שפּילצייג פון האָלץ, בכלל גאַלאַנטעריע־אַרבעט. עס האָבן געאַרבעט בוי־טישלער, טאַפּעצירער. די לייטער פון די באַזונדערע אָפּטיילונגען זענען געווען: לודוויק ווינאָגראַד, שוואַרצאָווסקי, ראָזנער אאַנ״ד.

די טישלער־אַרבעטער האָבן באַקומען צוגאָב־טאַלאָנען. אין חודש יאַנואַר 1941, ווען די באַשפּייזונג פון געטאָ האָט זיך שטאַרק פאַרערגערט, האָט רומקאָווסקי אָפּגענומען די צוגאָב־טאַלאָנען נישט פון די פּריווילעגירטע, נאָר פון די אַרבעטער, אויך פון די טישלער. גלייכצייטיק איז פאַרשאַרפט געוואָרן די באַציאונג פון דער פאַבריקס־אַדמיניסטראַציע צו די אַרבעטער.

ג. פאָגעל, וועלכער איז געווען פאָרזיצער פון אַרבעטער־ראַט אין די טישלער־וואַרשטאַטן און האָט איבערגעלעבט דאָס געטאָ, האָט אין זיינע זכרונות אַזוי באַשריבן דעם דעמאָלסטיקן מצב אין די געטאָ־טישלערייען:

„דער 21־טער יאַנואַר 1941 איז געווען דער לעצטער טאָג, וואָס אַרבעטער האָבן נאָך באַקומען אַ צוגאָב. ס'איז דאַן אָפיציעל געמאָלדן געוואָרן, אַז אַלע צוגאָבן פאַר דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג ווערן אָפּגעשאַפט. אויף דרוקאַרסקע־גאַס האָט זיך געפונען די טישלער־פאַבריק. אין די אָפּטיילונגען האָבן געאַרבעט ביז טויזנט יידן. אַלערליי מעבל איז דאָרט פּראָדוצירט געוואָרן פאַרן דייטשישן פאָלק ווי אויך פאַר יחידי־סגולה פון יידן, וואָס האָבן באַקומען אַ צעטל פון פּרעזעס [רומקאָווסקי]. ביים אַהיימגיין זענען אַלע אַרבעטער אַדורכגעגאַנגען אַ שטענדיקע פּערזענלעכע רעוויזיע, מ'האָט געזוכט צי מען „גנבעט" נישט אַרויס אַ שטיקל האָלץ־אָפּפאַל צום הייצן. דאָס האָט מען פאַרעכנט פאַר אַן אויסערגעוויינלעכן פאַרברעכן. דאַקעגן האָט די „שפּאַרזאַמע" לייטונג פון דער פאַבריק באַזאָרגט גאַנצע וועגעלעך האָלץ פאַר אַלע געטאָ־פּני. אַפילו די הובל־שפּענער האָט מען די אַרבעטער נישט דערלויבט אַהיימנעמען."

אויף דעם באָדן איז געקומען צו שאַרפע קאָנפליקטן. אין די שטובן איז געווען קאַלט. פון די פאַרדינסטן האָט מען נישט געקאָנט קויפן קיין באַהייצונג. קינדער זענען געלעגן קראַנק צוליב פאַרקילונגען. די שרעק פאַר שווינדזוכט, וואָס האָט כסדר פאַרכאַפּט אַלץ אַ ברייטערן שיכט פון דער געטאָ־באַפעלקערונג, האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף יעדן און דאָ לאָזט מען נישט אַהיימנעמען אַפילו אַ שפּענדל. די אויפרעגונג ביי די טישלער־אַרבעטער איז

געוואַקסן. דאָס צונעמען די צוגאָב־טאַלאָנען, וואָס האָט פּאַקטיש באַדייט אַ פאַרקלענערונג פונעם פאַרדינסט, האָט פול געמאַכט דאָס מעסטל.

הגם דער דעלעגאַטן־ראַט איז געווען ליקווידירט, האָט ער דאָך אָפּגעהאַלטן זיינע באַראַטונגען. די דעלעגאַטן: ספּעקטאָר, געלערמאַן און פייגענבוים האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט ג. פאָגעל, וועלכער איז שוין געווען באַזייטיקט פון דער אַרבעט, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן צו רומקאָווסקיס קאָמיסאַר בערנאַרד פרוינד, אַז ער זאָל אויפנעמען אַ דעלעגאַציע. פרוינד האָט דערויף געענטפערט, אַז דער פּרעזעס האָט אָפּגעשאַפט די דעלעגאַטן־קערפּערשאַפטן, ער האָט דעריבער נישט קיין רעכט מיט זיי צו אונטערהאַנדלען.

די אַרבעטער האָבן פאַרשטרייקט און נישט פאַרלאָזט די פאַבריק. פרוינד האָט אויפגעפאָדערט די אַרבעטער צוצוטרעטן צו דער אַרבעט, „ווייל אין געטאָ איז נישטאָ קעגן וועמען צו שטרייקן“. אויב מ׳וועט נישט צוטרעטן צו דער אַרבעט וועט ער מוזן מעלדן רומקאָווסקין און דעמלט וועלן זיין זייער שלעכטע פאָלגן.

די טישלער זענען נישט צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. פרוינד האָט געדראָט מיט דייטשער אינטערווענץ, וואָס קאָן ברענגען צו אַ בלוטבאָד.

„עס זענען געפאַלן אויסרופן: „רעדט מיט אונדזערע דעלעגאַטן!“

ה׳ פרוינד האָט זיך געוואָנדן צו די טישלער מיט אַ לעצטן אַפּעל, דערמאָנענדיק זיי, אַז די דעלעגאַטן זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן דורך דעם פּרעזעס אַליין. עס איז פאַרבאָטן יעדער מין אונטערהאַנדלונג און גערופן צום לעצטן מאָל אומצוקערן זיך צו דער אַרבעט. „איך גיב אייך 10 מינוט צייט“ — האָט ער אויסגערופן מיט אַ דראָענדיקער שטים. און זיך צוריקגעצויגן אין ביוראָ.

פאַרן אַדורכגיין פון די 10 מינוט, האָט ער זיך באַוויזן מיט אַ זייגערל אין האַנט. אויפן זאַל האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די אַרבעטער זענען געשטאַנען איבער זייערע וואַרשטאַטן און נישט צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. פרוינד אַן אויפגערעגטער האָט זיך לסוף באַנוצט מיטן לעצטן אַרגומענט: „ייִדן געדענקט, די אַרבעט איז פאַר דער „ווערמאַכט“. דאָס איז סאַבאָטאַזש“. אַ מינוט האָט זיך דער עולם אַ וואַקל געטאָן, אָבער באַלד האָבן עטלעכע אַרבעטער אָנגעהויבן זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל“. פרוינד איז אַוועק צו זיך אין קאַבינעט און טעלעפאָנירט צום קאָמענדאַנט פון דער ייִדישער געטאָ־פּאָליציי און צו רומקאָווסקין.

דער שטרייק האָט אויסגעבראָכן און אַרומגענומען אַלע אָפּטיילונגען פון טישלער־רעסאָרט. פון דער ערשטער און דריטער אָפּטיילונג האָט די פּאָליציי באַזייטיקט די אַרבעטער. די טישלער פון דער צווייטער אָפּטיילונג אויף דרוקאַרסקע גאַס האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט. עס איז אָנגעקומען די „איבערפאַלקאָמאַנדע“, רומקאָווסקיס לייב־וואַך, מיט קאָמיסאַר פרענקל בראש און עס האָט

זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן די אַרבעטער און פּאָליציי. מ'האָט זיך געשלאָגן מיט העלצער און שטעקנס. עס זענען געווען פאַרוווּנדעטע. דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט אַרויסגערופן פאַרשטאַרקונגען און לסוף זענען די אַרבעטער מיט כוח באַזייטיקט געוואָרן פון דער טישלעריי.

אַזוי האָבן ג. פּאַגעל און א. ווינטער, אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די געטאָ־טישלערייען און איבערגעלעבט דעם חורבן — באַשריבן אין זייערע זכרונות דעם שטורמישן פאַרלויף פון אַרבעטער־שטרייק ביי די אויסערגעוויינלעכע געטאָ־באַדינגונגען.[493]

פאַר דער פּינקטלעכקייט פון די דאָזיקע זכרונות פון די אַרבעטער איז כדאי צו ברענגען אין־עקסטענסאָ דעם אָפיציעלן באַריכט, וואָס איז דעמלט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין רומקאָווסקיס „ביולעטין קראָניקי צאַדזשעננעי", וועלכער איז געשריבן געוואָרן אין אַרכיוו פונעם יודענעלטעסטען. אונטער דער דאַטע פון 23־סטן יאַנואַר 1941, ד.ה. צוויי טעג נאָכן שטורמישן שטרייק־אויסברוך, האָט געשריבן די „ב.ק.צ.":

„היינט איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק פון די טישלער, וועלכע זענען באַשעפטיקט אין די גמינע־וואַרשטאַטן. צום שטרייק זענען צוגעשטאַנען 350 אַרבעטער, וועלכע האָבן אָקופּירט דעם לאָקאַל אויף דרוקאַרסקע גאַס, ווו עס געפינט זיך די טישלעריי. דער שטרייק האָט אויסגעבראָכן ווי אַ פּראָטעסט צוליבן צונעמען די צוגאָב ברויט־פּאָרציעס. די צוגאָבן זענען אָפּגענומען געוואָרן אין שייכות מיט דעם גלייכמעסיקן פאַרטיילן די פאַרגרעסערטע, ביז 40 דעקאָ אַ טאָג, ברויט־פּאָרציעס צווישן דער באַפעלקערונג. אַ חוץ דעם האָבן די שטרייקנדע אַרויסגעשטעלט אַ ריי פאָדערונגען, צוו. אַנד.: העכערן די לוינען. (אין פּרינציפּ איז דער דאָזיקער דעזידעראַט נאָך פאַר דער אַקציע גענומען געוואָרן אין אַכט, דערוויל נאָר אין פעסטשטעלן די הויך פון דער קומענדיקער לוין־הוספה). די שטרייקנדע פאַרלאַנגען אויך צו באַקומען מיטאָגן אָן קופּאָנען [טאַלאָנען]. צום אָקופּאַציע־שטרייק איז צוגעטרעטן נאָר אַ העלפט אַרבעטער פון דער טישלעריי.

אַ זייגער 13 איז אין לאָקאַל, ווו עס געפינען זיך די וואַרשטאַטן געראופן געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון דער אָרדנונג־וואַך [יידישע פּאָליציי] אין צאָל פון 70 פּאָליציאַנטן. אין הסכם מיט דעם אַרויסגעגעבענעם באַפעל, האָט די אָרדנונג־וואַך גערופן די שטרייקנדיקע צו פאַרלאָזן דעם לאָקאַל. די ווענדונג האָט נישט געגעבן קיין רעזולטאַט, צוליב דעם איז מען צוגעטרעטן צו באַזייטיקן די שטרייקנדיקע מיט כוח. נאָכן אויסברעכן די טיר איז געלונגען דער אָרדנונג־וואַך אין משך פון נישט קיין גאַנצער שעה צו באַזייטיקן אַלע אַרבעטער. אין פאַרלויף פון דער אַקציע זענען עטלעכע אַרבעטער און פּאָליציאַנטן געוואָרן צעשלאָגן. צו איינעם פון די קרבנות האָט מען געמוזט אַרויסרופן מעדיצינישע

הילף. די אַרבעטער האָבן זיך ווייטער געזאַמלט אויף דער גאַס פאַרן הויז פון דער טישלעריי. אין משך פון אַ פערטל שעה זענען זיי געוואָרן צעיאָגט און די אָרדענונג — צוריקגעשטעלט.״ [494]

איינער פון די קרבנות, וואָס האָט געמוזט אָנקומען צו מעדיצינישער הילף איז געווען דער בונדיסט מיצנמאַכער, וועלכער איז אַ צייט שפּעטער געשטאָרבן. [495]

אַ צווייטער שטורמישער שטרייק האָט אויסגעבראָכן ביי די אָנגעשטעלטע אין די שפּיטעלער. צוליב דער גרויסער צאָל קראַנקע אין די שפּיטעלער, איז אויסגעקומען דער דינערשאַפט און סאַניטאַרן צו אַרבעטן 15—16 שעה אין מעת־לעת. בעת אין אַנדערע אונטערנעמונגען איז פּאַקטיש געווען אַ באַדייטנד קלענערער אַרבעטס־טאָג. די שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע האָבן דעריבער געפאָדערט אַ פאַרקלענערטן אַרבעטס־טאָג און העכערונג פון די שכירות.

ווען די אונטערהאַנדלונגען האָבן נישט געבראַכט קיין שום רעזולטאַט, האָט אויסגעבראָכן אַן אָקופּאַציע־שטרייק.

אויפן אָרט פון די געשעענישן איז, צוזאַמען מיט דער געטאָ־פּאָליציי, געקומען רומקאָווסקי. די פּאָליציי האָט געשלאָגן די שטרייקנדע און זיי באַזייטיקט פון די שפּיטעלער. אין שלאָגן האָט זיך באַטייליקט אויך רומקאָווסקי.

אויך ביי די היטלמאַכער און ביי אַנדערע פאַכן האָבן אויסגעבראָכן שטרייקן. [496]

צוזאַמען מיט די שטרייקן האָבן זיך ווידער באַנייט די דעמאָנסטראַציעס קעגן רומקאָווסקין. דעם 12־טן יאַנואַר 1941 האָט די „ב.ק.צ.״ נאָטירט אַ הונגער־דעמאָנסטראַציע מיט אויסרופן קעגן רומקאָווסקין. צו אַ שטורמישער דעמאָנ־סטראַציע איז געקומען אין די ערשטע טעג פון חודש פעברואַר 1941. רומקאָוו־סקיס „ביולעטין״ („ב.ק.צ.״) האָט דעמאָלס געגעבן אַזאַ באַריכט פון פאַרלויף פון דער דעמאָנסטראַציע:

„אַרום 18 אַזייגער האָט זיך אויף מלינאַרסקע גאַס אָנגעהויבן זאַמלען אַ המון, באַמיענדיק זיך צו אָרגאַניזירן אַ דעמאָנסטראַציע. מ׳האָט פאַרשפּרייט פלוג־בלעטלעך מיט פאָלגנדיקע פאָדערונגען: 1) פאַרבעסערן די פּראָדוקציע־ראַציע, 2) פאַרקלענערן די פּרייזן אויף לעבנס־מיטל, 3) ליקווידירן דעם קאָאָפּעראַטיוו „ב״ [אַ קאָאָפּעראַטיוו פאַר פּריווילעגירטע], 4) דערלויבעניש צו באַקומען פּעקלעך פון דער פּראָווינץ, 5) פאַרגרעסערן די אונטערשטיצונגען, 6) עפענען בחינמדיקע וועשערייען און דעזינפעקציע־אַנשטאַלטן פאַר דער אָרע־מער באַפעלקערונג.

דער המון האָט געמאַכט פייַנטלעכע אויסרופן קעגן דער גמינע־מאַכט. עס זענען צעקלעפּט געוואָרן אויפרופן אויף פּויליש און יידיש. אין דער דעמאָנ־סטראַציע האָבן זיך באַטייליקט אַרום 700 מאַן. דער אָרדנונגס־דינסט [יידישע

פּאָליציי] האָט זיך איינגעגעבן אין משך פון אייניקע מינוטן צו צעטרייבן די דעמאָנסטראַנטן. ס'איז נישט אָפּגעגאַנגען אָן קיין קרבנות. ס'זענען געוואָרן צעשלאָגן עטלעכע פּערזאָן פון דער ציווילער באַפעלקערונג און צוויי מיטגלידער פון דער אָרדענונגס־דינסט זענען געוואָרן פאַרווונדעט. אַרום 19 אַזייגער איז די רו אינגאַנצן געוואָרן איינגעשטעלט. אין שייכות מיט דער דעמאָנסטראַציע זענען פאָרגעקומען באַדייטנדיקע אַרעסטן.״ 497

דאָס איז געווען די לעצטע דעמאָנסטראַציע אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט.

## ה. מרדכי חיים רומקאָווסקי אין קאַמף קעגן דער געטאָ־געזעלשאַפטלעכקייט

באַלד נאָך די ערשטע דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן אין געטאָ, סוף זומער 1940, האָט רומקאָווסקי גענומען אַרויסווייזן אַ שטאַרקע האַנט צו אַלע זיינע קעגנער. מתחילת, ווען ער האָט זיך געהאַט דערשראָקן פאַר דעם שטורמישן סאָציאַלן אויפברויז, האָט ער, ווי שוין דערמאָנט, אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן מיט די פאָרשטייער פון די אַרבעטער־פּאַרטייען, וועלכע האָבן אים צוגעזאָגט צו „באַרויקן די גאַס״ אויב ער וועט קומען צוהילף די נויטליידנדע. נאָכן איינשטעלן די אַרבעטסלאָזן־אונטערשטיצונג, טיי־האַלעס און קיכן, נאָכן באַרויקן די „שטאַרקע״, דורך אָרגאַניזירן פון זיי זיין לייב־וואַך, די „איבערפאַל־קאָמאַנדאָ״, האָט דער יודענעלטעסטער זיך ווידער דערפילט זיכער אין זיין מאַכט. פאַקטיש האָט ער געוווּנען די סימפּאַטיע פון גרעסטן טייל געטאָ־איינוווינער. „ער האָט שוין נישט קיין מורא געהאַט זיך צו באַווייזן אין גאַס. ער איז געפאָרן אויף זיין דראָשקע אַליין אָן שום שוץ. די יידן האָבן אים גע־מאַכט אָוואַציעס. ער האָט געהאַלטן רעדעס אויף די גאַסן צום פאַרזאַמלטן המון״. עס איז ביי אים געוואַקסן די זעלבסטזיכערקייט און די חשיבות פון דער היסטאָרישער מיסיע, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען צו ראַטעווען די לאָדזשער יידן — אַ מיסיע, וואָס נאָר ער אַליין איז בכוח דורכצופירן.

די דאָזיקע זעלבסטזיכערקייט האָט געשטאַרקט ביי אים דעם ווילן זיך אָפּצורעכענען מיט זיינע קעגנער: ער האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, וואָס שאַפט אָפּ די אינסטיטוציע פון פאַבריקס־דעלעגאַטן אין די רעסאָרטן. דאָרט האָט ער אַריינגעזעצט קאָמיסאַרן, אייגענע מענטשן. גלייכצייטיק האָט ער ליק־ווידירט די פאַרטייאישע פאַרוואַלטונגען פון די טיי־האַלעס און קיכן און אַזוי אַרום צוגענומען זייער געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. עס האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן די אַרבעטער־קיכן. אין דערזעלבער צייט האָט ער און זיינע הויף־לייט, געהעצט קעגן די אַרבעטער, קעגן זייערע פאַבריקס־דעלעגאַטן און פאַר־

**טייען און „אויסגעשפּילט" איין פּאַרטיי קעגן דער צווייטער, האַלטנדיק זיך אין אַלטן פּרינציפּ: צעטייל און הערש.[498]**

**פון דעם אַלעם איז, פאַרשטענדלעך, אין געטאָ בעסער נישט געוואָרן. די דייטשע מאַכט האָט גענומען אַקטיוויזירן איר יידן־אויסראָטונגס־פּלאַן, וואָס האָט זיך, לעת־עתה, אויסגעדריקט אין דערדריקן און צעברעכן דעם מוט ביי דער געטאָ־באַפעלקערונג דורך הונגער און קעלט, ביי גלייכצייטיקער גרויזאַמער עקספּלאָאַטאַציע פון די יידישע אַרבעטס־כוחות. רומקאָווסקי, וועלכער האָט געגלויבט אין כוח פון זיין שתדלנות, האָט אין פעברואַר, שוין נאָך די דעמאָנ־סטראַציעס און שטרייקן, זיך געוואָנדן מיט אַ בריוו צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג פון אַזאַ אינהאַלט:**

**„איך בעט אייך אויפמערקזאַם צו זיין, אַז איך האָב נישט דערהאַלטן דעם מינימום פון דערנערונגס־מיטלען, וואָס מיר קומט. איך דערלויב זיך צו דעם נאָך פאָלגנדעס צו באַמערקן — מיין לאַגער איז אינגאַנצן ליידיק און עס פעלן די הויפּט־דערנערונגס־מיטלען, ווי: מעל, גרויפּן, גריץ, קאַרטאָפל, קאָל־ריבן, מייערן, קאַפּע, צוקער אאַז"וו. די מענטשן קומען מיט זייערע לעבנס־מיטל־קאַרטן און איך האָב זיי נישט וואָס צו געבן. צוליב דוחק אין מעל האָב איך נישט גענוג ברויט און די אַרבעטער פון די פאַבריקן און וואַרשטאַטן מוזן גיין צו דער אַרבעט אָן ברויט. אויך די קיכן קאָנען נישט אַרבעטן, ווייל איך האָב זיי נישט וואָס צוצוטיילן."[499]**

**דער דאָזיקער דאָקומענט גיט אַ גענוגנדע פאַרשטעלונג פון הונגער און נויט, וואָס האָט געהערשט אין געטאָ אין די ערשטע חדשים 1941 און וועגן די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן די שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס. אָבער רומקאָווסקי, וועלכער האָט שוין געהאַט ווי געהעריק אָרגאַניזירט זיין פּאָליציי־אישע מאַכט, האָט גענומען מיט גוואַלט־מיטלען דערשטיקן דעם סאָציאַלן אויפ־ברויז. נאָך יעדן שטרייק און דעמאָנסטראַציע זענען פאַרגעקומען אַרעסטן. נאָך דער בלוטיקער ליקווידאַציע פון שטרייק פון די טישלער־אַרבעטער זענען אַרעסטירט געוואָרן די בונדישע דעלעגאַטן ספּעקטאָר און פייגנבוים. פּאָגעל און געלערמאַן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. פון די שטרייקנדע שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע זענען אַרעסטירט געוואָרן די דעלעגאַטן. די שטרייקנדע האָבן דערויף רעאַגירט מיט פּלאַקאַטן און אויפרופן. איינער אַזאַ אויפרוף אין יידיש פון די שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע איז געבליבן אין אַרכיוו. אין אויפרוף זאָגט זיך:**

„צו די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן!

די אַקציע פון שפּיטאָל־פּערסאָנאַל דויערט. דער דויערנדער טעראָר וועט נישט ברעכן אונדזער אַקציע פאַר די גערעכטע פאָדערונגען. מען אַרעסטירט אַפילו פאַמיליען־מיטגלידער פון די שטרייקנדע. אין פאַרלויף פון לעצטן מעת־

לעת זענען אַרעסטירט געוואָרן 35 פּערזאָן. מיר פאָדערן: באַפרייען די אַרעס־טירטע, אויפהערן מיט די שיקאַנעס, 8 שעהדיקער אַרבעטסטאָג אין די שפּי־טעלער."

*

**בעת דעם שטרייק פון די היטלמאַכער איז אין אַ פּריוואַטער שטוב פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון פּועלי־ציון־חברים. עס זענען געקומען געטאָ־פּאָליציאַנטן מיט הערצבערגן בראש און אַרעסטירט די 24 פּערזאָן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער וווינונג. אסתר זילבערבערג־טזשיזשעווסקאַ האָט אין איר גבית־עדות אָנגעגעבן פאָלגנדע נעמען פון די אַרעסטירטע: פּנחס טזשיזשעווסקי, בערעק גאָטפריד, דרעזל, סאַמעלסאָן, שרה וויערניק, מלכה מאַנעלאַק, מרים זילבערבערג אאַנ"ד. אין דער תפיסה אויף טשאַרנעצקי גאַס זענען די אַרעס־טירטע געפאַרשט געוואָרן, צי די פאַרזאַמלונג איז געווען געווענדעט קעגן רומקאָווסקין. עס איז אויך אַרעסטירט געוואָרן אַ זיצונג פון קאָמיטעט פון ל. פּועלי ציון, אין וועלכער עס האָט זיך באַטייליקט אינזש. לאַפּאַ, ביזן אַרעסט איינער פון די מיטאַרבעטער אין רומקאָווסקי־אַפּאַראַט.**

**בעת דער גאַסן־דעמאָנסטראַציע זענען אַרעסטירט געוואָרן די בונדיסטן: ירחמיאל ווײַנבערג, זיין זון יוסף, הערש האָפמאַן, אייזענבערג, יאָסל פעלדמאַן און מענדל פעלדמאַן.**

**די אַרעסטירטע זענען אָפּגעזעסן פאַרשידענע טערמינען אין דער געטאָ־תפיסה אויף טשאַרנעצקי גאַס. זיי זענען לסוף באַפרייט געוואָרן. די באַפרייטע „האָבן געמוזט אונטערשרייבן אַ דעקלאַראַציע, אַז זיי וועלן נישט אָנעמען קיין שום אַרבעט אין געטאָ" — אַזוי שרייבט י. נירנבערג אין זיינע זכרונות וועגן די אַרעסטירטע בונדיסטן.**

**נאָך די שטרייקן האָט רומקאָווסקי דערקלערט אַ לאָקאַוט אין „זיינע" רעסאָרטן. דער לאָקאַוט האָט זיך פאַרענדיקט דעמלט, ווען די אַרבעטער האָבן אים איבערגעבעטן.**

**„די אַרבעטער פון שניידער־שאָפּ, לאַגעווניצקע גאַס 49, האָבן איבער־געשיקט צום פּרעזעס אַ פּעטיציע מיט הונדערטער אונטערשריפטן. אין דער פּעטיציע בעטן די אַרבעטער, אַז דער פּרעזעס זאָל באַוויליקן צו לאָזן אין גאַנג דעם שאָפּ, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט צו דערנערן זיך און זייערע משפחות. זיי אַנטשולדיקן זיך פאַר דעם אומטאַקטישן אַרויסטריט פון איינצלנע אַרבעטער לגבי דעם פּרעזעס און פאַרזיכערן, אַז אַזעלכעס וועט שוין נישט פאָרקומען" — אַזוי האָט ש. ראָזענשטיין, רומקאָווסקיס הויף־שרייבער, פאַרנאָטירט אין זיין טאָגבוך אין די לעצטע טעג פון חודש פעברואַר 1941.**

**די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן אויף די געשעענישן אין געטאָ רעאַגירט**

מיט פּלאַקאַטן און אויפרופן. דער בונד האָט אַרויסגעגעבן אַ „ביולעטין", * וואָס האָט אַנטהאַלטן פאָלגנדע „פאָדערונגען און פאַרלאַנגען פון די יידישע אַרבעטער:

1. אַ געזעלשאַפטלעכע קאָנטראָל איבער דער טעטיקייט פון דער גמינע; 2. צוריקשטעלן די דעלעגאַטן אין זייערע רעכט; 3. פאַרקלענערן דעם „מלוכה"־אַפּאַראַט; 4. פאַנאַנדערלאָזן די פּאָליציי; 5. אָפּשאַפן די ספּעציעלע לעבנס־מיטל־צוטיילונג פאַר די אויסדערוויילטע יחידים; 6. גלייכע פונאַנדערטיילונג פון אַלע פּראָדוקטן; 7. פאַרגרעסערן די עפנטלעכע אַרבעטן." [500]

ווי עס איז צו זען זענען די פאָדערונגען פון „ביולעטין" נאָר נוגע דעם אינערלעכן סדר פון געטאָ און עס איז דאָרט נישט פאַראַנען קיין אָנדייטונג, וואָס זאָל דערמאָנען די פּאַקטישע הערשער איבערן געטאָ, וועלכע האָבן צו דעצידירן וועגן לעבן און טויט פון די צענדליקער טויזנטער יידן. אין דעם קומט אויך צום אויסדרוק די ספּעציעלע טראַגעדיע פון לאָדזשער געטאָ.

## ו. די רעליגיעזע יידן און די אָפּאָזיציע קעגן יודענעלטעסטען

די רעליגיעזע יידן האָבן אין געטאָ נישט געשאַפן קיין פּאַרטייען, אָבער זיי האָבן געהאַט זייערע רעליגיעזע חברות און אויך שטיבלעך, ווו מ'האָט האַלב געהיים, ביי סכנות־נפשות, געדאַוונט און געלערנט. געווען אַ פרום־רעליגיעזע חברה „שם" — די ראשי־תיבות פון „שומרי מזוזות". די חברה, וועמענס גרינדער עס איז געווען דער פרומער ר' אברהם מעשנגיסער, האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אָפּצוהיטן און צו באַזאָרגן די געטאָ־הייזער מיט מזוזות. אַ צווייטע חברה מיט דעם זייער אָריגינעלן נאָמען „ואהבת לרעך כמוך", וואָס האָט גע־פירט איר טעטיקייט נאָך פאַר דער מלחמה, האָט אין געטאָ אָרגאַניזירט מאָל־צייטן אין איר לאָקאַל אויף מלינאַרסקע גאַס, ווו יעדער הונגעריקער האָט געקאָנט אָפּעסן, ער האָט זיך נאָר געדאַרפט וואַשן צום עסן, מאַכן די געהעריקע ברכות און בענטשן. אויך הונגעריקע קינדער האָבן דאָרט באַקומען צו עסן אויף די זעלבע באַדינגונגען. ווען עס זענען איינגעפירט געוואָרן די ברויט־

---

* אין די אַרכיוון פון געטאָ האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן די אויבנדערמאָנטע פּלאַקאַטן, אויפרופן און אויך נישט דער בונדישער „ביולעטין". זיי ווערן נאָר דערמאָנט אין די זכרונות און גבית־עדות פון חברים פון די אַרבעטער־פּאַרטייען. וועגן דער טעטיקייט פון די קאָמוניסטישע גרופּן אין יענעם פעריאָד זענען נישט פאַראַן קיין שום אינפאָרמאַציעס. וועגן בונדישן „ביולעטין", וואָס איז דערשינען אין געטאָ ווערט דערמאָנט אין דער אָרטאָ־דאָקסישער געטאָ־צייטשריפט „מן המצר". די צייטשריפט לויבט שטאַרק דעם „ביולעטין", וועלכער איז גוט רעדאַגירט, העקטאָגראַפיש קאָפּירט, אין אינהאַלט — אָפּשאַצונגען, בייסיקע וויצן אדג"ל (זע — „דפים" א', ז' 129).

קאַרטן און עס איז געוואָרן שווערער מיט באַשפּייזונג — האָט זיך די חברה פאַרנומען מיט אויספּועלן, דורך שתדלנות ביי דער מאַכט, פאַרשידענע טובות פאַר נויטליידנדע יידן. געווען אויך אַ חברה „פּה קדוש", וואָס האָט געפירט אַ מלחמת־מצוה קעגן עסן טריפות.

עס האָט זיך געשאַפן אַ געזעלשאַפט פון די אַזוי גערופענע „ניי־אָרטאָדאָקסן", וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען: „בני חורב". די מיטגלידער פון דער דאָזי־קער חברה האָבן זיך שטאַרק איינגעשטעלט פאַר „שמירת שבת". זיי האָבן יתומים־קינדער געלערנט קדיש־זאָגן. אין געשלאָסענעם געטאָ האָבן די „בני חורב" אויך זיך פאַרנומען מיט דערציען קינדער אין יהדות־גייסט. די מיט־גלידער פון דער געזעלשאַפט זענען געגאַנגען אין די שטובן און געלערנט מיט קינדער העברעיש, יידישע געשיכטע און רעליגיע. ווען דער לאָקאַל פון דער חברה, וואָס האָט זיך געפונען אויף לאַגעווניצקע גאַס, איז געשלאָסן געוואָרן, האָבן די מיטגלידער זיך פאַרזאַמלט אין פּריוואַטע שטובן, ווו עס איז פּרייטיקצונאַכטס געפירט געוואָרן „טיש", צוזאַמען מיט קינדער האָט מען גע־זונגען זמירות און געפירט שמועסן. די חברה האָט אויסגעהאַלטן ביזן סוף פון געטאָ.[501]

די פרומע יידן האָבן געהאַט זייערע בתי־תפילות און שטיבלעך, אין וועלכע עס האָבן זיך גרופּירט די אַמאָליקע אָנגעהעריקע צו די רעליגיעזע פּאַרטייען. אויף מאַרישינער גאַס 15 איז געווען דאָס „שטיבל" פון „אגודה", אויף די גאַסן פראַנצישקאַנער 79 און זגערזשער 38 זענען געווען די „שטיבלעך" פון „מזרחי". דאָרט „האָט מען יעדן טאָג געלערנט אַ שיעור, אויך האָבן 25 מלמדים געלערנט, אַ גאַנצן טאָג, מיט די קינדער עברי און חומש". אויף מאַריאַנסקע גאַס 15 איז געוועזן דאָס גערער „שטיבל". דאָרט האָט געדאַוונט פאַרן עמוד דער באַוווסטער חזן יאָסעלע כענטשינער. ווי לאַנג עס איז מעגלעך געווען, האָבן זיך די פרומע יידן אין די שטיבלעך קעגנזייטיק געשטיצט און געהאָלפן. „אַ גרופּע בחורים זענען אין משך פון אַ לענגערער צייט געזעסן באַהאַלטן אין אַ קעלער אויף מאַריאַנסקע גאַס 47 און געלערנט אַ גאַנצן טאָג און נישט גענאָסן פון קיין ברויט־קאַרטן און צוטיילונגען, וואָס עס האָבן נאָר באַקומען די באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן אָדער די משפחות, וואָס האָבן גענומען אָרבעטסלאָזע שטיצע". געווען אויך שטיבלעך פון רביים, ווו חסידים זענען זיך צוזאַמענגעקומען, געדאַוונט און געלערנט און אויסגעהערט דברי־תורה פון זייערע צדיקים.

אַ באַזונדערן וואַגיקן אָרט האָבן אין דעם רעליגיעזן לעבן אין געטאָ פאַרנומען די רבנים. זיי האָבן געדאַרפט פּסקענען על פּי התורה, ווי אַזוי יידן דאַרפן אָפּהיטן זייער יידישקייט ביי די שרעקלעכע געטאָ־באַדינגונגען. בן־ציון בורשטין, וואָס איז אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט געשטאַנען נאָענט צו די רבנים

און האָט איבערגעלעבט דעם חורבן, האָט אין זיינע זכרונות אַזוי געשילדערט אַן אסיפה פון רבנים אין לאָדזשער געטאָ אין דעם ערשטן שרעקלעכן הונגער־יאָר — ווינטער תש״א (1941):

„טראַגיש האָבן אויסגעזען די אסיפות הרבנים מיט די פּני העיר, וועלכע פלעגן זיך אָפט פאַרזאַמלען צו קלערן עצות, ווי אַזוי ע״פ הלכה מתיר צו מאַכן דאָס עסן פערד־פליש, אָדער ווי אַזוי צו כשרן די זופּן, וואָס ווערן געקאָכט אין שבת״. טייל רבנים האָבן נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן די שרעקלעכע באַדינגונגען און נישט געוואָלט מוותר־זיין אויף אַזעלכע רעליגיעזע עיקרים, ווי כשרות און חילול־שבת. „אָבער דער גרעסטער טייל פון די רבנים איז געשטאַנען אויף אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט. זיי האָבן געזאָגט, אַז אַזוי ווי דער ציל פון היטלערן ימ״ש איז דאָך נאָר די יידן אומצוברענגען, דאַרף דער גאַנצער קעגנקאַמף זיין געלענקט צו דער מצוה פון „ושמרתם לנפשותיכם״. להכעיס היטלערן זיך אויפצוהאַלטן. דער גרעסטער חטא וועט זיין — נישט עסן. עס זענען אַפילו אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיינונגען, אַז כדי דאָס פלייש זאָל אַנטהאַלטן מער נאַרונגס־קראַפט, דאַרף מען דאָס פלייש נישט זאַלצן, נאָר עסן מיטן בלוט״.

„אין דער אסיפה האָבן זיך באַטייליקט די רבנים און עסקנים: נחמי אַלטער, יוסף פיינער, שלמה יאַקובאָוויטש, שמואל דוד לאַסקי, שמחה אבערבוים, אלעזר ליפשיץ, ווייס, פליישהאַקער, וויטעלזאָן, נחמן שוואַרץ, יאָסעלע כענטשינער, וואָלף זילבערשטיין, וועלוול קרוטקי, אלעזר בוים און דער שרייבער פון די זכרונות — בן־ציון בורשטין. [502]

אויך צווישן די רבנים איז געווען אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע קעגן דער טעטיקייט פון רומקאָווסקין. בן־ציון בורשטין האָט אין זיינע זכרונות נאָטירט פאָלגנדע נעמען פון רבנים און פרומע עסקנים, וועלכע זענען געווען אין אָפּאָזיציע צום יודענעלטעסטען: הרב ביק (הרב ריינעסעס אַן איניקל), איטשע מאיר טייטלבוים, פוקס, יעקב סאקשניידער, לייב זאַלבע, ווערדיקער און בן־ציון בורשטין. די „אָפּאָזיציע״ האָט געהאַט איר טרעפפּונקט אין שטיבל אויף פאָדזשעטשנע גאַס 5. זי האָט זיך באַמיט אויף אַן „אוידיענץ״ ביי רומקאָווסקין. ער האָט זי נישט געוואָלט אויפנעמען.

פאַראַן אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אַ דאָקומענט, וואָס דערציילט וועגן דער דאָזיקער אָפּאָזיציע פון רבנים און פרומע יידן קעגן רומקאָווסקין. דאָס איז אַ באַריכט פון אַ קאָנפערענץ, וואָס דער פּרעזעס (רומקאָווסקי) האָט אָפּגעהאַלטן מיט די רבנים. דער באַריכט, וואָס איז וואַרשיינלעך געשריבן געוואָרן דורך רומקאָווסקיס הויף־שרייבער ש. ראָזענשטיין, דערציילט:

אויף אַ קאָנפערענץ מיט די רבנים, וואָס איז פאָרגעקומען אין פעברואַר

1941, האָט רומקאָווסקי געפרעגט די רבנים, צי זיי קאָנען דעם הרב ביק. דער ענטפער איז געווען, אַז זיי קאָנען אים נישט. הרב פיינער האָט זיך גענומען פאַרטיידיקן דעם הרב ביק און דערקלערט, אַז ער, הרב פיינער, האָט נישט געהערט וועגן אַזאַ ענין, אַז הרב ביק זאָל האָבן אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע מיט ספרי־תורות אין די הענט קעגן רומקאָווסקין. עס איז געגאַנגען בלויז אין דעם, וואָס מ׳האָט געוואָלט פאָרלייגן דעם פרעזעס רומקאָווסקי די דעזידעראַטן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג.

דער פרעזעס האָט געוואָרנט די רבנים, אַז אַזעלכע דעמאָנסטראַציעס מיט ספרי־תורות אין די הענט, קאָנען זיך בלוטיק ענדיקן. ער האָט געמאַכט די רבנים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ספרי־תורות. וועגן אינזש. לאַפּפּ האָט דער פרעזעס דערקלערט, אַז ער האָט אים באַזייטיקט פון זיין אַמט נישט צוליב מעשים טובים, „נאָר פאַר זיין אונטערהעצן זיצט ער איצט אין אַרעסט.״ קיין דעלעגאַציע אין דעם ענין וועט ער, רומקאָווסקי, נישט אויפנעמען. אויב עס וועט קומען אַזאַ דעלעגאַציע, וועט ער זי לאָזן אַרעסטירן.

הרב דאָמב האָט געבעטן וועגן אָפּהאַלטן אָפּטע קאָנפערענצן, וואָס עס וואָלט געווירקט באַרויקנד אויף דער באַפעלקערונג. עס וואָלטן אויסגעמיטן געוואָרן פאַרשידענע דעמאָנסטראַציעס. דערויף האָט רומקאָווסקי געענטפערט, אַז ער האָט ווייניק צייט אויף אַזעלכע זאַכן.

אויך די אָפּאָזיציע פון די פרומע יידן און רבנים האָט רומקאָווסקי גיך ליקווידירט. „ער האָט זיך גענומען צו די „פאַרברעכער״, זיי נישט צוגע־לאָזט צו קיין אַרבעט, ביי אַ טייל צוגענומען די באַשפּייזונגס־קאַרטן און אויך געדראָט מיט אַרעסט. צוליב די דאָזיקע פיין איז הרב ביק געשטאָרבן. אויך אַנדערע פרומע יידן האָבן געהאַט אַזאַ גורל.״ די שוואַכערע אין כאַראַקטער האָט רומקאָווסקי געוווּנען דורך באַזעצן זיי אויף פּאָסטנס אָדער דורך אַ ספּע־ציעלער שפּייז־צוטיילונג („טאַלאָן ב׳״).

בן־ציון בורשטין האָט אין זיינע זכרונות באַשריבן די לויה פון ר׳ שמחה אבערבוים, וועלכע איז פאָרגעקומען שוין אין יאָר 1942. דעם נפטר האָט מספּיד געווען ר׳ מענדל ראָזענמוטער מיט פאָלגנדע ווערטער: „מיר זענען דיך מקנא מיט דיין לעבן, ווי אויך מיט דיין טויט. דעריבער זענען מיר דיך נישט מספּיד, ווייל צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט איז אַ שמחה. מיר וועלן נישט זוכה זיין צו אַזאַ טויט.[503]

## ליקווידאַציע פון די קיבוצים אין מאַרישין

ווי עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, זענען אַחוץ די אַרבעטער־פּאַרטייען אויך געווען טעטיק אין געטאָ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע

ריכטונגען, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן דורך אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט. די ציוניסטישע גרופּירונגען האָבן בעיקר זיך פאַרנומען מיט קולטור־טעטיקייט און אין אויפהאַלטן דעם גלויבן אין דער גאולה, וואָס וועט קומען דורך אַ יידי־שער מדינה אין ארץ־ישראל.

אין די גרויסע סאָציאַלע ראַנגלענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין לאָדזשער געטאָ האָבן די ציוניסטן אַקטיוו זיך נישט באַטייליקט. ווי מ׳קען זיך משער זיין פון די זכרונות פון י. טאַבאַקסבלאַט און יאַני שולמאַן, האָבן אָנפירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג געפּרוּווט באַאיינפלוסן רומקאָווסקין, אַז ער זאָל דעמאָקראַטיזירן זיין אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט און מער זיך רעכענען מיט דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין געטאָ, נאָר רומקאָווסקי האָט נישט געוואָלט הערן וועגן טיילן זיך מיט עמיצן מיט דער מאַכט. י. טאַבאַקסבלאַט האָט גע־שריבן אין זיינע זכרונות:

„דאָס דערשטיקן פון יעדער געזעלשאַפטלעכער איניציאַטיוו, דאָס דער־שלאָגן מאָראַליש און מאַטעריעל יעדן ערלעכן זעלבסטשטענדיקן מענטשן, האָט געבראַכט נישט איינעם צו פאַרצווייפלונג. ביי זיין אומגעהויערער תשוקה צו מאַכט, אַלץ אַליין צו באַוועלטיקן און איבער אַלעם אַליין צו רעגירן, האָט ער מיט אַ גרינג האַרץ, דערפאַר אָבער געוונג גרינטלעך, גערודפט עד לחרמה און באַזייטיקט יעדן, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע מיינונג״.

דאָס דאָזיקע אָפּקערן זיך פון דער עפנטלעכער מיינונג און פון די פאַר־טייען האָט ביי רומקאָווסקין דאָמינירט ערשט דעמאָלס, ווען ער האָט נישט גע־קאָנט באַהערשן דעם הונגער, נויט און קראַנקייטן, וואָס האָט, צוליב דער דייט־טשער אויסראָטונגס־טעטיקייט געבושעוועט אין געטאָ. די געטאָ־באַפעלקערונג האָט דערויף געענטפערט מיט שטורעמען די רומקאָווסקי־מאַכט. דער יודענ־עלטעסטער, אנשטאט צו זוכן דעם מקור פון שלעכטס אין די, דורך די דייטשן אָנגעוואָרפענע גרויליקע לעבנס־באַדינגונגען און מאַכן די געהעריקע אויספירן, האָט ווי יעדער דיקטאַטאָר, וואָס האַלט, אַז נאָר ער איז גערעכט אין זיין מיינונג, געגומען רודפן זיינע קעגנער עד לחרמה.

אַ געוויסע צייט האָט רומקאָווסקי טאָלערירט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַ־ציעס. ער האָט זיי איבערגעלאָזט די אויטאָנאָמיע פון די יוגנט־גרופּן אויף דער הכשרה אין מאַרישין. אָבער ווען ער האָט נאָך די סאָציאַלע אויפברויזן גענומען מיט פּאָליציייאישן כוח ליקווידירן די אָפּאָזיציע אין געטאָ, האָט ער נישט געשאָנעוועט אויך די ציוניסטישע הכשרה אין מאַרישין. אויך אין איר האָט דער יודענעלטעסטער דערזען די קערנדלעך פון אַ קומענדיקער גרויסער אָפּאָזיציע און ער האָט זיך פאַרמאָסטן אַרונטערצונעמען די קיבוצים אונטער זיין השגחה: „מאַכן פון זיי סטאַבילע אַרבעטס־באַטאַליאָנען צו אַלגעמיינע געטאָ־צוועקן, נישט נאָר לאַנדווירטשאַפטלעכע — — — און ווען ער איז צוגעטרעטן

**אויסצופירן זיין פּלאַן וועגן אַרבעטס־באַטאַליאָנען אונטער פּאָליציייאישער אויפֿזיכט, האָט ער אָנגעטראָפֿן אויף אַ האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד מצד די ציוניסטישע „קיבוצים". [אויך די נישט ציוניסטישע] — — — רומקאָווסקי האָט אויפגעלייזט די קיבוצים, צוגענומען די אַפּראָוויזאַציע און די יוגנטלעכע באַזייטיקט פון די וווינונגען".**

**די ליקווידאַציע פון די קיבוצים האָט באַקומען איר „באַלויכטונג" אין דעמאָלסטיקן אָפיציעלן אָרגאַן פונעם יודענעלטעסטן. אין** "Biuletyn Kroniki Codziennej" **אין דעם נומ׳ 58 פון 10־טן מערץ 1941 פון דער דאָזיקער העקטאָגראַפירטער צייטשריפט איז פאַראַנען אַזאַ באַריכט פון די קיבוצים אין מאַרישין:**

„לוסטראַציע פון דער הכשרה

**זונטיק, דעם 9.3, האָט דער ה׳ פּרעזעס לוסטרירט די פּונקטן פון אַגראַר־צוגרייטונג פאַר יוגנט, די אַזוי גערופֿ. הכשרה. די אינסטיטוציע גרופּירט 360 יוגנטלעכע פוןביידע געשלעכטער. דער ה׳ פּרעזעס האָט געהאַט אַ שמועס מיט דער לייטונג פון דער אינסטיטוציע. בעת דער לוסטראַציע, האָט דער ה׳ פּרעזעס פעסטגעשטעלט, אַז אין דער אינסטיטוציע האָבן זיך אַריינבאַקומען זייער נישט קיין פּאַסיקע עלעמענטן. צוליב דעם איז נויטיק דאָ אַ גאַנצע ריי אויסבעסערונגען. דער ה׳ פּרעזעס האָט פאַראָרדנט תיכף עלימינירן פון דער הכשרה די נישט געוווּנטשענע יחידים און פאַראָרדנט דורכצופירן אַ רעאָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט דעם ציל געזונט צו מאַכן די אינסטיטוציע."**

**ווי אַזוי רומקאָווסקי האָט „געזונט געמאַכט" די הכשרה, איז שוין באַקאַנט פון די פריער ציטירטע זכרונות פון י. טאַבאַקסבלאַט.**[504]

.28

# דער מצב אין געטאָ נאָך דעם סאָציאַלן אויפבּרויז

## א. די מאָראַלישע ירידה און דעגענעראַציע פון יודענעלטעסטען

דער יודענעלטעסטער מרדכי חיים רומקאָווסקי, וועמען די גרויליקע צייט־באַדינגונגען האָבן אַרויסגעהויבן צו זיין פאַר זיין פאָלק אַ שתדלן ביי אַ גרויזאַמער ברוטאַלער מאַכט, וואָס האָט זיך געגרייט צו פאַרטיליקן דאָס יידישע פאָלק — האָט זיך אַליין דערפילט ווי אַ מאַכט. נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן צוליב זייערע קריגס־צילן (פאָרברייטונגען צו אַ מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד) פאַרלענגערט דאָס לעבן פונעם געטאָ, געצוומען מוראדיק אויסנוצן די אַרבעטס־קראַפט פון די געטאָ־יידן און זיי באַרויבן פון די לעצטע פאַרמעגנס, האָט זיך רומקאָווסקין אויסגעדאַכט, אַז דאָס האָט זיין געניאַליטעט געראַטעוועט די יידן פון אַ תיכפדיקער פאַרניכטונג. זיין גלויבן אין זיך, ווי אין דער איינציקער פּערזאָן, וואָס איז פון דער געשיכטע אויסגעוויילט געוואָרן צו ראַטעווען די צענדליקער טויזנטער לאָדזשער יידן — האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט.

אין רומקאָווסקין איז פאָרגעקומען יענער דעגענערירונגס־פּראָצעס, וואָס עס גייען דורך אַלע דיקטאַטאָרן און דעספּאָטן, וועלכע רעדן זיך איין, אַז נאָר זיי זענען די דערלייזער פון דער וועלט אָדער פון זייער פאָלק. ווי פאַר אַלע דיקטאַטאָרן, איז אויך פאַר רומקאָווסקין דאָס לעבן פון זיינע מיטמענטשן געוואָרן ביליק. ער האָט זיי געזען נאָר פונעם קוקווינקל פון זיינע פּלענער, וועלכע זענען, לויט זיין מיינונג, געווען די איינציק ריכטיקע, די איינציק פּאַסנדע אויף ראַטעווען „זיינע" געטאָ־יידן. ער האָט אויפגעהערט צו זען ארום זיך דאָס געפּייניקטע פאָלק: די אַרבעטער, זייערע דעלעגאַטן און מייסטערס, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די רעסאָרטן, די לערער און שול־טוער, וועלכע האָבן אויפגעבויט די שולן, די דאָקטוירים, די שעפער פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג מיט שפּיטעלער פאַר דער באַפעלקערונג; ער האָט נישט געזען די אינטעליגענץ, וואָס האָט מיט אירע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן אויפגעשטעלט דעם גאַנצן אַדמיניסטראַטיוון געטאָ־אַפּאַראַט — אומעטום האָט ער געזען נאָר זיך. ער האָט זיך באַטראַכט ווי דער פאַקטישער באַלעבאָס און באַשאַפער פון אַלעם גוטן, וואָס עס איז פאַראַן אין געטאָ: „מיינע רעסאָרטן", „מיינע דאָקטוירים",

„מיינע שפּיטעלער", „מיינע יידן" — אין אַזאַ נוסח האָט רומקאָווסקי אָנגעהויבן צו ריידן וועגן זיך און וועגן געטאָ.

צום פאַרשטאַרקן דעם דאָזיקן גלויבן אין זיך און נאָר אין זיין אייגענעם כוח, האָבן אויך פיל צוגעהאָלפן זיינע מקורבים. דער אויבערשטער שיכט: די פּאָליצייאישע און פאַבריקס־קאָמיסאַרן, די העכערע באַאַמטע, די פאַרשידענע גבאים פון די חברות, די וואָס האָבן באַקומען דורך רומקאָווסקין „מתן בסתר" פון דער אַפּראָוויזאַציע, פון די דיעט־קראָמען, די וואָס האָבן געפירט אַ ברייט לעבן אויפן חשבון פון די הונגעריקע געטאָ־יידן. זיי האָבן געלויבט און געפרייזט די געניאַליטעט פונעם „פּרעזעס", פונעם „נשיא", פאַרפאַסט פאַר אים ספּעציעלע באַגריסונגען, ברכות און אפילו אַ „הנותן תשועה", וואָס דער חזן פלעגט שבת ביים דאַוונען אויסציקלען אין דער „ווילקער שול"* אויף דער פראַנצישקאַנער גאַס נומ' 31, ווו עס איז אַמאָל געווען דאָס קינאָ „בייקאַ". דער „הנותן תשועה" איז אינגאַנצן געווען אין נוסח פון ענלעכע תפילות, וואָס יידן האָבן בעתן שבתדיקן דאַוונען אָפּגעריכט פאַר מלכים און רוסישע צאַרן, מיט דעם זעלבן „ירום הודו", נאָר אנשטאט די טיטולן פאַרן קיסר איז דאָ געווען דער „נשיא, ר' מרדכי חיים רומקאָווסקי נ״י" אאַז״וו.[505]

און וויל רומקאָווסקי האָט געקוקט אויף זיך ווי אויף דעם איינציקן דערלייזער, דעם מלאך מושיע, האָט ער אויפגעהערט בכלל צו האָבן פאַרשטענדעניש פאַר דער נויט און פּיין פון די געטאָ־יידן און אויף זייערע ראַנגלענישן פאַר פּשוטער עקזיסטענץ. אויף די עצות פון ערנסטע עסקנים האָט ער געקוקט מיט ביטול און פאַראַכטונג, וואָס איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען אין גראָבהויטיקער ברוטאַלער באַציאונג צו די געטאָ־מענטשן און צו זייערע עסקנים. די גראָבע באַציאונג איז געקומען צום אויסדרוק אין זיינע רעדעס, אין דער שפּראַך פון זיין „געטאָ־צייטונג" און אין יעדער האַנדלונג.

וואָס שטאַרקער עס איז געוואָרן זיין גלויבן אין זיך, אַלץ מער האָט זיך דער יודענעלטעסטער פאַרפלאָנטערט אין נעץ פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, אַלץ נידריקער איז ער געפאַלן מאָראַליש, ביז ער איז דערגאַנגען

* ווילקער שול האָבן לאָדזשער יידן גערופן דעם בית תפילה אויף זאַכאָדניע גאַס 51, ווו עס איז געווען דער סאַמע יידישער צענטער אין דער שטאָט. די ווילקער שול איז פאַרברענט געוואָרן דורך די דייטשן און איר נאָמען איז דורך די געטאָ־יידן איבערגעטראָגן געוואָרן אויף אַ בנין אויף דער פראַנצישקאַנער גאַס נומ' 31, ווו אַמאָל איז געווען דאָס קינאָ „בייקאַ" און איז דורך רומקאָווסקין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית תפילה פאַר דעם יודענעלטעסטען און זיינע מקורבים. דאָרט האָט די תפילות געפירט דער חזן לייב ראַסקין, אַ טייל פון סאָקאָלאָווסקיס כאָר פון דער אַמאָליקער ווילקער שול. אויך דער שמש ר' גדליה איז געווען דער שמש פון יענעם פאַרמלחמהדיקן בית תפילה. (זכרונות פון חזן יחיאל וואָלף).

צו דער מדרגה פון אויסליפערן זיינע יידן צו די דייטשע מערדער, נישט פרעגנדיק זיך, וואָס זיי טוען מיט די יידן פון זיין געטאָ.

## ב. רעזיגנאַציע און דערשלאָגנקייט נאָכן דערשטיקן די אָפּאָזיציע

נאָך די לעצטע סאָציאַלע שטורעמס אין געטאָ, האָט זיך רומקאָווסקין איינגעגעבן פולשטענדיק צו דערשטיקן די אָפּאָזיציע אָן אונטערשיד פון וואַנען זי איז געקומען, צי פון די אַרבעטער־פּאַרטייען צי פון די ציוניסטן. ווי נאָך יעדן סאָציאַלן אויפברויז, וואָס ברענגט נישט קיין בעסערונג אין לעבן, איז אויך אין געטאָ ליטצמאַנשטאָט איינגעטרעטן אַ רעזיגנאַציע און דערשלאָגנקייט. כמעט יעדער האָט זיך צוריקגעצויגן אין זיין ווינקל און דער ווייט גרעסטער רוב האָט זיך געראַנגלט מיט דער ביטערער פראַגע: ווי אַזוי שטילט מען דעם הונגער?

די דייטשע קריגס־ווירטשאַפט, וואָס האָט זיך נאָך מער אויסגעברייטערט מיטן דערנענטערן זיך פון דער מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד, האָט זיך געניוויטיקט אין יידישע אַרבעטס־קרעפטן פונעם געטאָ. אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט האָבן זיך געמערט די צאָל פון די רעסאָרטן און פון די אין זיי באַשעפטיקטע אַרבעטער, וואָס עס האָט שטאַרק געהויבן דעם פרעסטיזש פון רומקאָווסקין. זיינע קעגנער און אַפילו די וואָס זענען געווען ערשט נישט לאַנג זיינע יועצים, נאָר געהאַט אַן אַנדערע מיינונג, האָט רומקאָווסקי גערודפט ביז צום פיזישן פאַרניכטן. ער האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון די פּאָסטנס און צוגענומען די באַשפּייזונגס־קאַרטן. אַזוי האָט ער געהאַנדלט לגבי די אַרעסטירטע בונדיסטן און פּועלי־ציון, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן און אַזוי אויך לגבי די יוגנטלעכע פון די אויפגעלעזטע קיבוצים, וועלכע האָבן נישט געלאָזט זיך פאַרוואַנדלען אין אַרבעטס־באַטאַליאָנען אונטער דער אויפזיכט פון דער געטאָ־פּאָליציי.[506]

אין די רעסאָרטן האָט רומקאָווסקי אַריינגעזעצט קאָמיסאַרן, זיינע פאַרטרויאונגס־מענטשן, וועלכע דער גרעסטער רוב פון זיי איז געווען ברוטאַל־גרויזאַם אין באַציאונג צו די אַרבעטער. צו דעם האָט רומקאָווסקי נאָך צו־באַקומען פון די דייטשן אַ ניי געווער קעגן די ווידערשפּעניקע אין געטאָ — אַרויסשיקן פון געטאָ אויף אַרבעט אין די לאַגערן.

## ג. אויף צוואַנגס־אַרבעט אין די לאַגערן

לויט אַ פאַראָרדנונג פון 5־טן אָקטאָבער 1939, אַרויסגעגעבן פון לאָדזשער פּאָליציי־שעף — שעפער, איז די יידישע „גמינע" געווען פאַר־

פליכטעט צוצושטעלן אַ געוויסע צאָל מענטשן אויף צוואַנגס־אַרבעט, וואָס קאָנען אויך אַרויסגעשיקט ווערן אין לאַגערן. אויפן סמך פון דער דאָזיקער פאַראָרדנונג האָט די דייטשע מאַכט אין לאָדזש שוין דעמאָלס, אין אָקטאָבער 1939, פאַרלאַנגט פון דער יידישער קהילה (ראַבינאַט) צוצושטעלן טעגלעך אַ געוויסן קאָנטינגענט יידישע אַרבעטער. אין די ערשטע געטאָ־חדשים האָט די דייטשע מאַכט נישט געפאָדערט פון רומקאָווסקין אַרויסצושיקן יידן אויף אַרבעט מחוץ געטאָ, און ערשט אין הערבסט 1940, ווען עס זענען אין פויזנער געגנט געשאַפן געוואָרן די ערשטע אַרבעטס־לאַגערן, אין שייכות מיטן בויען די אויטאָסטראַדע: פראַנקפורט—פויזן, האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט פונעם יודענעלטעסטען צוצושטעלן יידן אויף צוואַנגס־אַרבעט אין די לאַגערן.

אַרויסשיקונגען פון לאָדזשער געטאָ אין די אַרבעטס־לאַגערן הייבן זיך אָן שוין אין הערבסט 1940. אין דעצעמבער פון דערמאָנטן יאָר זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן 638 פערזאָן. אין יאָר 1941 אין חודש מערץ — 430 פערזאָן און אין אַפּריל 517 פ׳, דערונטער 68 פרויען. די דאָזיקע טראַנספּאָרטן זענען פאַקטיש געגאַנגען אין אַרבעטסלאַגערן אין פויזנער געגנט, ווו עס איז געבויט געוואָרן די אויטאָסטראַדע פראַנקפורט—פויזן. צוזאַמען זענען פאַרן יאָר 1941 אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די אַרבעטס־לאַגערן — 5179 פערזאָן, דערונטער 442 פרויען. פון זיי זענען אין דעם זעלבן יאָר צוריקגעקומען אין געטאָ 921 פערזאָן. די צוריקגעקומענע זענען געווען פיזיש רואינירט. פיל פון זיי קאַליקעס מיט צעבראָכענע אברים, קראַנקע, וואָס מ׳האָט געמוזט אַוועקשיקן אין שפּי־טאָל, ווו זיי האָבן גיך פאַרענדיקט זייער לעבן. אַוועקגעפאָרן זענען זיי געזונטע,



מ׳פאָרט אין לאַגער אויף אַרבעט

יונגע מענטשן, ווייל נאָר אַזעלכע האָט מען אָנגענומען אויף אַרבעט אין די לאַגערן. ביבאָוו, וועלכער האָט געמוזט די דאָזיקע קראַנקע אַריינעמען אין געטאָ און זיי אויסהאַלטן, (עס זענען נאָך דאַן נישט געווען קיין פאַרניכטונגס־לאַגערן), האָט אין אַ בריוו צום פּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאַט פּראָטעסטירט קעגן אַריינשיקן אין געטאָ די קראַנק־געוואָרענע לאַגער־אַרבעטער.

די לאַגער־קאָמענדאַנטן האָבן געצוווּנגען זייערע קרבנות, זיי זאָלן שרייבן בריוולעך, אַז אין לאַגער איז פּאַראַנען „עסן, עסן און נאָכאַמאָל עסן". די בריוולעך האָבן געווירקט אַז מ׳זאָל זיך פאַרשרייבן צו פאָרן אַרבעטן אין די פּייניקונגס־לאַגערן. אויך רומקאָווסקי האָט אין די „באַקאַנטמאַכונגען" גע־רופן צו פאַרשרייבן זיך צום אַרויספאָרן. דער ערשטער רומקאָווסקי־אויפרוף פון דער סעריע האָט זיך באַוויזן דעם 19־טן נאָוועמבער 1940.[507]

הגם עס האָבן זיך געפינען „פּריוויליקע", וועלכע דער הונגער און די שרעקלעכע לעבנס־באַדינגונגען האָבן געבראַכט צו פאַרשרייבן זיך צום אַרויס־פאָרן, האָט קיינער גערן נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס געטאָ. אינסטינקטיוו האָט יעדער געפילט, אַז אויף יענער זייט געטאָ וואַרט דער זיכערער טויט. דעם דאָזיקן פּחד האָט רומקאָווסקי אויסגענוצט צום ענדגילטיקן דערשטיקן יעדע אָפּאָזיציע, וואָס איז געווען געריכטעט קעגן אים. ווער עס האָט געפּרוּווט פּראָטעסטירן, דעם האָט רומקאָווסקי געוואָרנט, אַז אָט שיקט ער אים אַרויס פון געטאָ.

אַזאַ פאַל איז פאָרגעקומען מיטן פּועלי־ציוניסטישן טוער יוסף מאַק. ער איז געווען באַשעפטיקט אין דער ווירטשאַפטס־אָפּטיילונג. דאָרט האָבן די מיטאַרבעטער געשאַפן אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט געמאַכט באַמיאונגען אויפ־צושטעלן אַן אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע אין געטאָ אויף צו באַקעמפן רומ־קאָווסקיס מעשים. אויף אַ זיצונג פונעם צענטראַל־ביוראָ פאַר די באַזונדערע ווירטשאַפטלעכע אָפּטיילונגען, האָט מאַק גערעדט קעגן רומקאָווסקיס טעטיקייט. אויף צומאָרגנס האָט ער באַקומען אַן אויפאָדערונג פון רומקאָווסקין וועגן אַרויספאָרן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ. אַזוי איז אויך געווען מיטן פאָרזיצער פון אונטערערדישן בונד — משה לעדערמאַן. אָבער פאַר די פּאַרטייען האָט רומקאָווסקי אַ ביסל מורא געהאַט. ווען די פּאַרטיי־פירער האָבן גענומען רעדן צו אים מיט אַ האַרבן לשון, האָט ער זיך צוריקגעצויגן און זייערע חברים איבערגעלאָזט אין געטאָ ביז דער גרויסער דעפּאָרטאַציע. מיט די אומפּאַר־טייאישע „אָפּאָזיציאָנערן" האָט ער זיך ווייניקער צערעמאָניעט. אַזוי האָט זיך רומקאָווסקי אָפּגערעכנט מיט די געוועזענע פּישער, קצבים און גרינצייג־הענדלער, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו זיין אַ בונטאַרישער עלעמענט אין געטאָ. זיי זענען געווען פון די ערשטע, וועלכע זענען אויפן באַפעל פון רומ־

קאָווסקין, אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1941, אַרויסגעשיקט געוואָרן פונעם געטאָ אויף צוואַנגס־אַרבעט.

מיט די פּאַרטייען האָט זיך רומקאָווסקי אָפּגערעכנט אויף אַן אַנדערן אופן: זייערע חברים זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער אָנפירונג אין די קיכן, טיי־האַלעס און קאָאָפּעראַטיוון. עס זענען אַזוי אַרום ליקווידירט געוואָרן אַלע געזעלשאַפטלעכע קיכן, וועלכע זענען אַריבער אין „אייגנטום" פון יודענעלטעסטען — „מיינע קיכן". אויך לערער פון די שולן זענען באַזייטיקט געוואָרן. אינמיטן יאָר 1941 האָט אויפגעהערט אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט יעדע האַלב־לעגאַלע פּאַרטייאישע טעטיקייט. אויף אַלץ און אַלעמען האָט דער יודענעלטעסטער אַרויפגעלייגט זיין האַנט. אין אַלע רעסאָרטן זענען אַריינגע־זעצט געוואָרן קאָמיסאַרן, אויך אין שולוועזן האָט גענומען באַלעבאַטעווען אַ קאָמיסאַר, וואָס עס האָט אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט פון די לערער און שול־טוער. דער דאָזיקער פּראָטעסט איז אָבער אַדורך כמעט אומבאַמערקט. רומ־קאָווסקי האָט געוווּנען די סימפּאַטיע פון גרעסטן טייל געטאָ־איינוווינער, ווייל דער מצב אין געטאָ האָט זיך געבעסערט. די דייטשן האָבן געגעבן מער אַרבעט און ממילא איז אויך די באַשפּייזונג געוואָרן אַ בעסערע.[508]

## ד. רומקאָווסקיס רעדעס וועגן די פּאַרטייען און זיינע ברויט־מתנות פאַר די אַרבעטער

מרדכי חיים רומקאָווסקי האָט ווידער דערפילט זיין כוח און זיין חשי־בות אַלס יודענעלטעסטער. ער האָט גענומען אַרומפאָרן איבער די רעסאָרטן און געהאַלטן רעדעס פאַר זיינע געטאָ־יידן. ער האָט געהעצט די אַרבעטער קעגן זייערע פירער. ווו ער האָט געפונען פאַר נויטיק האָט ער צוגעוואָרפן ברייטלעך אָדער ברויט־פּאַרציעס. פאַרשטענדלעך, אַז מ'האָט דעם פּרעזעס אויפגענומען מיט אָוואַציעס. אַזאַ אויפנאַמע האָט רומקאָווסקי אויך געהאַט אין דעם טישלער־רעסאָרט, ווו עס איז פאָרגעקומען דער שטורמישער בלוטיקער שטרייק. ג. פאָגעל האָט אין זיינע זכרונות אַזוי באַשריבן דעם קבלת־פּנים, וואָס רומקאָווסקי האָט נאָך דער ליקווידאַציע פון שטרייק געהאַט אין דער טישלעריי:

„אין דער טישלעריי איז געקומען דער פּרעזעס אַליין. די אויפנאַמע פאַר אים איז צוגעגרייט געוואָרן מצד דער לייטונג מיט דער גאַנצער פּאָמפּע. ער איז מעשה פאָלקס־מענטש אַרויפגעקראָכן אויף אַ טיש און געמאָלדן צום סאַמע אָנפאַנג — בכדי ארויסצורופן באַגייסטערונג, אַז ער טיילט פונאַנדער צו גאַנצע ברויט (2 ק"ג) פאַר יעדן אַרבעטס־מענטש, און ווערנדיק דער־מונטערט דורך די הוראַ־אויסרופן פון די פאַרמייסטער, האָט ער אויסגערופן



רומקאָווסקי רעדט „צום פאָלק“

פאַטעטיש: אַז ער וועט שוין באַרויקן די חברים. ער איז קלוגער פאַר זיי אַלעמען, און אַז די יידן אין געטאָ זאָלן נאָר אים פאָלגן.“

ג. פאָגעל האָט אין די זכרונות צוגעגעבן, אַז „די טישלער־אַרבעטער האָבן פיינדלעך געשוויגן“. רומקאָווסקי האָט טאַקע מער נישט געוואָלט, נאָר זיי זאָלן שווייגן און דאָס האָט ער דערגרייכט.

די רעדעס, וואָס רומקאָווסקי האָט געהאַלטן אין די פאַבריקן נאָכן דער־שטיקן די אָפּאָזיציע, זענען פאַרשריבן געוואָרן דורך זיין הויף־שרייבער — ש. ראָזענשטיין, וועמענס נאָטיצן זענען פאַראַן אין אַרכיוו פון ייה״א אין וואַרשע. אָט וואָס רומקאָווסקי האָט דעמאָלס געזאָגט (אין די חדשים פעברואַר און מערץ 1941): „איך בין זיך מודה, אַז איך טראָג אויף זיך אַ חטא. אַ פּאָר צענדליק מענטשן האָב איך געמאַכט אַרבעטסלאָז. ס׳איז פּשוט אַ רחמנות אויף די דאָזיקע קאָכלעפל. אָבער וואָס זאָל איך איצט טאָן, איך האָב איצט גרעסערע זאָרגן אין אויפהאַלטן אונדזער עקזיסטענץ. איך דערקלער אייך אָפן: אייך איז גוט און ווויל, איר האָט אַן אַרבעטס־פּאַס.

„אויך דער לעדער־קאָלעקטיוו עקזיסטירט שוין נישט מער. נישט ער איז דער באַלעבאָס איבערן שאָפּ, נאָר פאַרקערט. ווען דער טובת הכלל וועט פאַרלאַנגען, וועל איך דאָרט אַריינזעצן וועמען איך וועל נאָר געפינען פאַר

ניטיק. מיך האָט געקאָסט זייער אַ סך געזונט און מוח ביים רעגולירן די דאָזיקע אַנגעוויטיקטע פּראַגע. איך האָב זיך אָבער נישט אָפּגעשראָקן פאַר די העצער. — — — מיט קיין אַרבעטער־דעלעגאַטן און מיט קיין פּאָליטיק וועל איך זיך נישט פאַרנעמען.״

אין איינעם פון די רעסאָרטן האָט דער יודענעלטעסטער גערעדט מיט אַ דראָענדן טאָן: „מיט די פאַבריקס־דעלעגאַטן האָב איך שוין דערליידיקט. פריער בין איך געווען אַביסל נאַיוו און געמיינט, אַז מ׳קאָן מיט זיי פירן אונטערהאַנדלונגען און אויפקלערן די פאַקטישע לאַגע. כ׳האָב זיך אָבער אַנטוישט און באַלד אָפּגעהאַקט פון געשעפט. מיט זייערע מעקלער האָב איך נישט געוואָלט ריידן — — — די פּאָליציי טראָגט ווייסע הענטשקעס. בעסער וואָלט געווען זיי איינצופּאַקן אויף נאָך דער מלחמה און באַווייזן דעם קולאַק.״

וועגן רומקאָווסקיס אַרויסטריט אין שניידער־רעסאָרט באַריכטעט ראָזענשטיין קורץ: „רומקאָווסקי האָט צוגעזאָגט צו געבן די גוטע אַרבעטער נאָך אַ זופּ אַלס באַלוינונג. כדי צו אָרגאַניזירן די זופּן־אַקציע, האָט דער פּרעזעס פּאָרגעלייגט אויסצוווילן 8 אַרבעטער, אָבער נישט קיין דעלעגאַטן אָדער פּאַרטיילייט, נאָר אָרנטלעכע מענטשן״.[509]

אָט אַזוי האָט דער יודענעלטעסטער באַרויקט דאָס געטאָ. פאַר געוויסע גרופּן האָט ער געטיילט זופּן און ברויט אויפן חשבון פון דער גרויסער הונגעריקער מאַסע, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט קיין אַרבעט. מרדכי חיים רומקאָווסקי האָט באַזיגט די אָפּאָזיציע, ער האָט באַרויקט דאָס געטאָ, ער האָט אָפּגעטעמפּט די וואַכזאַמקייט פון די געפּייניקטע יידן און צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער דייטשער אויסראָטונג פון לאָדזשער יידן, וואָס האָט אויף זיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן.

.29

# אָפּמאַך צווישן געטאָ־פֿאַרוואַלטונג און געשטאַפּאָ וועגן ווייטערדיקער עקזיסטענץ פֿונעם געטאָ

## א. די טעטיקייט פֿון דער געטאָ־פֿאַרוואַלטונג

אין די אַלע פֿריער באַשריבענע געשעענישן אין געטאָ, אַ חוץ אין איינציקן פֿאַל בעת די ערשטע דעמאָנסטראַציעס, האָט די דייטשע מאַכט פֿון ליטצמאַנשטאַט זיך נישט אַריינגעמישט. זי האָט געוווּסט, אַז דאָס געטאָ, וואָס מוז אין די אינטערעסן פֿון דריטן רייך דערווייל עקזיסטירן, וועט פֿריער אָדער שפּעטער ליקווידירט ווערן. עס דאַרף נאָר, לויט היידריכס פּלאַן, צוגעגרייט ווערן דער באָדן פֿאַר אַזאַ ליקווידאַציע אָן מאַטעריעלן שאָדן פֿאַר די דייטשן און אָן ווידערשטאַנד מצד די יידן, וואָס וואָלט געקאָנט ברענגען אַ פֿאַרלוסט אין „פֿאָלקסגענאָסען“.

אין דער היניבצט פֿון צוגרייטן די „ענדלעזונג“ פֿון דער יידנפֿראַגע, האָבן אויפֿן לאָדזשער באָדן צוזאַמענגעאַרבעט אַלע דריי מאַכט־אינסטאַנצן, וואָס האָבן געהאַט די דעה איבערן געטאָ: האַנס ביבאָוו געטאָ־פֿאַרוואַלטונג, געשטאַפּאָ און „קריפּאָ“. יעדע אינסטאַנץ האָט געהאַט איר ספּעציעלע ראָל. די געטאָ־פֿאַרוואַלטונג האָט געדאַרפֿט קאַמופֿלאַזשירן, פֿאַרמאַסקירן די ענדגילטיקע יידן־אויסראָטונג און ביזן לעצטן טערמין אַרויספּרעסן פֿון די יידן זייערע אַרבעטס־כּוחות; די „קריפּאָ“ האָט דורכגעפֿירט די באַרויבונג פֿון די לעצטע פֿאַרמעגנס, וואָס יידן האָבן נאָך געהאַט אין געטאָ, און די געשטאַפּאָ האָט געהאַט די פּאָליטישע אויפֿזיכט, אַז די יידן־אויסראָטונג זאָל דורכגעפֿירט ווערן פּינקטלעך און גענוי, לויט דעם היידריך־פּלאַן און אין הסכם מיט די פֿאַראָרדנונגען פֿון היטלערן און הימלערן.

צווישן די דאָזיקע דריי אָרגאַניזירטע דייטשע פֿאַרברעכער־באַנדעס זענען אָפּטמאָל פֿאָרגעקומען סכסוכים, וועלכע זענען דערליידיקט געוואָרן דורך אַ העכערער אינסטאַנץ. אַמיינסטן שטרייטן זענען געווען צווישן דער געטאָ־פֿאַרוואַלטונג און דער „קריפּאָ“, זיי האָבן נישט געקאָנט דורכקומען מיטן פֿאַרטיילן צווישן זיך דעם רויב פֿונעם יידישן פֿאַרמעגן. אָפֿטע שטרייטן (אין אַ לייכטערער פֿאָרם) האָט ביבאָוו געטאָ־פֿאַרוואַלטונג געהאַט מיט געשטאַפּאָ, וועלכע האָט געוואָלט אין הסכם מיט היטלערס און הימלערס פֿאַרלאַנגען און גרייזערס בקשות — אָפּרייניקן ליטצמאַנשטאַט און בכלל „וואַרטעגאַו“ פֿון יידן, אויף

וואָס ביבאָוו האָט נישט געקאָנט מסכים זיין צוליב זיינע פּערזענלעכע און געשעפטלעכע אינטערעסן.

אין די ערשטע חדשים פונעם יאָר 1941, אין דערזעלבער צייט, ווען רומקאָווסקי האָט פאַרפעסטיקט זיין „אומבאַגרענעצטע מאַכט", איז אין די הויכע רעגירונגס־ספערן פונעם דריטן רייך באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן דער ליקווידאַציע פונעם ליטצמאַנשטאָטער געטאָ. דערווייל האָט מען גערעדט וועגן „איבערטראַנספּאָרטירן" אין „גענעראַל גוווערנעמענט" די, וואָס זענען אומ־פעיק צו דער אַרבעט און אויף זייער אָרט זאָלן קומען יידן פון די קלענערע שטעטלעך פון „וואַרטעלאַנד", וואָס קאָנען נאָך אַרבעטן.

ווייזט אויס, אַז אויף דעם באַדן איז געקומען צו שטרייטן צווישן ביבאָוון און דער געשטאַפּאָ. די שטרייטן האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ הסכם, וועלכער איז פאַרשריבן געוואָרן אין דער „אַקטענגאָטיץ" פון 23.3.41. דאָרט זאָגט זיך:

„די געטאָ־פאַרוואַלטונג איז, אַזוי גוט ווי די געשטאַפּאָ, אין דערזעלבער מיינונג, אַז די פאַרקלענערונג פון געטאָ קאָן פאַרלויפיק נישט פאָרקומען, ווייל מ'ווייסט נישט אויף ווי ווייט די „אומזידלונגען" זענען נויטיק. עס קאָן אויך שטערן דער איינריכטונג פון נייע וואַרשטאַטן.

די איין־ און אויסוואַנדערונג פון יידן פון „לאַנדבעצירקען" אין ליטצ־מאַנשטאָטער געטאָ, באַדאַרף ערשט באַקומען אַ דערלויבעניש פון בערלין, ווייל דער רעגירונגס־ראַט ד"ר שעלע האָט מורא, אַז צוליב אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, קאָנען אינפעקציע־קראַנקהייטן און פאַרווערימונג איבערגעטראָגן ווערן אין אַלטרייך".

ווייטער ווערט אין דער „אַקטענגאָטיץ", וואָס טראָגט ביבאָווס אונטער־שריפט, דערציילט, אַז אין געטאָ זענען קאָנפיסקירט געוואָרן טעקסטיל־סחורות אין ווערט פון 60,000—80,000 ר"מ. די געשטאַפּאָ האָט באַשטעטיקט צו בויען באַראַקן ביים „באַנהאָף" אין ראַדעגאַסט. די אַרבעט זאָל אויסגעפירט ווערן דורך יידן אונטער דער אויפזיכט פון דער יידישער פּאָליציי. די געשטאַפּאָ איז אין דערזעלבער מיינונג, ווי די געטאָ־פאַרוואַלטונג, אַז די יידן זאָלן נישט באַקומען קיין ווייצן־מעל צו באַקן מצות אויף פּסח, און צום סוף רעדט זיך וועגן דער „געטאָ־צייטונג", וואָס עס גיט אַרויס דער יודענעלטעסטער אין „העברעישער שריפט". די „געטאָ־צייטונג" מוז דורכגיין אַ שטרענגע צענזור, אַלע אַרטיקלען מוזן איבערגעזעצט ווערן אין דייטש.

די „אַקטענגאָטיץ" פאַרענדיקט זיך מיט דער אָנווייזונג, אַז אין פּאָליטישע ענינים אַנטשיידט די געשטאַפּאָ און אין ווירטשאַפטלעכע — די „געטאָ־פאַרוואַלטונג.[510]

פון דער דאָזיקער „אַקטענגאָטיץ" ווערט קלאָר, אַז ביבאָוו האָט זיך ווידער איינגעגעבן פאַר זיינע אינטערעסן „אָפּצוראַטעווען" דאָס געטאָ, דאָבײ

איז אָבער גלייכצייטיק געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן דער געטאָ־פאַרוואַלטונג און געשטאַפּאָ וועגן בויען באַראַקן ביי דער ניי־אויפגעשטעלטער באַן־סטאַציע אין ראַדעגאָסט, פון וואַנען עס וועלן אין אַ יאָר שפּעטער אָפּגיין די וואַגאָנעס מיט די צענדליקער טויזנטער יידן אין טויטן־לאַגער כעלמנא. פאַר די דאָזיקע קרבנות זענען געוואָרן צוגעגרייט די באַראַקן.

דערוויל, ביז דער „ענדלעזונג", האָט ביבאָוו רעאָרגאַניזירט זיין געטאָ־פאַרוואַלטונג. ער האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז ער זאָל דאָרט האָבן אייגענע מענטשן. נאָך אין נאָוועמבער 1940 האָט ביבאָוו זיך געוואָנדן מיט אַ בקשה צום ליטצמאַנשטאָטער בירגערמייסטער ד"ר מאַרדער וועגן דער „אומאָרגאַניזירונג" פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג. ביבאָוו בעט, אַז אַלס זיין שטעלפאַרטרעטער זאָל באַשטימט ווערן הער ריבבע „איין הערפארראגענדער קאָופמאַנן", מיט וועלכן ביבאָוו אַרבעט שוין צוזאַמען איבער צען יאָר. אַ צווייטן פריינד זיינעם, הער העממערלע, רעקאָמענדירט ביבאָוו, ווי אַ גוטן בוכהאַלטער, וואָס באַזיצט „גוטע קאָופמעננישע קענטניסע אויף אַלען געביטען". דער דריטער דורך ביבאָוון רעקאָמענדירטער איז דער שטאַטסאָבעראינספּעקטאָר קוואי.

אין יאָר 1941 איז די געטאָ־פאַרוואַלטונג אונטער דער אָנפירונג פון אַמטסלייטער האַנס ביבאָוו באַשטאַנען פון פאָלגנדע „קאָופלויטע" און „געשעפטספירער": העממערלע, טשארנוללא, גענעוויין, שטאַובע, קעהלער, שוסטער, שווינדט און פידלער.[511] יעדער פון זיי האָט געהאַט זיין באַזונדערן חלק אין דער באַרויבונג, אויסהונגערונג און ענדגילטיקער אויסראָטונג פון די לאָדזשער יידן.

די געטאָ־פאַרוואַלטונג האָט געפירט איר „געשעפטלעכע" טעטיקייט אויף דעם אופן: ביבאָוו האָט געגעבן אָנווייזונגען און פאַראָרדנונגען רומקאָווסקין, ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען אַלערליי פאַרמעגנס פון די געטאָ־יידן. די רומקאָווסקי־באַנק, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן באַלד נאָכן שליסן דאָס געטאָ, האָט פאַר שפּאָט־ביליקע פרייזן אָפּגעקויפט ביי די פאַרמעגלעכע געטאָ־איינוווינער אַלערליי ווערטפולע חפצים: צירונג, גאָלד, זילבער, בריליאַנטן, פאָרצעליי, קרישטאלן, דיוואַנעס — זיי זענען „פאַרקויפט" געוואָרן דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט „געצאָלט מיט שפּייז" פאַר די געטאָ־איינוווינער. ווי שוין דערמאָנט, איז די באַשפּייזונג באַשטאַנען פון הונגער־פּאָרציעס און פון די ערגסטע פּראָדוקטן.

אין זיינע באַקאַנטמאַכונגען האָט רומקאָווסקי כסדר אויפגעפאָדערט די געטאָ־באַפעלקערונג אָפּצוגעבן אין דער באַנק די פאַרמעגנס, איידער זיי ווערן קאָנפיסקירט דורך דער מאַכט. ביבאָוו פון זיין זייט האָט נישט געקאַרגט קיין עצות דעם יודענעלטעסטען ווי אַזוי אַמבעסטן אָפּצונעמען די פאַרמעגנס ביי די יידן.

אין זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט רומקאָווסקין שרייבט ביבאָוו צו אים אין דער ערשטער העלפט דעצעמבער 1940, אַז עס ליגט אין די אינטערעסן פונעם יודענעלטעסטען — תיכף זיך איינצושאַפן אַן אויוון צו שמעלצן זילבער און גאָלד. „עס איז דאָ אַ געלעגנהייט צו קויפן אַזאַ שמעלץ־אויוון, וועלכער קאָן אַריינעמען 30 ק״ג איידעלע מעטאַלן״. דעם 13־טן דעצעמבער שיקט ביבאָוו רומקאָווסקין אַ וואָג צו וועגן בריליאַנטן.

עס איז כדאי צו ברענגען איינע פון די בריוו פון ביבאָווס פּריוואַטער קאָרעספּאָנדענץ, געשריבן דעם 4־טן אָקטאָבער 1940 צום הער פידלער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן ביבאָווס מיטאַרבעטער אין דער געטאָ־פאַרוואַלטונג. דער שעף האָט געשריבן צו זיין קומענדיקן באַאַמטן, אַז איידער ער פאָרט אין ליטצמאַנשטאַט זאָל ער זיך באַזאָרגן מיט אַ וואָג און געוויכטער פאַר גאָלד און זילבער. די וואָג מוז עקספּעדירט ווערן עקספּרעס, „ווייל עס איז אַן אונזין צו וואַרטן אויף איר 6 וואָכן״.

די וואָגן צו וועגן גאָלד און זילבער, די שמעלץ־אויוונס פאַר איידעלע מעטאַלן האָבן געהאָלפן ביבאָוון צו פאַרברייטערן זיין רויב־אונטערנעמונג. מיט דער הילף פונעם יודענעלטעסטען האָט ער ביז נאָוועמבער 1940 אַרויס־געפּרעסט פון דער יידישער באַפעלקערונג — פון די קלענסטע סומען אין אויסלענדישער וואַלוטע ביז די גרעסטע פאַרמעגנס פון גאָלד און בריליאַנטן. אין ביבאָווס אויפשטעלונג פאַר דער „רייכסבאַנקשטעללע ליטצמאַנשטאַט, בע־טריפפט: אבליעפערונג פאָן גאָלד און דעוויזען פאָן דען יודען אים געטטאָ״ — גיט אַ באַגריף פון דער דאָזיקער רויב־טעטיקייט פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג. אָט איז די אָפּליפערונג: 2 פּעזאָ, 24 בעלגן, 20 שווייצער־פראַנק, 10 ענגלישע שילינג, 350 פראַנצויזישע פראַנק, 1,406 אַמעריקאַנער פּאַפּיר־דאָלאַרן, 1,015 גאָלד־דאָלאַר, 60 טשעכישע קראָנען, 373 פּוילישע זלאָטעס, 250 שוועדישע קראָנען, 50 נאָרוועגישע קראָנען, 1 זילבער דאָלאַר און 1 טערקיש גאָלדשטיק.

אַ באַריכט פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, פון 14־טן נאָוועמבער 1941, „צום העררן רעגירונגספּרעזידענטן אין ליטצמאַנשטאַט״ וועגן „דער פאַרווער־טונג פאָן בעשלאַגנאַהמטען אונד אנגעליעפערטען וואַרען אַוס יידישען בעזיטץ״, גיט אַזאַ ציפער־אויפשטעלונג:

אָפּליפערונג פון יודענעלטעסטען

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| גאָלד, זילבער, בריליאַנטן | אין | ווערט | בערך | 165,000 | ר״מ |
| שפּינשטאָפן און ענלעכע סחורות | ״ | ״ | ״ | 60,000 | ״ |
| דעוויזן | ״ | ״ | ״ | 5,500 | ״ |

קאָנפיסקירטע סחורות

| | | | |
|---|---|---|---|
| גאָלד, זילבער, בריליאַנטן | אין ווערט בערך | 5,000 | ר״מ |
| שפּינשטאָפן און ענלעכע סחורות | ״ ״ ״ | 65,000 | ״ |
| דעוויזן | ״ ״ ״ | 8,000 | ״ |
| | צוזאַמען | 308,500 | ר״מ |

צו דעם דאָזיקן באַריכט זענען צוגעגעבן פאָלגנדע באַמערקונגען: דעם יודענעלטעסטען איז איבערגעגעבן געוואָרן אַן אויפגאַבע, אַז ער זאָל מודיע זיין דער געטאָ־באַפעלקערונג: „אַלע מינים סחורות, וואָס האָבן אַ ווערט, זאָלן אָפּגעליפערט ווערן — — — אין הסכם מיט דער געשטאַפּאָ איז די „יודען־געמיינשאַפט״ אויפגעפאָדערט געוואָרן דורך דעם יודענעלטעסטען אָפּצוגעבן די סחורות, וואָס זענען באַהאַלטן מחוצן געטאָ״. דאַביי ווערט פאַרזיכערט, אַז די וואָס וועלן אָפּגעבן די באַהאַלטענע סחורות וועלן נישט באַשטראָפט ווערן. אַ דריטע באַמערקונג צום באַריכט דערלויבט צו פאַרקויפן צו אַמטלעך פעסט־געשטעלטע פּרייזן: „שמוקשטיקקע אונד אַנדערע געגענשטענדע אױס עדעל־מעטאַלל, דיע איינען געבראַוכס־ווערט בעזיטצען״.

דאָס רעכט צו קויפן אַזעלכע „שמוקשטיקקע״ האָבן: „דויטשע באַאַמטע און אַנגעשטעלטע ביים מיליטער, וועלכע זענען טעטיק אין „וואַרטעגאַו״ אָדער בלייבן דאָרט אַ לאַנגע צייט; דויטשע פּריוואַט־פּערזאָנען, וועלכע פירן אונטער־נעמונגען אָדער זענען אַנגעשטעלט ביי פּריוואַטע פירמען אין „וואַרטעגאַו״.

דער הויפּט־אויפקויפער פון די גערויבטע יידיש פאַרמעגנס איז טאַקע געווען דער סוחר פון ברעמען — האַנס ביבאָוו. לויט אַן אויפשטעלונג פון האַנס ביבאָווס קניות, וואָס האָט זיך אָפּגעפונען אינעם אַרכיוו פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, האָט ביבאָוו אין די איבער 4 יאָר פון זיין אַמטירן איינגעקויפט איבער 60 אַרטיקלען, וואָס אַנטהאַלט צווישן אַנד.: רינגען מיט בריליאַנטן, בריליאַנטן, קראַוואַטן־שפּילקעס מיט בריליאַנטן, פּערל־קייטן, זילבער־פּיקסן, פעלץ־מאַנטל, קרישטאָל־זאַכן, טעפּיכער, דעקן, גאָלדענע טאַשן־זייגערס און פאַרשידענע אַנדערע זאַכן, וואָס האָבן נאָר אַ ווערט.

דעם 23־טן סעפּטעמבער 1941 האָט ביבאָוו זיך געוואָנדן מיט אַ בריוו צום יודענעלטעסטען מיט פאָלגנדן אינהאַלט:

„דעם 30.8.41 האָב איך אייך געשיקט 36 שטיק טישוועש [טישטיכער] צו באַזייטיקן פון דאָרט די מאָנאָגראַמעס און צו רייניקן די טישטיכער. ווי איר האָט מיר טעלעפאָניש מיטגעטיילט, איז נישט מעגלעך אַרויסצונעמען די מאָנאָ־גראַמעס אַזוי, אַז מ׳זאָל נישט דערקענען. די וועש וועט צוליב דעם נישט

האָבן קיין שיין אויסזען. דעריבער בעט איך, אַז מ׳זאָל אויספּערטיקן אַ נייעם מאָנאָגראַם, נעמלעך „H. B." [האַנס ביבאָוו].

אין געטאָ־פאַרוואַלטונג פלעגן אָנקומען בריוו פון ציווילע דייטשן מיט דער בקשה צוצוטיילן זאַכן פון „יידישער הערקונפט". יונגע פאַרלעך האָבן געבעטן מעבל, כדי זיי זאָלן קאָנען איינאָרדנען אַ משפחה־לעבן. אין אַ בריוו צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג קלאָגט זיך אַ בערלינער קאָמיטעט פאַר ווינטער־הילף, פאַרוואָס מ׳האָט צוגעשיקט פאַרבלוטיקטע מלבושים, וואָס קאָנען נישט פאַרטיילט ווערן.[512] דאָס זענען געווען די מלבושים פון יידן פון די פּראָווינץ־שטעטלעך אין וואַרטעגאַו, וואָס זענען ליקווידירט געוואָרן.

## ב. די טעטיקייט פון „קריפּאָ" און די יידישע „זאָנדערפּאָליציי"

לויטן אָפּמאַך צווישן „קריפּאָ", געשטאַפּאָ און געטאָ־פאַרוואַלטונג האָבן די אַלע 3 אינסטאַנצן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, וועלכע זענען געווען טעטיק אין געטאָ, געהאַט דאָס „רעכט" זיך צו פאַרנעמען מיט אויספּרעסן און באַרויבן דאָס פאַרמעגן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אָבער די הויפּט־אַרבעט האָט געדאַרפט דורכפירן די „קריפּאָ" (קרימינאַל־פּאָליציי), וועמענס אויפגאַבע איז געווען אויסצוגעפינען די יידישע פאַרמעגנס, וועלכע דאַרפן „געזעצלעך" קאָנפיסקירט ווערן פאַרן דריטן רייך. נאָכדעם, ווי ס׳איז געקומען צו אַ פאַר־שטענדיקונג צווישן אַלע 3 רויבער־געזעלשאַפטן און „קריפּאָ" האָט פאַרפעס־טיקט איר פּאָזיציע, זענען אירע באַאַמטע צוגעטרעטן צו אַן אינטענסיווער טע־טיקייט פון אויסגעפינען יידישע פאַרמעגנס.

די אָקופּאַציע־מאַכט אין ליטצמאַנשטאַט האָט גוט געוווּסט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט קומען דער סוף פונעם געטאָ. די יידן וועלן אַרויסגעשיקט ווערן פון ליטצמאַנשטאַט. וווהין, האָט נאָך קיינער נישט געוווּסט. די טויט־לאַגערן זענען נאָך נישט געווען טעטיק. מ׳האָט געשמועסט וועגן אַרויסשיקן די יידן אין גענעראַל גוווערנעמענט. ווי עס זאָל נישט זיין, איז געווען אַ געפאַר פאַר די דייטשן אין לאָדזש, אַז דאָס נאָך פאַראַנענע יידישע פאַרמעגן זאָל זיך אַרויסגליטשן פון זייערע הענט. מיט דעם אָנהויב פונעם יאָר 1941 האָט דעריבער די „קריפּאָ" פאַרשטאַרקט איר טעטיקייט.

צו די אויסערגעוויינלעכע ליידן פון הונגער, קעלט און עפּידעמישע קראַנקהייטן, וואָס האָבן אין יאָר 1941 אויף אַ שרעקלעכן אופן צעפּערטלט די יידישע באַפעלקערונג, זענען נאָך צוגעקומען די אינקוויזיציע־פּייניקונגען אין די קעלערן פונעם „רויטן הייזל", וואָס האָט אַמאָל געהערט צו דער פּאַראַפיע פון די קאַטוילישע גלחים, וועלכע האָבן באַדינט די קירך פון דער הייליקער מאַריע, די בתולה. אין דער געטאָ־צייט איז דאָרט געווען די „קריפּאָ".

נאָכט נאָך נאָכט האָבן „קריפּאָ"־אַגענטן זיך אַריינגעריסן אין די פאַר־פרוירענע יידישע הייזער, דורכגעפירט רעוויזיעס און אויפן אָרט מערדערלעך געשלאָגן די צעשראָקענע, פאַרהונגערטע יידן און געפּאַדערט פון זיי די באַ־האַלטענע פאַרמעגנס. פיל פון די „קריפּאָ"־קרבנות האָבן באַקומען איינלאַדונגען זיך צוצושטעלן. אין די שטובן, ווו עס איז אָנגעקומען אַזאַ איינלאַדונג איז די יללה געווען אַ פיל גרעסערע, ווי ביים באַקומען אַן אויפפאָדערונג זיך צוצושטעלן אויף אַרויסצופאָרן פונעם געטאָ אויף אַרבעט. אין אַזאַ פאַל האָט מען זיך געטרייסט מיט דער אילוזיע — אפשר פאָרט מען טאַקע אויף אַרבעט. אויף אַן איינלאַדונג אין „קריפּאָ" האָט מען געוווּסט, גייט מען אויף שרעקלעכער פּיין און אָפטמאָל אויף אַ זיכערן טויט. ד״ר ל. שיקער באַשרייבט אַזוי אין זיינע זכרונות די בעסטיאַלישע פּייניקונגען פון „קריפּאָ" ביים אַרויספּרעסן פאַרמעגן פון יידן:

„אויפן סמך פון מסירות האָט מען מענטשן גערופן אין „קריפּאָ". דאָרט האָט מען זיי אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז וואַנען דער קרבן האָט דערציילט, ווו ס׳ליגן באַהאַלטן זיינע ווערט־זאַכן. ס׳זענען אויך געווען פאַלן פון דערהרגענען אויף טויט. דער ארויסגערופענער דאָקטאָר האָט געמוזט אויסשטעלן אַ צייג־ניש, אַז דער טויט איז געקומען צוליב האַרץ־קראַנקהייט (דעמאָלט האָבן נאָך די דייטשן זיך גערעכנט מיט אַזעלכע פאָרמאַליטעטן). אַ גרויסער טייל געטאָ־איינוווינער איז דורכגעגאַנגען אַט דעם גיהנום. אָפט האָט מען גערופן אין „קריפּאָ" לחלוטין אָרעמע מענטשן. ס׳האָבן נישט געהאָלפן קיין יאָמער און געשריי, טרערן און בקשות. כדי אַרויסצוציִען לעבעדיק פון „קריפּאָ" האָט די משפּחה פון אַרעסטירטן געמוזט געבן אויסלייז־געלט."

מענדל טראַן, אַ געוועזענער פאַרמלחמהדיקער לאָדזשער זאָקן־פאַבריקאַנט, וועלכער האָט איבערגעלעבט דאָס געטאָ, האָט אין אַ גבית־עדות איבערגעגעבן פאָלגנדע פּרטים וועגן דער מערדערישער טעטיקייט פון „קריפּאָ":

„אין סעפּטעמבער, 1941, האָב איך באַקומען די אויפפאָדערונג זיך צו שטעלן אין „קריפּאָ". אין שטוב איז געוואָרן אַ מהומה. די פרוי מיט די קינדער האָבן געוויינט. איך האָב גענומען אַ שטיקל ברויט און געגאַנגען. שוין אין קאָרידאָר פון „קריפּאָ" האָב איך געהערט געשרייען פון די געפּאַרשטע. ווי איך בין נאָר אַריינגעקומען, האָט איינער מיר דערלאַנגט מיטן באַשטיוולטן פוס אונטערן האַרץ. ווען איך בין צוגעגאַנגען צום טיש האָט מען מיך ווייטער געקאָפּעט און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרהער. מען האָט מיר געהייסן אַנידערקניִען און געשלאָגן מיט גראָבע גומענע שטעקנס. דאָס בלוט האָט אָנגעהויבן פליסן פון מויל. מען האָט מיר פאַרשטאָפּט דאָס מויל מיט אַ טיכל איך זאָל נישט קענען שרייען און ווייטער געשלאָגן ביז איך האָב פאַרלוירן

דאָס באַוווּסטזיין. מען האָט מיך אויפגעוועקט מיט אַן עמער קאַלט וואַסער. איך בין באַפרייט געוואָרן. 6 וואָכן בין איך שפּעטער געלעגן קראַנק.

געוועזן אַ סך פאַלן, ווען אין „קריפּאָ“ איז מען פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט.“ [513]

אין דער דאָזיקער טעטיקייט פון דער דייטשער מאָרד־ און רויב־געזעלשאַפט האָבן זיך באַטייליקט אויך יידישע פאַרברעכערישע עלעמענטן, פאַרעטער פון זייער פאָלק. זיי האָבן געבילדעט אַ ספּעציעלע פּאָליציי־אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך גערופן „זאָנדער־פּאָליציי“, זי איז געשאַפן געוואָרן דורך רומקאָווסקין. „די זאָנדער אָפּטיילונג האָט געהאַט אויסצופירן באַזונדערע פליכטן, ווי: הויז־זוכונגען מיטן ציל צו געפינען באַהאַלטענע בריליאַנטן און אַנדערע ווערט־זאַכן“.

בראש פון דער „זאָנדער־פּאָליציי“ איז געשטאַנען דוד גערטלער און מאַרק קליגער. ביידע זענען געווען מיטאַרבעטער פון געשטאַפּאָ און „קריפּאָ“ און האָבן אין געטאָ אויסגעפירט די פאַרברעכעריש־פאַרעטערישע ראָל פון דייטשע אַגענטן. *

וועגן דער „זאָנדער־פּאָליציי“ אין לאָדזשער געטאָ און דער ראָל פון דוד גערטלער זענען נאָך דער מלחמה פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַרטיקלען אין יידישע צייטונגען. אין „דאָס נייע לעבן“ נומ׳ 407 איז פאַראַן פאָלגנדע באַשרייבונג פון דער „זאָנדער“־פּאָליציי:

„דוד גערטלער איז אין לאָדזשער געטאָ געווען דער קאָמיסאַר און אָנפירער פון דער „זאָנדער־אָפּטיילונג“. די „זאָנדער“, ווי מען האָט זי גערופן אין געטאָ, האָט געהאַט העכערע פונקציעס ווי די „אָרדנונגס־דינסט“ (יידישע פּאָליציי). די „זאָנדעראָווצעס“ האָבן אויסגעפירט די אַרבעט פון טרייבן יידן אין די לאַגערן. ווו די יידישע פּאָליציי האָט זיך אַרויסגעוויזן צו־שוואַך, איז געקומען די „זאָנדער־אָפּטיילונג“, וועלכע האָט מיט די ברוטאַלסטע מיטלען, דורך שלאָגן, פּייניקן, נאַכט־רעוויזיעס אין די שטובן, געצוווּנגען זיך צוצושטעלן צום טראַנספּאָרט. דערפאַר האָט די זאָנדער־אָפּטיילונג געהאַט דעם פולסטן צוטרוי פון דער געשטאַפּאָ, וועמענס פאָרשטייער האָבן בעת דעפּאָרטאַציעס אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען מיט די פירער פון דער „זאָנדער“.

---

* דוד גערטלער און מאַרק קליגער האָבן איבערגעלעבט די דייטשע אויסראָטונג. לויט באַקומענע אינפאָרמאַציעס, לעבט דוד גערטלער — בעתן שרייבן דאָס בוך — אין מערב־דייטשלאַנד. ער איז אַ רייכער פאַבריקאַנט. עס איז דער חוב פון יעדן ייד, וואָס טרעפט גערטלערן, אויפצופאָדערן אים, אַז ער זאָל זיך שטעלן צו אַן עפנטלעכן משפט און דערציילן וועגן זיין טעטיקייט אין לאָדזשער געטאָ און וואָס ער האָט געטאָן נאָכדעם, ווי די דייטשן האָבן אים פערזענלעך אַרויסגעפירט פון געטאָ אין יאָר 1943.

לויט די אָנווייזונגען פון „זאָנדער" האָט די „קריפּאָ", אונטערן פאַרדאַכט פון אויסבאַהאַלטן זאַכן, אַרעסטירט יידן און זיי פּאַרפּייניקט און געממית׳ט.

„די זאָנדער" — האָט מענדל טראַן דערציילט אין זיין גבית־עדות — איז געווען אַ יידישע געשטאַפּאָ. „זאָנדער" דאָס איז געווען מאַרק קליגער און דוד גערטלער... „זאָנדער" האָט געהאַט פאַר אַ ציל אָפּצוזוכן יידישע פאַרמעגנס. „זאָנדער" האָט דורכגעפירט רעוויזיעס אין יידישע שטובן. זיי האָבן געזוכט בעסער ווי די דייטשן. בעת אַ רעוויזיע האָבן זיי געבראָכן די ווענט און די דילן, אויסגעטאָן די פרויען נאַקעט. זיי האָבן צוגענומען אַפילו אַזעלכע סחורות, וועלכע די דייטשן האָבן נישט גערירט, אַ העלפט פון די סחורות האָבן זיי צוגעגנבעט פאַר זיך. ביי מיר האָבן זיי אַ פּאָר מאָל צוגענומען סחורה. זיי, די „זאָנדער", זענען געווען די גרעסטע סוחרים פון גאָלד און בריליאַנטן."

וועגן דוד גערטלער האָט מענדל טראַן דערציילט:

„ער איז געווען פון פאַך אַ זאָקן־מאַכער. אין די יונגע יאָרן האָט ער געאַרבעט ביי אַ פעטער, אַ פאַבריקאַנט, און דאָרט געגנבעט.

שפּעטער האָט ער באַקומען אַרבעט ביי מענדל טראַן, אויך ביי אים האָט ער געגנבעט און ווידער געוואָרן אַרבעטלאָז. ער האָט זיך לסוף גענומען צו אַ מלאכה, וועלכע זאָל זיין געאייגנט צו זיין כאַראַקטער: ער איז געוואָרן אַ „מאַכער" אין פינאַנס־אַמט און „זיך אַרויפגעאַרבעט" אַלס מיטאַרבעטער פון דער „פלי־בריגאַדע". *

„ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָדזש, האָט גערטלער באַלד אָנגעהויבן אַרבעטן אין „געשטאַפּאָ" און געוואָרן דער לייטער פון די „זאָנדער". ער האָט אויפגענומען ביי זיך ביבאָוון און אַנדערע דייטשן און מיט זיי געהוליעט... גערטלער האָט פאַר דאָלאַרן געשמוגלט יידן קיין וואַרשע.".

וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דוד גערטלער און מאַרק קליגער פאַר פאַרפּייניקן יידן אין דער „קריפּאָ" דערציילן אָפיציעלע דייטשע דאָקומענטן. אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, „אַרכיוו פון דער געטאָ־פאַר־וואַלטונג" אָפּטיילונג „וואַרען פערוועראַונג", זענען פאַראַן פיל דאָקומענטן וועגן גערטלערן און קליגערן און זייער הילף פאַר „קריפּאָ" ביים אַרויסבאַקומען די ביי יידן באַהאַלטענע ווערטזאַכן. אויף די דייטשע דאָקומענטן פון רעוויזיעס און קאָנפיסקאַציעס איז פאַראַן די צושריפט: „מיט דער בעטייליגונג פאָן פער־טרויאונגסמאַן העררן גערטלער". אויף אַנדערע דאָקומענטן ווערט דערמאָנט דער ייד קליגער. אָט זענען 3 פון די דאָזיקע דאָקומענטן:

---

* „פלי־בריגאַדעס" — אַ דינסט־אָפּטיילונג ביים שטייער־אַמט אין לאָדזש, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהאַט די אויפגאַבע אָפּצוגעפונען באַהאַלטענע פאַרמעגנס, פאַר וועלכע מ׳צאָלט נישט קיין שטייערן.

„דאָקומענטן נומ׳ 151. צושריפט: „פֿאַנד אבגעל. דר. [דרוק] גערטלער 30. 11. 1940.
אַן דאס ווירטשאַפטסאַמט.״

דאָ ווערן אָנגעגעבן די אַדרעסן פֿון צוויי יידן: יאַקוב וואַרשאַווסקי, האַלצשטראַססע 8 און הערש באכטה, ווראַצלאַווסקאַ 8, און עס ווערט אויס־גערעכנט, וואָס ביי די יידן געפֿינען זיך: „5 טויזנט פּאַר מענער־הויזן, 1,100 קאַראַקול־פעלן״ אאַז״וו, אאַז״וו.

צום סוף איז צוגעשריבן: „דער אייגנטימער דאַרף זיין אָנוועזנד, כדי ער זאָל ווייזן דאָס אָרט, ווו ס׳איז באַהאַלטן.״

אויפֿגעגעבן דורך הערן גערטלער.״

דער צווייטער דאָקומענט פֿון דעם זעלבן ענין איז פֿון דער דאַטע 2. 12. 1940:

„אין דעם ענין פֿון געפֿינען זאַכן ביי דעם ייד יאַקוב וואַרשאַווסקי. וווין־אָרט געטאָ, האָלץ־גאַס 8, זענען אונטער דער אויפֿזיכט פֿון ס.ס.־אויבער־שאַרפֿירער קארעל, קרימינאַל־באַאַמטן טוסט און דיביידע פֿאַרטרויונגס־פּערזאָנען גערטלער און פּיקאַרטשיק פֿאַלגנדיקע סחורות אויסגעגראָבן געוואָרן און איבער־געגעבן געוואָרן דער געטאָ־פֿאַרוואַלטונג.״

ווייטער ווערן אויסגערעכנט די זאַכן, וואָס זענען צוגענומען געוואָרן.

צום סוף קומט אַ כאַראַקטעריסטישע צושריפֿט: „דער ייד איז געווען דער אָנגעבער פֿון אָרט, ווו עס איז געווען באַהאַלטן״.

פֿון די דאָזיקע צוויי דאָקומענטן ווערט קלאָר, אַז גערטלער אַלס פֿאַר־טרויאונג־מאַן פֿון דער דייטשער מאַכט, האָט דער ערשטער מיטגעטיילט וועגן די סחורות, וואָס די יידן באַהאַלטן אויס. שפּעטער איז געקומען די צוזאַמענ־אַרבעט פֿון ס. ס. „קריפּאָ״ און פֿאַרטרויונגס־מאַן. יעקב וואַרשאַווסקי איז אין קריפּאָ אַזוי לאַנג געפּייניקט געוואָרן ביז ער האָט אָנגעוויזן דאָס אָרט, ווו די זאַכן ליגן באַהאַלטן.

אַ גאַר דייטלעכער דאָקומענט פֿון גערטלערס מיטאַרבעט מיט געשטאַפּאָ און קריפּאָ איז פֿאַלגנדיקער:

איבערשריפֿט:

„געהיימע שטאַאַטספּאָליצײ,
שטאַאַטספּאָליציישטעללע ליטצמאַנשטאַדט,
דיענסטשטעללע גהעטטאָ.

## מעלדונג

דורך דער מיטטיילונג פֿון פֿאַרטרויאונגס־מאַן גערטלער ווערט באַקאַנט, אַז די יידן איזראַיל לעווקאָוויטש און אַבראַם רוזעוו האָבן אין הויז אויף דער

נאָרד גאַס נומער 10 באַגראָבן ווערטפולע חפצים. די אויסגראָבונג, וועלכע איז אויסגעפירט געוואָרן אין דער אַנוועזנהייט פון די יידן, באַשטעטיקן די מעלדונג און עס זענען ביי דער אַנוועזנהייט פון די יידן און אונטער דער אויפזיכט פון ס. ס. אָבערפירער האָבערג, קרימינאַל־אַנגעשטעלטער טוסט, פאַרטרויאונגס־מאַן גערטלער אויסגעגראָבן געוואָרן פאָלגנדיקע ווערט־זאַכן."

דאָ ווערן אויסגערעכנט די געפונענע חפצים. אויף דעם דאָקומענט זענען אונטערגעשריבן: "דער באַזיצער לעווקאָוויטש, ס. ס.־אָבערשאַרפירער קארעל, ס. ס.־אָבערשאַרפירער האָבערג, קרימינאַל־באַאַמטער טוסט און פאַרטרויאונגס־מאַן גערטלער.

אויף אַנדערע דאָקומענטן זענען אונטערגעשריבן ביבאָוו און גערטלער.

די געבראַכטע דאָקומענטן פון אַרכיוו פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג באַווייזן קלאָר און דייטלעך, אַז גערטלער האָט מיטגעאַרבעט מיט דער געשטאַפּאָ און "קריפאָ" און זיי מיטגעהאָלפן צוצורויבן ביי יידן דאָס לעצטע, וואָס איז זיי נאָך געבליבן אין געטאָ.

די דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער "זאָנדער־אָפּטיילונג", רעדן פון קאָנפיסקאַציע פון געלט־סומעס, וואָס זענען, פאַרשטייט זיך, איבערגעגעבן געוואָרן די דייטשן. דאָ פיגורירט שוין צוזאַמען מיט גערטלערס אונטערשריפט אויך דער שטעמפּל פון "עלטעסטען דער יודען אין ליטצמאַנשטאַדט."[514]

מיט דער הילף פון די דאָזיקע פאַרברעכער האָט "קריפאָ" גע־פירט איר מערדערישן רויב פונעם יידישן פאַרמעגן. אין חודש־באַריכט פאַר מערץ, 1941, האָט "קריפאָ" פאַרנאָטירט איר גרויסן דערפאָלג. אין יענעם חודש האָט זי דורכגעפירט 74 "בעשלאַגנאַהמען" (קאָנפיסקאַציעס), צווישן אַנדערן זענען קאָנפיסקירט געוואָרן: 4,800 גאָלד־דאָלאַר, 2 גאָלד־רובל, דערצו 6,300 פּאַפּיר־דאָלאַר. געשטאַפּאָ האָט נאָר געהאַט 18 קאָנפיסקאַציעס, מערסטנטייל פאַבריקס־איינריכטונגען און טעכנישע מאַטעריאַלן. ביים יודענעלטעסטען זענען "אָפּגע־קויפט" געוואָרן 2 טראַנספּאָרטן, דערונטער 13 זעק זילבער־זאַכן און 13 קאַסטנס פאַרצעלאַן און קרישטאָלן.

פאַרן גאַנצן יאָר 1941 האָבן די "הכנסות" פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג באַטראָפן 11,855,900 ר"מ. אין די דאָזיקע "הכנסות" פון דער דייטשער רויבער־געזעלשאַפט פאַרנעמט אַ גאָר גרויסע פּאָזיציע די "אָפּגעליפערטע" גאָלד־צירונג און וואַלוטע. פון דעם דאָזיקן צוגערויבטן יידישן פאַרמעגן איז נאָר אַ קליינער נישט באַדייטנדער טייל געגאַנגען אויפן חשבון פון דער באַשפּייזונג, וואָס די דייטשן האָבן אַריינגעשיקט אין געטאָ. דאָס באַשטעטיקט אויך אַ דייטשער דאָקו־מענט — דער באַריכט, וואָס איז פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג צוגעשיקט געוואָרן דעם רעגירונגס־פּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאָט. דאָרט זאָגט זיך:

"די דערנערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ליטצמאַנשטאַטער

געטאָ ווערט היינט הויפּזעכלעך געדעקט פון דער לוין־אַרבעט פון יידישע האַנד־ווערקערישע פאַכקרעפטן". [515]

די באַרויבונג און אויספּרעסונג פון די לעצטע פאַרמעגנס פון דער יידישער באַפעלקערונג איז פאַרגעקומען דעמאָלט, ווען דאָס געטאָ האָט זיך גע־פייניקט אין הונגער און קעלט. עס איז כסדר געוואַקסן די צאָל פון מתים, וועלכע די קברנים האָבן נישט באַוויזן צו ברענגען צו דער אייביקער רו.

אַ שוידערלעך בילד פון דעם דאָזיקן מצב ברענגט די „געטאָ־כראָניק" („ב. ק. צ.") פון 14־טן יאַנואַר 1941:

„די ריי פאַרפליכטעט אויך מתים

אַפילו שטאַרבן היינט קען מען אויך נישט — קלאָגט זיך אַ פאַראינטערע־סירטע בעתן דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן אין בעגראַבונגס־ביוראָ, אין שייכות מיטן טויט פון איר מוטער. אין דער דאָזיקער אָנקלאָגע איז נישט פאַראַן קיין שום גוזמא, אויב מ'נעמט אין אַכט די פאַרשטאַרקטע שטערבלעכקייט. צו די טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען געהער דאָס איבערלאָזן מתים ביז צו דער קבורה אויף 3 און אַפילו אויף 10 טעג. עס איז כדאי צו פאַרצייכענען די סיבות פון אָט דעם אומנאַרמאַלן מצב:

אין געטאָ זענען פאַראַן פאַר די מתים־וועגענער 3 פערד — אַ צאָל, וועלכע פאַסט אינגאַנצן נישט צו די באַדינגונגען, באַדערפעניש פון דער איצ־טיקער פאַרשטאַרקטער שטערבלעכקייט. ס'איז שוין אַ סך מאָל געווען אַזאַ הינטערשטעליקייט ביים פירן די מתים אויפן בית־עולם, אַז מ'האָט געמוזט, מחמת נויט, ברענגען אין באַוועגונג ראָל־וואָגנס און אויפלאָדעווען אויף אַמאָל עטלעכע צענדליק מתים. ווען די שטערבלעכקייט אין געטאָ האָט דערגרייכט נאָר 20 און 25 פאַלן טעגלעך. פאַרן קריג, איז דער דורכשניט פון דער שטערב־לעכקייט אין דער שטאָט געווען 6 טעגלעך. דעמאָלס זענען געווען באַשעפטיקט 12 קברנים און היינט אַרבעטן 200. נישט געקוקט אויף דער גרויסער צאָל קברנים איז נישט מעגלעך אויסצוגראָבן טעגלעך מער ווי 50 קברים, די סיבה: ס'פעלן קוואַליפיצירטע כוחות און אויך די שוועריקייטן צוליב דער פאַרפרוי־רענער ערד. אַזוי אַרום וואַקסט די שרעקלעכע „ריי".

וועגן דעם קאַטאַסטראָפאַלן וווּקס פון דער שטערבלעכקייט אין געטאָ האָט זיך גענומען פאַרינטערעסירן אויך די אָנפירונג פון דער דייטשער אָקו־פּאַציע־מאַכט אין ליטצמאַנשטאַט.

אין אַ בריוו פון 18.2.1941 פרעגט דער רעגירונגס־פּרעזידענט דעם בירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַט, אויף וויפל ס'זענען אמת די קלאַגעס, וואָס גייען אַרום אין ליטצמאַנשטאַט וועגן דער גרויסער שטערבלעכקייט אין געטאָ.

דער רעגירונגס־פּרעזידענט בעט עס זאָל געמאַכט ווערן אַן אויפשטעלונג וועגן „פּערזאָנענשטאַנדסבעוועגונג" פון יידן, געטיילט אויף חדשים.

אויף דעם בריוו האָט דעם 26.2 געענטפערט ביבאָוו, אַז ער שיקט איבער אַ באַריכט פונעם יודענעלטעסטען, וועגן געבורט און שטערבלעכקייט אין געטאָ, זייט דעם אָפּשליסן ביז פעברואַר חודש 1941. פון וואַנען עס שטאַמען די ידיעות וועגן דער שטערבלעכקייט, ווייסט נישט ביבאָוו. ער איז מודה, אַז די שטערבלעכקייט איז זייער גרויס. גרעסער ווי די ציפערן, וואָס עס גיט אָן דער יודענעלטעסטער. ער, ביבאָוו אַליין, האָט אונטערזוכט די ציפערן און פעסטגעשטעלט אויפן בית־עולם, אַז די צאָל מתים זענען נישט אידענטיש מיט דער צאָל, וועלכע ווערט אָנגעגעבן דורך רומקאָווסקין. דער יודענעלטעסטער גיט אָן, מיט אַ כוונה, אַ קלענערע צאָל מתים, כדי עס זאָל נישט פאַרקלענערט ווערן דער סכום פון צוגעשטעלטע פּראָדוקטן.[516]

.30

# דער מצב אין געטאָ אין פרילינג און זומער 1941

## א. מרדכי חיים רומקאָווסקי — דער „דיקטאַטאָר" און „אַליינהערשער"

נאָך דער פעברואַר־דעמאָנסטראַציע קעגן רומקאָווסקין איז אין געטאָ איינגעטרעטן אַ שטילשטאַנד. עס האָבן אויפגעהערט די עפנטלעכע פּראָטעסטן קעגן יודענעלטעסטען. ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט יעדע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אַרום אים. ער האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון „אַליינהערשאַפט". ווי ביי יעדער דיקטאַטאָרישער מאַכט, האָט זיך אויך אַרום רומקאָווסקין געשאַפן אַ מין הויף־קליקע פון מכלומרשטע עצה־געבערס, וואָס האָבן געקוקט אין מויל דעם „פּרעזעס", דעם „אַלטן", וואָס ער וועט זאָגן, כדי „חניפהדיק צוצושטימען, אַז עס איז „קלוג", „אָריגינעל" אדג"ל. דער „פּרעזעס" האָט ביסלעכוויַיז אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז ער איז טאַקע דער אמתער גאון, דער שליח פון הימל (י. שולמאַן).

אויך דער שוין דערמאָנטער זשורנאַליסט, שמואל ראָזענשטיין, האָט זוכה געווען צו געהערן צו דער הויף־קליקע פון „פּרעזעס" און ער איז דאָס געווען דער איניציאַטאָר פון דער „געטאָ־צייטונג", וועלכע האָט אָנגעהויבן צו דער־שיינען אין חודש מערץ 1941. דער ערשטער נומער פון דער „געטאָ־צייטונג פאַר אינפאָרמאַציע, פאַראָרדנונגען און באַקאַנטמאַכונגען" האָט די דאַטע פון 7־טן מערץ 1941.

ווי עס פירט זיך האָט דער ערשטער נומער זיך אָנגעהויבן מיט אַ „פּראָגראַם־אַרטיקל", וואָס שטרייכט באַלד אונטער, אַז דאָס בלעטל וועט שטיין אין פולן דינסט פון יודענעלטעסטען. דאָרט זאָגט זיך: „די ‚געטאָ־צייטונג' וועט דער באַפעלקערונג געבן די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט מיין אַרבעט אויף אַלע געביטן פון געטאָ־לעבן.

„די ‚געטאָ־צייטונג' וועט נישט צולאָזן, אַז די פאַרשידענע בייזוויליקע העצער און רכילות־טרייבער זאָלן קאָנען פאַרשפּרייטן אומפאַראַנטוואָרטלעכע ידיעות, וואָס זענען עלול אַריינצוברענגען אַ כאַאָס און אומרו צווישן דער באַ־פעלקערונג".

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז דאָס דאָזיקע געטאָ־בלעטל האָט געקאָנט דערשיינען נאָר מיט דער צושטימונג פון דער דייטשער מאַכט. ביבאָוו האָט טאַקע אין זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט רומקאָווסקין כסדר אים דערמאָנט וועגן

ערשטע זייט פון נומ' 1 פון רומקאָווסקיס „געטאָ־צייטונג"

**№ 1.** **דער עלטסטער פון די יידן אין ליצמאנשטאט**

**פרייז 10 פעניג.**

אדרעס פון רעדאקציע: דזשערסקא 1.

אינטערווענציעס וועגן אנאנסן יעדן דינסטאג פון 5 ביז 7 אוונט.

# געטא=צייטונג

**פאר אינפארמאציע, פארארדענונגען און באקאנטמאכונגען.**

Litzmannstadt-Getto, den 7. März 1941. — ליצמאנשטאט-געטא, פרייטאג דעם 7-טן מערץ 1941

# פראגראם פון דער געטא=צייטונג

פון היינט אן הייבט אן אין געטא צו דערשיינען א צייטונג אין דער יידישער שפראך א. נ. „געטא-צייטונג".

די „געטא-צייטונג" וועט זיך באמיען אלזייטיג צו אינפארמירן די איינוואוינער פונעם געטא וועגן אלץ וואס קומט אין געטא פאר; אויפצוקלערן זיי, וואס עס איז יא דערלויבט און וואס עס איז נישט דערלויבט צו טון אין געטא.

די „געטא-צייטונג" וועט באלייכטן אלע פראגן, וואס זיינען נוגע די דערנערונג, ארבעט א. א.

די „געטא-צייטונג" וועט דער באפעלקערונג געבן די מעגלעכקייט זיך צו באקענען מיט מיין ארבעט אויף אלע געביטן פונעם געטא-לעבן.

די „געטא-צייטונג" וועט נישט דערלאזן, אז די פארשיידענע מיזוויליקע העצער און רכילות-טרייבער זאלן קענען פארשפרייטן אומפאראנטווארטלעכע ידיעות, וואס ווענן נאר צוליב אריינצוברענגען א כאאס און אומרו צווישן דער באפעלקערונג.

די „געטא-צייטונג" וועט ברענגען נאר די ידיעות, וואס אנטשפרעכן דעם ריינעם אמת.

די „געטא-צייטונג" וועט אפגעבן א גרעסערן פלאץ פאר די וויכטיקסטע געשעענישן, וואס ווערן פארקומען אין געטא.

די „געטא-צייטונג" וועט שטעלן צום שאנד-סלופ די גנבים און די אלע, וואס מיסברויכן מיט זייערע אמטן צום שאדן פון דער געטא-באפעלקערונג.

די „געטא-צייטונג" וועט רעגולער אינפארמירן וועגן דער טעטיקייט פון אלע מיינע פארשיידענע אפטיילן, אמטן און ארבעטס-רעסארטן, און וועגן מיינע פלענער פאר דער נאענטסטער צוקונפט.

די „געטא-צייטונג" וועט פארעפנטלעכן אלע מיינע פארארדענונגען און באקאנטמאכונגען.

די „געטא-צייטונג" וועט פארעפנטלעכן די נעמען פון די פאראנטווארטלעכע דורך מיין געריכט און פון די, וואס ווערן דורך מיר נאך אדמיניסטראטיוו באשטראפט.

די „געטא-צייטונג" וועט אן שום רחמנות באקעמפן די קארופציע און פראטעקציע-סיסטעמען אין אלע מיינע אמטן.

ביי דער דאזיקער געלעגנהייט דערמאן איך אין די דורך מיר געווארפענע 5 לאזונגען בעת אונדזער אריינקום אין געטא, דהיינו:

1) ארבעט.
2) ברויט.
3) זארג פאר קראנקע
4) השגחה איבער קינדער און
5) רו אין געטא.

אויף די 5 די דאזיקע לאזונגען. האב איך באזירט מיין גאנצע טעטיקייט און וועל זי ווייטער אינעם וועלכן זיינען פירן, נישט קוקנדיק אויף די בייזוויליקע שטערער און העצער פון פארשיידענע זייטן.

**פון מיין אויבנאנגעצייכנטן פראגראם, וועל איך אויף קיין האר נישט אפטרעטן.**

צושיקן די אָריגינאַלן און איבערזעצונגען פון דער „געטאָ־צייטונג", רומקאָווסקי האָט פּינקטלעך צוגעשיקט.[517] דאָס דאָזיקע בלעטל אין יידיש איז אויך נויטיק געווען פאַר דעם דייטשן קאָמופלאַזש פון דער יידן־אויסראָטונג. נישט בחינם איז דאָס לאָדזשער געטאָ געשילדערט געוואָרן אין דער דייטש־נאַצישער פּובלי־ציסטיק פון יענער צייט, ווי אַ מוסטער־געטאָ.

ש. ראָזענשטיין, דער רעדאַקטאָר פון דער „געטאָ־צייטונג", האָט ערלעך און געטריי געדינט רומקאָווסקין און איז געווען זיין „שופר". פון דער „געטאָ־צייטונג" האָט גערעדט דער ברוטאַלער דיקטאַטאָר, וואָס זעט נאָר זיך אין העלסטן ליכט. און אַלץ איז זיין, אַלעס גוטעס, וואָס עס ווערט געטאָן אין געטאָ, איז דער פאַרדינסט פון „ה׳ פּרעזעס", און ווייטער איז אַלץ „הפקר־מענטשן, וואָס באַדראָען דאָס געזונט און לעבן פונעם געטאָ־כלל". כסדר ווערן דערמאָנט די פאַרברעכער פונעם געטאָ. דער הונגער, דחקות, די וואַקסנדע שטערבלעכקייט, דער צער און ווי פון די געפּייניקטע אין געטאָ — באַקומט נישט דעם מינדעסטן אויסדרוק אין דעם געטאָ־בלעטל. מיט אַ פּייערלעכן טאָן רעדט זיך וועגן דער גרינדונג פון די רעסאָרטן, „אַ געדאַנק, וועלכן דער פּרעזעס האָט פאַרטראַכט נאָך איידער מ׳איז אַריין אין געטאָ", אאַז״וו, אאַז״וו.

די „געטאָ־צייטונג", ווי דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער רומקאָווסקי־מאַכט, אין וועלכן עס זענען פאַרעפנטלעכט אַלע באַקאַנטמאַכונגען, פאַראָרדנונגען, מודעות פון די שפּייז־צוטיילונגען און באַריכטן פון דער אַרבעט אין די רעסאָרטן, צאָל פון די אַרויסגעשיקטע אַרבעטער אדג״ל — גיט אויך אַ געוויסן מאַטעריאַל פאַר דעם היסטאָריקער פון לאָדזשער געטאָ.

פון די ערשטע נומערן „געטאָ־צייטונג" באַקומט מען אַזאַ באַגריף וועגן דעמאָלסדיקן לעבן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט: פאַרטייאישע און געזעלשאַפט־לעכע באַוועגונגען, וועלכע האָבן זיך אַזוי שטאַרק געלאָזט פילן זינט דעם אָפּ־שליסן דאָס געטאָ — זענען אינגאַנצן אַראָפּ פון דער אויבערפלאַך. דער יודענ־עלטעסטער האָלט נישט אָפּ מיט קיינעם קיין באַראַטונגען, פירט נישט קיין אונטערהאַנדלונגען, נאָר גיט אַרויס באַפעלן אין פאָרם פון באַקאַנטמאַכונגען אין נוסח: „דער פּרעזעס האָט פאַראָרדנט", „דער פּרעזעס האָט באַשלאָסן", „אויפקלערונגען פונעם ה׳ פּרעזעס", „אין הסכם מיטן רוף פון ה׳ פּרעזעס" אדג״ל.

יעדער נומער פון דער צייטונג הויבט זיך אָן מיט אַ באַשרייבונג פון דער טעטיקייט און אויפטוען פונעם „פּרעזעס". די באַשרייבונגען זענען נישט שלעכט געמאַכט: די רעפּאָרטאַזשן האָבן אַ בולט אָפענע טענדענץ פאַרצושטעלן דעם דאָזיקן עמק־הבכא פון פּיין און אומקום, ווי אַ קהילה, אין וועלכער עס שפּרודלט מיט לעבן, אַרבעט און באַוועגונג.

אין נומער 5 „געטאָ־צייטונג" פונעם 5־טן אַפּריל 1941, אין אַ רעפּאָר־

**טאָזש א. נ. „דער באַלוטער מאַרק, דער הויפּט־נערוו פונעם געטאָ, איינדרוקן און רעפלעקסן", ווערט אַזוי באַשריבן דער דאָזיקער שטח, ווו ס'האָט זיך קאָנ־צענטרירט די הויפּט־טעטיקייט פון רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט:**

„דער באַלוטער מאַרק רוט נישט, ווי דער סמבטיון. דאָרט רוישט אומ־אויפהערלעך פון די פריסטע ביז די שפּעטסטע שעה'ן. דער גאַנצער געטאָ־אַפּאַראַט איז דאָרט קאָנצענטרירט. פון דאָרט גייען אַרויס אַלע באַקאַנטמאַכונגען און פאַראָרדנונגען, וואָס רעגולירן דאָס לעבן פונעם גאַנצן געטאָ־כלל און פון דעם פרט.

„אַ גאַנצער שטאָב פון מענטשן זענען דאָרט באַשעפטיקט און איבער אַלץ און אַלעם וואַכט דאָס תמיד־אָפענע אויג און דער טראַכטנדיקער קאָפּ פון פּרעזעס רומקאָווסקי. די אַרבעט גייט דאָרט אָן מיט דעם שנעלסטן טעמפּאָ, און זי שטיצט זיך אויף דעם מוסטער פון דער אַרבעט פונעם פּרעזעס גופא.

„אין זיין באַשיידענעם קאַבינעט־צימער זיצט פון אינדערפרי אָן דער פּרעזעסביים שרייב־טיש, שטודירט גרינטלעך יעדן דאָקומענט. — — — ער דעצידירט, ווי זיין שטייגער, שנעל, אָבער דאָך אַלזייטיק דורכגעטראַכט. ער ווייסט גענוי, וואָס עס טוט זיך צו יעדער צייט אין זיינע פאַבריקן, ווערקשטעלן, אַמטן, אָפּטיילן אדג"ל. קוים באַמערקט ער, אַז ערגעץ־ווו קלאַפּט די אַרבעט נישט ווי געהעריק, איז גענוג אַ קלונג צו די באַטרעפנדע אָנפירער אָדער באַאַמטע און דעמאָלט — — —"

**דער רעפּאָרטאַזש פאַרענדיקט זיך מיט אַזאַ באַשרייבונג:**

„אין באַגלייט פון אָרדנונגסדינסט־מענער ווערן די אָנגעלאָדענע וועגן און אויטאָס איבערגעשיקט אין די ספּעציעלע אַפּראָוויזאַציע־ און ירקות־לאַגערן. די באַוועגונג אויפן פּלאַץ איז אומגעהויער גרויס: ס'רוישט דאָרט תמיד ,ווי אין אַ בינשטאָק. ס'סקריפּען אומאויפהערלעך די וועגן, ס'קנאַלן בייטשן, און דאָס גערויש פון די אויטאָס פאַרהילכט די אויערן. די טרעגערס שטייען גרייט מיט זייערע אונטערגעשטעלטע פּלייצעס אויף יעדן רוף.

לעצטנס איז אין מאַרישין פאַרלייגט געוואָרן אַ ספּעציעלע באַן־ליניע, וואָס שטעלט צו פאַרן געטאָ דעם גרעסטן טייל פּראָדוקטן".[518]

**אין דעם נוסח זענען אין דער „געטאָ־צייטונג" געשריבן אַלע אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער טעטיקייט פונעם יודענעלטעסטען, אָדער צו זיינע רעסאָרטן. מיט דער אויבנדערמאָנטער ספּעציעלער באַן־ליניע אין מאַרישין וועלן אין עטלעכע חדשים אַרום אָפּגיין טראַנספּאָרטן מיט יידן אין טויטן־לאַגער, נאָר וועגן דעם טראַכט נישט דער „פּרעזעס" און זיין הויף־קליקע. דער גאַנצער צאָרן פון רומקאָווסקין ווערט דורך דער פּען פון רעדאַק־**

טאַר ראָזענשטיין אויסגעגאָסן אויף די „פֿאַרברעכער", אויף די „הפקר־מענטשן". דאָס זענען יענע אומגליקלעכע געטאָ־איינוווינער, אַרבעטער און סתם אָרעמע־לייט „זאַשילקאָווצעס", וואָס לעבן פֿון דער נישטיקער געטאָ־שטיצע און נעמען אַמאָל אַהיים אַ שטיקל האָלץ־אָפּפֿאַל פֿון די טישלער־וואַרשטאַטן צו דער־וואַרעמען די פֿאַרפֿרוירענע און פֿאַרהונגערטע שטוב, אָדער דערלויבן זיך פֿון די גרינצייג־פּלעצער צו נעמען אַ מייערל, אַ קאַרטאָפֿל פֿאַר זייערע הונגעריקע קינדער. זיי ווערן געמשפּט „בכל חומר הדין". דאַקעגן־זשע אין דער „געטאָ־צייטונג" ווערן אינגאַנצן געדעקט די כלעריי מיסברויכן, וואָס קומען פֿאָר אין אַפּראָוויזאַציע־אַמט, ווו עס זיצן רומקאָווסקיס פֿאַרטרויאונגס־מענטשן. י. טאַ־באַקסבלאַט האָט געשריבן אין זיינע זכרונות: „ווען מען האָט אַרעסטירט און געשלאָגן ביז בלוט, אַרויסגעשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט מענטשן, ווען עמענס חטא איז באַשטאַנען אין אַראָפּכאַפּן פֿון אַ וואָגן אַ קאַרטאָפֿל אָדער אַ שטיקל קויל, האָט מען די גאַנצע כאַליאַסטרע פֿון דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג באַשאָנקען מיט כבוד און טאַלאָנען און געלאָזט זיי הוליען אויף וואָס די וועלט שטייט".[519]

## ב. די טעטיקייט פֿון געטאָ־געריכט און שנעל־געריכט

ווען עס איז אין אָנהויב 1941 אָרגאַניזירט געוואָרן דאָס געטאָ־געריכט, האָט עס אָפּגעהאַלטן זיינע נאָרמאַלע זיצונגען און געמשפּט, ווי שוין דערמאָנט, לויטן פּוילישן שטראָף־קאָדעקס. אין געטאָ זענען בכלל נישט געווען קיין שווערע פֿאַרברעכנס. עס זענען כמעט נישט פֿאָרגעקומען קיין מאָרדן (געווען צוויי פֿאַלן אין יאָר 1941). עס זענען כמעט נישט געווען קיין פּריוואַטע גנבות אָדער איינברוכן. די הויפּט־עבירות קעגן דער געזעצלעכקייט זענען נאָר באַשטאַנען אין „העלפֿן" זיך צו באַקומען עפּעס שפּייז אָדער באַהייצונג. דער מוראַדיקער הונגער און קעלט אין ווינטער 1941 האָט פֿאַרמערט די צאָל פֿון די דאָזיקע „פֿאַרברעכער".

ווען רומקאָווסקי איז געוואָרן דער „אַליינהערשער" אין געטאָ, האָט ער גענומען אויסאיבן זיין דרוק אויך אויף דעם געטאָ־געריכט. ער איז נישט געווען צופֿרידן פֿון די ריכטער, וואָס גיבן אַרויס צו לייכטע אורטיילן. אויף אַ גע־שלאָסענער זיצונג פֿון געריכט האָט רומקאָווסקי פֿאָרגעוואָרפֿן די ריכטער, אַז זיי האָבן נישט קיין פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער צייט. זיי באַנוצן זיך מיט אַ פֿאַרשלעפּטער פּראָצעדור און די פֿאַרברעכער דרייען זיך אַרום אויף דער פֿריי. רומקאָווסקי האָט דעריבער אַרויסגעגעבן אַ פֿאַראָרדנונג צו שאַפֿן אַ שנעל־געריכט, וואָס וועט משפּטן די „פֿאַרברעכער". אַ געריכט אָן אַדוואָקאַטן און אָן פּראָקוראָרן. רומקאָווסקי האָט אַליין נאָמינירט צוויי ריכטער־קאָמפּלעטן, איינעם אונטערן פֿאָרזיץ פֿון אַדוו. נאַפּטאַלין און דער צווייטער האָט געהאַט אַלס

פאָרזיצער דעם ריכטער בראַנאַווסקי. די שנעל־געריכטן האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט דעם 15־טן מערץ 1941, אין דער צייט פון דעם שטאַרקסטן הונגער און קעלט אין געטאָ. אַדוו. ה. וואָלקאָוויטש, וועלכער איז אַלס פּראָטאָקאָלאַנט געווען אָנוועזנד בעת אַזאַ געריכטס־פאַרהאַנדלונג, האָט אין זיין גבית־עדות אַזוי געשילדערט דעם פאַרלויף פון אַ פּראָצעס:

עס זענען געמשפּט געוואָרן 3 שניידערס, וואָס האָבן געאַרבעט אין שניידער־רעסאָרט. בעת אַ רעוויזיע האָט מען ביי זיי געפונען: ביי איינעם — אַ שפּאָלעכל גאָרן, ביים צווייטן — אַ שטיקל „פּאָדשעווקע״ און ביים דריטן — אַ ביסל האָלץ־קוילן. פאָרזיצער פון געריכט איז געווען בראַנאָווסקי. בעת די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געפונען אין זאַל: רומקאָווסקי, פאַר וועמען עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ ספּעציעלער שטול. ד״ר ל. שיקער, פּאָליציי־קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט, תפיסה־קאָמענדאַנט הערצבערג, פּאָליציי־לייט, קאָמיסאַרן. אַלע אין אוניפאָרמען. דער דאָזיקער „פּאַראַד״ אויפן פּראָצעס פון די דריי שניידער האָט געהאַט זיין סיבה: עס איז געווען דער ערשטער משפט פונעם „שנעל־געריכט״.

די אָנגעקלאָגטע האָבן זיך פאַרטיידיקט, אַז צוליב דעם קליינעם גע־האַלט אין רעסאָרט קאָנען זיי נישט דערנערן זייערע משפחות. די קינדער הונגערן. די שניידער האָבן דעריבער געמוזט צופאַרדינען ביי פּריוואַטער אַרבעט, און אַזוי ווי מ׳קריגט נישט געקויפט קיין שניידער־צודאַטן, האָבן זיי גענומען אין רעסאָרט. די אויספאָרשונג פון די אָנגעקלאָגטע האָט געפירט רומקאָווסקי אַליין. דאָס איז געווען אַ פאַרהער וועגן פּאָליטישע מעשים פון די אָנגעקלאָגטע. רומקאָווסקי האָט זיי געפאָרשט: צי זיי געהערן צום אומלעגאַלן שניידער־פאַריין, צי זיי גיבן אַן אָפּצאָל פאַר דעם פונקציאָנאַר „בלינדער כיל״ (יחיאל הערשקאָרן, אַ קאָמוניסטישער טוער אין געטאָ). ווען די אָנגעקלאָגטע האָבן אָפּגעלייקנט, האָט רומקאָווסקי גענומען אויף זיי שרייען און באַליידיקן. די דריי שניידער זענען פאַרמשפּט געוואָרן צו דריי חדשים תפיסה יעדער.

ענלעכע פּראָצעסן זענען אין שנעל־געריכט פאָרגעקומען אין די הונ־דערטער. די נעמען פון די פאַרמשפּטע זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „געטאָ־צייטונג״. אומעטום האָט זיך געהאַנדלט אין אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ שטיקל האָלץ אָדער קוילן. די שטראָפן זענען געווען פון דריי ביז זעקס חדשים תפיסה. די פאַרורטיילטע זענען איינגעזעצט געוואָרן אין דער תפיסה אויף טשאַרניעצקי גאַס. דאָרט זענען זיי געפייניקט געוואָרן דורכן תפיסה־קאָמענדאַנט שלום הערצבערג און ביים נאָענטסטן טראַנספּאָרט זענען זיי אָפּגעשיקט געוואָרן אין די דייטשע פּייניקונגס־ און טויט־לאַגערן און דאָרט אומגעקומען. די דאָזיקע פאַרברעכער, וועלכע זענען געווען רעגיסטרירט אין אַ ספּעציעלער קאַרטאָטעקע,

זענען אויך געווען די ערשטע, שוין נאָכן אָפּקומען די שטראָף, אַרויסגעשיקט צו ווערן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.

דאָס שנעל־געריכט איז דורך רומקאָווסקין אויפגעלעזט געוואָרן דעם 1־טן יולי 1941 און ער אַליין איז געוואָרן דער שופט. ער האָט אַרויסגעגעבן „אַדמיניסטראַטיווע שטראָפן". פאַר דער ליקווידאַציע פונעם שנעל־געריכט האָט רומקאָווסקי באַזייטיקט פון געריכטס־וועזן דעם אַדוואָקאַט בראָנאָווסקי. די סיבה פון זיין ירידה איז נישט אויפגעקלערט געוואָרן. ס. בראָנאָווסקי איז ביז דער באַזייטיקונג געווען דער פאַרטרויאונגס־מענטש פון רומקאָווסקין.[520]

## ג. דער צווייטער פסח אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט

רומקאָווסקיס „אַליינהערשאַפט", זיין „פּאָליציייאישע מלוכה" האָבן נישט געקאָנט פאַרלייכטערן דאָס טרויעריקע לעבן פון די געטאָ־יידן. די דייטשע מאַכט, אין דער פּערזאָן פון האַנס ביבאָוו, האָט קאָנסעקווענט און צילבאַוווסט דורכגעפירט דעם היידריך־פּלאַן פון יידן־אויסראָטונג, דערווייל — אויף דעם עטאַפּ איז דורכגעפירט געוואָרן: דאָס באַרויבן די לעצטע יידישע פאַרמעגנס, אויסנוצן אויפן גרויזאַמסטן אופן די יידישע אַרבעטס־קרעפטן און אויסהונגערן. מיט די דאָזיקע מיטלען האָט די דייטשע מאַכט געוואָלט צעברעכן דעם מוט און ווידערשטאַנדס־קראַפט פון דער געטאָ־באַפעלקערונג און צוגרייטן זי צו דער „ענדלעזונג" — פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון יידן.

אין די ווינטער־חדשים 1941 האָט דאָס ליטצמאַנשטאַטער געטאָ אומ־אויפהערלעך געהונגערט. דערגרייכן אַ ביסל עסן איז געווען די העכסטע שטרע־בונג פון די אָרעמע און אַרבעטנדיקע שיכטן אין געטאָ. ביי דעם דאָזיקן הונגער־צושטאַנד האָט מען זיך גענומען גרייטן צום יום־טוב פסח.

רומקאָווסקי האָט אויסגעפּועלט ביי די דייטשן די דערלויבעניש צו באַקן מצות פון קאָרן־מעל. בעתן באַקן די מצות איז געקומען צו אַ סכסוך צווישן די בעקער־מייסטער און די געזעלן. דער יודענעלטעסטער האָט זיך גע־שטעלט אויף דער זייט פון די אַרבעטער און געצוווּנגען די בעקער־מייסטער נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון די אַרבעטער. עס איז געוואַקסן רומקאָווסקיס צָנזען ביי די אַרבעטער. די בעקער־געזעלן האָבן אים צוגעשיקט אַ דאַנק־בריוו אונטערגעשריבן פון אַלע בעקער־אַרבעטער,[521] וואָס עס האָט ווידער שטאַרק געהויבן זיין פּרעסטיזש.

רומקאָווסקי האָט זיך שטאַרק באַמיט, אַז דער צווייטער פסח אין געטאָ זאָל האָבן אַ יום־טוב־דיקן אויסזען. די „געטאָ־צייטונג" האָט „אין הסכם מיטן רוף פון פּרעזעס אַפּעלירט צו אַלע", זיי זאָלן רייניקן די שטובן און די מלבושים אויף פּסח. אויך „האָט דער פּרעזעס באַשלאָסן" צו לאָזן אין גאַנג דריי גרויסע

שטרענג כשרע קיכן, וואָס וועלן זיין טעטיק גאַנץ פּסח. עס זענען געווען טעטיק אין געטאָ „פּריוואַטע רעסטאָראַנען", ווו יעדער האָט געקאָנט אַריינטראָגן זיינע יום־טוב־באַשפּייזונגס־קאַרטן און אויף די געהעריקע קופּאָנען באַקומען געקאָכטע פּסחדיקע מאכלים. אַזעלכע „רעסטאָראַנען" זענען געשאַפֿן געוואָרן אין די וווינונגען, וועמענס באַלעבאַטים האָבן געהאַט גאַז־קיכן, וואָס זענען אין געטאָ געווען אַ שטיקל פּרנסה. קיין האָלץ און קוילן צום ברענען איז נישט געווען און ממילא איז נישט געווען מיט וואָס צו קאָכן. די אייגנטימער פֿון גאַז־קיכן (גאַז האָט מען באַקומען פֿון דער שטאָטישער גאַז־איינריכטונג, וואָס האָט געהאַט אַן אָפּטיילונג אין געטאָ) האָבן פֿאַר אַ באַשטימטן אָפּצאָל דערלויבט אויך צוצושטעלן אַ טעפּל.[521א] אָט אַזעלכע אייגנטימער פֿון גאַז־איינריכטונג האָבן ביי זיך איינגעאָרדנט „רעסטאָראַנען" אויף פּסח, וועלכע זענען אָפֿיציעל אָנערקענט געוואָרן דורכן „פּרעזעס". זיי ווערן דערמאָנט אין די באַקאַנטמאַכונגען וועגן אופֿן פֿון איינאָרדנען די פּסח־באַשפּייזונג. פֿון רומקאָווסקיס באַקאַנטמאַכונג נומ' 241 דערוווסט מען זיך, וואָס פֿאַר אַ שפּייז־צוטייל די יידן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט האָבן באַקומען אויף די 8 טעג פּסח (9 טעג) אין יאָר תש"א, 1941. אויף קופּאָן נומ' 70 האָט מען באַקומען:

100 גר' זאַלץ
50 „ קאַרטאָפֿל־מעל
10 „ ציטרין־זויער
20 „ מאָן־אייל
1 קילאָ מייערן
$1\frac{1}{2}$ „ קאלריבן
$\frac{1}{2}$ „ בוראַקעס
קופּאָן 71:
200 גר' צוקער
50 „ קאַרטאָפֿל־מעל
100 „ זאַלץ
5 „ ציטרין־זויער

10 גר' טיי־סאָדע
20 „ מאָן־אייל
250 „ סאָדע
80 „ פֿיש
250 „ קאָנסערווירטע קאלריבן
1 קילאָ מייערן
2 „ קאלריבן
$\frac{1}{2}$ „ בוראַקעס
$\frac{1}{2}$ „ קאָנסערווירטע בוראַקעס
30 סאַכאַרין־טאַבלעטן
200 גר' רעטעך
30 „ ציבל

ביידע ראַציעס, וואָס זענען צוזאַמען אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם 7־טן אַפּריל 1941, האָבן באַטראָפֿן 5,39 ר"מ. אַ חוץ דער שפּייז־צוטיילונג האָט אויך יעדער געטאָ־ייד באַקומען $2\frac{1}{2}$ קילאָ מצות אויף 8 טעג פּסח צום פּרייז פֿון 3,25 ר"מ.

פֿון דער דאָזיקער „יום־טוב צוטיילונג" קאָן מען זען אין וואָס פֿאַר אַ שרעקלעכן הונגער־מצב די דייטשן האָבן אַריינגעוואָרפֿן די יידן פֿון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ. נישט אַלע פּראָדוקטן האָט מען געקאָנט גלייך באַנוצן.

לויט די אָנווייזונגען אין דער „געטאָ־צייטונג" האָט מען די פיש געמוזט ווייקן אין וואַסער 3 טעג און יעדן טאָג טוישן דאָס וואַסער. אויך די קאָנ־סערווירטע „קאַלריבן" האָבן געמוזט דורכגיין אַ געוויסע פּראָצעדור פון ווייקן אין וואַסער. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ טעם עס האָט געהאַט די שפּייז, וואָס די דייטשן האָבן צוגעשטעלט פאַרן הונגער־ליידנדן געטאָ. קאַרטאָפל, פלייש, וווּרשט, מאַרגאַרין און פּוטער, וואָס האָט לויט דער דייטשער באַשפּייזונגס־נאָרמע געדאַרפט צוגעטיילט ווערן דעם געטאָ, זענען נישט אָנגע־קומען. דער ראַבינאַט אין געטאָ האָט אַרויסגעגעבן זיין „כשר לפסח" אויף מאַרגאַרין, קרישטאָל־סאַכאַרין און קאָנסערווירטע „קאַלריבן".

ווי עס איז צו זען פון רומקאָווסקיס „באַקאַנטמאַכונג נומ׳ 242 האָט מען אויך געקאָנט באַקומען ברויט אויף דער באַשפּייזונגס־קאַרטע. ברויט אנשטאט מצות אין פּסח. אין דער באַקאַנטמאַכונג זאָגט זיך: „דאָנערשטיק, דעם 10־טן אַפּריל, וועט אויף דעם קופּאָן נומ׳ 1 פון דער ברויט־קאַרטע, אַרויסגעגעבן ווערן ברויט אויף 4 טעג, ד.ה. אויפן 12, 13, 14 און 15־טן אַפּריל. אויף די ווייטערדיקע 4 טעג, ד.ה. אויפן 16, 17, 18 און 19־טן אַפּריל, וועט אַרויסגעגעבן ווערן ברויט אויף קופּאָן נומ׳ 2". די פּסח־טעג זענען געווען פון 12־טן ביזן 20־טן אַפּריל.

אַ געוויסער טייל פון די אָרעמע געטאָ־איינוווינער, מיטן אויסנאַם פון פרומע יידן, האָבן זיך באַנוצט מיט דער „פּריווילעגיע" און אויסגעקויפט די ברויט־פּאַרציעס אנשטאט מצה. דאָס באַווייזט דער פאַקט, אַז אַ באַדייטנדע צאָל מצה־פּאַרציעס זענען נישט פאַרטיילט געוואָרן און אויפן באַפעל פון רומקאָווסקין זענען זיי אין חול־המועד פאַרקויפט געוואָרן צו אָפּיציעלע פּרייזן צו די אַרבעטער אין די רעסאָרטן, וואָס האָבן שוין געהאַט אָפּגענומען זייערע באַשפּייזונגס־פּאַרציעס. די דאָזיקע פאַקטן האָט באַשריבן דוד שעראַ־קאָוויאַק אין זיין „טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ" פון יאָר 1941. ער האָט געשריבן:

„מאָנטיק, דעם 7־טן אַפּריל.

מ׳ווייסט שוין וויפל עס וועלן קאָסטן די מצות. 2 און אַ האַלבן קילאָ מצות (אַ צוטיילונג פאַר 1 פּערזאָן אויף 8 טעג פּסח) וועט קאָסטן 3 מאַרק מיט 25 פּעניק. און דאָס איז דאָך נאָר קאָרן־מעל. נאַטירלעך, אַז מיר וועלן אויף יום־טוב נעמען נאָר ברויט, טראָץ דעם, וואָס די מאַמע, צוליב סענטי־מענטאַל־רעליגיעזע סיבות, וואָלט געוואָלט עסן נאָר מצה, אָבער דאָס גלייכט זיך נישט מיטן בודזשעט פון אַ שוואַרצן אַרבעטער. איבעריקנס, דאָס ברויט פאַרקויפן מיר אויך, כדי צו קאָנען אויסקויפן דעם באַשפּייזונגס־צוטייל. ווי עס זאָל נישט זיין, דער יום־טוב־הונגער וועט זיין גלייך צום טאָג־טעגלעכן."

יאָ, עס איז געווען אַ טרויעריקער יום־טוב פסח תש״א. דער צווייטער פסח אין לאָדזשער געטאָ. אַ חוץ דעם הונגער און דער קעלט, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו פּייניקן, האָט כמעט אין יעדער געטאָ־שטוב געשאַטנט אַן אבל־טרויער נאָך אייגענע און נאָענטע, וואָס זענען דורך אַ גוואַלט־טויט אַרויס־געריסן געוואָרן פון משפּחה־קרייז: דערשאָסענע, אויסגעגאַנגענע פון הונגער, פון עפּידעמישע קראַנקייטן. מ׳האָט געזיפצט איבער די לעבעדיק־צוגענומענע פון דער היים, אַוועקגעשיקטע ערגעץ אויף אַרבעט: „ווער ווייסט צי זיי לעבן נאָך, צי האָט זיי דער דייטש נישט פאַרפּייניקט״.

פון ערשטן ביזן צווייטן פסח זענען אין געטאָ געשטאָרבן קרוב 10 טויזנט פּערזאָן. פון געטאָ זענען אַרויס קרוב 3000 פּערזאָן.

ביי די אַלע צרות, ביי דעם גאַנצן פּיינלעכן לעבן האָט מען אין די באַלוטער געטאָ־שטובן אָפּגעריכט דעם „סדר״. שטיל, באַהאַלטן, ווי אַמאָל אין שפּאַניע, האָט דער ראש פון דער משפּחה דערציילט די נסים פון יציאת מצרים. ביי פרומע יידן האָט געפלאַטערט די האָפענונג, אַז אַזוי ווי פרעה האָט געהאַט דעם סוף, אַזוי וועט אויך קומען דער סוף אויף היטלערן. יעדער אין געטאָ האָט געלעבט מיט דער דאָזיקער האָפנונג, אַז דאָס בייזע דייטשע שלעכטס וועט פאַרשווינדן — יעדער אויף זיין שטייגער אין הסכם מיט זיין אידעאָלאָגישער איינשטעלונג.

בייטאָג האָט זיך אין די געטאָ־גאַסן נישט אָנגעזען דער יום־טוב פסח. דוד שעראַקאָוויאַק האָט דעם 12־טן אַפּריל 1941 אַזוי פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך:

„היינט איז דער ערשטער טאָג פסח. קיין אַרבעט איז נישטאָ, ווייל עס איז שבת, אָבער קיין יום־טוב איז אָפיציעל אויך נישטאָ צוליב דער אויפזיכט פון דרויסן. דער יום־טוב איז אויך פאַקטיש נישט פאַראַנען. דאָס זעלבע עסן וואָס פריער און דער זעלבער הונגער ווי שטענדיק. עס איז ווייטער כסדר קאַלט״.

אונטער דער דאַטע פון 17־טן אַפּריל (חול־המועד פסח, 1941) האָט שעראַ־קאָוויאַק געשריבן:

„צוליב דעם, וואָס עס איז געבליבן אַ סך מצות האָט רומקאָווסקי באַ־שלאָסן צו מאַכן אַ „פריידע״ [פון וואָרט פרייד] די אַרבעטער און די גמינע־באַאַמטע און געבן יעדן אַרבעטער אַ פּעקל מצות צום נאָמינעלן פּרייז — 3,25 רייכסמאַרק. דער פאָטער האָט ביי זיך אויפן פּלאַץ (וווּ ער האָט געאַרבעט) באַקומען אַ פּעקל מצות און איך ביי זיך אויך איינס. די מצות האָבן מיר פאַרקויפט פאַר 11 רייכסמאַרק. אַזעלכע געשעפטן קאָן מען מאַכן אין געטאָ. די מצות זענען האַרט און טונקעלער ווי די ווייצענע, אָבער ביי אונדזערע אויסגעהונגערטקייט זענען זיי פּשוט וווּנדערלעך.״

לכבוד פסח האָט דער „פּרעזעס" פאַרעפנטלעכט אַן אַמנעסטיע פאַר די אַרעסטירטע און די אַרעסטאַנטן, וואָס זענען נישט אַרונטערגעפאַלן דער אַמנעסטיע האָבן באַקומען אַ פּסח־אורלויב.[522]

## ד. וווּקס פון די אונטערנעמונגען (רעסאָרטן) און פון דער צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער

פון אָנהויב יאַנואַר 1941 און ווייטער, פאַרגרעסערט זיך כסדר די צאָל פון פאַבריקן און וואַרשטאַטן אין געטאָ און אַלץ נייע שיכטן אַרבעטער באַקומען באַשעפטיקונג. די פּראָדוקציע פון די פאַרהונגערטע יידן פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגענוצט פאַר דער דייטשער קריגס־אינדוסטריע. דעם פּרינציפּ, אַז „דאָס געטאָ קאָן עקזיסטירן נאָר דורך אַרבעטן פאַר די דייטשן" — האָט רומקאָווסקי שטאַרק אָפּגעהיט און מיט זיין גאַנצער עקשנות אים דורכגעפירט אין לעבן. אים צוהילף איז אויך געקומען האַנס ביבאָוו, וועלכער, ווי שוין דערמאָנט, איז געווען פאַרזענלעך פאַרינטערעסירט אין דעם וווּקס פון דער פּראָדוקציע פון די געטאָ־יידן.

דער גרעסטער טייל פון דער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס ווערט אין יאָר 1941 געפירט צווישן האַנס ביבאָוו און מרדכי חיים רומקאָווסקי פאַרנעמט זיך מיט דער פראַגע פון פאַרגרעסערן און פאַרברייטערן די פאַבריקן און וואַרשטאַטן אין געטאָ. דער עיקר האַנדלט זיך וועגן באַקומען די נויטיקע מאַשינען און פאַבריקס־איינריכטונגען. פיל פון זיי געפינען זיך אין געטאָ אונטער דער אויפזיכט פון די „טרויהענדער". ביבאָוו באַמיט זיך צו באַזייטיקן די „טרויהענדער" און אַליין צו ווערן דער באַלעבאָס איבער די פאַרבליבענע יידישע פאַבריקס־איינריכטונגען אין געטאָ. דער אַמטס־לייטער האָט אין דעם פאַל אַ גוטן פאַרבינדעטן אין יודענעלטעסטען, וועלכער אינפאָרמירט דעם דייטש וועגן די פאַבריקן, רוי־מאַטעריאַל און מאַשינען, וואָס געפינען זיך אין געטאָ און וואָס דאַרפן אויסגענוצט ווערן פאַר דער געטאָ־פּראָדוקציע.

אין יאַנואַר 1941 מעלדעט רומקאָווסקי ביבאָוון, אַז אין געטאָ זענען פאַראַן זאָקן־ און טריקאָטאַזש־אַרבעטער און אין ליטצמאַנשטאַט זענען דאָ דייטשע פירמען (לאָדזשער תושבים), וועלכע נויטיקן זיך אין אַזעלכע אַרבעטער. צו דעם בריוו איז בייגעלייגט אַ רשימה פון די דייטשע פירמען. אַן ענלעכע מיטיילונג שיקט רומקאָווסקי צו ביבאָוון וועגן דער פּראָדוקציע פון קינדער־קאָנפעקציע, וואָס ווערט אויסגעאַרבעט אין געטאָ און אין וועלכער עס נויטיקן זיך דייטשע געשעפטן. אויך צו דער מיטיילונג איז בייגעלייגט אַ רשימה פון די דייטשע פירמען אין ליטצמאַנשטאַט, וואָס קאָנען ווערן אָפּנעמער פון דער געטאָ־פּראָדוקציע.

אויף די דאָזיקע בריוו פון רומקאָווסקין ענטפערט ביבאָוו, אַז ער האָט זיך געוואָנדן צו די דייטשע פירמען וועגן געבן אַרבעט אין געטאָ, „ווייל עס מוז זיך אַליין אויסהאַלטן".[523]

רומקאָווסקי האָט געמאַכט שטאַרקע באַמיאונגען אויפצולעבן אין געטאָ די טעקסטיל־אינדוסטריע, וועלכע ער האָט גוט געקענט און וואָס האָט פאַר־נומען אַ וואַגיק אָרט אין דער פאַרמלחמהדיקער יידישערווירטשאַפטלעכער טעטיקייט אין לאָדזש. נאָך אין פעברואַר 1941 האָט רומקאָווסקי זיך געווענדעט צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג וועגן אויפשטעלן טעקסטיל־פאַבריקן אין געטאָ און אינפאָרמירט, אַז אין קאַשובס פאַבריק * איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אָפּטיי־לונג פאַר טעקסטיל־פאַבריקאַציע און דאָרט געפינען זיך: 3,464 ק"ג רוי־מאַטעריאַלן און 1,500 ק"ג אָפּפאַל, וואָס ער, רומקאָווסקי, נעמט עס איבער צו באַאַרבעטן.

אין משך פון אַ חודש צייט האָבן זיך געפירט די אונטערהאַנדלונגען צווישן רומקאָווסקין און דער געטאָ־פאַרוואַלטונג. רומקאָווסקי האָט צוגעשטעלט אַ פּלאַן וועגן אויפשטעלן אין געטאָ טעקסטיל־פאַבריקן און דאַביי האָט ער געבעטן, אַז די געטאָ־פאַרוואַלטונג זאָל אים אַרויסגעבן 2000 ק"ג רוי־וואָל, כדי „אין פאַרבינדונג מיט 8000 ק"ג שמאַטעס צו פאַבריצירן 9000 ק"ג שטרייך־גאַרן.

וועגן דעם ענין זענען פאָרגעקומען פאַרהאַנדלונגען צווישן דער געטאָ־פאַרוואַלטונג און דעם לייטער פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין ליטצמאַנ־שטאָט — ד"ר מאַכע, דער פאַרטרעטער פון דער פאַרבינדונגס־שטעל פון די „רייכסטעקסטילשטעללען". אין רעזולטאַט פון די אונטערהאַנדלונגען איז אויפ־געשטעלט געוואָרן אַן „אַקטעננאָטיץ", אין וועלכער עס זענען פאַרשריבן אַלע מאָטיוון פאַר און קעגן. דער אויספיר איז: מ'דאַרף אויפשטעלן אין געטאָ אַ וועבעריי און שפּינעריי, אויב די יידן זענען בכוח צוצושטעלן דעם געהעריקן קוואַנטום שמאַטעס. רומקאָווסקי האָט געגעבן אַזאַ פאַרזיכערונג און דעם 9־טן מאַי 1941 זענען דעם געטאָ צוגעשטעלט געוואָרן 4100 ק"ג רויוואָל (צעללוואָללע).

האַנס ביבאָוו האָט זיך תיכף געוואָנדן צו רומקאָווסקין, אַז ער זאָל צואיילן דאָס אויסבויען פון דער וועבעריי. דערויף האָט דער יודענעלטעסטער געענטפערט, אַז עס ווערן כסדר צוגעשטעלט נייע וועב־שטולן, די אַלטע ווערן רעמאָנטירט און ווי לאַנג עס איז נישטאָ קיין גאַרן, קאָנען נישט אַרבעטן די וועבערייען. מ'מוז צוואַרטן ביז די שפּינעריי וועט געלאָזט ווערן אין גאַנג.

* קאַשוב — אַ יידישער טעקסטיל־אינדוסטריעלער, אַן אייגנטימער פון שפּינערייען און וועבערייען אין לאָדזש.

ביבאָוו האָט זיך נישט באַפרידיקט מיט דער דערקלערונג און געפאָדערט פון רומ־קאָווסקין אַ גענויעם באַריכט. לסוף איז אין געטאָ געשאַפן געוואָרן אַ שפּינערײַ און וועבערײַ, וועלכע האָבן אין יוני 1941 געהאַט אין זייער רשות: 2 זאַץ שפּינדלען (600 שפּינדלען), 2 וואַטע־גרעמפּלען, 17 ענגלישע און קאַרטוועב־שטולן, 2 זײַדוועב־שטולן, 1 צווירנמאַשין, 1 וואַלרײַסער, 2 ביינוול־רײַסער.[524]

אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן רומקאָווסקי — ביבאָוו אָדער געטאָ־פאַרוואַלטונג וועגן אויסברייטערן די פאַראַנענע געטאָ־אונטערנעמונגען און פאַרגרעסערן זייער צאָל, פאַרנעמט, ווי שוין דערמאָנט, אַ וואַגיק אָרט די פראַגע וועגן מאַשינען און פאַבריקס־איינריכטונגען, וואָס זענען געבליבן אין געטאָ און האָבן אַמאָל געהערט צו יידישע אינדוסטריעלער. די ליטצמאַנשטאַטער אָפּטיילונג פון דער „הויפּטטרויהאַנדשטעללע, אָסט", וואָס האָט די אַלע יידישע פאַבריקס־איינריכטונגען געהאַט אונטער איר אויפזיכט, האָט אין יאָר 1941 זיך דערמאָנט אין זיי און פאַרלאַנגט פון ביבאָוון, עווענטועל פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, אַז די מאַשינען און פאַבריקס־איינריכטונגען זאָלן אַרויסגעגעבן ווערן דער „ה.ט.א.". ביבאָוו, וועלכער האָט באַטראַכט דאָס געטאָ ווי זיין אייגנטום, האָט נישט געהאַט קיין חשק אָפּצוגעבן די „טרויהענדער" דאָס יידישע פאַרמעגן, ער האָט אָבער אויך נישט געקאָנט זיך קעגנשטעלן גערינגס פאַר־אָרדנונגען וועגן קאָנפיסקאַציע פון יידישן באַזיץ, וואָס דאַרף איבערגענומען ווערן דורך גערינגס „טרויהאַנדשטעללע". אין זיין קאַמף קעגן די „טרויהענדער" האָט זיך ביבאָוו גענומען צוהילף דעם יודנעלטעסטען און אים פּשוט געלייגט אין מויל אַריין די טענות, וואָס ער דאַרף אַרויסרוקן קעגן אָפּגעבן די „טרוי־הענדער" די מאַשינען און פאַבריקס־איינריכטונגען, וועלכע געפינען זיך אין געטאָ.

אין אַ בריוו פון 10.3.1941 שרייבט ביבאָוו צו רומקאָווסקין: לויט די באַריכטן פון נאַטשאַלניק פון דער „הויפּטטרויהאַנדשטעללע, אָסט" — ה' אַרצט, איז אין דער צווישנצייט אַריינגעטרעטן אַן ענדערונג און דעריבער דאַרף אויפגעשטעלט ווערן אַ רשימה פון די פאַרחתמעטע אונטערנעמונגען אין געטאָ, מיט וואָס פאַראַ פאַבריקאַציע האָבן זיי זיך פאַרנומען און צי די מאַשינען קאָנען אין געטאָ גענוצט ווערן.

אַלס ענטפער אויף דעם בריוו, האָט רומקאָווסקי צוגעשיקט ביבאָוון פאָלגנדע רשימה פון יידישע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען פאַרחתמעט גע־וואָרן דורך די „טרויהענדער":

| פירמע | אַרט פון אונטערנעמונג |
|---|---|
| ראָטבאָרד | זאָקן־פאַבריק |
| ענגעלקא | " " |
| הערץ מענדעל | " " |
| וואַרטסקי | " " |
| כאַימאָוויטש | " " |
| " | גערשטנמיל |
| " | אייל־פאַבריק |
| " | זאָקן־פאַרמירעריי |
| | 2 אונטערנעמונגען פון אומבאַשטימטן כאַראַקטער |
| קאַשוב | שמאַטעס־אָפּפאַל |
| ווידאָווסקי.[525] | זייף־פאַבריק |

ווי עס איז צו זען פון דער וויטערדיקער קאָרעספּאָנדענץ רומקאָוו־סקי—ביבאָו, האָט דער יודענעלטעסטער נישט אַרויפגעשטעלט אויף דער רשימה אַלע פאַרחתמעטע אונטערנעמונגען, וואָס זענען געווען אין געטאָ. אין אַ בריוו פון 9־טן אַפּריל שרייבט רומקאָווסקי צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, אַז אין געטאָ געפינען זיך 35 רונד־מאַשינען פאַר טריקאָטאַזש־אויסאַרבעטונג. „אויב מ׳זאָל באַקומען גאַרן, קאָן מען לאָזן אין גאַנג אַ טריקאָטאַזש־אונטער־נעמונג. עס זענען אָבער נויטיק נאָך אַ צאָל מאַשינען, וועלכע זענען פאַראַן אין ליטצמאַנשטאַט ביי די פירמען: געברידער ראַדזעיעווסקי, הערשמאַן און סטאַניסלאַוו מאַרגאַליס״ (יידישע פירמעס, וועמענס פאַרמעגנס די אָקופּאַציע־מאַכט האָט קאָנפיסקירט).

ווייזט אויס, אַז ה׳ אַרצט, דער נאַטשאַלניק פון הט״א האָט נישט גערוט און ווייטער געזוכט אין געטאָ די „באַשלאַגנאַהמטע״ מאַשינען. ביבאָו האָט זיך באַמיט אויף אַ כיטרען אופן צו באַזייטיקן זיין קאָנקורענט. אַליין האָט ער מורא געהאַט זיך אַרויסצושטעלן קעגן מעכטיקן נאַטשאַלניק פון הט״א — גערינגס רויבער־געזעלשאַפט — און דער כיטרער אַמטסלייטער האָט זיך גע־וואָנדן מיט אַ בריוו צו זיין נאָענטסטן מיטאַרבעטער אין דער געטאָ־פאַרוואַל־טונג, ה׳ שווינדט. אין אַ בריוו צו אים שרייבט ביבאָו: „דער הערר אַרצט פון הט״א באַזוכט נאָך כסדר די רעסאָרטן אין געטאָ״ און וויל אויסגעפינען די מאַשינען, וועלכע די „טרויהענדער״ דאַרפן איבערנעמען. ביבאָו שלאָגט פאָר שווינדטן, ער זאָל זיך ווענדן צום העררן באָרן, יענער זאָל אַרצטן אָנווייזן, ער זאָל אויסמיידן דאָס געטאָ. „ווען ה׳ אַרצט פאַרלאַנגט עפּעס, דאַרף ער

זיך ווענדן צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג און נישט פאַרהאַנדלען מיט דעם יודענ־עלטעסטען".

גלייכצייטיק ווענדעט זיך ביבאָוו צו רומקאָווסקין, אַז ער זאָל פעסט־שטעלן: „וועלכע מאַשינען זענען נישט אין גאַנג און וואָס פאַראַ מאַטעריאַלן זענען נויטיק, כדי צו באַשעפטיקן די פאַך־קרעפטן אויף די מאַשינען".

רומקאָווסקי איז נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער און ווידער צוגע־שטעלט ביבאָוון פאָלגנדע רשימה פון פאַבריקן, וועלכע זענען איבערגעבליבן אין געטאָ: „1. פאַבריק פון שנורבענדער און ליטצען, 2. טריקאָטאַזש־פאַבריק, 3. קאָטאָן־שטרומפּף־פאַבריק, 4. שטרומפּף־פאַבריק, 5. צוויי וועבערייען מיט 92 ברייטע און שמאָלע שטול". צוזאַמען געפונען זיך אין געטאָ 387 מאַשינען פון טעקסטיל, טריקאָטאַזש, זאָקן, אייל־ און זייף־פּראָדוקציע. רומקאָווסקי רעכנט אויך אויס די רוישטאָפן, וואָס זענען נויטיק, כדי די מאַשינען צו ברענגען אין באַוועגונג.[526]

ענדלעך, נאָך עטלעכע חדשים שטרייטיקייט צווישן ביבאָוון און די „טרויהענדער", איז דער פּאַקטישער באַלעבאָס פון געטאָ ליטצמאַנשטאָט — האַנס ביבאָוו אַרויס מיט אַ נצחון. פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין ליטצמאַנשטאָט (לאָדזש) איז שוין געווען באַוווסט, אַז עס דערנענטערט זיך די „ענדלעזונג" פון דער יידנפראַגע — די ענדגילטיקע אויסראָטונג פון די יידן, וואָס ווערט שוין אין אַ ברייטן פאַרנעם געפירט אין די שטעטלעך אין פוילן און אין די פאַרנומענע געביטן אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, וווּ עס איז אַריינגעדרונגען די דייטשע אַרמיי נאָכן אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד. עס איז שוין דעריבער פאַר די אָקופּאַנטן נישט געווען קיין חילוק, ווער עס וועט זיין דער דערוויילעקער באַלעבאָס איבער די פאַרחתמעטע און קאָנפיסקירטע מאַשינען און פאַבריקס־איינריכטונגען אין געטאָ.

אין ענדגילטיקן רעזולטאַט פון דעם דערמאָנטן שטרייט איבער די מאַ־שינען און פאַבריקס־איינריכטונגען, האָט רומקאָווסקי, אויפן פאַרלאַנג פון ביבאָוון, צוגעשטעלט דער געטאָ־פאַרוואַלטונג נאָך אַ רשימה פון די איבער־געבליבענע מאַשינען פון פאָלגנדע יידישע פירמעס: יאַקוב סאָלני, פּוטערמילך, קליינמאַן, ווייצמאַן, יאַקוב מאכטינגער, גראָסבאַרד, פּרענקעל, קאָהן, חיים פּערעל, אַלטער נייבערג, בלום, הערשפעלד, משה פּודרא, שלמה בערעק, באַרנשטיין און ברידער ציטרין. סך־הכל — 92 מאַשינען פון זאָקן־, טריקאָ־טאַזש־, טעקסטיל־ און אפּרעטור־אונטערנעמונגען, וואָס זענען געפּאָדערט גע־וואָרן פון נאַטשאַלניק פון די טרויהענדער ה' אַרצט.

רומקאָווסקי האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן צוצושרייבן צו דער רשימה, וועלכע מאַשינען זענען נויטיק פאַרן געטאָ. נאָך עטלעכע מאָל אויפפאָדערן פון ביבאָוון, האָט רומקאָווסקי צוגעשטעלט די נויטיקע באַמערקונגען און דעם

16־טן יולי, 1941, האָט דער יודענעלטעסטער באַקומען אַ בריוו פון זיין באַפעלסגעבער, אַז די מאַשינען ווערן איבערגעגעבן רומקאָווסקין און זיי דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי אויסגעבאָרגטע („נור לייהווייזע ערפאָלגט“) און פאַר „יעדן שאָדן אין זיי וועט רומקאָווסקי זיין פאַראַנטוואָרטלעך“.

נאָך דער דאָזיקער דערליידיקונג פון שטרייט איבער די יידישע פאַבריקס־איינריכטונגען האָט שוין רומקאָווסקי כסדר באַקומען פון ביבאָוון צוגעשטעלט מאַשינען. אויף רומקאָווסקיס פאַרלאַנג זענען געבליבן אין געטאָ אויך צוויי פאַרע־קעסלען, וואָס ווערן באַנוצט צו טרייבן גרעסערע פאַבריקס־אונטערנעמונגען.

לויט די מעלדונגען פון דער געטאָ פאַרוואַלטונג פון 10־טן און 12־טן חודש 1941 זענען רומקאָווסקין „אויסגעבאָרגט געוואָרן“ — 6 מאַשינען פאַר מעטאַל־אַרבעט, די שיך־פאַבריק פאראנדאו האָט דעם יודענעלטעסטען אויסגעבאָרגט אירע מאַשינען מיט דעם באַדינג, זיי זאָלן גענוצט ווערן נאָר פאַר דער דערמאָנטער פירמע און דאַרף צוריקגעגעבן ווערן אויף יעדן פאַרלאַנג.[527]

אין אַ בריוו צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג שרייבט רומקאָווסקי: אין דער שטאָט מחוצן געטאָ איז געבליבן אַ פולע איינריכטונג פון גאַלוואַניזיר־מאַשינען, וועלכע האָבן געהערט צו דער פירמע לאַסמאַן. דער „אינהאַבער“ פון דער פירמע, וואָס איז אין געטאָ דער מייסטער פון אַזאַ אונטערנעמונג, נויטיקט זיך אין די 13 מאַשינען. דערויף האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג געענטפערט, אַז די פאַבריקס־איינריכטונג איז איבערגענומען געוואָרן פון אַ דייטשער פירמע.

דעם 23־סטן דעצעמבער 1941 האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג געמאָלדן רומקאָווסקין, אַז ער קאָן באַקומען 39 ניי־מאַשינען פון דער פירמע קאפראלסט. די דאָזיקע „פריינטלעכע“ מיטיילונג פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג איז געקומען ערב דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע פון 55,000 לאָדזשער יידן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. דער גזר־דין פון די דייטשע יידן־פאַרטיליקער איז שוין געווען צוגעגרייט. די דייטשע מאַכט האָט שוין געהאַט אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ מיט רומקאָווסקין און פאַרלאַנגט, אַז 20,000 פערזאָן זאָלן פאַרלאָזן דאָס געטאָ. דער יודענעלטעסטער האָט „אָפּגעהאַנדלט“ אויף 10 טויזנט יידן צום אַרויסשיקן און איז ווייטער אַוועק צו זיין נאָרמאַלער געטאָ־טעטיקייט אויפצושטעלן נייע רעסאָרטן, כדי דורך אַרבעטן פאַר די דייטשן אויפצוהאַלטן די עקזיסטענץ פונעם געטאָ.[527א]

## ה. אַ יאָר פּראָדוקציע אין געטאָ ליטצמאַנשטאָט
## און די דייטשע אויסהונגערונג פון די יידן

טראָץ דעם כסדר שטייגנדן הונגער און דער וואַקסנדער נויט אין געטאָ, זענען די רעסאָרטן (פאַבריקן און וואַרשטאַטן) און די צאָל פון די באַשעפטיקטע אַרבעטער געוואַקסן מיט אויסערגעוויינלעכער גיכקייט און אין סוף יאָר 1941 זענען אין די געטאָ־אונטערנעמונגען שוין געווען באַשעפטיקט כמעט אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג.

אין יאַנואַר 1941 איז די צאָל באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן געווען 12.756. אין דעצעמבער פון דערמאָנטן יאָר האָבן שוין געאַרבעט דאָרט 51,019, ד. ה. אַ פאַרגרעסערונג אויף איבער 400 פּראָצענט. די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקציע, לויט דעם נוסח פון די דייטשע דאָקומענטן, האָט געהאַט אַזאַ ציפער־אויפשטעלונג:

אין יאַנואַר 1941 — 169.044 שטיק, 10.486 קילאָ, 5.082 מעטער, 2.488 טוץ און 13.730 פּאָר.

אין דעצעמבער 1941 באַטרעפט די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקציע 2.019.308 שטיק, 86.776 קילאָ, 38.396 מעטער, 15.294 טוץ, 134.224 פּאָר און 307 מעבל־קאָמפּלעטן. אין חודש אויגוסט, 1941, האָט די צאָל אויסגעאַרבעטע מעבל־קאָמפּלעטן באַטראָפן נאָר 137.

פאַרן גאַנצן יאָר 1941 האָבן די געטאָ־וואַרשטאַטן פּראָדוצירט סחורה אין דער צאָל: 10.564.061 שטיק, 418.193 קילאָ, 339.349 מעטער, 67.566 טוץ, 538.727 פּאָר און 1.457 מעבל־קאָמפּלעטן.

פון דער פּראָדוקציע איז אַוועק פאַרן מיליטער, קריג־פלאָט און קריג־אַוויאַציע 3.994.816 שטיק, 360.614 פּאָר, 67.563 קילאָגראַם.

אויב מיר זאָלן אָננעמען ווי אַ פּראָדוקציע־ווייזער נאָר די צאָל שטיק, וועלכע איז אַ מער זיכערע צאָל (אַלע אַנדערע צאָלן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער פּראָדוקציע פון לאָדזשער געטאָ, ווי: מעטער, פּאָר, טוץ אאַ״וו זענען וואַקלדיק און נישט זיכער. אין די פּראָדוקציע־באַריכטן, וועלכע מיר געפינען אין די אַקטן פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג״, גייען אָפט אַריין די מעטער, טוץ און פּאָר און אין דער צאָל פון שטיק) — באַקומען מיר פאָלגנדיקן רעזולטאַט:

אין יאַנואַר 1941 — 169.044 שטיק, אין דעצעמבער פון דער יאָר — 2.019.308 שטיק, געשטיגן די פּראָדוקציע אויף 195,9 פּראָצענט.

אין גאַנצן יאָר 1941 — 10.364.061 שטיק, דערפון איז פאַר דייטשע קריגס־צוועקן אַוועק 3.994.816 שט., ד. ה. אַז די אַרמיי האָט באַקומען 37,8 פּראָצ. פון דער גאַנצער פּראָדוקציע.ב[527] מ׳דאַרף דערביי געדענקען, אַז אַ גרויסער סכום פון דער אויסגעאַרבעטער פּראָדוקציע, וועלכע איז נישט דירעקט געגאַנגען

פאַרן מיליטער, האָט אויך געדינט דער קריגס־מאַשין. דאָס אויסגעאַרבעטע מעבל איז געגאַנגען פאַר דעם דייטשן אָקופּאַציע־אַפּאַראַט. דאָס זעלבע אויך די פאַרשידענע הלבשה־אויסאַרבעטונגען. אָט אַזוי זענען יידן פון לאָדזשער געטאָ, ווי אין אַנדערע געטאָס און צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן, געצוווּנגען געוואָרן צו אַרבעטן פאַר דער דייטשער קריגס־אינדוסטריע, ביי שרעקלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען, ביי טאָג־טעגלעכן דוירערנדיקן הונגער.

פון די געבראַכטע ציפערן ווערט פאַר אונדז קלאָר, וואָס פאַרא קאָלאָסאַלע נוצן די דייטשן האָבן געצויגן שוין אין יאָר 1941 פון עקספּלאָאַטירן די אַרבעטס־קראַפט פון לאָדזשער געטאָ. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָס לאָדזשער געטאָ איז שוין דעמאָלט געווען אַ שקלאַפן־לאַגער, האָט דאָס נישט אָפּגעהאַלטן די דייטשן פון פאַרניכטן אָט די אַרבעטס־קרעפטן און פירן צום טויט אַ דריטל פון די לאָדזשער יידן.

די דאָזיקע מערדעריש־דייטשע מאַסן פאַרטיליקונג פון די „בוצלעכע יודען״ פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ, האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אין 15־טן יאַנואַר 1942. ביז דער דאָזיקער דאַטע איז נאָך דערוויל געגאַנגען דער פּראָצעס פון אויס־הונגערן די יידן און דערפירן זיי צו אַזאַ מצב, אַז דאָס פאַרלאָזן דאָס געטאָ זאָל אויסזען ווי אַ דערלייזונג.

אין יאָר 1941, ווען עס איז כסדר געוואַקסן די צאָל פון אַרבעטער אין די רעסאָרטן, האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט דער הונגער. וואָס מער פּראָדוקציע פון די געטאָ־פאַבריקן רומקאָווסקי האָט צוגעשטעלט די דייטשן, אַלץ ווייניקער שפּייז האָבן זיי אַריינגעשיקט אין געטאָ. וועגן דעם דאָזיקן שטייגנדן הונגער האָט געשריבן אין זיין טאָגבוך דוד שעראַקאָוויאַק: „קיין שפּייז־צוטיילונגען זענען אינגאַנצן נישט פאַראַן. אין די קיכן ווערן די זופּן וואָס ווייטער אַלץ מער שיטערער. אין געטאָ איז אינגאַנצן נישט פאַראַן קיין קאַשע, קאַרטאָפל און עס פעלט גרינצייג.״ די דערמאָנטע שפּייזן האָבן געבילדעט די הויפּט־דערנע־רונג אין געטאָ.

אונטער דער דאַטע פון 24־סטן מאַי האָט שעראַקאָוויאַק געשריבן:

„איך בין שרעקלעך הונגעריק, ווייל פון מיין ברייטל, וואָס האָט געדאַרפט סטאַיען ביז דינסטיק, איז שוין נישטאָ קיין צייכן. איך טרייסט זיך נאָר, אַז אין דער הינזיכט בין איך נישט דער איינציקער. עס איז מיר דאָך שווער זיך צו באַהערשן. ביי דעם פייניקט מיך אַזוי שטאַרק די אָפּשוואַכונג, אַז איך מוז עסן, און דאָס ברויט פאַרשווינדט און דערנאָך זענען די פּיין נאָך גרעסער. עס איז שלעכט אָבער קיין עצה איז נישטאָ. ווייזט אויס, אַז דאָ איז אונדזער קבר.״

ווי אַזוי די דייטשן האָבן סיסטעמאַטיש אויסגעהונגערט די איינוווינער פון לאָדזשער געטאָ, גראַד אין דעם יאָר פון דער פּראָדוקציע־שטייגערונג באַ־

ווייזט דער ווייטער ציטירטער דאָקומענט, וועלכן עס ברענגט אין זיינס אַן אַרבעט דער באַוווּסטער יידישער היסטאָריקער י. טרונק:

אין די זומער־חדשים 1941 „האָט מען פאַרקלענערט די קאָנטינגענטן פאַרן געטאָ [לאָדזשער] פאַרמשפּטנדיק עס אויף אַ הונגער־טויט".

„לויט אַ הסכם צווישן דער „לאַנדעסבאַוערנשאַפט" פּויזן, און דער געטאָ־פאַרוואַלטונג פון 14־טן יוני 1941, זענען פאַרן געטאָ באַשטימט געוואָרן די פאָלגנדיקע שפּייז־נאָרמעס:

1) ברויט (אָנהייבנדיק פון 3־טן יולי): פאַר אַרבעטנדיקע 2,250 ק"ג אַ וואָך, פאַר נישט־אַרבעטנדיקע 1,143 גראַם מעל אַ וואָך; 2) פלייש — פאַר אַרבעטנדיקע 200 גראַם, פאַר נישט־אַרבעטנדיקע 160 גר' וועכנטלעך (אָבער היות ווי פלייש איז אין דער צייט פאַרן געטאָ נישט צוטריטלעך, דאַרף מען געבן צו 2 אייער); 3) פעטס — פאַר אַלע צו 100 גראַם אַ וואָך. 4) קאַרטאָפל — 5,25 ק"ג וועכנטלעך; 5) צוקער — 600 גראַם אַ חודש; 6) אַנדערע דערנערונגס־מיטלען — 100 גראַם פאַר יעדן וועכנטלעך.

חוץ דעם איז פאַר קראַנקע (אויף דער צאָל פון 500) פאַרויסגעזען 250 ק"ג פּודינג־פּולווער, 1,000 שטיק אייער (טעגלעך), 100 גראַם מאַרמאַלאַד וועכנטלעך. פאַקטיש זענען אַפילו די דאָזיקע הונגער־נאָרמעס געבליבן אויפן פּאַפּיר.

„לויטן צירקולאַר פון „לאַנדעס־ערנערונגסאַמט" פון 9־טן יולי 1941, צוגעשיקט צו אַלע אָרגאַנען פון דער מלוכהשער אַדמיניסטראַציע און אַלע צענטראַלעווירטשאַפטס־אָרגאַנען, „געטריידע־ווירטשאַפטספאַרבאַנד" א"א, איז פאַר דער נישט־אַרבעטנדיקער יידישער באַפעלקערונג אין געטאָ (צו דער קאַטעגאָריע פאַרעכנט דער צירקולאַר אַפילו די, וואָס זענען באַשעפטיקט ביי אַרבעט לטובת דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, ווי: רייניקן די גאַסן א"א) — פאַרויסגעזען די זעלבע נאָרמעס, וואָס ס'באַקומען פּוילישע תפיסהניקעס אָדער פּוילישע „קאַצעטניקעס".

דער אויבנגעבראַכטער דאָקומענט שפּיגלט נאָך ווייט נישט אָפּ די אויס־הונגערונג פון לאָדזשער געטאָ, וואָס די דייטשן האָבן דורכגעפירט. אַ חוץ די דערמאָנטע 320 גר' ברויט אַ טאָג, וואָס עס האָבן באַקומען, מער ווייניקער, סטאַביל די אַרבעטנדיקע אין געטאָ, זענען די אַנדערע פּראָדוקטן געווען אַ זעל־טנהייט, אָדער זיי זענען געבראַכט געוואָרן אין אַזאַ פאַרדאָרבענעם צושטאַנד, אַז זיי האָבן געגעבן זייער ווייניק דערנערונג. מאַסגעבנדיק און כאַראַקטעריס־טיש זענען אין דער הינזיכט שעראַקאָוויאַקס טאָג־פאַרצייכענונגען וועגן הונגער אין געטאָ. אונטער דער דאַטע פון 26־סטן מאַי האָט שעראַקאָוויאַק געשריבן:

„אין דער היים איז נישט ווי אַמבעסטן. טראָץ דעם, וואָס אויך די מאַמע אַרבעט. זי גייט אַרויס אינדערפרי 7 אַזייגער און קומט צוריק 9 אין אָוונט.

דער טאָטע גייט איצט אויף טאָג־דיזשורן פון 8 ביז 8. די גאַנצע ווירטשאַפט ליגט אויף די פּלייצעס פון נאַדזשען [אַ יונגערע שוועסטער], וועלכע דער־ליידיקט אַלע רייען, רוימט אדג״ל. און דאָס אַלץ פאַר איין זופּ טעגלעך און 30 דעקאָ ברויט. זי, אַזוי גוט ווי די מאַמע גיט אָפּ דעם טאַטן צו 10 דעקאָ ברויט. — — — די מאַמע האָט אין דער קיך, אַזוי גוט ווי יעדער אַרבעטער אין געטאָ איין צוגאָב־זופּ, אָבער נאַטירלעך ווי אַן אַרבעטערין אין דער קיך באַקומט זי אַ לייטישע זופּ. אין דער היים קאָכן מיר שוין נישט, ווייל עס איז נישטאָ פון וואָס. דעם צוטייל פון קאַרטאָפל וואָס עס קומט אונדז, האָבן מיר נישט באַקומען, ווייל אין געטאָ איז נישטאָ קיין קאַרטאָפל. אין אַלגעמיין ווערט מיט באַשפּייזונג וואָס אַמאָל שווערער. קאַרטאָפל און קאַשע זענען אינגאַנצן נישט פאַראַן. צום ברויט גיט מען צו 8 פּראָצענט קאַשטאַן־מעל און וועגן פאַרגרעסערן די טעגלעכע ראַציע איז נישט קיין רייד.״

ווי אַזוי די דייטשע מאַכט האָט באַשפּייזט דאָס געטאָ באַווייזט פאָלגנדע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס עס איז געפירט געוואָרן צווישן רומקאָווסקין און דער געטאָ־פאַרוואַלטונג: אין אַ בריוו צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג פון 26־טן אויגוסט 1941 מעלדעט רומקאָווסקי, אַז ער האָט באַקומען רעטעך און צו דער וואָג פעלט־צו — 515 קילאָ, אנשטאט 4,890, האָט ער דערהאַלטן — 4375 קילאָ. מיט פינף טעג שפּעטער מעלדעט ווייטער רומקאָווסקי, אַז צו די 18,500 ק״ג אַרבעס, וואָס ער האָט גערדאַרפט באַקומען, פעלן־צו 841 ק״ג.

סוף יאָר 1941 שרייבט ווידער רומקאָווסקי צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, אַז צום באַשטימטן קאָנטינגענט פעלט אים צו: 241,500 ק״ג ווייצן־מעל און 7,806 ק״ג קאַרטאָפל־מעל.

די דאָזיקע אַלע רעקלאַמאַציעס פון רומקאָווסקין זענען דורך דער געטאָ־פאַרוואַלטונג אָפּגעוואָרפן געוואָרן. אויף דעם לעצטן בריוו פון דעצעמבער־חודש האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג געענטפערט, אַז נישט בלויז, וואָס עס פעלט צו צום קאָנטינגענט פון שפּייז־פּראָדוקטן, נאָר עס איז נאָך פאַראַן אַן איבערוואָג פון 112,238 ק״ג מעל.

פאַרשטענדלעך, אַז אין דעם „שטרייט״ צווישן רומקאָווסקין און געטאָ־פאַרוואַלטונג וועגן דעם פעלן פון פּראָדוקטן צום קאָנטינגענט, וואָס האָט גע־דאַרפט צוגעשטעלט ווערן אין געטאָ, קאָן מען זיך מער סומך זיין אויף רומ־קאָווסקיס רעקלאַמאַציעס. אַלע זכרונות, גבית־עדות און באַזונדערס דוד שעראַקאָוויאַקס טאָגבוך פון יענער צייט, שטעלן פעסט, אַז די דייטשע מאַכט אין ליטצמאַנשטאַט האָט אפילו נישט צוגעשטעלט דעם סכום פּראָדוקטן, וואָס איז דורך דער דייטשער אָנפירונג געווען באַשטימט פאַר דער דערנערונג פון די געטאָ־איינוווינער; אַ סכום, וועלכער איז פאַר די געטאָ־איינוווינער געווען קלענער, ווי די באַשפּייזונג, וואָס עס האָט באַקומען אַן אַרעסטאַנט.

וויאַזוי עס האָבן אויסגעזען די פּראָדוקטן, וואָס זענען געליפערט געוואָרן אין געטאָ באַקומט מען אַ באַגריף פון אַ באַריכט פון ליטצמאַנשטאַטער פּאָליציי. דאָרט ווערט דערציילט, אַז ביי אַ פּרוּוו מיטן נאָמען קוואַן איגע לאַן זענען קאָנפיסקירט געוואָרן 6 פּעסער קרויט, ווייל „אַוס היגיעניש גרינדען פאָן זייטען דער געווערבפּאָליציי פערבאָטען איסט זאָ איין קראַוט צו געניסען״. דאָס דאָזיקע קרויט איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם הערן שווינדט (אַ מיטגליד פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג), אַז ער זאָל עס צונעמען פאַרן געטאָ.

אין אַ באַריכט פון געטאָ־וועטערינאַר ד״ר ליידער פאַר די חדשים אויגוסט, סעפּטעמבער 1941, וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, ווערט פעסטגעשטעלט פאָלגנדעס: פון די 1517 ק״ג פלייש, וואָס זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין געטאָ, זענען נאָר 800 ק״ג טויגלעך צום געברויך, 200 ק״ג מוזן באַלד אָפּגעקאָכט ווערן און באַטראַכט ווערן אַלס מינ־דערוועַרטיק, 200 ק״ג פלייש מיט ביינער מוז מען פּינקטלעך אָפּרייניקן מיט אַ פאַרלוסט פון 40 פּראָצ. די רעשט, וואָס בלייבט מוז מען באַלד אָפּקאָכן און דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס מינדערווערטיק. 300 ק״ג פאַרדאָרבענע ביינער זענען נישט צום באַנוצן („אונגעניסבאַר״). פון 2,040 ק״ג יויכן־פלייש זענען 195 ק״ג פאַרדאָרבן און „צום גענוס אונטאַוגליך״.

אין אַ בריוו צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג פון חודש דעצעמבער, 1941, האָט רומקאָווסקי איבערגעשיקט אַ פּראָטאָקאָל פונעם כעמיקער לאַסקאָווסקי, וועלכער שטעלט פעסט, אַז די „ראָטע בעעטע״ (שוואָמען), געפּאַקט אין פּע־סער — איז נישט צום געניססען״.

בכלל האָבן די דייטשע שפּייז־סוחרים באַטראַכט דאָס געטאָ, ווי אַן אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די ערגסטע און פאַרדאָרבנסטע פּראָדוקטן. אַזוי האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג זיך געוואָנדן צו רומקאָווסקין, אַז ער זאָל אָפּקויפן אַ טראַנס־פּאָרט פון „אָקסענשוואַנץ־זופּ״. „מ׳קאָן באַקומען 20.000 דאָזען״. רומקאָווסקי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו מאַכן די דאָזיקע קניה.

אָט אַזוי האָט די דייטשע מאַכט אין ליטצמאַנשטאַט באַשפּייזט דאָס געטאָ פאַר דעם פּרייז פון גאָלד, בריליאַנטן און אויסלענדישער וואַלוטע, וואָס רומ־קאָווסקי האָט געצאָלט.

די דאָזיקע דייטשע אויסהונגערונג פון געטאָ האָט זיך געצויגן איבערן גאַנצן יאָר 1941, וואָס נענטער עס איז געקומען צום ערשטן דייטשן מאַסן־מאָרד פון 55,000 לאָדזשער יידן, אַלץ ווייניקער דערנערונגס־מיטלען האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אַריינגעשיקט אין געטאָ. דער הונגער האָט געדאַרפט זיין איינער פון די מיטלען צו צווינגען די יידן צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ, ווען מ׳וועט זיי דאַרפן טראַנספּאָרטירן אין טויטן־לאַגער כעלמנא. צום באַדויערן, האָט קיינער נישט פאַרטיפט זיך אין דער דאָזיקער דייטשער פּאָליטיק. מרדכי חיים רומקאָווסקי האָט מיט צופרידנהייט זיך צוגעקוקט, ווי „זיין״ געטאָ אַרבעט אויף דער גאַנצער פּאַרע און מיט זיין „קלוגער גאונישער פּאָליטיק״ ראַטעוועט ער די יידן.[528]

## .31

# פאַרטיי־ און קולטור־טעטיקייט אין געטאָ פון רומקאָווסקיס „עלטסטענראַט״

### א. די ראַדיאָ־הערער און זייער ווירקונג אויף די געטאָ־איינוווינער

נאָכדעם ווי רומקאָווסקי האָט ליקווידירט די לעגאַלע פּאַרטייאישע פּונקטן אין געטאָ (קיכן, קאָאָפּעראַטיוון, הכשרה־קאָלאָניעס אין מאַרישין, דעלעגאַטן־ראַטן אין די רעסאָרטן), איז די טעטיקייט פון די פּאַרטייען געוואָרן שטאַרק איינגעשרומפּן, באַגרענעצט צו ענגע ראַמען פון אידעאָלאָגישער אויפקלערונג לויטן פאַרמלחמהדיקן געדאַנקנגאַנג. די פּאַרטיי־קרייזלעך און פּאַרטיי־קעמער־לעך זענען אַריין אין די ענגע שטיבלעך פון געטאָ. דעם איינציקן, אַקטיוו־לעבעדיקן נערוו פון זייער טעטיקייט האָבן געבילדעט די ראַדיאָ־הערער.

אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף זענען די יידן געווען געצוווּנגען אָפּצוגעבן די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. רומקאָווסקי האָט, ווי ביי אַלע דייטשע באַפעלן, שטאַרק מקפּיד געווען, אַז די פאַראָרדנונג זאָל שטרענג דורכגעפירט ווערן. עס איז פאַר אים געווען אַ געווינס, ווען ער האָט געקאָנט מעלדן דער דייטשער מאַכט (געטאָ־פאַרוואַלטונג), אַז ער ליפערט אָפּ אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, וועלכער איז געפונען געוואָרן בעת אַ רעוויזיע אין אַ וווינונג. טראָץ דער דאָזיקער שטרענגקייט זענען אין געטאָ געווען פרימיטיוו־איינגעאָרדנטע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן און די אויפגענומענע ידיעות זענען דורך די ראַדיאָ־הערער פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די געטאָ־איינוווינער.

יעדע פּאַרטיי אין געטאָ האָט געהאַט אירע ראַדיאָ־הערער און אירע שליחים, וואָס האָבן די ידיעות פונאַנדערגעטראָגן איבערן געטאָ. געווען אויך אומפּאַרטייאישע ראַדיאָ־הערער, וואָס האָבן פון זייער טעטיקייט געצויגן געוויסע מאַטעריעלע נוצן, ווייל אויף צו באַקומען אַ ידיעה איז יעדער ייד אין געטאָ געווען גרייט עפּעס אָוועקצוגעבן פון זיין אָרעמער שפּייז־פּאָרציע, וועלכע ער האָט באַקומען, אָדער גאָר פאַר „רומקעס (געטאָ־געלט) פון שווער אויס־געהאָרעוועטן אַרבעטס־לוין.

אויך צייטונגען איז געווען שטרענג פאַרבאָטן אַריינצופירן אין געטאָ. דאָך האָט מען, דורך די פּאַרשפּרייטע ראַדיאָ־ידיעות געגנוי געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין דער אויסערלעכער וועלט. דאָס באַווייזט קלאָר ס׳אָפּגעפונענע טאָגבוך פון ד. שעראַקאָוויאַק. דער אינטעליגענטער 16־יעריקער בחור, וועלכער האָט געהערט צו דער קאָמוניסטישער שילער־גרופּע אין געטאָ־גימנאַזיע — האָט אין זיינע טאָגנאָטיצן לעבעדיק קאָמענטירט אַלע מלחמה־געשעענישן: די רעדעס פון טשערטשיל און רוזוועלט, רודאָלף העסס אַראָפּלאָזן זיך מיט אַן עראָפּלאַן אין ענגלאַנד, די פּערזאָנען־ענדערונגען אין דער רעגירונג פונעם ראַטנפאַרבאַנד אין מאַי 1941 — וועגן אַלע ידיעות און אויך ווי אַזוי מ׳האָט זיי אָפּטימיסטיש אויסגעטייטשט אין געטאָ, האָט שעראַקאָוויאַק געשריבן כמעט אין זעלבן טאָג ווען זיי זענען פאָרגעקומען.[529] אַזוי גענוי זענען געווען די ידיעות, וועלכע די געטאָ־איינוווינער האָבן באַקומען דורך די ראַדיאָ־הערער און פאַרשפּרייטער פון די נייעסן.

די פּאַרטייען אין געטאָ — בונד, ציוניסטן און לינקע פּועלי־ציון — וועלכע האָבן אין יענעם פּעריאָד שוין געהאַט זיך מיאש געווען פון משפּיע צו זיין אויף רומקאָווסקין און זיין אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט — האָבן דורך די קאָנספּיראַטיווע ראַדיאָ־אויפנעמערס געוווּנען די ווירקונג אויף די געטאָ־מאַסן.

## ב. רומקאָווסקיס תקיפות און דער מאָראַלישער נצחון פון דער געטאָ־אינטעליגענץ

וואָס מער רומקאָווסקי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדע געזעלשאַפט־לעכע קאָנטראָל, איז אַלץ מער געוואַקסן זיין תקיפות. ער האָט ליקווידירט די לעצטע אַמטן, וואָס האָבן אים פאַרבונדן מיטן כלל און אַליין זיי איבער־גענומען, אָדער דאָרט אַריינגעזעצט זיינע מענטשן. אַזוי האָט דער יודענ־עלטעסטער באַזייטיקט דעם ד״ר ל. שיקער פון זיין אַמט אַלס פאַרטרעטער פונעם „פּרעזעס“.

נאָך אין יאַנואַר, 1941, האָט רומקאָווסקי נאָמינירט דעם ד״ר שיקער אַלס זיין פאַרטרעטער. וועגן דער נאָמינאַציע האָט דער יודענעלטעסטער גע־מאָלדן ביבאָוון, וועלכער האָט געגעבן זיין הסכמה. ד״ר ל. שיקער, ווי אַ דער־פאַרענער פאַרמלחמהדיקער געזעלשאַפטלעכער עסקן, האָט זיך גענומען ערנסט צו זיין טעטיקייט און געוואָלט קאָנטראָלירן אויך די אַרבעט פון רומקאָווסקיס פּערזענלעכער סעקרעטאַרין — פרל׳ דאָראַ פוקס, צו וועמענס ביוראָ עס האָט

קיינער נישט געהאַט קיין צוטריט, אַפילו נישט די מיטאַרבעטער פון אַרכיוו,* וואָס האָבן געזאַמלט מאַטעריאַלן. רומקאָווסקיס סעקרעטאַרין האָט נישט דערלויבט דעם פאַרטרעטער פון יודענעלטעסטען צו קאָנטראָלירן איר — פאַקטיש רומקאָווסקיס — טעטיקייט. אויף דעם באָדן איז געקומען צו אַ שאַרפן סכסוך צווישן ד״ר שיקער און רומקאָווסקין און שיקער איז געווען געצוווּנגען צו לייגן זיין מאַנדאַט אַלס פאַרטרעטער פונעם יודענעלטעסטען.

אויך וועגן דעם האָט רומקאָווסקי מיטגעטיילט ביבאָוון אין אַ בריוו פון 4־טן יוני 1941, און אים אינפאָרמירט, אַז „ד״ר לעאָן שיקער, וועלכער איז דורך מיר באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרטרעטער, באַזיצט נישט די נויטיקע ענערגיע און קאָן זיך נישט אָריענטירן אין דער ריכטיקער סיטואַציע פון די געטאָ־פאַרהעלטנישן״. ד״ר שיקער ווערט דעריבער צוריקגעצויגן פון זיין אַמט אַלס שטעלפאַרטרעטער פונעם יודענעלטעסטען, וועלכער לאָזט זיך איבער „דאָס רעכט צו באַשטימען אַן אַנדערע פערזאָן אויף זיין אָרט״.

מיט אַ חודש שפּעטער האָט טאַקע רומקאָווסקי באַשטימט אַלס זיינע פאַרטרעטער: דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט לעאָן ראָזענבלאַט און דעם אָנפירער פון דער צענטראַלע פון אַלע אַרבעטס־רעסאָרטן — אהרן יאַקובאָוויטש, וואָס האָט בלינד אויסגעפירט אַלע באַפעלן פונעם „פּרעזעס״. אויך וועגן דער נייער באַשטימונג האָט רומקאָווסקי געמאָלדן דער געטאָ־פאַרוואַלטונג און באַקומען אַ באַשטעטיקונג אויף זיינע „וויצע־פּרעזעסן״.

ד״ר שיקער האָט אויך שפּעטער זיך אָפּגעזאָגט פון דער אָנפירונג מיטן געזונטהייטס־אַמט, ווייל דאָרט האָט געוועלטיקט רומקאָווסקיס ברודער יוסף רומקאָווסקי, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמעס מיט מעדיציניִשער און היילונגס־טעטיקייט. 530 אַלס לייטער פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג האָט דער יודענעלטעסטער באַשטימט דעם ד״ר וויקטאָר מילער.

אין דעם זעלבן פּעריאָד האָט רומקאָווסקי אויך אַראָפּגעזעצט די העכסטע קאָנטראָל־קאַמער מיט די פּוילישע ראשי־תיבות „Nik“ וועגן דעם האָט דער „פּרעזעס אָפיציעל מיטגעטיילט אין זיין „געטאָ־צייטונג״, נומ׳ 14, אונטער אַ גרויסן קאָפּ: „פונאַנדערגעלאָזט די אַלטע פאַרוואַלטונג פון דער העכסטער קאָנטראָל־קאַמער („ניק״).״ די פאַרוואַלטונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון די

---

* אינזש. בערנאַרד אָסטראָווסקי, דער מיטאַרבעטער פון געטאָ־אַרכיוו, האָט דערציילט אין זיין גבית־עדות: „די צווייטע קאַנצעלאַריע, וואָס האָט זיך געפונען אויפן באַלוטער מאַרק, איז געווען פאַרן אַרכיוו פאַרמאַכט. אין דער צווייטער קאַנצעלאַריע, געפירט פון פרל׳ פוקס, האָט זיך געפונען די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ מיט דער געטאָ־פאַרוואַלטונג און מיט דער געשטאַפּאָ. די דאָזיקע מאַטעריאַלן זענען געווען אונטערן שטרענגן קאָנטראָל פון פרל׳ פוקס.

פאַרמלחמהדיקע געזעלשאַפטלעכע טוער — ה .ב. ליטווין, נ. שפעט, ד. פאַבריי־קאַנט, ב. סטריקאָווסקי, אינזש. ל. שיפער, מ. פערלע, ל. ראָזענבלאַט, ד"ר ל. שיקער און ז. טענענבוים — איז פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן אויך צוליב דעם, ווייל זי האָט געוואָלט קאָנטראָלירן דעם אַפּראָוויזאַציע־אַמט.

אין דער נייער פאַרוואַלטונג פון „ביק" איז שוין „פּרעזעס" רומקאָווסקי געוועזן דער פאָרזיצער און פיניע גערשאָווסקי, זיין בעסטער פריינד — וויצע־פאָרזיצער. מיטגלידער: זיגמונט בערקאָוויטש און יאַקוב שקאָלניק — אייגענע מענטשן.

אַ שאַרפער סכסוך איז אויסגעבראָכן צווישן דעם יודענעלטעסטען און „זיינע" ריכטער, ווען ער האָט געוואָלט דורכפירן דעם באַפעל פון געשטאַפּאָ און אויפצווינגען די ריכטער זיי זאָלן אַרויסגעבן טויט־אורטיילן.

גאַנץ אָפט פלעגן דייטשן באַזוכן דאָס „אויטאָנאָמע מוסטער־געטאָ"; די געטאָ־איינריכטונגען און געמאַכט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס, ווי יידן לעבן דאָרט „רויק" און „אַרבעטן פלייסיק". די דאָזיקע פאָטאָגראַפיעס זענען נויטיק געוועזן פאַרן דייטשן קאַמופלאַזש צו באַווייזן דער נייטראַלער וועלט, ווי אַזוי דאָס דריטע רייך האָט געלעזט די יודענפראַגע און ווי גליקלעך יידן לעבט זיך אין די געטאָס. אויך דייטשע ראַסן־פאָרשער זענען געקומען אין געטאָ. אַזאַ באַזוך, פאַרבונדן מיט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמען איז אויך געווען אין גע־ריכט. די „געסט" האָבן אויסגעדריקט זייער אומצופרידנהייט, וואָס מ'גיט אַרויס אַזעלכע לייכטע שטראָפן. באַלד דערנאָך האָט רומקאָווסקי געמאָלדן „זיין" געריכט, אַז די „בעהערדען" פאַרלאַנגען, דאָס געטאָ־געריכט זאָל אַרויסגעבן אויך טויט־שטראָף פאַר באַשטימטע פאַרברעכנס, ווי: הערן אויסלענדישע ראַדיאָס אדג"ל.

וועגן דער דאָזיקער אומדערהערטער פאָדערונג פון יודענעלטעסטען צו די יידישע ריכטער און פּראָקוראָרן און וועגן דער מוטיקער האַלטונג פון עטלעכע פון זיי דערציילט אין זיין גבית־עדות אדוו. ה. וואָלקאָוויטש:

„זומער 1941 האָט רומקאָווסקי גערופן אַ זיצונג פון די ריכטער און פּראָקוראָרן און צו זיי אַזוי געזאָגט: אַזוי ווי ביז איצט האָבן די דייטשע ריכטער געמשפּט יידן פאַר שווערע פאַרברעכנס, איז איצט פאַראַן אַ פּראָיעקט פון דער מאַכט, אַז יידן זאָלן געמשפּט ווערן נאָר דורכן יידישן געריכט אין געטאָ. דאָס געריכט וועט דאַרפן אין שווערערע פאַלן, ווי: הערן אויסלענדישן ראַדיאָ אדג"ל — אַרויסטראָגן טויט־אורטיילן, אַזוי ווי דאָס טוען דייטשע געריכטן אין אַזעלכע פאַלן.

קעגן דעם דאָזיקן פּראָיעקט זענען אַרויסגעטרעטן די פּראָקוראָרן: אַדוו. ווייסקאָפּ און אַדוו. וואָלק. רומקאָווסקי האָט זיך שטאַרק צעבייזערט און געשריגן

אויף די פּראָקוראָרן, אַז זיי זענען אומפאַראַנטוואָרטלעכע יינגלעך. מיט דעם האָט זיך די זיצונג געענדיקט.״

ווען די ידיעה איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבערן געטאָ, אַז רומקאָווסקי פאַרלאַנגט די יידישע געריכטן זאָלן אַרויסגעבן טויט־אורטיילן, האָט עס ווידער אויפגעטרייסלט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. די טוער פון די אַרבעטער־פּאַרטייען, דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט פון די אָנגעשטעלטע אין די ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס מיט זיין פאָרזיצער ה׳ יוסף מאַק, האָבן אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען מיט די ריכטער און אונטערשטיצט די שטעלונג פון אַדוו. דניאל ווייסקאָפּ, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דעם קאַמף קעגן רומקאָווסקיס פאַרלאַנג, אַריינצוציען די יידישע אַדוואָקאַטן אין דער דייטש־מערדערישער טעטיקייט קעגן יידן.

אויפן פאַרלאַנג פון די ריכטער האָט דער פאָרזיצער אַדוו. יאַקובסאָן גערופן אַ זיצונג, אויף וועלכער אַלע ריכטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע אַמטן. „עס איז געווען אַ שטורמישע זיצונג. אייניקע פון די ריכטער האָבן געטענהט: „זאָל רומקאָווסקי אַרויסגעבן טויט־אורטיילן״.

די ריכטער האָבן אַלע פאַרשטרייקט. רומקאָווסקי האָט געדראָט, אַז ער וועט זיי מיט אַלע זייערע פאַמיליע־אָנגעהעריקע באַזייטיקן פון יעדן פּאָסטן און אויך צונעמען די באַשפּייזונגס־קאַרטן. אָבער די דראָאונגען האָבן נישט געווירקט. דאָס יידיש־מענטשלעכע געוויסן האָט געפייערט זיין נצחון אין דעם דאָזיקן עמק־הבכא פון דויערנדיקער עוולה, פּיין און אומקום. ה. וואָלקאָוויטש האָט אין זיין גבית־עדות אָנגעגעבן די נעמען פון פאָלגנדע ריכטער און פּראָקוראָרן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלס אָפּגעזאָגט פון זייערע פּאָסטנס: דניאל ווייסקאָפּ, וואָלק, איידליץ, ביטענסקי, בינשטאָק, פּרוי מאָטיל, פּראַכאָוויק, ראָטנער, מרוווקאָ. געבליבן ווייטער אין רומקאָווסקיס געריכט זענען: געריכטס־פאָרזיצער אַדוו. יאַקובסאָן, פלאַטאַו און שוועבעל.

דאָס געריכט האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן. פון די שטרייקנדע האָט רומקאָווסקי צוגענומען די באַשפּייזונגס־קאַרטן. עס האָט זיך געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט, וואָס האָט געזאַמלט געלט און אונטערשטיצט די שטרייקנדע ריכטער. די בעסער סיטואירטע האָבן זיך באַשטייערט צו דעם צוועק. אָנגעפירט מיט דעם שטרייק האָט אַדוו. דניאל ווייסקאָפּ.

לסוף זענען עטלעכע ריכטער און פּראָקוראָרן צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. דער ענין טויט־שטראָף איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון סדר־היום. „דאָס געטאָ־געריכט האָט קיין טויט־אורטיילן נישט אַרויסגעגעבן. רומקאָווסקי האָט זיך שפּעטער נוקם געווען אין די אַקטיווע קעמפער קעגן טויט־שטראָף. ער האָט זיי נישט צוגעלאָזט צו דער אַרבעט. די אַדוואָקאַטן ווייסקאָפּ און איידליץ זענען אַוועק אויף שוואַרצער אַרבעט ביים איינלייגן הייזער. אויך מרוווקאָ,

**ניימאַן און וואלק האָבן נישט באַקומען קיין באַשעפטיקונג. אַלע צוזאַמען זענען געשטיצט געוואָרן פון געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט.**[531]

## ג. „קולטור־הויז" און די קינדער־קאָלאָניעס אין מאַרושין

אין פרילינג און זומער 1941 איז, טראָץ דעם שווערן הונגער, רומקאָווסקיס דיקטאַטור און פאַרשטאַרקטן דייטשן טעראָר, ווייטער געפירט געוואָרן צ פיל־פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט, וועלכע האָט געוווּנען די אנערקענונג פון דעם אַליינהערשנדיקן יודענעלטעסטען. רומקאָווסקי האָט געשטיצט די קולטור־טעטיקייט. ער האָט נאָר געוואָלט, אַז אַלץ זאָל זיין אונטער זיין קאָנטראָל. אויך דער ברייטער געזעלשאַפטלעכער פאַרנעם פון דער קולטור־טעטיקייט איז דורך רומקאָווסקין געוואָרן ליקווידירט. ער האָט זיך צוגעקליבן אַ קאָמיסאַר — עקיבא שעניצקי. ער האָט אָנגעפירט מיט דער קולטור־טעטיקייט, וועלכע האָט זיך קאָנצענטרירט אין לאָקאַל אויף קראַוויעצקי גאַס נומ' 3. דער דאָזיקער לאָקאַל איז דורך שעניצקין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטער פון קאָנצערטן, טעאַטער־שפּיל און פאַרוויילונג און באַקומען דעם נאָמען „קולטור־הויז". שעניצקי האָט זיך באַמיט צוציען צו דער אַרבעט פאַרמלחמהדיקע „יידישיסטישע" קולטור־טוער, צווישן זיי איז געווען שמעיה צימערמאַן, וועמענס וווינונג אויף דער שרודמיעיסקע גאַס איז פאַר דער מלחמה געווען אַ היים פאַר פיל שרייבער. אַן אָפטער גאַסט איז דאָרט געווען י. מ. וויסנבערג. מיט דער הילף פון צימערמאַנען, זיין פרוי און אַנ"ד געזעלשאַפטלעכע טוער, האָבן פאַר דער מלחמה אָנגעהויבן צו דערשיינען וויסענבערגס געזאַמלטע ווערק. אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט, אין יאָר 1941, איז צימערמאַן געווען איינער פון די הויפּט־טוער אין „קולטור־הויז" אויף קראַוויעצקע גאַס 3.

דאָס „קולטור־הויז", וואָס האָט פאַרמאָגט קרוב 500 זיצערטער, האָט אין פאַרשידענע צייטן געביטן זיין אויסזען, צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען אין געטאָ־לעבן. קיין אָנפירנדע פאַרוואַלטונג איז דאָרט נישט געווען. שעניצקי איז געווען דער אָנפירער. ביים צוזאַמענשטעלן פּראָגראַמען פון קאָנצערטן האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיט די מוזיקער טעאָדאָר רידער און דוד בייגעלמאַן; וועגן טעאַטער — מיט די אַרטיסטן משה פולאַווער און חיים וויינבערג.

די קאָנצערטן, אונטער דער לייטונג פון די צוויי דערמאָנטע מוזיקער, זענען באַשטאַנען פון צוויי טיילן. דער ערשטער טייל איז געווען יידישע מוזיק — געפירט פון דוד בייגעלמאַן; דער צווייטער — קלאַסישע און אַלגעמיינע מוזיק, האָט דיריגירט ט. רידער. אַלס סאָליסטן זענען אויפגעטרעטן בראָניסלאַוואַ ראָטשטאַט (פידל), פרוי דיאַמאַנט האָט געזונגען פאָלקס־לידער. עס איז אויך אויפגעטרעטן אַ געמישטער כאָר אונטער דער לייטונג פון אַמאָליקן סינאַגאָגע־

דיריגענט — דאָרגוזשאַנסקי. מיט די טעאַטער־פאָרשטעלונגען, מיינסטנס רעווי, האָט אָנגעפירט משה פולאַוער.

מתחלת זענען די קאָנצערטן און פאָרשטעלונגען באַזוכט געוואָרן בעיקר פון די געטאָ־פּני, פון רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, וועלכער האָט שוין דעמאָלס געציילט 12 טויזנט פּערזאָן. שפּעטער זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אימפּרעזעס פאַר די אַרבעטער פון די רעסאָרטן.

אין גאַנג פון די געשעענישן אין געטאָ איז דאָס קולטור־הויז געוואָרן אויך די טריבונע, פונוואַנען רומקאָווסקי האָט „גערעדט צום פאָלק". דאָס פלעגט מייסטנס פאָרקומען ביי גרעסערע קאָנצערטן אין דער אָנוועזנהייט פון די פּאָליצייאישע און ציווילע קאָמיסאַרן פון געטאָ. אין „קולטור־הויז" האָט דער יודענעלטעסטער פּראָקלאַמירט דאָס אַרויסשיקן די ערשטע 10 טויזנט יידן, וועלכע זענען געגאַנגען גלייך אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.[532] דאָס איז געשען ערשט אין אָנהויב ווינטער 1942. דערווייל איז אין הונגעריקן געטאָ געפירט געוואָרן די קולטור־טעטיקייט אויף אַלע געביטן.



פייערלעכע אימפּרעזע אין „קולטור־הויז". עס זיצן אין פּרעזידיום:
פון לינקס אויף רעכטס: ערשטע פּערזאָן — נישט פעסטגעשטעלט, פּרוי אייבעשיץ, ווייטער — נישט פעסטגעשטעלט, פריילין דאָראַ פוקס — רומקאָווסקיס סעקרעטאַ־רין, ח. מ. רומקאָווסקי, קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־פּאָליציי — לעאָן ראָזענבלאַט, יוזעף רומקאָווסקי — ברידער פונעם יודענעלטעסטען, ה. ב. ליטווין, לעצטע פּערזאָן — נישט פעסטגעשטעלט

אין פרילינג 1941 זענען די גימנאַזיעס און ליציי אַריבערגעפירט געוואָרן אין דעם באַגראַזטן און באַבוימערטן געביט פון מאַרישין. צוזאַמען האָבן דאָרט געלערנט איבער 16 הונדערט יוגנטלעכע. פאַר די שילער זענען אויפגעשטעלט געוואָרן ספּעציעלע קיכן, פון וועלכע מ'האָט ארויסגעגעבן זופּן. שוואַכע שילער זענען אונטערגעשטיצט געוואָרן מיט בעסערער באַשפּייזונג. אָפטמאָל איז רומקאָווסקי מיט זיינע באַגלייטער געקומען אין גימנאַזיע און געהאַלטן רעדעס פאַר די גימנאַזיסטן, גערופן זיי אָנצושטרענגען זיך און צו לערנען.

די באַשפּייזונג פאַר די שילער איז נישט איבערגעטרעטן די הונגער־נאָרמע פון געטאָ, אָבער די גימנאַזיסטן האָבן געהונגערט און געלערנט. געווען צווישן זיי זייער פעיקע, וואָס האָבן אַפילו פאַרדינט ביי געבן לעקציעס שוואַכערע שילער פון די געטאָ־פּני, וועלכע האָבן געקאָנט זיך דערלויבן צאָלן פאַר לערנען. אויך אין דער אָנפירונג מיטן שלוועזן האָט רומקאָווסקי אַריינגעזעצט אַ קאָמיסאַר, וואָס עס האָט אַרויסגערופן פאַרביטערונג ביי די לערער און ביי די שילער און געבראַכט אויך צום באַזייטיקן פון לערער.

אין די גימנאַזיעס זענען געווען טעטיק „קאָמוניסטישע״ קרייזלעך, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען און שטודירט די ווערק פון מאַרקס און לענין. ווייזט אויס, אַז אויך די ציוניסטן האָבן געהאַט אַ ווירקונג צווישן דער שול־יוגנט, ווייל די וואַנט־צייטונג פון די גימנאַזיסטן האָט געהאַט דעם נאָמען „עתוננו״ („אונדזער צייטונג״).

אין זומער 1941 זענען אין מאַרישין אָרגאַניזירט געוואָרן קינדער־קאָלאָניעס. דער יודענעלטעסטער, וועלכער האָט פאַרלוירן יעדן קאָנטאַקט מיט דער געטאָ־געזעלשאַפטלעכקייט, האָט זיך באַמיט צו געווינען די „גאַס״, די מאַסן. צו דעם צוועק זענען איינגעאָרדנט געוואָרן די קאָנצערטן אין „קולטור־הויז״. פאַר די רעסאָרטן און פאַר די קינדער פון די שניידער־אַרבעטער (דער גרעסטער רעסאָרט און דער בונטאַרישסטער עלעמענט) זענען איינגעאָרדנט געוואָרן די קאָלאָניעס אין מאַרישין. גלייכצייטיק זענען דאָרט אויפגעשטעלט געוואָרן יתומים־הייזער. צוליב דער גרויסער שטערבלעכקייט איז שטאַרק געוואַקסן די צאָל פון יתומים, צו וועלכע רומקאָווסקי האָט דעמאָלט, אין פרילינג און זומער 1941, געהאַט אַ וואַרעמע באַציאונג. סך־הכל מיט אַ יאָר און עטלעכע חדשים שפּעטער, האָט דער יודענעלטעסטער די קינדער אַוועקגעגעבן די דייטשן, אָבער די אָנקומענדע שרעקלעכע געשעעניש האָט קיינער נישט פאַראויסגעזען.

„אין מאַרישין איז אויסגעבויט געוואָרן אַ גאַנץ קינדער־שטעטל. גאַנצע גאַסן זענען פאַרנומען געוואָרן פאַר די קינדער. די הייזלעך, ס'רוב הילצערנע, איינשטאָקיקע, זענען צוגעפּאַסט געוואָרן צו דעם צוועק. עס איז אויפן אָרט אויפגעשטעלט געוואָרן אַ באַד־אַנשטאַלט, אַ קינדער־שפּיטאָל און אויך אַן אַפּטייק״. אין מאַרישין האָט רומקאָווסקי אויך געעפנט פענסיאָנאַטן פאַר „פאַר־

דינסטפולע געטאָ־טוער". אַן אָרט אין די פענסיאָנאַטן האָבן באַקומען די בייראַט־מיטגלידער, דאָקטוירים, אַרבעטער פון די רעסאָרטן, מיינסטנס שניידער, וואָס האָבן געווונען רומקאָווסקיס סימפּאַטיע און סתם מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט אַ גוט אויג ביי דעם יודענעלטעסטען. געלעבט האָט זיך דאָרט „וואַרשיינלעך בעסער ווי פאַר דער מלחמה". דער אָפּצאָל איז געווען 5 ר"מ פאַר אַ פּערזאָן. פאַרן פּענסיאָנאַט האָט מען אויך געקויפט וויין. „דאָס איז אַ שרעקלעכע מכה און אַ שאַנד־פלעק אויפן קערפּער פון דער גמינע. דאַכט זיך, אַז אויף דעם וועט מען נישט קאָנען געפונען קיין שום פאַרגעבונג" — האָט געשריבן ד. שעראַקאָוויאַק אין זיין טאָגבוך.

אַ חוץ די גימנאַזיעס זענען אין מאַרישין געווען 3 אַלגעמיינע שולן: צוויי וועלטלעכע און איין רעליגיעזע. ביז סוף זומער 1941 האָבן זיך שוין אין מאַרישין געפונען קרוב 2000 קינדער. אין די קינדער־קאָלאָניעס האָבן גע־אַרבעט איבער הונדערט דערציער און דערציערינס און צוויי דירעקטאָרן.

ביזן סוף שול־יאָר 1941 — דאָס איינציקע פאַקטישע שול־יאָר אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט — האָבן אין 42 שולן געלערנט איבער 17.000 קינדער. עס זענען אויך געווען טעטיק שולן: פאַר צוריקגעשטאַנענע קינדער, פאַר טויב־שטומע און פאַר קינדער־פאַרברעכער.[533]

## ד. ערד־אַרבעט און „איבערשיכטונג" אין געטאָ

די שול־קינדער זענען כמעט אַלע צוגעצויגן געוואָרן צו ערד־אַרבעט. עס קלינגט ווי אַ קוריאָז, אָבער עס איז אַ פאַקט. אין געטאָ איז ביי יעדן ייד געוואָרן אַן אידעאַל צו האָבן אַן „אייגן שטיקל ערד", וואָס איז געוואָרן אַ קוואַל פון חיונה. אויף אַ סך ערטער האָט מען צענעמען דעם ברוק, צעקאָפּעט די ערד און פאַרזעצט מייערן, רעטעכלעך און פּיעטרושקע. די באַוועגונג פאַר באַאַרבעטן די ערד־חלקים איז געקומען פון אונטן, פון די מאַסן און באַלד אונטערגעכאַפּט געוואָרן דורך רומקאָווסקין. ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז אין געטאָ זענען פאַראַן אַ סך ליידיקע הפקר־שטחים און זיי זענען באַלד „נאַציאָנאַליזירט" געוואָרן. ביי דעם פינאַנץ־ אוןווירטשאַפטס־אָפּטייל איז געשאַפן געוואָרן אַ לאַנדווירט־שאַפטס רעפעראַט, וואָס האָט דעם ליידיקן באָדן גענומען אין באַזיץ פונעם יודענעלטעסטען.

אין אָנהויב מערץ 1941 האָט שוין דער פּרעזעס פאַרעפנטלעכט אַ באַ־קאַנטמאַכונג, „באַקאַנטמאַכונג נומ' 229", אין וועלכער עס רעדט זיך מיט גרויס פּאָמפּע „וועגן דער איבערשיכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג און איר אומוואַנדלונג אין אַ פּראָדוקטיוון עלעמענט". דאָס זעלבע ווערט אויך איבערגעחזרט אין אַן אַרטיקל אין דער „געטאָ־צייטונג". דאָס צוטיילן ערד־

שטחים צו באַאַרבעטן ווערט דאָרט באַהאַנדלט ווי די גרעסטע רעפאָרם, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין קאָפּ פונעם „געניאַלן פּרעזעס". פון דעם אַרטיקל דערוווסט מען זיך, אַז דער „לאַנדווירטשאַפט־רעפעראַט" האָט פאַרמאָגט אַרום 50,000 קוואַדראַט־מעטער ערד, וועלכע איז געוואָרן איבערגעגעבן אין אַרענדע צו 200 קוואַדראַט־מעטער אויף אַ משפּחה פון פינף נפשות פאַרן פּרייז פון 20 ר"מ. ווי שוין דערמאָנט, איז די גאַנצע ערד פון געטאָ (פרייע שטחים) געווען „נאַציאָנאַליזירט". אַפילו די קליינע ערד־חלקים ביי די הייזער זענען צוגענומען געוואָרן פון די שכנים און זיי האָבן געקאָנט באַאַרבעט ווערן נאָר פּאָר אַ געוויסן אָפּצאָל. פריי פון אָפּצאָל זענען געווען די שטחים ביי די הייזער נישט גרעסער ווי 100 קוואַדראַט מעטער.

די געפייניקטע און אויסגעהונגערטע געטאָ־יידן האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער דאָזיקער אויסגעטריקנטער און פאַרהאַרטעוועטער ערד און פון איר אַרויסבאַקומען גרינצייג. זריעות האָט געגעבן דער „לאַנדווירטשאַפט־רעפעראַט". ער האָט אויך געגעבן אָנווייזונגען ווי אומצוגיין זיך מיט דער ערד. עס זענען אויף דער טעמע פאַרגעקומען פאַרלעזונגען און רעפעראַטן. אויך קינדער און יוגנט זענען געוואָרן צוגעצויגן צו דער ערד־אַרבעט. די שולן און גימנאַזיעס, באַזונדערס אין דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן שטח אין מאַרישין, האָבן באַקומען ספּעציעלע באָדן־צוטיילונגען. צוזאַמען פאַר אַלע שולן — 11,495 קוו. מעטער. אויף יעדער שול אַרום 300 קוו. מעטער באָדן. די שילער האָבן געאַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון די לערער און צוזאַמען מיט זיי.

נישט יעדע שול האָט געהאַט די צוגעטיילטע ערד נעבן דעם שול־בנין. אין פּרינציפּ האָט יעדער פּעדאַגאָגישער אַנשטאַלט געמוזט באַקומען בחנם זיין חלק ערד, אַפילו ווען דער באָדן איז געלעגן ווייט פון דער שול. דאָס האָט פיל געשטערט אין דער אַרבעט. ווייל דאָס גיין איבער די געטאָ־גאַסן, באַזונדערס נעבן די דראָטן, איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות. די דייטשע וואַכן אויף יענער זייט געטאָ האָבן אָפטמאָל, גלאַט אַזוי זיך, אַריינגעשאָסן אין געטאָ.

טראָץ אַלע שוועריקייטן זענען די שול־קינדער מיט זייערע לערער נישט אָפּגעשטאַנען פון דעם אַלגעמיינער באַוועגונג אין געטאָ צו באַאַרבעטן דעם האָרטן באָדן און אַרויסבאַקומען פון אים וואָס מער פּרוכטן. אויף דער דאָזיקער ערד זענען פאַרזעצט און פאַרזייט געוואָרן פאַלגנדע גרינסן: בוראַקעס, סאַלאָט, פּיעטרושקע, ברוקעוו, אוגערקעס, קרויט, קאַלריבן, אַרבעס און קאַרטאָפל. אויף טייל ערטער זענען אויך געהאָדעוועט געוואָרן פּאָמידאָרן און שפּינאַק.

די ערד־אַרבעט פון די שול־קינדער, ביי די שרעקלעכע באַדינגונגען פונעם געטאָ־לעבן, האָט העלענאַ סמאָלענסקאַ, אַ לערערין אין געטאָ, וואָס האָט איבערגעלעבט די אויסראָטונג, אַזוי כאַראַקטעריזירט:

„דאָס אַרבעטן אויפן פעלד האָט געהאַט צוויי ווערטן: עס האָט אַנטוויקלט ביי די קינדער די פעיקייט פון געבן זיך אַן עצה אין לעבן; עס האָט אויס־געבילדעט ביי זיי די זעלבסטעטיקייט, אויפמערקזאַמקייט און אויסדויער אין דער אַרבעט; פון דער צווייטער זייט האָט עס געוועקט ביי די קינדער ליבע צו פיזישער אַרבעט, צו פעלד־אַרבעט". די אַלע אייגנשאַפטן זענען זייער נויטיק געוועזן אין דעם שווערן געראַנגל פאַרן פיזישן קיום, וואָס יעדער יחיד האָט געפירט אין געטאָ.

פון דער דאָזיקער גערטנעריי־אַרבעט איז פאַרשטענדלעך אויך געוועזן פראַקטישער נוצן: עפּעס מער צום עסן, וואָס עס האָט אין געטאָ געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָל. די שול־קינדער זענען דעריבער געוועזן שטאַרק פאַרביטערט, ווען דער יודענעלטעסטער האָט פאַראָרדנט, אַז די אָראָפּגענומענע גרינצייג דאַרף אָפּגעגעבן ווערן אין די גרינצייג־מאַגאַזינען. די דאָזיקע פאַראָרדנונג איז שפּעטער אָפּגעשאַפט געוואָרן און דאָס געראָטעניש איז צוגעטיילט געוואָרן די קינדער, אָדער פאַרנוצט געוואָרן אין די קיכן ביי די שולן.[534]

## ה. רומקאָווסקיס באַזוך אין וואַרשעווער געטאָ און הימלער אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט

אין יענע חדשים פון פרילינג און זומער 1941, איז דער יודענעלטעסטער דערגאַנגען צו דער העכסטער מדריגה פון זיין מאַכט, כבוד, זעלבסטזיכערקייט און געפיל פון אומפעלבאַרקייט פון זיינע פאַראָרדנונגען. דעם קנעכט פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, וועלכער איז געווען אַ בלינד ווערקצייג אין אירע הענט — האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז דער אומבאַגרענעצטער באַלעבאָס איבערן געטאָ. האַנס ביבאָוו האָט אַלץ געטאָן, כדי צו שאַפן ביי דעם יודענ־עלטעסטן די אילוזיע, אַז ער איז טאַקע דער פאַקטישער הערשער איבערן געטאָ.

אין מאַי חודש, 1941, האָט רומקאָווסקי באַקומען די דערלויבניש צו פאָרן קיין וואַרשע צו ברענגען דאָקטוירים אין לאָדזשער געטאָ. די דייטשע יידן־פאַרטיליקער זענען געווען „שטאַרק פאַרזאָרגט", וואָס אין דעם פון הונגער־אויסגייענדיקן געטאָ פעלן אויס דאָקטוירים. אויך די דאָזיקע רייזע און ווי אַזוי זי איז צושטאַנד געקומען — איז נישט ווי געהעריק אויפגעקלערט. עס איז אַנצונעמען, אַז פאַר די דייטשן איז נויטיק געווען צו ברענגען רומקאָווסקין קיין וואַרשע, כדי ער זאָל דאָרט דערציילן וועגן דעם גליקלעכן לעבן פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ. רומקאָווסקי האָט טאַקע דערציילט אויף אַ צוזאַ־מענקונפט מיט זיינע לאָדזשער לאַנדסלייט, אויף וועלכער עס איז אַנוועזנד געווען דער לאָדזשער פּועלי־ציוניסט מרדכי שוואַרצבאַרט. ער איז אין וואַרשע

געווען אַ מיטאַרבעטער פון רינגעלבלום־אַרכיוו. שוואַרצבאַרט האָט טאַקע נאָטירט אַלץ, וואָס רומקאָווסקי האָט דערציילט וועגן לאָדזשער געטאָ. אין זיין דער־ציילן איז געקומען צום אויסדרוק די גאַנצע גאווה, איינרעדעניש און זעלבסט־זיכערקייט פון דעם יודענעלטעסטען.

רומקאָווסקי האָט דערציילט וועגן זיין אומבאַגרענעצטער מאַכט אין געטאָ, וועגן זיין תפיסה, שפּיאָנען און פּאָליציי; ווי אַזוי ער באַקעמפט זיינע קעגנער, וואָס ווילן ביי אים צונעמען די מאַכט. דער אויספיר פון רומקאָווסקין: „עס איז נישט קיין געטאָ, נאָר אַן אַרבעטס־שטאָט. די מאַכט האָט צו מיר דעם גרעסטן צוטרוי, וויל איך וועל נישט אָפּנאַרן. איך זאָג נישט קיין ליגן. איך האָב געוואָלט געבן די אַרבעטער אַ ביסל רעכט, ווי: קלויבן דעלעגאַציעס, וכדומה. איך האָב מסכים געווען אויסצוהערן זיי, פּונקט, ווי דעם בייראַט און שפּעטער מאַך איך ווי איך פּאַרשטיי". ווייטער האָט ער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אונטערדריקט די אומרוען, דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן.

מ. שוואַרצבאַרד האָט אין זיינע נאָטיצן פאַרצייכנט, אַז רומקאָווסקי האָט זיך געחברט מיט די יידישע געשטאַפּאָ־אַגענטן פון לעשנא 13 („דרייצנטל") און לעשנא 14. ער האָט געגעסן מיטאָג אין זייער רעסטאָראַן אויף לעשנאָ 48 און צוגעזאָגט צו שטיצן די לאָדזשער פּליטים אין וואַרשע מיט 10 טויזנט מאַרק. די לאָדזשער געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָבן דעמאָלס געלעבט אין וואַרשע אַלס פּליטים, האָבן רומקאָווסקין אויפגענומען גאַנץ קאַלט.[535]

דער יודענעלטעסטער האָט פאַקטיש מיטגעבראַכט פון וואַרשע 12 דאָק־טוירים.* כמעט אַלע האָבן פאַר דער מלחמה פּראַקטיצירט אין לאָדזש. די נעמען פון די דאָקטוירים: ד"ר מיכאל עליאַסבערג, ד"ר אַרנא קלעשטשעלסקי, ד"ר אברהם מאַזור, ד"ר סאַלאָמאָן רובינראַט, ד"ר יאַנינאַ האַרטגלאַס, ד"ר בענעדיקט מאָשקאָוויטש, ד"ר יוסף גאָלדוואַסער, ד"ר אַלפרעד לעווו, ד"ר איזאַק סער, ד"ר נעקריטש, פרל' ד"ר אַליציאַ טשאַרנאָזשיל און ד"ר ישראל יצחק גייסט. ער האָט אויך מיטגעבראַכט מיט זיך אַ יוגנטלעכן, לאַנדענבערג, אַ 16־יאָריקן בחור, וועלכער האָט געזאָלט זיין רומקאָווסקיס פּערזענלעכער סעקרע־טאַר, אָבער ער ווערט נישט דערמאָנט אין קיין איינעם פון די אַרכיוו־דאָקומענטן פון געטאָ.[536]

פון וואַרשע איז רומקאָווסקי צוריקגעקומען געשטאַרקט מיט נאָך מער גלויבן אין זיך, וויל דער מצב אין וואַרשעווער געטאָ איז אין פיל הינזיכטן געווען באַדייטנד ערגער, ווי אין לאָדזשער. אויך זיין פּרעסטיזש, אין די אויגן

* לויט די אינפאָרמאַציעס פון ד"ר סער, האָט רומקאָווסקי געבראַכט פון וואַרשע 20 דאָקטוירים, אָבער אין דער געטאָ־צייטונג ווערן אויסגערעכנט נאָר די אויבנגעבראַכטע נעמען פון 12 דאָקטוירים.

פון דער הויף־קליקע, האָט זיך שטאַרק געהויבן, באַזונדערס נאָכדעם, ווי אין ליטצמאַנשטאַט האָט זיך פלוצים באַוויזן דער דייטשער אויבער־תלין — היינריך הימלער און ער האָט „געשמועסט" מיט דעם יודענעלטעסטען. אין דעם טאָג, ווען הימלער איז געווען אין ליטצמאַנשטאַט, איז אין געטאָ דערקלערט געוואָרן אַ הויז־אַרעסט פאַר אַלע יידן. וועגן באַזוך פון הימלערן אין געטאָ האָט רומקאָווסקיס הויף־שרייבער ש. ראָזענשטיין אַזוי פאַרנאָטירט אין זיין טאָגבוך:

„דעם 5 יוני 1941, אַרום האַלב 5 נאָכמיטאָג, איז הימלער, אין באַגלייטונג פון געשטאַפּאָ און אַנד. הויכגעשטעלטע פאַרטרעטער פון דער דייטשער מאַכט, אָנגעקומען אויפן באַלוטער מאַרק. רומקאָווסקי איז פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר דעם אַזוי וויכטיקן גאַסט. צווישן הימלערן און רומקאָווסקין איז פאָרגעקומען דער קורצער דיאַלאָג:

— ווי גייט עס אייך דאָ? — האָט געפרעגט הימלער.

— מיר אַרבעטן און בילדן אַן אַרבעטס־שטאָט.

— און ווי גייט די אַרבעט דאָ?

— כ'מיין נישט שלעכט, זי וועט האָפנטלעך נאָך בעסער זיין. איך טו אַלץ, בכדי צו פאַרגרעסערן און פאַרבעסערן די אַרבעט. מיין דעוויז איז: אַרבעט, רו און אָרדנונג.

— אַרבעט אויך ווייטער לטובת אייערע ברידער אין געטאָ, דאַן וועט שוין גוט זיין.

מיט דעם האָט הימלער פאַרענדיקט זיין געשפּרעך. דער גאַסט האָט באַזוכט דעם גרויסן שניידער־שאָפּ אויף יאַקובאַ 16. די געסט זענען געווען זייער צופרידן פון דער אַרבעט און אויסגעדריקט אָנערקענונג רומקאָווסקין."

ש. ראָזענשטיין גיט נאָך צו: „דער פּרעזעס האָט זיך אַ צופרידענער אומגעקערט אין געטאָ נאָכן באַזוך פון די באַלעבאַטים." 537

רומקאָווסקיס צופרידנקייט און זעלבסטזיכערקייט איז געקומען צום אויס־דרוק אין נייע פאַראָרדנונגען, וואָס האָט נאָך מער פאַרשווערט און פאַרענגט דאָס לעבן אין געטאָ.

ביז חודש מאַי 1941 איז אין געטאָ נאָך געווען אַ „פרייער האַנדל" מיט פּראָדוקטן. דאָס האָבן די אָרעמסטע, וועלכע האָבן באַקומען די אונטערשטיצונג („זאַשילקאָווצי") פאַרקויפט אַ טייל פון זייערע שפּייז־פּאַרציעס, כדי צו האָבן געלט אויסצוקויפן די גאַנצע שפּייז־ראַציע. די בעסער סיטואירטע פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע ווידער האָבן פאַרקויפט דעם איבערפלוס פון זייערע שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן באַקומען דורך פּראָטעקציע און אויף אַנדערע אופנים. די „באַקאַנטמאַכונג נומ' 273" האָט פאַרבאָטן דעם האַנדל מיט שפּייז, וואָס שטאַמט פון די ראַציעס.

אַ פאַראָרדנונג פון חודש יוני האָט אויך פון גרונט־אויס געענדערט די

פאָרם פון אַרבעטסלאָזע־שטיצע, וועלכע רומקאָווסקי האָט איינגעפירט אונטערן דרוק פון די דעמאָנסטראַציעס אין אויגוסט־סעפּטעמבער 1940. לויט דער נייער פאַראָרדנונג איז די אַרבעטסלאָזען־שטיצע געוואָרן געהעכערט פאַר אַלע, וועלכע האָבן געהאַט אַ רעכט אויף איר. דערפאַר אָבער האָבן די מקבלים געמוזט אַרבעטן אין געטאָ פון 10—14 טעג אין חודש — בחנם: מענער אין עלטער פון 17—50 יאָר און פרויען פון 17 ביז 40 יאָר. פון דער אַרבעט זענען געוואָרן באַפרייט קראַנקע, וואָס ברענגען אַ צייגניש פון דאָקטאָר, פרויען, וועלכע דערציִען קינדער ביזן 14 יאָריקן עלטער. גלייכצייטיק האָט די פאַראָרדנונג געגעבן אַ לוין־צוגאָב פאַר די נישט־באַשעפטיקטע פאַמיליע־מיטגלידער פון די באַאַמטע.[538]

מיט דער דאָזיקער פאַראָרדנונג, וועלכע האָט פאַקטיש איינגעפירט צוואַנגס־אַרבעט אין געטאָ, האָט רומקאָווסקי דערגרייכט צוויי זאַכן: ער האָט די אָרעמע געטאָ־איינוווינער נאָך מער געמאַכט אָפּהענגיק פון זיין אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, וועלכער האָט געקאָנט אויפצווינגען די שווערסטע און אומאַנגענעמסטע אַרבעטן אין געטאָ אָדער גאָר באַפרייען פון זיי. גלייכצייטיק איז עקאָנאָמיש געוואָרן געשטאַרקט די באַאַמטן־ און פּאָליציי־באַזע, אויף וועלכער עס האָט זיך געשטיצט דער יודנעלטעסטער.

יעדע נייע פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין אין יענער צייט, וואָס איז געוואָרן באַגלייט מיט זידלערייען און גראָבע אָנפאַלן אויף דער געטאָ־באַפעלקערונג — האָט דעם אינערלעכן סדר פון געטאָ אַלץ מער דערנענטערט צו דער פאָרם פון היטלערס דריטן רייך: פירער־סיסטעם, צוואַנגס־אַרבעט, סעלעקציע, ווער עס זאָל פאַרבלייבן אין געטאָ, תפיסה און צוואַנגס־אַרבעט פאַר באַשטראָפטע, ברייט־צעצווייגטע פּאָליצייאישע אויפזיכט איבער די געטאָ־איינוווינער, אויך דורך שפּיאָנירן און אונטערהערן.* דער דאָזיקער מצב האָט געוויסע פאָרשער פון דער אויסראָטונגס־תקופה געברענגט צו דער נישט־ריכטיקער מסקנה, אַז אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט האָט געהערשט אַזאַ סיסטעם, ווייל די שטאָט האָט געהערט צום דריטן רייך און דאָרט האָבן געמוזט הערשן די געזעצן פון היטלער־דייטשלאַנד. אַזאַ איינשטעלונג איז געשטיצט אויף אַ טעות.

ווי שוין דערמאָנט, איז דער דייטשער מאַכט לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען די אינערלעכע אָרדנונג אין געטאָ. די „געטאָ־געזעצגעבונג“, אויף וויפיל זי איז נישט געווען אין סתירה מיט די דייטשע פּלענער פון באַרויבונג, אויס־

---

* אין דער „געטאָ־צייטונג“ נומ׳ 11/12 האָט רומקאָווסקי זיך באַרימט, אַז ער האָט 80 אָרדנונגס־דינסט־לייט, וועלכע שפּיאָנירן נאָך דעם פאַרקויף פון לעבנסמיטל. בעת זיין צוזאַמענטרעף מיט לאָדזשער לאַנדסלייט אין וואַרשע, האָט ער געזאָגט: „איך האָב מיין געהיים־פּאָליציי“ (בלפג״ש ב׳ VIII, נומ׳ 3—4, ז׳ 129).

נוצונג פון דער אַרבעטס־קראַפט און פאַרטיליקונג פון די יידן. דאָס דערנענטערן זיך פון סדר אין געטאָ צום סדר פון דריטן רייך, איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פונעם געטאָ־לעבן, וואָס האָט געשטייגערט אין רומקאָווסקין די „פירערישע" און מאַכטגיריקע נייגונגען. די דייטשן האָבן נאָר אַלץ געטאָן צו שאַפן ביי דעם געטאָ־„פירער" די אילוזיע, אַז די „בעהערדען" האָבן צו אים צוטרוי, ווייל ער איז ערלעך און האָט דאָס געטאָ פאַרוואַנדלט אין אַן אַרבעטס־שטאָט.

די דאָזיקע אילוזיע איז געשטאַרקט געוואָרן דורך צוואַרפן פון צייט צו צייט דעם געטאָ עפּעס אַ „פאַרבעסערונג", וואָס רומקאָווסקי האָט פאַרשריבן אויף דער קאָנטע פון זיינע דערגרייכונגען. אָבער אויך ביי די דאָזיקע פאַר־בעסערונגען האָט די דייטשע מאַכט געהאַט אירע צילן, וואָס זענען געווען אין הסכם מיט דעם יידן־אויסראָטונגס־פּלאַן. אַזוי איז געווען מיטן אויפשטעלן אַ באַן־סטאַציע אין געטאָ, אין ראַדעגאַסט, וואָס איז פּאַקטיש געווען אַ פאַר־ברייטונג צום אַרויספירן די ערשטע טראַנספּאָרטן קיין כעלמנאָ. צוליב דעם צוועק איז אויך געלאָזט געוואָרן אין גאַנג אַ טראַמוויי אין געטאָ, וועלכער האָט אָנגעהויבן קורסירן אין חודש סעפּטעמבער 1941. דער באַדינונגס־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון יידן, וועלכע זענען צוערשט דורכ־געגאַנגען אַ ספּעציעלע אויסשולונג פאַר מאָטאָר־פירער.

אין אַ בריוו צום יודענעלטעסטען האָט ביבאָוו געשריבן: „די פיר פּערזאָן, וועלכע זענען דורך אייך באַשטימט געוואָרן, כדי אויסצולערנען זיך אַרבעטן אויף די טראַמווייען, וועלן אַכט טעג צייט זיין פאַרנומען מיט לערנען אין די הויפּט־וואַרשטאַטן פון ליטצמאַנשטאַטער טראַמוויי. די וואָס לערנען זיך ווערן מיט אַן אויטאָ אָפּגעפירט צום אַרבעטס־פּלאַץ. פאַרן אָפּפאָרן דאַרפן זיי דורכ־גיין אַ דעזינפעקציע. עס איז זיי נישט דערלויבט צו פאָרן מיט עפנטלעכע פאַרקערס־מיטלען. די אויפזיכט ביים אַהין און צוריקפאָרן האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג.[539]

אַזוי אַרום איז אויסגעבילדעט געוואָרן אַ יידישער באַדינונגס־פּערסאָנאַל פאַר דעם געטאָ־טראַמוויי. יידן זענען אין געטאָ „געהאָלפן" געוואָרן מיט אַ פרישן אַרבעטס־פּונקט, צו וועלכן זיי האָבן פאַר דער מלחמה נישט געהאַט קיין צוטריט און דאָס האָט רומקאָווסקי געהאַלטן איז אַ דערגרייכונג פון זיין „קלוגן און גאוניש" אומגיין זיך מיט דער דייטשער מאַכט, ביי וועלכער ער קאָן אַלץ דערגרייכן. פאַרשיכורט פון זיין מאַכט און „דערפאָלג" איז דער יודענעלטעסטער נישט געווען מסוגל זיך אַריינצוטראַכטן אין די קלאָר־געצילטע כוונות פון די דייטשן.

## ט. שטייגנדער טעראָר און די דערשיסונג פון די גייסטיק־קראַנקע

אַלץ, וואָס די דייטשע מאַכט, מיט אירע דריי געטאָ־אינסטאַנצן — גע־שטאַפּאָ, „קריפּאָ“ און געטאָ־פאַרוואַלטונג — האָט פאַראָרדנט און געטאָן אין די פרילינג־ און זומער־חדשים פון יאָר 1941, זענען געווען פאַרברייטונגען צו דער ערשטער גרויסער מאַסן־אויסראָטונג פון די יידן פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ.

אַ חוץ דעם כסדר וואַקסנדן הונגער אין יאָר 1941, האָט אין די פרילינג־ און זומער־חדשים פון יענעם יאָר זיך געשטאַרקט דער טעראָר פון די דייטשן, וועלכן מ׳האָט שטאַרק אָנגעהויבן פילן אין געטאָ, אין סוף חודש יוני, ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זייער מאַרש אויפן ראַטנפאַרבאַנד, האָבן די וואַכן פון יענער זייט געטאָ גענומען אַריינשיסן צו די יידן, עס איז געווען סכנות נפשות צו גיין עטוואָס נעענטער ביי די דראָט־פאַרצוימונגען. עס זענען געפאַלן געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. גלייכצייטיק זענען געוואָרן אַקטיווער די יידישע מוסרים, געשטאַפּאָ־אַגענטן, וועלכע האָבן געמסרט די פאַרשפּרייטער פון ראַדיאָ־ידיעות. 12 פערזאָן זענען אַרעסטירט געוואָרן און מער נישט צוריקגעקומען. לויט די אינפאָרמאַציעס פון דוד שעראַקאָוויאַק זענען דעמאָלס אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע און פערציק פערזאָן. די געשטאַפּאָ־אַגענטן האָבן אויך גענומען זיך פאַרינטערעסירן מיט דער געזעלשאַפטלעך־פּאַרטייאישער טעטיקייט אין געטאָ, וועלכע איז געוואָרן נאָך מער קאָנספּיראַטיוו. אין געטאָ האָט מען געוווּסט וועגן אַלעם, וואָס עס קומט פאָר אויף די פראָנטן, און עס איז געוואַקסן די האָפנונג אויף אַ נצחון פון די סאָוויעטן, וואָס וועט ברענגען די באַפרייאונג.

ביבאָוו, וועלכער האָט געוווּסט, אַז צוזאַמען מיט דער אַקציע קעגן רוס־לאַנד ווערט אויך פאַרשטאַרקט די אַקציע פון דער יידן־אויסראָטונג, האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין געטאָ־געשעפט און פאַר גיין אויפן פראָנט. ער האָט דעריבער געמאַכט ווייטערע באַמיאונגען צו באַווייזן, וויפיל אַרבעטספעיקע יידן עס זענען פאַראַן אין געטאָ, וואָס דאָס איז שוין געווען אַ פאַרברייטונג צו דער קומענדיקער סעלעקציע פון די אַרבעטס־אומפעיקע פאַרן טויטן־לאַגער כעלמנאָ. רומקאָווסקי איז געוואָרן אויפגעפאָדערט פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג צוצושטעלן רשימות פון די אַרבעטנדיקע. „עס איז אומבאַדינג נויטיק צו וויסן ספּעציעל די צאָל פון בעלי־מלאכות, וועלכע געפינען זיך אין געטאָ“ — שרייבט ביבאָוו צום יודענעלטעסטען. גלייכצייטיק האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג אויפגעפאָדערט רומקאָווסקין, ער זאָל צושטעלן אַ רשימה פון קינדער אין עלטער ביז 1 יאָר.

רומקאָווסקי האָט פאַראָרדנט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע מענער און פרויען אין אַרבעטס־עלטער (פון 17—40 יאָר), וועלכע באַקומען אונטערשטיצונג. זיי אַלע זענען פאַרפליכטעט געוואָרן צו אַרבעטן אין געטאָ פאַר דער באַקומענער

אונטערשטיצונג. די פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך נישט צוגעשטעלט צו דער אַרבעט, האָבן פאַרלוירן דאָס רעכט אויף הילף.[540] ווייזט אויס, אַז מיט דער דאָזיקער פאַרפליכטונג צו אַרבעטן פאַר דער באַקומענער אונטערשטיצונג, האָט דער יודענעלטעסטער געפּרווּוט באַווייזן פאַר די דייטשן, אַז אַלע אין געטאָ זענען באַשעפטיקט ביי דער אַרבעט. אָבער אויף דעם דאָזיקן עטאַפּ פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונגס־טעטיקייט, האָט שוין נישט געשפּילט קיין ראָל די אַרבעטס־פעיקייט פון די יידן. די פירער פון דריטן רייך האָבן דאָס יידן־פליישׁ געמוזט צוּוואַרפן דער צעווילדעוועטער דייטשער זעלנער־מאַסע, וואָס האָט געבלוטיקט אויף די שלאַכט־פעלדער אין רוסלאַנד.

די ערשטע גרעסערע מאַסן־אויסראָטונג אויף דעם עטאַפּ אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט, האָבן די דייטשן דורכגעפירט אין סוף חודש יולי 1941. זיי האָבן ליקווידירט דאָס שפּיטאָל פאַר גייסטיק קראַנקע אויף דער וועסאָלאַ גאַס. 57 משוגעים זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צום דערשיסן. „דאָס האָט מען גע־מאַכט אָן שום צערעמאָניעס און גאַנץ אָפן און ציניש דערקלערט דעם צוועק פון אַרויספירן — — —: איבעריקע, אומנוצלעכע מענטשן דאַרפן נישט פאַר־נעמען קיין פּלאַץ אויף דער ערד".[541]

דער דאָזיקער מאַסן־מאָרד איז אין געטאָ אַדורך כמעט אומבאַמערקט. מ'איז שוין ווי צוגעוווינט געווען צו די דייטשע רציחות און פאַרברעכענס קעגן יידן. מיט עכט יידישן גלויבן האָט מען געהאָפט, אַז עס וועט קומען דער טאָג פון אָפּרעכנונג, ווען „דער דייטש וועט איינעמען אַ מפּלה".

דאָס געטאָ האָט ווייטער געלעבט זיין געפּייניקט לעבן. דער שיינער פּוילישער סוף־זומער האָט אַריינגעדרינגען אויך אין געטאָ. דאָס באַווייזן זיך פון טראַמווייען איבער די פאַרחושכטע גאַסן, געפירט פון יידישע מאָטאָר־פירער, די באַן־סטאַציע אין ראַדעגאַסט, דאָס בויען באַראַקן אַרום דער באַן־סטאַציע און ס'פּלוצימדיקע באַווייזן זיך פון פּויערישע פורלעך אין געטאָ — האָט געהייטערט דאָס געמיט. פונוואַנען האָבן די געטאָ־יידן געקאָנט וויסן, אַז די אַלע גוטע זאַכן, וואָס רומקאָווסקיס פירערשאַפט האָט געבראַכט, זענען נישט מער ווי דייטשע פאַרברייטונגען צו דער גרויסער דעפּאָרטאַציע פון יידן אין טויטן־לאַגער? — זיי האָבן וועגן דעם נישט געקאָנט וויסן! דער דייטשער קאַמו־פלאַזש, צוגעגרייט דורך פּראָפעסאָרן־פּסיכאָלאָגן, געלערנטע ראַסן־קענער און יידן־קענער, דורך עכטע זין פון דער אַריש־גערמאַנישער ראַסע — האָט אויס־געצייכנט פאַרמאַסקירט די דייטשע פּלענער פון מאַסן־מאָרד און יידן־אויסראָטונג.

אין סוף זומער 1941, 5 חדשים פאַר אָנהויב פון דער דעפּאָרטאַציע פון 55 טויזנט לאָדזשער יידן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, האָט דאָס געטאָ „אויפגעבליט". אונטער דער דאַטע פון 24־טן אויגוסט 1941 האָט דוד שעראַקאָ־וויאַק געשריבן אין זיין „טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ:

„דאָס געטאָ אַנטוויקלט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פּראַכטפול. ס'אַנט־שטייט אַ גרויסע צאָל שאָפּן און פאַבריקן, וועלכע צוזאַמען מיט די שוין עקזיסטירנדע שאַפּן זיי באמת, אָנצורופן מיט חוזק, אַ יידישן אינדוסטריי־קרייז. מאַרישיק, איינגאַנצן אַן אָפּגעטיילטער קוואַרטל, פאַרמאָגט שוין, אַ חוץ שולן, קאָלאָניעס, האַלב־קאָלאָניעס, אָפּרו־הייזער, אויך אַ גרויסע צאָל פאַבריקן און אַרבעטס־רעסאָרטן, ווי די פּראָדוקציע פון דיוואַנעס, געמאַכט פון שמאַטעס; אַ פאַבריק פון מאַרמאָלאַדע, אַ פאַבריק פון צוקערלעך, אַ שוסטער־שאָפּ, וואַרשטאַטן פון דעקאָראַציע־אויסאַרבעטונג און אַ סך אַנדערע. דאָס אַלץ איז מלוכה'ש, פון עלטעסטען דער יודען.

אין דער שטאָט זענען אַנטשטאַנען אַ גאַנצע ריי נייע שאָפּן, ווי למשל: אַ לעדער־שאָפּ, אַ העפטער־שאָפּ און אַפילו אַ שאָפּ ווו מ'רייניקט מיליטערישע פּוטערס. אַ חוץ דעם אַנטוויקלט זיך כסדר די מעטאַל־אָפּטיילונג, וועלכע האָט וויכטיקע באַשטעלונגען פון די דייטשן. הונדערטער מענטשן באַקומען באַשעפ־טיקונג. און ס'וואָלט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלץ גייט צום בעסערן, ווען נישט די שטערבלעכקייט און הונגער, וואָס וויל זיך נישט פאַרקלענערן. דער קיינמאָל נישט אָפּטרעטנדיקער הונגער."

צו דער דאָזיקער ווירטשאַפטלעכער אויפלעבונג אין געטאָ זענען מיט־אַמאָל אויך אָנגעקומען די אויסגעבענקטע לאַנג־דערוואַרטעטע קאַרטאָפלעס. אונטער דער דאַטע פון 8־טן סעפּטעמבער, 1941, האָט דוד שעראַקאָוויאַק געשריבן אין זיין טאָגבוך:

„קאַרטאָפל. אומעטום פול מיט קאַרטאָפל. אין די רעסאָרטן גיט מען אַ האַלבן קערץ קאַרטאָפל. אַזאַ סכום דאַרפן באַקומען אַלע אַרבעטנדיקע. אין די קוכן מאַכט מען אויף שבת טשאָלנט. די זופּן אַנטהאַלטן אַזאַ סכום פון קאַרטאָפל, וועלכער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אין געטאָ. די פּרייזן פון די זופּן, וואָס ווערן פאַרקויפט אין האַנדל (מ'פאַרקויפט קאַרטן אויף זופּן) זענען זייער געפאַלן."

צו די דאָזיקע אַלע גוטע דערשיינונגען אין געטאָ איז נאָך צוגעקומען דאָס ברוקירן אַ גוטן שאָסיי קיין מאַרישין. די געטאָ־יידן האָבן געגלויבט, אַז דאָס אַלץ ווערט געמאַכט פאַר זייער נוצן און באַקוועמלעכקייט. אַפילו דער אינטעליגענטער און גוטער אָבסערוואַטאָר דוד שעראַקאָוויאַק האָט אויך אַזוי פאַרשטאַנען. אין זיין טאָגבוך שרייבט ער וועגן שאָסיי: „ער דאַרף פאַר אונדז דינען ווי אַ פאַרקירצטן וועג פון דער באַן־סטאַציע מאַרישין צו דער שטאָט און נוצן פון דעם וועלן מיר האָבן. ווייל מ'שמועסט שוין וועגן דעם קומענדיקן שול־יאָר, וועלכעס וועט זיך אָנהייבן אין דער צייט פון די גרויסע רעגנס". 542

דאָס דאָזיקע דערוואַרטעטע שול־יאָר האָט זיך שוין מער נישט אָנגעהויבן. די דייטשן האָבן גענומען אַקטיוויזירן זייער יידן־אויסראָטונגס־פּלאַן.

.32

# דייטשן רעאַליזירן דעם היידריך־פּלאַן פון יידן־אויסראָטונג

## א. אַדאָלף אייכמאַן און זיין געהיימע אָפּטיילונג פאַר יידן־פאַרטיליקונג

אין משך פון יאָר 1940 און אין 1941, ווען די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן זיך שוין געהאַט איינגעפונדעוועט אין די אָקופּירטע לענדער אין אייראָפּע, איז דורך זיי אויך פאַרענדיקט געוואָרן דער ערשטער עטאַפּ אין דער יידן־אויסראָטונג. די יידן אין פּוילן זענען פאַרשפאַרט געוואָרן אין געטאָס און אין אַרבעטס־לאַגערן, אַזוי ווי עס האָט פאָרגעזען דער היידריך־פּלאַן, און די דייטשן זענען צוגעטרעטן דורכצופירן דעם „ענדציל" פון דעם דאָזיקן פּלאַן — די פיזישע אויסראָטונג פון די יידן.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־דערשיסונגען פון יידן אין די לאַגערן, אָבער די דאָזיקע אַקציע האָט נישט באַפרידיקט די פירער פון „דריטן רייך". „עס גייט צו, צו פּאַמעלעך". דעמאָלט איז דורך אייכמאַנען געשאַפן געוואָרן די שטרענג געהיימע „אָפּטיילונג 4 B IV „ביים „רייכס זיכערהייטס הויפּט־אַמט". אַדאָלף אייכמאַן האָט זיך צוגעקליבן פּאַסיקע מענטשן, וועלכע האָבן אין שטרענגסטער געהיימניס גענומען באַאַרבעטן די מעטאָדן פון טאָטאַלער יידן־אויסראָטונג. ער האָט אויפגעשטעלט אַ „וויסנשאַפטלעכן סעקטאָר", וועלכער האָט באַאַרבעט די אָרגאַניזאַציאָנעלע און טעכנישע צוגרייטונגען פון די טויט־קאָמבינאַטן. אין אָנהויב זענען, לויט אייכמאַנס פּראָיעקטן, געשאַפן געוואָרן די טויט־אויטאָס. אין הערמעטיש־פאַרמאַכטע אויטאָס זענען די קרבנות דערשטיקט געוואָרן דורך דעם בענזין־גאַז, וואָס איז אַריינגעפירט געוואָרן אין די טויטן־קאַמערן. די דאָזיקע סיסטעם פון דערשטיקן איז דורך די דייטשן שפּעטער פּראַקטיצירט געוואָרן אין כעלמנאָער פאַרניכטונגס־לאַגער. ביז דער אַנטשטייאונג פון די גרויסע טויט־קאָמבינאַטן אין אָשוויענטשים און מיידאַנעק — אין כעלמנאָ געווען פאַר די יידן־מערדער אַ „מוסטער־אַנשטאַלט", ווו אייכמאַנס געהילפן זענען געקומען זיך לערנען, ווי אַזוי פּראַקטיש אויסצופירן די מאַסן־מאָרד־מלאכה.[542]א

אין מערץ 1941 איז אייכמאַן שוין פערטיק געוואָרן מיט די פּלענער פון

מאַסן־אויסראָטונג פון די יידן. סוף חודש מערץ איז אין פראַנקפורט פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון „אינסטיטוט צו פאָרשן די יידן־פראַגע". אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָט וואַלטער גראָס, דער דעמאָלסטיקער ערן־פּראָפעסאָר פון בערלינער אוניווערסיטעט, אָנגעזאָגט, אַז „די טויט־שעה פאַרן יידישן פאָלק איז אָנגעקומען און מען וועט זי שוין נישט אָפּשרייען.

אַ צווייטער דייטשער געלערנטער, ד״ר ווילהעלם גראַו, איינער פון די אָנפירער פונעם רייכס־אינסטיטוט פאַר געשיכטע פון נייעם דייטשלאַנד, האָט „וויסנשאַפטלעך" באַגרינדעט, אַז „מ׳דאַרף אויסנוצן די גינסטיקע באַדינגונגען און אויף אייביק לעזן דאָס יידן־פּראָבלעם אין אייראָפּע. עס אונטערליגט נישט קיין ספק — האָט געטענהט דער דייטשער געלערנטער קאַניבאַל, אַז „דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט וועט שוין מער ישראל נישט זען, ווייל ס׳וועט פאַרשווונדן ווערן פון אייראָפּע". ב542

די דאָזיקע דייטשע געלערנטע יידן־פאַרטיליקער האָבן גערעדט מיט אַזאַ זיכערקייט, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז אַדאָלף אייכמאַן מיט זיין שטאַב האָבן שוין צוגעגרייט די געהעריקע מיטלען פאַר מאַסן־אויסראָטונג פון יידן. אַדאָלף אייכמאַן מיט זיין געהיימער אָפּטיילונג האָבן צוגעגרייט נישט בלויז די גאַז־קאַמערן, נאָר אויך דעם אופן פון מאַסן־סטעריליזאַציע. אונטער זיין אויפזיכט און לויט זיינע פּלענער זענען צוגעגרייט געוואָרן די שווידערלעכע פייניקונגען וואָס יידישע פרויען און אויך מענער זענען דורכגעגאַנגען בעתן דורכפירן עקספּערימענטן איבער זייערע קערפּערס אין די דייטשע לאַגערן.

די סטעריליזאַציע־עקספּערימענטן פון דייטשן פּראָפעסאָר קלובערג זענען דורך דעם אייכמאַן־שטאַב אַזוי אַנטוויקלט געוואָרן, אַז אויף אַ קאָנפערענץ פון דייטשע יידן־פאַרטיליקער, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּויזן דעם 16־טן יולי 1941 איז איינער פון אייכמאַן־שטאַב — העפנער אַרויסגעטרעטן מיט אַ פּראָיעקט, אַז מ׳דאַרף סטעריליזירן אַלע יידישע פרויען, וועלכע קאָנען געבוירן קינדער.

אין פרילינג 1941 האָבן די דייטשן, לויט אַדאָלף אייכמאַנס פּלאַן אָנגעהויבן צו בויען לאַגערן מיט גאַז־אַפּאַראַטן פאַר מאַסן־אויסראָטונג פון יידן. יעדער אויפבוי פון אַזאַ לאַגער איז געווען פאַרבונדן מיט דעם נאָמען פון אַדאָלף אייכמאַן. אין אַ בריוו־ווערקסל צווישן די אָנפירער פון דער יידן־אויסראָטונג, שרייבט ד״ר וועצעל, אַ קענער פון דער ראַסן־פּאָליטיק:

„כ׳דערלויב זיך אייך אויפמערקזאַם מאַכן, אַז אייכמאַן, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט דער יידן־פראַגע, האָט אויף דעם אויסגעדריקט זיין הסכם (אויף שאַפן לאַגערן מיט גאַז־אַפּאַראַטן). אייכמאַן האָט מיר געמאָלדן, אַז יידן־לאַגערן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין ריגע און אין מינסק". ד״ר וועצעל האָט פאַרענדיקט זיין בריוו מיט פאָלגנדעס: „כ׳האַלט, אַז אין דער איצטיקער סיטואַציע

דאַרפֿן מיר נישט האָבן קיין שום סקרופּולן צו ליקווידירן די נישט אַרבעטס־פּעאיקע יידן״.

זיין סיסטעם פון מאַסן־אויסראָטונג פון יידן דורך גאַז־קאַמערן האָט אַדאָלף אייכמאַן ווייטער אַנטוויקלט דורך אויסבויען מיידאַנעק און פונאַנדערבוי־פון אָשוויענטשים, וואָס איז מתחילת געווען אַן איבערגאַנגס־לאַגער. זומער 1941 האָט מען אָנגעהויבן בויען מיידאַנעק און גלייכצייטיק פאַרברייטערן אָשוויענ־טשים. דער טייוולאָניש גראַנדיעזער דייטשער פּלאַן פון מאַסן־פאַרניכטונג פון יידן איז שוין געווען געניי באַאַרבעט דורך אייכמאַנס געהיימער אָפּטיילונג. העפּנער, אייכמאַנס מיטאַרבעטער, האָט געשריבן קיין בערלין צו זיין שעף: „דער ענין (פון מאַסן־פאַרגאַזונג פון יידן) קלינגט אַביסל פאַנטאַסטיש, אָבער לויט מיין מיינונג איז דאָס אינגאַנצן מעגלעך צו רעאַליזירן.

דורך אייכמאַנען און זיין שטאָב זענען די פאַרניכטונגס־לאַגערן געאָגראַ־פיש פאַרטיילט געוואָרן. פאַרן „וואַרטעלאַנד״, וואָס האָט איינגעשלאָסן אויך לאָדזש איז באַשטימט געוואָרן דער טויטן־לאַגער אין כעלמנאָ, ווו ס׳זענען, לויט די מעטאָדן פון אַדאָלף אייכמאַן פאַרגאַזט געוואָרן איבער 70 טויזנט לאָדזשער יידן, אַ חוץ די טויזנטער יידן פון די שטעטלעך אַרום כעלמנאָ.[543]

## ב. באַראַטונגען פון דייטשע פירער וועגן דער ענדגילטיקער יידן־אויסראָטונג

אין זומער 1941, ווען די לאָדזשער יידן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אין געטאָ־ליטצמאַנשטאָט ווערט „בעסער״, האָבן די פירער פון דריטן רייך, מיט אַדאָלף אייכמאַן בראש, אין שטרענגסטער געהיימניש געגרייט די מאַסן־אויס־ראָטונג פון די יידן אין פּוילן און פון די אַנדערע אָקופּירטע לענדער. אין יענע חדשים זענען אין בערלין פאַרגעקומען עטלעכע קאָנפערענצן און באַ־ראַטונגען צווישן די דייטשע פירער, אויף וועלכע עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן די מיטלען פון דער „ענדלעזונג״ פון דער יודענפראַגע. אויף איינער פון די קאָנ־פערענצן, וואָס איז פאַרגעקומען ביי אייכמאַנען, האָבן זיך באַטייליקט די רעפערענטן פאַר יידישע ענינים ביי דער געשטאַפּאָ. די רעפערענטן האָבן אָפּגעגעבן באַריכטן וועגן גאַנג פון דער פאַרניכטונגס־אַקציע, אַנטשטאַנענע שוועריקייטן און וועגן צושטעלן קאָמוניקאַציע־מיטלען צו איבערפירן יידן אין די טויט־לאַגערן.

אַזאַ פאַרברייטערטע באַראַטונג אויף צוצוגרייטן די „בויטיקע זאַכלעכע אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע און טעריטאָריעלע ענינים איז, דעם 20־טן יאַנואַר 1942, פאַרגעקומען אין בערלין, אין „גראָססען וואַנזעע״. אין איר האָבן זיך באַטייליקט די פאַר־טרעטער פון פאָלגנדע „רייכסמיניסטעריומס״: פאַר די „באַזעצטע״ מזרח־געביטן,

אינערן־מיניסטעריום, באַפולמעכטיקטער פאַר דעם 4 יאָר־פּלאַן, יוסטיץ־מיניסטעריום, אַמט פאַרן גענעראַל־גוווערנעמענט (אָקופּירטער שטח פון צענטראַל פּוילן), אַמט פאַר אויסערלעכע ענינים, פּאַרטיי־אָנפירונג, אַמט פון רייכסקאַנצלער, ראַסע און קאָלאָניזיר־הויפּט־אַמט, רייכס־זיכערהייט הויפּט־אַמט, זיכערהייטס־פּאָליציי און עס.דע. און צווישן די אַלע דייטש־היטלערישע הויפּט־פירער פון דריטן רייך איז אויך געווען — דער ס.ס.־„אָבערשטורעמבאַננפירער" אַדאָלף אייכמאַן.

דער פּראָטאָקאָל פון דער דאָזיקער באַראַטונג פון די פירער פון דייטשן פאָלק אין דער היטלער־צייט מיט דער צושריפט — „געהיימע רייכסזאַכע", איז פאַראַן אין די אַקטן פון נירנבערגער פּראָצעס קעגן די פירער פון דייטשן רייך. לויט דעם פּראָטאָקאָל איז אויף דער דאָזיקער באַראַטונג, מיט דער באַטייליקונג פון אַדאָלף אייכמאַן, געפירט געוואָרן אַ „בעשפּרעכונג איבער דער ענדלעזונג דער יודענפראַגע", וואָס דאַרף אַרומנעמען 11 מיליאָן אייראָפּעישע יידן, דערונטער 2.500.000 פון „וואַרטעגאַו", וואָס האָט אין זיך איינגעשלאָסן אויך די יידן פון געטאָ־ליטצמאַנשטאַט (לאָדזשער געטאָ). די 11 מיליאָן יידן זענען דורך דער דערמאָנטער באַראַטונג פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

אין יענער צייט, אָנהויב 1942, זענען שוין געווען טעטיק די אויסראָטונגס־לאַגערן: כעלמנאָ, אַשוויענטשים, מיידאַנעק, עס האָבן זיך שוין געבויט: טרעבלינקע און אַנדערע טויט־קאָמבינאַטן. דער דייטשער אויסראָטונגס־אַפּאַראַט האָט שוין געאַרבעט מיט דער פולער פאַרע. פון לאָדזשער געטאָ זענען שוין געהאַט אַרויסגעפירט געוואָרן די ערשטע 10 טויזנט יידן קיין כעלמנאָ. די וואַנזעער באַראַטונג מיט אייכמאַנס באַטייליקונג האָט נאָר געדאַרפט באַאַרבעטן די „אָרגאַניזאַטאָרישע, זאַכלעכע און מאַטעריעלע ענינים", וואָס האָבן אַ שייכות צו דער „ענדלעזונג דער יודענפראַגע".

### ג. געטאָ־ליטצמאַנשטאַט — אַ צענטראַל־פּונקט פאַר די „סעלעקציאָנירטע יידן פון די פּאַרטיליקטע קהילות פון וואַרטעגאַו"

די דערמאָנטע וואַנזעער קאָנפערענץ, וואָס איז צוליב טעכנישע סיבות פאַרגעקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג, האָט שוין קיין נייעס נישט געבראַכט, ווייל, ווי שוין דערמאָנט, איז די יידן־אויסראָטונגס־אַקציע אין פּוילן שוין געווען אין פולן גאַנג. זי איז געפירט געוואָרן גענוי לויט די אָנווייזונגען פון דעם היידריך־פּלאַן.

דעם 31־טן יולי, 1941, האָט דער גענעראַל־פעלדמאַרשאַל ה. גערינג

צוגעשיקט אַ באַפעל צו דעם שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי פון עס. דע. און עס. עס., „אָבערגרופּפּענפיהרער" ריינהאַרדט היידריך, וועגן דער ענדגילטיקער לעזונג פון דער יידנפראַגע אין די דייטשע איינפלוס־געביטן אין אייראָפּע. אין דעם באַפעל האָט גערינג באַפּאָלמעכטיקט היידריכן תיכף צוטרעטן דורכצופירן אַלע נויטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע, זאַכלעכע און מאַטעריעלע צוגרייטונג פאַר דער דאָזיקער „ענדלעזונג". א 548

נאָך גערינגס באַפעל האָט אַ פלייץ געטאָן מיט דייטשער מאַסן־אויסראָטונג פון די יידישע ישובים אין ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע, וואָס זענען דעמאָלט, אין זומער 1941, אָקופּירט געוואָרן דורך דער דייטשער אַרמיי, וועלכע איז באַפאַלן ראַטנפאַרבאַנד. גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן די טאָטאַלע אויסראָטונג פון די יידישע קהילות אין אַזוי גערופענעם „וואַרטעגאַו" ווי בכלל אין גאַנץ פּוילן.

אין הסכם מיט דעם היידריך־פּלאַן, וועלכער האָט אין זיין ערשטן טייל, פּאַר. 1, באַשטימט, אַז די יידן פון די קלענערע שטעטלעך דאַרפן קאָנצענטרירט ווערן אין די דערנעבנדע גרעסערע צענטערן — איז אין לאָדזשער ראַיאָן פאָרגעקומען אַ ריי באַראַטונגען פון די אַמטס־קאָמיסאַרן, בירגערמייסטערס און פּרעזידענטן וועגן איבערפירן די „געזאַמטע יודענשאַפט פון וואַרטעגאַו אין ליטצמאַנשטאַטער געטאָ".

וועגן דעם ענין איז געפירט געוואָרן אַ פיבערהאַפטע קאָרעספּאָנדענץ פון די לאַנדראַטן מיט דער געטאָ־פאַרוואַלטונג פון ליטצמאַנשטאַט. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַריינזעצן אין לאָדזשער געטאָ נאָך 100.000 יידן פון די שטעטלעך פון „וואַרטעגאַו".

האַנס ביבאָוו, וועלכער האָט געוווּסט, וואָס פאַרא קאַטאַסטראָפע עס וועט זיין פאַר זיין געטאָ־געשעפט, אויב מ'וועט אין דעם ענגן געטאָ אַריינברענגען נאָך הונדערט טויזנט יידן — האָט זיך שטאַרק קעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן פּראָיעקט. ביבאָוו האָט זיך פאַרופן אויף דער העכערער מאַכט: — „הערן גאָולייטער, הערן רעגירונגס־פּרעזידענט אונד הערן אָבערבירגערמייסטער, וועלכע דאַרפן די פראַגע רעגולירן".

די אָנפירער פון ליטצמאַנשטאַט: בירגערמייסטער מאַרדער, רעגירונגס־פּרעזידענט איבעלהער, האָבן נישט געהאַט דאַקעגן אַריינצונעמען אין ליטצמאַנשטאַטער געטאָ נאָך יידן, אָבער נאָר געזונטע. די קראַנקע יידן האָבן, לויט איבעלהערס פּראָיעקט געדאַרפט בלייבן אויף די ערטער און איזאָלירט ווערן אין אַ באַזונדערן בנין. וואָס ווייטער צו טאָן מיט די קראַנקע יידן, האָט איבעלהער נישט געזאָגט. וועגן דער ענדגילטיקער אויסראָטונג ווערט אין די דייטשע דאָקומענטן אָפיציעל נישט גערעדט. אַזעלכע ענינים ווערן דער־

לייזדיקט אין „מינדלעכע באַשפּרעכונגען". אָבער וואָס דער דייטשער רעגירונגס־פּרעזידענט איבעלהער האָט נישט דערזאָגט, האָט אַן אַנדערער הויכגעשטעלטער דייטשער באַאַמטער געבּרענגט צום אויסדרוק אין זיינעם אַ בריוו קיין בערלין צו אייכמאַנען. אין דעם בריוו אונטער דער דאַטע פון 16־טן יולי 1941, האָט העפּנער, דער אָנפירער פונעם פּויזנער אַמט פאַר באַפעלקערונגס־פּאָליטיק, אַזוי געשריבן:

„עס איז פאַראַן אַ סכנה, אַז דעם אָנקומענדן ווינטער וועלן נישט אַלע יידן קאָנען אַרויסגעפּירט ווערן [פון „וואַרטעגאַו]. מ׳דאַרף דעריבער ערנסט דעצידירן זיך, צי וואָלט נישט געווען מער מענטשלעך אַזאַ מין לעזונג, אַז די יידן זאָלן ווערן אויסגעענדיקט דורך עפּעס אַ לייכט־ווירקנד מיטל. אין יעדן פאַל וואָלט דאָס געווען אַנגענעמער, איידער דערלויבן זיי צו שטאַרבן פון הונגער. דער גאַולייטער [גרייזער] האָט זיך נאָך נישט אַרויסגעזאָגט אין דעם ענין. אָבער איך האָב דעם איינדרוק, אַז איבעלהער ווינטש זיך נישט די ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, ווייל פון דעם געטאָ פאַרדינט מען דאָך גוט. אַלס ביישפּיל ברענג איך דעם פאַקט, אַז פון דער ספּעציעלער קאָנטע פון יעדן אַרבייטנדיקן ייד, האָט די אַרבעטס־לייטונג אויסגעצאָלט 6 ר״מ און דער ייד האָט געקאָסט נאָר 80 פּעניק."

דער רעגירונגס־פּרעזידענט איבעלהער, אַזוי גוט ווי דער סוחר פון ברעמען האַנס ביבאָוו, האָבן טאַקע נישט געוואָלט, אַז דאָס געטאָ־געשעפט זאָל ליקווידירט ווערן, אָדער באַלאַסטעט ווערן מיט קראַנקע יידן, וועלכע דאָס געטאָ וועט דאַרפן אויסהאַלטן און זיי וועלן נאָך פאַרשפּרייטן קראַנקייטן.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, וואָס האָבן געדויערט 4 חדשים, האָט האַנס ביבאָוו באַקומען אַ בריוו פון פּאָליציי־דירעקטאָר, ס. א. אָבערפּירער פון וולאָצלאַוועק — ה׳ וואלע, דאַטירט: ד׳ 20.9.1941, אַז ער שיקט אים אַ טראַנספּאָרט פון 920 יידן פון שטאָט־קרייז לעסלאַו (וולאָצלאַוועק), וועלכע וועלן אָנקומען אין ליטצמאַנשטאַט, אין „ראַדעגאַסט (געטאָבאַנהאָף)". פּאָק־מיש זענען פון וולאָצלאַוועק אין די אַרומיקע שטעטלעך, אַרויסגעשיקט גע־וואָרן קיין לאָדזש 3082 יידן.[544]

*

וועגן די דערמאָנטע אונטערהאַנדלונגען צווישן די דייטשע נאַטיאַנאַליקעס האָט מען, פאַרשטענדלעך, אין לאָדזשער געטאָ נישט געוווּסט. די לערער און שול־לייטונג האָבן זיך געגרייט פייערלעך צו פאַרענדיקן דאָס שול־יאָר, דאָס ער־שטע פולע שול־יאָר מיט פּאָלקס־, מיטעלער און ליצעאַלער בילדונג אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט. מ׳האָט זיך געגרייט צו פייערן די ימים־נוראים און סוכות מיט

זאַטערע מאכלים ווי אין די פאַריקע ימים טובים אין געטאָ. ערב ראש־השנה האָט דער יודענעלטעסטער, דורך דער פּאָסט, צוגעשיקט די קינדער, אין עלטער פון 2—7 יאָר, פּעקלעך מיט צוקערוואַרג און טאַלאָנען אויף צוויי יום־טובדיקע אָונט־מאָלצייטן.

דער ראש־השנה אין געטאָ איז אין יאָר 1941 אַדורך זייער פייערלעך. פּנחס ווינדבוים האָט אין זיינע זכרונות אַזוי באַשריבן יענעם ראש־השנה:

„אויף ראש־השנה איז געוואָרן אַ ביסל לייכטער אויפן האַרץ. די דייטשן האָבן דערלויבט צו עפענען בתי־כנסת. קיין שולן זענען אין געטאָ נישט געווען, האָט מען געדאַוונט אין פּריוואַטע שטובן. אויף דער מאַריאַנסקאַ גאַס האָט זיך געעפנט אַ גרויס גערער שטיבל, וווּ דער באַרימטער בעל־תפילה ר׳ יאָסעלע כענטשינער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד. מ׳האָט אויך געדאַוונט ביי אונדז אין שטוב, וווּ מיין פאָטער ר׳ גרשון חנוך ווינדבוים איז געווען בעל־תפילה״.

אין דער „ווילקער שול״, ווי עס האָט זיך גערופן די שול אין געוועזענעם קינאָ „בייקאַ״ אויף פראַנציסקאַנער גאַס 31, האָט געדאַוונט רומקאָווסקי, וועלכן דער חזן יחיאל וואָלף פון לאָדזש האָט אין זיינע זכרונות אַזוי געשילדערט:

„דער עולם שטייט איינגעהילט אין די טליתים, אין די ווייסע קיטלען. אויבנאָן — באַזונדער ביי אַ שטענדער שטייט דער פּרעזעס מרדכי חיים רומקאָווסקי. די זילבער־ווייסע געדיכטע האָר פונעם קאָפּ קאָן מען קוים אונטערשיידן פון זיין ווייסן קיטל און זילבערנער עטרה פון זיין טלית און זילבער־קאַפּעלע אויפן קאָפּ״.

ווי יעדעס מאָל ביים דאַוונען האָט רומקאָווסקי גערעדט „מעניני דיומא״. ער האָט אָנגעזאָגט נייע גזירות, וואָס עס וואַרטן אויף די יידן אין געטאָ. באַלד נאָך ראש־השנה האָט מען שוין אין געטאָ גערעדט וועגן די גזירות.

דוד שעראַקאָוויאַק האָט דעם 24־טן סעפּטעמבער באַטירט אין זיין טאָגבוך:

„מ׳ווייסט שוין וועגן וואָס עס גייט: די נאָענטסטע טעג וועלן זיי שיקן אין געטאָ אַריין עטלעכע צענדליק טויזנט יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך. ריכטיקער געזאָגט — פרויען מיט קינדער, ווייל דער גרעסטער רוב מענער זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט. די ערשטע פּאַרטיע דאַרף קומען פון וולאָצלאַוועק. עס איז, וואַרשיינלעך, פאַראָרדנט געוואָרן שטרענגע מעדיצי־נישע גרייטקייט, ווייל מ׳דערוואַרט, אַז צווישן די פּאַרטריבענע זאָלן זיין קרבנות פון פאַרשידענע פּאָגראָמען, וואָס מ׳האָט אויף זיי געמאַכט אין וועג. דערווייל זענען אין געטאָ די שפּייז־אַרטיקלען צווייפאַך טייערער געוואָרן. עס וועט וואַרשיינלעך זיין ווייניקער ברויט און קאַרטאָפל — — — עס וועט זיך ווידער אָנהויבן אַ קאָמפּלעטער הונגער״.[545]

## ד. די גולים פון וולאָצלאַוועק און אומגעגנט און דער סוף פונעם שולוועזן

אָנהויב אָקטאָבער זענען אין לאָדזשער געטאָ אָנגעקומען די גולים פון וולאָצלאַוועק און אומגעגנט. עס זענען געקומען צעשלאָגענע, אָפּגעריסענע און געפּייניקטע יידן, מייסטנס פרויען מיט קינדער און זקנים, אין דער צאָל פון 3082 פּערזאָן. נאָר 920 זענען געווען פון וולאָצלאַוועק, די אַנדערע פון די שטעטלעך: לובראַניעץ — 762 פּערזאָן, בזשעשטש־קויאַווסק — 399, כאָדעטש — 316, קאָוואַל — 668 פּ׳ און די רעשט פון לענטשיץ. די יוגנטלעכע און אַרבעט־פּעיקע האָבן די דייטשן שוין געהאַט פון פריער צוגענומען.

דער טראַנספּאָרט גולים, וואָס איז געקומען פון וולאָצלאַוועק און אומגעגנט, איז געווען דער אָנהויב פון פאַרוואַנדלען דאָס לאָדזשער געטאָ אין אַ קאָנצענטרירטן עטאַפּ־פּונקט אויף צו שיקן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, וואָס האָט זיך ערשט געהאַלטן אין בויען. אויך אין דעם אָניאָגן יידן פון פאַרשידענע ערטער אין די צענטראַלע געטאָס, ווי געטאָ ליטצמאַנשטאַט איז געוואָרן פאַרן „וואַרטעגאַו״, איז געלעגן די דייטשע פּערפידיע פון אויסבאַהאַלטן די כוונות פון דער ענדגילטיקער יידן־אויסראָטונג. עס איז געגאַנגען די דייטשן אין דעם: צו צעמישן די באַגריפן ביי די געפּייניקטע געטאָ־יידן — „אויב מ׳ברענגט נייע טראַנספּאָרטן, איז אַ סימן, אַז דאָס געטאָ בלייבט״; די פריש געקומענע, וואָס זענען דורכגעגאַנגען פאַרשידענע פּיין און פיל מאָל געזען דעם טויט פאַר די אויגן, האָבן מיט זייער דערשלאָגנקייט גערדאַרפט אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די אַלטע געטאָ־איינוווינער און מאַכן אוממעגלעך דאָס צוזאַמענריידן זיך. אין דעם אַלעם איז געקומען צום אויסדרוק די דייטשע פּחדנות פאַרן ווידערשטאַנד פון די שוצלאָזע, אומבאַוואָפנטע יידישע מאַסן. אַמבולטסטן האָט מען דאָס געזען אין לאָדזשער געטאָ.

צוליב דעם אָנקומען פון די ערשטע פּאַרטיעס גולים פון אַנדערע שטעט אין לאָדזשער געטאָ, איז פּריצייטיק פאַרענדיקט געוואָרן דאָס שול־יאָר און עס איז בכלל געקומען דער סוף צום לעגאַלן, מאָדערן־אָרגאַניזירטן שולוועזן. די שול־בנינים אין מאַרישין זענען פאַרנומען געוואָרן פאַר די היימלאָזע גולים. ספּעציעלע באַאַמטע באַשטימטע דורך רומקאָווסקין, האָבן זיך באַשעפטיקט מיט די אומגליקלעכע. קינדער אָן עלטערן האָט מען אָפּגעפירט אין די יתומים־הייזער, קראַנקע — אין די שפּיטעלער און אַלטע — אין זקנים־הויז, וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ.[546]

באַלד נאָך דעם טראַנספּאָרט פון די גולים פון וולאָצלאַוועק און אומגעגנט האָט רומקאָווסקי צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע לערער פון געטאָ און דערקלערט, אַז „צוליב דעם, וואָס אין געטאָ דאַרפן אָנקומען 20 טויזנט

יידן פון „אַלטרייך" [פון דייטשלאַנד] ווערן איבערגערוקט די שול־פּעריען, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין ערשט אין ווינטער. דער איבערייס אין די למודים הייבט זיך שוין אָן און ווייטער וועט מען זען. דער יודענעלטעסטער האָט אויך געוואָרנט, אַז מ'זאָל נישט לערנען קיין „תלמוד", ווייל פאַר דעם לימוד דראָט אַ גרויסע שטראָף מצד די דייטשן. דאָס דערנערן די שול־קינדער וועט ווייטער פאָרקומען. די לערער וועלן טיילוויז זיין באַשעפטיקט ביי די גולים. זייער געהאַלט וועלן זיי ווייטער באַקומען".

רומקאָווסקי האָט געהאַלטן וואָרט. פאַר די שול־קינדער, יונגערע און עלטערע, זענען געעפנט געוואָרן באַשפּייזונגס־פּונקטן: אין קינאָ „בייקאַ", ווו עס איז געווען די „ווילקער שול"; אין קולטור־הויז און אין 2 פאָלקס־קיכן. די שול־למודים האָבן זיך שוין מער נישט אָנגעהויבן. אָבער די אָנפירונג פון דער שול־אָפּטיילונג האָט אַרויסגעגעבן שול־צייגנישן פאַר די וואָס האָבן געענדיקט די פאָלקס־שולן און גימנאַזיעס, און מאַטורעס (רייפקייטס־צייגנישן) פאַר אַבסאָלווענטן פון ליציי.

## טעקסט פון אַ שול־צייגניש אַרויסגעגעבן פון ליציי

עלטעסטער דער יודען אין ליטצמאַנשטאַט

מ ר ד כ י ח י י ם ר ו מ ק אָ ו ו ס ק י.

הומאַניסטישער פרויען־ליצעום.

### צ י י ג נ י ש

שיפּפער עווא.

געבוירן אין לאָדזש אין יאָר 1923, פון משה'ס גלויבן, איז געוואָרן אָנגענומען אין ליצעום, אין שול־יאָר 1939/40, אויפן סמך פון שול־צייגניש. אין שול־יאָר 1940/41 האָט זי געענדיקט דאָס לערן־פּראָגראַם אין די ראַמען פון אַ ליצעום און באַלייגט דעם סוף־עקזאַמען פאַר דער עקזאַמיניר־קאָמיסיע מיט פאָלגנדע לעצטע שטופן:

רעליגיע — זייער גוט.

תנ"ך — גוט.

העברעישע שפּראַך און ליטעראַטור — גוט.

יידישע געשיכטע — גוט.

ליטצמאַנשטאַדט־געטאָ, ד. 26־סטן סעפּטעמבער 1941, נומ' 10/24

יודענעלטעסטער אין ליטצמאַנשטאַט

)—( מ. רומקאָווסקי

דירעקציע:

)—( ס. ריין

)—( א. ווייקסלפיש

עקזאַמיניר־קאָמיסיע:

— ס. לעוו

— ד"ר א. קאַמיענעצקי

— מגר' י. שווערפינגער

— פ. וואַרשאַווסקי

— י. קוליק.[547]

## ה. די פרייד מיט די אתרוגים אין געטאָ

דער יום־טוב סוכות איז אין געטאָ אַדורך אין אַ שטאַרק גדריקטער שטימונג. ס׳האָבן געאַרבעט די רעסאָרטן און די קראָמען זענען געווען אָפן. מ׳האָט מורא געהאַט, אַז די דייטשן זאָלן זיך נישט טשעפּען. די פרומע יידן האָבן זיך באַמיט אָפּצוהיטן דעם יום־טוב און געהאַט אַ גרויסע פרייד מיט די 4 אתרוגים, וועלכע זענען, מ׳ווייסט נישט ווי אַזוי, געקומען אין געטאָ. פנחס ווינדבוים האָט אין זיינע זכרונות אַזוי געשריבן וועגן די אתרוגים:

„אויף סוכות איז קיין לאָדזש אָנגעקומען 4 אתרוגים (איך ווייס נישט פון ווו). טויזנטער יידן זענען געשטאַנען אין דער ריי, פון פינף פרי, אויף בזשעזשינער גאַס ביי דער וווינונג פון ר׳ נחמיה׳לע, אַ ברודער פון גערער רבי, כדי צו קאָנען בענטשן מיט דעם איינציקן אתרוג, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען.״

בן־ציון בורשטין האָט אין זיינע זכרונות דערציילט: יידן זענען גע־שטאַנען אין אַ ריי נאָך פערד־פליישׁ. עס איז געווען סוכות, פרומע יידן זענען געגאַנגען פונעם דאַווענען. עס איז דורכגעגאַנגען דעם פאַביאַניצער רבינס איידעם. ער האָט געטראָגן אַן אתרוג און אַ לולב. אַ ייד איז אַרויס פון דער ריי און זיך צעוויינט, ווייל ער מוז מחלל יום־טוב זיין צוליב טריפה פלייש. דער ייד איז אַוועק מיטן רבין בענטשן אתרוג. בורשטין דערמאָנט אויך, אַז עס איז געווען אַ לאַנגע ריי ביים בענטשן אתרוג.[548]

דעם צווייטן טאָג סוכות ביים דאַווענען האָט שוין רומקאָווסקי אין זיין דרשה אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען אין געטאָ פון 20 טויזנט יידן פון „אַלטרייך״. ער האָט פאַרזיכערט, אַז עסן וועט זיין גענוג און נאָר „ציימוויליק״ שיקט מען נישט צו קיין קאַרטאָפל, וואָס עס נוצן אויס די פּאַסקאַזשעס. צוליב דעם אָנקומען פון די צוואַנציק טויזנט יידן, וועט מען אין געטאָ זיך מוזן צונויפדריקן און וווינען צו עטלעכע משפחות אין איין צימער. דער מצב אין געטאָ איז געוואָרן ערנסטער. מ׳האָט מער גענומען טראַכטן וועגן מאָרגנדיקן טאָג.[549]

## ו. די יידן פון „אַלטרייך״ און דער „ציגיינער־לאַגער״ אין לאָדזשער געטאָ

די פּלאַנירטע דייטשע יידן־אויסראָטונג האָט אין לאָדזשער געטאָ געמאַכט נאָך אַ שריט ווייטער אין דער ריכטונג פון פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ ליטצמאַנ־שטאַט אין אַן עטאַפּן־פּונקט אויף אָפּצושיקן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.

דעם 16־טן אָקטאָבער, 1941, אַרום 4 אַ זייגער נאָכמיטאָג, איז אויפן „באַנהאָף אין ראַדעגאַסט״ אָנגעקומען דער ערשטער טראַנספּאָרט פון 998 ווינער

יידן. ווייטער זענען אין משך פון 19 טעג, ביז דעם 4.11.1941, אָנגעקומען אויפן זעלבן „באַנהאָף" יידן־טראַנספּאָרטן פון ווין, פּראָג, בערלין, קעלן, לוקסעמבורג, פראַנקפורט אַם מיין, האַמבורג און דיסלדאָרף. צוזאַמען 20 טראַנספּאָרטן פון — 19.837 יידן.

דער „ביולעטין קראָניקי צאָדזשעננע" האָט אַזוי באַשריבן דאָס אויסטער־לישע בילד פונעם אָנקומען פון די מיטל־אייראָפּעישע יידן: „עס זענען געווען נישט פאַרגעסלעכע בילדער, ווען אויף די מאַרישינער גאַסן האָבן מאַרשירט די ערשטע אַרויסגעטריבענע. שפּעטער האָט זיך שוין דאָס מענטשלעכע אויג צוגעוווינט צו דער דאָזיקער דערשיינונג. אָבער ווי פאַנטאַסטיש האָבן די ווינער [יידן] אויסגעזען אויף דעם פאָן פון מאַרישין אין יענעם געדענקלעכן טאָג פון 17־טן אָקטאָבער 1941, אין זייער, אין פיל פאַלן, טיראָלישער הלבשה, אין גרינע קאַפּעלושן מיט פעדערן, לאַנגע לולקעס, באַלאַסטעט מיט די פאַרוויקלטע שירעמס, באַטעריעס און טערמאָסן און אין די קורצע גוראַלישע פוטערלעך."

זייער אָנקומען האָט טאַקע מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אויסערגעוויינלעך טראַגיש בילד, אָבער נאָך טראַגישער איז געווען זייער ווייטערדיק אַריינפּאַסן זיך אין דעם טרויעריק־וויסטן, שמוציקן, הונגעריקן לעבן, וואָס די דייטשן האָבן צוגעטיילט דעם געטאָ ליטצמאַנשטאַט.

דער ווייט־גרעסטער רוב פון די מיטלאייראָפּעישע יידן, וועלכע די דייטשן האָבן מיט ביטערקייט, שווינדל און ברוטאַלער איבערמאַכט, פאַרטריבן אין לאָדזשער געטאָ — האָבן ביזן פאַרלאָזן זייערע היימען נישט געקאָנט זיך אַפילו פאָרשטעלן צו וואָס פאַראַ מצב די דייטשן האָבן דערפירט די פוילישע יידן. צווישן די פאַרטריבענע האָבן זיך געפונען אַ גרויסע צאָל געלערנטע, קינסטלער, מוזיקער און אָנגעזעענע יידישע פערזענלעכקייטן ווי: דער באַרימטער ראָק־פאָרשער — פּראָפ' ווילהעלם גאַספּארי, לודוויק בערוואַלד — פּראָפ' פון מאַטע־מאַטיק אין דייטשן אוניווערסיטעט אין פּראָג, הוגאָ דיטץ — באַרימטער כעמי־קער, ד"ר בערנאַרד הייליק — וועלט־באַרימטער עקאָנאָמיסט, אַנטאָן קראַפּט — פידל־ווירטואָז, דאַן די עסייאיסטן ד"ר אָסקאַר ראָזענפעלד און ד"ר אָסקאַר זינגער, קונסטמאַלער, אַרטיסטן און זינגער; פאַמיליען־אָנגעהעריקע פון באַראָן הירש און אַנ"ד.

די צוואַנציק טויזנט יידן, דערצויגן אויף דער מערב־אייראָפּעישער קול־טור, אויף דער דייטשער ליטעראַטור און פילאָזאָפיע, האָבן זיך פּלוצים דערזען — אַריינגעשליידערט אין אַ שרעקלעכן עמק־הבכא פון אוממענטשלעכער פּיין, אויסגעשטעלט אויף הונגער, דחקות און נויט, וואָס זיי האָבן אין זייערע היימען, אַפילו ביי די מלחמה־באַדינגונגען, זיך נישט געקענט פאָרשטעלן.

ד"ר ל. שיקער, וועלכער איז ווי אַ שפּיטאָל־דאָקטאָר געקומען אין

קאָנטאַקט מיט די אומגליקלעכע גולים האָט אַזוי געשילדערט זייער מצב באַלד נאָכן אַריינגעשפּאַרט ווערן אין געטאָ:

„פון שמועסן מיט די גולים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט זייערע פאַרמעגנס. פאַרמעל האָט עס געהייסן, אַז מ'האָט עס אָפּגעקויפט. דאָס געלט פאַר די אָפּגעקויפטע זאַכן איז בלאָקירט געוואָרן אויף אַ ספּעציעלער קאָנטע. אויף דעם חשבון האָבן די דייטשן צוגעזאָגט יעדן חודש צוצושיקן גרויסע ראַטעס, צו 500 ר"מ. די גולים האָט מען אויך פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן אין דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג באַקומען הויכע אַמטן, ווייל די מזרח־יידן קאָנען נישט ווי געהעריק אַרבעטן. איינער פון די געקומענע דאָקטוירים האָט דערקלערט, אַז לויט דער פאַראָרדנונג פון געזונטהייטס־מיניסטעריום [דייטשישן], דאַרף ער, דער דאָקטאָר, באַקומען דעם אַמט פון הויפּט־דאָקטאָר אין געטאָ.

אַ לענגערע צייט האָבן די דאָזיקע יידן נישט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס אַלץ איז דייטשער בלאָף. זיי האָבן געהאַט מער צוטרוי צו די דייטשן ווי צו אונדז. אַ סך פון זיי האָבן נאָך געטראָגן דייטשע אויסצייכנונגען. ביי איינעם האָב איך אַפילו געזען אַן אויסצייכנונג, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן דורך היטלערן מיט דער אייגנהענטיקער אונטערשריפט פונעם פירער.

די גולים זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין די שולן און אין אייניקע רעסאָרטן. באַלד דעם ערשטן אָוונט איז צו זיי געקומען אויף באַזוך דער רע־גירונגס־פּרעזידענט איבעלהער אין באַגלייטונג פון אַ גרויסער סוויטע. דער דייטשער גדול האָט דערקלערט, אַז ער האָט גרויס פאַרגניגן צו זען די דאָזיקע פאַרעלנדטע יידן. ער איז זיכער, אַז לאַנג וועלן זיי נישט אויסהאַלטן ביי אַזעלכע באַדינגונגען. כדי די אומגליקלעכע זאָלן נישט האָבן וועלכע עס איז אילוזיעס וועגן דער ווייטערדיקער באַציאונג צו זיי, האָט איבעלהער מיט זיינע באַגלייטער גענומען בעסטיאַליש שלאָגן די נייע איינוווינער פון געטאָ".[550]

*

באַלד נאָכן אָנקומען פון דעם לעצטן פון די צוואַנציק טראַנספּאָרטן מיטל־אייראָפּעישע יידן, דעם 5־טן נאָוועמבער 1941, 4.55 אַ זייגער נאָכמיטאָג, איז אויפן „באַנהאָף אין ראַדעגאַסט" אָנגעקומען דער ערשטער טראַנספּאָרט פון 998 לעבעדיקע און צוויי טויטע ציגיינער — לויט דעם אָפיציעלן דייטשן באַריכט. אַזוי זענען אין משך פון 4 טעג ביז דעם 9.11.1941 אָנגעקומען פינף טראַנספּאָרטן פון 4,989 לעבעדיקע און 11 טויטע ציגיינער. דער משפחה־מצב פון די דאָזיקע גולים איז לויט אָפיציעלע דייטשע ציפערן געווען פאָלגנדער: 836 משפחות, צווישן זיי — 3,789 קינדער און 1,211 דערוואַקסענע.

מיט די יידן פון מיטל־אייראָפּע האָט זיך פאַרנומען אַ ספּעציעלער אַמט,

וואָס רומקאָווסקי האָט אַליין אָרגאַניזירט. זיי זענען אַלע איינגעאָרדנט געוואָרן אין די געוועזענע שול־לאָקאַלן און אין אַנדערע בנינים. מיט די ציגיינער האָט זיך פאַרנומען די דייטשע מאַכט. אויף אַ באַפעל פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג האָט דער יודענעלטעסטער געמוזט אָפּטיילן עטלעכע צענדליק הייזער אויף בזשעזשינער גאַס, ביים סוף פונעם געטאָ, און דאָרט איז דורך יידישע אַרבעטער איינגעאָרדנט געוואָרן דער ציגיינער־לאַגער. פאַר דער „קריפּאָ" און אַנדערע דייטשע באַאַמטע, וואָס האָבן דאָרט אַמטירט, האָט די רומקאָווסקי־אַדמיניס־טראַציע געמוזט צושטעלן דאָס געהעריקע מעבל. די רומקאָווסקי־מאַכט האָט אויך געמוזט באַשפּייזן דעם ציגיינער־לאַגער און באַזאָרגן מיט דאָקטוירים. ביי די אָפּרעכנונגען מיט ביבאָוון, האָט רומקאָווסקי באַקומען אַ „פאַרגיטיקונג" פאַר דעם ברויט, וואָס ער האָט באַזאָרגט אין ציגיינער־לאַגער. ביז דעם 15־טן דעצעמבער 1941 האָט די רומקאָווסקי־אַפּראָוויזאַציע צוגעשטעלט אין ציגיינער־לאַגער 5,650 דריי־קילאָדיקע ברויטלעך.

די פינף טויזנט ציגיינער זענען אויף אַ באַזונדערס בעסטיאַלישן אופן געפּייניקט געוואָרן דורך די דייטשן, וואָס זענען ספּעציעל אַהינגעשיקט געוואָרן אין די נעכט. דאָס געשריי און געיאָמער, וואָס האָט אין די נעכט זיך געטראָגן פונעם ציגיינער־לאַגער, האָט נישט געלאָזט שלאָפן די געטאָ־איינוווינער, וועלכע האָבן געוווינט אין שכנות מיט דעם לאַגער.

באַלד האָט אויסגעבראָכן דאָרט אַ טיפוס־עפּידעמיע. פון די פּייניקונגען און קראַנקייטן זענען די ציגיינער מאַסנווייז אויסגעשטאָרבן. לויט דער פאַר־אָרדנונג פון דער דייטשער מאַכט, האָט מען זיי מקבר געווען אויפן יידישן בית־עולם. אויך דריי יידישע דאָקטוירים האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס אין ציגיינער־לאַגער און געשטאָרבן: ד"ר דובסקי און קאַרל בעם,ביידע פון פּראָג, און דער לאָדזשער דאָקטאָר אהרן ניקעלסבערג. סוף 1941 האָבן די דייטשן אַ טייל פון די ציגיינער אויסגעשאָסן אויפן אָרט און די רעשט אַרויסגעפירט.

אין געטאָ האָט מען געשמועסט, אַז דאָרט זענען נישט געווען קיין ציגיינער, נאָר פּאָליטישע אַרעסטירטע פון פאַרשידענע פעלקער, צווישן זיי אויך יידן. סימנים: די קברנים פון יידישן בית־עלמין האָבן איבערגעגעבן, אַז צווישן די מתים זענען געווען געמל'טע. און יידן, וואָס האָבן נאָכן אַרויספירן די ציגיינער געאַרבעט ביים ברענגען אין אָרדנונג דעם געוועזענעם לאַגער, האָבן איבערגעגעבן, אַז דאָרט זענען געווען אַ סך אייראָפּעישע מלבושים.[551]

דאָס אַריינברענגען אין געטאָ די צוואַנציק טויזנט יידן פון מיטל־אייראָפּע, דער ציגיינער־לאַגער און זיין טראַגישער סוף, וועגן וואָס אַלע האָבן געוווּסט, דער אַלץ־שטייגנדער הונגער — האָט אַרויסגערופן אַן אויסערגעוויינ־לעכע דענערווירונג ביי די געטאָ־איינוווינער. זיי האָבן געפילט, אַז עס רוקן זיך אָן שרעקלעכע סכנות אויפן געטאָ.

.33

# ערשטע גרויסע דעפּאָרטאַציע פון לאָדזשער געטאָ אין טויטן־לאַגער בעלמנאָ

## א. דער מצב ערב דער דעפּאָרטאַציע

עס איז געקומען דער דעצידירנדער מאָמענט, ווען דער יודענעלטעסטער, ווי דער פירער פון דער דאָזיקער אומגליקלעכער געטאָ־עדה, האָט געדאַרפט ביי זיך באַשליסן, ביז ווי ווייט וועט ער גיין אין זיין נאָכגיביקייט לגבי די דייטשן. צי ער וועט זיינע געטאָ־יידן אויסליווערן דעם בלוטיקן שונא, וועמענס מערדערישע טעטיקייט לאָזט נישט איבער קיין שום צווייפל, אָן זיך צו פרעגן, וואָס זיי, די אכזריותדיקע דייטשן, טאָן מיט די יידן.

דער דאָזיקער דעצידירנדער מאָמענט האָט אָבער נישט אויפגעטרייסלט דאָס נאַציאָנאַלע און מענטשלעכע געוויסן פונעם „הויף־ייד". די אינסטיטוציע פון „הויף־ייד" האָט דעגענערירט. רומקאָווסקיס פאָרגייער זענען גרייט געווען אונטערצוקויפן מיט געלט די יידן־שונאים, חנפענען זיך צו זיי, דינען געטריי זייער מאַכט. דער דעגענערירטער „הויף־ייד" פון דער סאָציאַל־דעגענערירטער דייטש־היטלערישער עפּאָכע, איז געגאַנגען ווייטער: ער איז גרייט געווען אונטערצוקויפן דעם שונא מיט מענטשלעכע קרבנות, מיט יידישע קרבנות. און דאָס פיינלעכסטע ביי דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע איז געווען, וואָס קיינער פון דעם יודענעלטעסטענס מקורבים און אויך נישט די אָנפירער פון דער געטאָ־געזעלשאַפטלעכקייט האָבן נישט געפּרוּווט אָפּצוהאַלטן אים פון זיינע פאַרברעכערישע מעשים.

בן־ציון בורשטין, וועלכער איז געשטאַנען נאָענט צו די רעליגיעזע פירער אין לאָדזשער געטאָ, האָט געשריבן אין זיינע זכרונות:

„אין דער צייט פון ערשטן גירוש, ווען מ'האָט נאָך נישט געוווּסט, צו וועלכן צוועק די דייטשן דאַרפן האָבן דעם מענטשן־מאַטעריאַל, האָט רומקאָווסקי גערופן אויף אַ זיצונג דעם גאַנצן ראַבינאַט און געפרעגט ביי די רבנים אַ מיינונג, וואָס פאַראַ קאַטעגאָריע מענטשן ער זאָל אַרויסגעבן: אַרבעטס־מענטשן, קראַנקע, אָדער קינדער? ער זעלבסט איז געווען ביי דער מיינונג — אַז קראַנקע און קינדער. ווייל געזונטע זענען אים געווען נויטיק פאַר די רעסאָרטן. די תשובה פון די רבנים איז געווען, אַז זיי קאָנען גאָר זאָגן וועמען נישט אַרויסצוגעבן: תנוקות של בית רבן און קראַנקע — קאָנען גאָרנישט

קומען אין באַטראַכט; ווען יאָ — דאַרף דעצידירן די פּערזאָן, וועלכע פירט די אונטערהאַנדלונגען.״

אָבער דער דאָזיקער נישט דרייסטער זאָג פון די גייסטיק־רעליגיעזע פירער פון די לאָדזשער יידן אין יענער צייט, האָט נישט געקאָנט דעצידירנד ווירקן אויף דעם יודענעלטעסטען און ער איז אַוועק אויפן פאַרברעכערישן וועג פון אויסליווערן זיינע יידן צו די דייטשן.

אויך מצד די אָנפירער פון די פּאַרטייען האָט רומקאָווסקי נישט באַגעגנט קיין אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד קעגן אַרויסגעבן די דייטשן די געפּאַדערטע צאָל יידן פון געטאָ. עס איז שווער געווען זיך צו דערטראַכטן צו די מערדערישע כוונות פון די דייטשן. די פּאַרטיי־פירער אין לאָדזשער געטאָ האָבן דעריבער זיך באַמיט אָפּצוראַטעווען זייערע פּאַרטיי־מיטגלידער פון דער דעפּאָרטאַציע.

ישראל טאַבאַקסבלאַט האָט געשריבן אין זיינע זכרונות: „אַלע פּאַרטייען האָבן צוגעשטעלט יעדן טאָג רשימות פון זייערע אַקטיווע מיטגלידער און דער לייטער פון דעם דאָזיקן אָפּטייל, דער שרייבער פון די שורות [טאַבאַקסבלאַט] האָט די קאַרטן געהאַט אַרויסגעצויגן פון דער קאַרטאָטעק * און זיי פאַרניכטעט. אַזוי אַרום זענען עטלעכע טויזנט פּאַרטיי־מיטגלידער אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון דער ערשטער אויסזידלונג.״

דער טוער אין אונטערערדישן בונד אין לאָדזשער געטאָ יעקב נירנבערג דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז רומקאָווסקי האָט געוואָלט אַריינציען דעם בונד אין דער „אויסזידלונג״־קאָמיסיע פאַר דעם פּרייז פון נישט אַרויסשיקן פון געטאָ „די פאַמיליעס פון געזעלשאַפטלעכע גרופּעס״. דער בונד האָט אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע ווענדונג פון רומקאָווסקין. נירנבערג דערמאָנט אָבער נישט, אַז זיין פּאַרטיי זאָל האָבן געמאַכט וועלכן עס איז פּרוּוו אויפצוהייבן אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג קעגן די דעפּאָרטאַציעס. די אָנפירער פון בונד האָבן אינטערווענירט פאַר אייגענע פּאַרטיי־חברים, מ'זאָל זיי נישט אַרויסשיקן — פאַר די יוגנטלעכע פעפי, זילבערשאַץ אאַנ״ד און די אינטערווענץ האָט נישט געהאָלפן — האָט נירנבערג געשריבן אין זיינע זכרונות. א[551]

אַזוי ווי עס איז נישט געקומען צו קיין שום געזעלשאַפטלעכער אַקציע אָדער פּראָטעסט קעגן די דעפּאָרטאַציעס, האָט אויך די ברייטע מאַסע פון דער געטאָ־באַפעלקערונג אויפגענומען גאַנץ גלייכגילטיק דעם ערשטן גרויסן

---

* עס האַנדלט זיך וועגן דער קאַרטאָטעקע פון דער אונטערשטיצונגס־אָפּטיילונג. לויט אַ פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין זענען די פאַרעגיסטרירטע אויף אונטערשטיצונג געווען די ערשטע קאַנדידאַטן אַרויסגעשיקט צו ווערן פונעם געטאָ.

דייטשן אָנהויב פון ליקווידירן דאָס לאָדזשער געטאָ דורך דעפּאָרטירן אין כעלמנאָער טויטן־לאַגער איבער אַ דריטל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג.

*

הגם אין נאָוועמבער חודש האָט מען שוין געשמועסט אין געטאָ וועגן שווערע גזירות און וועגן דעפּאָרטאַציעס, איז דאָך דאָס לעבן אין געטאָ געגאַנגען מיט זיין „נאָרמאַלן" גאַנג. אין דער צווייטער העלפט פון חודש נאָוועמבער 1941 זענען אין „קולטור־הויז" פאָרגעקומען, ווי געוויינלעך, קאָנצערטן „מיט דער באַטייליקונג פון צוגעפאָרענע כוחות" (די אומגליקלעכע דעפּאָרטירטע קינסטלער פון מיטלאייראָפּע).

דער „ביולעטין פון טעגלעכער כראָניק" באַטאָנט אין זיין איבערזיכט: „די דאָזיקע קאָנצערטן זענען פון דער ערשטער מינוט אָן געוואָרן די אַטראַקציע פאַר מוזיק־ליבהאָבער. כדאי צו דערמאָנען, אַז צוליבן באַזעצן זיך פון דער פרישער באַפעלקערונג, האָט דאָס געטאָ באַקומען אַ גאַנצע ריי טאַלאַנטירטע פּיאַניסטן, זינגער. ספּעציעל פּאָרדינט אויסגעטיילט צו ווערן די פּאָרטעפּיאַן־אַרויסטרעטונגען פון דעם מייסטער בירקנפעלד פון ווין. יעדער קאָנצערט פון בירקנפעלד איז אַ גרויסער יום־טוב פאַר די געטאָ־מעלאָמאַנען." אין דעם נוסח באַריכטעט אויך דער „ביולעטין" וועגן די קאָנצערטן אין אָנהויב חודש דעצעמבער 1941.

די ערשטע וואָך פון חודש דעצעמבער — אַ חודש מיט עטלעכע טעג פאַרן אַרויסשיקן צום טויט די ערשטע 10,000 יידן, איז אין געטאָ געווען, לויטן „ביולעטין", „אַ וואָך פון קולטור און פאַרווײַלונג". עס זענען געגעבן געוואָרן רעוויו־פאָרשטעלונגען פאַר אַרבעטער אין די רעסאָרטן פון: שניידער, שטרוי־שיך־אויסאַרבעטונג און ד פאַכן.

„עס איז פאָרגעקומען אַ סימפאָנישער קאָנצערט פון אָרקעסטער אונטער דער לייטונג פון טעאָדאָר רידער" ווידער ווערט דערמאָנט דער ווינער פּיאַניסט בירקנפעלד, וועלכן די דייטשן האָבן פאַרטריבן פון זיין היים־שטאָט אין לאָדזשער געטאָ.

„דער פּיאַניסט האָט מיט גרויס טאַלאַנט געשפּילט פאָלגנדע שאַפונגען: שובערטס „די נישט געענדיקטע סימפאָניע", בעטהאָווענס „לבנה־ראַפּסאָדיע", די צווייטע ראַפּסאָדיע פון ליסט און עטלעכע שאַפונגען פון מענדעלסאָנען.

אויף דעם פאָרשלאָג פון פּרעזעס האָט דאָס קולטור־הויז דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון די מוזיקער און קינסטלער, וועלכע זענען געקומען אין געטאָ. עס זענען רעגיסטרירט געוואָרן 60 מוזיקער, זינגער, טעאַטער־אַרטיסטן און 10 קונסט־מאָלער" — האָט באַריכטעט דער „ביולעטין קראָניקי צאַ־דזשעננעי"

אויפן סמך פון די פאַראַנענע אַרכיוו־דאָקומענטן, וואָס דערציילן פון יענעם חודש, ערב דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע אין טויטן־לאַגער, לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן צי די דאָזיקע קאָנצערטן און פאַרוויילונגען אין „קולטור־הויז״ זענען אינספּירירט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט, כדי צו פאַרמאַסקירן אירע מאַסן־מאָרד־כוונות. מ׳קאָן אָבער געפונען אַנאַלאָגיעס מיט דער דאָזיקער דייטשער טעטיקייט אין אַנדערע געטאָס, ווו ערב יעדער גרויסער מאַסן־אויסראָטונג פון יידן, האָט זיך פּלוצים אָנגעהויבן אַ „קולטור־אויפלעבונג״, פאַרבונדן מיט קאָנצערטן און פאַרוויילונגען פאַר דעם בעסער סיטואירטן שיכט אין געטאָ. מ׳קאָן דעריבער אָננעמען, אַז אויך וועלכן עס איז אופן זענען די דאָזיקע פאַרוויילונגען, ערב דעם טרייבן צום טויט, אינספּירירט געוואָרן דורך די דייטשן אָדער דורך זייערע אַגענטן אין געטאָ.

אין דערזעלבער צייט, ווען אין געטאָ איז געווען „אַ וואָך פון קולטור און פאַרוויילונג״, האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט דער ערשטער גרויסער דייטשער אויסראָטונגס־לאַגער — כעלמנאָ, נעבן יידישן שטעטל קויל (קאָלאָ). דער אויסראָטונגס־לאַגער האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט דעם 8־טן דעצעמבער 1941. די ערשטע קרבנות זענען דאָרט געווען די יידן פון די שטעטלעך דאָמביע, סאַמפּאָלנע, קאָלאָ, טורעק, קלאָדאָווע, בעלכאַטאָוו, פּאַביאַניץ און אַנדערע שטעטלעך, און דאַן איז געקומען די ריי אויפן לאָדזשער געטאָ.

סוף דעצעמבער 1941 האָט שוין דאָס געטאָ געוווסט, אַז אויפן פאַרלאַנג פון די דייטשן מוזן 10 טויזנט יידן פאַרלאָזן דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאָט. וועגן דעם האָט אָנגעזאָגט רומקאָווסקי אויף אַ קאָנצערט אין „קולטור־הויז״, אָבער דער ווייט גרעסטער רוב — די אַרבעטער אין די רעסאָרטן, אין אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט און זייערע משפּחות, די פריש־אָנגעקומענע פון מיטל־אייראָפּע האָבן געמיינט, אַז זיי איז די דעפּאָרטאַציע נישט נוגע. די מיטל־אייראָפּעישע יידן זענען דאָך נאָר וואָס געווען נאָך אַ דעפּאָרטאַציע. די באַשעפטיקטע זענען דאָך „נוצלעכע יידן״.

סוף חודש דעצעמבער האָבן נאָך די געטאָ־איינוווינער באַקומען אַ נייע אַטראַקציע: די חתונה פון פּרעזעס רומקאָווסקי. דער „ביולעטין קראָניקי צאַ־דזשענניי״ האָט דעם 31־טן דעצעמבער 1941 פאַרצייכנט: „אין חודש דעצעמבער איז דאָס גאַנצע געטאָ געווען פאַרנומען מיט דער חתונה פון פּרעזעס רומ־קאָווסקי״.

אין דעם דאָזיקן גורלדיקן חודש האָט ביבאָוו, ווייזט אויס אויפן באַפעל פון דער געשטאַפּאָ, גענומען זיך פאַרינטערעסירן: וויפיל קינדער אין עלטער ביז 1 יאָר געפינען זיך אין געטאָ און אויך געפאָדערט פון רומקאָווסקין צוזו־שטעלן דעם אַדרעס פון יצחק קאַצענעלסאָן, וועלכער האָט פריער געוווינט אויף

זאַוואַדזקע 43. רומקאָווסקי האָט געענטפערט, אַז קאַצענעלסאָן איז אַוועק פון לאָדזש און דער יודענעלטעסטער ווייסט נישט ווו ער געפינט זיך.[551א]

*

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאָס יאָר 1941 אין לאָדזשער געטאָ. עס איז געווען דאָס ערשטע יאָר אין געטאָ־לעבן, ווען פאַרשטאַרקטער הונגער, קראַנקייטן, דייטשע דערשיסונגען, פאַרפייניקונגען און אַרויסשיקונגען אויף צוואַנגס־אַרבעט האָבן צעפּערטלט די געטאָ־באַפעלקערונג, וועמענס צאָל איז געפאַלן קאַטאַסטראָפאַל און זיך געהויבן ערשט אין הערבסט, מיטן אָנקומען פון די גולים פון וולאָצלאַוועק און אומגעגנט און פון די שטעט פון מערב און מיטל־אייראָפּע. עס זענען אויך געקומען קראַנקע און נוטה־למות׳ניקעס, וועלכע די דייטשן האָבן צוריקגעשיקט פון די אַרבעטס־לאַגערן צו שטאַרבן אין לאָדזשער געטאָ.

די באַפעלקערונגס־באַוועגונג אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט אין יאָר 1941 שטעלט זיך אַזוי פאָר:

טאַבעלע 6

| חודש | מצב אין אָנהויב חודש | געבורט | שטערבלעכקייט | געקומען | אַרויסגעפאָרן | פאַרקלענערונג פון צאָל נפשות | מצב אין סוף חודש |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| יאַנואַר | 154.045 | 78 | 1.231 | 42 | 411 | 1.522 | 152.523 |
| פעברואַר | 152.523 | 50 | 1.066 | 35 | 171 | 1.152 | 151.371 |
| מערץ | 151.371 | 40 | 1.033 | 16 | 211 | 1.188 | 150.183 |
| אַפּריל | 150.183 | 23 | 952 | 106 | 1.072 | 1.895 | 148.288 |
| מאַי | 148.288 | 23 | 999 | 178 | 1.083 | 1.881 | 146.407 |
| יוני | 146.407 | 37 | 933 | 480 | 415 | 831 | 145.776 |
| יולי | 145.776 | 65 | 898 | 148 | 229 | 914 | 144.862 |
| אויגוסט | 144.662 | 75 | 977 | 336 | 21 | 587 | 144.075 |
| סעפּטעמב. | 144.075 | 49 | 765 | 50 | 9 | 675 | 143.400 |

ווי מיר זעען פון דער אויבנגעבראַכטער טאַבעלע איז די גרעסטע שטערבלעכקייט אין געטאָ געווען אין די ווינטער־חדשים, ווען הונגער און קראַנקייטן האָבן געמאַכט זייער בלוטיקן שניט. אין משך פון די 9 חדשים אין יאָר 1941

האָט די געטאָ־באַפעלקערונג זיך פאַרקלענערט אויף 10.645 נפשות, איבער 6 פראָצ. אין די חדשים אָקטאָבער, נאָוועמבער, פאַרגרעסערט זיך באַדייטנד די צאָל פון די געטאָ־איינוווינער מיט די אַריינגעבראַכטע יידן פון מיטל־אייראָפּע און די 5000 ציגיינער. גלייכצייטיק ווערן אין די דערמאָנטע חדשים אַרויסגעשיקט אויף אַרבעט 1.834 פערזאָן. ווי עס ווייזט די ווייטער געבראַכטע טאַבעלע. אין חודש דעצעמבער פאַרגרעסערט זיך ווידער די שטערבלעכקייט און צום 1־טן יאַנואַר 1942 האָט דאָס געטאָ געהאַט 162.245 נפשות.[552]

טאַבעלע 7

| מצב אין סוף חודש | וווקס פון צאָל נפשות | אַרויסגעפאָרן | געקומען | שטערבלעכקייט | געבורט | מצב אין אָנהויב חודש | חודש |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 159.102 | 15.702 | 702 | 17.020 | 643 | 27 | 143.400 | אָקטאָבער |
| 163.193 | 4.101 | 1.132 | 6.137 | 931 | 27 | 159.092 | נאָוועמבער |
| *162.245 | —948 | 7 | 50 | 1.028 | 37 | 163.193 | דעצעמבער |

## ב. רומקאָווסקי דעצידירט ווער עס זאָל אַרויספאָרן

אין „בּיולעטין קראָניקי צאַדזשענניי", אונטער דער דאַטע פון 20־טן דעצעמבער 1941, איז געוואָרן מיטגעטיילט: „די דייטשע מאַכט האָט אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ מיט רומקאָווסקין און פאַרלאַנגט, אַז 20 טויזנט פערזאָן זאָלן פאַרלאָזן דאָס געטאָ. דעם פּרעזעס האָט זיך איינגעגעבן אָפּצודינגען אויף 10 טויזנט". דערביי האָט דער יודענעלטעסטער באַקומען נאָך אַ „הנחה": אויפן סמך פון דער „געטאָ־אויטאָנאָמיע" וועט דער פּרעזעס אַליין דעצידירן ווער ס'זאָל אַרויספאָרן. די „כראָניק" אינפאָרמירט אויך, אַז „וואַרשיינלעך וועלן די אַרויס־געשיקטע איבערגעזעצט ווערן אין קליינע שטעטלעך", וואו עס זענען נישט פאַראַן קיין אַפּראָוויזאַציע־שוועריקייטן. די ידיעות קומען משמעות פון די הויכע פענצטער, פון רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע".[552א]

אין דעם אייגענעם טאָג, ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן וועגן רומקאָווסקיס פאַרשטענדיקונג מיט די דייטשן מכוח אַרויסשיקן 10 טויזנט יידן, איז אין „קולטור־הויז" פאַרגעקומען אַ קאָנצערט פאַר די פּני פון געטאָ: לייטערס פון רעסאָרטן, קאָמיסאַרן און קאָמענדאַנטן פון „אָרדענונגס־דינסט" (יידישע פּאָליציי), ריכטער, נאַטשאַלניקעס פון אַרבעטס־אַמט, קאָמענדאַנט פון געטאָ־

* פאַרקלענערונג פון דער צאָל נפשות אויף 948.

תּפֿיסה — הערצבערג. נאַטשאַלניקעס פֿון דער „קאָמיסיע פֿאַר ספּעציעלע לייסטונגען" א. אַנד.

נאָכן קאָנצערט איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע רומקאָווסקי, ווי עס ווייזט אויס, האָט דער יודענעלטעסטער געוואָלט אַליין פֿאַרשרייען זיין געוויסן. ער האָט גענומען זידלען די אַלע, וואָס באַקומען שטיצע און אַרבעטן נישט, ער איז באַפֿאַלן מיט גראָבע ווערטער די גולים פֿון די פּראָווינץ־שטעטלעך, וועלכע טראָגן אַריין „הפקרות" אין געטאָ, פּאָליטיקירן צופֿיל און ווילן נישט אָפּגעבן די פֿוטערס, וועלכע מ'דאַרף אָפּליפֿערן די דייטשן. „איצט — האָט געזאָגט דער פּרעזעס מיט גרויס אויפֿרעגונג — וועט קומען אַ סוף צו די, וואָס זענען נישט געגאַנגען אַרבעטן. 10 טויזנט פּערזאָן מוזן פֿאַרלאָזן דאָס געטאָ. די דייטשע מאַכט האָט פֿאַרלאַנגט 20 טויזנט" אָבער אים, רומקאָווסקין, האָט זיך איינגעגעבן אויסצופּועלן, אַז די צאָל זאָל פֿאַרקלענערט ווערן אויף אַ העלפֿט.

דער יודענעלטעסטער האָט, ווייזט אויס, נישט געהאַט די זיכערקייט, אַז זיין „בשורה טובה" וועט אַזוי גוטמוטיק אויפֿגענומען ווערן און ער האָט אָנגענומען אַ דעצידירנדיקן טאָן: „ווער ס'וועט זיך קעגנשטעלן מיינע פֿאַר־אָרדנונגען, וועל איך אויסראָטן. ווען עס וועט נויטיק זיין וועל איך אַרעסטירן. אויב איך וועל דאָס נישט טאָן, וועט עס טאָן אַן אַנדערער. און איך האָב די פֿולע דרייסטקייט צו זאָגן, אַז איך וועל בלייבן אויף מיין אַמט".

די ווייטערדיקע אינפֿאָרמאַציעס פֿון „ביולעטין" דערציילן: רומקאָווסקי האָט אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט פּערזאָנען, וועלכע פֿאַרנעמען הויכע אַמטן אין דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע און עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָמיסיע פֿון פֿינף: דער לייטער פֿון דער עווידענץ — אַדוו. נאַפּטאַלין, פּאָליציי־קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט, פֿאָרזיצער פֿון געריכט — אַדוו. יאַקאָבסאָן, קאָמענדאַנט פֿון געטאָ־תּפֿיסה הערצבערג, פּאָליציי־שעף פֿון מאַרישינער ראַיאָן בלעמער און דער לייטער פֿון אַדמיניסטראַטיוון שטראָף־אַפּאַראַט — גרינבערג. אָט די קאָמיסיע האָט עס געדאַרפֿט אויספֿירן די דייטשע מאָרד־מלאכה און אַרויסטרייבן אַ טייל יידן פֿון געטאָ.

לויט דעם פּלאַן פֿון דער קאָמיסיע האָבן די צען טויזנט קאַנדידאַטן צום אַרויסשיקן געדאַרפֿט ווערבירט ווערן אויף פֿאָלגנדיקן אופֿן: צוויי טויזנט פֿון די פּראָווינצער גולים; די איבערגעבליבענע פֿאַמיליעס פֿון געטאָ־איינוווינער, וואָס מ'האָט אַרויסגעשיקט אויף אַרבעט און פּערזאָנען, וועלכע זענען געקומען אין סתירה מיט רומקאָווסקיס שטראָף־קאָדעקס.[553]

ווי ס'איז צו זען פֿון דעם דאָזיקן פּראָיעקט, האָט די דעפּאָרטאַציע געדאַרפֿט אַרומנעמען די אָרעמסטע שיכטן. די גולים פֿון דער פּראָווינץ (פֿון וולאָצלאַוועק און אומגעגנט) זענען געקומען אין לאָדזשער געטאָ נאַקעט און באָרוועס. די דייטשן האָבן ביי זיי אַלץ צוגענומען און דאָס לעצטע ביסל לעבנסמיטל,

פּראָדוקטן, וואָס יעדער האָט מיט זיך געפירט, האָט קאָנפיסקירט די רומ־קאָווסקי־מאַכט. אָט די אָרימסטע פון די אָרימע, וועלכע זענען שוין איינמאָל פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע היימען, האָט די קאָמיסיע באַשטימט צום אָרויסשיקן.

אויך די צווייטע קאַטעגאָריע — משפחות פון אַרויסגעשיקטע אין אַר־בעטס־לאַגערן האָבן געהערט צו די אומגליקלעכסטע אין געטאָ. ביי זיי האָט מען צוגענומען די פּאַטערס און דערוואַקסענע קינדער, מייסטנס זענען אין אַזעלכע משפחות געבליבן אַלטע, קראַנקע, פרויען מיט קליינע קינדער, וועלכע האָבן אין זייערע הערצער געטראָגן דעם גרויסן צער פון פאַרלירן די נאָענסטע. אָט די אומגליקלעכע האָבן דאָס געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס געטאָ.

די דריטע קאַטעגאָריע, די אַזוי גערופענע „פאַרמשפּטע" („וויראָקאָוצי") האָט אַרומגענומען הן די, וואָס זענען געזעסן אין תפיסה פאַר פאַרשידענע חטאים און די וואָס זענען שוין זייערע שטראָפן אָפּגעקומען. ס'רוב זענען דאָס געווען „פאַרברעכער" צוליב גרויסער נויט: פאַר גנבענען אַ שטיקל האָלץ ביי די טישלער־וואַרשטאַטן, פאַר אויסנוצן פּראָדוקטן־טאַלאָנען פון אַרויסגעשיקטע אָדער אַפילו געשטאָרבענע. מיט אַזעלכע פאַרברעכער איז אין דער „געטאָ־צייטונג" געווען פול די רובריק „אַרעסטן".

אָט די אָרימסטע שיכטן האָבן דאָס געדאַרפט פאַרלאָזן די קלאָגעדיקע אָבער דאָך אויסגעוואָרימטע היים־נעסטן. זייער צער האָט געווירקט אויף דעם דיכטער און קדוש פון לאָדזשער געטאָ שמחה בינעם שאַיעוויטש, וועלכער האָט אין זיין פּאָעמע „לך לך" געשטעלט די האַרבע פראַגע:

„פאַרוואָס קומען בלויז די אָרעמע לייט,
און די זאַטע ווו צום וויטן וועג? [554]

אין דער צייט, ווען די רומקאָווסקי־אַמטן האָבן אין געטאָ ליטצ־מאַנשטאַט געפירט די רעגיסטראַציע פון די קאַנדידאַטן צום אַרויסשיקן האָט שוין געאַרבעט מיט דער פולער פּאַרע דער פאַרניכטונגס־לאַגער אין כעלמנאָ נעבן קאָלאָ.

## ג. די אַרבעט פון דער דעפּאָרטאַציע־קאָמיסיע

די רעדע פון רומקאָווסקין און די פאַרזיכערונג, אַז די דעפּאָרטאַציע פון צען טויזנט וועט נישט אָנרירן די „אָנשטענדיקע" בירגער פון לאָדזשער געטאָ, האָט לחלוטין נישט באַרויקט די פאַרצווייפלטע איינוווינער. בעתן דערנענטערן זיך פון אַ נאַציאָנאַל אומגליק זענען די ברייטע פאָלקס־מאַסן שטענדיק פילבאַרער, ווי זייערע עגאָאיסטישע הערשער. דעם סוף פון ליטצמאַנ־שטאַטער געטאָ האָבן אָט די מאַסן פאַרגעפילט נאָך אין יאַנואר 1942. מ'האָט

באקאנטמאכונג נר. 355

וועגן ארויסשיקן
פון ליצמאנשטעטער געטא

דערמיט מאך איך אויף
די אלע, צום ארויסשיקן
באשטימטע פערזאנען, אז זיי זאלן
אומבאדינגט פינקטלעך
זיך צושטעלן צו דער באקאנט
געגעבענער צייט אין זאמלפונקט

די יעניקע וואס וועלן זיך נישט צושטעלן פרייוויליק וועלן אריינ
געשיקט ווערן מיט צוואנג. ווען זיי וועלן זיך אפילו נישט
געפינען אין זייערע וואוינונגען וועט מען זיי אומעטום ארויסציען.

ביי דער געלעגנהייט מאך איך אויף מיין באקאנט
מאכונג נר. 347 פון 30-טן דעצעמבער 1941 אין איך ווארן צום
לעצטן מאל די געטא באפעלקערונג אז זי
זאל נישט אויפנעמען ביי זיך אין די וואוינונגען
און לאזן איבערנעכטיקן פערזאנען וואס זיינען
דארט נישט געמעלדן.

אין פאל ווען פערזאנען וואס זיינען באשטימט צום ארויס
שיקן וועלן זיך אויפהאלטן ביי אנדערע פאמיליעס כדי אזוי אדורכ
פרובן אויסמיידן דאס ארויסשיקן, וועלן נישט נאר די פערזאנען
וואס זיינען באשטימט צום ארויסשיקן נאר אויך די פאמיליעס
וואס האבן ביי זיך אויפגענומען די דערמאנטע פערזאנען ווי אויך
די דירה־פארוואלטער פון די באטרעפנדיקע הייזער מיט צוואנג
ארויסגעשיקט ווערן.

דאס איז מיין לעצטע ווארנונג!

(—) מרדכי חיים רומקאווסקי

רומקאָווסקיס אויפפאָדערונג צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ

געוומען עקשנותדיק רעדן, אַז דאָס געטאָ ווערט ליקווידירט. קיינער האָט, נאַטירלעך, נישט געצויגן קיין שום קאָנסעקווענצן דערפון. אָבער ווי עס ווייזט אויס האָט דער יודענעלטעסטער דערפילט אַ געפאַר אין אַזעלכע קלאַנגען. אין אַ רעדע האָט ער אַפּגעלייקנט, אַז עס איז מעגלעך אַזאַ ליקווידאַציע און פאַרזיכערט, אַז מער ווי צען טויזנט וועט מען נישט אַרויסשיקן.

ס'האָט אָנגעהויבן אַרבעטן די דעפּאָרטאַציע־קאָמיסיע לויט דעם פריער פעסטגעשטעלטן פּלאַן. די „וויראָקאָווצעס" מיט זייערע משפחות, ווי אויך קרובים פון פערזאָנען, וועלכע מ'האָט מיט חדשים פריער אַרויסגעשיקט אויף אַרבעט — האָבן באַקומען די ערשטע 2.000 אויפפאָדערונגען זיך צוצושטעלן אויף די זאַמלפּונקטן דעם 13־טן יאַנואַר און אין די ווייטערדיקע טעג. דער ערשטער טראַנספּאָרט האָט געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס געטאָ דעם 16־טן יאַנואַר. פון דער

דאַטע אָן ביזן סוף חודש האָט געדאַרפט יעדן טאָג אָפּגיין אַ טראַנספּאָרט פון 700 פּערזאָן.[555]

די אַרויסגעשיקטע, וועלכע זענען געפאָרן גלייך אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, האָבן באַקומען אַ גאַנצע ריי „הנחות": יעדער האָט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך 12 און אַ האַלבע קילאָ באַגאַזש אויף אַ פּערזאָן, דאָס געטאָ געלט, די „רומקעס" זענען אויסגעטוישט געוואָרן אויף דייטשע מאַרקן, די גולים זאָלן קאָנען מחוץ דעם געטאָ, ווו עס גילט די דייטשע מטבע, קויפן וואָס נייטיק איז. אינדעראמתן איז דאָס געווען אַ הנחה פאַר די דייטשן, כדי זיי זאָלן האָבן די געהעריקע נוצןביים באַראַבעווען זייערע קרבנות. דאָס מעבל און די שטוב חפצים האָבן די גולים געקאָנט פאַרקויפן אין די טישלער־וואַרשטאַטן, ווו ספּעציעלע זאַכקענער האָבן פריער אָפּגעשאַצט דעם ווערט. ביי גרויסע מעבל־איינריכטונגען איז די פּראָצעדור פון פאַרקויפן פאָרגעקומען אינדערהיים. מ'האָט אויך געקאָנט איבערלאָזן דאָס מעבל „אויף צו באַהאַלטן" ד. ה. „ווען מ'וועט צוריקקומען" זאָל מען עס קאָנען אָפּנעמען.[556]

אין שייכות מיט דער דעפּאָרטאַציע איז געברענגט געוואָרן אין באַוועגונג דער גאַנצער רומקאָווסקי־אַפּאַראַט. באַאַמטע פון פאַרשידענע געטאָ־אינסטיטוציעס און אַמטן זענען געווען באַשעפטיקט ביים פירן די רעגיסטראַציע. די אָרדנונגס־דינסט (יידישע פּאָליציי) איז געווען פאַרנומען מיט מאַכן כסדרדיקע אַבלאַוועס אויף די קאַנדידאַטן צום אַרויסשיקן, וועלכע האָבן זיך נישט צוגעשטעלט און זיך אויסבאַהאַלטן. די צאָל פון די אויסבאַהאַלטענע איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. אויך אַזעלכע אינסטיטוציעס, ווי דער ראַבינאַט און די געזונט־הייטס־אָפּטיילונג זענען געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט.

דער ראַבינאַט האָט אַרויסגעגעבן „תנאי־גטן", לויט אַ „פאַראייניפאַכטער פּראָצעדור". אַזוי האָט פאַראָרדנט רומקאָווסקי. נישטאָ קיין צייט אויף אַוועקזעצן אַ בית־דין און יידישע טעכטער דאַרפן נישט בלייבן קיין עגונות. די געזונט־הייטס־אָפּטיילונג האָט געשיקט דאָקטוירים צו אונטערזוכן די, וואָס האָבן אָפּגעגעבן בקשות, אַז זיי קאָנען נישט פאָרן צוליב קראַנקהייט. דער אידעאַל פון רומקאָווסקין, אַז „זיין געטאָ זאָל קלאַפּן ווי אַ זייגערל" איז פולשטענדיק דערגרייכט געוואָרן בעת דער דעפּאָרטאַציע. דער מעכאַניזם פון רומקאָווסקי־אַפּאַראַט האָט זיך באַוועגט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט, ווען מ'האָט געדאַרפט דורכפירן די דייטשע באַפעלן פון יידן־אויסראָטונג.

אין דער דאָזיקער טראַגישער צייט, האָט זיך אַמבולטסטן אָנגעזען דער טיפער תהום צווישן דעם הערשנדיקן שיכט און דער פאַרצווייפלטער מאַסע. זיי, די אַלע באַאַמטע פון רומקאָווסקי־אַפּאַראַט, די אָרדנונגס־דינסט מיט די קאָמיסאַרן און קאָמענדאַנטן — צוזאַמען בערך 12 טויזנט פּערזאָן, מיט די פאַמיליעס — קרוב 40 טויזנט געטאָ־איינוואוינער, זענען געווען זיכער, אַז

צו זיי וועט די דעפּאָרטאַציע נישט דערגרייכן און די ברייטע מאַסן, וועלכע האָבן פול געמאַכט די רעסאָרטן האָבן מיט דער גרעסטער פאַרצווייפלונג געטראַכט, אַז סוף כל סוף וועט קומען אויך זייער ריי.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די צען טויזנט אַרויסגעטריבענע האָבן זיך ווערבירט, נאָך רומקאָווסקיס באַצייכענונג, פון „נישט געוואונטשענע עלעמענטן", האָט עס דאָך אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע געטאָ. דורך די גאַסן האָבן זיך געצויגן גרופּעס פון פרויען, מענער און קינדער, וועלכע האָבן זיך געטוליעט אין זייערע טראַנטעס, וועלנדיק זיך שיצן פון ברענענדיקן פראָסט. זייערע אויסגעלאָשענע פאַרטערטע אויגן און די קנייטשן אויף די טונקעלע פּנימער האָבן אַרויסגערופן מיטלייד ביי די פּשוטע מענטשן. ווער ס'איז נישט מיטגעגאַנגען האָט מיטגעוויינט. דער פאַרזיכטיקער „ביולעטין פון טעגלעכער כראָניק" פאַר־ענדיקט זיין טאָג־באַריכט מיט פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע ווערטער:

„דאָס אָנהויבן די אַקציע אין דער צייט פון די שטאַרקסטע פרעסט האָט אַרויסגערופן אין געטאָ אַ גוואַלדיקע דעפּרעסיע. דאָס איז געקומען נאָך אַ קורץ־דויערנדיקער באַרויקונג פון די שטימונגען, וועלכע זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך די פאַלשע קלאַנגען, אַז די אַקציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן".[557]

## ד. סך־הכל פון 4 חדשים גירוש

אין יאַנואַר 1942 איז געווען אין לאָדזשער געטאָ 162.245 איינוואוי־נער,[558] דעם 16־טן יאַנואַר איז אַוועק דער ערשטער טראַנספּאָרט דעפּאָרטירטע. ביזן 29־טן יאַנואַר זענען געגאַנגען אַזעלכע 14 טראַנספּאָרטן מיט אַ צאָל 10.003 פּערזאָן. רומקאָווסקיס אָפּמאַך מיט די דייטשן איז אַזוי אַרום אויסגעפירט געוואָרן. 10 טויזנט פּערזאָן זענען אויסגעליפערט געוואָרן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.

אין אָנהויב פעברואַר איז אין געטאָ איינגעטרעטן אַ געוויסע באַרויקונג. מ'האָט געוואַרט אויף ידיעות פון אַרויסגעשיקטע און דערווייל זיך געטרייסט מיט פאַרשידענע קלאַנגען. דעם 11־טן פעברואַר איז ווידער פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון די לייטערס פון די רעסאָרטן און אַנדערע געטאָ־פּני, און רומקאָווסקי האָט אין אַ רעדע געוואָרפן די לאָזונג: „אַן אַרבעטס־לעגיטימאַציע דאָס איז אַ פּאַס אויף צו וווינען אין געטאָ" ד. ה. אַז נאָר דורך אַרבעטן פאַר די דייטשן וועט מען זיך ראַטעווען פון פאַרניכטונג.

די פאַרצווייפלטע געטאָ־איינוואוינער האָבן זיך מאַסנוויז געלאָזט צום אַרבעטס־אַמט, כדי צו באַקומען אַרבעט און מ'האָט אָנגעהויבן צו ריידן וועגן אַ פרישער דעפּאָרטאַציע, וועלכע האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן דעם 22־טן פעברואַר. דאָסמאָל איז דעפּאָרטאַציע שוין צוגעגאַנגען אָן גרויסע הכנות. מ'האָט גענומען

## ערשטער גרויסער גירוש פון לאָדזשער געטאָ
## אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ





## ערשטער גרויסער גירוש פון לאָדזשער געטאָ אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ





אַ חוץ פון די גרייטע רשימות פון „פאַרברעכער“ און מקבלים, אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך רעגיסטרירט אויף אַרבעט. מ׳האָט גענומען צום אַרויסשיקן אויך אַרבעטנדיקע, וואָס האָבן אַמאָל באַקומען שטיצע. עס איז געגנוג געווען, אַז 1 מיטגליד פון אַ משפחה זאָל באַקומען שטיצע, אַ זקן אָדער אַ קראַנקער, און די גאַנצע משפחה פון אַרבעטנדיקע זאָל אַרויסגעשיקט ווערן. אין שטובן, וווּ עס האָבן געוווינט אייניקע משפחות צוזאַמען, אויב דאָס אומגליק האָט געטראָפן איין משפחה, האָט מען אַלע איינוואוינער פון דער שטוב אַרויסגעשיקט.

דאָס איז געטאָן געוואָרן דערפאַר, ווייל דער רומקאָווסקי־אַפּאַראַט האָט געמוזט צושטעלן פאַר די דייטשן דעם געהעריקן קאָנטינגענט יידן צום אַרויסשיקן. די צאָל פון אויסבאַהאַלטענע איז געוואַקסן און די אָרדענונגס־דינסט (יידישע פּאָליציי) האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. מ׳האָט געשלעפּט פון די בעטן, געכאַפּט פון די גאַסן און געצוואונגען צום אַרויספאָרן.

אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פּוילן, אין דער טעקע „טראַנספּאָרט־ליסטן״, האָבן זיך צווישן אַנדערע רשימות פון אַרויסגעשיקטע אויך אויפגעהאַלטן די ראַפּאָרטן פון דער אָרדנונגס־דינסט (יידישע פּאָליציי). די דאָקומענטן לייענען זיך: „צו דער דעפּאָרטאַציע־קאָמיסיע. צוזאַמען מיט דעם שיקן מיר אייך איבער די פאָלגנדיקע אַרעסטירטע פּערזאָנען״. דערביי גייט אַ לאַנגע רשימה פון פאַרהאַלטענע. אַן איבערשריפט אויף אַ צווייטן בויגן: „די אונטן אויסגערעכנטע אַרעסטירטע, אויף אייער אָנווייזונג, זענען אין דער נאַכט פון 1־טן אויפן 2־טן אַפּריל 1942 באַלד איבערגעשיקט געוואָרן אין זאַמל־לאַגער אויף מאַרושין״. ווייטער קומט אַ רשימה פון פּערזאָנען, וועלכע ס׳איז נישט געלונגען „פעסטצונעמען״.[559]

## ה. די בקשות צו דער דעפּאָרטאַציע־קאָמיסיע וועגן באַפרייט ווערן פון אַרויסשיקן

זייער כאַראַקטעריסטיש זענען די בקשות צו דער דעפּאָרטאַציע־קאָמיסיע וועגן באַפרייט ווערן פון אַרויסשיקונג. די בקשות גיבן אַ פול בילד פון דער גרויסער טראַגעדיע, וועלכע עס האָבן דעמאָלס איבערגעלעבט די איינוואוינער פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט. די דאָזיקע בלעטלעך געשריבן מיט צעדרייטע נער־וועזע האַנטשריפטן זענען דורכגעזאַפּטע מיט טרערן פון מאַמעס, וועלכע ציטערן איבער זייערע קינדער, וואָס מוזן אומקומען אין וועג, פון פאַרדאגהטע טאַטעס, וואָס זענען גרייט אַלץ צו טאָן, אַבי צו ראַטעווען די משפּחה פון דער טויט־ברענגנדיקער דעפּאָרטאַציע.

אברהם לייב פּישאָף האָט געשריבן אין זיין ווענדונג: „דעם אויסווייז־באַפעל האָב איך באַקומען, וואָרשיינלעך אויפן סמך פון דעם, וואָס מיין זון, יצחק משה, 20 יאָר אַלט, געווען באַשעפטיקט אין מאַרישין, האָט אויפגעהויבן אַ שטיקל האָלץ, כדי צו מאַכן פייער און דערפאַר באַקומען 3 חדשים תפיסה. די שטראָף איז ער אָפּגעזעסן און געוואָרן אַרויסגעשיקט פון געטאָ. דער אייגנטלעכער שולדיקער איז שוין נישטאָ און איך בעט שטאַרק נישט באַשטראָפן אונז צוליב אַ חטא, וועלכן ס׳איז באַגאַנגען אַ יונגער יינגל״.

ווייטער דערציילט פּישאָף, אַז ער אַרבעט אַלס צושניידער אין דער שניידער־צענטראַלע, די טאָכטער אַרבעט אַלס וועש־נייערין, די צווייטע טאָכטער

אין אַ ירקות־געוועלב און דער זון אין אַ קוילן־לאַגער (די בקשה, ווי אויך אַלע ווייטער געבראַכטע זענען אָפּגעזאָגט געוואָרן).

משה ליכטנשטיין האָט געבעטן, אַז מ׳זאָל נישט אַרויסשיקן זיין משפּחה, וואָס באַשטייט פון 6 פּערזאָן. זיי פילן זיך נישט שולדיק אין קיין שום זאַך, קיינמאָל נישט געווען באַשטראָפט, 4 פּערזאָן פון דער משפּחה אַרבעטן, איין זון איז אין 1940 אַרויסגעפאָרן פרייוויליק קיין דייטשלאַנד, כדי נישט צו זיין קיין לאַסט פאַר דער משפּחה.

דבורה איינעסמאַן בעט, מ׳זאָל זי באַפרייען פון אַרויסשיקן, ווייל זי דערנערט מיט דער ברוסט אַ צען־חדשימדיק קינד. אויב איר חטא, צוליב וועלכן זי ווערט דעפּאָרטירט, באַשטייט אין דעם, וואָס דער מאַן איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף ארבעט קיין דייטשלאַנד, שטעלט זי פעסט, אַז זי האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין גוט לעבן מיטן מאַן און איז געווען אין סעפּאַראַציע. דערפאַר דאַרף דער מאַן אַליין טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר ווערן אַרויסגעשיקט.

יעקב גרשון בערקאָוויטש בעט, מ׳זאָל אים מיטן ווייב אַרויסשיקן. נאָר דאָס קינד זיינס פון 18 חדשים זאָל מען איבערלאָזן און אריינגעבן אין אַ קינדער־הייז. צושריפט: „אָפּזאָגן“.

שמואל הערש איילענבערג בעט די קאָמיסיע, אַז מ׳זאָל זיין פאַמיליע פון 7 פּערזאָן נישט אַרויסשיקן. ער און צוויי שוועסטער, גיטל און שולמית אַרבעטן. בלויז דער 64 יאָריקער פאָטער איז קראַנק און קאָן נישט אַרבעטן. אויב צוליב פאַרשידענע טעמים קאָן זיין בקשה נישט באפרידיקט ווערן, זאָל מען אים, דעם פאַמיליע־פאָטער אַרויסשיקן און די משפּחה איבערלאָזן.

צו דער בקשה איז בייגעלייגט אַ באַשטעטיקונג פון דער שניידער־אָפּטיילונג, אַז איילענבערג איז אַ פּלייסיקער, געהאָרכזאַמער אַרבעטער און ארבעט שוין 15 חדשים.

אברהם באַרקאָווסקי חידושט זיך אין זיין בקשה, הלמאי מ׳האָט זיין משפּחה אויך צוגעשיקט אויפפאָדערונגען צו שטעלן זיך צום ארויספאָרן, בעת זי האָט קיין שום געמיינזאַמעס נישט מיט משה באנקער, וועלכער ווערט אַרויסגעשיקט פאַר זיין באַשטראָפט. דאָס איינציקע געמיינזאַמע איז: די וואוינונג, וועלכע ער האָט באַקומען צוגעטיילט פון דער געטאָ־מאַכט.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז די בקשה פון וואָלף אייגע: „אויב די אַרויסשיקונג האָט א שייכות מיט דער שטראָף, וואָס מיין זון האָט באַקומען, האָב איך דעם כבוד אויפצוקלערן: מיין זון איז געשטאָרבן מיט 7 וואָכן צוריק. צוליב דעם מיין איך, אַז מיטן מאָמענט פון זיין טויט האָט זיך אויסגעלאָשן מיינע און מיין משפּחה׳ס פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן חטא פון מיין זון“.

צום סוף שרייבט אייגע, אַז ער אַרבעט שווער אַלס טרעגער און אַלע זענען פון זיין אַרבעט צופרידן.

אָט דער גרעסטער רוב פון די בקשות וועגן „רחמנות האָבן" און באַפרייען פון דעפּאָרטאַציע זענען פון אַן ענלעכן אינהאַלט און זענען פאַרזען מיט באַשטעטיקונגען פון די אַרבעטס־רעסאָרטן, אַז די געגעבענע פּערזאָן אַרבעט. דאָס אָפּזאָגן די בקשות באַווייזט ווי עס האָבן אויסגעזען די סאָציאַלע פאַר־העלטענישן אין לאָדזשער געטאָ. די ערשטע קרבנות זענען געווען די אַרבעטנדיקע און די אַרבעטסלאָזע, וועלכע האָבן באַקומען שטיצע.[560]

כמעט אַלע בקשות און ווענדונגען וועגן באַפרייען פון ווערן אַרויסגעשיקט זענען געוואָרן אָפּגעוואָרפן.

דאָס דעפּאָרטאַציע־אומגליק האָט גענומען פאַרכאַפּן וואָס ווייטער אַלץ ברייטערע קרייזן פון געטאָ, און דער יודענעלטעסטער האָט געשוויגן. פון זיינע „ישועות", וועלכע ער האָט אויסגעפּועלט, איז גאָרנישט געוואָרן. ס'איז געווען לייכט צו באַמערקן, אַז דאָ גייט נישט וועגן אַרבעטנדיקע אָדער נישט־אַרבעטנדיקע, נאָר אין דער פאַרניכטונג פון געטאָ. אָבער רומקאָווסקי איז טריי געבליבן זיין איינשטעלונג פון לעבן בשלום מיטן פאַשיסטישן שונא, ווייל אַזוי אַרום וועט זיך אפשר איינגעבן אָפּצוראַטעווען אַ געוויסע צאָל יידן.

די טראַנספּאָרטן קיין כעלמנאָ זענען געגאַנגען כסדר. אָנהויבנדיק פון 22־טן פעברואַר ביזן סוף חודש זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן נאָך 7,025 פּערזאָן.

נאָכדעם ווי ס'האָט זיך די דייטשן איינגעגעבן אין יאַנואַר אָן שום ווידערשטאַנד אַרויסצושיקן די ערשטע 10 טויזנט יידן, האָבן זיי שוין אין פעברואַר געענדערט זייער באַציאונג צו די קרבנות. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן ווייזן זייער ריכטיקן ברוטאַלן פּרצוף. אין דער „טעגלעכער כראָניק" האָט מען געשריבן, אַז „די גולים האָבן געמוזט זיך וואַלגערן אין ראַדעגאַסט. דער פראָסט האָט געברענט די אויסגעמאַטערטע פאַרפייניקטע גלידער. פינף פּערזאָן זענען פאַרפרוירן געוואָרן צום טויט. מ'האָט אויך ביים איינזעצן אין די וואַגאָנען אָפּגענומען ביי אַלע דעם באַגאַזש און אפילו דאָס ביסל אָרעמע פּראָדוקטן, וואָס יעדער האָט מיט זיך געהאַט".[561]

אין מערץ חודש איז די דעפּאָרטאַציע אַקציע ווייטער פאָרגעזעצט געוואָרן. עס זענען געגאַנגען טראַנספּאָרטן יעדן טאָג. באַקאַנטמאַכונגען מיט דער אונטערשריפט פון רומקאָווסקין האָבן געגעבן צו וויסן, אַז דאָס אַרויסשיקן ווערט נישט אָפּגעשטעלט און מען זאָל זיך אומבאַדינגט צושטעלן אויף די זאַמל־פּונקטן און פון פרימאָרגן ביז אָוונט האָבן מחנות גולים געצויגן אין דער ריכטונג פון מאַרושין. אין דעם חודש זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן 24,867 פּערזאָן.

אין ערשטן און אין צווייטן אַפּריל זענען אַוועק: דער 49 און 50־טער

טראַנספּאָרט, צוזאַמען 2.349 פּערזאָן. מיט דעם איז דערווייל אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס אַרויסשיקן. אין יענע טעג איז גראָד אויסגעפאַלן פּסח, אַ טרויעריקער פּאַרשטערטער יום־טוב. אָבער שוין דאָס אָפּשטעלן דאָס אַרויסשיקן האָט פאַרלייכטערט דאָס געמיט פון די דערשלאָגענע געטאָ־איינוואוינער.

אויך אין דעם חודש אַפּריל איז געוואַקסן דער דראַנג צו אַרבעט, ווי אַ מיטל צו ראַטעווען דאָס לעבן. יעדן טאָג זענען געשטאַנען גרויסע רייען פאַר דעם אַרבעטס־ביוראָ, וואו עס האָט אַמטירט די קאָמיסיע, וועלכע האָט פאַרשריבן אויף אַרבעט. אויך פרויען „מאַמעס פון קליינע קינדער האָבן זיך מאָביליזירט צו דער אַרבעט". דער יודענעלטעסטער האָט דורכגעפירט זיין פּראָגראַם — ער האָט געעפנט נייע אונטערנעמונגען. פּלוצים איז געקומען אַ נייע דייטשע פאַראָרדענונג: פון 19־טן אַפּריל דאַרפן אַלע איינוואוינער פון געטאָ פון 10 יאָר ביז 50 זיך שטעלן פאַר אַ דייטשער דאָקטוירים־קאָמיסיע. באַפרייט פון דער פליכט זענען די געקומענע יידן פון מערב(„אַלטרייך").

די נייע גזירה האָט ווידער אויפגעטרייסלט דאָס געטאָ. מ'האָט אָנגע־הויבן רעדן וועגן אַ פרישער דעפּאָרטאַציע און גענומען זיך אויסבאַהאַלטן. די קאָמיסיע צו פאַרשרייבן אויף אַרבעט האָט אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט און אין געטאָ איז געוואָרן חושך. רומקאָווסקי האָט ווידער מאָביליזירט זיין פּאָליציי, וועלכע האָט געשלעפּט מיט גוואַלד צו דער דאָקטוירים־קאָמיסיע, וואו עס האָבן אַמטיר־ט דייטשע דאָקטוירים און געשטאַפּאָ־לייט. יעדער, וואָס איז דורכגעגאַנגען די קאָמיסיע, איז געשטעמפּלט געוואָרן אויף דער ברוסט מיט אַ באַשטימטן אות. קיינער האָט נישט געוואוסט וואָס דאָס באַדייט.

דעם 25־טן אַפּריל האָט די דייטשע דאָקטוירים־קאָמיסיע אָפּגעשטעלט איר אַרבעט. סך־הכל זענען קאָנטראָלירט געוואָרן 9.956 פּערזאָן. די דייטשע מאַכט האָט פאַרלאַנגט, אַז ס'זאָלן זיך שטעלן 20 טויזנט.[562]

## ו. די דעפּאָרטאַציע פון די מערב־אייראָפּעישע יידן

סוף אַפּריל איז שוין אין געטאָ קלאָר געוואָרן, אַז מ'גייט אַנטקעגן אַ נייער דעפּאָרטאַציע. דאָסמאָל שוין נישט פון פּוילישע יידן, נאָר פון גולים פון דייטשלאַנד, עסטרייך, לוקסעמבורג און טשעכאָסלאָוואַקיי. צווישן די יידן פון די דאָזיקע לענדער, פון „אַלטרייך", ווי עס האָט געהייסן אין די אָפיציעלע דאָקומענטן, וועלכע זענען אין אַ צאָל פון 19.837, אין די חדשים אָקטאָבער, נאָוועמבער 1941 דורך די דייטשן געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ, זענען ביז דער דעפּאָרטאַציע, ד. ה. ביזן ערשטן מאַי 1942, געשטאָרבן קרוב 4 טויזנט.

דאָס דעפּאָרטירן די יידן פון מערב־אייראָפּע האָט אַרויסגערופן — לויט דעם אויסדרוק פון דער „טעגלעכער כראָניק" — אַ שטאַרקע אויפלעבונג

אין האַנדל". די „מערבדיקע" האָבן וואָס צו פאַרקויפן. זיי זענען געקומען מיט 50 קילאָ באַגאַזש און קאָנען ארויספאָרן נאָר מיט 12 קילאָ. דורך דער גאַנצער צייט פון דעפּאָרטאַציע האָט אין געטאָ געהערשט אַ שרעקלעכער הונגער. די דייטשע מאַכט האָט אויפגעהערט צוצושטעלן די קנאַפּע צאָל פון שפּייז, וואָס דאָס געטאָ האָט געוויינלעך באַקומען. דאָס איז, ווי שטענדיק, געווען אַ מיטל צו צווינגען צום אַרויספאָרן. אין מאַי האָבן אָנגעהויבן זיך באַווייזן מער לעבנס־מיטל פּראָדוקטן. האָבן עס אָפּגעקויפט איצט די „מערבדיקע" קאַנדידאַטן צום ארויסשיקן. דערביי איז אינטערעסאַנט דער פּרייז וואָס האָט זיך איינגעשטעלט: פאַר אַ קילאָ ברויט האָט מען געצאָלט מיט אַ פּאָר שטיוול, פאַר אַ קילאָ מאַרגאַרין — אַן אַנצוג. אַזוי האָט אויסגעזען דער האַנדל.

דעם 4־טן מאַי איז אַוועק דער ערשטער טראַנספּאָרט גולים 1.000 פּערזאָן. דעם 15־טן מאַי איז אַוועק דער לעצטער טראַנספּאָרט. צוזאַמען זענען פון די מערבדיקע אַרויסגעשיקט געוואָרן 10.950 פּערזאָן. 94 פון די קאַנדידאַטן צום אַרויסשיקן זענען געשטאָרבן. צווישן די געשטאָרבענע האָט זיך געפונען אַ געוויסע צאָל, וועלכע זענען ערב דער דעפּאָרטאַציע באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. איינער פון די זעלבסטמערדער איז מיט איבערגעשניטענע אָדערן פון די הענט אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין וואַגאָן. אויך ביי דער קאַטעגאָריע גולים האָבן די דייטשן פאַרן אַריינגיין אין צוג אָפּגענומען דעם גאַנצן באַגאַזש און אפילו די האַנט־בייטלען ביי די פרויען.[563]

די יידן פון „אַלטרייך" האָבן זיך געהאַט זייערע פּריווילעגירטע, אויף וועלכע ס'איז נישט חל געווען דער גירוש. דאָס זענען געווען די באַזיצער פון דייטשע מלוכה־אָרדנס — „אייזערנער קרייץ ערשטע און צווייטע מדרגה", ווי אויך איבערזעצער פון פרעמדע שפּראַכן: העברעאיש, אַראַביש, גריכיש א. א. וו. זיי זענען בעת דער דעפּאָרטאַציע נישט אַרויסגעשיקט געוואָרן. רשימות פון די „פּריווילעגירטע" האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אַרכיוו פון ייה"א.

געווען נאָך אַ גרופּע, וועלכע האָט זיך באַטראַכט פאַר פּריווילעגירט — „די קריסטלעכע פאַרייניקונג". די גרופּע איז באַשטאַנען ס'רוב פון איינוואוינער פון האַנאָווער. דאָס זענען געווען קריסטן, וועלכע האָבן מיט יידן קיין געמיינזאַמעס נישט געהאַט. די דייטשע ראַסנפאָרשונג האָט אָבער אויסגעפינען זייער יידישע אָפּשטאַמונג און אָפּגעשיקט זיי אין לאָדזשער געטאָ. און דאָ האָבן זיי זיך באַטראַכט ווי קריסטן און פאַרלאַנגט פון רומקאָווסקין, אז ער זאָל זיי געבן אַן אָרט אויף אַ קירכע, וואו מען זאָל קאָנען תפילה טאָן לויטן קריסטלעכן ריטואַל. אָט די קריסטן האָבן געטיילט דעם גורל פון יידישע גולים: מ'האָט זיי אויך אַוועקגעשיקט אין כעלמנאָ. אין דעם טויטן־לאַגער האָבן זיי נישט געוואָלט גיין צוזאַמען מיט די יידן, און געבעטן מ'זאָל זיי

אַרויסשיקן ווי אַ באַזונדערע גרופּע. מ׳איז זיי די בקשה נאָכגעקומען. מ׳האָט זיי געשיקט צוזאַמען — 260 פּערזאָן.[564]

מיט דעם טראַנספּאָרט פון 15־טן מאַי 1942, איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער ערשטער גרויסער גירוש פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ, וועלכער האָט איינגעשלונגען 55.014 פּערזאָן.

זונטיק, דעם 31־טן מאַי, האָט רומקאָווסקי „אָפיציעל" פאַרענדיקט די „אַקציע" מיט א רעדע אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אונטערן פרייען הימל, אין הויף פון די פייערלעשער, אויף לוטאָמירסקא גאַס. ער האָט אין זיין רעדע מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט די 55 טויזנט יידן, וואָס דאָס געטאָ האָט פאַרלוירן. קיין שום מיטלייד מיט די אלמנות און יתומים. מיט האַרט־נעקיגער טעמפּקייט האָט ער אַלץ פאַרשוויגן און ווייטער געוואָרפן די שולד פאַר דער דעפּאָרטאַציע אויף די, וואָס אַרבעטן נישט. דער אויספיר: אַרבעטן, וואָס מער אַרבעטן פאַר די דייטשן. נייע 10 טויזנט פערזאָן דאַרפן ווערן אַריינגעצויגן אין די אַרבעטס־וואַרשטאַטן. נאָך אַ רפואה האָט דער יודענ־עלטעסטער געהאַט פאַר דער דעפּאָרטאַציע־מכה — „אַראָפּוואַרפן פון זיך די בערד מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס". דאָס מוז געשען אין משך פון 8 טעג.[565]

## ז. שטערבלעכקייט און מצב פון די רעסאָרטן אין די 4 חדשים פון גירוש

אין די 4 חדשים פון גירוש איז אויך געוואַקסן אין געטאָ די שטערבלעכקייט, ווי עס איז צו זען פון דער פאָלגנדיקער אויפשטעלונג.

טאַבעלע 8

| חודש | יאָר | צאָל געטאָ־איינוווינער | געשטאָרבן |
|---|---|---|---|
| דעצעמבער | 1941 | 163.293 | 1.029 פּערזאָן |
| יאַנואַר | 1942 | 162.245 | 1.787 " |
| פעברואַר | " | 150.507 | 1.908 " |
| מערץ | " | 141.542 | 2.244 " |
| אַפּריל | " | 114.583 | 1.888 " |
| מאַי | " | 110.213 | 1.668 " |

אין מערץ חודש זענען 20 פערזאָן באַגאַנגען זעלבסמאָרד.[566]

דער ערשטער גרויסער גירוש פון לאָדזשער געטאָ האָט זיך אויך שלעכט

אָפּגערופן אויף דער פּראָדוקציע אין די געטאָ־וואַרשטאַטן, ווי עס איז צו זען פון דער ווייטערדיקער טאַבעלע.

פּראָדוקציע אין לאָדזשער געטאָ (אין די רעסאָרטן) פאַר און בעת דעם ערשטן גרויסן גירוש: [567]

טאַבעלע 9

| יאָר חודש | שטיק | פּראָדוקציע געפאַלן אויף |
|---|---|---|
| 31.12 1941 | 2.019.308 | |
| 31.1 1942 | 1.931.909 | 4.9 פּראָצענט |
| 31.2 〃 | 1.016.372 | 44.7 〃 |
| 31.3 〃 | 1.575.099 | 21.5 〃 |
| 31.4 〃 | 1.952.665 | 3 〃 |
| 31.5 〃 | 2.028.492 | פּראָדוקציע געשטיגן אין פאַרגלייך מיט דעצעמבער 1941 אויף 1.4 |

ווי מיר זעען פון דער דאָזיקער אויפשטעלונג איז די פּראָדוקציע אין די געטאָ־רעסאָרטן געפאַלן אין יאַנואַר 1942 אויף 4.9 פּראָצ., פעברואַר כמעט ביז אַ העלפט, מערץ אויף 21.5 פּראָצ., אין מאַי איז שוין די פּראָדוקציע איבערגעשטיגן מיט 1.4 פּראָצ. אין פאַרגלייך צו דעצעמבער 1941. ווען מיר פאַרגלייכן די פּראָדוקציע־ציפערן מיט דער צאָל דעפּאָרטירטע, זעען מיר, אַז דאָס פאַלן פון דער פּראָדוקציע האָט געהאַט אַן ענגן שייכות מיט דעם גירוש.

אין חודש יאַנואַר זענען דעפּאָרטירט געוואָרן די ערשטע 10 טויזנט פּערזאָן, אין פעברואַר 7.025 א. א. וו.

די ערשטע 10 טויזנט גולים זענען אין גרעסטן רוב געווען די וועלכע האָבן באַקומען שטיצע, ד. ה. נישט געאַרבעט אין די רעסאָרטן. דערפאַר איז דאָס פאַלן פון דער פּראָדוקציע געווען אַ מינימאַלע. דער ווייטערדיקער גירוש פון פעברואַר און מערץ האָט שוין דירעקט געטראָפן די געטאָ־פּראָדוקציע, ווייל צום אַרויסשיקן האָט מען גענומען אויך אַרבעטנדיקע.

אין דער דאָזיקער צייט איז אין געטאָ געפירט געוואָרן אַן אַגיטאַציע, אַז שולדיק אין דער דעפּאָרטאַציע זענען נאָר די ליידיק־גייער און „אַז דער אומשולדיקער ליידט איבער דעם שולדיקן". די אַגיטאַציע האָט געווירקט. ס'האָבן גענומען אַריינטרעטן אין די וואַרשטאַטן אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו אַרבעטן, ווי: מוטערס פון קליינע קינדער, זקנים און אונטערגעוואַקסענע קינדער. צוליב דער סיבה הייבט זיך אָן אַן עליה אין דער

געטאָ־פּראָדוקציע, וועלכע שטייגט שוין איבער אין מאַי די ציפער פון דעצעמבער 1941.

אין די וויטערדיקע זומער־חדשים 1942, ד. ה. נאָך דעם, ווי די ערשטע פּאַרטיע פון 55 טויזנט יידן זענען פאַרסמט געוואָרן אין כעלמנאָ, שטייגט ווייטער די פּראָדוקציע אין די געטאָ־רעסאָרטן. אַרבעט ווערט באַטראַכט ווי אַ מיטל צו ראַטעווען זיך פון דעפּאָרטאַציע, ד .ה. אומקום. און עס קומען אַרבעטן יונג און אַלט.

הגם די פּראָדוקציע פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ האָט בעיקר געדינט דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט. האָט דאָס אָבער נישט אָפּגעהאַלטן די דייטשן פון פאַרניכטן אָט די אַרבעטס־קרעפטן פון די לאָדזשער יידן. די באַציאונג צו די לאָדזשער יידן איז נישט געווען קיין יוצא מן הכלל, נאָר אין פולשטענדיקן הסכם מיט דער דייטשער יידן־אויסראָטונג לויט דער איינשטעלונג פון היטלער, געבעלס, הימלער, ראָזענבערג און דער גאַנצער אָנפירונג פונעם „דריטן רייך", האָבן קיין שום ווירטשאַפטלעכע מאָמענטן נישט געקאָנט אָפּהאַלטן די תיכפדיקע פאַרניכטונג פון די יידן.

נאָך אין די הערבסט־חדשים 1941, ווען די דייטשע אַרמייען האָבן אין זייער זיגרייכן מאַרש איבערן ראַטנפאַרבאַנד, אויסגעראָטן די יידישע קהילות פון ווייסרוסלאַנד, האָט זיך דעמאָלס צווישן די אָקופּאַציע־אַמטן אין די פאַרנומענע סאָוויעטישע געביטן אויפגעהויבן די פראַגע: צי דאַרף מען פאַרניכטן די יידישע אַרבעטס־קרעפטן. צווישן די פירער פון דריטן רייך און די העכערע באַאַמטע פון די אָקופּירטע סאָוויעטישע טעריטאָריעס, איז דעמאָלס אַוועק אַ וויכוח אַרום דעם ענין פון אויסראָטן די יידישע אַרבעטס־קרעפטן.

נאָך אַ לאַנגע שקלא וטריא וועגן דער שנעלער אויסמאָרדונג פון די ווייסרוסישע יידן און דעם שאָדן, וואָס עס ברענגט דער קריגס־ווירטשאַפט, האָט דער „רייכס־קאָמיסאַר פיר דאָס אָסטלאַנד", גאַולייטער היינריך לאָהזע, באַקומען אַן אויפקלערונג פון די בערלינער פירער פון דריטן רייך אין דער פאָרם פון אַ בריוו מיט דער געוויינלעכער צושריפט — „געהיימע רייכסזאַכע", ענין יידן־פראַגע:

„אין דער יידן־פראַגע איז ווייזט אויס דורך דער צייט געשאַפן געוואָרן קלאָרקייט אין מינדלעכע קאָנפערענצן: ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן דאַרף מען פּרינציפּיעל נישט נעמען אין אַכט ביים רעגולירן דאָס פּראָבלעם. ווייטער בעט מען, אַז אויב עס וועלן זיך שטעלן פראַגעס, זאָל מען דאָס רעגולירן דירעקט מיטן העכערן עס.־עס.־און פּאָליציי־פירער".[568]

די העכערע עס.־עס.־און פּאָליציי־פירער, אַדאָלף אייכמאַן און זיין שטאַב האָט שטענדיק אַזוי „רעגולירט", אַז די יידן־אויסראָטונג זאָל דורכגעפירט ווערן

מיט דער גאַנצער מערדערישער אכזריות, נישט רעכנדיק זיך אפילו, מיט דעם שאָדן, וואָס עס קאָן ברענגען דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט.

די דאָזיקע רוצחישע קאָנסעקווענטקייט האָבן די דייטשן דורכגעפירט בעת דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע פון יידן פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. שוין דעמאָלס, זעענדיק ווי דער גירוש שטעלט זיך נישט אָפּ ביי די נישט־אַרבטנדיקע און נעמט אַרום אויך גרויסע שיכטן באַשעפטיקטע — האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, אַז דאָ גייט די דייטשן אין פולשטענדיקער יידן־אויסראָטונג. אָבער דער הכנעהדיקער יודנעלטעסטער מיט זיינע עצה־געבערס, האָבן אפילו נישט געפּרווּוט זיך פאַרטיפן אין די דאָזיקע אויסטערליש רוצחישע מעשים און געגלויבט, אַז דורך געטרייער איבערגעגעבנקייט דעם דייטש־נאַצישן שונא וועט זיך איינגעבן אים ווייכער צו מאַכן און אָפּצוראַטעווען כאָטש אַ טייל פון די יידן.

*

צי האָט רומקאָווסקי מיט זיינע יועצים געוואוסט, וואָס עס דערוואַרט די 55 טויזנט גולים ? מ׳דאַרף אָננעמען, אַז זיי האָבן געהאַט אַ געוויסע פאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס עס דערוואַרט די אַרויסגעטריבענע. דאָס באַווייזן פאָלגנדיקע פאַקטן :

אין געטאָ זענען געפירט געוואָרן צווייערליי רשימות פון אַרויסגעשיקטע :

1) אַ רשימה פון אַרויסגעשיקטע אויף אַרבעט אין לאַגערן און 2) אַ רשימה פון גולים אָן אַ באַשטימטן וואוהין. צו דער קאַטעגאָריע האָבן געהערט די 55 טויזנט יידן. דער יודנעלטעסטער האָט געדאַרפט שטעלן אַזאַ פראַגע : וואוהין גייען אָט די אַרויסגעטריבענע ?

אין געטאָ האָט מען געוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון לאַגער כעלמנאָ. אין „ביולעטין קראָניקי צאַדזשעננעי״ שרייבט זיך אין יענער צייט : „עס גייען אַרום עקשנותדיקע קלאַנגען, אַז די אַרויסגעשיקטע געפינען זיך אין אַ לאַגער ביי קאָלאָ״. דעם 12־טן אַפּריל, דערציילט די „געטאָ־כראָניק״ איז אַ געשטאַפּאָ־אָפיציר געקומען אויפן באַלוטער מאַרק (רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע) און האָט איבערגעגעבן : „די אַרויסגעשיקטע געפינען זיך אין אַ לאַגער נעבן קאָלאָ. אין דעם לאַגער געפינען זיך הונדערט טויזנט יידן״. ווייטער ווערט דאָרט דערציילט וועגן די גוטע באַדינגונגען, ביי וועלכע די יידן לעבן דאָרטן. קיינער האָט ליידער נישט געפונען פאַר נויטיק דעם דאָזיקן ענין אויסצופאָרשן, און דער מעכטיקער יודנעלטעסטער האָט אינגאַנצן פאַרשוויגן דאָס פאַרשוואונדן ווערן פון 55 טויזנט געטאָ־איינוואוינער. די אומגליקלעכע געטאָ־תפיסה׳ניקעס האָבן אָבער נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן זייערע נאָענטע, וואָס זענען פון זיי אַזוי אומברחמנותדיק אַרויסגעריסן געוואָרן

און פאַרגעפילט זייער טראַגעדיע. דער „ביולעטין" האָט געשריבן: „אין דער אמתן האָט זיך אין געטאָ נישט אַריינבאַקומען קיין איין גענויע ידיעה אויפן סמך פון וועלכער מ'זאָל זיך קאָנען אָריענטירן וועגן גורל פון די גולים און וויניקסטנס וועגן דעם אָרט וואו זיי געפינען זיך. דאָס דאָזיקע געהיימניש פאַרטרייבט פון אַלעמען דעם שלאָף פון די אויגן". [569]

אַזוי האָט געשריבן דער „ביולעטין קראָניקי צאָדזשעננעי" („ביולעטין פון טעגלעכער כראָניק") פון דעם עלטעסטען דער יודען פון געטאָ ליטצמאַנשטאַט, נאָכדעם, ווי עס זענען אַוועק די ערשטע 10 טויזנט יידן און די דעפּאָרטאַציעס זענען ווייטער פאָרגעקומען, און רומקאָווסקי האָט ווייטער געראָפן דורך באַקאַנטמאַכונגען מ'זאָל זיך שטעלן צום אַרויספאָרן. אָט אין וואָס עס באַשטייט דאָס שווערע פאַרברעכן פון מרדכי חיים רומקאָווסקי מיט זיינע מיטהעלפער.

(סוף פון ערשטן באַנד)

# קוועלן־אָנווייזונג

1. "Eksterminacja Żydów na ziemiach polskich w okresie okupacji hitlerowskiej, zbiór dokumentów. ז׳ 21.
געזאַמלט און באַאַרבעט דורך ט. בערנשטיין, א. אייזנבאַך, א. רוטקאָווסקי, פאַרלאַג „יידיש היסטאָרישער אינסטיטוט״, וואַרשע 1957. די דייטשע דאָקומענטן ווערן געבראַכט אין זייער אָריגינעלער שפּראַך — דייטש. ווייטער — געקירצט:
Eksterminacja, zbiór dokumentów.
2. דאָרט, ז״ז 21—25.
3. דאָרט, ז׳ 79.
4. דאָרט, ז״ז 80 81, פרג״ל: "Dokumenty i materjały, Getto łódzkie".
ערשטער באַנד, באַאַרבעט פון מג״ר, א. אייזנבאַך, ז״ז 26—31, פאַרלאַג „צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע, לאָדז 1947, ווייטער — געקירצט: Getto łódzkie, dokumenty.
5. ד״ר לעאָן שיקער, „יידיש לאָדזש אין פּיין און אומקום״ זכרונות. כ״י.
6. ה. סמאָלאַר, „יידישע שריפטן״, נומער 131, וואַרשע.
7. Dr. Filip Frydman "Dzieje Żydów w Łodzi". ז׳ 32,
פרג״ל: יעקב לעשטשינסקי, „יידן אין דער שטאָטישער באַפעלקערונג פון אומאָפּהענגיקן פּוילן״, סעפּאַראַט־דרוק, ניו־יאָרק, 1943, פאַרלאַג — ביבליאָטעק פון ייוואָ״, עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע סעקציע.
8. י. לעשטשינסקי, „די פּראָפעסיאָנעלע און סאָציאַלע גלידערונג פון יידן אין פּוילן״, אין „ייוואָ־בלעטער״, באַנד XL, ז׳ 44.
9. ד״ר דוד לוואוויטש״, צוואַנציק יאָר טעטיקייט פון „אָרט״ אין לאָדזש״, אין „לאָדזשער יזכור־בוך״ ז״ז 99, 100, ניו־יאָרק.
10. י. לעשטשינסקי, דצ״וו, ז׳ 47.
11. י. ש. הערץ, „די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש״, ז׳ 303, פאַרלאַג — „אונזער צייט״, ניו־יאָרק, 1958.
די באַשרייבונג פון דעם פּעריאָד אין י. ש. הערצ׳ס „געשיכטע פון בונד אין לאָדזש״, זענען על פּי רוב געשטיצט אויף אַרטיקלען, קאָרעספּאָנדענציעס און טעלעפאָנישע ידיעות פון לאָדזש, וואָס זענען געווען געדרוקט בשעתו אין דעם אָרגאַן פון בונד אין פּוילן — „פאָלקס־צייטונג״.
די קאָרעספּאָנדענציעס און טעלעפאָנישע באַריכטן זענען געגעבן געוואָרן אין דער דערמאָנטער צייטונג דורך א. וואָלף יאַסני (א. וואָלף) וואָס איז געווען דער לאָדזשער קאָרעספּאָנדענט פון דער „פאָלקס־צייטונג״ און רעדאַקטאָר פון איר ספּעציעלער לאָדזשער אויסגאַבע. אין דער דאָזיקער אויסגאַבע, האָט א. וואָלף יאַסני געשריבן די לייט אַרטיקלען אונטערן נאָמען ב. לעווינסאָן. י. ש. הערץ האָט אין די הערות צו זיין בוך נישט ריכטיק אָנגעגעבן, אַז ב. לעווינסאָן איז געווען דער פּסעוודאָנים פון ב. וויראוווסקי.
12. י. ש. הערץ דצ״וו, ז׳ 326.
13. „היינט״, נ׳ 24, וואַרשע, 1934.
14. קאָרעספּאָנדענץ פון א. וו. יאַסני אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג״. ליידער האָט זיך נישט אָפּגעפונען דער נ׳ פון דער צייטונג און דער מחבר ציטירט פון זכרון.

15. י. לעשטשינסקי, „הפרעות בפולין" (1935—1937), אין „דפים לחקר השואה והמרד" ב׳, אַרויסגעגעבן פון „הקיבוץ המאוחד", ישראל, ז"ז 70—72, ווייטער — פאַרקירצט: „דפים".
16. י. ש. הערץ, דצ׳וו, ז׳ 375.
17. דאָרט, ז׳ 375.
18. דאָרט ז׳ 386.
19. י. לעשטשינסקי, ציט. „דפים ב" ז"ז 50, 51.
20. דאָרט. ז"ז 65, 66.
21. י. ש. הערץ, דצ"וו, ז"ז 362, 376.
22. דאָרט, ז׳ 378, פרג"ל: „היינט" נ׳ 126, 1934, „אַרבעטער צייטונג", 1934.
23. י. ש. הערץ, דצ"וו, ז׳ 380, פרג"ל: „היינט" נ׳ 119.
24. דאָרט, ז׳ 382, 383, פרג"ל: זכרונות פון אַדוו. ז. שטראוך, כ"י.
25. י. ש. הערץ, דצ"וו, 397.
26. דאָרט, 399.
27. דאָרט, 399—400.
28. דאָרט, 401—403.
29. דאָרט, 406.
30. קאָרעספּאָנדענציעס אין „היינט" פון 24־טן אָקטאָבער, 1938 און פון 13־טן מערץ, 1939.
31. „היינט", נ׳ 99, 1938.
31א. י. ש. הערץ, דצ"וו, ז׳ 376.
32. י. לעשטשינסקי, „ייווב"ל", ב׳ 40, ז׳ 61.
32א. ד"ר בערקאָוויטש אין „דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן", נ׳ 1, וואַרשע.
32ב. „אַרבעטער צייטונג", נ׳ 8, 1934, וואַרשע.
33. א. וואָלף יאַסני, „היסטאָרישע געדענקטעג אין דער געשיכטע פון לאָדזשער יידנטום, אין „אונזער לאָדזש", נ׳ 4, ז׳ 6, בוענאָס איירעס, 1955, פרג"ל: י. ש. הערץ, דצ"וו, ז׳ 354."
34. י. ש. הערץ, דאָרט, ז׳ 356.
34א. „היינט", נ׳ 130, 1934.
35. יאַני שולמאַן, „רומקאָווסקי דער עלטעסטער דער יודען" אין „ידיעות בית לוחמי הגיטאות ע"ש יצחק קצנלסון", נ׳ 20, ז"ז 72—73, ישראל. ווייטער פאַרקירצט: שולמאַן, „ידיעות".
36. דאָרט, ז׳ 74, 75.
37. דאָרט.
38. „היינט", פון 14־טן אַפּריל, 1939.
39. „היינט", נ׳ 24, 1934, פרג"ל „דער טאָג" פון 8־טן דעצעמבער, 1938.
39א. "היינט", נ׳ 24, 1934.
40. י. גרינבוים, „על מפתן השואה והמרד" אין „אנציקלופדיה של גלויות", חלק ב׳, „וואַרשה", ז׳ 34, ירושלים — תל־אביב.
41. י. ש. הערץ, דצ"וו, ז׳ 386.
42. „היינט", נ׳ 118, 1938, פרג"ל: י. ש הערץ, דצ"וו, ז׳ 413.
43 „דער טאָג" פון 10־טן נאָוועמבער, 1938, קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש.

44. י. ש. הערץ דצ״ו, ז׳ 410, פרג״ל: יצחק גרינבוים אין אנציקלופדיה של גלויות, „וואַרשה״, חלק ב׳, ז׳ 35.

45. י. ש. הערץ, דצ״ו, ז׳ 388, 389, 397.

46. דאָרט, ז׳ 397.

47. דאָרט, ז׳ 412.

47א. „היינט״, פון 3־טן יוני, 1934.

48. י. ש. הערץ, דצ״ו, ז׳ 388, 395, 414, פרג״ל: „אַרבעטער צייטונג״, נ׳ 6, 1936, „לאָדזשער אַרבעטער״, נ׳ 7, 1936.

49. „היינט״, נומ׳ 21; 224 — „איבערזיכט פון יאָר תרצ״ח״, 1938.

50. י. ש. הערץ, דצ״ו ז׳ 416.

51. יצחק גרינבוים, אין „אנציקלופדיה של גלויות״ „וואַרשה״, חלק ב׳, ז׳ 35.

52. „היינט״, נ׳ 37, און ווייטער פון גאַנצן חודש מערץ, 1938.

53. „היינט״, נ׳ 118, 1938, פרג״ל: י. ש. הערץ דצ״ו, ז׳ 413.

54. „היינט״, פון 19־טן אָקטאָבער, 1938.

55. „דער טאָג״, פון 7־טן נאָוועמבער, 1938.

56. דאָרט, נ׳ 35, 1938.

57. „דער טאָג״, פון 10־טן נאָוועמבער, 1938.

58. „דער טאָג״, פון 4־טן דעצעמבער, 1938.

59. „היינט״, נומ׳, נומ׳ 62, 222, 1938.

60. „דער טאָג״, פון 21־טן נאָוועמבער, 1938. די יידישע צייטונגען, וואָס האָבן געפּרווּט פאַרעפנטלעכן שילדערונגען פון אכזריותדיקן דייטשן גרוש, זענען קאָנפיסקירט געוואָרן. די באַשרייבונג אין „דער טאָג״, איז גענומען געוואָרן פון דער פוילישער פּעפּעסישער צייטונג „דזשענניק לודאָווי״, וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין קראָקע. פרג״ל: י. שאָשקעס, „אַ באַזוך אין זבאנשין״, „דער טאָג״, פון 11־טן דעצעמבער, 1938.

61. י. ש. הערץ, דצ״ו, ז״ז 412, 413, פרג״ל: זכרונות פון א. וו. יאַסני, כ״י.

62. „היינט״, פון 26־טן יאַנואַר, 1939.

63. י. ש הערץ, דצ״ו, ז׳ 413, פרג״ל: ד״ר דוד לוואָוויטש אין „לאָדזשער יזכור בוך״, ז׳ 99.

64. „דער טאָג״, פון 11־טן נאָוועמבער, 1938.

65. ציטאַט פון היטלערס רעדע, געבראַכט אין מאַקס וויינרייכס „היטלערס פּראָפעסאָרן״ ז״ז 86, 87, פרג״ל: „היינט״, נ׳ א 28, 1939.

66. י. ש. הערץ, דצ״ו, ז׳ 410, 411, 415.

67. שאַכנע זאגאן אין „אַרבעטער צייטונג״, פון 11־טן נאָוועמבער 1938, איבערגעדרוקט אין „פון בריטישן מאַנדאַט ביז דער יידישער מדינה״, בוענאָס־איירעס, 1954, ז״ז 372, 375, אין זעלבן בוך „די לאָנדאָנער קאָנפערענץ״, דאָס „ווייס־בוך״, ז״ז 383, 384, 395, פרג״ל: „היינט״, פון 28־טן פעברואַר, 1־טן און 2־טן מערץ, 1939.

68. ש. זאראמבא, „קיבוץ באָראָכאָוו אין לאָדזש״, אין בוך „חלוצים אין פוילן״, ז׳ 389—399, אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1959 אונטער דער רעדאַקציע פון ל. שפּיזמאַן.

68א. „אויפן שייד־וועג״, פּאַריז 1939, ז׳ 5, 29, 202—203.

69. ד״ר אברהם מעלעזשין Dr. Abraham Melezin “Przyczynek do znajomości stosunków demograficznych wśród ludności żydowskiej w Łodzi, Krako wie i Lublinie podczasokupacji niemieckiej”.- אַרויסגעגעבן פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים צ. ק. פון יידן אין פוילן, לאָדזש, 1947. פרג״ל:

Eduard B. Rosert, statystyka m. Łodzi. Stan i ruch ludności żydowskiej pod czas okupacji niemieckiej. כ״י.

70. י. ש. הערץ, דצ״וו ז׳ 418.
71. דאָרט, ז׳ 426.
72. דאָרט, ז׳ 427.
73. „נייע פאָלקס צייטונג״, נ׳ 374, 375, 1938.
74. זכרונות פון שמעון ראָזענבערג, ז. שטראוך, געוועזענע ראַטמענער אין לאָדזשער שטאָט־ראַט, פרג״ל: שמואל מילמאַן אין „לאָדזשער יזכור בוך״, ז׳ 45.
75. דאָרט, פרג״ל: י. ש. הערץ, דצ״וו ז״ז 429, 430.
76. דאָרט.
77. דאָרט, פאַרגלייך „היינט״ פון 12־טן פעברואַר, 1939.
78. „היינט״, פון 28־טן מערץ 1939.
79. י. ש. הערץ, דצ״וו ז״ז 435, 436.
79א. דאָרט.
79ב. זכרונות פון אדוו. ז. שטראוך.
80. ד״ר יצחק לעווין, „די געהיימע עוואַקואַציע קאָמיסיע״, אין „לאָדזשער יזכור בוך״, ז׳ 77, ניו־יאָרק, 1943.
81. דאָרט.
82. דאָרט, ז׳ 79.
83. דאָרט, ז׳ 79, 80.
84. אריה״א, ט׳ R2, אליהו טאַבאַקסבלאַט, „דאָס יידישע שול וועזן אין לאָדזש אונטער דער דייטשער הערשאַפט״, כ״י.
85. ש. מילמאַן, „ווען דער לעצטער פאַרמלחמהדיקער קאָמיטעט האָט פאַרלאָזן לאָדזש, כ״י.
86. דאָרט.
87. זכרונות פון א. וו. יאַסני, כ״י.
88. א. ל. זעלמאַנאָוויטש, „עפּיזאָדן פון מיין לעבן״ ז׳ 238, אַרויסגעגעבן פון שלמה מענדעלסאָן־פאָנד, מעקסיקאָ, 1956, פרג״ל: י. טאַבאַקסבלאַט „חורבן לאָדזש״ ז׳ 16, ד״ר ל. שיקער „יידיש לאָדזש אין פּיין און אומקום״, זכרונות, כ״י.
89. דאָרט.
90. דאָרט.
91. Eduard B. Roset. Statystyka m. Łodzi.
92. י. טאַבאַקסבלאַט, „חורבן לאָדזש״, ז׳ 15, פל״ג: „צענטראַל פאַרבאַנד פון פוילישע יידן״, בוענאָס־איירעס, 1946. פרג״ל: אליהו טאַבאַקסבלאַט „דאָס יידישע שול־וועזן״, י. אקרוטני „אומקום און זעלבסמאָרד״, „לאָדזשער יזכור בוך״, ז׳ 135.
93. דאָרט.
94. ג״ע פון: מ. בייגעלמאַן, א. לאַטאָוויטש, א. גולבאס און משה ביאַלקאָווער.
95. דאָרט, פרג״ל: י. אקרוטני אין „לאָדזשער יזכור בוך״.
96. ג״ע פון מ. בייגעלמאַן.
97. ג״ע פון: מ. בייגעלמאַן, א. לאַטאָוויטש, א. גולבאַס.
98. א. זעלמאַנאָוויטש, דצ״וו, ז׳ 249.
99. דאָרט, פרג״ל: י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז׳ 20, 21 און י. אקרוטני אין „לאָדזשער יזכור בוך״.

99א. ג״ע פון מ. ביאַלקאַוווער.

100. א. ל. זעלמאַנאָוויטש, דצ״וו, ז׳ 248.

101. „לאָדזשער יזכור בוך״, ז׳ 105.

102. דאָרט, ז׳ 165, יעקב קירשנבוים, „חורבן לאָדזש״.

זיינע אינפאָרמאַציעס האָט קירשנבוים, וואַרשיינלעך, גענומען פון די פובליקאַציעס פון דער פוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן.

103. זכרונות פון א. וו. יאַסני כ״י.

104. י. יאנאסאוויטש, אין „לאָדזשער יזכור בוך״, ז״ז 152, 153.

105. זכרונות פון א. וו. יאסני, כ״י.

106. דאָרט.

107. „היינט״, דעם 14־טן פעברואר 1939, קאָרעספּאָנדענץ פון ש. ראָזנשטיין.

108. א ל. זעלמאַנאָוויטש, דצ״וו, ז׳ 250.

109. י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז׳ 27.

110. יאַני שולמאַן, אין „ידיעות״, נ׳ 20, ז׳ 74. צוליב „טעכנישע סיבות״ האָט זיך נישט איינגעגעבן צו באַקומען דעם אָריגינעלן כ״י פון י. שולמאַן

110א. ג״ע פון דוד ווינדמאַן.

111. י. שולמאַן אין „ידיעות״ נ׳ 20, ז׳ 74, פרג״ל א. אייזנבאַך. Getto łódzkie, dokumenty ז״ז 17, 18.

111א. „מן המיצר״, ליטעראַרישע ביילאַגע צו „המספר״ נ׳ 120, דערשינען אין לאָדזשער געטאָ. דער דאָקומענט איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין „דפים לחקר השואה והמרד״ א׳, ז׳ 115, אַרויסגעגעבן פון „הקיבוץ המאוחד״, אפריל 1951, ישראל: ווייטער — פארקירצט: „מן המיצר״ אין „דפים״.

112. א. אייזנבאַך, Getto łódzkie, dokumenty. ז׳ 19.

113. דאָרט.

114. זכרונות פון ד״ר ל. שיקער.

114א. י. שולמאַן, אין „ידיעות״, נ׳ 20, ז׳ 72.

115. דאָרט.

116. דאָרט.

117. דאָרט, ז׳ 73.

118. דאָרט.

119. „דער טאָג״ פון 4־טן דעצעמבער, 1938, קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש.

120. יאַני שולמאַן אין „ידיעות״ נ׳ 20, ז׳ 73.

121. דאָרט.

122. דאָרט, ז׳ 70.

123. דאָרט, ז׳ 74.

124. דאָרט.

125. דאָרט.

126. דאָרט.

127. “Reichsgesetzblatt, 1939 I Teil str. 2042.

128. י טאַבאַקסבלאַט „חורבן לאָדזש״, ז״ז 17, 18, פרג״ל: ג״ע פון משה ביאַלקאַוווער, י. קלינגבייל, „זכרונות פון אַ פּאַרטיזאַן״ כ״י.

129. „פּראָטאָקאָלן״, פון ג״ע ז״ז 2, 3. אונטער דעם נאָמען „פּראָטאָקאָלן״ פיגורירט אין אַרכיוו פון היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, קאָפּיע ביי א. וו. יאַסני, אַ קאָלעקטיווע

ג״ע, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער „צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע״ אין לאָדזש אין יאָר 1946. עס האָבן אָפּגעגעבן דעמלט זייער ג״ע פאָלגענדע פּערזאָנען, וואָס זענען געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק אין געטאָ לאָדזש: הובערבוים, בייגעלמאַן, גאָטליב, ש. דאברעצקא, א. טאַבאַקסבלאַט, ב. פּראשקער, ר. קוויאַטקאָווסקאַ, ע. שעניצקי און י. שפּיגעל. מצד דער ציה״ק זענען געווען אנוועזנד ביים אויפשטעלן די פּראָטאָקאָלן: א. וו. יאַסני און אַדוו. מאשענזשניק, פּרג״ל: ג״ע פון משה ביאַלקאווער, אברהם לאטאוויטש, משה לעווקאָוויטש, קלינגבייל, „זכרונות פון אַ פּאַרטיזאַן״, י. טאַבאַקסבלאַט דצ״וו, ז׳ 19.

130. י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז׳ 19, 20.

131. דאָרט.

131א. ג״ע פון דודווינדמאַן, פּרג״ל: „מן המיצר״ אין „דפים״ א׳, ז׳ 125.

132. זכרונות פון חוה לעווקאָוויטש, כ״י.

133. ג״ע פון: מ. בייגלמאַן, אברהם לאַטאוויטש.

134. זכרונות פון חוה לעווקאָוויטש.

135. ג״ע פון משה ביאַלקאָווער.

136. קלינגבייל „זכרונות פון אַ פּאַרטיזאַן״.

137. ארייה״א, ט. R2 אליהו טאַבאַקסבלאַט „דאָס יידישע שול וועזן אין לאָדזש״, כ״י. פּרג״ל: העלענאַ סמאָלענסקאַ Szkolnictwo żydowskie w Łodzi w czasie okupacji niemieckiej.ביידע אַרבעטן אין כ״י איבערן יידישן שול וועזן אין געטאָ לאָדזש, זענען געשריבן געוואָרן אויפן סמך פון דאָקומענטן און מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פּוילן. ווייטער — פאַרקירצט: ה. סמאָלענסקאַ, Szkolnictwo

138. ג״ע פון ביאלקאווער.

139. אליהו טאַבאַקסבלאַט, יידיש שולוועזן, העלענאַ סמאָלענסקאַ, Szkolnictwo. פּרג״ל: זכרונות. פון י. ל. גערשט — „לערער קורסן פאַר יידיש אין לאָדזשער געטאָ״ אין ייווב״ל באַנד XXX, נ׳ 1, ז׳ 153.

140. א. טאַבאַקסבלאַט, „יידיש שולוועזן״.

141. דאָרט.

142. ד״ר ל. שיקער, זכרונות.

143. דאָרט.

144. א. אייזנבאַך, Getto łódzkie, dokumenty. ז׳ 20, פּרג״ל: י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז׳ 33, ל. שיקער זכרונות.

145. ארייה״א. ט׳ R 2 העלענאַ סמאָלענסקאַ Szkolnictwo פּרג״ל: בריוו פון שטאָט קאָמיסאַר לייסטנער צו רומקאָווסקין.

146. דאָרט, אליהו טאַבאַקסבלאַט, יידיש שולוועזן. פּרג״ל: ה. סמאָלענסקאַ Szkolnictwo

147. דאָרט.

148. י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז׳ 29.

149. אליהו טאַבאַקסבלאַט, „יידיש שולוועזן״.

150. יאַני שולמאַן אין „ידיעות״ נ׳ 20, ז׳ 78.

151. ג״ע פון: משה ביאַלקאָווער, אברהם לאַטאָוויטש, אברהם געלבלום.

152. זכרונות פון א. וו. יאַסני, כ״י.

153. ג״ע פון: ביאַלקאָווער, לאַטאוויטש, א. געלבלום, פּרג״ל: „פּראָט.״.

154. זכרונות פון א. וו. יאַסני, כ״י.

155. א. אוערבאַך אין “Nasze słowo”. נומ׳ 11, Piętnastu z “Astorji”. וואַרשע, 1947.

156. דאָרט.
157. דאָרט.
158. דאָרט.
159. דאָרט. פּרג״ל: ג״ע פון: משה ביאַלקאָווער, משה גולבאַס, ישראל טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז״ז 21—24, יעקב נירנבערג „די געשיכטע פון לאָדזשער געטאָ" אין זאַמלבוך — „די יאָרן פון יידישן חורבן", ז׳ 213, פאַרלאַג „אונדזער צייט", ניו־יאָרק 1948. ווייטער — פאַרקירצט: י. נירנבערג, אין בוך „די יאָרן".
160. י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז׳ 21, 23.
160א. זכרונות פון א. וו. יאַסני.
161. י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז׳ 24.
162. א. אוערבאַך אין "Nasze słowo".
162א. א. וו. יאַסני, „געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש, ז׳ 49.
163. י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו ז׳ 24, פּרג״ל: ג״ע פון מ. ביאַלקאָווער, מ. גולבאַס, ד״ר ל. שיקער, זכרונות.
164. ג״ע פון מ. ביאַלקאָווער, פּרג״ל: "Lodzer Zeitung" פון 12־טן נאָוועמבער
164א. י. קירשנבוים אין „לאָדזשער יזכור־בוך", ז׳ 166, פּרג״ל: ג״ע פון מ. ביאַל־קאָווער, משה גולבאס און א. לאַטאַוויטש.
165. א. אייזענבאַך, Getto łódzkie, dokumenty. ז׳ 20, דוד לוואַוויטש, „צוואַנציק יאָר טעטיקייט פון „אָרט" אין לאָדזש", אין „לאָדזשער יזכור־בוך" ז׳ 100, ג״ע פון ד. ווינדמאַן, פּרג״ל: „מן המיצר" אין „דפים א׳", ז׳ 119.
166. ד״ר ל. שיקער, זכרונות, פּרג״ל: א. אייזנבאַך, Getto łódzkie, dokumenty. ז׳ 18; י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו ז׳ 33, 34.
167. י. טרונק, בלפג״ש, ב׳ 2, ה׳ 1—4 ז׳ 139—141.
168. "Kurier Popularny". לאָדזשער טעגלעכע צייטונג פון 9־טן, 10־טן, 13־טן סעפּטעמבער 1947. פּרג״ל: לאָדזשער "Ekspres Ilustrowany" נומ׳, נומ׳ 131, 212.
169. דאָרט.
170. Stanisław Rapalski "Pierwsze dni w Radogoszczu. Wspomnienia o tow. dr. Aleksandrze Margolisie". כ״י.
ווייטער — פאַרקירצט S. Rapalski, "Wspomnienia"
171. ג״ע פון: פּנחס ראָזנבערג און יוזעף זאַקס.
172. י. ש. הערץ, „די געשיכטע פון בונד אין לאָדזש", ז׳ 439.
173. S. Rapalski, "Wspomnienia".
174. אריה״א, ג״ע פון יוזעף זאַקס, ג׳ 1023.
175. S. Rapalski, "Wspomnienia".
176. דאָרט, פּרג״ל: עדות דערקלערונגען אין פּראָצעס פון קאָמענדאַנט פון ראַדאָ־גאָשטשער תפיסה — פּעלצהאַוזען, אין לאָדזשער Kurier Popularny. פון 9־טן, 10־טן און 13־טן דעצעמבער 1947, ג״ע פון פּנחס ראָזנבערג, א. מ. גולבאַס, זכרונות פון ד״ר ל. שיקער, י. נירנבערג „אין די יאָרן פון יידישן חורבן" ז׳ 213.
177. S. Rapalski "Wspomnienia"
178. דאָרט.
179. דאָרט.
180. דאָרט.
181. דאָרט.

